נחום ניר־ראפאלקעס

# וואַנדערונגען

צווייטער באַנד

פאַרלאַג
י. ל. פּרץ
ישראל

1966

# אינהאַלט

## פוילן — ארץ־ישראל (1919—1920)



## ווין (1920—1922)



## דאַנציג (1922—1924)



## בערלין־פּאַריז (1924—1925)

# אין פוילן

דעם דריטן יאַנואַר 1919 בין איך אָנגעקומען קיין פוילן. נאַטירלעך, האָט מען זיך דערפרייט מיט מיר אין דער משפחה, ווייל די לעצטע חדשים האָב איך מיט סאַבינען זיך ניט געקענט איבערשרייבן. איין מאָל איז מיר אַפילו געלונגען איבערשיקן איר געלט פון פעטראָגראַד קיין וואַרשע דורך יצחק גרינבוימען, ווען ער האָט פאַרלאָזן פעטראָגראַד און איז געפאָרן קיין וואַרשע, און אַ צווייט מאָל האָב איך געשיקט געלט דורך פאָדלישעווסקין, וועלכער האָט געלעבט אין פעטראָגראַד און געהאָט אַ געשעפט אין וואַרשע.

סאַבינע איז געווען אין לעצטן חודש פון שוואַנגערשאַפט. צוויי וואָכן שפּעטער איז געבאָרן געוואָרן מיין צווייטע טאָכטער, און מיר האָבן איר אויך געגעבן אַ נאָמען, וואָס מען זאָל קענען מיט אים זיך באַנוצן הן אין אייראָפּע, הן אין ארץ ישראל: האַננאַ, און אין ישראל הייסט זי פשוט חנה. איצט איז די קליינע חנה דער פּראָקוראָר (פּרקליט) אין תל־אביב.

צו מאָרגנס בין איך אַרויס אין די גאַסן פון וואַרשע און דערזען, ווי אַ פרוי שטייט אין גאַס און פאַרקויפט ברויט מיט זעמל, און דער קויש איז נאָך געווען פול. אויף אַ מאָמענט בין איך דערשטוינט געוואָרן און ס'האָט זיך מיר פאַרוואָלט תיכף קויפן כאָטש אַ האַלבן קויש געבעקס, ווייל אין משך פון די לעצטע יאָרן האָב איך זיך אָפּגעוווינט צו זען ברויט אין אַזאַ שפע.

נאַטירלעך, בין איך קודם כל געגאַנגען באַזוכן דעם חבר ישראל וועשער (רייכמאַן), וואָס איז דאַן געווען דער פאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פוילישער פאַרטיי.

כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז אין דעצעמבער איז פאָרגעקומען די קאָנפערענץ פון דער פאַרטיי אין פוילן, וואָס אין איר האָבן זיך שוין באַטייליקט די חברים פון גאַליציע. אויף דער קאָנפערענץ איז באַשלאָסן געוואָרן וועגן דער פאַראייניקונג פון די ביידע פאַרטייען (פון דער פוילישער מיט דער גאַליציאַנער), ווייל עס איז דאָך אַנטשטאַנען די פוילישע מדינה, וואָס האָט פאַראייניקט די דריי חלקים, וועלכע האָבן זינט דער ערשטער חלוקה פון פוילן אין יאָר 1792 געהערט צו דריי מדינות: רוסלאַנד — צו איר איז איבערגעגאַנגען דער גאַנצער טייל אַרום דער ווייסל (פּריווּיסלינסקי קראַי),

דייטשלאַנד, וואָס צו איר איז אַריבער פּויזן, און עסטרייך־אונגאַרן, צו וועלכער עס איז אַריבער מערב־ און מזרח־גאַליציע.

אין דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ, ווי איך האָב זיך דערוווּסט, האָבן זיך באַטייליקט די חברים זרובבל, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד עטלעכע וואָכן פאַר מיר, זלמן רובאַשאָוו (שזר), היינט דער פּרעזידענט פון דער מדינה; ד״ר יצחק שיפּער, דער באַוווּסטער יידישער היסטאָריקער און עקאָ־נאָמיסט (אומגעקומען אין געטאָ וואַרשע); מרדכי יאַרבלום, וואָס האָט נאָך זומערצייט פאַרלאָזן רוסלאַנד און איז אַריבער קיין פּוילן און אַנדערע. אין פּוילישן צענטראַל־קאָמיטעט פון יענער צייט האָב איך געטראָפן נאָך צוויי חברים, פון דעם ביסל יינגערן דור, וואָס ביי מיר אין זיכרון זענען זיי געבליבן ווי אַ צווילינג: דער ח׳ יצחק לעוו, וואָס איז געשטאָרבן אין ישראל אין יאָר 1954 און איז אין די לעצטע יאָרן געווען דער מיטגליד פון אונדזער פאַרבאַנד־ביוראָ, און ישראל שורעק, וואָס איז געשטאָרבן אין אַפּריל 1919 פון טיפוס. וועגן לעוון וועל איך ניט רעדן, ווייל די לעצטע 14 יאָר פון זיין לעבן האָט ער געלעבט מיט אונדז אין ישראל און מענטשן האָבן אים גוט געקענט. אָבער וועגן שורעקן מוז איך זאָגן, אַז ער איינער פון די יינגסטע צווישן אונדז, איז געווען זייער פעיק, אַ גלענצנדיקער רעדנער, פּערזענלעך זייער סימפּאַטיש און מיר האָבן געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען.

מיך האָט מען צוקאָאָפּטירט צום צענטראַל־קאָמיטעט און מען האָט מיך באַשטימט פאַר דעם סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי.

דעם 26־טן יאַנואַר האָבן געדאַרפט פאָרקומען די וואַלן צום ערשטן סיים אין פּוילן און אויך צו די אָרטיקע מוניציפּאַליטעטן. די פּאַרטיי האָט אַרויס־געשטעלט זעלבשטענדיקע ליסטעס אין אַלע וואַל־קרייזן, און אויך אין כעלעמער קרייז. מיך האָט מען אַרויסגעשטעלט אויפן ערשטן אָרט פון דער רשימה צום סיים אין וואַרשע און אויך אין דער רשימה צום וואַרשעווער שטאָטראָט. אין דער דאָזיקער צייט איז דערשינען אַן אַרטיקל פון באַוווּסטן אַנטיסעמיט אַנדזשעי ניעמאָיעווסקי, וואָס איז אין די יאָרן 1905—1906 געווען איינער פון די גרויסע ליבעראַלן, מיטן נאָמען „אָד פּירולקעסאַ — דאָ ראַפּאַלקעסאַ״ — פון פּירולקעסן ביז ראַפּאַלקעסן (אַ פּאָר יאָר פאַר דעם האָט מען אין וואַרשע געשטעלט אַן אַנטיסעמיטישע פּיעסע „יונה פּירולקעס״).

בכלל האָט דאַן אין פּוילן געהערשט דער אַנטיסעמיטיזם זייער שטאַרק. עס האָט נאָך אין אַ געוויסער מאָס געדויערט דער באָיקאָט אויף יידן פון יאָר 1912. קיין פּוילן איז געקומען האַלערס פּאָלק, וואָס איז באַשטאַנען על פּי רוב פון די פּאָזנאַנטשיקעס (געבאָרענע אין פּויזן), וועלכע האָבן זיך

אויסגעצייכנט מיט זייער אַנטיסעמיטיזם. די זעלנער פלעגן באַפאַלן די באַבערדיקטע יידן אין די גאַסן און אין די באַנען און אָפּשערן זיי די בערד. אין דעם רוסישן פוילן איז פאַרווערט געווען די יידן צו לאָזן וואַקסן פאות, אָבער אין עסטרייך־אונגאַרן האָט מען עס געמעגט, האָבן די האַלערטשיקעס אויך ביי די גאַליציאַנער יידן געשאָרן די פאות. אגב, ווען עס איז פאַרגעקומען אין סיים אַ ויכוח אַרום דעם ענין, אַלס רעזולטאַט פון דער אינטערפּעלאַציע פון יידישן קאָלאָ, האָט דער פירער פון די פּ. פּ. ס., דער ייד ליבערמאַן, זיך אויסגעדריקט, אַז „דאָס זענען פריזיערסקע זאַבאַווקעס" (פריזירער־שפּילערייען). עס פלעגט טרעפן, אַז אַפילו אין דער הויפּטשטאָט, אין וואַרשע, איז מען באַפאַלן יידן אין די גאַסן און מען האָט זיי געשלאָגן מכות רצח.

בנוגע צו מיין קאַנדידאַטור האָבן די רעגירונגס־אָרגאַנען ניט געהאַט קיין טענות, ווייל לויט מיין געבורט־מעטריקע בין איך געבאָרן אין פוילן, און אָן שוועריקייטן האָב איך באַקומען פון קאָמיסאַריאַט די באַשטעטיקונג, אַז איך בין אַ פּוילישער בירגער. דאָס זעלבע איז געווען מיט יאַרבלומען. אָבער זרובבל האָט אין משך פון אַ לאַנגער צייט געהאַט גרויסע צרות, ביז עס איז אים סוף־כל־סוף געלונגען צו באַקומען צייגענישן פון אַ קליין שטעטל, און אַזוי אַרום איז ער געוואָרן אַ פּוילישער בירגער.

עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דעם גרויזאַמען טויט פון קאַרל ליבקנעכט און ראָזאַ לוקסעמבורג אין בערלין. זיי ביידע זענען געווען די אָנערקענטסטע פירער פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דער עיקר, אין דעם לינקן פליגל. קאַרל ליבקנעכט איז געווען אַחוץ אַלעמען באַרימט דערמיט, וואָס ער האָט אין יאָר 1914, דער איינציקער פון אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין דייטשישן פּאַרלאַמענט, געשטימט קעגן די קריגס־ביודזשעטן. ביידע האָבן פאַרבראַכט לאַנגע יאָרן אין די דייטשע תפיסות און ביידע זענען געווען באַוווסטע טעאָרעטיקער פון דעם לינקן סאָציאַליזם.

סוף דעצעמבער איז פאָרגעקומען אין בערלין די קאָנפערענץ פון דעם ספּאַרטאַקוס־בונד, און דאָרטן איז עס געשאַפן געוואָרן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. און אַ וואָך נאָך דעם, דעם 5טן יאַנואַר, האָט די רעגירונג פון נאָסקע־שיידעמאַן באַשלאָסן פּטור צו ווערן פון דעם לינקן בערלינער פּאָליציי־פּרעזידענט אייכהאָרן. די אַרבעטער אין בערלין זענען אַרויס אין גאַס אין דער פאַרטיידיקונג פון אייכהאָרנען. עס זענען פאָרגעקומען קאַמפן אין די גאַסן פון בערלין, און נאָסקע האָט אַריינגעפירט אין שטאָט אָפּטיילונגען פון די שוואַרצע יונקערס, בכדי צו דערשטיקן די ברוויזונג. אַ גרופּע פון די דאָזיקע יונקערס האָט געפונען די דירות פון ליבקנעכטן און לוקסעמבורג, אַרויסגע־שלעפּט זיי אין דרויסן און זיי אַכזריותדיק דערהרגעט. אויף אַזאַ אופן איז

אויך מיט צוויי יאָר שפּעטער דערהרגעט געוואָרן אונדזער חבר שאַטלענדער אין ברעסלוי, די זעלנער האָבן אים דערטרונקען אין טייך. און פּונקט אַזוי האָבן די צעבושעוועטע דייטשע זעלנער דערהרגעט איינעם פון די מיניסטאָרן פון דער פּראָלעטאַרישער רעגירונג אין בייערן. דעם באַוווסטן פּאָליטישן טוער און שרייבער גוסטאַוו לאַנדאַוער, ווען מען האָט דערשטיקט די רעוואָלוציע דאָרט. מען האָט איבערגעגעבן, אַז בשעת די זעלנער האָבן געפירט לאַנדאַוערן אין אויטאָ האָט ער זיי געזאָגט: „איר ווייסט ניט ווי געהעצט איר זייט"...

אין קיין וואַל־קרייז האָבן מיר ניט דורכגעפירט קיין דעפּוטאַט. אַ ביסל נחמה האָבן מיר געהאַט אין דעם, וואָס אויך דער „בונד", וועלכער איז געווען שטאַרקער פאַר אונדז און געהאַט גרעסערע שאַנסן, האָט אויך ניט דורכגעפירט קיין איין דעפּוטאַט. אָבער מיר זענען געוואָרן ממש איבערראַשט, ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אין כעלעמער וואַל־קרייז איז דורכגעגאַנגען אַ ייד, און דאָס איז געווען ד"ר ראָזענפעלד. אָבער אַזוי ווי ער איז אין יענער צייט געשטאָרבן, איז אויף זיין אָרט אַריין ד"ר יצחק שיפּער — פון אונדזער ליסטע. דאָס איז געווען פאַר אונדז אומפאַרשטענדלעך, ווייל אַמווייניקסטן שאַנסן האָבן מיר געהאַט אין דעם קרייז. הגם אין כעלעם גופא האָבן מיר געהאַט אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע, איז אָבער די אומגעבונג געווען אַ דאָרפישע, מיט ניט קיין יידישער באַפעלקערונג. אַ ביסל שפּעטער איז דער ענין קלאָר געוואָרן. בנוגע דעם כעלעמער קרייז איז געווען אַ פּאָליטישער ויכוח צווישן פּוילן און אוקראַינע: דער קרייז האָט אָפיציעל געהערט צו פּוילן, אָבער די אוקראַאינער האָבן געטענהט, אַז דער געביט געהערט זיי, ווייל די באַפעל־קערונג איז אין גרעסטן טייל אַן אוקראַאינישע. צוליב דעם דאָזיקן וויכוח האָט דער יידישער אַלגעמיינער בלאָק, מיט גרינבוימען, קערנערן, האַרטגלאַסן און אַנדערע בראש, ניט אַרויסגעשטעלט אין דעם קרייז קיין יידישע רשימה. די יידן האָבן זיך ניט געוואָלט אַריינמישן אין דעם ויכוח און געהאַלטן, אַז זיי דאַרפן בלייבן נייטראַל. מיר, פּועלי־ציון, האָבן געהאַט דעם בירגלעכן מוט אַרויסצושטעלן אונדזער אייגענע רשימה, ווייל מיר האָבן געטענהט, אַז די וואַלן קומען פאָרמעל פאָר אין פּוילן צום פּוילישן סיים, און יידן זענען דאָרט דאָ, דאַרף מען זיי ניט מקריב זיין צוליבן ויכוח צווישן די ביידע מדינות. און אַזוי ווי אונדזער רשימה איז געווען די איינציקע יידישע רשימה אין דעם דאָזיקן קרייז, האָבן אַלע יידן געשטימט פאַר איר, און אונדזער רשימה האָט באַקומען דאָרט מער ווי אַכט טויזנט שטימען. אַזוי אַרום האָבן מיר דורכגעפירט דאָרט אונדזער איינציקן קאַנדידאַט. אגב, האָט דער „בונד" אויך מורא געהאַט אַרויסצושטעלן דאָרט זיין ליסטע.

דערביי איז געווען אַן אינטערעסאַנטער פּרט: ווען עס איז פאַר־

עפנטלעכט געוואָרן אָפיציעל די שטימען־צאָל פון יעדער ליסטע און פון יעדן יישוב, האָבן מיר באַמערקט, אַז אין אַן אוקראַאינישן דאָרף, וואָס דאָרט איז ניט געווען קיין איינציקער ייד, האָבן מיר באַקומען 122 שטימען. דאָס האָט אונדז שטאַרק פאַראינטערעסירט און מיר האָבן אַהין אַוועקגעשיקט אַ ספּעציעלן שליח, בכדי אויסצופאָרשן דעם ענין. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דעם דאָרף איז געווען אַן אוקראַאינישער לערער, וואָס האָט געלייענט באָראָכאָוון און איז געווען אַ באַגייסטערטער חסיד פון זיין טעאָריע. און ער האָט עס משפיע געווען אויף די אוקראַאינישע פויערים אין דאָרף, צו שטימען פאַר דער רשימה פון פועלי־ציון, ווייל זיי זענען „באָראָכאָווצעס״.

אין די וואַלן צום וואַרשעווער שטאָטראַט האָבן מיר דורכגעפירט צוויי דעפּוטאַטן און דער „בונד״ האָט דורכגעפירט פינף. אין שטאָטראַט זענען אַריין יאַרבלום און איך. אָבער ווען יאַרבלום האָט פאַרלאָזן וואַרשע דעם זעלביקן זומער, איז אויף זיין אָרט אַריין יצחק לעוו, וועלכער איז געבליבן מיטגליד פון דעם שטאָטראַט ביז די יאָרן 1935־36. אין לאָדזש האָבן מיר דורכגעפירט דריי דעפּוטאַטן אין שטאָטראַט און דער ערשטער פון זיי איז געווען וויקטאָר האַלענדערסקי (אומגעקומען ביי די היטלעראָווצעס גלייך אין אָנהייב, אין יאָר 1939). אין וואַרשעווער שטאָטראַט זענען אַחוץ אונדז און דעם „בונד״ געווען נאָך צוואַנציק יידישע ראַטמענער.

אין יאַנואַר האָט שוין עקזיסטירט אין וואַרשע דער אַרבעטער־ראַט און איך בין געווען אַ חבר אין אים. די מערהייט אין ראַט איז געווען אין די הענט פון די פּ. פּ. ס., וואָס איז געווען געטיילט אין צוויי פראַקציעס: די רעכטע — „פראַקעם״, וואָס אין דער שפּיץ פון זיי איז געשטאַנען יאַוואָראָווסקי, און די צווייטע פראַקציע, די לינקע, וועלכע האָט אין קורצן זיך פאַראייניקט מיט דער „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך פּוילן און ליטע״ און צוזאַמען מיט איר געבילדעט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּוילן. בראש פון דער לינקער פראַקציע איז געשטאַנען, צווישן אַנדערע, זשאַרסקי. שפּעטער, בראש פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, זענען געשטאַנען אַ פּאָר יידן, צווישן זיי וואַרסקי (וואַר־שאַווסקי) און וואַלעצקי (האָראָוויץ), וועלכער איז געקומען פון די לינקע פּ. פּ. ס. זיי ביידע זענען צוזאַמען מיט לענסקין און אַנדערע ליקווידירט געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד אין יאָר 1938.

פּילסודסקי איז געוואָרן „נאַטשאַלניק פּאַנסטוואַ״ (מלוכה־שעף), תיכף נאָך דעם ווי די דייטשן זענען אַרויס פון פּוילן, אין נאָוועמבער חודש, נאָך דער דייטשער רעוואָלוציע. ער האָט איינגעלאַדן צו זיך די פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, כדי אויסצוהערן זייערע מיינונגען, ווי עס דאַרף אָרגאַניזירט ווערן

די מאַכט אין דער מדינה. עס זענען איינגעלאַדן געוואָרן אויך די פאָרשטייער פון אונדזער פאַרטיי, יצחק לעוו, מ. יאַרבלום און וויקטאָר האַלענדערסקי.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די פּאָליאַקן געפירט אַ קלוגע קאָמפּליצירטע פּאָליטיק, מיט אַ געוויסער אויסרעכענונג. זיי האָבן אָרגאַניזירט זייערע פּוילישע לעגיאָנערן אויף ביידע פראָנטן, הן אין עסטרייך־אונגאַרן, הן אין רוסלאַנד. פּילסודסקי איז עס געווען דער גענעראַל פון די לעגיאָנערן אויף דער דייטשער זייט. אָבער נאָכן בריסקער שלום האָט ער געענדערט זיין שטעלונג און פאַרראַטן די דייטשן. אַ טייל פון זיינע לעגיאָנערן זענען געגאַנגען מיט אים און אַ טייל איז געבליבן אין דייטשלאַנד. די דייטשן האָבן דאַן אַרעסטירט פּילסודסקין און געהאַלטן אים אין דער פעסטונג אין מאַגדעבורג. אין פראַנקרייך האָבן זיך אָרגאַניזירט די פּוילישע לעגיאָנערן אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל האַלער, וועלכן איך האָב פריער דערמאָנט. אין רוסלאַנד האָבן זיך די פּוילישע לעגיאָנערן אָרגאַניזירט אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל דאָוובאָר־מושניצקי. אַ טייל פון פּילסודסקיס לעגיאָנערן, וואָס זענען געבליבן אין דייטשלאַנד, זענען געווען אונטער דער אָנפירונג פון אַ גענעראַל, וועלכן פּילסודסקי האָט שפּעטער מיט דער אייגענער האַנט דערהרגעט אין דעם בעלוועדער־פּאַלאַץ אין וואַרשע. אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז וועלכער צד עס זאָל ניט געווינען די מלחמה, וועלן די פּאָליאַקן קענען צושטעלן אַ חשבון און פאָדערן אַ באַלוינונג. אָבער אין דער צייט פון דער מלחמה איז געווען קלאָר, אַז דאָס גאַנצע היסטאָרישע פּוילן קענען די פּאָליאַקן ניט באַקומען, ווייל זיי וועלן באַקומען נאָר דעם טייל פּוילן, וואָס וועט זיין ביי דעם באַזיגטן צד. אָבער עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די פּאָליאַקן האָבן געהאַט מער מזל ווי שכל. דורך דעם ניצחון פון דער אַנטאַנט האָבן זיי געקענט באַקומען צוויי טיילן: די וואָס זענען געווען ביי די דייטשן (פּויזן) און ביי עסטרייך־אונגאַרן (גאַליציע). אָבער אַזוי ווי דערווייל איז אין רוסלאַנד פאָרגעקומען די רעוואָלוציע און רוסלאַנד איז אַרויס פון דער מלחמה מיט אַ סעפּאַראַטן שלום אין אָנהייב פון יאָר 1918, איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ לאַגע, אַז אויך דער רוסישער חלק, אַלע צען גובערניעס פון דעם „פּריוויסלינסקי קראַי", איז געווען „פריי". און אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען פּוילן אין די גרענעצן פון יאָר 1792, פאַר דער צעטיילונג נאָך קאָסטיושקאָס מפּלה, אָבער פאָרט נאָך אַלץ ניט דאָס פּוילן „פון ים ביז צום ים" (פון שוואַרצן ביזן באַלטישן), ווי עס האָבן געחלומט די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן.

נאָך דעם ווי פּילסודסקי האָט אויסגעהערט די מיינונגען פון די פאַרשידענע פאַרטייען, האָט ער געשאַפן אַ כלומרשט סאָציאַליסטישע רעגירונג, מיט דעם חבר פון פּ. פּ. ס. מאָראַטשעווסקי בראש. אין געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן

לעבן האָט מען קוים געקענט פילן דעם „סאָציאַליזם" פון דער דאָזיקער רעגירונג. דער אויספיר־קאָמיטעט פון דעם אַרבעטער־ראָט האָט אַ מאָל אויס־געקליבן אַ קאָמיסיע פון פינף חברים (איך בין געווען אין דער קאָמיסיע), כדי צו דערלאַנגען אַ פּאָר פאָדערונגען דער רעגירונג. איך באַדויער, וואָס איך געדענק ניט, וועלכע פאָדערונגען מיר האָבן דאַן געשטעלט דער רעגירונג. איך געדענק נאָר דעם ענין, וועגן וועלכן איך האָב גערעדט און די אַלגעמיינע רעאַגירונג פון מאַראַטשעווסקין. כמעט וועגן אַלע אונדזערע פאָדערונגען האָבן מיר באַקומען אויסמיידנדיקע תשובות, הגם אויסערלעך איז דער פּרעמיער געווען זייער דזשענטלמעניש, לויטן פּוילישן שטייגער. איך האָב געפרעגט דעם פּרעמיער וועגן די רציחות איבער יידן אויף דער סטאַציע לאַפּי לעבן ביאַליסטאָק. אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1919 זענען אָנגעקומען אַ סך יידן פון רוסלאַנד, און אָנקומען קיין פּוילן האָט מען געקענט אָדער דורך לאַפּי־ביאַליסטאָק, אָדער דורך בריסק־ביאַלע (איך בין צופעליק געפאָרן מיטן צווייטן וועג). עס זענען געווען אויטענטישע ידיעות, אַז אויפן ערשטן וועג הרגענען די פּוילישע סאָלדאַטן אַ סך יידן, און מען ראַטעוועט זיך פון זייערע הענט דורך אַ נס. ווען איך האָב געוואָנדן די אויפמערקזאַמקייט פון פּרעמיער אויף דעם דאָזיקן ענין, האָט ער מיר געענטפערט, אַז די מדינה מוז שיצן זיך קעגן אַלע פרעמדע אַגענטן, וואָס קומען אַריין אין איר פון אַלע זייטן.

די ערשטע צייט האָבן מיר געוווינט ביי מיין שוויגער אויף שליזקע גאַס, אָבער, אַז עס איז געבאָרן די צווייטע טאָכטער זענען מיר אַריבער צו מיין שוואָגער אויף דער זלאָטע גאַס. שוין דאַן האָט מען ניט געקענט געפינען קיין דירה אין שטאָט אָן שליסל־געלט און, בלית ברירה, האָב איך געמוזט מסכים זיין אויף מיין שוואָגערס פאָרשלאַג, צו וווינען ביי אים. באַטירלעך, איז עס ניט לייכט נאָך די פינף צימערן אין פּעטראָגראַד, צו זיצן זאַלבע פערט אין איין צימער. אויך פאַר סאַבינען איז דער איבערגאַנג פון דעם אַרבעטנדיקן מענטשן צו דער „אַרבעטנדיקער מוטער" געווען ניט לייכט. און אַחוץ דעם אַלעמען בין איך אין לעבן ניט געווען קיין „פּראָפעסיאָנאַל", ד. ה. ניט געלעבט אויפן חשבון פון דער פּאַרטיי, און דאָ אין פּוילן איז ניט געווען קיין אַנדער ברירה. דאָ, אין דער פּוילישער פּאַרטיי, זענען געווען אַ פּאָר חברים, וואָס האָבן באַקומען שכירות פון דער פּאַרטיי. מיר האָט דער צ. ק. באַשטימט דעם גרעסטן געהאַלט, ווייל איך בין געווען דער איינציקער מיט אַ משפחה פון פיר נפשות. מיין געהאַלט איז געווען דאַן 1200 מאַרק אַ חודש, די איבעריקע אומפאַרהייראַטע חברים, ווי לעוו און שורעק האָבן באַקומען צו 8000 מאַרק.

מיינע פּריוואַטע לעבנס־באַדינגונגען זענען געווען גענוג שווער. דעם

גאַנצן טאָג בין איך געווען באַשעפטיקט אָדער אין דער רעדאַקציע, אָדער אין סעקרעטאַריאַט פון דער פּאַרטיי און פלעג קומען אַהיים שפּעט ביינאַכט. און דאָ פלעגט זיך סאַבינע קלאָגן, אַז זי האָט שוין ניט קיין כוח צו פאַרנעמען זיך מיטן קינד, און דאָס קינד האָט דווקא ניט געוואָלט שלאָפן. פלעג איך נעמען דאָס קינד, און אַזוי ווי כ'האָב נאָך געדאַרפט שרייבן פאַר דער „אַרבעטער־ צייטונג", על פי רוב פלעג איך שרייבן שפּעט ביי נאַכט: מיט דער רעכטער האַנט האָב איך געשריבן, און אויף דער לינקער האָב איך געהאַלטן מיין חנה, און זי פלעגט אַריינקוקן אין דעם, וואָס כ'האָב געשריבן און געזעסן רואיק.

דאַן האָט אָנגעהויבן דערשיינען אויך אונדזער צייטונג פאַר דער יוגנט. די איניציאַטיוו אַרויסצוגעבן די צייטונג פאַר דער יוגנט איז געקומען פון איינעם א יוגנטלעכן, אַ בחורל פון אַ יאָר 17, אין אַ קאַפּאָטע און מיט אַן יידישער היטל — שפּיזמאַן (געשטאָרבן אין יאָר 1963 אין ניו־יאָרק). ער האָט אונדז קיין רו ניט געגעבן. אגב איז ער געווען דער ערשטער רעדאַקטאָר פון דעם „יונגן קעמפער", וואָס איז תחילת דערשינען ווי אַ העקטאָגראַפירטער זשורנאַל. שפּעטער איז שוין די צייטונג אַרויס אונטער אַן אַנדער רעדאַקציע. איך האָב דאָרט געשריבן אַ פּאָר מאמרים, וועגן עקאָנאָמישע פראַגן (עקאָנאָמישע שמועסן), דאָרט האָב איך זיך באַמיט צו געבן אונדזער יונגן לייענער באַגריפן וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין מאַרקסיסטישן זין. איך האָב זיך באַמיט צו זיין געגעבן פּאָפּולער, און די יוגנטלעכע האָבן מיר שפּעטער געזאָגט, אַז די דאָזיקע „שמועסן" העלפן זיי אַ סך אין זייער טעטיקייט צווישן דער אַרבעטנ־ דיקער יוגנט. און איצט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, דערמאָן איך זיך וועגן דעם גרויסן אַרטיקל אויף אַ גאַנצער זייט פון ד"ר סנה אין „על המשמר" מיט אַ צען יאָר צוריק, ווייל סנה האָט אין דעם אַרטיקל פּאַקטיש איבערגעחזרט אין אַ סך אַ מער אינטעליגענטישער שפּראַך דאָס, וואָס איך האָב געשריבן מיט דרייסיק יאָר פאַר אים. ער האָט פאַרשפּעטיקט מיט די דרייסיק יאָר, און איז געווען זיכער, אַז ער האָט אַנטדעקט אַמעריקע. אָבער דער אמת איז, אַז צוויי מאָל אַנטדעקן אַמעריקע דאַרף מען ניט. אַזאַ ענלעכער פאַל האָט געטראָפן מיט אַ צווייטן זייער אַ טאַלאַנטפולן יידן אין אָדעס. דער דאָזיקער ייד האָט ניט געלערנט קיין מאָל קיין מאַטעמאַטיק, אָבער ביי זיך אין דער היים האָט ער זיך פאַרנומען מיט מאַטעמאַטישע פּראָבלעמען. ער האָט געאַרבעט דרייסיק יאָר אויף איין אַרבעט און צום סוף געבראַכט זי אין אָדעסער אוניווערסיטעט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ייד האָט דערפונדן... ניוטאָנס בינאָם. דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן יידן האָב איך פאַרגעסן, אָבער איך האָב אמת מיטלייד אויף די פעאיקייטן פון דעם יידן און פון ד"ר סנה, וואָס זענען געגאַנגען לאיבוד.

אַ מאָל בין איך אַזוי געזעסן אין דער פרי אין דער רעדאַקציע, אויף

קאַרמעליצקע נומ. 15. קומט אַריין איינער אַ ייד און זאָגט מיר: „גוט מאָרגן, איך בין יונה ראָזענפעלד”. נאַטירלעך, האָב איך געוווּסט, ווער ס'איז יונה ראָזענפעלד און האָב אים געענטפערט: „גוט מאָרגן, און איך בין נחום ראַפּאַלקעס”. אויף דעם באַקום איך אַ תשובה: „איר ווייסט ניט, ווער עס איז יונה ראָזענפעלד?” און ראָזענפעלד איז אַוועק אין כעס, ניט וואַרטנדיק אויף מיין תשובה. בעצם, מיט וואָס האָב איך דאָ פאַרזינדיקט? ניט איין מאָל אין לעבן האָב איך זיך באַגעגנט מיט באַרימטע מענטשן, וואָס זייער אַמביציע איז געווען אַ סך גרעסער פאַר זייער חשיבות.

זייענדיק אין וואַרשע בין איך געוואָרן אַ מיטגליד פון ליטעראַטן־פאַראיין, וואָס זיין ביוראָ האָט זיך געפונען אויף טלאָמאַצקע נומ. 13. דעם אמת זאָגנדיק, בין איך געווען גאַנץ ווייט פון די דאָזיקע ליטעראַטן. אויך די אַטמאָספער אויף טלאָמאַצקע איז מיר ניט שטאַרק געפעלן געווען. איך פלעג דעריבער קומען אַהין זייער זעלטן און זיך באַקענט מיט ווייניק מענטשן. כ'האָב דאָרט געזען סעגאַלאָוויטשן, קאַגאַנאָווסקין, מלך ראַוויטשן, מאַלקינען און אַנדערע. מאַלקין איז נאָך דאַן געווען אַ חבר אין צעירי ציון, אָבער מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען איך האָב באַזוכט וואַרשע, קומענדיק פון ארץ ישראל, און געהאַט אַ זיצונג מיטן קאָמיטעט פון ליטעראַטן־פאַראיין, איז שוין מאַלקין געווען אַ מיטגליד פון קאָמיטעט, ווי אַ פאָרשטייער פון „בונד”.

מיין עלטערע טאָכטער עתליה, וואָס איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר 9, האָט, נאַטירלעך, קומענדיק פון פּעטראָגראַד גערעדט נאָר רוסיש און געלייענט אַ סך. אַז איך בין אָנגעקומען קיין וואַרשע, מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער, האָט זי גערעדט און געלייענט נאָר פּויליש און כמעט אין גאַנצן פאַרגעסן רוסיש. דער ענין האָט מיר שטאַרק פאַרדראָסן, הלמאי זאָל זי פאַרגעסן די רוסישע שפּראַך, און איך האָב איר געשטעלט אַ באַדינג, אַז זי וועט ניט קריגן קיין פּוילישן בוך צו לייענען, כל זמן זי וועט ניט איבערלייענען איין בוך אין רוסיש. ס'איז געוואָרן אַ גרויסער געוויין, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפן, און אַזוי האָב איך געראַטעוועט פאַר מיין טאָכטער נאָך אַ שפּראַך. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זי מיר ניט איין מאָל געדאַנקט דערפאַר.

איך האָב שטאַרק געליטן אינערלעך פון דעם אַנטיסעמיטיזם. אַלע מאָל האָב איך געהאַט דעם געפיל, אַז איך בין אַ בירגער פון דער צווייטער מדרגה. ספּעציעל האָב איך עס געפילט, ווייל איך בין געקומען פון רוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע, און דאָרט האָב איך זיך געפילט גלייך מיט אַלעמען. אַלע מאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָט אָט רופט מען מיך אָן „זשיד” אויפן גאַס. ספּעציעל האָב איך פיינט געהאַט די זיצונגען פון דעם שטאָטראַט, ווייל דער רוב דאָרט איז באַשטאַנען פון ענדעקעס (די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע), און ווי נאָר

עס איז אַרויפגעגאַנגען אַ ייד אויף דער טריבונע, אַזוי האָט מען געשריען צו אים „זשיד דאָ פּאַלעסטיני" (ייד קיין ארץ ישראל).

אין דער הינזיכט האָט מיר דערציילט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד יצחק לעוו אַ פּאָר טעג פאַר זיין טויט (7 מאַי 1954). אין וואַרשעווער שטאָטראַט, שוין לאַנג נאָך מיין אַוועקגיין, איז געווען איינער אַ ראַטמאַן, אַ פּראָפעסאָר, וואָס האָט געהערט צו די ענדעקעס און איז געווען אַ געפערלעכער אַנטיסעמיט. אַ מאָל האָט זיך יצחק לעוו געטראָפן מיט אים אין בופעט און זיי האָבן זיך צעשמועסט. דער פּראָפעסאָר האָט אים געפרעגט: צי מיינסטו באמת, אַז איך בין אַ יידן־פרעסער? איך ווייס, וואָס דאָס יידנטום איז, איך שאַץ זייער אָפּ דאָס יידנטום, מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז דאָס זאַלץ פון דער וועלט. דו ווייסט דאָך, אַז מען קען ניט עסן קיין געקעכטס אָן זאַלץ, אָבער אויב אין געריכט איז פאַראַן צו פיל זאַלץ, קען מען עס עסן? און ביי אונדז אין פוילן איז טאַקע אַ ביסל צו פיל פון דעם זאַלץ.

אויך די פּ. פּ. ס.־ראַטמענער זענען געווען אַנטיסעמיטן. און עס איז געווען אינטערעסאַנט, אַז אויב מען האָט אין שטאָטראָט אַ מאָל באַהאַנדלט אַ פאָרשלאַג פון די יידישע ראַטמענער, פלעגן כמעט אַלע מיטגלידער פון דער פּ. פּ. ס.־פראַקציע אַרויסגיין אין בופעט, און מען פלעגט איבערלאָזן פון דער פראַקציע אַ צוויי־דריי חברים... זיי האָבן טאַקע געשטימט מיט די יידן, אָבער דער פאָרשלאַג פלעגט דורכפאַלן. ווען אַלע מיטגלידער פון פּ. פּ. ס. וואָלטן געשטימט פאַרן פאָרשלאַג, וואָלט ער געקענט אַ מאָל דורכגיין. אָבער אויף אַזאַ אופן איז די פּ. פּ. ס.־פראַקציע אָפיציעל געווען אין אָרדענונג: זי האָט דאָך געשטימט פאַרן פאָרשלאַג, און דער פאָרשלאַג איז טאַקע דורכגעפאַלן. דער וואָלף איז געווען זאַט, און די שעפּס איז געבליבן גאַנץ.

כ'האָב זיך אויך שווער געקענט צוגעוווינען צו די פּאָליטישע באַדינגונגען פון לאַנד. אין פּעטראָגראַד האָב איך זיך געפילט אין גאַנצן פריי נאָך דער רעוואָלוציע, און דאָרט האָבן מיר נאָר געפירט דעם וויכוח וועגן דער עיקר־פראַגע, צי זענען מיר אַריין אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, צי ניט. דאַקעגן דאָ, האָט ניט נאָר געהערשט דער קאַפּיטאַליזם, נאָר די פּאָליטישע באַדינגונגען זענען דערצו נאָך געווען רעאַקציאָנערע, אַפילו ביי דער אַזוי גערופענער „סאָציאַליסטישער" רעגירונג. כ'האָב אַפילו אָנגעשריבן אַ פעליעטאָן, געחתמעט „תרי־עשר", און גערעדט דאָרט וועגן אַ יידן, וואָס איז געקומען קיין פוילן און דערזען, אַז דאָ דאַוונט מען איצט „שחרית", ווען אין דער זעלבער צייט דאַוונט מען אין דער צווייטער שול שוין „מוסף". ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן צו באַדויערן, וואָס איך בין געקומען קיין

פוילן, און צום סוף איז ביי מיר רייף געוואָרן דער געדאַנק צוריק צו פאָרן קיין רוסלאַנד.

די זיצונגען פון דעם שטאָטראַט פלעגן פאָרקומען אַלע דאָנערשטיק, און שוין אין דער פרי פלעג איך אויפשטיין מיט אַן אומאָנגענעמען געפיל, אַז היינט דאַרף איך גיין אין שטאָטראַט. איך האָב זיך באין אופן ניט געקענט צוגעוווינען צו דעם דאָזיקן געפיל, און כ׳האָב זיך געוווּנדערט, וואָס מיינע חברים ליידן ניט אַזוי פון דעם. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי, לעבנדיק שטענדיק אין פוילן, האָבן זיך צוגעוווינט דערצו, און איך בין געקומען פון פעטראָגראַד, און דאָרט אפילו אין די צייטן פאַר דער רעוואָלוציע, אויב איך האָב זיך אָנגעשטויסן אויף דערשיינונגען פון אַנטעסימיטיזם, האָבן זיי ניט פאַרמאָגט אַזאַ דראַסטישע פאָרם.

בדרך כלל האָב איך זיך אין טאָג־טעגלעכן לעבן ווייניק געטראָפן מיט פאָליאַקן, פונקט ווי דער גרעסטער טייל יידן, וועלכע האָבן על פי רוב געלעבט איזאָלירט אין זייער אייגענער סביבה. אָבער אַזוי ווי איך בין געווען כמעט תמיד אין וועג, פלעג איך זיך טרעפן מיט פאָליאַקן אויף די באַן־סטאַציעס, אין באַן גופא און אפילו אַ מאָל אין די פורן, ווען מען איז געפאָרן מיט פערד. איך האָב געפילט דעם אַנטיסעמיטיזם אין יעדן בליק פון דעם פאָליאַק, וואָס איז געזעסן קעגן מיר, און דערפון בין איך געקומען צו דעם, אַז איך האָב אָנגעהויבן קוקן אין די אויגן פון די פאָליאַקן. אין משך פון אַ פאָר וואָכן איז עס ביי מיר דערגאַנגען כמעט ביז אַ שגעון, ווייל איך פלעג ניט פאַרפעלן קיין איינציקן פאָליאַק. כ׳האָב זיך אויסגעלערנט צו אונטערשיידן צווישן יידישע און פוילישע אויגן. די יידישע אויגן זענען געווען על פי רוב ברוין, עס פלעגן זיין ביי יידן אַ מאָל אויך גרויע אָדער בלויע אויגן, אָבער אין די פאַלן איז דער קאָליר פון די אויגן געווען קלאָר. ביי די פאָליאַקן איז דער קאָליר כמעט תמיד געווען מטושטש, אַ מאָל איז אַפילו שווער געווען פעסטצושטעלן דעם אמתן כאַראַקטער פון דעם קאָליר. אַחוץ דעם איז דער אויגן־אַפּל ביי די יידן אַלע מאָל געווען גרעסער, און ביי די פאָליאַקן אַ סך קלענער, אַ מאָל זייער קליין. און עס האָט זיך דיר אויסגעדוכט, אַז ער שטעכט דיך דערמיט ווי מיט אַ טשוואָק. און דערפאַר האָב איך אַלע מאָל געהאַט דעם איינדרוק, אַז די אויגן פון די פאָליאַקן שטעכן און קריכן מיר אַריין אין האַרצן. דאָס איז געוואָרן ביי מיר ווי אַ קרענק, און מיט גרויס מי האָב איך זיך אָפּגעוווינט צו קוקן די פאָליאַקן אין די אויגן אַריין, אָבער אַלע מאָל האָב איך געפילט זייער בליק אויף זיך. עס איז מעגלעך, אַז דאָס איז געווען בלויז אַ געוויסע סוגעסטיע און אַ רעזולטאַט פון דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס איך האָב זיך פון אים אַזוי אָנגעליטן, זייענדיק אין גימנאַזיע.

אַלס איינער פון די רעפּערענטן פון דער פּאַרטיי האָב איך אין די סוף־וואָכן געדאַרפט באַזוכן אַ פּאָר שטעט און שטעטלעך. על פּי רוב פלעגן מיר אַרויספאָרן פרייטיק פאַר נאַכט און קומען צוריק מאָנטיק. יעדן טאָג האָב איך רעפערירט אין אַן אַנדער אָרט, און שבת — אפילו אין צוויי שטעטלעך. אויף אַזאַ אויפן האָב איך אין משך פון אַ האַלב יאָר באַזוכט כמעט אַלע וויכטיקסטע שטעט אין פּוילן, און אַפילו אַ פּאָר גאָר קליינע שטעטלעך. איך בין דערגאַנגען צו אַ קליין שטעטל קלאַדאָווע, אין כעלמער קרייז, וואָס קיין איינער פון אונדז איז דאָרט ניט געווען. דאָרט זענען געקומען צו דער פאַרזאַמלונג, אַן אַ גוזמא, אַלע יידן פון שטעטל, מיט די קליינע קינדער אויף די הענט.

ביז יולי האָב איך באַזוכט בערך פופציק שטעט און שטעטלעך: וואַרשע, לאָדזש, מינסק־מאַזאָוויעצק, קאַלושין, ראַדזימין, שעדלעץ, ליקעווע, ביאַלע, מעזריטש, בריסק, סקערניעוויץ, פּאַביאַניץ, זדונסקאַ־וואָלאַ, שעראַדז, וויעלון, נאָוואָראַדאָמסק, פּיעטריקאָוו, טשענסטאָכאָוו, בענדין, סאָסנאָוויץ, זאַגלעמביע, כעלעם, פּיאַסקי־לובעלסקע (יידיש: פּיוסק), לובלין, קעלץ, סקאַזשיסקאָ, ווענגראָוו, סאָקאָלאָוו, קלאַדאָווע, וולאָדאָווע, זאַראָמבי קאָשטשעלני, ריפּין, קאַליש, קאָלאָ, קאָנין, כמיעלניק, קאַזשימיעזש (קוזמיר), מלאַווע, לאָמזשע, וויסאָקאָ־מאַזאָוויעצק, וולאָצלאַוועק, פּלאָצק, אָסטראָוויעץ, זשיכלין, בזשעזשין, קראָקע, בוי, זשעשוווו (יידיש ריישע), לעמבערג, אָטוואָצק, לאָוויטש, ליפּנע, סטאַניסלאַוו, פּולאַוו, טשעכאַנאָוו און נאָך אַנדערע, וואָס זענען מיר אַרויס פון זיכרון.

איך האָב זיך געטראָפן מיט הונדערטער חברים: פאַרשיידענע און אַ מאָל משונהדיקע טיפּן. דאָס רוב, פאַרשטייט זיך, פון דער פאָלקס־אָרעמקייט. זייענדיק אין פּעטראָגראַד האָב איך כמעט פאַרגעסן יידיש און גערעדט שווערלעך, הגם שוין פון יולי 1918 האָבן מיר זיך אין רוסלאַנד באַמיט צו רעדן יידיש. דאָ, אין פּוילן, האָב איך זיך גיך צוגעוווינט צוריק צו יידיש און זיך באַקענט כמעט מיט אַלע די־אַלעקטן אין די פאַרשיידענע פּוילישע געביטן. צווישן די דיאַלעקטן איז אָפט פאַראַן אַ זייער גרויסער אונטערשיד. למשל אין וואַרשע זאָגט מען „קאַך", אין לאָדזש „קעך", אין ווילנער יידיש „קיך". אין לאָדזש און וולאָצלאַוועק זאָגט מען ניט „פּראַגע" נאָר „פּראַגאָ" און ניט „רעוואָלוציע", נאָר „רעוואָלוציאָ". אין דער געגנט פון קאַליש, קאָלאָ און קאָנין רעדט מען אַ פּוילישן יידיש. דער סוף־וואָרט איז פאַרדייטשמערישט. צום ביישפּיל, אַ „לעפל" איז „לעפלכען", און אַ ביסל ווייטער נאָך קאָנין איז פון „לעפלכען" געוואָרן „לעפלכיאָ". אין גאַנץ פּוילן האָט מען גערעדט דעם פּוילישן פאַר־

צוויגענעם יידיש, נאָר אין לאָמזשער גובערניע האָט מען גערעדט דעם ליטווישן יידיש אָבער מיטן האַרטן „למד״, אַזוי ווי אין סוואַלק.

אין די פּראָווינץ־שטעטלעך, האָבן די אַקטיווע חברים פון דער פּאַרטיי זיך באַמיט צו רעדן אַן אינטעליגענטישן יידיש. ס׳פלעגט תחילת טרעפן, אַז איך האָב אים אַפילו ניט פאַרשטאַנען. אַזוי, למשל, האָט אַ חבר, אַנשטאָט צו זאָגן „באַגאַזש״, געוואָלט זאָגן „באַלאַסט״ (וואָס דאָס האָט באַדאַרפט זיין מער אינטעליגענטיש) און אַרויסגעקומען איז ביי אים „באַלאַנס״. אַן אַנדערער האָט געקענט פאַרבייטן „דערליידיקן״ מיט „באַליידיקן״ און נאָך אַן אַנדערער האָט אַ מאָל לכבוד מיר געזאָגט: „מיר טרינקען דערפאַר, וואָס דער חבר ביר איז אין אונדזער אָנוועזנהייט״. אַן ענלעכע מעשה האָט פּאַסירט מיטן ח׳ נחמן סירקין אין ארץ ישראל אין יאָר 1920. דאָס האָט מיר דערציילט דער פּראָפעסאָר פיינמאַן, וואָס איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געשטאָרבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. זיי ביידע האָבן דאַן אין נאָמען פון דער קאָמיסיע פון פאַרבאַנד־ביוראָ, באַזוכט ראש־פּנה. דאָרט, אויב איך האָב ניט קיין טעות, געפינט זיך נאָך עד היום דער איינציקער האָטעל, אין וועלכן זיי זענען איינגעשטאַנען. ווען דער בעל־הבית פון האָטעל האָט זיי אַריינגעפירט אין צימער, איז דער צימער סירקינען ניט געפעלן געוואָרן. האָט זיך דער בעל־הבית באַליידיקט: „ביי מיר זענען דאָ געשטאַנען די גרעסטע טעראָריסטן״. סירקין האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, צו וואָס האָט זיך מתכוון געווען דער בעל הבית, און געפרעגט פיינמאַנען, אפשר האָט דער בעל־הבית געוווּסט, אַז ער, סירקין, איז געווען אַ טעריטאָריאַליסט, און האָט דאָס געמיינט? זיי האָבן זיך ביידע געלייגט שלאָפן און אין מיטן דער נאַכט וועקט סירקין פיינמאַנען און זאָגט אים, „איך ווייס שוין, וואָס דער באַלעבאָס האָט געמיינט, ער האָט געוואָלט זאָגן „די גרעסטע טוריסטן״.

אין די אַלע קליינע שטעטלעך איז געווען אָנגענומען, אַז ווען עס קומט אַ באַוווּסטער רעפערענט, מוז מען אים איינאָרדענען אַ „באַנקעט״. און דאָס דווקא נאָך דעם רעפעראַט, שפּעט ביינאַכט. ווייל לויטן אָנגענומענעם מנהג האָבן נאָכן רעפעראַט געמוזט אַרויסטרעטן פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, און דערפאַר פלעגן זיך די פאַרזאַמלונגען פאַרציען ביז לאַנג־לאַנג נאָך האַלבער נאַכט. און אויפן באַנקעט פלעגט מען ווידער רעדן און אַ מאָל אויך ברענגען קליינע קינדער, וואָס פאַלן פון שלאָף, זיי זאָלן דעקלאַמירן פאַרן חשובן רעפערענט. נאָך די ערשטע פּאָר וואָכן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז לאַנג אַזוי אויסהאַלטן וועל איך ניט קענען. פלעג איך שוין אויפקלערן די חברים, אַז איך בין ניט בקו הבריאות, דאַן פלעגט מען איינאָרדענען דעם „באַנקעט״ ביי מיר אין צימער אין האָטעל, אָבער שוין אָן „דעקלאַמאַטאָרן״:

איך בין געלעגן אין בעט און די חברים האָבן הנאה געהאַט פון דעם „כיבוד": פּאַרטריקנטע ביסקוויטן, פּיסטאַשקעס, בילִיקע צוקערקעס און ביטערער ווײַן.

צווישן אַנדערע שטעט האָב איך אויך באַזוכט כעלעם. מײַן באַן איז אָנגעקומען צוויי אַ זייגער בײַנאַכט. עס וואַרטן אויף מיר צוויי חברים מיט דער „אַרבעטער־צײַטונג" אין האַנט, כדי איך זאָל זיי דערקענען. פון דער באַן־סטאַציע דאַרף מען גיין אַ צוויי קילאָמעטער צו פוס אין שטאָט. כידוע זענען דאָ אַ סך מעשיות וועגן כעלעם. פון איינער פון די מעשיות האָב איך געדענקט. אַז אין כעלעמער שול זענען די לאָדנס אויפן צווייטן שטאָק, צו פאַרמאַכן פון דרויסן. גייענדיק אַזוי מיט די חברים, גיב איך זיי אַ פרעג, צי איז טאַקע אמת די מעשה. בײדע האָבן אַראָפּגעלאָזן די אויגן און געזאָגט: „אמת, די האַקעס זענען נאָך דאָ."

מען האָט מיך נאַטירלעך געפירט אין בעסטן האָטעל. אין צימער האָב איך באַמערקט, אַז דער לײַלעך אין בעט איז שמוציקלעך. רוף איך די באַלעבאָסטע און מאַך זי דערויף אויפמערקזאַם. אויף דעם ענטפערט זי מיר: „אין גאַנצן זײַט איר דער פערטער, וואָס שלאָפט אויף דעם לײַלעך". נאַטירלעך, האָב איך זיך די נאַכט ניט אויסגעטאָן.

קום איך אַ מאָל אין ליקאָוו, אַ קליין שטעטל ניט ווײַט פון וואַרשע. אַ חסידיש שטעטל, אָבער זייער אַ פאַרגרעבטס, כולה עם־הארצים.. איך זע אויף די ווענט אַ פּלאַקאַט פון דער פריערדיקער וואָך, אַז דאָ האָט רעפערירט אונדזער חבר „סטודענט דוּאַ" (ער איז אין יאָר 1921 געווען אין ארץ ישראל, צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי אונדזערער דאַן געגרינדעט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, געוואָרן אַ פּערסאָנאַ גראַטאַ אין די קאָמאינטערנישע קרייזן, געווען אין דער שפּאַנישער מלחמה, געהרגעט געוואָרן אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע אין וואַרשע אין יאָר 1948. בײזע צינגער זאָגן, אַז די קאַטאַסטראָפע איז ניט געווען קיין צופאַל. ער איז באַגראָבן אויפן יידישן בית־עולם אין וואַרשע אויף גענשע גאַס). דוּאַ האָט בכלל ניט געענדיקט קיין שול, אָבער די חברים האָבן געוואָלט מאַכן אַ רושם אויף די קליינשטעטלדיקע יידן, און לויט זייערע השגות האָט דער „סטודענט" געדאַרפט ציען דעם עולם. אַז איך בין אָנגעקומען אין קראָקע, האָב איך געזען מײַן נאָמען אויפן פּלאַקאַט „פּראָפעסאָר ראַפּאַלקעס". און ווען איך האָב געפרעגט די חברים די סיבה דערפון, האָבן זיי מיר דערקלערט, אַז מיט אַ וואָך צוריק איז דאָ געווען גרשון דוּאַ, און זיי האָבן אים פּראָקלאַמירט אַלס „דאָקטאָר דוּאַ", און אַז „ער איז אַ דאָקטאָר, זײַט איר דאָך אַ פּראָפעסאָר".

איינע פון די ערשטע שטעט וווהין איך בין געפאָרן איז געווען קאַליש. די שטאָט איז כמעט אין גאַנצן געווען צעשטערט, ווײַל דאָ זענען געפאַלן

די ערשטע באַמבעסביים אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געזען אַ שטאָט, צעשטערט פון באַמבעס. מיט דער צייט האָב איך זיך צוגעוווינט צו אַזעלכע בילדער.

אין לובלין האָב איך רעפערירט פרייטיק צו נאַכט און שבת אין דער פרי. אין אָוונט איז געווען אַ טאַנץ־באַל. איך בין געזעסן אין צימער ביי אַ יונגער חברטע און זיך געוואַרעמט ביים אויוון. זי האָט עס גערעדט מיך „היטן". אין מיטן דערינען הער איך ווי דאָס 18־יאָריקע מיידל (אומגעקומען אין געטאָ לובלין) זאָגט: „וועלכע הויכע געדאַנקען זענען אין דעם קאָפּ"; און איך האָב אין דעם מאָמענט געטראַכט, ווי ווערט מען פּטור פון דעם טאַנץ־אָוונט און ווי קומט מען וואָס שנעלער אַהיים. באמת א הויכער געדאַנק!

אין מינסק־מאַזאָוויעצק זענען אין מיטן פון מיין רעפעראַט אַריין צוויי ציווילע אָפיצירן, כדי בודק צו זיין וועגן וואָס איך רעד. די פּאָליציייאישע דערלויבעניש פאַר דעם רעפעראַט איז געגעבן געוואָרן אויף אַ פּעדאַגאָגישער טעמע. האָב איך תיכף באַקומען אַ צעטל פון די חברים: „רעדט וועגן פּעדאַגאָגיק". עס איז מיר ניט לייכט געווען אַריבערצוגיין אין מיטן פון דער פּאָליטישער טעמע צו פּעדאַגאָגיק. אָבער איך זע, אַז די אָפיצירן האַלטן אין האַנט אַ גראָבן ווערטערבוך און זוכן יעדעס וואָרט, וואָס איך רעד. איך האָב פאָרגעזעצט אויף דער זעלבער טעמע, וואָס איך האָב פריער גערעדט, אָבער באַמיט זיך ניט צו באַנוצן ווערטער, וואָס די גויים פאַרשטייען. אַנשטאָט רעוואָלוציע האָב איך געזאָגט איבערקערעניש, אַנשטאָט פּראָלעטאַריאַט האָב איך געזאָגט די אַרבעטדיקע, אַנשטאָט „קאַפּיטאַליסטישע" האָב איך זיך באַנוצט מיטן וואָרט די „רייכע", און אַ. וו. די אָפיצירן האָבן מיט התמדה געזוכט אין ווערטערבוך, און איך האָב דווקא גערעדט רואיק און פּאַמעלעך, און אַ ביסל צעצויגן דעם ענין, ווייל מיר איז די שפּיל געפעלן געוואָרן, און מיר האָט זיך געוואָלט פאַרמאַטערן די אָפיצירן. זיי זענען געזעסן ביז צום סוף און געווען שטאַרק צופרידן, ווייל זיי האָבן ניט געפונען אין מיין רעדע קיין אָפּנייג פון דער טעמע און קיין ווערטער וועגן רעוואָלוציע.

די רעפעראַטן, מיט וועלכע איך בין אין יענער צייט אַרומגעפאָרן איבער פּוילן זענען געווען צוויי: „די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד" און „דער יידישער סאָציאַליזם". אין איין שטאָט רופט מיך דער וואָיעוואָדע און פרעגט מיך, צוליב וואָס איך רעפעריר וועגן דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, דער קהל קען לעבן אָן דעם. אגב האָט מען זיך צו מיר אין די שטעט באַצויגן גאַנץ אָנשטענדיק, ווייל איך בין דאָך געווען אַ ראַטמאַן אין וואַרשע. האָב איך אים דערקלערט, אַז אַלע זענען מיר פאַראינטערעסירט, אַז דער עולם זאָל וויסן, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין רוסלאַנד, כדי מען

זאָל ניט גיין אין די דאָזיקע דרכים. דער וואַיעוואָדע האָט מיט מיר מסכים געווען און געזאָגט, אַז וועגן דעם האָט ער ניט געטראַכט. בדרך כלל איז די צאָל פון די יידישע געהיים־אַגענטן געווען קליין, און די גויים האָבן ניט געקענט קיין יידיש, האָבן מיר זיך געקענט דערלויבן צו רעדן פריי.

איך בין געווען אין כמיעלניק (קעלצער קרייז). דאָס שטעטל איז געלעגן 35 ווירסט פון קעלץ און מען האָט געמוזט פאָרן אַהין דווקא ביינאַכט, מיט פערד. ס׳איז געווען אַ גרויסער פראָסט. אויפן וועג זענען מיר אַריין אין אַן אכסניה. אין מיטן דערהער איך אַ שאַרפן וויכוח צווישן צוויי בעלי־עגלות אין דרויסן. בין איך אַרויס זען, וואָס ס׳האָט פּאַסירט. דאָס האָב איך זיך ניט דערוווּסט, אָבער דערפאַר האָב איך געהערט אַזאַ מין לעקסיקאָן פון זידלערייען אין יידיש, וואָס איך האָב קיין מאָל פריער ניט געהערט. אַזוי, למשל, האָט איינער אָנגערופן דעם צווייטן „די פּאַסקידנע פאנפאטשיסקא״. דער דאָזיקער „פאָלקס־אויסדרוק״ האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון. אגב איז כמיעלניק געווען אַ שטעטל, וואָס האָט געהאַנדלט מיט גענדז. און אַז איך בין געגאַנגען מיטן חבר צו אים אַהיים עסן מיטאָג, האָט ער מיך פאַרבעטן אין רעסטאָראַן אַריין, כדי קודם כל „עפּעס איבערצוכאַפּן״; האָבן מיר איבערגע־כאַפּט יעדערער אַ פערטל גענדזנס פאַר מיטאָג. כמיעלניק איז אויך געווען באַרימט אין דער געשיכטע פון פועלי־ציון, ווייל אין דער צייט פון דער פוילישער „רעוואָלוציע״, ד. ה., ווען די דייטשן זענען אַרויס און דאָס שטעטל איז געבליבן בכלל אָן אַ מאַכט, האָבן די פועלי־ציון פאַרכאַפּט די מאַכט. זיי זענען געזעסן אין שטאָטראַט און אַרויסגעהאָנגען רויטע פענער. זייער מאַכט האָט געדויערט איין טאָג, פונקט ווי די מאַכט פון יידישן קיסר אין פוילן.

אַן ענלעכער צופאַל, ווי אין כעלעם, האָט מיט מיר פּאַסירט אין דעם גאַליציאַנער שטעטל זשעשאָוו (ריישע). ווי נאָר איך האָב זיך אַריינגעלייגט אין בעט, האָב איך דערפילט, זייט מיר מוחל, וואַנצן. ווען איך האָב אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן: אין בעט האָבן שפּאַצירט ניט ווייניקער ווי אַ פּאָר צענדליק פון די באַשעפעניש. נאַטירלעך, בין איך אָפּגעזעסן די נאַכט אויף אַ שטול און האָב ניט צוגעמאַכט קיין אויג.

און איצט וועל איך דערציילן אַ פּאָר אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן מיט חברים רעפערענטן.

ווי דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי און איר קאַסירער, האָב איך געדאַרפט אָפּנעמען אַ דין וחשבון פון יעדן רעפערענט נאָך זיין צוריקקומען פון דער רייזע: אַ דין וחשבון פון דעם פאָרטראַג און אַ דין וחשבון וועגן דער הכנסה. איין מאָל איז דער ח. יוריס (איצט אין לאַנד) געקומען צוריק פון זיין רייזע קיין לאָמזשע, און אַז איך האָב אים געפרעגט וועגן דער

הכנסה, האָט ער מיר געענטפערט, אַז די חברים האָבן אים ניט אָפּגעגעבן קיין געלט־חשבון פון רעפעראַט און בכלל ניט געגעבן קיין געלט, נאָר זיי האָבן אים געקויפט אַ מתנה — אַ פּאָר הויזן. איך האָב אויפגעקלערט יוריסן, אַז די הויזן זענען געקויפט געוואָרן אויפן חשבון פון דער הכנסה, וואָס געהערט דעם צ. ק., און דעריבער מוז איך אים אָפּרעכענען דעם פּרייז פון די הויזן פון זיין מאָנאַטלעכער שכירות. אַ לאַנגע צייט האָבן די חברים מיר ניט געקענט מוחל זיין די דאָזיקע „עוולה״.

גאָר אַ קאָמישע געשיכטע האָט פּאַסירט מיטן ח׳ יוסף ראָזען. ער האָט געדאַרפט רעפערירן אין אַ קליין שטעטל. מען האָט אים ניט אָפּגעוואַרט ביי דער באַן און ער איז אַוועק זוכן די חברים אין שטעטל. מיט גרויס מי האָט ער סוף־כל־סוף געפונען דעם חבר, וועמענס אַדרעס ער האָט געהאַט. ווען ער האָט די חברים געזאָגט, אַז ער איז יוסף ראָזען און איז געקומען האַלטן דעם רעפעראַט, האָט אים דער חבר געזאָגט: „מיך וועט איר ניט אָפּנאַרן, איך קען יוסף ראָזענען, ער איז אַ הויכער בחור״, און מען האָט ראָזענען דעם רעפעראַט ניט געלאָזן האַלטן. ווייזט אויס, אַז דער חבר איז געווען אַ מאָל אין וואַרשע און געהערט די רעדנער אויף אַ מיטינג, צווישן די רעדנער זענען געווען אויך יוסף ראָזען און אַנדערע, און ער האָט פּאַרטוישט די יוצרות.

איך קום אין אַ שטעטל ליפּנע, וורוצלאַווער קרייז. שבת נאָך מיטאָג האַלט איך דעם רעפעראַט, ביינאַכט קומט פאָר דער „באַנקעט״ (ווי מען דערליידיקט אָרגאַניזאַציע־פראַגן), און זונטיק אין דער פרי דאַרף איך אָפּפאָרן צוריק מיט אַ וואָגן. איך וואַרט אויפן וואָגן און דערווייל גיי איך אַריין אין אַ קליינע רעסטאָראַציע און בעט אַ גלאָז טיי. דער באַלעבאָס דערלאַנגט מיר דאָס גלאָז טיי און זעענדיק, אַז איך האָב אַראָפּגענומען דעם קאָפּעליוש, זאָגט ער צו מיר: „און ווען איר נעמט ניט אַראָפּ דעם קאָפּעליוש, מיינט איר, אַז דער קאָפּ וואָלט אייך אַראָפּגעפאַלן. מיינט איר אפשר, אַז איר וואָלט אָפּגעהאַלטן אייער לעקציע נעכטן אום שבת מיט פאַרקויפן בילעטן, ווען איך וואָלט ניט געווען פאַרנומען?״ קוק איך אָן דעם באַבערדלטן יידן און פרעג אים: זייט אַזוי גוט, רב ייד, וועמען האָט איר נעכטן אין שול פאַרקויפט מפטיר? ערשטנס, האָט איר דאָך פאַרקויפט אום שבת, אמת, אָן געלט, אָבער איר האָט פאַרבויגן די בלעטלעך אין קאָנטאָ־בוך, מעג מען עס אום שבת? והשנית, האָט איר דאָך פאַרקויפט מפטיר מן הסתם דעם רייכסטן יידן אין שטאָט, און ער איז דאָך דער גרעסטער פראָצענטניק ביי אייך. איי, עס שטייט דאָך אין דער תורה „לאחיך לא תשיך״? דער ייד איז פאַרשוווּנדן פון מיר, ווי אַ רויך. און די חברים האָבן מיר שפּעטער געזאָגט, אַז דער ייד איז עס טאַקע דער גרעסטער פראָצענטניק.

דאָס אינטערעסאַנטסטע אין די נסיעות איבער די קליינע שטעטלעך איז געווען דאָס, וואָס איך האָב זיך געקענט איבערצייגן, אַז אומעטום זענען די חברים איבערגעגעבן דער פּאַרטיי מיט לייב און לעבן, דיסציפּלינירט און פּילן אויס אַלץ, וואָס מען לייגט אויף זיי אַרויף. איך בין געווען אין דעם שטעטל סאָקאָלאָוו (שעדלעצער קרייז). ס'איז ניט געבליבן קיין צייט ביינאַכט צו זיצן מיטן קאָמיטעט. האָט מען באַשטימט די זיצונג אויף פיר אַ זייגער פאַרטאָג, ווייל פינף אַ זייגער האָב איך געמוזט אָפּפאָרן אין אַן אַנדער שטעטל. אַלע פינף חברים פון קאָמיטעט האָבן ניט פאַרשפּעטיקט אַפילו אויף איין רגע.

קאַזשימיעזש ביי דער ווייסל (קוזמיר) האָט געמאַכט אויף מיר אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק: דאָס שטעטל — הויך אויפן באַרג, איבער דעם טייך, די הייזלעך דראַפּען זיך אויפן באַרג, דאָס שטעטל קליין ווי אַ גענעץ, און מאָדנע איז מיר געווען צו זען אַ יידישע באַרגיקע באַפעלקערונג.

בכלל איז עס געווען ניט קיין לייכט לעבן. פיר נעכט אין וואָך איז מען געשלאָפן אין פאַרשיידענע בעטן, אַ סך מאָל ביי חברים אין פּריוואַטע דירות, און הגם מען פלעגט אונדז געבן די „בעסטע״ בעטן, איז עס ווייט געווען פון דער היימישער בעט. און דאָס עסן אין פאַרשיידענע קליינשטעטלדיקע רעסטאָראַנען האָט אויך ניט געקענט צוגעבן קיין געזונט. דערצו זענען נאָך צוגעקומען די שווערע פּאָליטישע באַדינגונגען, ווען מען האָט זיך געדאַרפט היטן אויף שריט און טריט. און ניט אַלע מאָל איז מען געווען גענוג פאָרזיכטיק.

און אַ מאָל האָט געטראָפן אַזאַ מין געשיכטע. מיר האָבן געהאַט זומער־צייט אַ קאָנפערענץ אין וואַרשע, און אומפאָרזיכטיקערהייט זענען מיר אַרויס אַ גרופּע חברים צוזאַמען, אין דער צייט פון דער מיטאָג־הפסקה. מיר האָבן באַמערקט אַז עמעצער שפּירט אונדז נאָך. האָב איך פאָרגעשלאָגן די חברים באַנוצן זיך מיטן מיטל, וואָס כ'האָב אים געלייענט אין דעם ראָמאַן פון סטעפּניאַק (דער רוסישער רעוואָלוציאָנער קראַווטשינסקי). אויפן ווינקל פון יעדער גאַס איז איינער פון אונדז אַוועק אין אַ זייטיקער גאַס, און דער וואָס שפּירט אונדז נאָך האָט דאָך געמוזט גיין נאָך דער גרעסערער גרופּע און ניט נאָכן איינציקן חבר, און אַזוי אַרום וועט דער גרעסטער טייל חברים זיך באַפרייען פון דעם שפּיצל, און עס וועלן בלייבן צוויי חברים, אָדער אפילו איין חבר. מיר האָבן באַשלאָסן פּטור צו ווערן פון אַלע אַנדערע, און בלייבן זאָלן נאָר מיר דריי: דער סיים־דעפּוטאַט שיפּער, איך, דער ראַטמאַן פון וואַרשע און מלך נוישטאַט (מלך נוי, געשטאָרבן אין תל־אביב אין יאָר 1959). דאַן האָב איך געזאָגט שיפּערן, אַז די צייט גייט אַוועק און מען מוז

שוין פטור ווערן פון דעם שפּיצל. האָבן מיר אַלע דריי פּאַרקערעוועט אין אַ זייטיקע גאַס, און אַז דער „שפּיצל" האָט אויך פּאַרקערעוועט, האָט זיך שיפּער גיך אויסגעדרייט און געפרעגט דעם בחור: „כ'האָב דעם איינדרוק, אַז איר פאָלגט מיך נאָך, איך בין דער סיים־דעפּוטאַט איגנאַצי שיפּער, וואָס, אייגנטלעך, פאַרלאַנגט איר?" דער בחור איז איבעררא‍ַשט געוואָרן און האָט געזאָגט: „איך האָב צו אייך, הער שיפּער, אַ בקשה אלס סיים־דעפּוטאַט, אָבער איך האָב נישט געוואַגט צוצוגיין, ווען איר זייט געגאַנגען מיט אַנדערע מענטשן". צי דאָס איז געווען אמת, אָדער עס איז געווען בלויז אַ תירוץ, ווייס איך ניט, אָבער דער מענטש איז צו שיפּערן מער ניט געקומען.

אַז איך טראַכט איצט אויף צוריק און דאַרף אַרויסזאָגן מיין מיינונג וועגן די צוהערער, וואָס פלעגן פּאַרפולן די זאַלן ביי אונדזערע רעפעראַטן, ספּעציעל אין די קליינע שטעטלעך, מוז איך מודה זיין, אַז דער אַלגעמיינער איינדרוק איז געווען, אַז דער קולטורעלער ניוואָ פון אונדזערע צוהערער איז געווען אַ גאַנץ נידעריקער. דער אָנגענומענער קריטעריום איז געווען, אַז אויב דער רעפערענט רעדט וויסנשאַפטלעך און עס איז שווער אים צו פאַרשטיין, האָט מען פון דעם רעדנער געהאַלטן. האָט ער גערעדט פשוט, האָט מען פון אים ניט שטאַרק געהאַלטן, זרובבל פלעגט רעדן אַ מאָל וויסנשאַפטלעך און אַ מאָל פשוט, אָבער אַלע מאָל בילדלעך און פּאָעטיש, האָט ער געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג. פון מיר האָט מען געהאַלטן וויניקער, ווייל ניט אַלע מאָל האָט מען מיך פאַרשטאַנען, און על כל פנים האָב איך ניט גערעדט פּאָעטיש. אָבער אַ ביסל האָט מען יאָ געהאַלטן פון מיר: דער עולם האָט הנאה געהאַט פון מיינע וויצן. איך האָב בכלל געהאַלטן, אַז אַלע מאָל דאַרף מען אַריינוואַרפן אין מיטן אַ וויץ, ווייל דאָס גיט אַ ביסל אָפּרו סיי מיר אַליין און סיי די צוהערער און, אגב, ווירקט דאָס אויף די צוהערער, וואָס האָבן אויפגעהערט צו הערן, זיי זאָלן צוריק ווערן אויפמערקזאַם. אָבער יעדער וויץ מוז זיין צוגעפּאַסט צום ענין, וואָרעם אַז ניט, האָט מען שפּעטער אַ טענה, אַז דער רעדנער האָט ניט געהאַט וואָס צו זאָגן.

אין פּוילן האָבן דאַן פיגורירט אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אַחוץ אונדז, נאָך דריי פּאַרטייען: דער „בונד", וואָס איז געווען די שטאַרקסטע פּאַרטיי, די „פאַראייניקטע", וועלכע זענען געווען שוואַכער פאַר אונדז (זייער עיקר־כוח איז געווען אין טשענסטאָכאָוו, אַזוי ווי אין די יאָרן 1905—1906). און די יידישע קאָמוניסטן — „די רויטע". די באַציאונגען צווישן די פּאַרטייען זענען געווען נידעריקער פון יעדער קריטיק. עס איז גאָרניט געווען קיין פאַרגלייך מיט די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן די פּאַרטייען אין רוסלאַנד. דאָרט איז אָנגעגאַנגען אַ שאַרפע פּאָלעמיק, אָבער אין פּאַר־

העלטנישמעסיק אָנשטענדיקע, כמעט פּאַרלאַמענטאַרישע ראַמען. דאָ האָט מען זיך געזידלט ווי מאַרק־יידענעס. אויך דערצו האָב איך זיך ניט געקענט צוגעוווינען. ניט איין מאָל פלעגט דער ענין דערגיין ביז צו מכות רצח אויף פּאַרזאַמלונגען. מען האָט זיך באַמיט אויפצורייסן די קעגנערישע פּאַרזאַמלונגען. און דעם דאָזיקן טאָן האָט געגעבן בעיקר די טאָג־צייטונג פון „בונד" — די „פאָלקס־צייטונג". ניט נאָר די צווייטראַנגיקע פירער זייערע, נאָר אַפילו די „גדולים" צווישן זיי, ווי וויקטאָר אַלטער, הענריך ערליך און מיכאַלעוויטש האָבן ניט איבערגעקליבן קיין ווערטער. אָבער מעדעם איז געווען צווישן די מעסיקע. אין דער צייט פון דער מלחמה איז בראש פון „בונד" געשטאַנען מיין גוט באַקאַנטער פון די גימנאַזיאַלע יאָרן, בראָניסלאַוו גראָסער, וואָס איז געווען איינער פון די שענסטע רעדנער. ווי אַזוי אָט דער פּולשטענדיקער אַסימילאַטאָר, ווי איך האָב אים געדענקט, איז געוואָרן אַ בונדיסט, ווייס איך ניט. איך האָב שוין ניט באַוויזן אים צו זען, ווייל ער איז געשטאָרבן איידער איך בין אָנגעקומען קיין פּוילן.

די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין פּוילן איז אויך געווען געשפּאָלטן לויט די פּאַרטייען. יעדע פּאַרטיי האָט געהאַט אירע פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען. ביי אונדז און אויך ביים „בונד" האָט עקזיסטירט אַ צענטראַלע ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען. די צאָל פּאַראיינען ביי אונדז, אין פּאַרגלייך מיטן יאָר 1906, איז שטאַרק געשטיגן. ספּעציעל איז אויסגעוואָקסן דער פּראָ־פעסיאָנעלער פּאַראיין פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן ביוראָ און אַ גרויסע ביבליאָטעק אויף נאַוואָליפּקי גאַס. דער פּאַראיין האָט געציילט מער ווי טויזנט חברים. בראש פון פּאַראיין איז געשטאַנען דער חבר וואַסער.

אין אַ פּאָר פּאַכן זענען די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען געווען געמיינזאַמע. איך האָב באַוויזן צו באַטייליקן זיך אין אַ קאָנפערענץ פון שניידער. די מערהייט זענען געווען בונדיסטן, מיר האָבן געבילדעט בערך אַ דריטל. אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָבן מיר געוואָלט דורכפירן, ווי איינע פון די אויפגאַבן פון דעם פּאַראיין, די אָרגאַניזאַציע פון דער עמיגראַציע בכלל און קיין ארץ ישראל בפרט. אָבער די בונדיסטן האָבן אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן פּאָרשלאַג. אַז איך בין געווען אין ניו־יאָרק אין יאָר 1957 האָב איך זיך געטראָפן ביי אַ פריינט אין שטוב מיט הערשל הימעלפאַרב און ער האָט מיר טאַקע דערמאָנט די דאָזיקע קאָנפערענץ. אָנגעפירט מיט אונדזער פראַקציע האָט דער ח' סקראָבעק פון לאָדזש, איינער פון אונדזערע בעסטע אַקטיוויסטן, אַ שוואַרצער שיינער בחור, איינער פון די בעסטע צווישן אונדז. אָבער, ווי עס טרעפט מיט די בעסטע, איז ער געשטאָרבן יונג (20—21 יאָר) אין

בערלין. אין לאָדזש האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אַ יונגער חבר, ברוך שאַפּיראָ, אַ פעיִקער און אַן אַקטיווער. אין דער פּאַרטיי האָט מען אים גערופן „בערטאָטשקאַ“, ווייל ער האָט געהאַט אַ ביסל אַ מיידלש פּנים.

ביי די סטאָליאַרעס האָט געפירט די אַרבעט דער חבר לאָזער סטאָליאַר, וואָס איך האָב אים נאָך געקענט פון דער קאָנפערענץ אין מאָסקווע (1917). דאָס איז געווען אַן אָריגינעלער טיפּ. אַן אמתער פאָלקס־מענטש, ער האָט ניט געוווּסט פון קיין טעאָריעס, אָבער מיט זיין פשטות האָט ער געווירקט אויף זיינע חברים סטאָליאַרעס, מער ווי דער בעסטער רעדנער. אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן איז ער געווען אין ארץ־ישראל און האָט דאָ אָרגאַניזירט די סטאָליאַרעס, אומגעקערט זיך צוריק קיין פּוילן און אומגעקומען אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין פּאָניאַטאָוו, לעבן וואַרשע.

אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין וואַרשע האָבן נאָך געאַרבעט ציטרינאָווסקי (געקומען אין דער מלחמה־צייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן — געשטאָרבן אין תל־אביב אין יאַנואַר 1965, ווען ער איז דאָ געווען, ווי אַ דעלעגאַט צום 26סטן ציוניסטישן קאָנגרעס), ביינישׂ, אַ פעיִקער בחור, אָבער געשטאָרבן יונג, און אַ סך אַנדערע.

נאָר איין פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין, אויף וויפל איך געדענק, איז געווען אַ געמיינזאַמער פון יידן מיט פּאָליאַקן. דאָס איז געווען דער אַלטער פאַראיין פון די קעלנער. איך האָב נאָך אָנטייל גענומען אין אַ געמיינזאַמער קאָנפערענץ פון אַלע קעלנער אין לאַנד.

אונדזער וויכוח מיטן „בונד“, מיט די פּ. פּ. ס. (אגב, זייער ווייניק יידן זענען געבליבן אין דער פּ. פּ. ס., כמעט אַלע יידן פון דער פּאַרטיי זענען אַריבער צו די קאָמוניסטן) און מיט די קאָמוניסטן האָט זיך געדרייט אַרום דער פראַגע פון נאַציאָנאַלע סעקציעס. בלויז מיר האָבן געפאָדערט די דאָזיקע סעקציעס, ווייל לויט אונדזער מיינונג זענען די אַרבעט־ און לעבנס־באַדינגונגען פון די יידישע און פּוילישע אַרבעטער געווען גאַנץ פאַרשידן. דאָס איז געווען אַ פּועל־יוצא ניט נאָר פון אונטערשייד אין דער שפּראַך, אין דער פּסיכאָלאָגיע און לעבנס־שטייגער, נאָר, דער עיקר, פון די פאַרשיידענע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. די קאָנצענטראַציע פון די יידישע אַרבעטער אין קליינע אונטער־נעמונגען האָט געפאָדערט גאַנץ אַנדערע פאָרמען פון אָרגאַניזאַציע, אויך די מיטלען אין טאָג־טעגלעכן קאַמף זענען געווען גאַנץ אַנדערע: די פאָרם פון דעם דרוק אויפן באַלעבאָס איז געווען ביי יידן אַן אַנדערע, ווייל די באַציאונגען צווישן אַרבעטער און באַלעבאָס אין דער קליינער אונטערנעמונג, ווו זיי טרעפן זיך טאָג־טעגלעך ביי דער אַרבעט זענען גאַנץ אַנדערש, ווי

ביי די פּאָליאַקן, ווו דער באַלעבאָס זעט אפילו ניט דעם אַרבעטער אין משך פֿון יאָרן. אגב, דער סעזאָן־כאַראַקטער פֿון אַ סך יידישע פאַכן האָט געפּאָדערט אָפּט אַ סך אַקטיווערע פאָרמען פון קאַמף. מען האָט געמוזט אָפּטער אָרגאַ־ניזירן שטרייקן, און אַחוץ אַלעם, זענען אָפּט די אינטערעסן פון יידישע און ניט־יידישע אַרבעטער ניט געווען אידענטיש, ווי, למשל, אין דער פראַגע פון שבת־רו.

אַרויסגייענדיק פון אונדזערע פרינציפּיעלע אַנשויונגען, האָבן מיר געהאַלטן, אַז איינע פון די עיקרדיקע אַרבעטן אין דער יידישער פּראָפעסיאָ־נעלער באַוועגונג איז דאָס אָרגאַניזירן די עמיגראַציע: שאַפן ספּעציעלע אינסטיטוציעס, וואָס זאָלן קאָנצענטרירן אין זייערע הענט ניט נאָר אַלע אַקציעס, וואָס זייער ציל איז צו פאַרלייכטערן די אויסוואַנדערונג טעכניש, נאָר אויך ריכטן די גאַנצע אויסוואַנדערונג קיין ארץ ישראל.

די דאָזיקע פאָדערונגען אונדזערע, וואָס קיין מאָל האָבן מיר זיי ניט געקענט פאַרווירקלעכן, איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע טיילן פון אונדזער אַרבעט פאַר ארץ־ישראל (פּאַלעסטינע־אַרבעט). אַחוץ דעם איז געווען נאָר דער טעאָרעטישער ויכוח וועגן דער נויטווענדיקייט פון דעם פּאַלעסטינע־געדאַנק און די קאָנצענטראַציע אין ארץ־ישראל, ווי דער איינציקער מיטל צו לייזן דעם יידישן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. דער ויכוח איז געווען זייער אַ ליידנשאַפטלעכער. דער אמת איז, אַז דער ויכוח האָט פאַרטראָטן די ממשותדיקע אַרבעט. עס האָט עקזיסטירט אויף דער מאַריאַנסקע גאַס דער פּאַלעסטינע־אַמט, אָבער לכתחילה האָבן מיר ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיט אים, ווייל מיר האָבן ניט אָנטייל גענומען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן אויך ניט געהאַט אין אָנהייב 1919 קיין שום פאַרבינדונג מיט ארץ־ישראל. נאָר זומער־צייט האָבן מיר באַקומען די ערשטע ידיעות וועגן דער נייער פּאַרטיי אין ארץ־ישראל „אחדות העבודה", וואָס אונדזערע חברים, פועלי־ציון, האָבן געגרינדעט. די דאָזיקע ידיעות האָבן מיר באַקומען פון פאַרבאַנד־ביוראָ, וואָס איז געזעסן דאָן אין שטאָקהאָלם און איז באַשטאַנען פון דריי חברים: שלמה קאַפּלאַנסקי, בערל לאָקער און לעאָן כאַזאַנאָוויטש.

איך האָב געשריבן אַ סך אין דער צייטונג פון דער פּאַרטיי, און ספּעציעל וועגן רוסלאַנד. דאָס איז געווען אַ גאַנצע ריי מאמרים, וועלכע זענען שפּעטער אַרויס אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע (וואָס איך האָב זי ציטירט אין דעם ערשטן בוך).

דער אַנטיסעמיטיזם איז דאַן אין פּוילן געשטיגן פון טאָג צו טאָג. עס איז כמעט ניט געווען קיין טאָג, עס זאָלן ניט אָנקומען קיין ידיעות וועגן אַרויסטרעטונגען קעגן יידן דאָ אָדער דאָרטן.

אין אַפּריל איז פאָרגעקומען די באַרימטע שחיטה אין פּינסק. די דאָזיקע שטאָט איז געווען דאַן אויף דער גרענעץ פון ראַטנפאַרבאַנד, און אַהין איז אַריינגעקומען דאָס פּוילישע מיליטער. אין די אויגן פון די אָפיצירן זענען אַלע יידן געווען באַלשעוויקעס. אין שטאָט איז די מאַכט געווען אין די הענט פון מאַיאָר לוטשינסקי. דעם 5טן אַפּריל, אַ דאָנערשטיק, האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די פאָרשטייער פון אַלע יידישע פאַרטייען אין בנין פון די יידישע אַנטשטאַלטן „בית עם", צו באַהאַנדלען די לאַגע אין שטאָט. וועגן דעם האָט זיך דערוווּסט דער מאַיאָר לוטשינסקי, און ער האָט באַשלאָסן, אַז דאָס זענען זיך צונויפגעקומען אַלע יידישע באַלשעוויקעס. דאָס מיליטער איז אַריין אין בנין און האָט אַרעסטירט אַלע אַנוועזנדיקע, אַ טייל האָט מען באַפרייט און די איבעריקע — 34 יידן — צווישן זיי אונדזער חבר פּנחס קראַסילשטשיק, האָט מען געבראַכט צו דער וואַנט פון דער קירכע און דאָרטן האָט מען אַלעמען דערשאָסן, אָן אַן אויספאָרשונג און אָן אַ משפּט.

די שחיטה האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע פּוילישע יידנטום. דאַן האָט זיך אין פּוילן געפונען דער חבר ברוך צוקערמאַן, וועלכער איז געקומען אַהין אַלס פאָרשטייער פון דעם דזשאָינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער איז פּונקט געווען אין פּינסק אין די דאָזיקע טעג און ער האָט עס אונדז איבערגעגעבן אַ גענויען באַריכט וועגן דער שחיטה. דער ענין האָט שוין מער ניט געקענט פאַרשוויגן ווערן און איז געבראַכט געוואָרן פאַרן סיים, וואָס האָט אויסגעוויילט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, אין וועלכער עס האָט אָנטייל גענומען דער ח׳ שיפּער. דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע איז געווען דער דעפּוטאַט ווּרובלעווסקי און איר סעקרעטאַר יצחק גרינבוים. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט געאַרבעט אַ פּאָר חדשים און אין נאָוועמבער 1919 האָט זי אַרויסגעטראָגן אירע באַשלוסן, וועלכע האָבן נאָך געדאַרפט רעדאַגירט ווערן אין אַ סוב־קאָמיסיע. די דאָזיקע באַשלוסן כאַראַקטעריזירן אין אַ גרויסער מאָס די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן יידן און פּאָליאַקן צו יענער צייט און דעריבער ברענג איך זיי דאָ:

„די געשעענישן אין פּינסק דעם 5טן אַפּריל זענען געווען אַ רעזולטאַט פון די אומנאָרמאַלע באַציִאונגען צווישן דער קריסטלעכער און יידישער באַפעלקערונג. אויפן סמך דערפון האָט זיך ביי די מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען אין פּינסק אויסגעבילדעט די מיינונג, אַז די יידישע באַפעלקערונג אין פּינסק סימפּאַטיזירט כלומרשט מיט די באַלשעוויקעס.

„די קעגנזייטיקע געפילן און שטימונגען צווישן די ביידע טיילן פון דער באַפעלקערונג אין פּינסק אַנטשפּרעכן בערך די שטימונגען אין די ביידע טיילן פון גאַנץ פּוילן, און דאָס איז אַ רעזולטאַט פון די זעלבע סיבות. דאָס איז, פון איין זייט, די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע פון געוויסע אומפאַראַנטוואָרטלעכע

קרייזן פון דער פּוילישער געזעלשאַפטלעכקייט, וועלכע זענען איינזייטיק אין דעם באַלשעוויזם אַ יידישע באַוועגונג, און פון דער צווייטער זייט, די טעטיקייט, וואָס ווערט געפירט דורך געוויסע יידישע קרייזן אין לאַנד און אין אויסלאַנד, ניט רעכענענדיק זיך מיט קיין מיטלען און געבנדיק אַ געפעלשט בילד וועגן די באַציונגען צווישן יידן און פּאַליאַקן.

„אויפן יסוד פון דעם אומצוטרוי און דער קעגנזייטיקער שנאה צווישן דיביידע גרופּעס זענען אַנטשטאַנען באַשולדיקונגען פאַר די מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע זענען געווען נאָך ערנסטער דערפאַר, ווייל אָן ספק האָט געאַרבעט אין פּינסק אַן אונטערערדישע באַלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך באַמיט צו ברענגען שאָדן דעם פּוילישן מיליטער דורך שפּיאָנאַזש און אַגיטאַציע צווישן דעם מיליטער, דורך איבעררייסן די טעלעפאָן־פאַרבינ־דונגען וכדומה.

„ניט געקוקט אויף די דאָזיקע שטימונגען, האָבן די פּוילישע מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען אין משך פון אַ חודש נאָך דעם, ווי זיי זענען אריינגעגאַנגען אין פּינסק, זיך ניט באַנוצט מיט קיין ספּעציעלע רעפּרעסיעס כלפּי דער יידישער באַפעלקערונג. די לאַגע האָט זיך געענדערט אין דעם קריטישן טאָג פון 5טן אַפּריל. אין דעם טאָג איז פאַרניכטעט געוואָרן די אָפּטיילונג פון דעם פּאָרוטשניק זאַמטשעק. צוליב אַ צופעליקער מיספאַרשטייעניש האָבן זיך די פּוילישע מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען דערוווּסט פון צוויי יידישע זעלנער (קאָזאַק און קולקער. דאָ איז אויך געווען פאַרמישט דער פּוילישער דאָקטער בורקאבא — נ.) וועגן כלומרשט באַלשעוויסטישע פאַרזאַמלונגען אין יידישן „בית־עם”. אונטער דעם איינדרוק פון די דאָזיקע אינפאָרמאַציעס און, פון דער צווייטער זייט, צוליב דער שוואַכקייט פון דעם פּינסקער גאַרניזאָן און דער נאָנטקייט פון דער גרענעץ, זענען די מאַכט־אָרגאַנען אין פּינסק באַהערשט געוואָרן דורך אַ פּאַנישער שטימונג, און אָנשטאָט אויסצופאָרשן ווער ס'איז שולדיק אין דער באַלשעוויס־טישער אַגיטאַציע אין מיליטער, און צי זענען אין אמתן געווען באַלשעוויסטישע פאַרזאַמלונגען אין „בית־עם”, האָבן זיי זיך באַנוצט מיט דער מאַקסימאַלער פאָרם פון רעפּרעסיעס — געשאָסן 34 יידן, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן געהאָט לאַיאַלע צייגענישן, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען, און אייבער פון זיי האָט אפילו געדאַרפט פאָרן קיין וואַרשע וועגן הילף פאַר דער באַפעלקערונג אין פּינסק. (אגב, איז זייער אינטערעסאַנט דער אויסדרוק „מאַקסימאַלער פאָרם פון רעפּרעסיעס” אויף שיסן מענטשן אין משך פון אַ פּאָר שעה אָן אַן אויספאָרשונג און אָן אַ משפּט — נ.).

„די עקזעקוציע איז אויסגעפירט געוואָרן אָן דעם מען זאָל האָבן פעסטגעשטעלט, ווער עס זענען די געהרגעטע, וואָס צווישן זיי זענען געווען

צוויי בחורים, וואָס זענען נאָך ניט אַלט געווען קיין 17 יאָר, און צוויי יונגע ייִדן, וואָס זענען ניט אַרעסטירט געוואָרן אין „בית־עם״, נאָר זענען צוגעצויגן געוואָרן אין דער גאַס צו דער גרופּע אַרעסטירטע.

„די איבעריקע אַרעסטירטע אין „בית־עם״ זענען באַפרייט געוואָרן נאָך אַ פּאָר טעג דורך דער אויספאָרשונג־קאָמיסיע פון דעם פּולקאָווניק סטשעמינסקי.

„דער גענעראַל ליסטאָווסקי, ניט אויספאָרשנדיק דעם ענין, האָט אויסגע־דריקט זיין אָנערקענונג דעם מאַיאָר לוטשינסקי פאַר דער דאָזיקער פאַראָרדענונג, נאַטירלעך מיט אומרעכט, און האָט אַרויפגעלייגט אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג אַ קאָנטריבוציע אין דער גרויס פון הונדערט טויזנט רובל.

„די סיים־קאָמיסיע האָט אַנטדעקט, אַז די זשאַנדאַרמעריע־אָרגאַנען האָבן זיך באַנוצט אין דער אויספאָרשונג אַלס רעפּרעסיע־מיטל מיט שלאָגן אפילו פּרויען.

„עס איז אויך אַנטדעקט געוואָרן, אַז עס זענען דאָ ערנסטע סימנים, אַז געוויסע אַרעסטירטע זענען באַפרייט געוואָרן דורך שוחד.

דעריבער לייגט פאָר די סיים־קאָמיסיע אָנצונעמען דעם פאָלגנדיקן באַשלוס וועגן די געשעענישן אין פּינסק:

„דער סיים פאָדערט פון דער רעגירונג איבערצוגעבן די מיליטערישע געריכט־אינסטאַנצן די פראַגע וועגן דער הריגה פון 34 ייִדן אין פּינסק דעם 5טן אַפּריל 1919 און אויך וועגן דעם מיסברויך וואָס איז פאַרבונדן דערמיט. דער סיים פאָדערט פון דער רעגירונג, זי זאָל אומקערן די קאָנטריבוציע פון די הונדערט טויזנט רובל, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן דורכן גענעראַל ליסטאָווסקי. דער סיים פאָדערט פון דער רעגירונג, עס זאָל באַצאָלט ווערן אַנטשעדיקונג די פאַמיליעס פון די געהרגעטע״.

אין חודש אַפּריל זענען פאָרגעקומען אויסעראָרדנטלעכע געשעענישן אויך אין דייטשלאַנד: אין בייערן איז אַנטשטאַנען די רעגירונג פון די אַרבעטער־ראַטן. פון נאָוועמבער 1918 האָט דאָרט עקזיסטירט אַ רעגירונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס בראש פון איר איז געשטאַנען דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסט קורט אייזנער. אין פעברואַר 1919 איז ער דערהרגעט געוואָרן דורך דעם מאָנאַרכיסט ארקאָ, דאַן האָט אייזנערן פאַרביטן דער רעכטער סאָציאַליסט האָפמאַן. אָבער דעם 7טן אַפּריל איז פאָרגעקומען אין בייערן אַן אינערלעכע רעוואָלוציע, און מינכען איז אַריבער אין די הענט פון די אַרבעטער. אָבער האָפמאַן, וואָס זיין רעגירונג איז געווען אויסער מינכען, דער הויפּטשטאָט, האָט אָנגעגריפן די נייע רעגירונג און אין די גאַסן־שלאַכטן האָבן די אַרבעטער דעם 14טן אַפּריל באַזיגט האָפמאַנען און ס׳איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ ראַטן־רעגירונג. די דאָזיקע ראַטן־רעגירונג האָט עקזיסטירט אין בייערן נאָר צוויי

וואָכן, ווייל דעם ערשטן מאי האָט די צענטראַלע רעגירונג פון שיידעמאַן־נאָסקע מיט דער הילף פון מאָנאַרכיסטישע גענעראַלן איינגענומען מינכען און דערקלערט אַ באַלאַגערונגס־צושטאַנד. דאַן זענען געהרגעט געוואָרן הונדערטער קאָמוניסטן מיטן פירער פון דער פּאַרטיי אויגען לעווינע. דערביי איז אויך געהרגעט געוואָרן דער צווייטער טעאָרעטיקער פון לינקן סאָציאַליזם אין בייערן גוסטאַוו לאַנדויער, וועלכן איך האָב אויבן דערמאָנט.

אויך אין זאַקסן איז אין אַפּריל אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד פון די אַרבעטער. נאָך דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד איז דאָרט די מאַכט אַריבער צו די אַרבעטער־ראַטן, אָבער זי האָט זיך ניט לאַנג געהאַלטן און האָט געמוזט אָפּטרעטן דאָס אָרט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער לעגאַלער רעגירונג. אין אַפּריל איז פאָרגעקומען אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד פון די אַרבעטער, אָבער דער אויפשטאַנד איז מיט גרויס אכזריות דערשטיקט געוואָרן דורכן גענעראַל מאַרקער.

אין אונגאַרן איז בערך אין דער זעלבער צייט פּראָקלאַמירט געוואָרן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. נאָך דער דייטשער רעוואָלוציע איז אונגאַרן פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי אַ זעלבשטענדיקע און אומאָפּהענגיקע רעפּובליק. אָבער די רעגירונג פון פירשט קאַראָלי האָט ניט געקענט אויספירן אַלע פאָדערונגען פון דער אַנטאַנט, וואָס האָט געפאָדערט איבערצוגעבן גרויסע חלקים פון אונגאַרן אַנדערע מדינות. דער פירשט קאַראָלי האָט אויסגעקליבן אַן אַנדער וועג. ער האָט פאַנאַנדערגעלאָזן זיין רעגירונג און אַליין איבערגעגעבן די מאַכט אין די הענט פון די אַרבעטער דעם 22־טן מערץ. די קאָמוניסטישע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען האָבן זיך פאַראייניקט און עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. אָבער די דאָזיקע מאַכט האָט זיך ניט לאַנג געהאַלטן, ווייל די אַנטאַנט האָט אָרגאַניזירט אַן אַלגעמיינעם אָנגריף אויף אונגאַרן פון אַלע זייטן. אמת, עס האָט זיך שוין אָרגאַניזירט די רויטע אַרמיי אין אונגאַרן, אָבער זי איז געווען צו שוואַך און איז באַזיגט געוואָרן, און דעם ערשטן אויגוסט האָט די ראַטן־מאַכט אויפגעהערט צו עקזיסטירן אין אונגאַרן. זי האָט זיך געהאַלטן פיר חדשים.

אין צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן האָב איך אין יאָר 1921 אָנגעשריבן אַ ספּעציעלן אַרטיקל וועגן דער „געאָגראַפיע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע". אויב בנוגע דעם ראַטנפאַרבאַנד איז ניט ריכטיק טראָצקיס מיינונג, אַז מען קען ניט בויען דעם סאָציאַליזם אין איין לאַנד, ווייל דער ראַטנפאַרבאַנד איז אַזאַ גרויס און ברייט לאַנד, אַז דאָרט איז עס יאָ מעגלעך, איז אָבער בנוגע די קליינע לענדער טאַקע אוממעגלעך, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל נעמען די מאַכט אין זיינע הענט, ווייל אַ קליין לאַנד, וואָס איז אַרומגערינגלט פון אַלע

זייטן מיט קאַפּיטאַליסטישע שונאים, וועט לאַנג זיך ניט קענען האַלטן, אַזוי ווי דאָס האָט טאַקע פּאַסירט אין בייערן און אונגאַרן. דעריבער בין איך געקומען צום אויספיר, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע קען זיך אויסשפּרייטן נאָנט צום ראַטנפאַרבאַנד, און קודם כל אין די שכנותדיקע לענדער, און פון דאָרט קען זי זיך אויסשפּרייטן אויך ווייטער. כ'האָב דעם איינדרוק, אַז די ווירקלעכקייט פון די לעצטע יאָרן האָט באַשטעטיקט מיין דעמאָלטיקע מיינונג.

דערווייל איז אויך געפאַלן די „סאָציאַליסטישע" רעגירונג אין פוילן און אויף איר אָרט איז געקומען אַן אַנדער רעגירונג בראש מיטן פּיאַניסט פּאַדערעווסקי. ער איז זיכער געווען אַן אויסערגעוויינלעכער פּיאַניסט, אָבער פּיאַנאָ איז ניט קיין סגולה צו זיין אַ גוטער פּרעמיער. די פּאָליטישע באַדינגונגען אין פוילן זענען געוואָרן פון טאָג צו טאָג שווערער, און דאָס אַלץ האָט געווירקט אויף מיר, איך זאָל זיך ווענדן צום צענטראַל־קאָמיטעט און בעטן דערלויבן מיר אומקערן זיך קיין רוסלאַנד. די ידיעות פון דאָרט האָבן אונדז זייער באַאומרואיקט, ווייל עס זענען צו אונדז דערגאַנגען קלאַנגען וועגן דער שפּאַלטונג פון דער פּאַרטיי אויף איר קאָנפערענץ אין מינסק אין חודש יאַנואַר. מען האָט דערציילט, אַז קענדזשערסקי האָט געחלשט אויף דער קאָנפערענץ. מיר האָבן געהערט, אַז אין רוסלאַנד עקזיסטירן שוין צוויי פּאַרטייען: י. ס. ד. פועלי־ציון און י. ק. פּ. פועלי־ציון.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט באַהאַנדלט דעם ענין. ער האָט באַשלאָסן, אַז ער שיקט מיך ניט צוריק קיין רוסלאַנד, אָבער אויב איך וויל, האָב איך דאָס רעכט אומצוקערן זיך אַהין ניט געקוקט וואָס ער איז קעגן דעם.

לויטן מנהג אין פוילן, וועגן וועלכן מיר אין רוסלאַנד האָבן גאָרניט געוווּסט, האָבן די חברים „פּראָפּעסיאָנאַלן" באַקומען צוויי וואָכן אורלויב. איך בין דאַן אַרויס אין אורלויב אויף צוויי וואָכן און געזעסן אויף אַ זומערוווינונג לעבן וואַרשע מיט דער משפּחה. אָבער אויפן דריטן טאָג פון מיין אורלויב בין איך גערופן געוואָרן דורכן צענטראַל־קאָמיטעט צו אַ דרינגענדיקע זיצונג. עס איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון פאַרבאַנדס־ביוראָ אין שטאָקהאָלם, אַז די פּוילישע פּאַרטיי ווערט איינגעלאַדן צו אַ באַראַטונג פון דער וועלט־באַוועגונג, וואָס דאַרף פאָרקומען אין שטאָקהאָלם אין מיטן זומער. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט און מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו באַטייליקן אין דער דאָזיקער באַראַטונג. לויט די ידיעות האָבן זיך געדאַרפט באַטייליקן אין דער באַראַטונג די חברים פון ארץ־ישראל, פאַראייניקטע שטאַטן און עסטרייך.

מיט דער פּאַרטיי אין עסטרייך האָבן מיר געהאַט פאַרבינדונגען. בראש פון דער פּאַרטיי זענען געשטאַנען אַלעקסאַנדער סערפּאָוו, מיכאל קאַן, מלכה

שאָר, און מיר האָבן געוווּסט, אַז די פּאַרטיי איז כמעט קאָמוניסטיש. פון צייט צו צייט זענען געקומען צו אונדז שליחים פון דער פּאַרטיי. איין מאָל האָבן מיר אויך געשיקט אונדזערן אַ חבר — שניאורסאָן — צו בעטן ביי זיי מאַטעריעלע הילף. שניאורסאָן, אַ פעטלעכער הויכער בחור, איז געווען ביי אונדז דער ספּעציאַליסט אויף די פאַרבינדונגען מיט די פּוילישע רעגירונגס־אָרגאַנען. ווייל ער האָט גערעדט גוט פּויליש און געווען אַ ביסל אַ „הויכשטאַפּלער״, מיט וואָס ער פלעגט מאַכן אַ רושם אויף דער פּוילישער אַדמיניסטראַציע. אַ ביסל שכל האָט אים, וואָס אַן אמת, געפעלט. ער האָט אַלע מאָל געררויכערט שוואַרצע גראָבע ציגאַרן, און דעריבער פלעגן מיר אים רופן „דער טשיגאַר״ (כ׳האָב דעם איינדרוק, אַז דאָס האָט יצחק לעוו אים דעם נאָמען געגעבן).

אַ פּאָר טעג נאָכדעם, ווי מיר האָבן אים געשיקט אויף אַן אומלעגאַלן וועג קיין ווין, האָבן מיר באַקומען די ידיעה, אַז ער איז געהרגעט געוואָרן אויף דער גרענעץ. די ידיעה האָט אונדז פאַרשאַפט גרויס עגמת נפש און מיר האָבן געבעטן זרובבלען, אַז ער זאָל אָנשרייבן דעם נעקראָלאָג פאַר דער צייטונג. אָבער גלייך אויף מאָרגן איז דערשינען שניאורסאָן בכבודו ובעצמו. זרובבל האָט, ניט געקוקט דערויף, דעם נעקראָלאָג דאָך אָנגעשריבן, כדי צו ווייזן שניאורסאָנען, ווי מיר האָבן אים געשעצט. מען האָט אַפילו אָפּגעדרוקט דעם נעקראָלאָג און אים געוויזן שניאורסאָנען. ער האָט אים געלייענט מיט גרויס הנאה, אָבער נאָכן איבערלייענען האָט ער באַמערקט, אַז אין דעם נעקראָלאָג איז דאָ נאָר אפשר צען פּראָצענט פון דעם, וואָס ער האָט אויפגעטאָן.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו שיקן קיין שטאָקהאָלם אַ דעלעגאַציע פון דריי חברים. יאַרבלום איז שוין דאַן געווען אין פּאַריז, און מיר האָבן באַשלאָסן אריינצונעמען אים אין דער דעלעגאַציע, און אויסער אים שיקן מוליע עדעלמאַנען און מיך. מן הסתם האָבן די חברים פון צענטראַל־קאָמיטעט געטראַכט, אַז דורך דעם וועל איך זיך אָפּזאָגן פונעם געדאַנק זיך אומצוקערן קיין רוסלאַנד. די מעגלעכקייט אָנטייל צו נעמען אין דער באַראַטונג פון דער וועלט־באַוועגונג האָט מיך, פאַרשטייט זיך, זייער שטאַרק געלאָקט, און עס איז אויך פאַר מיר געוואָרן קלאָר, אַז איך וועל דאַרפן מותר זיין אויף מיין צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד. אגב, פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט זענען געבליבן עד היום נאָר מירביידע: זרובבל און איך.

## די שטאָקהאָלמער באַראַטונג

אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען מיר ביידע, מוליע און איך, אַרויס אין וועג. נאַטירלעך האָבן מיר ניט געהאַט און ניט געקענט האָבן קיין פּעסער און

אונדז איז אויסגעקומען צו שוואַרצן די גרענעצן. דער צ. ק. האָט מיטגעשיקט מיט אונדז אַ חבר, וואָס איז געווען געניט אין די טעכנישע ענינים, כדי ער זאָל אונדז איבערפירן איבער דער גרענעץ קיין דייטשלאַנד. דער חבר איז געווען אַ לאָדזשער. זענען מיר קודם כל געפאָרן קיין לאָדזש און פון דאָרט שוין זאַלבעדריט — קיין שעראַדז, ווו איך האָב נאָך געהאַלטן אַ רעפעראַט. פון שעראַדזש זענען מיר געפאָרן קיין וויעלון. דאָרט האָבן מיר זיך געזען מיט די חברים, צווישן זיי מיט דער חברטע שרה (שורטשע), איצט די אלמנה פון מלך נוי. פון וויעלון זענען מיר שוין געפאָרן צו דעם גרענעץ־שטעטל פראַזשקי. אויפן וועג האָבן דעם אויטאָבוס, אין וועלכן מיר זענען געפאָרן, נאָכגעיאָגט זעלנער און אים באַשאָסן. האָבן מיר געטראַכט, אַז מיר זענען שוין דערליידיקטע. אין דער אמתן האָבן די זעלנער געזוכט עמעצן אַנדערש, אָבער ניט אונדז, און דער ענין איז אַדורך בשלום. אין פראַזשקי האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך דער סטאַראָסטאַ. אים איז געווען קשה, וואָס אַ ראַטמאַן פון וואַרשעווער שטאָטראַט (אַזאַ צייגעניש האָב איך געהאַט מיט זיך) קומט אין דעם קליינעם שטעטל. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז מיין אויפגאַבע אין שטאָטראַט באַשטייט אין באַקענען זיך מיטן לעבן פון די קליינע שטעטלעך. אַזוי אַרום בין איך אויך פון אים אַרויס בשלום.

אָבער שפּעטער, אין „האָטעל״, האָב איך באַקומען אַ שטאַרקן אָנפאַל פון מיגרענע, וואָס איך פלעג באַקומען כמעט יעדן חודש. מוליע איז געזעסן לעבן מיר אַ הילפלאָזער און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. כ'האָב אים געבעטן ער זאָל גיין שלאָפן, ווייל איך האָב אַפילו ניט געקענט רעדן, אָבער איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז מאָרגן פרי, זעקס אַ זייגער, וועל איך זיין געזונט.

אויף מאָרגן פרי זענען מיר זאַלבעדריט צוגעקומען צו דער גרענעץ. פון איין זייט זענען געשטאַנען פּוילישע זעלנער, און פון דער צווייטער זייט די דייטשע זעלנער. דער חבר, וואָס האָט אונדז באַגלייט, האָט שוין געהאַט איינגעאָרדנט דעם ענין, און ווען מיר זענען צוגעגאַנגען צום ערשטן פּוילישן זעלנער און ער האָט געבעטן דעם פּאַס, האָבן מיר אים געגעבן פינף מאַרק, דאָס זעלבע מיטן צווייטן און דריטן, און דאָס זעלבע אויך מיט די דייטשן, וואָס האָבן אונדז געבעטן ווייזן אונדזער „אויסווייז״. מיר זענען אַריינגעקומען אין דעם דייטשן שטעטל זאַוויסנאַ, אין שלעזיע. מיר זענען אַריין אין אַ קליינעם רעסטאָראַן גליקלעכע, וואָס מיר זענען שוין אַריבער די גרענעץ. אָבער ווי מיר זיצן אַזוי און טרינקען ביר, קומט אַריין אַ דייטשער פעלדפעבל און בעט אויך דעם „אויסווייז״. דאָס איז שוין געווען אַחוץ דעם פּראָגראַם, און מיר האָבן קיין ברירה ניט געהאַט און געוויזן אים אונדזערע כלומרשטע פּאַפּירן. דאַן זאָגט ער צו אונדז: „מיט אַזעלכע פּאַפּירן ווילט איר אַריבערגיין די

גרענעץ? מיט דעם זעלביקן וועג, מיט וועלכן איר זייט געקומען אַהער וועט איר צוריקגיין". ער האָט ביי אונדז צוגענומען די צייגענישן, און מיר זענען געבליבן אין גאַנצן אָן פּאַפּירן. מיר זענען געווען פאַרצווייפלט, אָבער אונדזער „טעכניקער" האָט אונדז באַרואיקט, זאָגנדיק, אַז ער קען דאָ אין זאַוויסנאַ אייגעם אַ „מאַכער", אַ ייד, וואָס וועט דעם ענין קענען דערליידיקן. ער איז אַוועק און אין אַ האַלבע שעה שפּעטער איז ער צוריקגעקומען מיט אַ יידן, וואָס האָט שוין געהאַלטן אין האַנט אונדזערע פּאַפּירן און האָט אונדז געזאָגט, אַז פינף אַ זייגער וועלן מיר פאָרן קיין בערלין. ווייל פינף אַ זייגער קומט אַ צוג פון בערלין מיט אַ פּאָליציי־אַגענט, וואָס פירט די געכאַפּטע יידן אָן פּעסער ביז דער גרענעץ, זיי צוריקצושיקן קיין פּוילן. דער דאָזיקער אַגענט וועט נעמען אונדזערע פּאַפּירן און ער וועט אונדז אַריבערפירן פון דער גרענעץ אין דייטשלאַנד אַריין. דער ייד האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָל מיט דעם אַגענט ניט רעדן, ווייל מיר זענען כלומרשט זיינע אַרעסטאַנטן, פאַר וועלכע ער איז פאַראַנט־וואָרטלעך. גענומען האָט ער פון אונדז אַ „יידל" פון יעדן, ד. ה. צען מאַרק.

געשען איז פּונקט אַזוי, ווי דער „מאַכער" האָט פאָרויסגעזאָגט. פינף אַ זייגער זענען מיר געווען אויף דער באַן־סטאַציע, ס'איז אָנגעקומען דער צוג פון בערלין, עס איז אַראָפּ פון אים אַן אַגענט, וואָס האָט שוין געהאַט אונדזערע פּאַפּירן אין זיינע הענט. ער איז צוגעקומען צו אונדז און געזאָגט, אַז ער אַרעסטירט אונדז. מיר האָבן ניט געמאַכט קיינע טענות און מענות, און ער האָט אונדז אַריינגעפירט אין וואַגאָן. מיר זענען געפאָרן אַ פּאָר שעה. דער אַגענט איז געפאָרן אין אַן אַנדער וואַגאָן. אין אַ צייט אַרום איז אַריין צו אונדז דער אַגענט און איבערגעגעבן אונדז אונדזערע פּאַפּירן. ער האָט אונדז געזאָגט, אַז איצט איז אַלץ אין אָרדענונג, ווייל די קאָנטראָל איז שוין אַדורך, און ער האָט געזאָגט, אַז דאָ זיצן זיינע „אַרעסטאַנטן", און איצט וועלן מיר רואיק אָנקומען קיין בערלין. ער האָט העפלעך זיך מיט אונדז געזעגנט און איז נעלם געוואָרן. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער איז אויך געווען אַ ייד.

פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין בערלין און געגאַנגען לויטן פאַרטייאישן אַדרעס — צום חבר קאָרנפעלד אויף דער עלזאַסער שטראַסע. די שמחה איז געווען גרויס. אין אָוונט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט נאָך חברים. צווישן זיי אַ ביאַליסטאָקער חבר, פעדער, אַ צייןן־דאָקטאָר, וואָס פאַר דער צייט פון דער מלחמה איז ער געבליבן אין בערלין, האָט געלעבט ביי אַ פאַמיליע פון אַ פּרייסישן אָפיציר. דער אָפיציר איז געהרגעט געוואָרן אין דער מלחמה און פעדער האָט חתונה געהאַט מיט זיין פרוי, אַ קריסטין, זייער אַ סימפּאַטישע פרוי. זי האָט אַזוי ליב געהאַט איר יידישן מאַן, אַז זי האָט

זיך אינטערעסירט, מיט וואָס דער מאַן האָט זיך אינטערעסירט, און פלעגט צוזאַמען מיט אים קומען צו די פאַרזאַמלונגען פון פועלי־ציון, צום סוף איז זי געוואָרן אַן אָפיציעלע חברטע אין דער בערלינער אָרגאַניזאַציע און פלעגט שטימען אויף די פאַרזאַמלונגען. מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט דער משפחה טורנער — אברהם און מאַניע טורנער, חיים און אידע טורנער. אברהם טורנער איז היינט אַ צייַן־דאָקטאָר אין חיפה און האָט זיך אין גאַנצן דערוויטערט פון דער באַוועגונג, גלייך מיטן אָנקומען אין לאַנד אין יאָר 1933. זיין געוועזענע פרוי, מאַניע טורנער לעבט אין תל־אביב און איז אַ חברטע ביזן היינטיקן טאָג. חיים טורנער איז געווען איינער פון אונדזערע בעסטע און אינטעלעקטועלסטע חברים, ער האָט אָנגעפירט לאַנגע יאָרן מיט דער „יוגנט״ אין בערלין, איז געקומען אין לאַנד אין די יאָר 1933־34, געאַרבעט לאַנגע יאָרן אין דער דרוקעריי „ניי־וועלט״ אַלס זעצער, אָנטייל גענומען אין אונדזער פרעסע, געשריבן אונטערן פסעוודאָנים „יאחימעק״. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1953 נאָך אַ לאַנגער און שווערער קרענק. זיין פרוי, די חברטע אידע האָט אים איבערגעלעבט באַר מיט אַ פּאָר יאָר און איז געשטאָרבן אין רמת־גן פון אַ ראַק. דאָרט, אין בערלין, האָבן מיר זיך אויך געטראָפן מיט לייזער און אסתר שולמאַן — אַלטע חברים פון פוילן. די חברים האָבן דערציילט, אַז לעצטנס זענען צוגעשטאַנען צו דער פאַרטיי אַ פּאָר חברים פון דייטשער אָפּשטאַמונג, און צווישן זיי איינער אַ פירער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן — די אומאָפּהענגיקע — שאָטלאַנד אין ברעסלוי. זיין סוף האָב איך שוין דערציילט פריער.

צו יענער צייט איז אין בערלין ממש ניט געווען וואָס צו עסן. עס זענען געווען בלויז „ערזאַצן״, און נאָך פוילן, ווו עסן איז געווען בשפע, איז אונדז געווען זייער שווער זיך צוגעוווינען ניט צו עסן.

די חברים האָבן אונדז איינגעאָרדנט אַ באַגעגעניש מיט אַ פּאָר סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער רעגירונג נאָך דער נאָוועמבער־רעוואָלוציע. איך האָב פּאַר זיי באַריכטעט וועגן דעם אַרבעטער־ראַט אין פוילן. מען האָט מיר געבעטן געבן דעם באַריכט שריפטלעך, איך האָב עס געטאָן און עס טוט מיר לייד, וואָס עס איז ביי מיר ניט איבערגעבליבן קיין קאָפּיע, ווייל דאַן וואָלט איך געקענט דאָ איבערגעבן אַ סך מער וועגן דעם אַרבעטער־ראַט.

די חברים האָבן אונדז פאַרשאַפט צייטווייליקע דייטשע פעסער (פּערסאָנאַל־אויסווייזן) — דערביי האָט יעדער פון אונדז באַצאָלט צו 50 מאַרק שטראָף פאַר אַריבערגיין די גרענעץ אָן אַ דערלויבעניש. אונדזער באַגלייטער האָט זיך אומגעקערט קיין פוילן און מיר האָבן גענומען זיך סטאַרען צו

באַקומען שוועדישע וויזעס אויף אונדזערע „פּערסאָנאַל־אויסווייזן”. די חברים פון פאַרבאַנדס־ביוראָ האָבן באַזאָרגט פאַר אונדז די שוועדישע וויזעס, אָבער מיר האָבן געמוזט וואַרטן אויף זיי דריי וואָכן. די צייט האָבן מיר פאַרבראַכט אין שפּאַצירן און אין פאַרזאַמלונגען.

מיר זענען אַ מאָל געפאָרן אַ זונטיק קיין פּאָטסדאַם צוזאַמען מיט חברים. צווישן זיי זענען געווען די חברטע טרוקעוויטש און חבר קאָרנפעלד, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסשטאָטישן, און מיר זענען אין זייַנע אויגן געווען פּראָווינצער. בכלל האָבן די חברים שטאַרק געהאַלטן פון אונדז, אַלס פירער פון דער באַוועגונג, אָבער, פון דער אַנדערער זייט, געהאַלטן אונדז פאַר גרויסע בטלנים אין טאָג־טעגלעכן לעבן. ווען מיר האָבן אַזוי שפּאַצירט איבער די אַלייען פון פּאָטסדאַמער גאָרטן האָבן מיר געזען ביימער, וועלכע זענען געוואָקסן פּירקאַנטיק, און די בלומען איינגעאָרדנט אין אותיות און ווערטער. דער ח׳ קאָרנפעלד איז געווען זיכער, אַז מיר, די פּראָווינצער, מיינען, אַז די ביימער און בלומען וואַקסן אַזוי אויף אַ נאַטירלעכן אופן, און האָט געפונען פאַר נייטיק אַרויסצופירן אונדז פון טעות, אַז דאָס וואַקסט ניט אַזוי נאַטירלעך, נאָר דאָס איז די אַרבעט פון גערטנער, וואָס אָרדענען איין אַזוי די בלומען און גיבן צו די ביימער די פּירקאַנטיקע פאָרם. דערפאַר, ווען מיר זענען צוגעקומען צום פּאָטסדאַמער פּאַלאַץ, האָב איך קאָרנפעלדן געזאָגט: „דו ווייסט, דער דאָזיקער פּאַלאַץ איז ניט אויסגעוואַקסן אַליין אויף אַ נאַטירלעכן אופן, נאָר די מענטשן האָבן אים עס אַזוי געבויט”. קאָרנפעלד האָט פאַרשטאַנען און האָט זיך פאַררויטלט. מער האָט ער מיך ניט געלערנט.

דעם אמת זאָגנדיק, אויב די דאָזיקע מיינונג פון די „גרויסשטעטישע” חברים וועגן אונדז בכלל איז געווען לעכערלעך, האָב איך דעם איינדרוק, אַז מוליע איז טאַקע יאָ געווען אַ ביסל פּראָווינציעל און ווייט פון די קלייניקייטן אין טאָג־טעגלעכן לעבן, הגם ער האָט זיין גאַנץ לעבן געוווינט אין לאָדזש. כ׳האָב פאָרגעשלאָגן מוליען, אַז מיר זאָלן אַ ביסל פאָרן צום ברעג ים, וועלכן מיר האָבן ביידע קיינמאָל אין לעבן ניט געזען, קיין וואַרנע־מינדע, ווייל צייט האָבן מיר אַ סך. מוליע איז געווען זייער „קאָנסערוואַטיוו” און פאַר אים איז עס געווען אַ גאַנצע אונטערנעמונג. ער האָט דעריבער ניט געוואָלט פאָרן. איך האָב אים געזאָגט, אַז אויב ער וויל ניט פאָרן, וועל איך פאָרן אַליין. געוווינט האָבן מיר אין אַ האָטעל אין איין צימער. מוליע איז געוואָרן ברוגז אויף מיר, אָבער גאָרניט געזאָגט. און דעריבער האָב איך אים געזאָגט, בכדי אים צו באַרויִקן, אַז אויב עס וועט זיין אַ שלעכטער וועטער, וועל איך ניט פאָרן. אָבער אויף מאָרגן, אויף צו להכעיס, איז טאַקע

געווען אַ שיינער וועטער. האָב איך אָנגעהויבן זיך אָנטאָן. מוליע קוקט אויף מיר און זאָגט: „הייסט עס, לאָזט איר מיך איבער אַליין?" האָב איך אים פאַרגעלייגט צו פאָרן מיט מיר. האָט ער געטענהט, אַז ער האָט ניט זיין מאַנטל. בין איך אַוועק צו קאָרנפעלדן און געבראַכט אים זיין מאַנטל, מער קיין תירוצים זענען ניט געווען, און מיר זענען אַוועקגעפאָרן מיט דער באַן קיין וואַרנע־מינדע. אין באַן האָב איך געלייענט די צייטונג פון וואַרנע־מינדע און האָב געזען, אַז דריי אַ זייגער גייט אַרויס אין וואַרנע־מינדע אַ שפּאַציר צום ברעג ים קיין סאַן־מיריץ. האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין סאַן־מיריץ. מיר האָבן אָפּגעגעסן אין וואַרנע־מינדע און זענען אַרויף אויף דער שיף, וואָס איז געגאַנגען קיין סאַן־מיריץ. אָבער ווי נאָר מיר זענען אַרויף אויף דער שיף, האָבן מיר ביידע באַקומען די ים־קראַנקייט, און מיר זענען געווען געצווונגען צו ליגן, און ניט רירן זיך פון אָרט. קיין פאַרגעניגן פון דער נסיעה האָבן מיר שוין ניט געהאַט, מען האָט נאָר געטראַכט, ווי „קריכט מען אַראָפּ פון דאַנען". צו סאַן־מיריץ האָט מען געדאַרפט פאָרן אַ שעה, אָבער אַהין זענען מיר שוין ניט דערפאָרן, נאָר אַראָפּ נאָך פערציק מינוט, עפּעס אין אַן אָרט אויפן ברעג טייך. דאָרט זענען מיר געלעגן אין וואַלד און נאָר געטראַכט דערפון, אַז מען דאַרף אין אַ שעה אַרום פאָרן צוריק. קומענדיק קיין וואַרנע־מינדע איז מוליע געווען קראַנק, ניט געגעסן און ניט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט.

דער מוסר השכל פון דער דאָזיקער נסיעה איז געווען, אַז מיר האָבן שטאַרק מורא געהאַט פאַר דער נסיעה קיין שטאָקהאָלם, ווייל מען דאַרף דאָך זיין פיר שעה אויפן ים און ניט פערציק מינוט אויפן טייך.

מיר זענען געווען סך הכל דריי וואָכן אין דייטשלאַנד, און קיין סך האָבן מיר ניט געקענט זען. עס האָט זיך געפילט, אַז דער עקאָנאָמישער מצב איז אַן אויסעראָרדנטלעך שווערער, אָבער וואָס מיר איז געווען אויפפאַלנדיק, איז, אַז פאַר די 14 יאָר, וואָס איך האָב ניט געזען דייטשלאַנד (זינט דעם יאָר 1905) איז דאָ נאָך דער מלחמה און, וואַרשיינלעך, אַלס רעזולטאַט פון דער מלחמה, פאַרגעקומען אַ גרויסע דעמאָראַליזאַציע. אויב מיט פערצן יאָר צוריק האָבן די פרויען אין דייטשלאַנד געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיי זענען נאָר שטוב־זיצערקעס, איז איצט דער איינדרוק געווען אַ פאַרקערטער. פריער האָבן זיי געמאַכט דעם רושם פון זייער גרויסע צנועות, און איצט האָט מען געקענט מערקן די אויסגעלאַסנקייט אפילו אין גאַס. זיי האָבן זיך אויך גאַנץ אַנדערש אָנגעטאָן. והשנית, און דאָס איז דער עיקר, פריער האָט מען אין דייטשלאַנד ניט געקענט טראַכטן אַפילו פאַרצושלאָגן אַ באַאַמטן כּאַבאַר, איצט האָט מען געקענט דורכפירן אַלץ, פון דעם קלענסטן באַאַמטן ביז די גאָר גרויסע, פאַר

געלט. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז נאָך דער שווערער מלחמה האָבן די דייטשן זיך צוגעכאַפּט לעבן פאַר יעדן פּרייז...

צו דער נסיעה קיין שטאָקהאָלם זענען מיר געקומען מיט דער באַן ביז דער פּאָרט־שטאָט סאַסניץ, ווו מען האָט די גאַנצע באַן אַרויפגעפירט אויף אַ שיף איבערן קאַנאַל, און דאַן זענען מיר אַרויף שוין אויף דער ים־שיף. אויפן טיש אין דער דאָזיקער שוועדישער שיף האָבן מיר געזען מכל טוב: מילך, אייער, וווּרשט, וואָס מען האָט ניט געזען אין דייטשלאַנד. מיר האָבן מורא געהאַט צו עסן און תיכף זיך אַנידערגעלייגט אויף די סאָפעס. אַז עס זענען שוין אַריבער אַזוי אַ דריי שעה און מיט אונדז האָט גאָרניט ניט פּאַסירט, האָב איך געזאָגט מוליען אַז איצט, ווען מיר דערנענטערן זיך שוין צו שוועדן, קען מען שוין ריזיקירן און פּרובירן עסן. מיר האָבן זיך טאַקע גוט אָנגעגעסן און זיך געוווּנדערט, אַז מיר זענען בשלום געקומען צום שוועדישן ברעג. נאָך אַ גאַנצער נאַכט־נסיעה מיט דער באַן זענען מיר אויף מאָרגן פרי אָנגעקומען קיין שטאָקהאָלם. אין דייטשלאַנד האָב איך זיך אויסגעלערנט נאָר איין וואָרט שוועדיש: „איך פאַרשטיי ניט״, בכדי צו קענען ענטפערן, אויב עמעצער וועט זיך ווענדן צו מיר.

אויף דער באַן־סטאַציע האָבן געוואַרט אויף אונדז די חברים כאַזאַנאָוויטש און לאָקער. זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז די עסטרייכער חברים זענען שוין געווען דאָ און האָבן זיך ניט געקענט דערוואַרטן אויף אונדז, אָבער היות ווי עס זענען דאָ איצט אין שטאָקהאָלם די חברים פון אַמעריקע, וועלן מיר קענען אָנהויבן די באַראַטונגען גלייך אויף מאָרגן.

דאָ האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך נענטער צו באַקענען מיט די אָנפירנדיקע חברים פון פאַרבאַנדס־ביוראָ. וועגן כאַזאַנאָוויטשן האָב איך שוין דערציילט אין ערשטן באַנד, און דאָ מוז איך נאָך אַ מאָל פעסטשטעלן, אַז איך בין געווען פאַרוווּנדערט, ווי דער מענטש איז אויסגעוואַקסן. איך האָב אים געקענט נאָך אין פּוילן פון יאָר 1906 און ער האָט דאַן געמאַכט אויף מיר אַ רושם פון אַ גרויסן בטלן. אָבער שוין אין פּעטראָגראַד, אין יאָר 1917, און ספּעציעל דאָ, אין שטאָקהאָלם, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דער מענטש איז געוואָרן אַ וויכטיקער פּאָליטישער כוח. ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע ענערגיע און איז געווען אַ גרויסער עקשן אין זיינע מיינונגען. דעריבער איז אים געווען שווערלעך צו לעבן בשלום מיט די חברים, ווייל ער האָט אין גאַנצן ניט פאַרשטאַנען אָדער ניט געוואָלט פאַרשטיין, אַז אַ מאָל מוז מען זוכן אַן אויסוועג דורך אַ פּשרה. ניט בייגזאַם איז געווען דער מענטש.

קאַפּלאַנסקין האָב איך געזען נאָר איין מאָל אויפן קאָנגרעס אין יאָר 1903, אַלס יונגן בחור, און דאָ האָב איך אים דערקענט אַלס אַ גרויסן

אייראָפּעאישן פּאָליטיקער. דער אונטערשיד צווישן זייביידע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס כאַזאַנאָוויטש האָט תופס געווען זאַכן אַ סך שנעלער ווי קאַפּלאַנסקי. קאַפּלאַנסקי האָט געטראַכט לאַנגזאַמער פון כאַזאַנאָוויטשן, אָבער כאַזאַנאָוויטש איז געווען אַ סך אייליקער אין זיינע מסקנות. קאַפּלאַנסקי האָט אַלע מאָל געהערט זיינע קעגנער מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, פלעגט ביסלעכווייז פאַרדייען די געדאַנקען, אָבער זיינע מסקנות זענען כמעט אַלע מאָל געווען אַ רעזולטאַט פון גרינטלעכן אַנאַליז. ער איז געווען, דעם אמת זאָגנדיק, ניט וויניקער עקשן פאַר כאַזאַנאָוויטשן, אָבער זיין עקשנות איז ניט געווען אַזוי קאַנטיק, ווי ביי כאַזאַנאָוויטשן. אַ מאָל פלעגט זיך דאַכטן, אַז קאַפּלאַנסקי איז מסכים מיט דיר, אָבער דאָס האָט זיך נאָר געדאַכט. ער פלעגט זיך האַלטן ביי זיינס, אָבער רואיק און מיט גרויס טאַקט. ווען ער פלעגט אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען, האָט עס אַלע מאָל געמאַכט דעם רושם, אַז ער טראַכט ריידנדיק. ער האָט גערעדט לאַנגזאַם, געטראַכט אויף יעדער פראַזע, ער פלעגט אויך אַ מאָל דערציילן אַ וויץ, אָבער אויך דאָס פּאַמעלעך; בדרך כלל איז ער דווקא געווען אַ פּשרות־מענטש, פלעגט אַלע מאָל זיך באַמיען שלום מאַכן צווישן די פּאָליטישע קעגנער אין אונדזערע ויכוחים, ער האָט אַלע מאָל זיך באַמיט צו געפינען דאָס שותּפותדיקע צווישן די פאַרשידענע מיינונגען.

בערל לאָקערן האָב איך דאָ געזען צום ערשטן מאָל. ער איז דאַן געווען אַ גוטער און אַ שאַרפער פּאָלעמיסט. ער האָט ליב געהאַט וויצן. דאָ, אין שטאָקהאָלם, האָט ער קאָנקורירט מיט נחמן סירקינען, אָבער ניט אַלע מאָל איז ער געווען דער זיגער. איך האָב דאָרט, אין שטאָקהאָלם, געהאַט דעם רושם, אַז צווישן אים און כאַזאַנאָוויטשן איז דאָ אַן אייביקע מחלוקת און קאַפּלאַנסקי האָט זיך תמיד באַמיט שלום צו מאַכן צווישן זיי.

אויב אין דייטשלאַנד איז ניט געווען וואָס צו עסן, האָט מען אין שטאָקהאָלם געגעסן אָן אַ גרענעץ. פיר מאָל אין טאָג האָט מען דערלאַנגט כל מיני קעזן, געזאַלצענע פיש, ווורשטן וכדומה, אַחוץ זופּ און פלייש. גלייך נאָכן ערשטן טאָג האָבן מיר מיט מוליען באַשלאָסן עסן נאָר דריי מאָל אַ טאָג, און אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר שוין געגעסן בלויז צוויי מאָל אַ טאָג, און אויך דאָס איז געווען צו פיל, ווייל די „סמערגאָס־בריקע" (די פאַרשפּייזן אויף צען־צוועלף טעלערלעך) האָבן געקענט געבונג זיין פאַר אַ גאַנצן טאָג.

גלייך אין אָנהויב האָט אויף מיר אין שטאָקהאָלם געמאַכט אַ גרויסן רושם די זעלבשטענדיקייט פון דער פרוי. איצט איז עס ניט קיין ווונדער, אָבער דאַן, מיט העכער פערציק יאָר צוריק, האָט מיר אויסגעקוקט מאָדנע צו זען, מאַסן יונגע פרויען און מיידלעך עסן פינף פאַר נאַכט אין די

רעסטאָראַנען אַליין, און גייען שפּעט אין דער נאַכט אַן באַגלייטונג פון מענער. איך האָב אויך באַמערקט, אַז אין די אַלע ערטער ווו עס אַרבעטן געוויינלעך מענער, אַרבעטן אויך פרויען: אין די פריזיר־אַנשטאַלטן פון מענער און אין דער באָד. אין די גאַסן און אין די טראַמוואַיען האָב איך זיי ניט געזען. ס'האָט אויך געפעלט די באַציאונג צו דער פרוי, צו וועלכער איך בין געווען געוווינט. אַז איך האָב אַ מאָל געוואָלט אָפּטרעטן דעם פּלאַץ אין טראַמוואַי אַ פרוי, האָט מיר אַ חבר, וואָס האָט שוין לאַנג געוווינט אין שוועדן, געזאָגט, איך זאָל עס ניט טאָן, ווייל מען וועט מיינען, אַז איך בין דער „קראָנפּרינץ", מחמת אין שטאָקהאָלם איז באַוווּסט, אַז נאָר דער קרוין־פּרינץ טרעט אין טראַמוואַי אָפּ זיין אָרט פרויען (אמת, דאַן איז מיר ניט איינגעפאַלן אין קאָפּ פרעגן דעם חבר, פאַרוואָס פאָרט דער קרוין־פּרינץ מיט אַ טראַמוואַי. איך בין נאָך ניט געווען געוווינט דערצו, אַז יעדער פּקיד דאַרף פאָרן מיט אַן אייגענעם אויטאָ, ווי דאָס איז איצט אָנגענומען ביי אונדז). עס האָט זיך געמערקט, אַז אין שוועדן זענען כמעט ניטאָ קיין גניבות: אַלץ איז אָפן און אויף דער נאַכט לאָזט מען איבער די כלים אויף דער גאַס.

דאָ, אין שטאָקהאָלם, האָט מען מיר איבערגעגעבן אַ קאָפּיע פון דעם מעמאָראַנדום וועגן ארץ ישראל, וועלכן דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ האָט דערלאַנגט דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער פּערמאַנענץ־קאָמיסיע, וואָס איז געזעסן אין אַמסטערדאַם. דער מעמאָראַנדום איז מיר ניט שטאַרק געפעלן, און איך האָב אין דער וואַרשעווער „אַרבעטער־צייטונג" פון 5טן יולי געשריבן וועגן אים: „... מיר מוזן פעסטשטעלן, אַז אונדזערע חברים האָבן אַנטוויקלט אין דעם מעמאָראַנדום ניט קיין ריכטיקע געדאַנקען.

„דער אַרבעטער־קלאַס אין דער וועלט איז פאַראינטערעסירט, אַז די יידישע אַרבעטלאָזע מאַסן זאָלן זיך באַזעצן און איינוואָרצלען אין אַ נייעם אַגראַר־לאַנד. ער איז בכלל פאַראינטערעסירט צו לייזן דעם גרויסן פּראָבלעם פון אַרבעטלאָזיקייט דורך באַזעצן נייע לענדער, אָבער עס אַרט אים ניט, וואָסער לאַנד מיר וועלן באַזעצן. אויב מיר האַלטן זיך ביי אונדזערס, אַז ארץ ישראל איז דאָס פּאַסיקסטע לאַנד פאַר אונדז, דאַרפן מיר עס באַווייזן ניט דווקא דורך ספּעציעלע פּריווילעגיעס, וואָס דאַרפן לכתחילה געשאַפן ווערן פאַר אונדז. דער אַרבעטער קלאַס אין דער וועלט קען נאָר אונדז געבן גאַראַנטיעס, מען זאָל אונדז ניט שטערן קאָלאָניזירן ארץ־ישראל, אָבער ער איז ניט פאַראינטערעסירט, אַז דווקא מיר זאָלן בויען פון דאָס ניי ארץ־ישראל.

דאַקעגן די שלום־קאָנפערענץ אין פאַריז איז פאַראינטערעסירט, אַז ארץ־ישראל זאָל זיין יידיש. דאָרט קען מען ניט צעטיילן צווישן זיך דעם פעטן

ביסן, דעריבער וועט מען דערלויבן יידן קאָלאָניזירן ארץ־ישראל, כדי שפּעטער זיי צו באַהערשן.

אונדז איז אַלע מאָל געווען קלאָר די אימפּעריאַליסטישע שפּיל פון ענגלאַנד בנוגע צו ארץ־ישראל. מיר האַלטן ניט, אַז דער ווילן פון ענגלאַנד איז אַ חוק בל יעבור. מיר האָבן מוט צו זאָגן: ווען אין ארץ־ישראל וועט קומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן די אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן פון ענגלאַנד מיט די לעבנס־אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער, וועלן זיגן די יידישע אַרבעטער. זיי וועלן געפינען פאַר זיך אַ שטיצע ביי די ענגלישע אַרבעטער, וועלכע וועלן זיין די הערשער אין ענגלאַנד גופא (איך האָב ניט פאַרויסגעזען בעווינס פּאָליטיק — נ.). און פונקט אַזוי באַציען מיר זיך פּאָזיטיוו צום אַריינשטראָמען פון דעם יידישן בירגערטום אין ארץ־ישראל. דאָס בירגערטום הייבט אָן צו לויפן פון אַלע עקן וועלט קיין ארץ־ישראל, ווייל דאָרט וועט עס ראַטעווען זיך פון דעם וועלט־באָלשעוויזם. מיר האָבן ניט קיין מורא פאַרן שטראָם פון די בירגערלעכע אימיגראַנטן, מיר ווייסן, אַז אין לאַנד וועלן זיך אַנטוויקלען די זעלבע היסטאָרישע פּראָצעסן, ווי אין דער גאַנצער וועלט, און אויך אין דעם דאָזיקן לאַנד וועט דאָס יידישע בירגערטום פאַרלירן זיינע פּאָזיציעס.

דאָס איז דער עיקר חסרון פון דעם מעמאָראַנדום: ער באַזירט זיך אויף דעם אימפּעריאַליסטישן אינטערעס פון ענגלאַנד, אַז אין ארץ־ישראל זאָל געשאַפן ווערן אַ יידישע מערהייט. יעדנפאַלס, די מיטלען, מיט וועלכע מען האָט בדעה צו שאַפן די דאָזיקע מערהייט, אַנטשפּרעכן ניט דעם פּלאַן פון אַ נייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. אונדזערע חברים אין פאַרבאַנדס־ביוראָ פעלט די אָריענטאַציע אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

פאַר אונדז איז אין גאַנצן פאַרשטענדלעך, אַז די אימפּעריאַליסטישע שלום־קאָנפערענץ און די פעלקער־ליגע וועלן אונדז ניט העלפן צו רעאַליזירן דעם סאָציאַליזם אין ארץ־ישראל, און דעריבער איז די ווענדונג צו זיי אַ טעות".

איך האָב דאָ געבראַכט די דאָזיקע ציטאַטע, בכדי צו כאַראַקטעריזירן אונדזער געדאַנקען־גאַנג צו יענער צייט. און אויב איצט וואָלט איך עס געשריבן אַנדערש, איז אָבער איינס קלאָר אויך היינט, אַז דער עיקר־געדאַנק, אַז ענגלאַנד וועט ניט העלפן בויען סאָציאַליזם איז געווען ריכטיק דאַן און די ווירקלעכקייט האָט ליידער גלענצנד באַשטעטיקט, אַז מיר זענען אין דעם פּרט זיכער געווען גערעכט.

די באַראַטונגען אין שטאָקהאָלם האָט געהאַט דריי סעסיעס. די ערשטע סעסיע איז פאָרגעקומען מיטן אָנטייל פון די עסטרייכישע חברים, אָן אונדז. זיי האָבן זיך געאיילט אַרויסצופאָרן צו דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ

אין לוצערן. אין דער צווייטער סעסיע האָבן אָנטייל גענומען די דריי חברים פון פאַרבאַנדס־ביוראָ, מיר דריי (מיט יאַרבלומען) פון פוילן, רעוווצקי פון דער פּאַרטיי אין אוקראַינע, רובאַשאָוו (שזר) פון דער דייטשער פּאַרטיי און ד״ר נחמן סירקין אין נאָמען פון דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי. עס איז אויסגעהערט געוואָרן אַ דין וחשבון פון דער דעלעגאַציע אין לוצערן, עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגן, וואָס שטייען אויפן סדר היום פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ אין גענף.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן אַכט דעלעגאַטן קיין גענף, ווייל מיר האָבן געהאַט פיר שטימען, און שיקן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע קיין ארץ־ישראל, וועלכע וועט האָבן די אויפגאַבע אויסצופאָרשן די לעבנס־באַדינגונגען פון די אַרבעטער און די קאָלאָניזאַציע־פאָרמען אין לאַנד, ווי אויך דעם אופן און פאָרם פון דער אַרבעט פון דער באַוועגונג אין ארץ־ישראל, כדי צו באַנייען די פאַרבינדונג צווישן דער באַוועגונג און דעם לאַנד, די פאַרבינדונג וואָס איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין דער צייט פון דער מלחמה.

ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ זאַמלבוך וועגן אַקטועלע פראַגן, צו רעאָרגאַניזירן פון דאָס ניי דעם פּאַלעסטינא ארבעטער־פאָנד, וואָס בראש פון אים איז דאָ געשטאַנען דער חבר בלאָך־בלומענפעלד. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָנטיילצונעמען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון די יידישע אַרבעטער, אָבער וועגן דעם האָט מען נאָך געדאַרפט זיך באַראַטן אין גענף.

פון שטאָקהאָלם האָב איך, אגב, געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו פאַרבינדן טעלעגראַפיש מיט מיינע עלטערן, וועלכע זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1912 און האָבן זיך באַזעצט אין רחובות. אויך מיין עלטערע שוועסטער האָט געשיקט איר עלטערן זון שמעון אין דער גימנאַזיע „הרצליה" אין יאָר 1913. איך האָב באַקומען אַ תשובה פון די עלטערן, אַז „די עלטערן זענען געזונט". איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט פּאַסירט מיט עמעצן אין דער משפחה. מיין ייִנגערע שוועסטער מרים (איצט אין חיפה), האָט שוין געהאַט צוויי קינדער: די טאָכטער ירדנה (איצט די טענצערין ירדנה כהן אין חיפה) און אַ זון — גדעון, איצט אַן אַגראָנאָם אין תל־אביב, דער אָנפירער פון דער אָפּטיילונג פון שוץ פאַר געוויקסן אין לאַנדווירטשאַפטלעכן מיניס־טעריום). אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, זייענדיק אין וואַרשע, האָב איך באַקומען שוין דעם ערשטן בריוו פון פאָטער און דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער זון פון מיין עלטערער שוועסטער, שמעון, איז געשטאָרבן אין די יאָרן פון דער מלחמה. די גימנאַזיע „הרצליה" איז אין די יאָרן פון דער מלחמה איבערגעפירט געוואָרן קיין שפיה, אָבער אַהין האָט מען איבערגעפירט נאָר די

תלמידים, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין קרובים אין לאַנד. מיין שוועסטערס זון האָט זיך געדרייט צווישן דעם זיידן אין רחובות און דער מומען אין חיפה. דערווייל זענען די ענגלענדער אַריין אין לאַנד. און דער פראָנט איז געווען צווישן יהודה און שומרון. דער שוועסטערס זון פלעגט אַזוי אַרום אַריבערגיין דעם פראָנט אַהין און צוריק פון דעם זיידן צו דער מומען. די גרענעץ איז געווען אין כפר־סבא, אַ קאָלאָניע פון אַ פּאָר הונדערט מענטשן. דאָרט האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ סך פליטים פוןביידע זייטן און אויך די אַרויסגע־טריבענע פון יפו. די באַפעלקערונג איז דאָרט דערגאַנגען ביז אַ פינף טויזנט מאַן. מען האָט געדאַרפט באַשפייזן אַלע פליטים. דער שוועסטערס זון, אַ בחור פון אַ יאָר 17, אַן אויסערגעוויינלעך פעיִקער, איז דאָרטן געווען זייער אַקטיוו. ער האָט זיך ספּעציעל באַשעפטיקט אין דער בעקעריי, וואָס האָט געבאַקן ברויט פאַר די פליטים. דאָרט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ מגיפה פון טיפוס. אַ סך זענען געשטאָרבן און מיין שוועסטערס זון צווישן זיי. ער איז באַגראָבן ערגעץ אין חדרה. גענויע ידיעות האָבן מיר ניט. אָבער איך האָב זיך ניט איין מאָל געטראָפן מיט עמעצן פון זיינע חברים אין גימנאַזיע און זיי האָבן מיר עס דערציילט וועגן די אומגעוויינלעכע פעאיקייטן פון מיין פּלימעניק. ער האָט נאָך אין זיינע קינדער־יאָרן מיך ניט איין מאָל פאַרווּנדערט מיט זיין אַנטוויקלונג. צו זיבן יאָר האָט ער געלייענט יעדן טאָג אַ צייטונג און ערנסטע ביכער. צו אַכט יאָר האָט ער אָנגעהויבן לייענען אַ לעקסיקאָן, אָנהייבנדיק פון דער ערשטער זייט, און וועגן וואָס מען פלעגט ניט רעדן, האָט ער אַלץ געוווּסט. אָבער ווי פעיִק ער איז געווען, אַזוי שטאַרק צעשטרייט איז ער אויך געווען.

די דריטע סעסיע פון דער באַראַטונג אין שטאָקהאָלם איז פאָרגעקומען פון 24סטן סעפּטעמבער ביז דעם 5טן אָקטאָבער. עס זענען שוין געהאַט אָנגעקומען די חברים פון ארץ־ישראל: ישראל שוחט, דוד בלאָך־בלומענפעלד און בערל קאַצענעלסאָן. די ערשטע צוויי זענען געווען פון פועלי־ציון, בערל קאַצענעלסאָן איז קיינמאָל ניט געווען קיין פועלי־ציון, ער איז אַפילו אין די יאָרן 1905—1906 געווען אַ טעריטאָריאַליסט, אין ארץ־ישראל איז ער געווען פון די אומפּאַרטייאישע, וואָס האָבן צוזאַמען מיט די פועלי־ציון געגרינדעט די פּאַרטיי „אחדות־העבודה", אין אָנהויב פון יאָר 1919. מעגלעך, אַז דווקא דערפאַר, וואָס ער איז געווען אין די ערשטע יאָרן אַ טעריטאָריאַליסט, האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט קיין גרויסע סימפּאַטיעס צו פועלי־ציון, און אין די שפּעטערע יאָרן אַפילו אויסגעטראַכט, אַז פועלי־ציון זענען אין יענע יאָרן געווען קעגן דער עליה קיין ארץ־ישראל, און דאָס האָט ער איבערגעחזרט אין וואָרט און אין שריפט אַ שיינע פּאָר מאָל. בשעתו (דאָס איז געווען אין

די דרייסיקער יאָרן אין ארץ־ישראל) האָט אים גרינטלעך געענטפערט אויף דער פאַרלוימדונג דער ח׳ יצחק בן־צבי, דער פאַרשטאָרבענער פּרעזידענט פון דער מדינה (איך האָב עס דערמאָנט אויך אין מיין ערשטן בוך).

אין וואַרשע האָבן מיר שוין געהאַט די ידיעה, אַז אונדזערע חברים האָבן אויפגעהערט צו זיין פּועלי־ציון און געגרינדעט אַ נייע פּאַרטיי, אָבער נאָר אין חודש יוני האָבן מיר באַקומען אַ קיצור פון דעם פּראָגראַם פון דער נייער פּאַרטיי, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער „אַרבעטער צייטונג” בזה הלשון:

„עס איז אונדז באַוווסט געוואָרן, אַז אין די לעצטע טעג פון אדר א׳ תרע״ט איז פאָרגעקומען אין פּתח־תקוה די פאַראייניקונגס־קאָנפערענץ, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן דורך דעם פאַראייניקונגס־קאָמיטעט פון כמעט אַלע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין ארץ־ישראל. עס האָבן אָנטייל גענומען אין דער דאָזיקער קאָנפערענץ 47 דעלעגאַטן פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, 15 דעלעגאַטן פון די שטאָטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, 19 דעלעגאַטן פון די יידישע לעגיאָנען און עטלעכע חברים פון פּועלי־ציון און פון אומפּאַרטייאישע אַרבעטער.

1. די פאַראייניקונג.

„א. די ערשטע אַלגעמיינע קאָנפערענץ פון די ארץ־ישראל אַרבעטער און לעגיאָנערן האַלט, אַז די אָרגאַניזאַציאָנעלע און פּאַרטייאישע מחלוקתן, וואָס הערשן צווישן די א״י־אַרבעטער, שטערן שטאַרק דער גאַנצער טעטיקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד, שוואַכן אָפּ איר כוח אינעווייניק און אין דרויסן. די קאָנפערענץ אָנערקענט די נויטווענדיקייט פון פולשטענדיקער פאַראייניקונג פון אַלע ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער און לעגיאָנערן פאַר רעגולערער עקאָנאָמישער, קולטורעלער און פּאָליטישער אַרבעט.

„ב. אויפן יסוד פונעם באַשלוס פון דער דרייצנטער פּועלי־ציון־קאָנפערענץ, וואָס האָט איינשטימיק מסכים געווען צו פאַראייניקן אַלע א״י־אַרבעטער אויף די פּרינציפּן פון סאָציאַליסטישן ציוניזם, און באַשלאָסן, אַז די נייע אָרגאַניזאַציע פאַרנעמט דעם אָרט פון דער פּאַרטיי, און אין הסכם מיטן פאָרשלאַג פון דער פאַראייניקונגס־קאָמיסיע, גייען אַריבער די אינסטאַנצן פון דער פּאַרטיי און אירע באַציונגען מיטן וועלט־פאַרבאַנד פּועלי־ציון צו אחדות־העבודה אויף די עקזיסטירנדיקע יסודות. די קומענדיקע קאָנפערענץ פון אחדות־העבודה וועט באַהאַנדלען די ענדערונגען און אויסבעסערונגען, וואָס זענען ווינטשנס־ווערט, כדי איינצואָרדענען די באַציאונגען אין די אינסטיטוציעס. די דאָזיקע

**ענדערונגען וועלן, ביז דער אלגעמיינער קאָנפערענץ, באַהאַנדלט ווערן אין דער פּרעסע און אויף פאַרזאַמלונגען.**

**„ג. דער נאָמען: די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פאַראייניקונג פון די א״י־אַרבעטער „אחדות־העבודה״.**

2. די פאַראייניקונג פון די כוחות אין גלות.

**„די קאָנפערענץ באַאויפטראָגט דעם צענטער פון „אחדות העבודה״ צו קומען אין אונטערהאַנדלונגען מיט דעם וועלט־פאַרבאַנד פועלי־ציון, מיט די „צעירי ציון״, וואָס שטרעבן צו אַן אַרבעט־געזעלשאַפט אין א״י, מיטן „החלוץ״, מיט די יידישע פאָלקס־סאָציאַליסטן און אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט פאַר א״י אין אַמעריקע, ענגלאַנד וכדומה, וועגן צונויפרופן אַ וועלט־קאָנגרעס, וואָס זאָל פאַראייניקן און אָרגאַניזירן די דאָזיקע אַלע כוחות אין איין וועלט־פאַרבאַנד פאַר אַ בשותפותדיקער אַרבעט צו פאַרווירקלעכן די פּרינציפּן פון ציוניסטישן סאָציאַליזם״.**

3. די אַקטועלע פראַגן.

**„א. די לעגיאָנען. די קאָנפערענץ אַנערקענט, אַז די עקזיסטענץ פון די יידישע לעגיאָנען אין לאַנד, איז אַ נאַציאָנאַלע נויטווענדיקייט, ביז עס וועט פאַרענדיקט ווערן די אויפקלערונג פון דער א״י־פראַגע אויף דער שלום־קאָנפערענץ. אויף די חברים ליגט אַ מאָראַלישע פליכט ניט אויסצונוצן די מעגלעכקייט אַרויסצוגיין פון מיליטער, אויסער אין אויסנאַם־פאַלן און מיט דעם הסכם פון דער „אחדות״.**

**„ב. די קאָנפערענץ באַאויפטראַגט דעם צענטער פון „אחדות״ צו שאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס איר אויפגאַבע וועט זיין צו באַטייליקן די לעגיאָנערן אין לעבן פון ישוב און איינצואָרדענען זייערע ענינים אין דער קעגנוואַרט און אין דער צוקונפט. אין דעם קרייז פון די ענינים גייען אַריין: די קולטורעלע אַרבעט, די פאַרשפּרייטונג פון דער העברעאישער שפּראַך אין די לעגיאָנען, די זאָרג פאַר די משפחות פון די לעגיאָנערן, אויסלערנען די חברים פון די לעגיאָנען לאַנדווירטשאַפט און אַנדערע פאַכן, און אויפקלערן די מעגלעכקייטן פון זייער באַזעצן זיך אין לאַנד נאָך דעם, ווי זיי וועלן זיך באַפרייען פון מיליטער.**

**„דער ראַט פון „אחדות העבודה״ דאַרף זיך באַטייליקן אין אַלע ענינים פון דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג.**

**„ג. די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. די קאָנפערענץ זעט אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון די יידן אין א״י דעם ערשטן ממשותדיקן שריט צו פאַרווירקלעכן**

די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון דעם יידישן ישוב אין א״י. די א״י־אַרבעטער באַטייליקן זיך אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג ווי אַן אָרגאַניזירטער קלאַס, וואָס דריקט אויס זיינע עקאָנאָמישע, קולטורעלע און פּאָליטישע ווונטשן און באַדערפענישן. די קאָנפערענץ גיט איבער דעם אויספיר־קאָמיטעט אויפצוקלערן און אויסצואַרבעטן דעם פּלאַן פון אונדזערע פאָדערונגען צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אויפן יסוד פון די פּרינציפּן פון „אחדות העבודה״ און פון די פאָרשלאַגן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ, און פאַראייניקן אַרום זיי אַלע אַרבעטער און די אַרבעטנדיקע מאַסן אין ישוב דורך אַ ברייטער אַגיטאַציע״.

4. אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען.

„א. פולע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט פאַר אַלע טיילן פון יידישן פאָלק אין די לענדער פון זיין פאַרשפּרייטונג.

„ב. אַן אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיע פאַר דער גרינדונג פון דער יידישער פרייער מדינה אין א״י, וועלכע וועט ביז דער אויסבילדונג פון אַ יידישער מערהייט אין לאַנד שטיין אונטער דעם פּראָטעקטאַראַט פון דעם פאַרשטייער פון דער פעלקער־ליגע.

„ג. די אינטערנאַציאָנאַלע אָנערקענונג פון די רעכט פון צעשפּרייטן יידישן פאָלק זיך צו פאַראייניקן אויפן פּערסאָנאַל־נאַציאָנאַלן יסוד, און זיך צו אָרגאַניזירן ווי אַ פּאָליטיש־יורידישער אָרגאַניזם מיט רעכט פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג, כדי צו בויען דאָס לאַנד און פאַרטיידיקן בשותפותדיקע נאַציאָ־נאַלע אינטערעסן.

די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אין אירע יסודותדיקע פּרינציפּן דעם פּאָלגנדיקן פּרינציפּ, וואָס עס האָט אויסגעאַרבעט די פאַראייניקונגס־קאָמיסיע:

„א. די אַרבעט־באַוועגונג אין א״י איז אַ טייל פון דער סאָציאַלער אַרבעט־באַוועגונג אין דער וועלט, וואָס שטרעבט פולשטענדיק אויסצולייזן דעם מענטש פון דעם דרוק פון דער עקזיסטירנדקער אָרדענונג, וועלכע גיט די מאַכט דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל איבערן לעבן פון פאָלק, איבער זיין עקאָנאָמישער און קולטורעלער שאַפונג, איבער די באַציונגען צווישן פעלקער און לענדער. די הערשנדיקע אָרדענונג, וואָס באַשטימט די גאַטירלעכע רייכטימער, די אַרבעט פון דורות און די רעזולטאַטן פון מענטשלעכן גייסט, די וויסנשאַפט־לעכע און קינסטלערישע, ווי דאָס אייגנטום פון יחידים, מאַכט די נאַציאָנאַלע עקאָנאָמיק פאַר אַ קעגנשטאַנד פון ספּעקולאַציע פון די פּריוואַטע אייגנטימער און זייער קאָנקורענץ, אונטערדריקט פעלקער, באַרויבט לענדער און רופט צו מלחמות, פאַראורזאַכט די עקזיסטענץ פון מחנות „איבעריקע״ אַרבעטער,

וואָס האָבן גאָרניט, און מחנות פון הערשער, וואָס האָבן אַלץ, פאַרקלענערט דעם לוין פון אַרבעטער, שעדיקט זיין געזונט, זיין דערציונג, זיין משפחה, זיין שאַפונגס־כוח, זיין לעבן, באַרויבט דאָס קינד און די קומענדיקע דורות.

„דער ציל פון דער אַרבעטס־באַוועגונג איז אויפצושטעלן אַ מענטשלעכע געזעלשאַפט, ווי אַ משפחה פון פרייע פעלקער מיט גלייכע רעכט אויף די יסודות פון: אַרבעט פון אַלע מענטשן;

„איבערפירן די נאַטירלעכע אוצרות און דעם אייגנטום, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פון דורי דורות, פונעם רשות פון דעם יחיד אין רשות פון כלל;

„אָרגאַניזירן אַלע אַרבעטס־ און אייגנטום־ענינים דורך דער אַרבעטנדיקער געזעלשאַפט.

„די אַרבעטס־באַוועגונג אין א״י איז אַ טייל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין יידישן פאָלק, וואָס שטרעבט אויסצולייזן דאָס יידישע פאָלק פון גלות.

„איר שטרעבונג איז: אויפלעבן דאָס יידישע פאָלק, וואָס קערט זיך אום אין זיין לאַנד מאַסנווייז, וואָרצלט זיך איין אין זיין ערד, שאַפט זיין ישוב און זיין אַרבעט. ווערן אַ פריי פאָלק, וואָס הערשט אין זיין לאַנד, רעדט זיין העברעאישע שפּראַך, אָרגאַניזירט זיין לעבן אַליין, און שאַפט און אַנטוויקלט זיינע מאַטעריעלע און גייסטיקע ווערטן.

„ב. אין ציוניזם, וואָס ווערט פאַרווירקלעכט שטרעבט די אַרבעטס־באַוועגונג אין א״י דורך דער ברייטער אָרגאַניזירטער עליה צו שאַפן דאָס לעבן פון יידישן פאָלק אין א״י ווי אַ געזעלשאַפט פון פרייע און גלייכבאַ־רעכטיקטע אַרבעטנדיקע, אַ געזעלשאַפט, וואָס לעבט פון איר אַרבעט, הערשט איבער איר פאַרמעגן און אָרגאַניזירט אַליין איר עקאָנאָמישע און קולטורעלע אַרבעט.

„די פאַרווירקלעכונג פון דעם ציל פאַרפליכטעט:

1. דאָס איבערפירן פון דער ארץ־ישראלדיקער ערד, פון אירע וואַסערן און נאַטירלעכע אוצרות אין דעם רשות פון פאָלק ישראל, ווי אַן אייביק אייגנטום פון גאַנצן פאָלק.

„2. די שאַפונג פון נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל:

„אא. כדי צוצוגרייטן דעם באָדן און אויפשטעלן אייביקע אוצרות פון פאָלק (וועגן, האַפנס, וועלדער, שיפן, וואַסער־צענטערס, באַלייכטונג, עלעקטריע);

„בב. צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלן קרעדיט, געווידמעט דער שאַפונג פון

דער נאַציאָנאַלער אַרבעט, לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע, מיט דער הילף פון פרייע אַרבעטנדיקע געזעלשאַפטן.

„3. אַ חלוצים־עליה אין לאַנד, דאָס לעבן פון אייגענער אַרבעט, אויסבויען די וועגן און שאַפן די באַדינגונגען פאַר אַ גרויסער פאָלקס־עליה, באַטייליקן זיך אין דער שאַפונג פון אַן אַרבעטנדיקן קלאַס, וואָס זאָל האָבן אַ שטאַרקן כוח און אויפבויען די צוקונפטיקע אַרבעטס־געזעלשאַפט.

„4. דאָס דערווערבן פון דער העברעאישער שפּראַך און פון די קולטורעלע אוצרות דורך דעם גאַנצן פאָלק, און די באַטייליקונג פון די אַרבעטנדיקע אין דעם לעבן פון קולטור און אירע שאַפונגען.

„ג. „אחדות־עבודה" נעמט אַרום אַלע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אין לאַנד און אויך די פאָרשטייער פון די פרייע פּראָפעסיעס, וואָס לעבן פון אייגענער אַרבעט, נוצן ניט אויס די אַרבעט פון צווייטן, — און פירן זייער גאַנצע אַרבעט אַליין.

„די „אחדות" איז צונויפגעשטעלט פון אויטאָנאָמע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס נעמען אַרום זייערע חברים לויט די פאַכן.

„אחדות־העבודה" פאַראייניקט דעם קלאַס אַרבעטנדיקע צוליב קולטורעלער, עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַרבעט; פאַרנעמט זיך מיט שאַפן און אָרגאַניזירן אַרבעט, מיטן אָרגאַניזירן דעם קאָאָפּעראַטיוון געברויך, מיט דער דערציאונג צו אַרבעט און מיט אַלגעמיינער און פּראָפעסיאָנעלער בילדונג; פאַרטיידיקט דעם כבוד פון אַרבעטנדיקן מענטש און זיינע אינטערעסן, זאָרגט פאַר דער אויסבעסערונג פון די באַדינגונגען און פּראָגרעס פון דער אַרבעט, קעמפט פאַר דער באַפרייאונג פון דער אַרבעט און זאָרגט צו פאַרגרעסערן די שאַפונגס־כוחות פון דעם קלאַס פון די אַרבעטנדיקע.

„אחדות־העבודה" קומט צו הילף דער באַוועגונג פון „החלוץ" אין חוץ לארץ דורך צושטעלן אינפאָרמאַציע און אָנווייזונגען, בכדי צוצופּאַסן זיין אַרבעט צו די אַרבעט־אינטערעסן אין לאַנד, זי העלפט צו פאַראייניקן אַלע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס פון „החלוץ" אין איין פאַראיין אויפן יסוד פון קעגנזייטיקער הילף, חברישער דיסציפּלין און בשותפותדיקע אַרבעטס־אינסטיטוציעס, און צו פאַרבינדן דעם „החלוץ" ענגער און אָרגאַניזאַציאָנעל מיט דער אַרבעט־באַוועגונג אין לאַנד.

ד. „אחדות־העבודה" באַטייליקט זיך ווי אַן אויטאָנאָמער טעריטאָריאַלער גוף:

„אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

„אין דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

„אחדות־העבודה" זעט די נויטווענדיקייט און די פליכט צו העלפן

פאַראייניקן אַלע אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין חוץ לארץ, וואָס שטרעבן צו דער אַרבעט־געזעלשאַפט אין א״י, צו אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן וועלט־פאַרבאַנד, וואָס זאָל צוזאַמענאַרבעטן אין די עקאָנאָמישע, קולטורעלע און פּאָליטישע אונטערנעמונגען פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זייער בשותּפותדיקן ציל. מיט דער דאָזיקער שטרעבונג באַטייליקט זיך די פאַראייניקונג, ווי אַ טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע אין דעם פעדעראַטיוון וועלט־פאַרבאַנד פון דער אָרגאַניזאַציע „פּועלי־ציון״.

צום סוף האָט די קאָנפערענץ באַשטימט וואָסערע אינסטאַנצן דער צענטראַל־קאָמיטעט דאַרף אויפשטעלן.

דער דאָזיקער פּראָגראַם איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט, ווי איך האָב פריער געזאָגט, אין דער „אַרבעטער צייטונג״, איך גיב איבער דאָ מיין אייגענע איבערזעצונג פון העברעישן טעקסט. קאָן זיין, אַז עס זענען פאַראַן געוויסע אומגענויקייטן אין מיין איבערזעצונג. ניט נאָר איצט, נאָר שוין דאַן, תיכף ווי דער פּראָגראַם איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָט ער געמאַכט אויף אונדז זייער אַ מאָדנעם איינדרוק: קודם כּל איז פאַר אונדז די טערמינאָלאָגיע געווען אינגאַנצן אַ פרעמדע. דאָס באַנוצן זיך מיטן באַגריף „סאָציאַל״ אַנשטאָט „סאָציאַליסטיש״ (אפילו דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל ווערט אָנגערופן דער „סאָציאַלער אינטערנאַציאָנאַל״) האָט ביי אונדז דערוועקט זייער שווערע חשדים. מיר האָבן אין אים געזען אַ פּראָגראַם פון אַ פּאַרטיי, וואָס איר סאָציאַליזם איז שטאַרק אין ספק. יעדנפאַלס איז פון דעם פּראָגראַם פאַר אונדז געווען קלאָר, אַז די דאָזיקע ארץ־ישראלדיקע פּאַרטיי זאָרגט בכלל ניט וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַנץ דער וועלט, נאָר זי איז פאַראינטערעסירט אין איר בלויז אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זי, און נאָר זי קען דורך די יידישע אַרבעטער אין דער וועלט געהאָלפן ווערן. אונדזערע חשדים וועגן איר סאָציאַליזם האָבן זיך נאָך מער פאַרגרעסערט, ווען מיר האָבן גוט בודק געווען דעם פּראָגראַם און דאָרט ניט געפונען קיין איין וואָרט וועגן קלאַסן־קאַמף, און דאַקעגן יאָ געזען די בולטע שטרעבונג פון דער פּאַרטיי צו פאַראייניקן זיך מיט כּל מיני אָרגאַניזאַציעס, אַפילו ניט סאָציאַליסטישע. און דאַן, אין שטאָקהאָלם, האָט עס די באַראַטונג געדאַרפט באַשליסן אַנצונעמען די דאָזיקע משונהדיקע פּאַרטיי אין וועלט־פאַרבאַנד פּועלי־ציון, וואָס האָט געהייסן ביי דער פּאַרטיי „דער פעדעראַטיווער וועלט־פאַרבאַנד פון דער אָרגאַניזאַציע פּועלי־ציון״.

דעם חבר בערל קאַצענעלסאָן האָבן מיר פריער ניט געקענט. מיר האָבן אויך ניט געקענט דעם חבר ישראל שוחט. מיר האָבן נאָר געוווּסט, אַז ער איז

געווען אַ מאָל טעטיק אין אונדזער גראָדנער אָרגאַניזאַציע. דעם חבר נחמן סירקין האָב איך געקענט פון דער וויטנס פון דער די ציוניסטישע קאָנגרעסן און אויך פון דער פּרעסע, אָבער דאָ האָב איך אים דערקענט גרינטלעכער. בערל קאַצענעלסאָן האָט גערעדט זייער אַ סך, אָבער אַ סך פון זיינע באַגריפן זענען אונדז געווען זייער פרעמד, ווייל מיר זענען אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אויף דער סאָציאַליסטישער אייראָפּעישער באַוועגונג, און די דאָזיקע באַוועגונג האָט אים אין גאַנצן ניט אינטערעסירט. סירקין איז אייגנטלעך כמעט אין גאַנצן געווען מסכים מיט די מיינונגען פון די א״י חברים, אָבער ער האָט אויסגעדריקט זיינע מיינונגען אין אַ פאָרעם, וואָס איז געווען אַ סך פאַרשטענדלעכער, ווייל ער האָט זיך באַנוצט מיט די באַגריפן פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וועלכע זענען געווען גאַנץ פרעמד די א״י חברים. איך האָב באַקומען דעם איינדרוק, אַז זיי, די א״י חברים, ווייסן בכלל ניט און פאַרשטייען ניט וואָס דאָס איז פּאָליטישע עקאָנאָמיע. ביי זיי איז אַלץ געווען אָריגינעל ארץ־ישראלדיק, אָנ־הייבנדיק פון דער פּאַרטיי זייערער און ענדיקנדיק מיטן געדאַנק צו שאַפן דעם סאָציאַליזם אין ארץ־ישראל דורך לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות.

בלאָך־בלומענפעלד האָט איבערגעגעבן אַ באַריכט פון אַרבעט־ביוראָ ביז יוני 1919, דער חבר שוחט האָט איבערגעגעבן אַ דין וחשבון פון „השומר״ און דער חבר קאַצענעלסאָן האָט רעפערירט וועגן די פּראָבלעמען פון די קבוצות. סירקין האָט רעפערירט וועגן אונדזער אַרבעט אין לאַנד. אויפן יסוד פון די דאָזיקע באַריכטן און רעפעראַטן איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינער וויכוח וועגן די פּראָבלעמען פון ארץ־ישראל און ספּעציעל וועגן די יסודות פון דער אַרבעט פון פאַרבאַנד אין ארץ־ישראל, און אויך וועגן דעם אינהאַלט פון דער נייער פּאַרטיי, וואָס דאַרף זיך אָנשליסן אין פאַרבאַנד אָנשטאָט דער פריערדיקער פּאַרטיי פּועלי־ציון פון ארץ־ישראל. קאַפּלאַנסקי האָט רעפערירט וועגן די דירעקטיוון, וואָס מען דאַרף געבן דער קאָמיסיע, וואָס דאַרף פאָרן קיין ארץ־ישראל אין נאָמען פון פאַרבאַנד, און לאָקער האָט רעפערירט וועגן יידישן וועלט־קאָנגרעס. די פראַגע פון דעם ציוניסטישן קאָנגרעס איז אַריבערגעפירט געוואָרן צו דער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ פון פאַרבאַנד, וועלכע איז לכתחילה באַשטימט געוואָרן אויף יאַנואַר 1920, אָבער איז צושטאַנדגעקומען ערשט אין אויגוסט 1920.

בנוגע דער פראַגע פון די קבוצות איז אונדזער באַציונג, דאָס הייסט די באַציונג פון דער רוסישער און פוילישער פּאַרטיי, געווען אַ מער בעגאַטיווע. דער גאַנצער ענין איז אונדז בעצם געווען ניט קלאָר, און נאָר דאַן, אין יאָר 1919 נאָך דעם ווי מיר האָבן געהערט די חברים פון א״י, האָבן מיר מער־ווייניקער זיך אויסגעבילדעט אַ שטעלונג, אָבער אויך ניט קיין ענדגילטיקע. פון

די חברים פון ארץ־ישראל האָבן מיר געהערט, אַז „סאָציאַליזם הייסט דער רצון צו באַפרייען זיך פון באַלעבאָס, דעם עקספּלאָאַטאַטאָר״. אויב מען זאָל עס פאַרשטיין, אַז מיט סאָציאַליזם וועט פאַרשווינדן דער פּריוואַטער באַלעבאָס, איז עס ריכטיק, אָבער צו טראַכטן אַז מיטן סאָציאַליזם וועט בכלל פאַרשווינדן יעטוועדער באַלעבאָס, איז עס אַ טעות, וואָס קען ברענגען צו גאַנץ גרויסע מיספאַרשטענדענישן. סאָציאַליזם שטעלט אַנידער אַנשטאָט דעם פּריוואַטן באַלעבאָס דעם כלל, די געזעלשאַפט, און אַנשטאָט דעם פּריוואַטן באַלעבאָס קומט דער אַלגעמיינער באַלעבאָס: די געזעלשאַפט. אויך אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט זיין מערוועדט, אָבער דער מערווערט וועט דאַן אַריבערגיין ניט צום פּריוואַטן באַלעבאָס, ווי צו דעם אייגנטימער פון אַלע פּראָדוקציע־מיטלען, נאָר צו דער מדינה, וועלכע וועט דאַן זיין דער אייגנטימער פון אַלע פּראָדוקציע־מיטלען אין לאַנד. דעריבער האָבן אין אונדזערע אויגן די קבוצות ניט אויסגעזען צו זיין סאָציאַליסטיש. ווייל וויכטיק איז דאָך די פראַגע, ווי עס ווערט פאַרטיילט די אויסאַרבעטונג: אַלץ וואָס ווערט געשאַפן געהער די חברים פון דער קבוצה. זאָלן מיר זאָגן, אַז די צעטיילונג איז אַ גלייכע און אַ גערעכטע, אָבער עס קען דאָך געשאַפן ווערן אַזאַ מצב, אַז איין קבוצה וועט מער מצליח זיין פאַר דער צווייטער און דאַן שאַפט זיך דאָך די באַזע פאַר פּריוואַט־אייגנטום... מען קען פאַרשטיין אַזוי: אַז אויב די קבוצות וועלן מצליח זיין, וועלן זיי סוף־סוף מוזן אויפנעמען געדונגענע אַרבעטער... דעריבער דאַרף זיין איין באַלעבאָס איבער אַלע קבוצות, וואָס צו דעם באַלעבאָס וועט געהערן די גאַנצע פּראָדוקציע פון די קבוצות (איך האָב דאַן ניט געקענט וויסן, אַז אין יאָרן שפּעטער וועלן זיך די קיבוצים פאַראייניקן אין דריי צענטערן. איך האָב אויך ניט געקענט וויסן, אַז נאָך מער ווי פערציק יאָר וועט נאָך די הסתדרות באַהאַנדלען די פראַגע פון געדונגענער אַר׳בעט אין די קיבוצים).

מיר האָבן דאַן געטראַכט, אַז דער באַלעבאָס דאַרף זיין די אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל און דער פּאַלעסטינע־אַרבעטער־פאַנד, ווי די אָרגאַניזירטע אינ־סטאַנץ זייערע. פון דעם מערווערט, וואָס שאַפט זיך פון דער אַרבעט פון די קבוצות, דאַרף אויסגעגעבן ווערן איין טייל אויף אויסברייטערן די ווירטשאַפט, און דער צווייטער טייל דאַרף גיין אויף אויסבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון חברים... די באַדייטונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג באַשטייט בכלל אין דעם, וואָס זי שאַפט די עקאָנאָמישע זעלבשטענדיקייט פון די אַרבעטער. דער אַרבעטער אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג ווייסט נאָר איין זאַך: צו זוכן אַן אָרט, ווו ער קען פאַרקויפן זיין אַרבעטס־כוח, אויסנוצן אים אויף אַן אַנדער אופן פאַלט גאָר ניט איין אין קאָפּ. די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, הן די קאָנסום־קאָאָפּעראַציע, הן די אינדוסטריע־קאָאָפּעראַציע, באַווייזט דעם

אַרבעטער, אַז ניט נאָר דער באַלעבאָס פון דער אונטערנעמונג האָט די אָרגאַ־ניזיר־פעיִקייט, נאָר, אַז ער, דער אַרבעטער, קען אויך אָרגאַניזירן די אַרבעט, אויב ער פאַראייניקט זיך מיט אַנדערע אַרבעטער. דאָס גרייט אים צו צו דער צייט, וואָס איז שוין ניט ווייט, ווען דער אַרבעטער וועט דאַרפן אָרגאַניזירן דעם גאַנצן אינדוסטריע־פּראָצעס. און דעריבער שטעלן פאַר ביי אונדז די קבוצות די פאָרעם פון אַרבעט, וואָס אַנטשפּרעכט דער איבערגאַנגס־תקופה אין דער וועלט פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם, די תקופה אין וועלכער מיר געפינען זיך אַצינד. דעריבער דאַרפן מיר אויך שטיצן די קבוצות. אָבער אין דער זעלביקער צייט דאַרפן מיר אַליין ניט פאַרגעסן און מיר דאַרפן דערמאָנען די חברים אין ארץ־ישראל, אַז די קבוצות אין דעם איצטיקן צושטאַנד (1919־נ.) שטעלן מיט זיך ניט פאָר קיין סאָציאַליסטישע פאָרעם פון אַרבעט, און אויב מיר ווילן תיכף צוטרעטן צום בוי פון אַ סאָציאַליסטישן ארץ־ישראל, מוז מען זיי ענדערן. דאָס האָב איך געשריבן אין דער „אַרבעטער־צייטונג" דעם 31סטן אָקטאָבער 1919.

דער וויכוח וועגן די קבוצות און וועגן דעם אַריינגעמען די פּאַרטיי „אַחדות העבודה" אין וועלט־פאַרבאַנד איז געווען דער עיקר־וויכוח צווישן אונדז, די פּוילישע און די א"י־חברים. זיי האָבן געוואָלט אונדז דערווייזן, אַז די קבוצות זענען עס דער וועג צו בויען סאָציאַליזם אין ארץ־ישראל, ווייל די אַרבעט איז שוין אָרגאַניזירט אין דער סאָציאַליסטישער פאָרעם, און אויב די צאָל קבוצות וועט זיך פאַרמערן אין ארץ־ישראל, ווייל מענטשן וועלן זען, אַז דער ענין איז אַ גוטער, וועט דאַן גאַנץ ארץ־ישראל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ סאָציאַליסטישע. פאַר אונדז, מאַרקסיסטן, איז דער געדאַנקען־גאַנג געווען זייער אַ מאָדנער. מיר האָבן פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די קבוצות, מיר זענען אָבער געווען זייער ווייט פון דער „ביישפּיל־טעאָריע", וואָס דורך איר וועט געבויט ווערן דער סאָציאַליזם. פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט פון די ארץ־ישראלדיקע חברים, וועלכן ס'האָט אויך איבערגענומען דער ח' סירקין, איז אַרויסגעדרונגען די מסקנה, אַז אויב די קבוצות שאַפן דעם סאָציאַליזם אין לאַנד, דאַרף אין לאַנד אַריינקומען נאָר דער נאַציאָנאַלער קאַפּיטאַל, אָבער ניט דער פּריוואַטער. סירקין איז געגאַנגען נאָך ווייטער: ער האָט געטענהט, אַז מען דאַרף פאַרווערן דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל אַריינקומען אין לאַנד. איך געדענק נאָך גוט דעם מיטינג, וואָס מיר האָבן איינגעאָרדנט אין שטאָקהאָלם, און אויף וועלכן עס זענען אַרויסגעטרעטן קאַפּלאַנסקי, רעוווצקי, סירקין און איך. סירקין האָט דאָ אַנטוויקלט זיין טעאָריע, און מיט גרויס פּאַטאָס האָט ער פּראָקלאַמירט: „פּראָקול עסטע, קאַפּיטאַליסטי (דערווייטערט זיך קאַפּיטאַליסטן). די פראַזע האָט סירקין געשאַפן אַנאַלאָגיש צו דער באַרימטער רוימישער פראַזע: „פּראָקול

עסטע, פּראָפּאַני" — דערוווייטערט זיך, פּראָפּאַנען — דאָס איז געווען דער אויסרוף פון די כוהנים אין אַלטן רוים בשעת מען האָט באַגראָבן אַ מענטשן.

מיר האָבן באין אופן ניט געקענט אויפנעמען דעם אוטאָפּיסטישן געדאַנק וועגן שאַפן אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג דורך די קבוצות אין מיטן פון דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, און ספּעציעל נאָך אין די באַדינגונגען פון דער פעאָדאַלער ווירטשאַפט אין ארץ־ישראל. דער דאָזיקער וויכוח האָט זיך אָנגעהויבן ביי אונדז דאָן אין יאָר 1919, אָבער ער האָט געדויערט שפּעטער אַ צענדליק יאָרן, און האָט זיך פאַרשאַרפט, דער עיקר אין די ערשטע יאָרן, אויף די זיצונגען פון דער א"י־קאָמיסיע. אָבער דערצו וועל איך קומען, ווען איך וועל דערגיין צו דער קאָמיסיע אין א"י. סירקין איז ווייט ניט געווען קיין מאַרקסיסט, ער האָט אָבער גוט געקענט מאַרקס לערע. אין יאָר 1920 האָט ער אָנגעשריבן אין דער טאָג־צייטונג פון די אַמעריקאַנער פּועלי־ציון אַ פּאָר אַרטיקלען „וועגן די העכערע מאָטיוון פון ציוניזם", אין וועלכע ער האָט זיך באַמיט, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „קאָרעגירן" מאַרקסן דורך דעם, וואָס ער האָט אין דער מאַטעריאַליסטישער טעאָריע פון מאַרקסן געוואָלט אַריינפירן דעם אידעאַליסטישן מאָמענט. די א"ידיקע חברים האָבן דאָן בכלל זיך ניט אינטערעסירט מיט מאַרקסן, ניט מיט אַלגעמיינע עקאָנאָמישע געזעצן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן דערפונדן אַן אייגענעם וועג צום סאָציאַליזם. זיי האָבן געטענהט, אַז נאָר מיט דעם גרויסן און שטאַרקן ווילן פונעם פאָלק וועלן זיי אויפבויען דאָס לאַנד און דעם סאָציאַליזם אין לאַנד. זיי זענען געווען גאַנץ ווייט פון פאַרשטיין, אַז כדי אַ געוויסע באַוועגונג זאָל זיך אַנטוויקלען, מוז מען אויך אַנאַליזירן די אַרומיקע, אָביעקטיווע באַדינגונגען. זיי, ווי געזאָגט, האָבן זיך געשטיצט איינציק און אַליין אויפן אינערלעכן ווילן, זיי זענען געווען וואָלונטאַריסטן אין פולן זין פון וואָרט.

די דאָזיקע מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן אונדז, דער טיפער אונטערשייד צווישן וואָלונטאַריסטן און מאַרקסיסטן האָבן סוף־כל־סוף אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג געמוזט ברענגען צו אַ שפּאַלטונג. אָבער דאַן אין שטאָקהאָלם זענען מיר ניט געווען גרייט דערצו און מיר האָבן אויך ניט געהאַט אַזאַ פולמאַכט פון אונדזערע חברים. אַגב איז אין שטאָקהאָלם ניט געווען קיין וועלט־קאָנפערענץ, נאָר אַ וועלט־באַראַטונג, און צום ערשטן מאָל האָבן מיר זיך געטראָפן מיט אונדזערע א"י־חברים, פון וועלכע מיר זענען אָפּגעריסן געווען אין משך פון די מלחמה־יאָרן. און דעריבער איז דאַן אין שטאָקהאָלם אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק אַ פּשרה־רעזאָלוציע, פון וועלכער איך ציטיר דאָ דעם ערשטן אָבער וויכטיקסטן טייל: „די באַראַטונג האַלט, אַז די שאַפונג פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים, וואָס זאָל אַריינעמען אין זיך די ברייטע יידישע אַרבעטער

און אַרבעט־זוכנדיקע מאַסן שטייט אין סכנה דורך דער פּריוואַטער קאַפּיטאַ־ליסטישער קאָלאָניזאַציע, ווייל זי האָט אין זינען אירע אייגענע נוצן און רווחים און איז עלול צו באַרויבן פון ארץ־ישראל איר באַדייטונג פאַרן יידישן פאָלק. אַז די לעבנס־באַדערפעניש פון די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן פאָדערן אַ ווייט־גייענדיקע סאָציאַלע קאָלאָניזאַציע־שיטה, וואָס איז באַזירט אויפן נאַציאָנאַליזירטן באָדן, אויף דער קאָאָפּעראַטיווער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע אין שטאָט און אין דאָרף, אויף דעם נאַציאָנאַלן קאָנטראָל, אויף דער פּראָדוקציע, אויף דער אָנגעהעריקייט פון נוצלעכע אונטערנעמונגען צום פאָלקס אייגנטום, דער אָר־גאַניזאַציע פון קאָנסום־פאַראיינען און פּלאַנמעסיקער סאָציאַלער געזעצגעבונג אויפן געביט פון עליה, קאָלאָניזאַציע, אַרבעט, שיכון, פאָלקס־געזונט, פאַר־זיכערונג, נאַציאָנאַלע דערציִונג. סאָציאַלע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין ארץ־ישראל עפנט מעגלעכקייטן פאַר אַ ברייטער מאַסן־עליה, גיט דעם אויסדרוק די סאָציאַלע שאַפונגס־כוחות פון די יידישע אַרבעטער און עפנט דעם וועג צו אַ סאָציאַליס־טישער ארץ־ישראל אין דער איצטיקער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אין דער צייט פון דעם אַנטשיידענעם קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

„אַ ברייטע, סיסטעמאַטישע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט איז פאַרזיכערט, אויב דער יידישער אַרבעטער־קלאַס וועט זיך באַנוצן מיט זיינע אָרגאַניזירטע כוחות צום בוי פון ארץ־ישראל, ווען ער וועט סיסטעמאַטיש פאַרטיידיקן זיינע אינטער־רעסן און זיינע שטרעבונגען אין דעם דויערנדיקן פּראָצעס פון שאַפונג און קאָלאָניזאַציע און פירן אָן אַן אויפהער די מלחמה קעגן די קאַפּיטאַליסטישע טענדענצן און פאַר אַ סאָציאַליסטישן ארץ־ישראל, געשטיצט אין דעם דאָזיקן קאַמף זיינעם דורך דער סאָלידאַריטעט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָ־לעטאַריאַט.

„די באַראַטונג האַלט, אַז אין דער דאָזיקער שווערער און גורלדיקער שעה, ווען די פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע שטרייטיקייטן האָבן געשטעלט אין סכנה דאָס לעבן פון וויכטיקע טיילן פון יידישן פאָלק, ווען די סאָציאַלע רעוואָ־לוציעס צעשטערן די יסודות פון יידישן קיום און פאָדערן דעם תיכפדיקן איבער־גאַנג פון די ברייטע יידישע מאַסן צו אַ פּראָדוקטיווערווירטשאַפט, און ווען ארץ־ישראל קען זיין דער צענטער פון עליה און יידישער אויפלעבונג — אין דער דאָזיקער אַחריותפולער שעה ליגט די פליכט אויף פּועלי־ציון פון דער גאַנצער וועלט אַוועקצושטעלן די אַרבעט פאַר ארץ־ישראל אויפן סדר היום פון די יידישע אַרבעטער, אויפוועקן און פאַרטיפן ביי זיי דאָס ארץ־ישראלדיקע באַוווסטזיין און פאָדערן פון זיי אַ פּלאַנמעסיקע סיסטעמאַטישע ענערגישע

אָפּפּער־גרייטע טעטיקייט, כדי צו שאַפן אין ארץ־ישראל אַ יידישע געזעלשאַפט אויף סאָציאַליסטישע יסודות.

„די באַראַטונג פאַרפליכטעט אַלע לאַנדעס־פּאַרטייען צו פירן דעם קאַמף פאַר ארץ־ישראל־אַרבעט אין אַלע אַנשטאַלטן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע: אין די קהילות, קהילות־פאַרבאַנדן, נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונגען, און אויף יידישע קאָנגרעסן, אין דער פּראָפעסיאָנעלער און קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און אין די אַרבעטער־פאַרבאַנדן (אָרדענס). ביי אַלע וואַלן דאַרף מען אַרויסשטעלן דעם לאָזונג פון סאָציאַלער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל...״

אין צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער אַ וויכוח מיט די א״י־חברים האָט זיך געשטעלט די פראַגע, צי די נייע פּאַרטיי „אחדות העבודה״ קען אָנגענומען ווערן אין פאַרבאַנד אַנשטאָט דער פריערדיקער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אין א״י. איך האָב שוין אויפגעקלערט די ספקות און חשדים, וואָס מיר, די פּוילישע, האָבן געהאַט קעגן דער נייער פּאַרטיי. די מערהייט אין שטאָקהאָלם איז געווען פאַרן אַריינגעמען „אַחדות העבודה״ אין פאַרבאַנד ביז צו דער וועלט־קאָנפערענץ, און מיר, די פּוילישע דעלעגאַציע, האָבן באַשטימט זיך אָפּצוהאַלטן פון שטימען, ווייל מיר דריי זענען ניט געווען איינשטימיק צווישן זיך און אַגב האָבן מיר אויך געקענט דעם געדאַנקען־גאַנג פון אונדזערע חברים אין פּוילן. אָבער די א״י־חברים האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען ניט גרייט אין דער פראַגע אָנצונעמען אַ מערהייט־באַשלוס, און אויב די פּוילישע דעלעגאַציע, וועלכע שטעלט פאָר אַ מאַסן־פּאַרטיי, וועט ניט שטימען פּאָזיטיוו, קענען זיי זיך ניט פילן ווי אַ טייל מיט גלייכע רעכט אין דעם וועלט־פאַרבאַנד פון פּועלי־ציון. דאַן האָבן די חברים פון פאַרבאַנדס־ביוראָ, דער עיקר קאַפּלאַנסקי און כאַזאַנאָוויטש אָנגעהויבן דריקן אויף אונדז, אַז מיר זאָלן שטימען פאַרן אַריינגעמען „אַחדות העבודה״ אין פאַרבאַנד. די באַראַטונג האָט אָפּגעלייגט די ענדגילטיקע אַנטשיידונג אויף מאָרגן, בתנאי, אַז אין משך פון דער נאַכט זאָל די פּוילישע דעלעגאַציע באַשטימען אין דעם ענין אַהין אָדער אַהער.

מיר זענען געזעסן זאַלבעדריט; מוליע, יאַרבלום און איך ביז שפּעט אין דער נאַכט און האָבן ניט געקענט קומען צו אַן איינשטימיקן באַשלוס. צום סוף האָבן מוליע און יאַרבלום מיר דערקלערט, אַז זיי גיבן איבער דעם באַשלוס מיר; ד. ה., אַז איך דאַרף באַשטימען. ווייל איינער פון זיי, יאַרבלום, איז פאַרן אָננעמען „אחדות העבודה״, און דער צווייטער, מוליע, איז קעגן אָננעמען. און דעריבער דאַרף איך באַשטימען, צו וועלכן צד איך וועל נוטה זיין און דער צד וועט האָבן די מערהייט. אַזוי אַרום האָט זיך פאַרענדיקט צווישן אונדז דריי דער וויכוח, און ביידע חברים האָבן זיך לייכט געמאַכט דאָס לעבן, יעדער איז געבליבן ביי זיין מיינונג, און האָט אַרויפגעלייגט אויף מיר אַליין די פאַר־

אַנטוואָרטלעכקייט. איך מוז מודה זיין, אַז די גאַנצע נאַכט בין איך ניט געשלאָפן, ווייל אַזוי צי אַזוי איז דאָך געווען פאַר מיר קלאָר, אַז איך נעם אויף זיך דאָ גאָר אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. צום סוף האָב איך באַשלאָסן צוצוגעבן מיין מיינונג צו יאַרבלומס מיינונג, בתנאי, אַז נאָך דעם פּרינציפּיעלן באַשלוס וועגן אויפנעמען „אחדות העבודה״ אין פאַרבאַנד, וועלן מיר, די פּוילישע דעלעגאַציע, אָפּגעבן אַ ספּעציעלע דערקלערונג.

דער באַשלוס וועגן אויפנעמען „אחדות העבודה״ אין פאַרבאַנד לויטעט אַזוי:

1. אין הסכם מיטן באַשלוס פון דער אַכצנטער קאָנפערענץ פון י.ס.ד.א.פ. פועלי־ציון אין ארץ־ישראל און אין הסכם מיטן באַשלוס פון דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער (ניט סאָציאַלער — ב.) פאַראייניקונג פון די אַרבעטער אין ארץ־ישראל „אַחדות העבודה״, באַשליסט די באַראַטונג פון יידישן סאָציאַליסטישן אַרבעטער־פאַרבאַנד „פועלי־ציון״, אַז די אָרגאַניזאַציע „אחדות העבודה״, ווי אַ פּאַרטיי, וואָס פירט דעם פּאָליטישן אוןווירטשאַפטלעכן קלאַסן־קאַמף (דאָס וואָרט איז ניט דערמאָנט געוואָרן אין פּראָגראַם פון „אחדות העבודה״) פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין ארץ־ישראל, גייט אַריין אין וועלט־פאַרבאַנד פון פועלי־ציון מיט רעכטן און פליכטן פון אַ לאַנד־פּאַרטיי פון פאַרבאַנד, און אַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונגען צווישן דער פּאַרטיי „פועלי־ציון״ אין ארץ־ישראל און דעם וועלט־פאַרבאַנד פון „פועלי־ציון״ גייען אַריבער צו „אחדות העבודה״, לויט די באַשטייענדיקע תקנות.

2. די באַראַטונג שטעלט פעסט אויפן יסוד פון די דערקלערונגען פון דער א״י־דעלעגאַציע, אַז די החלטות פון דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון „אחדות העבודה״ בנוגע די באַציִונגען פון דער פּאַרטיי צו די אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייען אויסער דעם פאַרבאַנד „פועלי־ציון״, דאַרפן פאַרשטאַנען ווערן אין הסכם מיט די תקנות פון וועלט־פאַרבאַנד.

3. די באַראַטונג האָט מיט צופרידנקייט אויסגעהערט די דערקלערונג פון דער א״י־דעלעגאַציע, אַז זי זאָגט זיך אָפּ פון דעם צענז בנוגע דער שפּראַך, אַלס באַדינגונג פאַר פּאַסיווע וואַל־רעכט צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין ארץ־ישראל און זי וועט ווירקן דורך „אחדות העבודה״ מבטל צו מאַכן די דאָזיקע באַגרענעצונג״.

די דאָזיקע באַגרענעצונג, אַז פּאַסיווע וואַל־רעכט אין ארץ־ישראל האָט נאָר דער, וועער עס קען לייענען און שרייבן העברעיִש — האָט אונדז אין פּוילן ספּעציעל אויפגעבראַכט. דאָ איז טאַקע אין וואַל־געזעץ צום פּוילישן סיים און

צו די מוניציפּאַליטעטן אַריינגענומען געוואָרן אַזאַ באַגרענעצונג בנוגע דער פּוילישער שפּראַך. ווער עס קען ניט לייענען און שרייבן פּויליש האָט ניט קיין וואַל־רעכט. די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין פּוילן האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער דאָזיקער באַגרענעצונג, ווייל זי האָט געקענט באַרויבן פונעם וואַל־רעכט אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. מיר האָבן געטענהט אין שטאָקהאָלם, אַז די דאָזיקע באַגרענעצונג אין ארץ־ישראל איז ווי אַ מעסער אין רוקן אונדז אין פּוילן. די א״י־דעלעגאַציע האָט ווי אַ לייב געקעמפט פאַר דער דאָזיקער באַגרענעצונג, אָבער סוף־כל־סוף האָט זי געמוזט מסכים זיין מוותר צו זיין אויף איר אונטערן דרוק פון אַלע חברים פון דער באַראַטונג. און, אגב, איז דאָס געווען די באַדינגונג פאַר אונדזער פּאָזיטיווער אָפּשטימונג אין דער פראַגע פון אויפנעמען די ארץ־ישראל פּאַרטיי אין וועלט־פאַרבאַנד.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן באַשלוס האָט אונדזער פּוילישע דע־לעגאַציע אָפּגעגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונג:

1. מיר שטעלן פעסט: א. אַז דער וויכוח און די אויפקלערונגען פון די פאַרשטייער פון „אחדות העבודה״ וועגן די ספּעציפישע באַדינגונגען פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל האָבן קלאָר געמאַכט אַ סך ספקות און מיס־פאַרשטענדענישן. ב. אַז דער איצטיקער פּראָגראַם פון „אחדות העבודה״ איז נאָר אַ פּראָיעקט־פּראָגראַם. ג. אַז די ענדגילטיקע באַשטעטיקונג פון אויפנעמען אַ נייע פּאַרטיי אין וועלט־פאַרבאַנד, און דעריבער אויך דאָס אויפנעמען פון „אחדות העבודה״, געהערט לויט די תקנות צו דער וועלט־קאָנפערענץ, און דערפאַר שטימען מיר אַז „אחדות העבודה״ פאַרנעמט איצט דעם אָרט פון י. ס. א. פּ. „פּועלי־ציון״ אין ארץ־ישראל אין וועלט־פאַרבאַנד.

2. אין דער זעלביקער צייט שטעלן מיר פעסט, אַז דאָס פעלן פון קלאָרקייט אין דער פאָרמולירונג פון דער אויפגאַבע פון קלאַסן־קאַמף אין דעם פּראָגראַם פון „אחדות העבודה״, און אַזוי אויך די שטעלונג פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע אין דער שפּראַכן־פראַגע קענען געבן אַ יסוד צו אומווינטשנס־ווערטע מיספאַרשטייענישן אין דעם וועלט־פאַרבאַנד, און דריקן אויס אונדזער האָפענונג, אַז „אחדות העבודה״ וועט באַזייטיקן די סיבות פאַר די דאָזיקע מיספאַרשטייענישן, כדי צו דערגרייכן אַ קעגנזייטיקע פאַרשטענדיקונג צווישן אַלע שטרעמונגען און ריכטונגען אין אונדזערע לאַנד־פּאַרטייען.

די שטאָקהאָלמער באַראַטונג האָט אויך באַהאַנדלט דעם ענין פון דער ארץ־ישראל־קאָמיסיע און אָנגענומען לגבי איר פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„די באַראַטונג באַשטעטיקט דעם באַשלוס פון פאַרבאַנדס־ביוראָ צו

שיקן אַן אַרבעט־קאָמיסיע קיין ארץ־ישראל און אַרויפלייגן אויף איר פאַלגנדיקע אויפגאַבן:

א. אויסצופאָרשן די מעגלעכקייטן צו פאַרשטאַרקן די עליה פון יידישע אַרבעטער קיין א״י.

ב. אויפצוקלערן די יסודותדיקע פּראָבלעמען פון ברייטער קאָלאָניזאַציע מיט די פּרינציפּן פון אַרבעט און פרייער קאָאָפּעראַציע.

ג. שאַפן אין הסכם מיט די אַרבעטער אין ארץ־ישראל אַ פּלאַן פאַר ווירטשאַפטלעכער, קולטורעלער, לאַנדווירטשאַפטלעכער און קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין ארץ־ישראל און פאַר ארץ־ישראל אין דער נאָענטער תקופה. די באַראַטונג באַאויפטראַגט די קאָמיסיע אויסצופאָרשן די פּראָבלעמען פון אַרבעט פון פא״פ (פּאַלעסטינער אַרבעטער פאָנד) און צוגרייטן אַ פּלאַן פון אַ קאָאָפּעראַטיווער אַרבעטער באַנק.

די קאָמיסיע באַשטייט פון חברים, וואָס ווערן אויסגעקליבן דורך דער באַראַטונג, פון דריי פאָרשטייער פון „אחדות העבודה״, פון פאָרשטייער פון די פּאַרטייען און פון חברים, וואָס ווערן באַשטימט דורכן פאַרבאַנדס־ביוראָ. דער דין וחשבון פון דער קאָמיסיע וועט געבראַכט ווערן פאַר דער וועלט־קאָנפערענץ פון וועלט־פאַרבאַנד״.

אין משך פון אַ חודש צייט נאָך דער קאָנפערענץ איז צונויפגעשטעלט געוואָרן די קאָמיסיע. די חברים וואָס זענען אויסגעקליבן געוואָרן דורך דער באַראַטונג זענען געווען: ניר, רעוווצקי און רובאַשאָוו; די חברים בלאָך־בלומענפעלד און יצחק בן־צבי ווי די פאָרשטייער פון אַרבעט־סעקרעטאַריאַט פון וועלט־פאַרבאַנד, סירקין און פּראָפ. פיינמאַן, ווי די פאָרשטייער פון דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי, דוד בן גוריון, יצחק טאַבענקין און ש. יבנאלי ווי די פאָרשטייער פון דער א״י־פּאַרטיי, א. אפרתי ווי דער פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי אין אוקראַינע און נתן פינטשוק, ווי דער פאָרשטייער פון דער ליט־ווישער פּאַרטיי. די חברים כאַזאַנאָוויטש, קאַפּלאַנסקי און אָסקאַר קאָן (פון דייטשלאַנד) זענען אויך אויסגעקליבן געוואָרן דורך דער באַראַטונג, אָבער האָבן ניט געקענט אָנטייל נעמען אין דער קאָמיסיע צוליב טעכנישע סיבות.

מיר האָבן פאַרבראַכט אין שטאָקהאָלם אַ פּאָר וואָכן, און ס׳פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן ניט געקענט אין דער קורצער צייט לערנען די שפּראַך. אָבער רעוווצקי, וועלכער איז אָנגעקומען קיין שטאָקהאָלם מיט אַ פּאָר וואָכן פריער פאַר אונדז, האָט באַוויזן זיך אויסצולערנען שוועדיש, האָט געלייענט שוועדישע צייטונגען און ער פלעגט אונדז איבערגעבן אַלע טאָג אינפאָרמאַציעס.

אין שטאָקהאָלם זענען דאַן דערשינען אַ פּאָר צייטונגען אין פאַרשיידענע

שפּראַכן און איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט אַ ביסל זיך צו באַקענען מיט דעם דאָרטיקן לעבן און ספּעציעל מיטן לעבן פון די רוסישע ווייסע עמיגראַנטן.

שטאָקהאָלם איז דעמאָלט געוואָרן איינער פון די צענטרען, אין וועלכע עס האָט זיך קאָנצענטרירט די רוסישע ווייסע עמיגראַציע. די עמיגראַציע איז באַשטאַנען פון רייכע מענטשן, פּאָליטישע קעגנער פון דעם ראַטן־סיסטעם, וואָס זענען שטענדיק געזעסן אין „גראַנד האָטעל", און פון כלערליי מינים פון אינטערנאַציאָנאַלע אַוואַנטוריסטן און שאַנטאַזשיסטן. די רייכע האָבן געהאָלפן מיט געלט די קעגנער פון די באָלשעוויקעס צו אָרגאַניזירן די קאָנטער־רעוואָ־לוציע. אין דער דאָזיקער גרופּע פון אַנטי־באָלשעוויקעס זענען געווען מענטשן מיט פאַרשיידענע מיינונגען: שוואַרץ־מאהניקעס זענען געזעסן צוזאַמען מיט מענטשן, וועלכע זענען אַ מאָל געווען רעוואָלוציאָנערן, ווי למשל סאַווינקאָוו (דער מחבר פון באַרימטן ראָמאַן „דער בלאַסער פערד" — זיין פּסעוודאָנים איז געווען „ראָפּשין". ער איז געווען פון די באַוווסטע סאַמע לינקסטע ביי די ס. ר. — סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן). ער האָט מיט אַ צייט שפּעטער תשובה געטאָן, צוריקגעקערט זיך אין מאָסקווע, איז דאָרט אַרעסטירט געוואָרן און באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אַרויסשפּרינגענדיק פון פענצטער פון תפיסה, אַלעק־סינסקי, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ דעפּוטאַט, דאַכט זיך אין דער פערטער דומע, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַפילו אַ באָלשעוויק; בורצעוו, וואָס איז קיין מאָל ניט געווען קיין חבר אין אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, אָבער האָט מיטגע־האָלפן די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אין די צאַרישע צייטן. ער האָט עס אַרויס־געגעבן דעם זשורנאַל „בילאָיע" (דאָס געוועזענע) און ער איז געווען אַ מומחה אויפן געביט פון אויפדעקן פּראָוואָקאַטאָרן (דאָס האָט ער מיט דער הילף פון זיין דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט לאָפּוכין אַנטדעקט אַזעפן) און אַנדערע.

די ווייסע עמיגראַציע האָט זיך קאָנצענטרירט ניט נאָר אין שטאָקהאָלם, נאָר אויך אין פּאַריז, בערלין און אין אַנדערע שטעט, אָבער אַלע זענען זיי געווען פאַרבונדן צווישן זיך. בורצעוו האָט אַרויסגעגעבן אין פּאַריז די צייטונג „אָבשטשעיע דיעלאָ" (אַלגעמיינער ענין), און געמאַכט פּאַר נאַציאָנאַלע גיבורים קאָלטשאַקן, דעניקינען, אַלעקסינסקין און סאַווינקאָוון. אַפילו די צייטונג פון דער שוואַרצער מאה, וואָס איז דאַן דערשינען אין בערלין „פּריזיוו" (דער רוף) איז געווען מעסיקער פון בורצעווס צייטונג. אין בערלין איז אויך אַרויסגעגע־גאַנגען די צייטונג פון די לינקע קאַדעטן „גאָלאָס ראָסיאי" (די שטים פון רוסלאַנד). דאָרט זענען אַפילו געווען אַרטיקלען קעגן קאָלטשאַקן, קעגן אַנטי־דעמאָקראַטישער פּאָליטיק. דאָרט איז געווען אַ וואָרענונג, אַז מען קען ניט קעמפן קעגן דעם באָלשעוויזם מיט דער פּאָליטיק פון דעניקינען, ווייל די ניי־טראַלע באַפעלקערונג וועט זיך באַציִען מיט אַ גרעסערער סימפּאַטיע צו די

באָלשעוויקעס ווי צו די, וואָס שיקן שטראָף־עקספּעדיציעס (דעניקין). די דריטע צייטונג, וואָס איז דאַן אַרויס אין בערלין, „זיעמליאַ״ (די ערד), איז געווען די צייטונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, מענשעוויקעס, וואָס האָט זיך סימ־פּאַטיש באַצויגן צו קאָלטשאַקן. אין קאָפּענהאַגען איז אַרויס די צייטונג „וואָזראָזשדעניע״ (די אויפלעבונג) און אין העלסינגפאָרס — „רוסקאַיאַ זשיזן״ (דאָס רוסישע לעבן). ניט האָבנדיק קיין ברירה האָב איך אין שטאָקהאָלם געלייענט אָט די גאַנצע „ליטעראַטור״. אַלע צייטונגען זענען געווען דורכגע־דרונגען מיט בלינדער שנאה צו די באָלשעוויקעס און צום ראַטן־סיסטעם, נאָר אַ מאָל פלעגן זיך אין זיי באַווייזן גאַנץ אינטערעסאַנטע ידיעות, וואָס די צייטונגען פלעגן נעמען פון דער סאָוויעטישער פּרעסע פון מאָסקווע. אין שטאָקהאָלם איז אויך דערשינען אַ ספּעציעלער ביולעטין, וואָס זיין אינהאַלט איז דער עיקר באַשטאַנען פון בעגאַטיווע ידיעות וועגן דער ראַטן־מאַכט.

אין בערלין האָבן די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן אַפילו אַרויסגעגעבן אַ זאַמל־בוך „לוטש סוויעטאַ״ (אַ ליכט־שטראַל). אין דער אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען אין רוסלאַנד אין די צאַרישע צייטן האָט מען אָפט געלייענט, „וועגן דער פינצטערער נאַכט, וואָס אין איר לייכטן נאָך מער די איינציקע שטערנס״, וועגן „גיכן מאָרגנשטערן״, וועגן „די ערשטע זונען־שטראַלן״ וכדומה. פונקט די זעלביקע מליצה איז געווען אין דער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער ליטע־ראַטור. „די שוואַרצע נאַכט הערשט יעצט אין רוסלאַנד, וואָס אירע אמתע און טרייע זין זענען יעצט צעשפּרייט צווישן די פעלקער איבער דער וועלט, אָבער מען זעט שוין די פונקען פון ליכט, און דאָס זענען די נאַציאָנאַלע העלדן״ אאַ״וו. אין דעם לעצטן זאַמלבוך איז שוין באַרירט געוואָרן עפּעס נייס. דאָס איז געווען דער ענין פון יידן. ס׳איז אין אים דערשינען אַ לאַנגער און „ערנס־טער״ מאמר, לויט וועלכן אין צרות פון דער גאָרער וועלט זענען שולדיק די יידן, וואָס קאָנצענטרירן זיך אין מאַסאַנען־לאָזשעס. דער אַרטיקל האָט דער־מאָנט, אַז אין יאָר 1898 זענען אַרויס „די פּראָטאָקאָלן פון חכמי ציון״, וואָס האָבן בולט דערוויזן דעם אַפּעטיט פון די יידן צו באַהערשן די וועלט. אָבער די יידן האָבן תיכף פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ טעות דערמיט, וואָס זיי האָבן געעפנט די קאָרטן, און תיכף האָבן זיי אַרויסגעצויגן פון פאַרקויף דאָס דאָזיקע בוך. אַזוי טוען די יידן תמיד, און תיכף ווערט געבראַכט אַ משל: אין דער טראָאיצקער לאַווורע האָט איינער אַ הייליקער אַרויסגעגעבן אַ בוך קעגן די יידן, דאָס איז געווען נאָך פאַר דער רעוואָלוציע, און ווען עס איז געקומען די רעוואָלוציע האָט מען תיכף געשיקט אַ קאָמיסאַר אין דער לאַווורע און מען האָט קאָנפיסקירט גאַנצע וואַגאָנען מיט דעם דאָזיקן בוך, און איצט קען מען אים ניט געפינען.

אָבער אין דער פּאָליטיק כלפּי די יידן זענען די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן ניט געווען זייער קאָנסעקווענט. קודם־כּל האָט מען דערקלערט, פּונקט ווי אין פּוילן, אַז אַלע באָלשעוויקעס זענען יידן. דערפון איז מען געקומען צו דער פּאַרקערטער מסקנה, אַז אַלע יידן זענען באָלשעוויקעס, און די לאַגע איז שוין געווען קלאָר. אָבער, אַז מען האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די קאָנטער־רעוואָלוציע און מען האָט זיך געבייטיקט אין געלט, האָט מען זיך דער־נענטערט צו די „גראַנד־האָטעלניקעס״ און זיי האָבן טאַקע געגעבן אַ סך געלט, אָבער זיי זענען כּמעט אַלע געווען יידן, און זיי האָט דעריבער ניט געקענט באַפרידיקן די „לייזונג״ פון דער יידן־פראַגע אין דעם „נייעם רוסלאַנד״, אַזוי ווי אָט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן האָבן געוואָלט. דאַן האָט אַ טייל פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן אָנגעהויבן ענדערן די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע פּאָ־ליטיק. אַזוי האָט מען געשריבן אין דער „אויפלעבונג״ אין קאָפּענהאַגען, אַז די יידן זענען פּאַראינטערעסירט אין דער מפּלה פון די באָלשעוויקעס, אַז עס איז אַ טעות צו באַשולדיקן די יידן אין באָלשעוויזם, וכדומה. מען האָט אַפילו אָנגעהויבן משתּף צו זיין יידן אין די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען, ווי למשל, אין יודעניטשעס רעגירונג אין צפון (דווקא אין יענער צייט האָט יודע־ניטש געהאַט אַ געוויסן דערפאָלג — אויגוסט־סעפּטעמבער 1919 — און ער האָט זיך דערנענטערט צו פּיעטראָגראַד), אין וועלכער עס זענען שוין געווען דריי יידן. אָבער דעניקין האָט ניט געוווּסט פון קיין חכמות, ניט אָנגענומען קיינע פּשרות, און ער פלעגט איינאָרדענען פּאָגראָמען אויף יידן, ווו ער פלעגט נאָר קומען. בכלל האָט דעניקין ניט מסכּים געווען מיטן צענטער אין פּאַריז. דאָרט אין פּאַריז איז דאַן געגרינדעט געוואָרן „די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע רוסישע פאַרזאַמלונג מיט סאַווינקאָוון און מיליוקאָוון בראש. אַלע פעדים זענען געצויגן געוואָרן פון דעם דאָזיקן צענטער. און אַז עס זענען אָנגעקומען די ידיעות וועגן די פּאָגראָמען, וועגן די שטראָף־עקספּעדיציעס, וועגן די שיסערייען אין דעם מיליטער פון דעניקינען און קאָלטשאַקן, האָט זיך די דאָזיקע פאַר־זאַמלונג אָפיציעל געוואָנדן צו דעניקינען מיטן „פאָרשלאַג״, אַז ער זאָל זיך אַ ביסל איינהאַלטן, ווייל די דאָזיקע פּאָליטיק קען שאַטן ברענגען דעם גאַנצן ענין. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן האָבן דאַן גע־טראַכט, אַז דאָס פאַלן פון דער ראַטן־מאַכט איז אַן ענין פון אַ פּאָר חדשים, ווייל אויף אַלע גרענעצן פון דער גרויסער רוסישער אימפּעריע זענען געשטאַנען ווייסע רעגירונגען: אין צפון — יודעניטש, אין דרום — דעניקין און קאַלעדין, אין סיביר — קאָלטשאַק, אין עקסטרעמען צפון (מורמאַנסק) און אין עקסטרעמען דרום (באַקו) זענען געווען די ענגלישע און פראַנצויזישע אינטערווענטן.

דעניקין האָט זיך דאַן געפילט אויפן פערד און האָט געענטפערט, אַז

ער בעט די „פּאָליטיקער״, וואָס זיצן פון דער ווייטנס און קענען ניט די אָרטיקע באַדינגונגען, זיך ניט אַריינצומישן אין די דאָזיקע ענינים. דאָס האָט ניט געשטערט דעם „צענטער״ אין פּאַריז צו שיקן טעלעגראַמעס צו אַלע רעגירונגען און אַפילו שליחים, ווי אויך זיך צו ווענדן צו די רעגירונגען אין אייראָפּע. מאַקלאַקאָוו איז דאַן געפאָרן צו דעניקינען, און אין בערלין איז דערשינען איינער אַ גענעראַל, וואָס האָט אָפּגעדרוקט אין „רוף״ אַ „פּאַראָרדענונג״ אין נאָמען פון אַ „רוסישער מיסיע״, אַז אַלע רוסישע אונטערטאַנען דאַרפן זיך מאָביליזירן פאַר קאָלטשאַקס מיליטער, און אויב ניט, וועט מען זיי פאַררעכענען פאַר פאַרברעכער און שפּעטער צו, „כשירחיב״, וועט מען מיט זיי מאַכן דעם חשבון. אין בערלין האָט מען טאַקע דורכגעפירט אַ מאָביליזאַציע פאַר דעם מיליטער פון קאָלטשאַקן און דעניקינען, מען האָט מאָביליזירט אויך דייטשן, און מען האָט דאַן געקענט זען אין בערלין רוסישע אָפיצירן אין שפּאָגל־בייע אוניפאָרמען.

פּלוצעם דערוויסט מען זיך אין בערלין, אַז איינער אַן אַמעריקאַנער באַנקיר האָט געשלאָסן אַן אָפיציעלן הסכם מיט עפּעס אַ רוסישער רעגירונג פון ביסקופּסקי (ער איז געווען דער מאַן פון דער זינגערין וויאַלצעוואַ) און האָט אים געגעבן אַ הלוואה פון 300 מיליאָן רובל. דער ענין איז דערגאַנגען ביז צום דייטשן רייכסטאַג און דעם גענעראַל האָט מען אַרויסגעשיקט פון בערלין. דעם ענין פון דער הלוואה האָט מען אָפּגעלייקנט, אָבער דער אמת איז, אַז די אַלע רוסישע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען האָבן געבאָרגט געלט, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט און פלעגן זיך פאַרפליכטן איבערצוגעבן געוויסע קאָנצעסיעס, און פאַרשטייט זיך, אַז איין רעגירונג האָט ניט אָנערקענט די פאַרפליכטונגען פון דער צווייטער: אַזוי האָט יודעניטש אָנערקענט די זעלבשטענדיקייט פון עסטאָניע, און דעניקין האָט דערקלערט, אַז ער אָנערקענט זי ניט. די דאָזיקע אַלע גענעראַלן האָבן געהאַט גרויסע שטאַבן פון מענטשן, וועגן וועלכע מען האָט ניט געוווסט ווער זיי זענען. איינס איז געווען קלאָר, אַז די אַלע חברה־לייט האָבן געוואָלט עפּעס פאַרדינען.

אין שטאָקהאָלם האָט זיך דאַן געגרינדעט אַ ספּעציעלע גרופּע, וואָס בראש פון איר איז געשטאַנען איינער אַ גענעראַל כאַדי־לאַשי. די דאָזיקע גרופּע האָט אָנגעהויבן פּשוט כאַפּן רוסן, וואָס האָבן געהאַט עפּעס אַ שייכות צו דער ראַטן־מאַכט, און געהרגעט אַ פּאָר פון זיי, אַחוץ דעם פלעגט זי אויס־רויבן אַלץ, וואָס איז געווען אין די דירות פון די רוסן. אַזוי האָט זיך באַוויזן די ידיעה אין די צייטונגען וועגן צוויי געהרגעטע רוסן, און די פּאָליציי האָט ניט געקענט געפינען די רוצחים. אָבער עס איז געשען, אַז די גרופּע האָט געהרגעט דעם ד״ר אַרדאַשעוו. ווי מען האָט איבערגעגעבן איז דער ד״ר

ארדאשעוו פריער געווען אַן אייגנטימער פון אַ פּאַפּיר־פּאַבריק אין רוסלאַנד, און ווען די דאָזיקע פּאַבריק איז נאַציאָנאַליזירט געוואָרן, איז ער געוואָרן דער דירעקטאָר פון דער פּאַבריק. מיט אַ גרויסער סומע געלט איז ער געשיקט געוואָרן דורך דער ראַטן־רעגירונג צו קויפן פּאַפּיר אין שוועדן. אָבער אויפן וועג האָט ער זיך מישב געווען און באַשלאָסן זיך ניט אומצוקערן אַהיים. דער דאָזיקער ענין איז געקומען פאַרן געריכט, און די שוועדישע פּרעסע האָט געשריבן, אַז דער משפּט איז דער גרעסטער, וואָס איז אַ מאָל פאָרגעקומען אין שוועדן. אויפן געריכט זענען אויפגעדעקט געוואָרן אַזעלכע גרויזאַמע איינצלהייטן, אַז עס איז שווער געווען ממש צו גלייבן. אין דער רציחה איז געווען פאַרמישט עפּעס אַ גענעראַל און זיין זיבצניעריקע טאָכטער דאגמאיא, וואָס זי האָט עס פאַרשלעפּט ארדאשעוון. מען האָט דערציילט אויפן געריכט, אַז ארדאשעוו איז געווען געבונדן, און זי, די יונגע דאגמאיא, האָט געטאַנצט אַרום אים, און האָט פאַרלאָשן די ציגאַרעטן אין ארדאשעווס אויגן. דאָס איז געווען דער עלעמענט, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום די קאָנטער־רע־וואָלוציאָנערן.

אין יענער צייט איז ביי יודעניטשן געווען אַ גענעראַל באלאכאָוויטש, וואָס האָט פאַרכאַפּט פּסקאָוו. דער דאָזיקער באלאכאָוויטש האָט גערויבט געלט, ווו ער האָט נאָר געקענט, ער האָט אַפילו אָפּגעדרוקט פאַלשע באַנקנאָטן. יודעניטש האָט געוואָלט אים אַרעסטירן, אָבער באַלאַכאָוויטש איז אַנטלאָפן צוזאַמען מיט זיין מיליטער. היות ווי דאָס האָט געקענט אָפּשוואַכן דעם פראָנט, האָט יודעניטש אים מוחל געווען, און באלאכאָוויטש איז ווידער געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער העלד. זיין נאָמען איז וואַרשיינלעך געווען באלאך־באלאכאָוויטש, און ער איז שפּעטער דערשינען אויף די גרענעצן פון פּוילן און האָט דאָרט אָרגאַניזירט פּאָגראָמען אויף יידן.

עס האָט אויך פּאַסירט עפּעס אַ מאָדנע געשיכטע אויפן ריגער פראָנט, וואָס דייטשלאַנד איז אין איר געווען פאַרמישט. דער אָנפירער פון די דייטשע חילות אין לעטלאַנד, פאָן־דער־האלץ, האָט געזאָלט לויטן שלום־הסכם אַרויסגיין פון דעם באַלטישן געביט. אָבער ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, און זיין מיליטער איז דאָרט געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. און ווען די קאָאַליציע־מדינות האָבן זיך אָפיציעל געוואָנדן צו דייטשלאַנד, אַז זי דאַרף אַרויספירן איר מיליטער פון באַלטיקום, האָט דייטשלאַנד אָפיציעל מסכים געווען דערצו, אָבער ניט־אָפיציעל האָט נאסקע אַהין געשיקט פריש מיליטער. פאָן־דער־האלץ האָט כלומרשט געהאַט אַ הסכם מיט דער לעטישער רעגירונג, אַז אויב דאָס דייטשע מיליטער וועט איר העלפן באַפרייען די מדינה, וועלן די זעלנער האָבן דאָס רעכט צו בלייבן אין דער מדינה און זיך דאָרט באַזעצן. די לעטישע רעגירונג

האָט זיך יעצט אָפּגעזאָגט פון דעם דאָזיקן הסכם, טענהנדיק, אַז זי האָט ניט געגנוג קיין באָדן פאַר די זעלבער. נאָסקע האָט זיך ניט גערעכנט דערמיט. ער האָט געוואָלט אויסנוצן די סיטואַציע און שאַפן אַ גרויסע מיליטערישע מחנה אין באַלטיקום, ווייל לויטן שלום־אָפּמאַך האָט דייטשלאַנד ניט געטאָרט האָבן מער ווי הונדערט טויזנט זעלנער אין דייטשלאַנד גופא. די דייטשע יונקערס האָבן אויך געוואָלט אויסנוצן דעם ענין און העלפן די פּרייסישע באַראָנען, די באַלעבאַטים פון די גרויסע לאַטיפונדיעס, אין באַלטיקום שאַפן אַ גרויסן קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן מיליטערישן כוח קעגן דער דייטשער רעגירונג פון נאָסקע. אַזוי אַרום האָבן הן די יונקערס, הן נאָסקע, יעדער לויט זיין אויסרעכענונג, אָפיציעל גערופן דאָס מיליטער זיך אומצוקערן קיין דייטשלאַנד, און ניט אָפיציעל האָט מען געשיקט אַהין פאַרשטאַרקונג. די זאַך האָט זיך געצויגן חדשים־לאַנג, און די קאָאַליציע האָט געשיקט איין נאָטע נאָך דער צווייטער. אָבער צום סוף איז דער ענין נמאס געוואָרן ענגלאַנד און פראַנקרייך, און זיי האָבן אין חודש אָקטאָבער מודיע געווען דער דייטשער רעגירונג, אַז אויב דאָס מיליטער וועט ניט אַרויסגיין פון באַלטיקום, וועלן די קאָאַליציע־מלוכות דערקלערן אַ באַלאַגערונג אויפן באַלטיקום. נאָסקע האָט שוין געוואָלט אָפּטרעטן, אָבער דאָס מיליטער האָט אים שוין ניט געפאָלגט. דאַן איז דערקלערט געוואָרן די באַלאַגערונג פון באַלטיקום און די יונקערס, וועלכע האָבן שוין ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן, זענען אַרויס מיט זייער אָפענעם פּרצוף און האָבן אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד. אין יענער געגנט האָט זיך אָרגאַניזירט אַ ניי מיליטער, אַ רוסיש, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל פּעלער. נאָך אים איז בראש פון דעם מיליטער געשטאַנען דער פירשט אַוואַלאָוו־בערמאָנט. דאָס איז געווען אַן אַוואַנטוריסט. וואָס זיינע קעגנער אין דער ווייסער עמיגראַציע אין וואַרשע האָבן וועגן אים דערקלערט אַז ער איז אין דער אמתן אַ ייד, אַ דיריגענט פון אַן אָרקעסטער און הייסט בערמאַן. דער דאָזיקער „פירשט" האָט זיך פאַר־אייניקט מיט דעם דייטשן מיליטער און געשיקט אַן אולטימאַטום דער לעטישער רעגירונג, אַז זי זאָל אים דערלויבן דורכצוגיין ביז צום באָלשעוויסטישן פראָנט. פריער האָט בערמאָנט געדינט אונטער יודעניטשן, אָבער ווען יודעניטש האָט אים געהייסן אַוועקגיין צום פראָנט פון דער נאַרווע, האָט בערמאָנט אים ניט געפאָלגט און אָנגעהויבן אַרבעטן אויף אייגענעם חשבון. ווען די לעטישע רעגירונג האָט ניט דערפילט בערמאָנטס אולטימאַטום, האָט זיין מיליטער פאַרנומען לעטלאַנד און איז דערגאַנגען ביז צו ריגע. אין די אָקופּירטע ערטער האָט בערמאָנט דערקלערט, אַז לעטלאַנד עקזיסטירט מער ניט ווי אַ זעלבּ־שטענדיקע מדינה, אָבער ער, בערמאָנט, גיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג זעלבסטפאַרוואַלטונג אין די מוניציפּאַליטעטן. אין דער זעלביקער צייט איז

דערשינען איינער אַ גענעראַלווירגוליטש אין ליטע, וואָס איז דערגאַנגען ביז דער שטאָט שאַולי, און אויך ער האָט געגעבן „זעלבסטפאַרוואַלטונג״ דער ליט־ווישער באַפעלקערונג.

די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן אין אויסלאַנד זענען אַ ביסל צעמישט געוואָרן פון די אַלע אַוואַנטורעס. פון איין זייט איז זיי געפעלן צו אָקופירן און פאַר־אייניקן זיך מיט „זייער״ רוסלאַנד, אָבער פון דער צווייטער זייט, האָט מען אַ ביסל מורא געהאַט פאַר די קאָאַליציע־מדינות, וועלכע האָבן כלומרשט געשטיצט די קליינע מדינות אין באַלטיקום. יודעניטש האָט זיך געקווענקלט, אָבער צום סוף האָט ער דערקלערט, אַז בערמאָנט איז אַן אַוואַנטוריסט און פאַררעטער, און בערמאָנט, פון זיין זייט, האָט דערקלערט, אַז ער קען ניט פאַנאַנדערלאָזן זיין מיליטער, און ער מוז טאָן דאָס וואָס ער טוט, רעכענענדיק זיך מיט די באַדינגונגען, אין וועלכע עס געפינט זיך דאָס מיליטער פון יודעניטשן.

די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע פרעסע איז שוין אין גאַנצן מבולבל געוואָרן. דער „רוף״ אין בערלין איז אַרויס פאַר דער פאַרטיידיקונג פון בערמאָנטן און דערקלערט אים פאַר אַ נאַציאָנאַלן העלד. דאַקעגן זענען די בערלינער צייטונגען „די שטימע פון רוסלאַנד״ און די „וואַרשעווער רעטש״ אַרויסגעטרעטן קעגן בערמאָנטן. די קאָאַליציע־מדינות האָבן אין דעם ענין געפירט אַן אומפאַר־שטענדלעכע פּאָליטיק. פון איין זייט האָבן זיי דערקלערט באַלאַגערונג און געהייסן די דייטשע שיפן אַרויסגיין פון ריגער פּאָרט, און פון דער צווייטער — האָבן טאַקע די דאָזיקע שיפן געהאָלפן לעטלאַנד און עסטאָניע.

יעדנפאַלס קען מען זאָגן, אַז די אַלע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע מעשים און אַוואַנטורעס האָבן געווירקט אויף דער באַפעלקערונג אין לעטלאַנד און עסטאָניע, אַזוי אַז זי האָט אָנגעהויבן זיך באַציִען צו דער ראַטן־מאַכט מיט מער סימפּאַטיע, ווייל זיי איז נאַטירלעך נמאס געוואָרן צו ליידן פון די אַלע גענעראַלן...

*

אָנהייב סעפּטעמבער האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין וואַרשע. פון שטאָק־האָלם קיין בערלין זענען מיר געפאָרן לעגאַל, אָבער פון בערלין קיין פּוילן האָבן מיר ווידער געמוזט גנבענען די גרענעץ. מיר זענען געבליבן אַ פּאָר טעג אין בערלין ביז מיר האָבן געקענט איינאָרדענען דעם וועג איבער דער גרענעץ.

דערווייל איז אָנגעקומען קיין בערלין דער חבר נתן פּינטשוק, דער פאָרשטייער פון דער ליטווישער פּאַרטיי אין דער ארץ־ישׂראל־קאָמיסיע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אין שטאָקהאָלם. איך האָב אים פריער ניט געקענט, און

אַז איך האָב אים דערזען, האָב איך זיך שטאַרק אַנטוישט. בכלל איז אונדזער פּאַרטיי אין ליטע געווען דאַן אַ „פּראָווינציעלע", די חברים זענען אַלע געווען קליינשטעטלדיק און זייער יונג. עס זענען דאָרט כמעט ניט געווען קיין חברים פון די יאָרן 1906—1905. ליטע איז בכלל געווען אַ ניט אַנטוויקלט לאַנד, אַ לאַנד פון פּויערים, כמעט אָן אַן אינדוסטריע און דאָס קולטורעלע און געזעלשאַפט־לעכע לעבן איז דאָרט געשטאַנען ניט אויף קיין הויכער מדרגה. אין ליטע זענען בכלל ניט געווען קיין גרויסע שטעט, אַחוץ דער הויפּט־שטאָט — קאָוונע, בעצם אויך אַ קליין שטעטל. און אונדזערע יונגע חברים זענען דאָרט גע־שטאַנען אויף דער זעלבער הויך ווי גאַנץ ליטע. אינטערעסאַנט, אַז די חברים מיינע, וועלכע איך האָב געקענט אין אוניווערזיטעט אין די פריערדיקע יאָרן, וואָס זענען געקומען פון ליטע, זענען כמעט אַלע געווען אַ ביסל באַגרענעצט. עס האָט געטראָפן אַ פאַל, אַז אין יענער צייט איז פאָרגעקומען עפּעס אַ קאָנפערענץ אין ליטע, און צו דער קאָנפערענץ זענען געקומען צוויי דעלעגאַטן פון אַ קליינעם שטעטל מיט אַ „מאַנדאַט", וואָס איז געווען געשריבן בזה הלשון: „מיר בעטן אָננעמען די חברים צו דער קאָנפערענץ ביי די וויכטיקסטע פונקטן".

נתן פּינטשוק איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר 22 בערך, באַטירלעך מיט אַ גרויסער באָרד. איך האָב מיט אים ניט ווייניק געשמועסט. ער איז געווען אַפילו אַ גאַנץ פעיִקער בחור, אָבער צו יונג און אין גאַנצן ניט צוגעפּאַסט צו די איבעריקע חברים אין דער קאָמיסיע. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב דאַן געטראַכט, אַז אַזאַ חבר אין דער קאָמיסיע וועט אונדז קאָמפּראָמיטירן אין ארץ־ישראל און אין אויסלאַנד. איך האָב עס ניט געקענט זאָגן פּינטשוקן אָפן, אָבער איך האָב זיך באַמיט ווירקן אויף אים, ער זאָל זיך אַליין אָפּזאָגן פון דער קאָמיסיע. איך האָב אים נאָר געזאָגט, אַז אויב עמעצער וועט שפּעטער וועלן אָנגרייפן די מסקנות פון דער קאָמיסיע, וועט ער זיך באַנוצן מיט דעם פאַקט, אַז אין דער קאָמיסיע איז געווען אַזאַ יונגער בחור, און אַז מען קען זיך ניט ערנסט רעכענען מיט אירע מסקנות. צום סוף האָט פּינטשוק מסכים געווען מיט מיר, און איך האָב געטראַכט, אַז דער ענין איז דערליידיקט. אָבער נאָך דעם, ווי איך בין אָנגעקומען קיין וואַרשע, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז פּינטשוק האָט אָדער מיך פּשוט אָפּגענאַרט, אָדער ער האָט חרטה געקראָגן, דווקא ער איז געווען דער ערשטער צווישן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, וואָס איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל, אין דעצעמבער 1919, מיט דער ערשטער שיף, וואָס האָט געבראַכט עולים פון רוסלאַנד: „רוסלאַן".

מיר האָבן זיך שפּעטער אַלע איבערצייגט, אַז איך בין געווען גערעכט. פון דעם דאָזיקן פּינטשוק האָבן מיר געהאַט גענוג צרות אין דער אַרבעט פון דער קאָמיסיע און נאָך שפּעטער אין דער באַוועגונג, אָבער דאָס איז פאַרבונדן מיט

דער שפּעטערדיקער צייט, ווען איך זיך אויף אים אָפּשטעלן שפּעטער כראָנאָ־לאָגיש. דאָ דאַרף נאָר דערמאָנט ווערן, אַז נאָך איידער איך בין אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע קיין ארץ־ישראל (אין מיטן דעצעמבער) אָדער, ריכטיקער געזאָגט, אויפן וועג (אין ווין), האָבן מיר באַקומען אַ צייטונג פון ארץ־ישראל, און אין איר איז געווען אָפּגעדרוקט אַ בריוו פון פינטשוקן, אַז ער איז לגמרי מסכים מיט די חברים פון „אחדות העבודה", מיט וועלכע מיר זענען געשטאַנען אין אַ גאַנץ שווערן קאַמף. דעם דאָזיקן בריוו האָט ער אָפּגעדרוקט אויפן דריטן טאָג נאָך זיין אָנקומען קיין ארץ־ישראל, ד. ה. אַז נאָך צוויי טעג זיין אין לאַנד האָט ער שוין פאַרשטאַנען אַלץ. נאַטירלעך, האָב איך זיך באַגעגנט מיט אים אין לאַנד און משפּיע געווען אויף אים ער זאָל דעם דאָזיקן בריוו צוריקציען. אָבער פאַר די חברים פון „אחדות העבודה" איז עס געווען אַ פּשוטע מציאה.

צוריק זענען מיר מיט מוליען שוין געפאָרן מיט אַן אַנדערן וועג; דורך סאָסנאָוויעץ־בענדין. מיר זענען אָנגעקומען צו דער גרענעץ־סטאַציע אין דייטש־לאַנד, דאָרט האָט שוין געוואַרט אויף אונדז אַ מענטש, וואָס האָט אונדז געזאָלט איבערפירן ביי נאַכט איבער דער גרענעץ. מיר זענען געגאַנגען צופוס, בערך אַ קילאָמעטער און אַריין אין אַ וועלדל. דאָרט האָבן געדאַרפט וואַרטן אויף אונדז די פּוילישע גרענעץ־זעלנער. מיר זענען צוגעקומען צום באַשטימטן פּונקט, און די זעלנער זענען ניט געווען. מיר האָבן ווייטער ניט געקענט גיין, ווייל מען וואָלט אויף אונדז געשאָסן. אונדזער וועגפירער האָט אָנגעהויבן פייפן, און דאַן האָבן זיך באַוויזן די פּוילישע זעלנער. זיי האָבן אָנגעהויבן בודק זיין אונדזערע זאַכן. האָב איך זיי געפרעגט, אַז אויב מיר גייען אַריבער די גרענעץ אויף אַזאַ אופן, טאָ צו וואָס דאַרף מען נאָך בודק זיין די זאַכן. אויף דעם האָב איך באַקומען די תשובה: „סדר מוז זיין". און דער דאָזיקער סדר האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס זיי האָבן אונדז אַרויסגעשלעפּט אַ פּאָר זאַכן פון די טשעמאָדאַנעס. דאַן זענען מיר אַריין בשלום קיין בענדין צו אונדזער אַלטן חבר — פיינער. מען האָט אונדז זייער וואַרעם אויפגענומען, און מיר האָבן זיך טאַקע דאָרטן גוט אָנגעוואַרעמט נאָך דער קעלט אין וועג.

אין פּוילן בין איך געבליבן נאָך אַ צוויי חדשים, איידער איך בין אָפּגעפאָרן ווי אַ חבר פון דער קאָמיסיע קיין ארץ־ישראל. צו יענער צייט האָט דאָס פּוילישע מיליטער אָפּגענומען ביי ראַטן־רוסלאַנד די מינסקער געגנט. אַזוי ווי איך, ווי אַ וואַרשעווער ראַטמאַן, האָב געקענט באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאָרן אַהין, ווייל פּריוואַטע מענטשן האָבן אַזאַ דערלויבעניש ניט געקענט באַקומען, האָבן מיר געהאַלטן, אַז מיר מוזן באַזוכן מינסק, ווייל מיר האָבן געוווסט, אַז מיר האָבן אין ווייסרוסלאַנד אַ גאַנץ שטאַרקע פּאַרטיי, און ספּעציעל אַ גוטע אָרגאַניזאַציע אין מינסק. מיר האָבן אויך געוווסט, אַז די

דאָרטיקע חברים זענען זייער דערשלאָגן, ווייל זיי האָבן געמוזט פּלוצעם אַריבערגיין פון די באַדינגונגען פון ראַטן־רוסלאַנד צו די פּאָליטישע באַדינגונגען פון דעם אַנטיסעמיטישן פוילן פון פּילסודסקין. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דער אַריינמאַרש פון פּוילישן מיליטער אין מינסק איז, ווי דער שטייגער איז געווען, באַגלייט געוואָרן מיט אַ פּאָגראָם אויף יידן און מיט רויבן זאַכן אין די יידישע הייזער. ווי איך האָב שוין דערציילט אין ערשטן בוך, בין איך אויך געווען אַ קרבן פון די דאָזיקע רויבער.

אין מינסק האָב איך געטראָפן דעם הויפּט־קאָמיטעט פון זיבן חברים מיט ליימע ראָזנהויז בראש. דער הויפּט־קאָמיטעט איז געווען פאַר ווייסרוסלאַנד, די פּאַרטיי איז דאָ געווען אַ זעלבשטענדיקע, און איר פאַרבינדונג מיט מאָסקווע (דעם צענטער) איז געווען נאָר אַ חברישע, אָבער ניט קיין אָרגאַניזאַציאָנעלע. אין הויפּט־קאָמיטעט זענען דאָן געווען זיבן חברים, צווישן זיי די חברטע באַשע. דאָס איז געווען די ערשטע חברטע, וואָס איך האָב געטראָפן אין אַ צענטראַל־קאָמיטעט, און איך האָב געזאָגט די חברים, אַז איך האָף, אַז דאָס וועט זיין אַ גוטער אָנהייב. אגב, ווי איך האָב געהערט, לעבט נאָך ליימע ראָזענהויז אין מינסק, ער איז ניצול געוואָרן, ווייל ער האָט יאָרן לאַנג סימולירט אַ משוגענעם. די פּאַרטיי האָט געהאַט אַ קלוב אין אַ הויז, וואָס זיי האָבן פאַר־נומען אין דער צייט פון דער ראַטן־מאַכט, זיי האָבן אויך געהאַט אַן אייגענע דרוקעריי. דאָס הויז האָט מען שוין געהאַט צוגענומען פון זיי, זיי האָבן אויך מורא געהאַט, אַז מען וועט צונעמען ביי זיי אויך די דרוקעריי. וואָס ס׳איז געוואָרן מיט דער דרוקעריי ווייס איך ניט.

איך האָב זיך אומגעקערט קיין וואַרשע און אָנגעהויבן זיך צו גרייטן צו דער נסיעה קיין ארץ־ישראל. דאָן האָב איך שוין באַקומען דעם ערשטן בריוו פון פאָטער פון רחובות. דער פאָטער האָט שטאַרק געוואָלט, אַז איך זאָל קומען מיט דער משפּחה קיין ארץ־ישראל. מיר האָבן זיך דורכגעשמועסט מיט סאַבינען און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז נאָך דעם ווי איך וועל זיין אין ארץ־ישראל און זיך אַרומקוקן, וועל איך ענדגילטיק באַשטימען. אייגנטלעך האָבן מיר כמעט ווי באַשטימט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, און מיר האָבן שוין ניט געזוכט קיין דירה אין וואַרשע. אַ דאַנק די פאַרבינדונגען פון פאַרבאַנדס־ביוראָ האָב איך באַקומען די וויזע קיין ארץ־ישראל מיט אַ דורכרייזע־וויזע איבער מצרים.

אַגב, דאָ, ווען איך פאַרענדיק דעם קאַפּיטל וועגן דער שטאָקהאָלמער באַראַטונג, וויל איך אונטערשטרייכן, אַז איך האָב זיך אַזוי געניי אָפּגעשטעלט אויף איר דערפאַר, ווייל איך בין פאַראינטערעסירט, אַז דער לייענער זאָל האָבן מער ווייניקער אַ באַגריף וועגן די דעמאָלטיקע מיינונגס־פאַרשידנהייטן

צווישן די מזרח און מערב (אַריינגערעכנט ארץ־ישראל) פועלי־ציון, מיינונגס־פאַרשידנהייטן, וואָס האָבן געמוזט דערפירן צו דער שפּאַלטונג אויף דער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ.

## די ארץ־ישראל־קאָמיסיע

אָנהייב דעצעמבער בין איך אַרויסגעפאָרן איבער ווין קיין ארץ־ישראל. דאַן איז עס נאַטירלעך ניט געווען ווי היינט, ווען מען קען אין פיר שעה מיטן אַעראָפּלאַן קומען פון אייראָפּע קיין ארץ־ישראל. מיין רייזע האָט געדויערט כמעט אַ חודש צייט און איך בין אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל ערשט אַרום דעם 7טן יאַנואַר.

איך בין אַרויסגעפאָרן אין אָוונט, עס האָבן מיך באַגלייט מיין משפּחה און חברים. עס זענען מיר געבליבן אין זכרון די טרויעריקע אויגן פון מיין עלטערער טאָכטער, עתליה, אויף דער באַן־סטאַציע. איך בין געווען טרויעריק: אַ וויטער וועג, און ווער ווייסט וואָס עס קען פּאַסירן אויפן וועג.

זעקס מענטשן זענען מיר געזעסן אין קופּע פון צווייטן קלאַס: איינע אַ ווינערין, וואָס האָט אונדז אַלעמען פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט אירע קאַפּריזן, זי האָט אַפילו פאָרגעשלאָגן יעדן פון אונדז צו בלייבן מיט איר ערגעץ אויף אַ סטאַציע פאַר ווין, ווייל זי פילט זיך כלומרשט ניט גוט. עס איז געזעסן אַ פּוילישער דיפּלאָמאַט, אַ יונגער בחור, וואָס ביז דער טשעכישער גרענעץ האָט ער אַפילו מיט מיר ניט געוואָלט רעדן, ווייל איך בין געווען פאַר אים אַ פרעמדער („אַבצאַקראַיאָוויעץ”), אָבער נאָך דער גרענעץ בין איך שוין געוואָרן זיין „קאָמפּאַטריאָט” און ער האָט שוין פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס. עס זענען אויך געזעסן צוויי דייטשן און גערעדט גאָר וועגן וואַלוטע־געשעפטן. אַז מען האָט דערהערט, אַז איך פאָר קיין ארץ־ישראל, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס וועגן יידן בכלל. קיין קאָמפּלימענטן האָב איך ניט געהערט.

אין דער פרי זענען מיר אָנגעקומען קיין ווין. כ׳האָב זיך באַגעגנט מיט די ווינער חברים: אַלעקסאַנדער סערפּאָוו, מלכה שאַר, מיכל קאָן, קאַנדל און אַנדערע. דעם חבר נאַגלער האָב איך שוין ניט געטראָפן, ווייל מיט אַ צייט צוריק איז ער געפאָרן קיין פּוילן, קיין דראָהאָביטש, און דאָרט אַרעסטירט געוואָרן. אונדזערע ווינער חברים זענען געווען זייער לינק געשטימט, אויף זייער קאָנפערענץ אין נאָוועמבער האָבן זיי אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן דעם אַריינטריט פון וועלט־פאַרבאַנד אין קאָמאינטערן, זיי האָבן אַפילו באַשלאָסן מודיע צו זיין, אַז זיי אַליין טרעטן אַריין אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל. זיי האָבן דאַן געגרינדעט דעם „אָרגאַניזאַציאָנס־ביוראָ” (א. ב.), וואָס האָט זיך

געשטעלט די אויפגאַבע צו פאַראייניקן אַלע פאַרטייען פון פאַרבאַנד בכדי צוזאַמען צו קעמפן דערפאַר, אַז דער גאַנצער פאַרבאַנד זאָל אויף דער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ אָננעמען דעם באַשלוס וועגן אַריינטרעטן אין קאָמאינטערן. אויך מיר אין פוילן זענען געווען באַענט צו די דאָזיקע אָנ־שווינגען, מיר האָבן אָבער געטראַכט, אַז אויף דער קאָנפערענץ דאַרף מען דערפאַר קעמפן, אָבער מען דאַרף ניט בילדן קיין ספּעציעלע אָרגאַניזאַציעס דערצו. דערפאַר זענען מיר ניט אַריין אין א. ב. די טשעכישע פאַרטיי איז געשטאַנען, אַזוי צו זאָגן, צווישן אונדז און צווישן די עסטרייכישע חברים, אָבער אין אַ פּאָר וואָכן אָדער חדשים האָט זי געביטן איר מיינונג און זי איז צוגעשטאַנען צום א. ב. אין דער טשעכישער פאַרטיי זענען געווען אַ פּאָר אַקטיווע חברים, ווי ברונער, פאלק, וועלכע זענען שנעל פאַרשוווּנדן פון האָריזאָנט אין יאָר 1921.

די אַמאָליקע פריילעכע שטאָט ווין איז ניט געווען צו דערקענען. עס איז דאָרט געווען עפּעס אַן אַלגעמיינער טרויער. עפּעס אַ טויטע שטאָט. עס האָט געפעלט קוילן און עלעקטריע. ברויט האָט מען געטיילט אויף קאַרטלעך. אין די קאַפע־הייזער האָט מען ניט געקענט באַקומען גאָרניט, אַחוץ שוואַרצע קאַווע און געצוקערטע פּרוכט, אַפילו קיין ערזאַצן, ווי אין בערלין, זענען ניט געווען. אָבער די ווינער אַליין האָבן נאָך געהאַט אַ ביסל הומאָר. זיי האָבן אַליין געמאַכט וויצן וועגן זייער שווערן מצב. דער ווינער שטאָטראַט האָט אַרויסגעלאָזן פּאַפּירענע קליין־געלט, צו 20—40 העלער. אויף דעם געלט איז געווען אָנגעשריבן, אַז דער ווינער שטאָטראַט איז פאַר דעם געלט פאַראַנט־וואָרטלעך מיט זיין גאַנצן באַוועגלעכן און אומבאַוועגלעכן גוטס. האָבן די ווינער מיר דערקלערט, אַז דאָס אומבאַוועגלעכע גוטס איז די ווינער שטאָט־באַן, ווייל קיין מאָל באַוועגט זי זיך ניט, און דאָס באַוועגלעכע גוטס איז דער ווינער באַרימטער וואַלד, ווייל יעדן זונטיק גייען די ווינער אַרויס אויסערן שטאָט און יעדער איינער האַקט זיך אויס אַ בוים, און זונטיק פאַר נאַכט גייט דער ווינער וואַלד אין שטאָט אַריין. דער יקרות איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג. מען האָט נאָך עפּעס פאַרקויפט אין די געוועלבער, אָבער דאָס זענען שוין געווען די רעשטלעך. קיין נייע סחורה איז ניט געווען, און די וואַלוטע איז געפאַלן יעדן טאָג. די ווינער האָבן דערציילט, אַז אויב אין ניו־יאָרק גיט עמעצער אַ נדבה 10—20 סענט, זאָגט דער, וואָס גיט צו דעם וואָס באַקומט די נדבה: „קויף דיר אַ הויז אין ווין". דאָ האָט מען געקענט זען דעם אונטערשיד צווישן די בערלינער און ווינער, אַזוי ווי דאָס וואָלטן געווען צוויי פעלקער: דער בערלינער איז געווען זייער ערנסט, און דער ווינער איז זיך געזעסן ווי אַלע מאָל נאָך מיטאָג און אַ גאַנצן זונטיק אין קאַפע־הויז ביי זיין שוואַרצער

קאַווע און האָט חוזק געמאַכט פון זיין פאָלק און לאַנד און פון דער גאַנ־צער וועלט.

פון ווין בין איך געפאָרן קיין טריעסט. אָבער, ווען איך בין אָנגעקומען קיין טריעסט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב פאַרשפּעטיקט די שיף אויף צוויי שעה. דער מצב איז ניט געווען דאַן ווי היינט, כ׳האָב געמוזט וואַרטן אויף אַ צווייטע שיף בערך צוויי וואָכן.

כ׳האָב אַזוי אַרום געהאַט גענוג צייט זיך אַ ביסל צו באַקענען מיט דער שטאָט. טריעסט ליגטביים עק פון אַדריאַטישן ים אין דעם האַלב רונדן ווינקל. די שטאָט אַליין ליגט אין טאָל און איז אַרומגערינגלט מיט ניט קיין הויכע בערג. די בערג זענען באַדעקט מיט קאַלך־שטיינער, און אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג איז געווען באַשעפטיקט אין די קאַלך־גרובן. אויף די בערג וואַקסט ווייניק גרינס. פון אונטן זעען זיי אויס שיין, אָבער אַז מען קלעטערט אויף זיי ווערט דער פּייזאַזש אַן אומעטיקער. אויפן וועג פון ווין קיין טריעסט איז געווען זייער קאַלט, און אַלע פעלדער זענען געווען באַדעקט מיט אַ געדיכטן שניי, אַ סך מער ווי אַרום וואַרשע, הגם דאָ איז דאָך דער דרום. נאָענט צו טריעסט איז שוין דער שניי פאַרשוווּנדן. די לופט איז געווען קאַלט אָבער שיין. די אָרטיקע מענטשן דערציילן, אַז דאָ קומט אַ מאָל אַ שטאַרקער ווינט — „באָראַ״ — און דאַן קען מען אַפילו ניט גיין אין די גאַסן, דעמאָלט איז די באַפעלקערונג פון טריעסט געווען פאַרהעלטנישמעסיק קליין, בערך אַ פערטל מיליאָן נפשות, פון זיי אַ טייל דייטשן, אַ טייל סלאַווענער און אַ העלפט איטאַליענער. די שטאָט מאַכט אַן איינדרוק פון אַן איטאַליענישער. איך האָב געמוזט לייענען די איטאַליענישע און סלאַווענישע צייטונגען, און ווייל כ׳קען אַ ביסל לאַטיין און צוויי סלאַווישע שפּראַכן, פלעג איך דאָך פאַרשטיין נאָר די טעלעגראַמעס. מען רעדט איטאַליעניש, אָבער מען קען אויסקומען אויך מיט דייטש. כ׳האָב זיך אַ מאָל געוואַנדן צו אַ מענטשן אין גאַס אויף דייטש, האָט ער אויף מיר אָנגעהויבן שרייען. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אַ טענה, הלמאי איך רעד דייטש, האָב איך אים געזאָגט אין פראַנצויזיש, אַז איך בין אַן אויסלענדער, האָט ער זיך תיכף באַרויִקט און מיר אויפגעקלערט אַלץ, וואָס איך האָב געפרעגט אין אַ שיינעם דייטש.

אַזוי ווי כ׳בין מיט אַ קורצער צייט צוריק געווען אין שוועדן, האָב איך נאַטירלעך גענומען פאַרגלייכן ביידע פעלקער, דאָס צפון־פאָלק מיטן דרום־פאָלק. די שוועדן זענען זייער שטיל און געלאַסן, און די איטאַליענער זענען זייער עקספּאַנסיוו. אויף די טריעסטער גאַסן שרייען די איטאַליענער כמעט ווי אויפן מאַרק אין יפו אין די צייטן פון מאַנדאַט. אין שטאָקהאָלם האָב איך ניט געזען קיין איין בעטלער, דאַן אין טריעסט זענען זיי געווען אין די מאַסן.

דאָרט, אין שטאָקהאָלם, האָב איך ניט געזען קיין מענטשן, וואָס זאָלן זיך סתם אַרומדרייען איבער די גאַסן, דאָ אין טריעסט האָבן זיך אַרומגעדרייט מענטשן סתם, און מען האָט ניט געקענט פאַרשטיין פון וואָס זיי לעבן. דאָ איילט מען זיך ניט, עפּעס אַן אינערלעכע פוילקייט פילט זיך אין יעדן ווינקל, דאָס ווירקט וואַרשיינלעך דער וואַרעמער קלימאַט. די מענטשן אין שוועדן זענען ווייס־האַריק, מיט בלויע אויגן, דאָ — שוואַרץ־האָריק, מיט שוואַרצע אויגן. די פאַרבן זענען אַ סך רייכער אין דרום ווי אין צפון.

איין מאָל, אין אַ פרימאָרגן, בין איך אויפגעשטאַנען און אַראָפּ אין קאַפע, וואָס איז געווען אין האָטעל. דער זייגער איז געווען בערך אַכט. זע איך, ווי אַ פּאָר מענטשן שפּילן אין בילאַרד. כ׳האָב זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט און געטראַכט, אַז דאָס איז אַ בעלנות אויפצושטיין פרי, כדי צו שפּילן אין בילאַרד. אָבער איך האָב זיך דערמאָנט אַן אַלטן וויץ ביי אונדז, און דער ענין איז געוואָרן פאַרשטענדלעך. אין וואַרשע האָט מען דערציילט, אַז אַ מאָל איז דער אָטוואָצקער רבי אויפגעשטאַנען אַ זייגער פיר פאַר טאָג און דערזען אַז עפּעס אויף אַ וועראַנדע זיצן אַ פּאָר יידן און שפּילן אין קאָרטן, האָט דער רבי געזאָגט: „אַ בעלנות אויפצושטיין אַזוי פרי, כדי צו שפּילן אין קאָרטן״. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז די מענטשן שפּילן אין בילאַרד אַ גאַנצע נאַכט.

ניט ווייט פון צענטער פון שטאָט געפינט זיך דער פּאָרט. מען האָט געקענט פילן, אַז עס איז ניטאָ עפּעס קיין לעבן אין שטאָט. ניט קיין טויטע שטאָט, אָבער קיין לעבן איז ניטאָ. עס איז דאָ אַן עלעקטרישער טראַמוויי, אָבער ער גייט זעלטן און זייער לאַנגזאַם. אין פּאָרט שטייען אַ פּאָר שיפן, אָבער עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז מען באַשעפטיקט זיך ניט מיט זיי. עס דרייען זיך אַרום אין פּאָרט אַ פּאָר מענטשן, אָבער עס זעט אויס, אַז זיי טוען גאָרניט. מען זעט ניט קיין לאַסט־אויטאָס, וואָס זאָלן קומען אין פּאָרט, עס שטייען אַ פּאָר וואַגאָנען, אָבער מען באַשעפטיקט זיך ניט מיט זיי. מען האָט געקענט זאָגן, אַז טריעסט איז געווען אַ מאָל אַ שטאָט. און דאָס אַלץ איז געווען אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס די שטאָט איז געוואָרן אַן איטאַליענישע. פון עטנאָגראַפישן שטאַנדפּונקט איז דער איבערגאַנג פון טריעסט פון עסטרייך־אונגאַרן צו איטאַליע געווען ריכטיק, אָבער פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט האָט דער איבערגאַנג די שטאָט דערהרגעט. פריער איז טריעסט געווען איינער פון די צוויי פּאָרטן פון דער עסטרייך־אונגאַרישער אימפּעריע אויפן אַדריאַטישן ים, און דער גאַנצער מסחר פון דער אימפּעריע מיט דער וועלט איז געגאַנגען דורך די צוויי פּאָרטן: טריעסט און פיומע, דאָס איז געווען דער איינציקער וועג פון דער אימפּעריע צום ים. יעצט איז טריעסט געוואָרן איינער פון די צענדליקער פּאָרטן, וואָס איטאַליע פאַרמאָגט ניט נאָר אויפן אַדריאַטישן

ים, נאָר אויך אויפן טירענישן ים. דאַן איז אויך געווען באַוווּסט, אַז גאַבריעלע ד׳אַנונציאָ האָט בדעה מיט דער שטילער הילף פון דער איטאַליענישער רעגירונג צו פאַרכאַפּן אויך פיומע. פאַר מיר איז דעמאָלט געווען קלאָר, אַז דאָס וועט עקאָנאָמיש אָוועקהרגענען אויך פיומע, און דער דאָזיקער פּאָרט אַנשטאָט „די ערשטע אין דאָרף״ וועט ווערן „די לעצטע אין שטאָט״. פיומע וואָלט געדאַרפט זיין אַן אינטערנאַציאָנאַלער האַפן, אָבער די איטאַליענישע פּאַטריאָטן מיט ד׳אַנונציאָ בראש האָבן באַשלאָסן אַנדערש.

איך האָב געזוכט אין טריעסט די יידישע באַפעלקערונג, וועלכע איז זייער קליין. באַטירלעך זענען דאָ קיין יידישע אַרבעטער ניט געווען, עס זענען געווען אַ ביסל סוחרים און אַ ביסל אינטעליגענץ, און דאָס רוב פון זיי האָט געשטאַמט פון רומעניע און פון מזרח־גאַליציע, בלויז אַ קליינע מינדערהייט איז געווען פון איטאַליענישער אָפּשטאַמונג. כמעט אַלע האָבן גערעדט גוט איטאַליעניש און זיך געהאַלטן פאַר איטאַליענישע פּאַטריאָטן. זייער עקאָנאָמישע לאַגע איז ניט געווען קיין שלעכטע, די ציוניסטישע באַוועגונג איז געווען זייער אַ קליינע. מיט אַ קורצער צייט פריער איז דאָ געשאַפן געוואָרן דער פּאַלעסטינאַ־אַמט, און דאָס האָט אַ ביסל משפיע געווען אויף די יידן. עס האָט פּאַסירט, אַז אַ יידישער שנאָרער איז אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער מיטן אויסרייד אַז ער זאַמלט געלט פאַר עליה. אין יענער צייט איז דער פּאַלעסטינאַ־אַמט געווען אין צוויי צימערן, וועלכע עס האָט געשאָנקען אַ יידישער גביר און ער האָט צוגעזאָגט צו געבן נאָך צוויי צימערן, בכדי קאָנצענטרירן דאָ די עולים, ווען די עליה וועט זיך פאַרשטאַרקן.

איך האָב געוואַרט אויף דער שיף, וואָס האָט געדאַרפט אָפּגיין דעם 28סטן דעצעמבער, אָבער מען האָט מיר געזאָגט, אַז עסטרייך האָט אָפּגעשטעלט דעם באַן־פאַרקער אויף די צען יום־טוב־טעג (20—30 דעצעמבער), האָב איך געמיינט, אַז איך וועל זיין דער איינציקער פּאַסאַזשיר דעם 28סטן דעצעמבער. אָבער אַ טאָג שפּעטער האָט מען מיר מודיע געווען אין פּאַלעסטינאַ־אַמט, אַז עס גייט אָפּ אַ קליינע שיף קיין סינגאַפּור און זי שטעלט זיך אָפּ אין מצרים. אַזוי ווי איך האָב אַ מצרישע טראַנזיט־וויזע האָב איך געקענט פאָרן מיט דער שיף „פּערסיאַ״. די שיף האָט געדאַרפט אָפּגיין דעם 24סטן דעצעמבער אָבער זי איז ניט אַוועק. יעדן טאָג פלעג איך קומען אויף דער שיף מיט די וואַליזקעס און האָב געוואַרט ביז אַ זייגער איינס און דאַן פלעגן זיי מודיע זיין, אַז די שיף וועט גיין מאָרגן אָדער איבערמאָרגן (דאָמאַני־דאָפּפּאָ דאָמאַני). אַזוי האָט עס געדויערט אַ פּאָר טעג (איך בין שוין געשטאַנען ניט אין האָטעל, נאָר ביי אַ יידיש־איטאַליענישער משפחה, פולשטענדיק אַסימילירטער. מיט מיר האָט מען גערעדט דייטש, אָבער מען האָט זיך ניט געשעמט דערמיט,

וואָס מען איז יידן). פּאַר וואָס די שיף גייט ניט אָפּ, האָב איך ניט געוווּסט. מען האָט מיר געזאָגט, אַז די מאַטראָסן שטרייקן צוליב עקאָנאָמישע טעמים, אָבער דעם אמת האָב איך זיך דערוווּסט ערשט ווען מיר זענען שוין אָפּגעפאָרן.

כ׳האָב זיך אַרומגעדרייט איבערן שטאָט, ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן. געווען אין קינאָ, באַזוכט די אָפּערע. די פילמען אין קינאָ זענען געווען זייער פּרימיטיווע: נאָר וועגן ליבע און פאַרראַט. אין דער אָפּערע האָב איך גאָרניט ניט פאַרשטאַנען, אָבער כ׳האָב באַמערקט, אַז צו מוזיק זענען די איטאַליענער זייער עמפּינדלעך: אַז עמעצער פון די אַרטיסטן פלעגט מאַכן עפּעס אַ פעלער אין געזאַנג, פלעגט דער גאַנצער עולם אָנהייבן פייפן. די באַגריפן וועגן באָל־שעוויקעס זענען אין די טריעסטער צייטונגען געווען זייער מטושטש, אַזוי ווי רוסלאַנד וואָלט געווען פון יענער זייט סמבטיון. אַזוי האָב איך געלייענט אין אַ סלאָווענישער צייטונג, אַז ערגעץ אויף דעם דונאַי (די טעלעגראַמע איז געווען פון בודאַפּעשט) קומט פאָר אַ קאָנפערענץ פון אַלע פּאַרטייען אין רוסלאַנד. מען האָט אַ ביסל פאַרמישט די פּרשות. ראַדיטשעוו איז אין דער טעלעגראַמע געווען אַ פאָרשטייער פון די אקטיאבריסטן, און אין נאָמען פון קערענסקיס גרופּע איז דערשינען טשעכאידזע (דער סאָציאַל־דעמאָקראַט), עס זענען אויך דערמאָנט געוואָרן צוויי פאָרשטייער: גאָלדענבערג און אַדעלמאַן, ווי די פאָרשטייער פון „יידישן דעמאָקראַטישן „בונד״, און אַז אויף דער קאָנפערענץ איז מען געקומען צו אַ הסכם, אַז לענין און טראָצקי פאַרלאָזן די רעגירונג, און אין דער נייער קאָאַליציע־רעגירונג גייען אַריין טשיטשערין און זינאָוויעוו. דעניקין און קאָלטשאַק גייען אַראָפּ פון דער פּאָליטישער אַרענע, הגם אין דער קאָנפערענץ האָט כלומרשט אָנטייל גענומען דעניקינס פאָרשטייער — וואָסילקאָוו. יעדן טאָג פלעגן דערשיינען טעלעגראַמעס, אַז די באָלשעוויקעס האָבן איינגענומען פּאָלטאַווע, כאַרקאָוו וכדומה, און צוזאַמען דערמיט זענען געווען טעלעגראַמעס, וואָס פלעגן זאָגן דעם היפּך. דעם לעצטן טאָג האָב איך געפונען אַן איטאַליענישע יידישע צייטונג, וואָס איז דערשינען אין רוים, און אויף דער צווייטער זייט האָב איך באַמערקט עפּעס וועגן פּועלי־ציון. דאָס האָט סירקין אויפן וועג קיין ארץ־ישראל געגעבן אַן אינטערוויו וועגן אונדזער וועלט־באַוועגונג. ער האָט דאָרט דערציילט וועגן אונדזער קאָמיסיע, וועגן דער צאָל חברים אין איר, וועגן דעם איצטיקן וויכוח אין דער באַוועגונג, וועגן צווייטן און דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און צום סוף וועגן דער שפּראַך־פראַגע בכלל און אין ארץ־ישראל בפרט.

סוף־כל־סוף איז די שיף אָפּגעגאַנגען דעם 28סטן דעצעמבער. דאָ אויף דער שיף האָב איך באַקומען אַ גרוס פון פּוילן. אויף דער קליינער שיף איז געפאָרן אַ פּוילישע מיסיע קיין וולאַדיוואָסטאָק, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט

פון אַ פּאָר אָפיצירן און איין סערזשאַנט, וועלכער האָט זיך שטאַרק דערפרייט, אַז ער האָט זיך דערוווּסט, אַז איך בין פון פּוילן. איך בין שטאַרק מסופּק, צי אין וואַרשע וואָלט ער זיך אַזוי דערפרייט מיט מיר, ווי אויף דער שיף.

דאָ האָב איך זיך דערוווּסט די אמתע סיבה, פאַר וואָס מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן אין טריעסט: דאָס איז געווען דער מאַטראָסן־שטרייק. „פּערסיאַ" איז געווען איינע פון די שיפן פון „עסטרייכישן לאָיד" און געשטאַנען די גאַנצע צייט פון דער מלחמה אין דאַלמאַציע, יעצט איז זי אַריבער צום „איטאַליענישן לאָיד". מען האָט זי פאַרריכט און איצט איז זי צום ערשטן מאָל נאָך פינף יאָר געגאַנגען קיין כינע דורך וולאַדיוואָסטאָק. די איטאַליענישע רעגירונג האָט געשיקט מיט דער שיף אַ טראַנספּאָרט געווער. די מאַטראָסן האָבן געהאַט דעם חשד, אַז דאָס דאָזיקע געווער איז באַשטימט דורך כינע־וולאַדיוואָסטאָק פאַר קאָלטשאַקן, ווייל אין וולאַדיוואָסטאָק איז געשטאַנען ענגליש און פראַנצויזיש מיליטער. די מאַטראָסן אין איטאַליע זענען דאַן געווען אָרגאַניזירט אין אַ גרויסן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין מיטן צענטער אין גענוע. דער פאַראיין האָט געציילט ביז 160 טויזנט מיטגלידער און האָט געבילדעט אַ גרויסן כוח, וואָס די רעגירונג האָט זיך געמוזט רעכענען מיט אים. דער פאַראיין איז געווען געבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און די פּאַרטיי האָט געהאַט אַ נטיה צום קאָמוניזם, דערפון איז געקומען די קעגנערשאַפט פון דעם פאַראיין איבערצופירן געווער פאַר קאָלטשאַקן. בעצם האָט די רעגירונג נאָך ניט געהאַט אויפגעלאָדן דאָס געווער אויף דער שיף, אָבער די שיף האָט געדאַרפט אָפּטרעטן אין אַן אַנדערן איטאַליענישן פּאָרט און דאָרט באַקומען דאָס געווער. דער פאַראיין האָט געמאָלדן דער רעגירונג, אַז זי קען איבערפירן דאָס געווער מיט אירער אַ קריגסשיף און ניט מיט דער הילף פון ציווילע מאַטראָסן און אויב „פּערסיע" וועט אַריינגיין אין אַן איטאַליענישן האַפן, וועט דער גאַנצער עקיפּאַזש פאַרלאָזן די שיף. אין משך פון פינף טעג האָט זיך געצויגן דער משא ומתן אין טריעסט און צום סוף האָבן די מאַטראָסן געזיגט. די ערשטע סטאַציע פון דער שיף האָט געדאַרפט זיין פּאָרט־סאַיד אין מצרים. אויב די שיף וועט אָנלאָדן ערגעץ וווּ געווער, אַפילו ניט אין איטאַליע, האָט די מאַנשאַפט דאָס רעכט צו פאַרלאָזן די שיף.

די גוטע אָרגאַניזאַציע פון די מאַטראָסן האָט זיך אָנגעזען אין די גוטע אַרבעטס־באַדינגונגען אויף דער שיף. די מאַטראָסן האָבן באַקומען אַ גוטן געהאַלט, זענען געווען פאַרזיכערט דורך דער געזעלשאַפט, האָבן געאַרבעט אויף דער יבשה 8 שעה אַ טאָג, און אויפן ים נאָך צוויי שעה אין דער וואָך.

אויף דער שיף זענען געווען דריי מינים פּאַסאַזשירן: די רייזנדע פון

דעם ערשטן קלאַס — די מיטגלידער פון דער פוילישער מיסיע, וואָס זענען די גאַנצע צייט אין טריעסט אין משך פון דעם משא ומתן געזעסן אויף דער שיף. ניט ווי מיר, וואָס מען האָט אונדז יעדן טאָג געשיקט אַהיים. די מאַנשאַפט, און דאַן מיר, דריי פּאַסאַזשירן פון דריטן קלאַס, פאַר אונדז איז בכלל ניט געווען קיין אָרט ניט אויף צו עסן און ניט אויף צו שלאָפן. מיר האָבן געדאַרפט גיין אַליין אין קיך בעטן עסן. צום סוף האָבן די מאַטראָסן זיך דערבאַרעמט אויף אונדז און געגעבן אונדז אַ קליינע קאַיוטע.

כ׳האָב דאָ אויף דער שיף געזען מענטשן פון צוועלף פעלקער: איטאַל־יענער, עסטרייכער, דאַלמאַטער, סלאָווענער, פּאָליאַקן, יידן, ענגלענדער, בעלגיער, כינעזער, יאַפּאַנער, אינדוסן און אַראַבער. אין אונדזער קאַיוטע איז געפאָרן אַ דייטשער ייד פון האַמבורג, וואָס מען האָט אים אַרויסגעטריבן פון כינע אין מערץ 1919 צוליב אַן ענגלישער אינטריגע — אַזוי האָט ער געטענהט. דאָרט האָט ער און נאָך אַ פינף הונדערט דייטשן געלעבט די גאַנצע צייט. ער איז געווען בערך אַ יאָר 40—45 און איז געווען געווינט, אַז אַלץ זאָלן פאַר אים טאָן אַנדערע. אין כינע האָט ער געהאַט משרתים, וואָס האָבן אים אָנגעטאָן, ראַזירט, און דעריבער איז ער ניט געווינט געווען צו זאָרגן פאַר זיך. ער איז געווען אַ מאָרפיניסט, און אַז ער האָט ניט געהאַט קיין מאָרפין האָט ער זיך געפילט זייער שלעכט. ער פלעגט נאָר רעדן וועגן וואַלוטע און סחורות, וואָס ער האָט געפירט מיט זיך קיין כינע און וואָס האָבן אים געדאַרפט געבן מיליאָנען רווחים. דער צווייטער שכן מיינער איז געווען פון די דייטשע לאַנדווירטשאַפטלער, וואָס האָבן געלעבט אין סיביר. ער איז דאָרט געבוירן, אָבער דערצויגן איז ער געוואָרן אין אונגאַרן. געווען איז ער אַ רוסישער אונטערטאַן, אָבער מיט אַ פּאַס פון דער שפּאַנישער געזאַנדשאַפט. גערעדט האָט ער גוט אונגאַריש, אַ ביסל דייטש, רוסיש און פויליש, און יעצט האָט ער זיך געלערנט ענגליש. ער איז געפאָרן קיין וולאַדיוואָסטאָק און פון דאָרט אין דער יעניסייער גובערניע. וואָס דער ציל פון זיין נסיעה איז געווען האָט ער ניט דערציילט. לכתחילה האָב איך אים חושד געווען, אַז ער האָט אַ שייכות צו די באָלשעוויקעס און אַז ער פאָרט פון די אונגאַרישע קאָמוניסטן צו די רוסישע. כ׳האָב זיך באַמיט מיט אים צו כאַפּן אַ שמועס. אפשר איז ער געווען קליגער פאַר מיר, אָבער צום סוף בין איך געקומען צו דער מסקנה, אַז ער איז אַן אַגענט פון דער רוסישער קאָנטער־רעוואָלוציע אין אויסלאַנד. ער איז געווען אַ יונגער בחור, שיין אָנגעטאָן. אַ מאָל פלעגט ער אַרויסזאָגן ריכטיקע געדאַנקען וועגן דער רוסישער רעוואָ־לוציע, אָבער ס׳האָט זיך ביי אים געמערקט, פּונקט ווי ביים ערשטן שכן, דער אינטערנאַציאָנאַלער אַוואַנטוריזם. די פוילישע אָפיצירן האָבן שפּאַצירט איבער דער שיף מיט פאַרריסענע נעזער, מיט דער געוויינלעכער פוילישער גאווה,

און דער גענעראַל, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין אַ ייִד, האָט שוין מיט מיר מער ניט אויסגערעדט קיין וואָרט.

אויפן דריטן טאָג פון דער נסיעה האָט זיך אָנגעהויבן דער שטורעם. ער האָט געדויערט 36 שעה און איך האָב דערפון זייער געליטן. די ערשטע נאַכט האָבן מיינעביידע שכנים געלאַכט פון מיר און ביידע צעטיילט צווישן זיך מיין פּאָרציע עסן. אויף מאָרגן איז דער אונגאַרער אויך קראַנק געוואָרן, און דער כינעזישער ייִד האָט אויפגעגעסן אַלע דריי פּאָרציעס. כ'האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז מיר גייען צום גרונט, אַפילו די מאַטראָסן האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אומגעוויינלעכער שטורעם.

אויפן דריטן טאָג פון שטורעם, דעם 2טן יאַנואַר, זענען מיר אַרויס אויף דער דעק. מיר זענען קוים־קוים געשטאַנען אויף די פיס. דעם 4טן יאַנואַר זענען מיר אָנגעקומען קיין פּאָרט סאַיד. מיר זענען אַדורך דעם סועץ־קאַנאַל, וואָס ביים אַריינגאַנג צו אים שטייט די סטאַטוע פון דעם אינזשיניער, וואָס האָט געבויט דעם קאַנאַל — לעססעפּס. צו דער שיף קומען צו קליינע שיפלעך, ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער מקח און ממכר און די געשרייען זענען דערגאַנגען ביז צום הימל. פון ביידע זייטן פון דער שיף זענען צוגעקומען אַ פּאָר גרויסע באַרזשעס מיט קוילן, און פון די באַרזשעס, וואָס זענען אַ סך נידעריקער פאַר דער שיף, האָבן זיך צו דער שיף געהויבן משופּעדיקע ברייטע ברעטער, און אויף זיי זענען אַרויפגעקומען אויפן שיף אַ מאַסע אַראַבער מיט קוישן קוילן אויפן קאָפּ. מיט איין ברעט זענען זיי אַרויפגעקומען און מיט אַ צווייטער האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט. מען האָט אויסגעליידיקט די קוישן מיט די קוילן און מען איז ווייטער אַרויף. און אויבן עמעצער פון די קוילן־טרעגער פלעגט זיך פאַרהאַלטן אויף דעם ברעט, פלעגט ער אַראָפּגעשטויסן ווערן און אַריינפאַלן אין וואַסער אַריין, וואָרעם אַנדערש האָט ער פאַרהאַלטן די גאַנצע לאַנגע שורה פון די קוילן־טרעגער. איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין, פאַר וואָס עס זענען אין אַזאַ גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן פּאָרט ניטאָ קיין מאַשינעס אויף אַרויפצוברענגען קוילן אויפן שיף, און מען באַנוצט זיך מיט מענטשן־כוח. מען האָט מיר אויפגעקלערט, אַז דער אַרבעטס־לוין איז אַזוי נידעריק, אַז עס לוינט ניט אַריינפירן קיין מאַשינעס.

מיט אַ קליינעם שיפל האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אין צאַל־אַמט, און דאָ, אין מיטן פון די געשרייען אויף אַראַביש, האָב איך דערהערט אַ שוועדיש וואָרט: טאַקסעמיקעט (אַ שיינעם דאַנק) — און אין דער פרעמדער אָריענטאַלישער אַטמאָספער האָט דאָס שוועדיש וואָרט פון אַ שוועדיש פאַר־פאָלק מיר אַזוי ווי אומגעקערט צו מיין געוויינלעכער סביבה. פון צאַל־אַמט האָט מען מיך מיט אַ פּאָליציאַנט אַוועקגעפירט צו דער באַן־סטאַציע, און אַזוי ווי עס איז

ניט געוווען קיין פּלאַץ אויף דער באַן, האָט מיך דער פּאָליציאַנט אַוועקגעפירט אין אַ יידישן האָטעל ביז אויף צו מאָרגנס.

פּאָרט־סאַיד איז די ערשטע מזרח־שטאָט, וואָס איך האָב געזען. דער ערשטער איינדרוק איז געווען זייער אַ מאָדנער. די באַפעלקערונג אַ געמישטע, דאָס רוב, פאַרשטייט זיך, אַראַבער. די ענגלענדער האָבן זיך דאָ געפילט ווי די אמתע באַלעבאַטים. צווישן דער באַפעלקערונג פון בערך 80 טויזנט זענען דאָ געווען אַן ערך 250 יידישע משפחות, אַשכנזים און ספרדים. כ׳האָב געזען אַ פּאָר יידישע קראָמען און אין זיי בצלאל־אויסאַרבעטונגען.

אין האָטעל האָב איך באַקומען דעם ערשטן גרוס פון ארץ־ישראל. כ׳האָב דאָרט געטראָפן צוויי לעגיאָנערן פון דעם 40סטן גדוד, וואָס איז געשטאַנען אין לוד; צוויי מיטגלידער פון מיליטערישן אָרקעסטער, וואָס זענען געקומען אַהער איינקויפן זאַכן. אויף זייערע אַרבל און אויף די היטלען האָב איך געזען די מנורה. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס צווישן אונדז וועגן דעם געלט, וואָס זיי האָבן געזאַמלט פאַר אונדז אין גדוד (ווען איך בין געווען אין שטאָק־האָלם האָט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ איבערגעגעבן מיר פאַר דער פּאַרטיי אין פּוילן אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר, וואָס די לעגיאָנען האָבן געזאַמלט פאַר אונדז). מען רעדט מיט מיר העברעיִש, און אַז איך פאַרשטיי ווייניק, ווערט מען אויף מיר אין כעס און מען רעדט מיט מיר ניט „יידיש־זשאַרגאָן", נאָר רוסיש. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן אַ גרוס פון סירקינען, וועלכער איז שוין דערשינען אויף אַן אַסיפה און גערעדט העברעיִש. מיר ווערט מען ניט לאָזן רעדן אין גדוד אויף „זשאַרגאָן". עס זענען שוין געווען אַזעלכע פאַלן. זיי זענען סימפּאַטיקער פון "אחדות העבודה", אָבער זייערע באַגריפן וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל זענען געווען זייער באַגרענעצט. אין אָוונט זענען מיר געגאַנגען צוזאַמען אין קינאָ. די בחורים האָבן מיט גרויס גאווה דערקלערט די ענגלישע זעלנער, אַז זיי זענען דער ערשטער יידישער לעגיאָן אין ארץ־ישראל.

אין האָטעל האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ פּאָר מאָדנע טיפּן, יידן פון אויסטראַליע און פון טוניס. כ׳האָב דאָרט באַגעגנט אויך אַ ייד פון ארץ־ישראל, אין עלטער פון אַ יאָר פופציק, אין אַ ווייסן ראָק, מיט אַ ברייטן געזיכט און אַ קליין רויט בערדל, וואָס האָט פאַרדעקט דעם גאַנצן פּנים, מיט אַ לאַנגער נאָז און מיט ברילן. דער ייד האָט מיך פאַראינטערעסירט און איך האָב באַשלאָסן זיך צו באַקענען מיט אים נעענטער. איך האָב מיר פאַרשריבן דאָן דעם שמועס, וואָס איז געווען לויט מיין מיינונג גאַנץ אינטערעסאַנט, און איך האָב דעם איינדרוק, אַז ער האָט אַ ווערט אויך היינט. דעריבער ברענג איך דאָ דעם גאַנצן שמועס.

אויף מיין פראַגע, ווער ער איז, ענטפערט דער ייד:

„איך בין פון פתח־תקוה, מיין נאָמען איז... (כ'האָב ניט פאַרשריבן דעם נאָמען), דאָרטן קען מען מיך, ווי דעם אַלטן חזן, איר קענט זיך דאָרטן נאָכ־פרעגן אויף מיר. מיין פאַך איז חזנות, אָבער שוין זעקס יאָר, זינט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, לייד איך אַ ביסל אויף די לונגען, און קען זיך ניט איינאָרדענען. די לעצטע צייט בין איך געווען דער אָנפירער פון דער חברה קדישא, און דער סעקרעטאַר פון משפט השלום, איך בין געווען אַ געוויסע צייט דער סעקרעטאַר פון „מזרחי". אָבער איך בין אויך אַ שרייבער, און ווי איר זעט מיך, לאָז איך ניט אַרויס די פען פון האַנט".

— און וואָס האָט איר שוין אָנגעשריבן?

„איך שרייב אַ מאָל אין דער צייטונג. איך האָב אַ פרוי און דריי קינדער. קוקט ניט אויף מיר, וואָס איך זיץ דאָ אַזוי רויק. איך בין אַ ביסל פאַרמאַטערט פון וועג, און, דער עיקר, ווען איך דערמאָן זיך וועגן מיין ווייב, וויינט ביי מיר מיין האַרץ. און איר זעט (דאָ נעמט ער אַרויס אַ בילד פון דער קעשענע) דאָס איז דאָס בילד פון איר מיט מיין עלטערער טאָכטער".

— אַרבעטן זיי?

„מיין פרוי אַרבעט ניט, זי איז געבליבן אין פתח־תקוה מיטן יינגסטן זון. דעם גרעסערן זון האָב איך געשיקט קיין ירושלים אין דער שול, און מיין טאָכטער איז אַ לערערין אין חיפה".

— פאַר וואָס פאַרלאָזט איר דאָס לאַנד און וווּהין פאָרט איר?

„אַ גאַנץ יאָר האָב איך מלחמה געהאַלטן מיט זיך אַליין, אַלע מיינע געשעפטן גיבן מיר ניט קיין פרנסה. מיינט איר אפשר, אַז מען דאַרף מיך ניט דאָרט האָבן? אַלע יידן האָבן מיך באַגלייט, מען האָט אַפילו געמאַכט פאַר מיין כבוד וועגן אַ סעודה, מען האָט געהאַלטן רעדעס, מען האָט מיר אויסגעדריקט דאַנקבאַרקייט פאַר מיין אַרבעט, מען האָט געטענהט, אַז עס איז נאָך דאָ אַרבעט אין ארץ־ישראל, און זיי איז גאָרניט איינגעפאַלן אין קאָפּ, אַז ווען זיי זאָגן איין וואָרט, וואָלט איך געבליבן. מיין פרוי האָט מיר ניט געלאָזט פאָרן. אָבער צום סוף האָט זי מיר אַליין געזאָגט: „יוסף (אַזוי רופט מען מיך) מען פאַר־טרייבט דיך". און ווען איך האָב איר געזאָגט, אַז איך פאָר, האָבן זיך איר געשטעלט טרערן אין די אויגן. דעם לעצטן שבת האָב איך געדאַוונט מוסף, אָבער ווי! איך בין בכלל אַ מענטש מיט טאַלאַנטן און פעיִקייטן, די אַרבעט, וואָס איך נעם אויף זיך, ווערט געטאָן. און ווען איך בין צוריק געקומען פון שול, האָב איך ווידער געזען טרערן אין די אויגן פון מיין פרוי. אָט זעט איר זי דאָך: אַן איידעלע נשמה, אַז מען לעבט צווישן זיך אַזוי גוט אַלע יאָרן, און איצט... (אַ שווערער זיפץ — נ.) איך פאָר קיין קאַפּשטאַדט (אַפריקע), די פרנסה

איז דאָרטן אַ פאַרזיכערטע און, אַגב, צוליב אַגיטאַציע, אַז יידן זאָלן פאָרן קיין ארץ־ישראל".

— זייט איר עפּעס געווען פאַרמישט אין די געזעלשאַפטלעכע ענינים אין ארץ־ישראל?

„וואָס הייסט „פאַרמישט", איך האָב אָרגאַניזירט די יונגע חדרים פאַר די פרומע קינדער. זיי קענען ניט גיין מיט די אַלטע, אין הפועל הצעיר און פועלי־ציון איז ניטאָ פאַר זיי קיין אָרט, מען רעכנט זיך דאָרט ניט מיט זיי".

כ'האָב ניט געקענט באַקומען פון דעם יידן קיין קלאָרע תשובה, וואָס עס טוט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע.

— און וואָס הערט זיך דאָרט מיט דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג? צי איז עס ריכטיק, אַז מען האָט זי אָפּגעלייגט און דווקא צוליב די רבנים, וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט, אַז די פרויען זאָלן האָבן וואַל־רעכט?

„אמת. דאָס איז די סיבה פון אָפּלייגן. איר קענט בעצם פרעגן, פאַר וואָס זענען זיי די קעגנער פון וואַל־רעכט פון די פרויען, און באמת איז ניטאָ קיין תשובה אויף דעם. אַזוי ווילן זיי און עס וועט גאָרניט העלפן. און דאַן זענען געקומען אוסישקין און וויצמאַן און האָבן געזאָגט, אַז עס איז ניט כדאי יעצט זיך צו קריגן, בעסער איז צו וואַרטן, ביז עס וועלן קומען בייע יידן פון חוץ לארץ, דאַן וועט איין צד מכריע זיין, און דאַן וועט עס נעמען אַ סוף.

— אָבער דערווייל זע איך, אַז יידן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, איר, און דאָ זיצן נאָך צוויי יידן, וואָס פאַרלאָזן דאָס לאַנד, און די דאָזיקע יידך, ווי די יידן אין פּאָרט־סאַיד, זענען דאָך פרעמד צו ארץ־ישראל.

„וואָס זאָגט איר! איך וועל קומען צוריק, איך פיל זיך דאָ אין פּאָרט־סאַיד ווי אויף אַן אַנדער וועלט. די דאָזיקע יידן זענען ניט קיין יידן. איר וואָלט געדאַרפט זען ביי אונדז אין די קאָלאָניעס, דאָס איז באמת מחיה נפשות, מען פילט דאָרטן אַ נייעם גייסט, אַ יונגן יידישן גייסט, אַ יידישע נשמה, מען קנאַקט העברעיִש מיט דער ספרדישער העברה, און דאָס גיט אַריין אין דיר נייע כוחות. אמת, עס איז פאַראַן אַ ביסל יונגוואַרג, וואָס זענען אין כעס, הלמאי מען רעדט נאָר העברעיִש, אָבער ווי שטעלט איר זיך פאָר, ווי קען עס דען זיין אַנדערש, ווען אין ירושלים זענען דאָ שפּאַניאָלישע יידן, וואָס רעדן שפּאַניאָליש, יידן פון בוכאַרע, וואָס רעדן בוכאַריש, יידן פון פּערסיע, וואָס רעדן פּערסיש, די תימנער רעדן אַראַביש, און די אורפאַלער (פון באַגדאַד) רעדן שוין אַן אַנדער אַראַביש, ווי קענען זיי אַלע רעדן צווישן זיך, און איינער טייטלט אויפן צווייטן אַז ער איז אַ „פרענק". אָבער אין די שולן צווישן די קינדער איז עס שוין ניטאָ, אַלע קינדער רעדן העברעיִש, און איר וועט שוין ניט דערקענען וועלכע קינדער זענען שפּאַניאָלישע און וועלכע אַשכנזישע.

איך בין ניט קיין פאַנאַטיקער, איר ווילט מיט מיר רעדן יידיש, בין איך גרייט צו רעדן יידיש, דער עיקר איז אַז איינער זאָל פאַרשטיין דעם צווייטן, אָבער ביי אונדז זענען דאָ קנאים אַזעלכע, וואָס ענטפערן ניט די אַראַבער, אויב זיי רעדן ניט העברעיש".

— אָבער וואָס וועט איר טאָן, אויב עס וועלן באמת קומען אין לאַנד אַריין יידן פון רוסלאַנד, פוילן, ליטע און דווקא פשוטע יידן, וואָס קענען ניט קיין העברעיש, דאַרף מען באמת ניט דערלויבן זיי ווילן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, און איר האַפט דאָך אַז זיי וועלן עולה זיין?

„איר רעדט וועגן דעם איסור אין ענין פון די וואַלן? דאָס איז באמת געוועזן אַ סקאַנדאַל, אָט, למשל, האָט מען געוואָלט מיך אויסקלייבן, און יידן, וואָס זענען ניט מסכים געווען מיט מיר, האָבן געמוזט מיך אויסקלייבן, ווייל אַנדערע האָבן ניט געקענט קיין העברעיש."

איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז איך בין קיין פאַנאַטיקער, אָבער אַ ביסל דאַרף מען דאָך דריקן, ווייל ביי אונדז זענען דאָך דאָ די אַלע רבנים אין ירושלים, וואָס האָבן נאָר איין אַרבעט, אַרויסצוטראָגן איסורים אויף וואָס איר ווילט נאָר, למשל, אויב אַ ספרדישער ייד קויפט פלייש, מאַכט מען אַן איסור אויף דעם דאָזיקן פלייש, די דאָזיקע רבנים מיינען אַז דאָס וואָרט „העברעיש" איז אַ חילול, ביי זיי איז עס נאָך לשון קודש."

— און וואָס טוט ביי אייך „אחדות העבודה?"

— דאָס איז אין תוך גאָר אַ נייער נאָמען, דאָס זענען די זעלביקע פועלי־ציון, ווייל מען האָט זיך געקריגט מיטן הפועל הצעיר, האָבן זיי באַשלאָסן געבן זיך אַ נייעם נאָמען, בכדי צוצוציען נייע מענטשן. זייער אסיפה איז אַפילו געווען ביי אונדז אין פתח־תקוה. זיי אַרבעטן זייער שיין, פּרטים ווייס איך ניט, אָבער זיי האָבן אַ גוטע און אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע. אויב זיי האָבן די העזה שוין צו פאָדערן פאַרשטייערשאַפט און צו מאַכן סקאַנדאַלן — איז עס אַ סימן, אַז דאָס איז אַ כוח".

— און וואָס הערט זיך ביי אייך מיט די קבוצות?

— „פּרטים ווייס איך ניט. אָבער זיי זענען מצליח אַ סך, זיי זענען אַליין ניט שולדיק, אָבער עס קומט אַזוי אַרויס, אַז מען זעצט גרינסן, פאַלן די פרייזן וכדומה..."

איך האָב געוואָלט קויפן אין פּאָרט־סאַיד אַ געאָגראַפישע מאַפּע פון לאַנד און פון דעם וועג קיין יפו, האָב איך קיין מאַפּע ניט געקענט געפינען. דאָ האָט מען עס ניט געדאַרפט, ווייל ווער האָט זיך דאָ אינטערעסירט מיט ארץ־ישראל! דאָס לעבן פון די יידן דאָ איז זייער ווייט פון ארץ־ישראל, זיי האָבן דאָ גאָרניט ספּעציפישעס, זיי לעבן פון די דורכרייזנדיקע אין דער

שטאָט. איך האָב געמוזט דאָ וואַרטן אַ פּאָר טעג, כדי צו קריגן אַ דערלויבעניש צו פאָרן מיט דער באַן. די גרענעץ איז דאַן געווען אין קאַנטאַראַ. און דאָרט האָב איך געדאַרפט וואַרטן אַ פּאָר שעה, ביז עס איז אָנגעקומען די באַן, וואָס גייט דירעקט פון קאַיר קיין חיפה. מען קומט אַריין קיין ארץ־ישראל דורך מדבר־זאַמדן אָן אַ סוף, אָבער נאָך רפה הייבט מען שוין אָן זען עפּעס גרינס. אַ מאָדנעם איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט דאַן די סאַבּרעס (די קאַקטוס־ביימער), וועלכע איך האָב געזען צום ערשטן מאָל, הן די בלעטער, הן שפּעטער די פּרות.

די באַן איז אָנגעקומען קיין לוד, און פון לוד האָט מען געדאַרפט פאָרן מיט אַ קליינער אָפענער קאָלייקע קיין יפו. דאָ, אין דער קאָלייקע, האָב איך זיך שוין באַגעגנט מיט אַ סך יידן, וואָס האָבן זיך שטאַרק געפרייט מיט מיר. בכלל איז אין יענער צייט די צאָל יידן געווען זייער אַ קליינע און כמעט אַלע האָבן געקענט איינער דעם צווייטן, און האָבן זיך באַצויגן צו יעדן נייעם עולה אויסערגעוויינלעך גוט (מען דאַרף עס פאַרגלייכן מיט היינטיקע צייטן).

די קאָלייקע גייט דורך תל־אביב, איך האָב עס אָבער ניט געוווּסט און בין דערפאָרן ביז יפו. דאָ, ניט קענענדיק קיין וואָרט אַראַביש, איז מיר געווען זייער שווער זיך איינצואָרדענען מיט די וואַליזעס. סוף־כל־סוף האָב איך געפונען עפּעס אַ טרעגער אויף שטום־לשון. ער האָט גענומען מיינע וואַליזעס און מיר זענען געגאַנגען מיט אים צו פוס מיט דער יפו־תל־אביב גאַס, וואָס איז כמעט געווען אָן בנינים. מיר זענען דערגאַנגען ביז דער הערצל־גאַס, וואָס אַנטקעגן איר זענען געשטאַנען אַ פּאָר הונדערטיעריקע ביימער, און אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָב איך מיט צער געזען ווי מען האָט זיי אויסגעהאַקט. מיט דער הערצל־גאַס און שפּעטער מיט דער נחלת בנימין בין איך דערגאַנגען צום הויז, ווו עס איז געווען דאָס ביוראָ פון דער פּאַרטיי. דאָס איז דאַן געווען דער לעצטער בנין אין תל־אביב, איצט איז עס דער ווינקל פון דער גרוזענבערג־גאַס, שפּעטער איז אין דעם בנין געווען די „הדסה" און נאָך שפּעטער די היפּאָטעקן־באַנק. נאָך דעם בנין האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די זאַמדן. אַלץ איז מיר אויסגעקומען מאָדנע און מיט נייגיר האָב איך געקוקט אויף אַלץ. דאָס איז געווען דעם 6טן יאַנואַר 1920, דעם טאָג האָט מיין פוס צום ערשטן מאָל געטראָטן אויף דער ארץ־ישראל ערד.

אַז איך בין אַרויף אין בנין אויפן צווייטן שטאָק, האָב איך שוין געפונען דאָרט אין צימער כמעט אַלע חברים פון דער קאָמיסיע (נאָר רובאַשאָוו איז געקומען מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער). ווי זאָגט מען אויף רוסיש — פון שיף צום באַל. און אַזוי בין איך אַריין גלייך פון דער באַן אין דער אַרבעט פון דער קאָמיסיע. אָנגעקומען בין איך מיטוואָך, און ערשט דאָנערשטיק פאַר נאַכט

האָב איך זיך באַפרייט און געפאָרן קיין רחובות צו די עלטערן. אינסטינקטיוו האָב איך זיך אומגעקערט צו די זכרונות פון די קינדער־יאָרן וועגן דער „קאָלאָניע" אין ארץ־ישראל, וואָס מען פלעגט רעדן וועגן דעם אַזוי פיל אין דער היים. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָב איך צווישן די פּאַפּירן געפונען אַ פּאָר בלעטלעך פון דעם טאָגבוך פון מיין פאָטער. ער האָט אָנגעהויבן דעם טאָגבוך דעם 24סטן מערץ 1888, דער טאָגבוך אַנטהאַלט נאָר אַכט זייטלעך, און אויף דעם לעצטן בלעטל, וואָס דער פאָטער האָט געשריבן אין יאָר 1891, האָב איך געפונען אַ פּאָר ווערטער, וואָס באַציִען זיך צו דער צייט, ווען ער האָט געקויפט די „קאָלאָניע" אין ארץ־ישראל. איך האַלט פאַר אינטערעסאַנט צו ברענגען דאָ די פּאָר זאַצן, ווי דער פאָטער האָט זיי געשריבן: (געשריבן האָט ער אין העברעיִש):

„אין אָוונט פון צווייטן טאָג חול המועד פסח תרנ"א. עס זענען אַריבער שוין צוויי און צוואַנציק חדשים און איך האָב גאָרניט געשריבן אין מיין ספר הזכרון פון מיין לעבן. און ניט צוליב דעם, וואָס איך בין, חלילה, געווען שטאַרק באַשעפטיקט, ווייל דווקא פאַרקערט: די לעצטע צוויי יאָר האָב איך געלעבט אַ שטיל, רויִק לעבן. נאָר עס האָט זיך פּשוט ניט געמאַכט. און אויך אין דעם איצטיקן מאָמענט זענען מיינע געדאַנקען ניט קלאָר און מסוגל דערצו. און דעריבער וועל איך פאַרקירצן דאָס מאָל און וועל שרייבן ווייניק, אָבער וויכטיקס לויט דעם ווערט. מיט פינף חדשים צוריק האָט זיך דאָ אין וואַרשע געגרינדעט אַן אַגודה פון חברים, צו קויפן אַ קאָלאָניע אין הייליקן לאַנד, און איך בין אויך געוואָרן אַ חבר אין דער אַגודה, איך האָב אָבער ניט געוווּסט פריער, אַז מען וועט דאַרפן איינצאָלן 520 רובל במזומן. מען האָט גערעדט לכתחילה, אַז יעדער פון אונדז וועט דאַרפן איינצאָלן נאָר 200 רובל, און נאָך דעם, ווי כ'האָב שוין געגעבן די 200 רובל, האָב איך זיך ניט געקענט צוריקציִען און איך קען זאָגן, אַז צוליב כבוד האב האָב איך זיך ניט געקענט צוריקציִען און געמוזט דערלייגן, אָבער איך בין צופרידן דערפון. ראשית, אַז איך האָב אַ נחלה אין ארץ־ישראל אויף מיין נאָמען און מיט גאָטס הילף וועט אין משך פון פינף יאָר געגרינדעט ווערן אַ קאָלאָניע אין ארץ־ישראל און ברוך שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה. און אויב דער אויבערשטער וועט מיך מזכה זיין, וועלן מיר נאָך רעדן דערפון — נאָך מיין מיינונג איז עס אַ גוטע אונטערנעמונג, וואָס איך וועל קענען זאָגן, אַז דאָס האָב איך אויפגעטאָן זייענדיק אויף דער וועלט".

אַז מען רעדט איצט וועגן פאָרן פון תל־אביב קיין רחובות, ווייסט יעדער, אַז עס נעמט אַ האַלבע שעה און דאָס איז אַ לייכטע זאַך. אָבער דאַן זענען נאָך ניט געגאַנגען די אויטאָבוסן קיין רחובות, עס איז געווען נאָר אַ דיליזשאַנס,

וואָס איז געגאַנגען צוויי מאָל אַ טאָג: זיבן אין דער פרי און האַלב צוויי נאָך מיטאָג. ווער עס איז געפאָרן מיטן צווייטן דיליזשאַנס, האָט שוין געמוזט נעכטיקן דאָ אָדער דאָרט. און דער וועג האָט געדויערט בערך דריי מיט אַ האַלבער שעה, עס איז געווען אַ שאָסיי מיט לעכער אומעטום, נאָר ביז נס־ציונה. יעדע רגע איז געווען אַ סכנה, אַז דער דיליזשאַנס וועט זיך איבערדרייען. פון נס־ציונה איז שוין געווען נאָר אַ זאַמדיקער וועג און תמיד פון נס־ציונה אין דער ריכטונג קיין רחובות האָט מען געדאַרפט אַראָפּגיין פון דיליזשאַנס, אונטערשטופּן אים און צוהעלפן אַ ביסל די פערד.

מיט גרויס נייגער האָב איך געקוקט אויףביידע זייטן פון שאָסיי. די אַראַבישע בנינים ביים אַרויספאָר פון יפו, די חורבות אויפן וועג, די הייליקע קברים מיטן רונדן קופּאָל פון אויבן — אַלץ איז געווען ניי פאַר מיר. די פעלדער זענען כמעט ניט געווען פאַרזייט. עס איז געווען אַ ביסל פּרדסים, אָבער על־פּי־רוב איז די ערד געשטאַנען וויסט, און אויפן גאַנצן וועג האָב איך כמעט ניט געזען קיין גרינס. אַלץ איז געווען טרוקן און געל, אַפילו די דערנער אויף די פעלדער זענען געל־טרוקן. איך בין אַדורכגעפאָרן מקוה־ישראל מיטן טויער, וואָס שטייט נאָך ביז היינט. איך האָב זיך פאַרוווּנדערט, אַז מען האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז געווען איינער פון די ערשטע יידישע ישובים אין לאַנד. געוווּנדערט האָב איך זיך דערפאַר, וואָס מען האָט אָנגעהויבן בויען דאָס לאַנד פון אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער שול. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אויך די שטאָט תל־אביב האָט מען אָנגעהויבן בויען פון דער גימנאַזיע. עס זענען נאָך ניט געווען קיין יידן אין תל־אביב, אָבער דער „עם־הספר״ האָט געבויט די גימנאַזיע. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז די אַלטע יוחנן בן זכאי־שיטה, וואָס מיט דער ישיבה אין יבנה האָט מען געראַטעוועט דאָס יידנטום.

איך בין דורכגעפאָרן ראשון לציון, אַ פאַרוואָרפענער דאָרף, און נאָכהער נס־ציונה, וואָס איז דאַן געווען געבויט נאָר פון איין זייט, די רעכטע זייט פון שאָסיי (אין ריכטונג צו רחובות). די לינקע זייט — פּוסטע פעלדער. די קאָלאָניע — אַ פּאָר הייזער מיט דעכער מיט רויטע דאַכוווקעס. (די רויטע דאַכוווקעס זענען, אגב, געווען דער סימן מובהק, אַז דאָס זענען יידישע הייזער, ווייל ביי די אַראַבער זענען די דעכער געווען פון ליים). אין משך פון אַ פּאָר יאָר איז די לינקע זייט פון שאָסיי געווען ליידיק, און נאָר אין די יאָרן 25—26 האָבן זיך דאָרט באַוויזן די ערשטע געצעלטן פון די בעדוויִנער, געצעלטן שוואַרצע און צעריסענע, און אין לויף פון אַ פּאָר יאָר איז פון די געצעלטן אויסגעוואַקסן אַ גרויסער ישוב — וואַדי־חנין (דער אַראַבישער נאָמען פון נס־ציונה), און נאָך שפּעטער האָט מען שוין געבויט דעם מעטשעט.

כ'בין אָנגעקומען קיין רחובות; די קאָלאָניע האָט שוין געמאַכט אַ בעסערן רושם ווי די פריערדיקע. איך בין אַראָפּ אין „צענטער", און פאַמעלעך בין איך מיט דער וואַליזקע געגאַנגען אַרויף אויף דער יעקב־גאַס, וואָס איז געגאַנגען באַרג־אַרויף און שפּעטער ווידער באַרג־אַראָפּ, ביז איך בין דער־גאַנגען צו דער גאַס מנוחה ונחלה (מען האָט זי נאָך לאַנג שפּעטער גערופן „די גאַס פון מיליאָנערן"), אויף וועלכער דאָס צווייטע הויז אַנטקעגן דער שול איז געווען דאָס הויז פון מיינע עלטערן. איך בין אַריין אין גרויסן הויף, אַרויף אויף די שטיגן און געפונען אין דער היים נאָר מיין מוטער, וואָס איך האָב זי ניט געזען שוין אַכט יאָר. זי האָט זיך שטאַרק פאַרעלטערט, געווען האַלב־איינגעבויגן. דעם פאָטער האָב איך ניט געטראָפן אין דער היים: ער איז געווען אין שול ביי מנחה. ער האָט זיך אויך שטאַרק פאַרעלטערט, אָבער זיך געהאַלטן גלייך. די פרייד איז געווען גרויס. שבת זענען געקומען אַ סך שכנים צו באַגריסן די עלטערן מיטן גאַסט, דעם בן־יחיד, און לויטן מנהג האָט יעדער געשיקט אַ קוכן. איך האָב זיך נאָך מיטאָג אַ ביסל צוגעלייגט. די מוטער איז געזעסן לעבן מיר און געשוויגן. זי האָט מיך שטיל געגלעט, און שפּעטער מיר אַ קוש געגעבן. איך בין אַזוי ניט געוווינט געווען דערצו אין די יוגנט־יאָרן, אַז איך בין געווען זייער גערירט, און עד היום קען איך ניט פאַרגעסן דער מאַמעס קוש.

פרייטיק צו נאַכטס בין איך אַרויס אַ ביסל שפּאַצירן איבער דער קאָלאָניע. אויף די גאַסן האָט געהערשט אַ טיפע פינצטערניש. זיי זענען ניט געווען באַלויכטן און קיין טראָטואַרן זענען ניט געווען. מען האָט געקענט לייכט צעברעכן אַ פוס. איך האָב שפּעטער געפרעגט דעם פאָטער וועגן דעם, האָט ער מיר דערציילט, אַז מיט אַ פּאָר יאָר פריער האָט דער ועד אָוועקגע־שטעלט לאַמטערנעס איבער די גאַסן, אָבער די תלמידים פון דער שול האָבן די ערשטע נאַכט צעבראָכן אַלע לאַמטערנעס. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ קאָלאָניסט, וואָס האָט מיר באַשטעטיקט די דאָזיקע מעשה, ער אַליין איז עס געווען איינער פון די, וואָס האָבן די לאַמטערנעס צעבראָכן.

מיט דער יעקב־גאַס — דער צענטראַלער גאַס אין דער קאָלאָניע, וואָס הייבט זיך אָן ביי דער יפו־גאַס און ציט זיך ביז צום בית־הקברות — בין איך דערגאַנגען ביז יפו־גאַס. אויף דער צווייטער זייט איז געווען אַ בערגל, וואָס מען האָט גערופן אין דער קאָלאָניע „דער באַרג פון ליבע", ווייל דאָרט האָבן שפּאַצירט פּאָרלעך. איצט, פאַרשטייט זיך, איז אַלץ פאַרבויט, אָבער דאַן איז דאָס בערגל געווען וויסט און פוסט. כ'האָב שפּאַצירט, אָבער אַזוי ווי עס איז געווען חושך מצרים, האָב איך ניט באַמערקט, אַז איך בין דערגאַנגען ביז אַ „תהום", נאָר אין דער לעצטער סעקונדע האָב איך באַמערקט, אַז איך

שטעל די פּוס איבערן „תהום״, איך האָב שוין פיזיש ניט געקענט צוריקציען, האָב איך אַ שפּרונג געטאָן מיטביידע פיס, כדי ניט צעברעכן איין פּוס. אין דער צייט פון פאַלן האָב איך נאָך באַוויזן אַ טראַכט געבן, אַז עס איז שלעכט, ווייל איך פאַל צו לאַנג, אַזוי שנעל איז דער געדאַנק! איך בין טאַקע געפאַלן, און עס האָט גאָרניט ניט פּאַסירט, נאָר... פון אַלע זייטן זענען מיך באַפאַלן הינט.

דער פאָטער האָט מיר דערציילט, אַז צווישן די איכרים (די פּויערים־קאָלאָניסטן) און די אַרבעטער זענען ניטאָ קיין באַציִונגען. די בני איכרים (די זין פון די פּויערים) קומען זיך ניט צונויף מיט די אַרבעטער, אָבער לעצטנס האָבן טעכטער פון די איכרים יאָ אָנגעהויבן שפּאַצירן מיט פּועלים.

דעם פאָטערס הויף איז געווען גרויס און ברייט. אַרום אַ צענדליק קאַזאַ־רינעס און אין מיטן אַ פּאָר תות־ביימער, אַרומגערינגלט מיט אַ גראָבער שטיינערנער וואַנט פון אַלע זייטן. דער פאָטער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט צוויי גאָרטנס: איינעם אַ ווייגאָרטן מיט אַ טייל בור (ניט־באַאַרבעטע ערד), נאָענט צו דער קאָלאָניע, און אַ סך ווייטער אַ צווייטן פון מאַנדלען. כ׳האָב באַמערקט, אַז דער פאָטער רייכערט אַ סך, אַפילו ביי נאַכט, און אַז אין ווינקל פון צימער שטייט אַ גרויסע פלאַש קאָניאַק, לויט דעם שטייגער פון די איכרים. נאָך מיט פופצן יאָר פריער איז מיין פאָטער געוואָרן קראַנק אויף אַרטעריאָסקלעראָז, און די דאָקטוירים האָבן אים פאַרווערט צו טרינקען און צו רויכערן. האָב איך אים געפרעגט, הלמאי ער טרינקט קאָניאַק און רייכערט אַזוי פיל. האָט מיר דער פאָטער דערקלערט, אַז בדרך הטבע לעבט אַ מענטש נאָר זיבעציק יאָר, אַזוי גיט עס גאָט, היות ווי ער איז שוין אַריבער דעם דאָזיקן עלטער, לעבט ער לפנים משורת הדין, מעג ער רייכערן און טרינקען. שבת אין דער פרי איז דער פאָטער געגאַנגען אין שול און האָט מיר ניט פאַרגעלייגט מיטגיין מיט אים. די מוטער האָט מיך שפּעטער געפרעגט, פאַר וואָס איך בין ניט געגאַנגען דאַווענען מיטן פאָטער. איך האָב איר דערקלערט, אַז איך בין געשיקט געוואָרן אַהער דורך מיינע חברים, וואָס גלייבן ניט, און איך מוז זיין געטריי די, וואָס האָבן מיך געשיקט, און איך האָב איר אַפילו אָנגעוויזן, אַז דער פאָטער האָט עס גוט פאַרשטאַנען און אַפילו מיך ניט גערופן אין שול אַריין.

איך האָב ניט איין מאָל געהאַט שמועסן מיטן פאָטער. פון איין זייט, איז דער פאָטער מיינער געווען צופרידן, וואָס זיין זון פאַרנעמט אַ געוויסן בכבודיקן אָרט אין דער געזעלשאַפט און איז אַפילו געשיקט געוואָרן ווי אַ דעלעגאַט, אָבער ער האָט ניט געקענט משלים זיין מיט מיינע און מיינע חברימס מיינונגען וועגן רעליגיע. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט נחת דערפון, וואָס איך בין אַ ציוניסט און פאַרבינד מיין לעבן מיט ארץ־ישראל, אָבער ער

האַלט, אַז דאָס הייליקע לאַנד וועט ניט קענען דולדן אין זיך קיין אַפּיקורסים. עס וועט קומען דער טאָג און דאָס לאַנד וועט זיי איינשלינגען, ווי עס האָט אַ מאָל איינגעשלונגען קורחן.

דער פֿאָטער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז זיין מאַטעריעלע לאַגע איז ניט קיין שלעכטע, ווייל מאַנדלען האָבן אַ גוטן פּרייז און די מאַנדלען קויפט דאָס בריטישע מיליטער. דאַקעגן זענען די פּרדסנים אין אַ שווערן מצב, ווייל צוליב דער מלחמה איז ניטאָ קיין עקספּאָרט. ער האָט מיר אויך דערציילט, וואָס די יידן זענען זיך דאָ אויסגעשטאַנען אין דער צייט פון דער מלחמה. אין לאַנד איז געווען אַ הונגער און עס האָבן געפעלט די סאַמע נויטווענדיקסטע זאַכן. עס איז ניט געווען קיין נאַפט, און זיי האָבן געמוזט זיצן ביי ליכטלעך, וואָס זענען אויך געווען בצימצום. דער פֿאָטער איז געווען אַ חבר אין קאָמיטעט פון דער קאָלאָניע און ער פלעגט עס פאַרטיילן מעל די תימנער פון שעריים. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך פלעג זיך טרעפן מיט די תימנער פון שעריים לעבן רחובות, פלעגן זיי אַלע מאָל דערמאָנען דעם פֿאָטער צום גוטן, און זייער באַציִונג צו מיר איז געווען אַ סך אַ בעסערע ווי פון די איכרים פון רחובות. דער פֿאָטער האָט מיר דערציילט וועגן לעבן און טויט פון מיין שוועסטערס זון שמעון.

פון זונטיק, דעם 10טן יאַנואַר אָן האָט זיך אָנגעהויבן די רעגלמעסיקע אַרבעט פון דער קאָמיסיע. אין משך פון די ערשטע טעג זענען קודם־כל פאַר־געקומען אַלגעמיינע אידעאָלאָגישע וויכוחים, אָבער מיר האָבן זיי איבער־געריסן און באַשלאָסן אָפּצולייגן די אידעאָלאָגישע דיסקוסיעס אויף שפּעטער, נאָך דעם ווי די חברים פון דער קאָמיסיע, וואָס זענען געקומען פון אויסלאַנד, וועלן אַ ביסל זיך דורכפאָרן איבערן לאַנד און וועלן זיך מיט אים באַקענען אַ ביסל מער. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר זאָלן זיך צעטיילן אין גרופּעס און אָנהייבן באַזוכן באַזונדערע פונקטן אין לאַנד. מיר האָט מען צוגעטיילט פּינ־טשוקן, און מיט אים האָב איך עס אָנגעהויבן מיינע באַזוכן.

קודם־כל בין איך געפאָרן קיין חיפה. דאָ האָב איך באַזוכט מיין שוועסטער מרים, די פרוי פון פּנחס כהן, דעם לערער פון נאַטורוויסנשאַפט אין דער רעאַל־שול פון ד״ר ביראַם. ער איז אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן געווען דער פאַרוואַלטער פון זאָאָלאָגישן גאָרטן אין חיפה און איז געשטאָרבן אין יאָר 1958. זייער טאָכטער, ירדנה כהן, איז איצט אַ טענצערין אין חיפה, און דער זון — גדעון, איז דער פאַרוואַלטער פון דער אָפּטיילונג צו פאַרטיידיקן די געוויקסן אין לאַנדווירטשאַפט־מיניסטעריום. הדר הכרמל האָט דעמאָלט נאָך ניט עקזיסטירט. מיין שוועסטער האָט געוווינט אין דער דייטשער קאָלאָניע. דאָרט איז געשטאַנען דאָס בריטישע מיליטער, און אַ מאָל בין איך שיער ניט געהרגעט געוואָרן דורך

אַ בריטישן זעלנער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, ווייל ער האָט מיר ביי נאַכט, ווען איך בין דורכגעגאַנגען, געשריען „האַלט״, און איך האָב ניט געוווּסט, אַז מען דאַרף ענטפערן „פרענד״.

מיר האָבן באַזוכט די קבוצה „טירה״, וואָס איז געזעסן אויפן ברעג ים לעבן חיפה און האָט געציילט 24 חברים. מיט איין חבר, וואָס האָט געקענט אַראַביש, ליפּאָוועצקי, האָבן מיר באַזוכט דעם אַראַבישן דאָרף טירה, וואָס ליגט ביים אַרויפגאַנג אויפן כרמל. מיר זענען אַריין צום שייך, וועלכער האָט אונדז אויפגענומען זייער גוט. ער האָט אונדז מכבד געווען מיט ציגאַרעטן און שוואַרצער קאַווע. תיכף זענען אַריינגעקומען אַ פּאָר בכבודיקע אַראַבער פון דאָרף, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שמועס. איך האָב באַגריסט דעם שייך, און האָב אים געזאָגט, אַז איך בין געקומען פון ווייטע מקומות, און מיך אינטערעסירט דאָס לעבן אין דאָרף. דער שייך האָט מיר דערציילט, אַז זיי זענען בערך 1000 נפשות אין דאָרף. אין דאָרף זענען דאָ פינף שייכן, אָבער זיין השפּעה איז גרעסער, ווי די השפּעה פון די איבעריקע פיר שייכן. אין ווירטשאַפטלעכע ענינים באַראָט ער זיך מיט זיי. ער איז אויך דער שופט אין דאָרף און באַמיט זיך איינצושטעלן שלום צווישן די וואָס קריגן זיך, אָבער אין אַ פאַל פון אַ שווערן פאַרברעך, גיט ער איבער דעם פאַרברעכער דער רעגירונג. אין דער צייט פון די טערקן האָט דאָס דאָרף געצאָלט שטייערן דעם שייך, אָבער איצט צאָלט מען ניט מער. די באַפעלקערונג לעבט פון לאַנד־ווירטשאַפט, עס זענען דאָ אין דאָרף אויך באַלמעלאָכעס, אָבער ווייניק. אין דאָרף איז פאַראַן אַ שול מיט איין לערער. עס לערנען אין איר בערך 100 קינדער אַראַביש און געשיכטע. לויט דעם שייך האָבן בלויז 7% פון דער באַ־פעלקערונג געקענט לייענען און שרייבן. בערך 15—20 מענטשן אין דאָרף פלעגן באַקומען צייטונגען און לייענען זיי צוזאַמען. געווען דאָרט אַ קירך און לעבן איר אַ גרויסע ביבליאָטעק. זיי האָבן זייערע באַליבטע פּאָעטן און אויך אין דאָרף שרייבן אַ פּאָר מענטשן שירים. זיי קענען גוט יהודה הלוי, ווייל זיי האָבן זיינע שירים אין דער אַראַבישער איבערזעצונג. דער שייך, פון זיין זייט, האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער באַציִונג פון די רעגירונגען און אַנדערע מדינות צו די פּויערים און ספּעציעל האָט ער זיך אינטערעסירט מיט די באָלשעוויקעס. ער האָט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז ער גלייבט ניט אין דער מעגלעכקייט פון גלייכקייט צווישן מענטשן. צום סוף האָט ער געזאָגט, אַז די אַראַבער און יידן זענען קרובישע פעלקער און דאַרפן לעבן בשלום. אַלע פראַגעס און תשובות פון שייך האָבן מיך איבערצייגט, אַז ער איז אַ קלוגער מענטש, אַפילו זייער אַ כיטרער. די חברים פון דער קבוצה האָבן מיר דערציילט, אַז איצט זענען זיי אין גוטע באַציִונגען מיט דעם דאָרף, נאָך דעם

ווי די מענטשן פון דאָרף האָבן געפּרוּווט ניט איין מאָל גנבענען ביי זיי תבואה, איין מאָל זענען זיי אַפילו געקומען ספּעציעל מיט אַ שיפל פון דער זייט פון ים אויסצופירן די גנבה. אַזוי אָבער ווי זיי האָבן באַקומען אַ גוטן אָפּשניט פון די חברים, לעבן זיי פון דאַן אָן מיט זיי בשלום. בדרך־כלל האָבן מיר, די חברים פון דער קבוצה און אויך די חברים אין חיפה, געזאָגט, אַז דאָס דאָזיקע דאָרף האָט זייער אַ שלעכטן שם. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דער דאָזיקער שלעכטער שם האָט דאָס דאָרף זיך כשר פאַרדינט.

אין חיפה האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אַ פּאָר חברים, וועלכע האָבן אונדז זייער גוט אויפגענומען. צווישן זיי געדענק איך דעם חבר ערדשטיין, וואָס איז געשטאָרבן מיט יאָרן שפּעטער אין חיפה, דעם חבר צפּרוני, וואָס איז שפּעטער געשטאָרבן אין אילת־השחר. דאָרט האָב איך זיך אויך באַקענט מיט דעם אַלטן חבר פון פּועלי־ציון — סטודניאַ.

פון חיפה זענען מיר געפאָרן מיט דער באַן קיין עכו, געזען די אַלטע פעסטונג, די אַלטע ווענט, די „קאַטאַקאָמבעס" און אויך די אַלטע האַרמאַטן פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה פון יאָר 1877. אין דער צייט פון די טערקן האָט מען ניט דערלויבט צו בויען קיין הייזער אויסער דער מויער, אָבער אָנהייבנדיק פון דער צייט פון די יונג־טערקן (בערך פון יאָר 1908) האָט מען דעם איסור בטל געמאַכט, און איך האָב געזען אַ פּאָר הייזער געבויט אייראָפּעיש. די באַפעלקערונג איז געווען אַן אַראַבישע, אָבער אין יענער צייט זענען דאָרט געווען ביז אַ צוואַנציק יידישע משפחות. איך האָב באַזוכט אַ יידישע משפחה, די משפחה פון דעם זשורנאַליסט בן־ישראל, וואָס זיין מוטער האָט מיר געזאָגט אַז „ער שרייבט אָף אַלע בלעטער" און האָט מיר אויך געוויזן די צייטונגען. צווישן די יידן איז געווען דער רוב ספרדים, די מינדערהייט — אַשכנזים. די אַשכנזים האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מסחר, און די אַנדערע זענען געווען באַלמעלאָכעס, אַ טייל פון זיי האָט אויסגעאַרבעט קאָלדרעס, אַנדערע זענען געווען בלעכערס.

פון חיפה זענען מיר געפאָרן מיט דער באַן קיין עפולה: אַ קליין אַראַביש שטעטל מיט אַ פּאָר הייזלעך פון ליים מיט זאַמד (טיט). אַ פּופצן מינוט גאַנג פון עפולה געפינט זיך די קאָלאָניע מרחביה, און נעבן דער קאָלאָניע שטייען די געביידעס פון דער ערשטער קאָאָפּעראַטיווער קבוצה, וואָס איז דאָ געגרינדעט געוואָרן לויטן פּלאַן פון פראַנץ אָפּענהיימער אין יאָר 1911. אין די דאָזיקע געביידעס האָבן געאַרבעט צוויי קבוצות: איינע פון „אחדות העבודה", און די צווייטע פון הפּועל הצעיר. די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע קבוצה איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער „חברה להכשרת הישוב". מען האָט דאַן געקויפט

בערך אַכט טויזנט דונאַם. אין דער קאָלאָניע מרחביה זענען דאַן געווען בערך אַכט משפחות, צווישן זיי צוויי אָדער דריי באַלמעלאָכעס. היגטער דער קאָלאָניע האָט געוווינט אַ גר מיט זיין פרוי און טאָכטער. ער איז געווען אַ רוס פון דער עריוואַנער גובערניע, האָט געהערט צו דער סעקטע סובאָטניקעס און געקומען אין לאַנד אַריין מיט אַן אַכט־ניין יאָר פריער. ער האָט זיך אַליין אויסגעבויט דאָס הויז, האָט פאַרמאָגט אַ קליינעם משק, וואָס ער האָט באַאַרבעט אַליין מיט דער הילף פון זיין פרוי. זיי ביידע האָבן גערעדט נאָר רוסיש, אָבער די טאָכטער האָט שוין גערעדט העברעיש, בלויז מיט די עלטערן האָט זי גערעדט רוסיש.

פון דער קאָלאָניע דורך אַן אַלייע ביימער איז מען אַריבער צו די בנינים פון דער קאָאָפּעראַציע. בדרך כלל האָב איך זיך אינטערעסירט אין יעדער קבוצה מיטן שטח ערד, וואָס שטייט אין איר רשות, מיט די פאַרשיידענע ווירטשאַפט צווייגן און מיט די שיטות פון אַרבעט. אויפן סמך פון דעם דאָזיקן באַזוך אין לאַנד האָב איך שפּעטער, קומענדיק צוריק קיין אייראָפּע, געשריבן אַ בראָשור וועגן די אַלע פּראָבלעמען, וואָס זענען געווען געבונדן מיטן לעבן אין די קבוצות, און איך וועל זיך אומקערן דערצו, נאָך דעם ווי איך וועל פאַרענדיקן כראָנאָלאָגיש מיין באַזוך אין לאַנד אין די אַרבעטן פון דער קאָמיסיע. מאָדנע איז מיר געווען צו הערן, ווי אין יעדער קבוצה פלעגן די חברים מיר דערקלערן, אַז בנוגע דער איינאָרדענונג פון אַרבעטן (סידור העבודה) האָבן זיי ניט קיין חבר, וואָס זאָל באַשטימען דעם סידור, נאָר נאָך דער אַרבעט, אין אָוונט, קלייבן זיך אַלע צוזאַמען און מען באַשטימט דעם סידור. איך האָב געפילט אין דעם עפּעס אַ נטיה צו אַנאַרכיזם, און אין לויף פון דער צייט האָב איך געזען, אַז אַזאַ אַנאַרכיסטישע בייגונג עקזיסטירט באמת און ניט נאָר כלפי דעם סידור העבודה.

פון מרחביה זענען מיר, רייטנדיק אויף פערד, געפאָרן קיין תל־עדשים, און אויפן וועג האָבן מיר געזען נאָך אַ נייעם פונקט, וואָס מען האָט אים דאַן אָנגעהויבן צו בויען — בלפוריה. אין תל־עדשים זענען געזעסן אַלע קינדער פון די קבוצות אין אויבערשטן גליל. דאָרט האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט מאַניע שוחט. תל־עדשים האָט זיך גערעכנט ווי אַ ספּעציעלער פונקט פון די מענטשן פון „השומר". אַז מיר זענען געפאָרן צוריק פון תל־עדשים איבער די פעלדער, האָבן מיר פאַרלאָרן דעם וועג, ביז אַן אַראַבער האָט אונדז אַרויסגעפירט אויפן שאָסיי, צו עפולה.

פון מרחביה זענען מיר געפאָרן מיט דער באַן ביז צמח. דער גאַנצער עמק יזרעאל איז געווען זייער שוואַך באַזעצט — כ'האָב געזען אַ פּאָר אַראַבישע דערפער, פון דער רעכטער זייט פון דער באַן — די גילבוע־בערג, פון דער

לינקער — דעם באַרג תבור און פון דער ווייטנס דעם שנייאיקן חרמון. אויבן אויף די בערג, מצד לינקס, זעט מען נצרת. מען האָט מיר דערציילט, אַז דער גאַנצער עמק האָט געהערט צו אַן אַראַבישן שייך סורסיק, וואָס פלעגט פאַרקויפן באָדן די יידן. אין צמח האָב איך געפונען צוויי יידישע משפחות, אין גאַנצן אַסימילירטע מיט די אַראַבער.

פון צמח זענען מיר אַריבער קיין דגניה א׳, דאַן האָט מען ערשט אָנגע־הויבן בויען די הייזער אין דגניה ב׳. דגניה איז דאַן געווען אייגנטלעך די ערשטע, אָבער בשעת אין מרחביה האָבן זיך געביטן אַ פּאָר קבוצות, האָט דגניה א׳ זיך כסדר שיין אַנטוויקלט. דגניה ליגט אויפן ברעג פון ים כנרת אין דעם אָרט, ווו דער ירדן גייט אַרויס פון כנרת. דער ירדן האָט געמאַכט אויף מיר דאַן אַ נעבעכדיקן איינדרוק. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט דעם דאָזיקן היסטאָרישן טייך, ווי זייער אַ ברייטן, און איך בין איבערראַשט געוואָרן, ווי שמאָל ער איז, און אַז אַן אַפּטיילונג פון בריטישן מיליטער גייט אים אַריבער מיט די האַרמאַטן! דאָ, אין דעם דאָזיקן אָרט איז, ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, פאָרגעקומען אַן אינצידענט צווישן די ענגלענדער און די סירישע רעגירונגס־אָרגאַנען. די ענגלישע גרענעץ איז דאַן דורכגעגאַנגען אין אַ טייל פון חורן. אין דעם טייל האָבן פעלאַכן געאַקערט די ערד צווישן דעם ירדן און די בערג. אין אַ שיינעם טאָג איז געקומען דאָס מיליטער פון שעריף אין דמשק און מיט זיין הילף האָבן די בעדויִנער פון חורן פאַרכאַפּט דעם באָדן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגעריי צווישן די פעלאַכן און בעדויִנער. האָבן די ענגלענדער געשיקט אַ פּאָר זשאַנדאַרמען, און דאָס סירישע מיליטער האָט זיי מקבל פּנים געווען מיט שיסערייען. דער ענין האָט זיך פאַרענדיקט בשלום, די ערד איז טאַקע געבליבן ביי די בעדויִנער, אָבער דאָס סירישע מיליטער האָט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ.

דער ים כנרת איז שיין, ער האָט בערך 20 קילאָמעטער די לענג און אין דער ברייט — אַ 7—8. מען זאָגט, אַז דער ים איז אַ פאַררעטערישער. ער איז שטיל, אָבער פּלוצעם הייבט זיך אָן אַ שטורעם, און ניט איין שיפל איז דערביי דערטרונקען געוואָרן. אַזוי איז אויך דערטרונקען געוואָרן בוסעל, איינער פון די גרינדער פון דגניה, דער מאַן פון חיותה בוסעל. אַז איך בין דאַן געווען אין דגניה איז דאָרט געשטאַנען אַ מאָטאָר־שיפל, וואָס איז געפאָרן פון דגניה קיין טבריה און צוריק. כ׳האָב זיך דערמאָנט, וואָס כ׳האָב אין 1918 אין מאָסקווע געלייענט אין אַ רוסיש־ציוניסטישער צייטונג, וואָס איז אַרויס־געגאַנגען אין כאַרבין: „דער יידישער פּלאָט שטייט אויפן טיעריאדער רעיד״; ווייזט אויס, אַז די כוונה איז געווען צו דעם דאָזיקן מאָטאָר־שיפל.

אַ צען מינוט פון דגניה האָט זיך געפונען ביתניה. בעצם איז עס ניט קיין קאָלאָניע, דער דאָזיקער פונקט איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1914

דורכן באַראָן ראָטשילד, דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ פּרווו־סטאַציע אָבער די עקספּערימענטן זענען ניט געלונגען. דאָ זענען געווען צוויי מאַשינען, אָבער אין דער צייט פון דער מלחמה זענען זיי צעשטערט געוואָרן דורך די טערקן. ס'האָבן דאָ געאַרבעט אַ פּאָר אַרבעטער ביי פלאַנצונגען. אָנטדערטהאַלבן שעה גאַנג פון ביתניה געפינט זיך די קאָלאָניע מנחמיה, וואָס איז אויך געגרינדעט געוואָרן דורכן באַראָן, און געפינט זיך אין רשות פון יק"א (פּיק"א). די איכרים (פּויערים) זענען געקומען אַהער פון זכרון־יעקב, אָבער אַ טייל פון זיי האָט שוין געהאַט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. די קאָלאָניע האָט געמאַכט אַ טרויעריקן איינדרוק, ווי אַלע אַלטע קאָלאָניעס פון באַראָן. די איכרים האָבן זיך צוגעוווינט צו באַקומען אַלץ פון דער אַדמיניסטראַציע און האָבן על־פּי רוב געלעבט אויפן חשבון פון גביר.

מיר זענען געזעסן אין הויז פון איינעם אַן איכר. אין מיטן שמועס גייט ער אַרויס אין קיך, און נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת מיט זיין פרוי און נאָך צוויי איכרים קומט ער צוריק אַריין און פרעגט אונדז, צי מיר האָבן פּעסער, כדי מיר זאָלן קענען באַווייזן ווער מיר זענען. אין די איצטיקע צייטן פון באָלשעוויזם מוז מען זיין פאָרזיכטיק (אין דער קאָלאָניע איז שוין פאַרשפּרייט געוואָרן אַ קלאַנג, אַז עס זענען געקומען דריי באָלשעוויקעס — עס איז אַרומגעפאָרן מיט אונדז נאָך אַ חבר פון גדוד־יעקב בן־כהן, איצט אין ראשון לציון), מיר האָבן אים אויפגעקלערט, אַז אויב מיר וועלן אים פרעגן שאלות, וואָס קענען אים שאַדן ברענגען, האָט ער דאָס רעכט ניט צו ענטפערן, און צום סוף פון דעם שמועס זענען מיר שוין געווען די בעסטע גוטע פריינד. דער איכר האָט אונדז אויפגעקלערט, אַז דאָ אַרבעטן אַראַבער, ווייל די יידישע אַרבעטער פוילן זיך צו אַרבעטן. דערווייל איז אַריינגעקומען אַן איכר וואָס באַשעפטיקט אַ יידישן אַרבעטער און האָט זיך אָנגעהויבן אַמפּערן מיט אונדזער באַלעבאָס. מיר האָבן זיך ניט אַריינגעמישט אין וויכוח. מיר האָבן אָפּגעהיט „נייטראַליטעט". אויפן וועג צוריק זענען מיר געפאָרן מיט אַ יידישן אַרבעטער, וואָס האָט געאַרבעט ביים איכר, וועלכער האָט זיך אַריינגעמישט אין וויכוח. ער האָט אונדז אויך איבערגעגעבן אַ פּאָר פּרטים וועגן דער קאָלאָניע. צווישן אַנדערן האָט ער דערציילט, אַז די יוגנט אין דער קאָלאָניע אינטערעסירט זיך מיט קיין זאַך ניט און טראַכט נאָר ווי צו פאַרברענגען די צייט. ער האָט אונדז דערציילט דעם פאַקט, אַז דאָ איז געווען אַן איכר, אַן אַמעריקאַנער, קליי, וואָס זיין אייגענער אַראַבישער אַרבעטער האָט אים ד'ערהרגעט. זיין קערפּער האָט מען שפּעטער געפונען אין ירדן.

ניט ווייט פון ביתניה, אויף דער צווייטער זייט פון ירדן, ביים סאַמע ברעג פון ים כנרת, פּונקט אַנטקעגן דגניה, איז געווען אַ קבוצה כנרת, וואָס

איז דאַן געזעסן אין דעם הויף, וואָס שטייט אויפֿן פֿרשת־דרכים, פֿון איין זייט, צו טבריה, פֿון דער אַנדערער, צו ימה. דער הויף עקזיסטירט נאָך היינט. דאָרט זענען אין דער איבערגאַנג־צייט געזעסן אַ סך קבוצות. אַז איך בין אַריין אין עסצימער פֿון דער קבוצה האָט מען מיר פֿאָרגעשטעלט אַ יידן אין אַן אוניפֿאָרם פֿון אַ זשאַנדאַרם. כ'האָב געדריקט זיין האַנט און געזאָגט, אַז דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן דריק איך די האַנט פֿון אַ זשאַנדאַרם. זיין נאָמען איז געווען לעווינסאָן. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך געטראָפֿן דעם דאָזיקן לעווינסאָנען אין אַ זייער שווערער מאַטעריעלער לאַגע. ער איז אויך געווען אַ ביסל גייסטיק קראַנק. דאָרט האָב איך זיך צום ערשטן מאָל געטראָפֿן מיט חנה מייזל און אויך יצחק טאַבענקין. מיר האָבן מיט אים געמאַכט אַ גרויסן שפּאַציר אין דער סביבה און זיך דורכגעשמועסט וועגן אַ סך זאַכן. פֿון דעם געשפּרעך איז ביי מיר געבליבן אין זכרון נאָר איין מאָמענט. טאַבענקין האָט מיר געזאָגט, אַז אויב אין משך פֿון צען יאָר וועט ניט קומען אַהער אַ מיליאָן יידן, וועט זיין אַ קאַטאַסטראָפֿע. אַגב איז דער שמועס פֿאָרגעקומען, ווען מיר האָבן באַקומען די ערשטע ידיעות וועגן די גרויזאַמע פּאָגראָמען אויף יידן אין אוקראַינע. איך האָב דאַן געזאָגט טאַבענקינען, אַז איך בין זיכער, אַז אין משך פֿון צען יאָר וועלן ניט קומען קיין ארץ־ישראל קיין מיליאָן יידן, און דאָס וועט זיין טאַקע ניט גוט, אָבער דאָס איז ניט קיין קאַטאַסטראָפֿע. מיר, יידן, זענען געוווינט צו גרויסע אומגליקן, אָבער דערווייל האָט ניט פּאַסירט קיין זאַך, וואָס זאָל שטעלן אין סכנה די עקזיסטענץ פֿון פֿאָלק, ווי אַ פֿאָלק, ווייל נאָר דאָס קאָן מען אָנרופֿן קאַטאַסטראָפֿע. אַגב איז דאָס געווען איינער פֿון די פּונקטן פֿון וויכוח אין דער קאָמיסיע: דער פּאַרנעם פֿון דער נייער קאָלאָניזאַציע. נאַטירלעך, האָב איך זיך ניט קעגנגעשטעלט דער ברייטער קאָלאָניזאַציע, איך האָב נאָר אַרויסגעזאָגט באַגרינדעטע ספקות וועגן דער מעגלעכקייט זי צו פֿאַרווירקלעכן. צו דעם וויכוח וועל איך זיך נאָך אומקערן.

אין דגניה, אויפֿן ברעג פֿון ים, געפֿינט זיך דער בית־הקברות, וואָס אין יענער צייט זענען דאָרט געווען נאָר זיבן קברים. די חברים האָבן מיר דער־ציילט, אַז מיט אַ פּאָר יאָר פֿריער איז דאָ אין דער געגנט געהרגעט געוואָרן אַ חבר פֿון דער קבוצת־באַרסקי, ווען די אַראַבער האָבן געוואָלט צונעמען ביי אים זיין שקאַפֿע. עס איז געוואָרן אַ געשלעג, באַרסקי האָט געהרגעט אַן אַראַבער און איז אַליין געהרגעט געוואָרן. די שקאַפֿע איז אַליין געקומען אַהיים. דאַן האָט זיך דאָ אָנגעהויבן די מלחמה פֿון נקמת דם־„גאָם“, און די אַראַבער האָבן דאַן געהרגעט אַ חבר פֿון כנרת, אונדזער וואַרשעווער חבר יאָסל זאַלצמאַן. אים האָט מען, אויף זיין פֿאַרלאַנג, באַגראָבן אויף דעם בערגל, אויף וועלכן ער איז געפֿאַלן.

פון כנרת זענען מיר אויף אַ טאָג געפאָרן קיין טבריה. מיר האָבן, פאַר־שטייט זיך, באַזוכט די מערה פון ר׳ מאיר בעל הנס, געזען די באַרימטע מנורה. רעדנדיק מיט די מיטגלידער פון דער קהילה, האָב איך זיי געפרעגט, וואָס עס זענען, לויט זייער מיינונג, די פערספּעקטיוון פון דער אַנטוויקלונג פון טבריה. די מענטשן פון טבריה האָבן מיר אויפגעקלערט, אַז היות ווי טבריה געפינט זיך נידעריקער פון ים, איז דאָ זייער אַ וואַרעמער קלימאַט, און אַזוי ווי צפת שטייט אויפן באַרג און דאָרטן איז זייער קאַלט, וועלן די מענטשן פון צפת קומען צו זיי אויף ווינטער, און זיי, די מענטשן פון טבריה, וועלן קענען מאַכן אַ לעבן אַ דאַנק די צפתער. און חוץ דעם, אַזוי ווי עס געפינט זיך דאָ די מערה פון ר׳ מאיר בעל הנס, קומען אַ סך טוריסטן באַזוכן די הייל. אינטערעסאַנט איז, אַז וועגן די חמי־טבריה האָט מען אַפילו ניט דערמאָנט, און באמת, דער קוואַל איז געווען אין אַזאַ געבעכדיקן צושטאַנד, אַז עס איז געווען שווער זיך פאָר־צושטעלן, אַז פון די חמי־טבריה קען עפּעס אַרויסקומען אַ נוצן. איך האָב, אַגב, געזען די גרויסע גרוב מיט דעם קוואַל־וואַסער, און ווי אין וואַסער איז אַריין אַן אַראַבקע מיט אַלע בגדים.

ניט ווייניקער אינטערעסאַנט איז, אַז ווען איך בין נאָך דעם געווען אין צפת און גערעדט מיט די מענטשן פון דער דאָרטיקער קהילה וועגן די פּערס־פּעקטיוון פון דער אַנטוויקלונג פון צפת, האָבן זיי מיר דערקלערט דאָס זעלבע און געלייגט די גאַנצע האָפענונגען אויף די מענטשן פון טבריה, פון וועלכע זיי וועלן מאַכן אַ לעבן, ווייל אויף זומער וועלן די טבריהר קומען צו זיי קיין צפת, מחמת אין טבריה איז דאַן זייער הייס. אויך דאָ האָט מען מיר אַריינגעגעבן אין נדן דעם קבר פון ר׳ שמעון בן יוחאי, וואָס אויף ל״ג בעומר קומען אַ מאַסע יידן צו אים קיין מירון, און די צפתער יידן לעבן פון די אָנגעקומענע אויף די צוויי טעג. אַזוי אַרום איז מיר אין גאַנצן קלאָר געוואָרן דאָס בילד פון דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון דעם טייל פון לאַנד: די טבריהר וועלן לעבן אויפן חשבון פון די צפתער ווינטער. און די צפתער וועלן לעבן אויפן חשבון פון טבריהר זומער, און אַלע צוזאַמען וועלן זיי לעבן אויפן חשבון פון ר׳ מאיר בעל הנס און ר׳ שמעון בר־יוחאי...

פון טבריה זענען מיר געפאָרן מיטן שאָסיי, וואָס גייט פּאַראַלעל מיטן כנרת, ביז מגדל. דאָס זענען אַלץ היסטאָרישע ערטער. און אויב די בערג איבער די חמי־טבריה זענען געבונדן מיטן נאָמען פון וועראָניקאַ, איז די סביבה פון מגדל געבונדן מיטן נאָמען פון דער הייליקער מאַריאַ מאַגדאַלענאַ (מרים פון מיגדל). לעבן מיגדל עקזיסטירט נאָך אַ באַסיין, וואָס קריסטן גלייבן, אַז מאַריאַ מאַגדאַלענאַ האָט זיך געבאָדן אין אים. אין מיגדל האָט געאַרבעט אַ קבוצה פון אַ פּאָר חברים פון הפועל הצעיר. וואַסער איז דאָ געווען בשפע,

און דעם אָרט האָט מען אויסגענוצט צו פלאַנצן באַנאַנעס. דאָ איז געווען אַ פּראַכטפולע אַלייע אויפן נאָמען פון טשלענאָוו און עס איז געשטאַנען אַ גרויסער בנין אַ ניט־פאַרענדיקטער. אין אים האָט געוווינט די קבוצה. ערשט אַ פּאָר צענדליק יאָר שפּעטער האָט מען דעם בנין פאַרענדיקט און איצט איז דאָרט אַ סאַנאַטאָריע פון קופּת־חולים.

פון דאַנען איז מען געפאָרן אַ דריי־פיר שעה מיטן דיליזשאַנס איבער אַ שאָסיי ביז ראש־פינה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1881 דורך רומענישע יידן מיט דער הילף פון באַראָן. ראש־פינה געפינט זיך צופוסנס פון די בערג, אויף וועלכע עס ליגט צפת. לאַנגע יאָרן האָבן די קאָלאָניסטן געלעבט אויפן חשבון פון באַראָן. זיי האָבן באַקומען צען פראַנק פון אַ קאָפּ, אַחוץ דעם אויף חתונות און בריתן. אין פאַל פון אַ קראַנקייט פלעגן די קאָלאָ־ניסטן באַקומען געלט־שטיצע פון דער אַדמיניסטראַציע. פלעגן זיי מאַכן אַ געשעפט מיטן דאָקטער: קריגן אַ צעטל אויף צוואַנציק בעדער אין חמי־טבריה און פאָרן נאָר אויף צען. די קאָלאָניסטן האָבן דעם באָדן באַאַרבעט מיט די אַראַבער פון דעם שכנותדיקן דאָרף, וואָס איז געלעגן נאָך פאַר ראש־פינה. די ערשטע הייזער פון ראש־פינה זענען געבויט געוואָרן האַרט לעבן אַראַבישן דאָרף, ווייל מען האָט מורא געהאַט פאַר איבערפאַלן פון די אַראַבישע שבטים פון דער זייט פון די בערג. בעת מיר זענען דאָ געווען, איז שוין געווען אַ שול פאַר קינדער ניט נאָר ביי די יידן, נאָר אויך אין אַראַבישן דאָרף, און די אַראַבישע קינדער האָבן דאָרט געלערנט העברעיִש.

מיט אַ באַרגיקן שאָסיי זענען מיר אַרויפגעפאָרן ביז צפת. מיט אַ פּאָר יאָר פריער האָט מען ניט געקענט צוקומען צו צפת מיט אַ וואָגן, ווייל קיין שאָסיי איז ניט געווען, און די געסלעך אין צפת זענען געווען אַזוי שמאָל, אַז נאָר מיט אַן אייזעלע האָט מען געקענט אַדורכגיין דורך זיי. אין צפת האָבן געלעבט יידן און אַראַבער, די מערהייט אַראַבער, אין טבריה איז געווען פאַרקערט. די אָרעמקייט אין צפת איז געווען אין לשער. די הייזלעך זייער קליין, ספּעציעל די הייזלעך באַרג אַראָפּ, צו דער זייט פון בית־הקברות. דאָרט האָב איך געזען היילן אָן פענצטער, וואָס אין זיי האָבן געלעבט יידן.

דער ווינטער איז געווען זייער אַ שווערער, די גאַנצע סביבה איז באַדעקט געווען מיט אַ דיקן שניי. אין דרום פונעם לאַנד האָבן די קינדער בכלל ניט געוווסט וואָס דאָס איז „שניי" און געמיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַ ווייסע זאַך, וואָס געפינט זיך אויפן חרמון. די תימנער אין יהודה האָבן אויך ניט געהאַט קיין באַגריף וועגן שניי, און ווען איך האָב אַ מאָל געפרעגט אַ תימנער פרוי אין רחובות, וואָס איז אַזוינס שניי, האָט זי געענטפערט, אַז

שניי איז אַ גאָר ריינע זאַך, ווייל איר באַלעבאָסטע טענהט צו איר אַלע מאָל, אַז זי זאָל אויסוואַשן וועש, עס זאָל זיין ריין ווי שניי.

אין צפת גופא האָט דער שניי באַדעקט די גאַנצע שטאָט. מיר האָבן זיך באַמיט אַרויסצופאָרן פון צפת וואָס שנעלער. עס איז ניט געווען קיין אַנדערע מעגלעכקייט צוריק צו פאָרן קיין טבריה, ווי נאָר רייטנדיק אויף פרדות מיט אַ וועגווייזער, אַ צפתער ייד (צוליב די שנייען זענען די דיליזשאַנסן ניט געגאַנגען). דער דאָזיקער ייד, אַ מזרח־ייד, האָט געטענהט, אַז ער קען „פויליש", אַזוי האָט ער אָנגערופן „יידיש", ווייל יידיש האָבן גערעדט די פוילישע יידן. מיר זענען רייטנדיק געפאָרן ניט מיטן שאָסיי, נאָר גלייך מיט די בערג אַראָפּ, און ניט איין מאָל האָב איך זיך אַראָפּגעגליטשט פון דער פרדה. מיט גרויס מי זענען מיר געקומען צוריק קיין טבריה און באַשלאָסן מיט פינטשוקן נאָך אַ מאָל אַרויסצופאָרן אין גליל העליון, כדי צו באַזוכן אונדזערע קבוצות.

דאָס איז געווען אין פעברואַר 1920. אין דער צייט איז אין אויבערשטן גליל שוין געווען מלחמה־צושטאַנד. דער גאַנצער טייל פון דער חולה האָט נאָך געהערט צו סיריע און דאָרט האָבן געהערשט די פראַנצויזן. דאָס איז געווען נאָך פאַר דער קאָנפערענץ פון סאַן־רעמאָ, און צווישן די פראַנצויזן און די ענגלענדער זענען פאָרגעקומען סיכסוכים אויף די גרענעצן. די ענגלענדער האָבן אונטערגעהעצט די אַראַבער אין דער סביבה פון דער חולה און עס האָט, למשל, געטראָפן אַזאַ מין נס: אויף דער גרענעץ איז געשטאַנען אַן ענגלישער אַרסענאַל מיט געווער, איז אין איין נאַכט דער גאַנצער אַרסענאַל צערויבט געוואָרן דורך די אַראַבער. נאַטירלעך, איז דער סיכסוך דאָ געווען אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס די ענגלענדער האָבן געוואָלט שאַפן געשעענע פאַקטן פאַר סאַן־רעמאָ, כדי די געגנט זאָל אַריבערגיין צו זיי.

אונדזערע קבוצות, וואָס זענען דאָ געשאַפן געוואָרן דורכן פּ. א. פּ. מיט דער הילף פון יק"א: אילת השחר, מחנים, חמרה, תל־חי און כפר גלעדי, האָבן זיך געפונען ווי צווישן האַמער און קאָוואַדלע. ספּעציעל שלעכט איז געווען די לאַגע פון די דריי קבוצות, וואָס זענען געשטאַנען איך מיטן פראַנט (חמרה, תל־חי און כפר גלעדי). אונדזערע חברים האָבן דערקלערט אַז זיי זענען נייטראַל, און זיי מישן זיך ניט אַריין אין דעם סיכסוך. אָבער דערווייל האָבן ניט איין מאָל פּאַסירט אָנפאַלן אויף תל־חי און כפר גלעדי, און מיט אַ פּאָר וואָכן פריער איז דאָרט דערהרגעט געוואָרן אונדזערער אַ חבר — שאַפּאָשניק. פון צייט צו צייט האָט מען פון אונטן געשיקט הילף די חברים אין תל־חי און כפר גלעדי. מיר ביידע האָבן באַשלאָסן צוצוקומען צו כפר גלעדי, דעם סאַמע צפונדיקן פונקט פאַר מתולה, אָבער דאָס איז ניט געווען אַזוי לייכט.

מיר זענען אָנגעקומען קיין אילת השחר. דאָרט האָבן זיך קאָנצענטרירט

די פּאָר מענטשן, וואָס האָבן געדאַרפט אַרויפגיין קיין תל־חי צו הילף און דאָרט האָט מען אויך צוגעגרייט עסנוואַרג און געווער. אין אילת השחר האָב איך זיך געטראָפן מיט אַן אַלטן חבר פון וואַרשע, אלקנה הורוויטש, וואָס איז היינט אין קיבוץ הגושרים. דאָרט האָב איך באַגעגנט אויך צפרונין. מיר ביידע האָבן באַשלאָסן אַרויפצוגיין אויבן צוזאַמען מיטן גאַנצן טראַנספּאָרט. דער וואָגן איז געווען געלאָדן פון אונטן מיט געווער, איבערן געווער איז געווען דער פּראָוויאַנט, און גאָר אויבן זענען געזעסן צוויי חברטעס, מיט וועלכע איך האָב זיך טאַקע דאַן באַקענט: שרה טשיזשיק און דבורה דראַכלער. מיר זענען אַרויס פון אילת השחר דריי פּאַר טאָג. מיר ביידע און אַ פּאָר חברים זענען געגאַנגען צו פוס הינטער דעם וואָגן. אויפן וועג זענען מיר אַדורך אַ פּאָר אַראַבישע דערפער, און צווישן זיי אויך וואוזיה. מען האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז דער גרעסטער חלק באָדן אין דער סביבה געהערט די מענטשן פון ראש־פּינה און די קאָלאָניסטן פון ראש־פּינה פאַרפּאַכטן דעם באָדן די אַרומיקע פעלאַכן.

דער וועג איז אַדורך אָן שום פּאַסירונגען. בערך אַ זייגער עלף אין דער פרי האָבן מיר דערגרייכט אונדזער ציל. איידער מיר האָבן זיך אויפגעהויבן אויפן בערגל פון תל־חי און כפר גלעדי, איז מען דורכגעגאַנגען אַן אַראַבישן דאָרף חאלסע, וואָס דאָרט איז, ווי מען האָט מיר געזאָגט, געזעסן דער שייך קאַמעל־עפענדי. אַז מיר האָבן זיך דערנענטערט צו תל־חי, זענען די חברים אַרויסגעגאַנגען אונדז אַנטקעגן. ווי מיר זענען נאָר אַריינגעקומען אין עס־צימער פון קיבוץ און דער חבר שער האָט מיר דערלאַנגט אַ גלאָז מילך, זענען פּלוצעם געקומען צו לויפן די חברים פון פעלד און האָבן מודיע געווען, אַז אַראַבער זענען זיי באַפאַלן. פיר חברים האָבן זיך געפונען אין פעלד, צוויי האָבן געאַקערט און צוויי האָבן געהיט. זיי האָבן געהאַט צוויי פּרדות און צוויי זשרעבאַקעס. אַז די שומרים זענען געקומען צו לויפן און מודיע געווען וועגן דעם אָנפאַל, האָבן אַלע געכאַפּט די ביקסן און געלאָזן אונדז אַליין, איך האָב געשריען, מען זאָל מיר עפּעס געבן אין האַנט וועל איך מיטגיין, אָבער עס איז שוין ניט געווען מיט וועמען צו רעדן. און ממש אַ פּאָר מינוט שפּעטער זענען די אַלע חברים געלאָפן צוריק און געשלעפּט מיט זיך אַ פאַרוווּנדעטן, דעם חבר שער. אין תל־חי איז דאַן געווען דער דאָקטער גערי, וועלכער איז שפּעטער געווען דער הויפּט־דאָקטער אין הדסה אין ירושלים, און געשטאָרבן מיט יאָרן צוריק. שער איז געווען שוין אָן באַוווסטזיין און דער דאָקטער האָט אים שוין ניט געקענט העלפן. אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער געמאָלדן, אַז שער איז טויט. אין מאָמענט פון אָנפאַל איז טרומפּעלדאָר ניט געווען אין תל־חי. ער איז געווען צוליב די ענינים פון דער „הגנה" אין מטולה. בערך אַ שעה שפּעטער איז ער געקומען פון מטולה און ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם טראַגישן

פּאַרפאַל, האָט ער געוואָלט נעמען אַ פּאָר מענטשן און נאָכיאָגן די אַראַבער כדי אָפּנעמען ביי זיי די פּרדות. טרומפּעלדאָר האָט מיך ניט געקענט, און ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער געזאָגט צו מיר: „נאָוויטשאָק!״ (אַ נייער). אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קען ניט שיסן, האָט ער געענטפערט, אַז ער וועט מיך אויסלערנען. אָבער דערווייל האָב איך אים געזאָגט, אַז הגם איך, אַלס צופעליקער מענטש דאָ, קען זיך ניט אַריינמישן אין זייערע ענינים, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז עס איז ניט זייער פּאַרנינפטיק נאָכצויאָגן די אַראַבער, נאָך דעם ווי צוויי שעה זענען שוין אַריבער, און עס איז מעגלעך נאָר צו פּאַרלירן נאָך מענטשן, ביים פּרווו אָפּצונעמען די פּרדות. טרומפּעלדאָר האָט מיך געפאָלגט און זיך אָפּגעזאָגט פון דעם געדאַנק. ער האָט אָנגעהויבן מיך לערנען שיסן. דעם ערשטן מאָל אין לעבן האָב איך געהאַלטן אַ ביקס און זיך ניט געקענט צוגעוווינען צו איר. אויף מאָרגן פרי (דאָס איז געווען שבת) האָט מען באַגראָבן שערן אויפן בית־הקברות אויפן בערגל צווישן תל־חי און כפר גלעדי. מיר האָבן געשאָסן דריי מאָל לכבוד דעם פאַרשטאָרבענעם און נאָך אַ קורצן הספד פון טרומפּעלדאָרן זענען מיר זיך פונאַנדערגעגאַנגען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר ביידע זאָלן אַוועקגיין קיין כפר גלעדי.

תל־חי האָט נאָך ניט געהאַט קיין מויער אַרום דעם הויף, ווי שפּעטער. דאָס איז געווען איין הויז מיט איין צימער אויפן צווייטן שטאָק, הינטער דעם הויז האָט זיך אָנגעהויבן דאָס בערגל, אויף וועלכן ס'האָט זיך געפונען אַ וואַסער־קוואַל.

אין כפר גלעדי איז אויך געווען איין הויז, אָבער, דאַכט זיך, אַז אין תל־חי איז דאָס הויז געווען פון האָלץ, און אין כפר גלעדי — פון גרויסע שוואַרצע שטיינער. דאָס הויז איז נאָך ניט געווען פאַרענדיקט, בלויז איין גרויס צימער, וואָס שפּעטער איז עס געווען דאָס עסצימער, איז געווען מער־ווייניקער אין אָרדענונג. דאָס עסן איז געווען זייער באַגרענעצט. קיין קלאָזעט איז ניט געווען, און היות ווי דאָס הויז איז געשטאַנען אויף אַ העכערן פּונקט, האָט מען געדאַרפט אַרויסגיין אונטן, אָבער דערביי האָט מען געמוזט נעמען מיט זיך די ביקס, ווייל יעדן מאָמענט האָט מען געקענט דערוואַרטן אַן אָנפאַל פון די אַראַבער.

פון דער ווייטנס האָבן מיר געזען דאָס אָרט, וווּ עס איז פריער געווען די קבוצה „חמרה״. אַז מיר זענען אָנגעקומען, האָט זי שוין ניט עקזיסטירט, ווייל זי איז פאַרברענט געוואָרן דורך די אַראַבער, און די מענטשן פון דאָרט זענען אַריבער אין תל־חי און כפר גלעדי.

אונדזערע חברים האָבן די גאַנצע צייט געטענהט, אַז זיי זענען נייטראַל, אָבער די אַראַבער האָבן געטענהט, אַז זיי היטן ניט אָפּ די נייטראַליטעט, ווייל

די חברים באַציִען זיך צו די פּראַנצויזן אַנדערש און דערלויבן זיי אַפילו אַריינ־צוגיין אין משק, בשעת די אַראַבער דערלויבט מען דאָס ניט.

שבת נאָכמיטאָג האָט דער שומר געגעבן אַ סימן, אַז אַראַבער דערנענטערן זיך. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט פּראָוויזאָריש ביי די פענצטער מיט ביקסן אין האַנט. איך מיט פינטשוקן זענען געשטאַנען פוןביידע זייטן פענצטער מיט די ביקסן. אין דעם מאָמענט פרעגט מיך פינטשוק: חבר ניר, וואָס וועלן מיר ענטפערן די בונדיסטן אויב זיי וועלן אונדז שפּעטער פרעגן, פאַר וואָס מיר זענען געשטאַנען מיט ביקסן קעגן די אַראַבער? האָב איך אים געענטפערט, אַז דערווייל זאָל ער גוט קוקן און אויב מען וועט דאַרפן שיסן, זאָל ער שיסן, און שפּעטער וועט זיין אַ מער פּאַסיקע צייט, צו באַשטימען וואָס צו ענטפערן.

מוצאי־שבת בין איך געשטאַנען אויף שמירה ביי דער טיר פון הויז, באַשיצט מיט דער וואַנט פון שטיינער ביזן קאָפּ אין האַלבן קרייז. איך בין געשטאַנען צוזאַמען מיט איינעם אַ חבר אונדזערן פון אַמעריקע — גלילי, וואָס האָט זיך שפּעטער אומגעקערט קיין אַמעריקע, שוין לאַנג געוואָרן אויס ציוניסט און געוואָרן אַ שרייבער. אויף דער צווייטער נאַכט האָט מען מיך שוין באַפרייט פון דער שמירה. מאָנטיק פרי האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרלאָזן כפר גלעדי, ווייל מיר זענען דאָך ניט געשיקט געוואָרן צו הילף דעם משק. דער ענין פון דעם וועג צוריק איז ניט געווען אַזוי לייכט, ווייל דער וועג איז געווען מסוכן. אין כפר גלעדי איז געווען דאַן יגאל, וואָס איז געווען באַרימט צווישן די שומרים אַזוי, אַז די מוטערס פלעגן זינגען די קינדער אין די וויגעלעך שירים וועגן יגאלן און פאַרזיכערן זיי, אַז זיי וועלן אויסוואַקסן וועלן זיי זיין גיבורים ווי יגאל. ער האָט עס געדאַרפט גיין מיט אונדז ביז חלסה, דעם זיץ־אָרט פון קאַמעל עפענדי, וואָס דעמאָלט איז ער געווען פאַררעכנט ווי אַ פריינד פון יידן, און פון חלסה האָבן מיר שוין געדאַרפט גיין אַליין. צו אונדז זענען צוגעשטאַנען אַחוץ דעם חבר פון לעגיאָן בן־כהן, וועלכן איך האָב דערמאָנט פריער, נאָך דריי קאָלאָניסטן פון מטולה, וואָס האָבן פאַרלאָזן די קאָלאָניע.

מיר זענען אָנגעקומען קיין חלסה מאָנטיק פרי. אַגב, איצט געפינט זיך דאָרט די שטאָט קרית שמונה מיט אַ באַפעלקערונג פון אַ דרייצן טויזנט מענטשן. אויף דער וועראַנדע פון הויז איז געשטאַנען קאַמעל עפענדי, אַ בחור פון אַ יאָר 18—17 מיט נאָך אַן עלטערן אַראַבער, זיין אַפּוטרופּוס, וואָס איז געווען פון דמשק. שטייענדיק אויף דער וועראַנדע האָט קאַמעל עפענדי געוואָלט אונדז ווייזן וואָס פאַר אַ שיסער ער איז, האָט ער געהרגעט אַ פויגל אין הימל אין פליען. מען האָט אונדז גאַנץ פיין אויפגענומען און מיר האָבן דאָרט פאַר־בראַכט אַ פּאָר שעה. מען האָט אונדז מכבד געווען מיט רייז און סמעטענע.

די רייז האָט מען געגעבן אין אַ גרויסער שיסל און אין אַ קליינעם טעלער — סמעטענע — פּאַר אַלעמען צוזאַמען, אין דער סמעטענע האָט געשטעקט איין קליינער לעפל. ווי עסט מען רייז מיט סמעטענע אָן אַ לעפל האָבן מיר ניט געוווּסט. דאַן האָט אונדז דער אַפּוטרופּוס פון קאַמעל עפּענדי געוויזן ווי מען דאַרף עסן. יעדער איינער דאַרף זיך אויסקלייבן אַן אָרט אויפן גרויסן טעלער מיט רייז, מיט דעם לעפל אַרויפגיסן אַ ביסל סמעטענע אויף דעם אָרט, און דאַן מיט דער האַנט אַרויסשלעפּן פון דעם אָרט אַ ביסל רייז, וואָס איז שוין מיט סמעטענע, קוועטשן עס אַ ביסל מיטן האַנט אין איין שטיק, און מיטן גרויסן פינגער אַריינוואַרפן דאָס שטיקל אין מויל אַריין. מע דאַרף אויך צו־טרינקען וואַסער, פון קרוג מיט אַ שמאָלן העלדזל פון אויבן, גלייך אין מויל אַריין. איך האָב זיך ניט אויסגעלערנט די דאָזיקע מלאכה ניט פון עסן און ניט פון טרינקען. מיר האָבן געהאַט מיט זיך פּיטעס פון כפר גלעדי, האָבן מיר זיי געגעסן.

נאָך דעם מיטאָג זענען מיר אַרויס פון חלסה אין דער ריכטונג צו וואוזיה. ס׳איז געווען אַ ווינטער־טאָג, ס׳איז געפאַלן אַ רעגן און שווערע וואָלקנס האָבן באַדעקט דעם הימל. מען האָט ניט געקענט אונטערשיידן צווישן דעם וועג און צווישן פעלד: ס׳איז געווען איין גרויסע בלאָטע. מען איז שווער געגאַנגען, ווייל די בלאָטע האָט זיך געזאַמלט אויף די שיך, און יעדער שוך האָט געוויגן אַ פּאָר קילאָגראַם, און יעדעס מאָל איז עס געווען ניט קיין קליינע אַרבעט אַרויסשלעפּן דעם פוס פון דער בלאָטע. נאָך צוויי שעה גאַנג זענען מיר אָנגעקומען קיין וואוזיה. עס האָט אָנגעהויבן שוין ווערן פינצטער, און מיר האָבן ניט געוווּסט צי מיר זאָלן גיין ווייטער אָדער ניט, ווייל ס׳איז געווען אַ סכנה, אַז אין דער פינצטער וועלן אויף אונדז אָנפאַלן די אַראַבער פון די אַרומיקע דערפער, און אויב זיי וועלן אונדז ניט הרגענען, וועלן זיי, יעדנפאַלס, צונעמען ביי אונדז די קליידער און לאָזן אונדז אין די תחתונים, ווי עס האָט שוין ניט איין מאָל פּאַסירט מיט אונדזערע חברים, צווישן זיי איינער פון די שומרים, וועמענס נאָמען איך וויל ניט דערמאָנען, מחמת ער האָט געליטן פון דער באַליידיקונג.

די קאָלאָניסטן פון מטולה האָבן אונדז געעצהט אַריינצוגיין צום שייך פון וואוזיה און האַלטן מיט אים אַן עצה. דער שייך האָט אונדז אויפגענומען ניט גאַנץ פריינטלעך און געזאָגט אונדז, אַז מיר זאָלן טאָן ווי מיר פאַרשטייען אַליין. די קאָלאָניסטן פון מטולה האָבן מפרש געווען די תשובה, אַז ער אַליין, דער שייך, וועט אונדז נאָכיאָגן און צונעמען אַלץ וואָס מיר האָבן. בעסער וועט זיין צו בעטן ביי אים הכנסת אורחים. לויט ווי די קאָלאָניסטן האָבן געטענהט וועלן די אַראַבער אין אייגענעם דאָרף אונדז ניט טשעפּען, ווייל הכנסת אורחים

איז ביי זיי זייער אָנגענומען. און אויב מיר וועלן בעטן ביים שייך שוץ וועט אונדז קיין שלעכטס ניט פּאַסירן. אַזוי האָבן מיר געטאָן און דער שייך האָט אונדז געגעבן אַ געצעלט, וואָס אויך אין אים איז געווען אַ סך בלאָטע. זיצן האָבן מיר אין אים ניט געקענט, האָבן מיר געמוזט שטיין. נאָך אַ שעה צייט האָט דער שייך געשיקט אונדז אַ דיוואַן, און דאַן האָבן מיר זיך אַנידערגעזעצט אויף אים, אָבער שלאָפן האָט מען ניט געקענט. איך האָב דער חברה דערציילט וויצן, כדי די נאַכט זאָל אַדורך. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געהערט שיסערייען און בילן פון הינט. און גלייך ווי ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

איך און פּינטשוק האָבן באַשלאָסן צו גיין אין נאָענטסטן אָרט — יסוד המעלה, ווייל מיר האָבן ניט פאַרגעסן, אַז מיר דאַרפן אויספאָרשן יעדן אָרט. פון דאָרטן האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין קיין משמר הירדן, און דאַן זיך אומקערן קיין אילת השחר. אויפן וועג האָבן מיר זיך צעשיידט מיט אונדזערע וועג־חברים, וועלכע זענען אַוועק גלייך אין אילת השחר. אַ פּאָר שעה שפּעטער זענען מיר אָנגעקומען קיין יסוד המעלה און דאָרט זיך דורכגעשמועסט מיט מענטשן פון אָרט. עס זענען דאָ געווען אַ צוועלף זייער אָרעמע קאָלאָניסטן, און אַזוי ווי זיי האָבן געמיינט, אַז מיר זענען יידן, וואָס זענען געקומען טיילן געלט, האָט מען אונדז גוט אויפגענומען און דערציילט אונדז אַלע זייערע צרות. דאָס איז געווען אַ פאַרוואָרפענער ווינקל, און אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט דאָס אָרט זיך ניט אַנטוויקלט און איז פאַרבליבן אַזוי ווי כ׳האָב עס דאַן געזען. אין צוזאַמענהאַנג מיט אַן ענין האָב איך, ווי אַן אַדוואָקאַט, באַזוכט יסוד המעלה אין יאָר 1935 און כ׳האָב געקענט זען, אַז עס האָט זיך גאָרניט ניט געענדערט, אפילו איין הויז איז ניט צוגעקומען. אָבער אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויפשטיין פון דער מדינה, ווען דער באָדן איז געוואָרן זייער טייער, האָבן די קאָלאָניסטן אָנגעהויבן פאַרקויפן דעם באָדן, ווייל ער איז געווען בייטיק פאַר דער זידלונג. יעדער קאָלאָניסט האָט געהאַט בערך צוויי הונדערט דונאַם, אַזוי אַרום זענען זיי רייך געוואָרן.

אין יסוד המעלה האָבן מיר שוין געדונגען פערדות און זענען צוגעקומען אין משמר־הירדן — אַן אָרעמע און פאַרלאָזענע קאָלאָניע, וואָס איר לאַגע איז געווען גלייך צו יסוד המעלה, פון דאָרט זענען מיר אָנגעקומען קיין אילת השחר.

אין אילת השחר איז די שמחה, אַז מיר זענען אָנגעקומען, געווען גרויס. מען האָט אונדז געגעבן עסן און תיכף אַריינגעלייגט אין די בעטן. עס איז געווען בערך זעקס אַ זייגער פאַר נאַכט, אַלע חברים האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום אונדז און מיר האָבן געדאַרפט דערציילן אַלץ, וואָס מיר האָבן דורכ־

געמאַכט, ווייל אין גאַנצן לאַנד איז מען געווען פּאַראינטערעסירט צו וויסן דעם מצב אין גליל העליון. וועגן דעם, אַז שער איז געפאַלן האָט מען נאָך ניט געוווסט. אויף מאָרגן האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין טבריה און פון דאָרט זענען מיר געפאָרן צוריק קיין כנרת. אָבער קיין שאָסיי איז ניט געווען און די בלאָטע איז געווען גרויס, אויבן אויף דער פור איז געזעסן די חברטע חנה, די שוועסטער פון בערל קאַצענעלסאָן. אין איין אָרט האָט זיך צעבראָכן אַ ראָד אין וואָגן, ער איז טיף אַריינגעזונקען אין דער בלאָטע, און חנה איז אַראָפּגעפאַלן פון וואָגן און צעבראָכן אַ האַנט.

כ׳האָב זיך אומגעקערט קיין חיפה צו דער שוועסטער און בין דאָרט געבליבן אַ פּאָר טעג. אָבער איך בין געווען אַזוי מיד און דערשלאָגן, אַז איך האָב כמעט ניט גערעדט. כ׳האָב זיך געמוזט אַ ביסל באַרויקן, און ערשט דאַן האָב איך זיך אומגעקערט קיין תל־אביב. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די רעגלמעסיקע אַרבעט פון דער קאָמיסיע, אָבער עס איז שווער געווען צו אַרבעטן רויק, ווייל די שטימונג אין לאַנד איז געווען אַן אומרויקע. אין דער אַראַבישער פּרעסע זענען אין צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן אין גליל העליון געווען אַרטיקלען, ווו מען האָט געהעצט און גערעדט מיט פּאָגראָמען. יעדן טאָג פלעגן אָנקומען ידיעות פון גליל העליון. און אין ועד הצירים איז געשטאַנען די פראַגע, צי זאָל מען ניט פאַרלאָזן דאָס אָרט. אין דעם פּרט האָט אָבער אוסישקין אויסגעפירט: ער האָט בשום אופן ניט מסכים געווען, אַז די חברים זאָלן פאַרלאָזן דעם גליל העליון. אין משך פון דער גאַנצער צייט האָט מען געשיקט אַהין הילף פאַר די קבוצות, ווו ס׳האָבן זיך שוין געהאַט קאָנצענטרירט 88 חברים.

אין תל־אביב האָבן זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונגען צום פּורים, וואָס האָט דאָ געטראָגן אַ בולטן כאַראַקטער פון אַ נאַציאָנאַלן יום־טוב. אָבער אין מיטן פון די פּורים־פייערונגען איז אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעה פון תל־חי. אונדזער אַלטער חבר פון די „פּועלי־ציון״ אין אָדעס, פּנחס שניאורסאָן, וועלכן מען האָט גערופן אין כפר גלעדי „קאַליפּטע״, פאַר זיין הויכן וווּקס, האָט אונדז שפּעטער איבערגעגעבן געגוי דעם פאַרלויף פון די געשעענישן, וואָס האָבן פּאַסירט אין תל־חי י״א אדר. טרומפּעלדאָר איז געווען אין כפר גלעדי, און פון דאָרטן האָט מען געזען, אַז אַ פּאָר רייטערס דערנענטערן זיך צו תל־חי. האָט מען צוזאַמענגענומען אַלע בהמות אין הויף. טרומפּעלדאָר מיט נאָך אַכט חברים זענען שנעל אַראָפּ קיין תל־חי. ס׳איז געקומען אַהין דער שייך פון חלסה, קאַמעל עפענדי, אונדזער „פריינד״ מיט פיר אָפיצירן און הינטער זיי אַ גרויס אַראַביש מיליטער. זיי האָבן געפאָדערט פון טרומפּעלדאָרן, ער זאָל זיי אַריינלאָזן אין הויף, ווייל זיי זוכן פראַנצויזן. טרומפּעלדאָר האָט זיי דערלויבט אַריינצוגיין, און ער צוזאַמען מיט זיי איז דורכגעגאַנגען אַלע פינף צימערן.

זיי זענען אַריין אין די שטאַלן און נאָך דעם זענען זיי אַרויף אין אויבערשטן צימער: דאָרט אויפן צווייטן שטאָק אין צימער זענען געווען דיביידע חברטעס: שרה טשיזשיק און דבורה דראַכלער, און אויך די צוויי אַמעריקאַנער חברים, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון לעגיאָן, מונטער און שערף, און דער חבר קאַניעווסקי (קנבב) פון „החלוץ״. דערווייל האָט מען טרומפעלדאָרן גערופן פון אונטן, איז ער אַרויס און געבעטן איינעם פון די חברים אַרויפגיין אויבן. אָבער איידער דער חבר איז אַרויף אויבן, איז פון אויבן געלאָפן דבורה מיט אַ געשריי, אַז „זיי האָבן צוגענומען ביי איר דעם רעוואָלווער״, און אין דער זעלבער צייט האָט טרומפעלדאָר געזען, אַז אַ פּאָר זעלנער זיינען אַריין אין הויף און געוואָלט צונעמען דאָס געווער פון די חברים, וואָס זענען געשטאַנען ביים אָפענעם טויער. טרומפעלדאָר האָט געגעבן די פאַראָרדענונג צו שיסן, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיסערייען פון ביידע זייטן. טרומפעלדאָר איז פאַר־וווּנדעט געוואָרן אין בויך. ער האָט באַוויזן צו זאָגן די חברים, אַז ער איז פאַרוווּנדעט און תיכף האָט ער באַקומען נאָך צוויי קוילן. טרומפעלדאָר האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט און געבעטן איינעם פון די חברים ער זאָל האַלטן מיטן האַנט דעם פאַרוווּנדעטן אָרט, כדי די געדערים זאָלן ניט אַרויספאַלן, און האָט פאַרגעזעצט צו געבן פאַראָרדענונגען. אין הויף איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע מהומה. די „געסט״ פון אויבן האָבן אויך געשאָסן און זיי האָבן עס פאַרוווּנדעט טרומפעלדאָרן. איינער פון די אַראַבישע זעלנער האָט זיך באַהאַלטן אונטערן טיש און אויך געשאָסן. אין שטאַל, וואָס איז געווען קעגנאיבער דעם טויער זענען געווען צוויי לעכער, וואָס דורך זיי האָט מען געדאַרפט שיסן, אויב מען וועט אויפרייסן דעם טויער. די חברים, זעענדיק אַז דער טויער איז אָפן, האָבן געשאָסן אויפן טויער און האָבן ניט געלאָזן די איבעריקע אַראַבער אַריינגיין אין הויף.

קאַמעל עפענדי פון אויבן האָט געשריען צו טרומפעלדאָרן, אַז מען זאָל אים לאָזן אַרויסגיין מיט זיינע חברים, וועט ער איינשטילן די אָנפאַלער, ווייל עס איז „פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדעניש״. טרומפעלדאָר האָט מסכים געווען און האָט געגעבן די פאַראָרדענונג אָפּצושטעלן דאָס פייער. ווייזט אויס, אַז טרומפעלדאָר האָט אין דעם מאָמענט באַשלאָסן, אַז עס איז בעסער, איידער צו האַלטן דעם שונא אין אויבערשטן צימער ער זאָל זיין אויסער דעם הויף. איינער פון די חברים, וואָס איז געשטאַנען ביים טויער און האָט געהאַט נאָך איין קויל האָט געזאָגט קאַמעלן, אַז די קויל איז געווען באַשטימט פאַר אים, אָבער היות ווי דער אָנפירער האָט געגעבן די פאַראָרדענונג אָפּצושטעלן דאָס פייער, גיט ער אים די מעגלעכקייט אַרויסצוגיין. אַלע „געסט״ זענען אַרויס אויסער איינעם, וועלכער איז געהרגעט געוואָרן אין הויף, און נאָך

עטלעכע מינוט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַנייטער און נאָך פאַרשטאַרקטער אָנגריף. דער פאַרוווּנדעטער טרומפּעלדאָר, אָנגעלענט אין דער האַנט האָט געגעבן די פאַראָרדענונג „פייער ביז צו דער לעצטער קויל”. דער אָנגריף איז געווען זייער אַ שטאַרקער און האָט געדויערט צוויי שעה. דאָס מאָל איז געווען אין הויף אַ מוסטערהאַפטע אָרדענונג און טרומפּעלדאָר האָט פאַרגעזעצט צו געבן גאַנץ קלאָרע פאַראָרדענונגען מיט דער הילף פון שניאורסאָנען, וועלכער איז געווען טרומפּעלדאָרס שטעלפאַרטרעטער. צום סוף זענען די אַראַבער פאַרטריבן געוואָרן.ביים טויער זענען געבליבן פיר געהרגעטע און פופצן פאַרוווּנדעטע אַראַבער און אַ פראַנצויזישע מיטראַליעזע.

דאַן האָט טרומפּעלדאָר געגעבן די פאַראָרדענונג צו זוכן די מענטשן אין הויז. עס איז דאַן פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַחוץ טרומפּעלדאָרן זענען דאָ נאָך דריי פאַרוווּנדעטע: זשאַלטי, גאָלאָבאָוו און גאָלדבערג. איינער פון די באַפרייטע לעגיאָנערן פון אַמעריקע — טאַקאר — איז געפונען געוואָרן אַ געהרגעטער צוזאַמען מיט די שייכן לעבן טויער. און ווען מען איז אַרויף אויבן, האָט זיך געעפנט אַ שרעקלעך בילד: שרה טשיזשיק, מונטער און שערף זענען צעריסן געוואָרן אויף שטיקער דורך א האַנט־גראַנאַט, דבורה דראַכלער איז געווען געהרגעט מיט דריי קוילן אין האַרץ. אויך קאַניעווסקי איז געלעגן ווי אַ טויטער, אָבער נאָך אַ פּאָר מינוט האָט ער אָנגעהויבן קרעכצן: ער האָט געהאַט געחלשט. פון אים האָט מען זיך עס דערוווּסט, אַז שרה, מונטער און שערף זענען געהרגעט געוואָרן פון אַ האַנט־גראַנאַט דורך איינעם פון די אַפּיצירן־געסט, בעת זיי זענען געשטאַנען אין ווינקל לעבן פענצטער. דבורהן האָט געהרגעט קאַמעל עפענדי מיטן רעוואָלווער, ווען זי איז אַריין צוריק אין צימער. פון כפר גלעדי איז געקומען דער דאָקטער גערי און געגעבן די ערשטע הילף די פאַרוווּנדעטע. די לאַגע פון טרומפּעלדאָרן איז געווען אַ האָפענונגסלאָזע. ער האָט גערעדט מיט אַ שטילער שטים. די חברים האָבן באַשלאָסן אַריבערצוציִען פון תל־חי קיין כפר גלעדי, ווייל דאָרט איז דער סטראַטעגישער מצב געווען אַ בעסערער. די נסיעה האָט געדויערט פון אַכט אין אָוונט ביז צוויי אַ זייגער ביי נאַכט. פריער האָט מען אַריבערגעפירט די פאַרוווּנדעטע. אויפן וועג, אין וואָגן, בערך האַלב ניין, איז טרומפּעלדאָר גע־שטאָרבן. אַז שניאורסאָן האָט אים געפרעגט אַ פּאָר מינוטן פאַרן טויט, ווי פילט ער זיך, האָט ער געענטפערט: „עס איז גוט צו שטאַרבן פאַרן לאַנד”.

נאָך דעם האָט מען אַריבערגעפירט די בהמות, דאָס געווער און דעם פּראָוויאַנט און צום סוף די קערפּערס פון די טויטע. דאַן האָט מען תל־חי אונטערגעצונדן. די אַראַבער האָבן אָנגעהויבן שיסן אויף דעם לעצטן וואָגן, וואָס האָט אַריבערגעפירט די געהרגעטע. די שומרים פון וואָגן האָבן געענטפערט

מיט שיסערייען און אויך פון כפר גלעדי האָט מען אָנגעהויבן שיסן און די אַראַבער זענען שטיל געוואָרן.

אויף מאָרגן האָבן די אַראַבער געפּרוווט אַ פּאָר מאָל אַריינצוגיין אין כפר גלעדי מיט דעם זעלבן תירוץ, אַז זיי זוכן פראַנצויזן, אָבער די חברים האָבן אויף זיי געשאָסן און זיי פאַרטריבן. דאָס זעלבע איז געווען אויך אין מטולה.

נאָך דעם ווי די מענטשן פון תל־חי זענען געקומען קיין כפר גלעדי איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג און די מיינונגען פון די חברים האָבן זיך כמעט ווי צעטיילט אויף גלייך. 27 חברים האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס אָרט, ווייל די מלחמה האָט אָנגענומען אַ סיסטעמאַטישן כאַראַקטער און 26 חברים האָבן באַשלאָסן בשום אופן ניט פאַרלאָזן דאָס אָרט ביז דער לעצטער מינוט. אין דער נאַכט האָט מען אויסגעגראָבן צוויי קברים: איינעם פאַר די פיר בחורים און דעם צווייטן פאַר די צוויי חברטעס.

אויף מאָרגן האָט מען מודיע געווען וועגן דער לאַגע אין מטולה. אויך דאָרט האָט אַ טייל פון די פאַרטיידיקער באַשלאָסן פאַרלאָזן דאָס אָרט, און 15 מענטשן זענען אַוועק קיין צידון און האָבן מיטגענומען מיט זיך די פאַר־וווּנדעטע פון תל־חי. דעם גאַנצן טאָג האָבן די אַראַבער געפּרוווט זיך צו דערנעטערן צו תל־חי, אָבער דאָס שטאַרקע פייער האָט געווירקט און זיי זענען אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק צוויי געהרגעטע. פאַר נאַכט האָט דער מטולהר שייך, וואָס מיט אים האָבן אונדזערע מענטשן געלעבט בשלום, מודיע געווען די חברים אין כפר גלעדי, אַז די אַראַבער גרייטן זיך צו אַ שטאַרקער אָפענסיווע און האָט געראַטן די חברים זיי זאָלן פאַרלאָזן דאָס אָרט. מען האָט אים געדאַנקט און מען האָט אַריבערגעפירט צו אים די בהמות, ער זאָל זיי היטן. מיטוואָך האָט מען געזען אַ שטאַרקע באַוועגונג אין דער געגנט. אויף דעם בערגל פון חמרה האָבן די אַראַבער געבראַכט אַ האַרמאַט. דאַן האָבן די חברים אָנגע־נומען אַ באַשלוס, אַז ווען מען וועט אָנהייבן באָמבאַרדירן פון האַרמאַטן, וועט מען מוזן פאַרלאָזן דאָס אָרט. דער אָנפירער אַנשטאָט טרומפּעלדאָרן איז געווען שניאורסאָן, און אים האָט מען געגעבן די דערלויבעניש צו געבן די פאַראָרדענונג אויף אָפּצוטרעטן. דאָנערשטיק האָט זיך אָנגעהויבן די באָמבאַר־דירונג: אַכט אין דער פרי איז איבער כפר גלעדי געפלויגן די ערשטע באָמבע, שניאורסאָן האָט געגעבן די פאַראָרדענונג אָפּצוטרעטן. מען האָט מיטגענומען מיט זיך נאָר די ביקסן מיט די קוילן. מען האָט באַשלאָסן ניט אונטערצוצינדן דאָס הויז, כדי די אַראַבער זאָלן מיינען, אַז די חברים זענען נאָך דאָ און זאָלן זיי ניט נאָכיאָגן. די אַראַבער האָבן פאָרגעזעצט צו באָמבאַרדירן כפר גלעדי ביז צוויי נאָך מיטאָג. די חברים זענען אַוועק צום מטולהר בעק,

װעלכער האָט, אַגב, אױך געהײסן קאַמעל, און דער בעק האָט זײ פּרײַנטלעך אױפגענומען. אײן חבר מיט צװײ מטולהר רײַטער זענען אַװעק קײן מטולה, כדי דאָרט צו װיסן געבן װעגן דער לאַגע. דעם דאַנערשטיק זענען אַלע חברים צוזאַמען מיט די באַגלײטער, װאָס עס האָט מיטגעשיקט דער בעק, אַריבער־געגאַנגען די מטולהר בערג און אָנגעקומען קײן אילת השחר.

אַגב, דאַרף דאָ געזאָגט װערן, אַז נאָך אײדער עס האָט פּאַסירט די טראַגעדיע אין תל־חי און װי נאָר עס האָט זיך אָנגעהױבן די מלחמה אין גליל העליון, האָבן די פּאָליטיקער געפּאָדערט מען זאָל פּאַרלאָזן דעם פּלאַץ, און נאָר די אַרבעטער האָבן ניט מסכים געװען, און די גאַנצע הילף איז געקומען אײנציק און אַלײן פון דער אַרבעטער־באַװעגונג. די קאָלאָניסטן אין מטולה האָבן שױן פון לאַנג פּאַרלאָזן די קאָלאָניע, און נאָר די אַרבעטער האָבן זי פּאַרטײדיקט.

די גאַנצע לופט אין לאַנד איז געװען װי עלעקטריזירט. יעדן טאָג פלעגן אָנקומען ידיעות װעגן איבערפאַלן אין פאַרשידענע ערטער. ספּעציעל אָנגעשטרענגט איז געװען די אַטמאָספער אין ירושלים. אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, אַז אין משך פון הונדערטער יאָרן, װאָס ארץ־ישראל איז געװען בײַ די טערקן, זענען געװען זײער װײניק פּאָגראָמען אױף יידן. אין דעם לעצטן יאָרהונדערט זענען קײן איבערפאַלן אױף יידן ניט פאָרגעקומען. עס פלעגן פאָרקומען קריגערײען צװישן אַראַבער גופא, צװישן מוסולמענער און קריסטן, עס זענען געװען אַפילו פּאָגראָמען אױף קריסטן. אָבער איצט האָט זיך געפילט, אַז מען גרײט זיך צו אַ פּאָגראָם אױף יידן אין גרױסע מאַסשטאַבן.

איך בין געװען אין ירושלים די גאַנצע װאָך פאַר פּסח. פון 28סטן מערץ ביז דעם 2טן אַפּריל. ניט געקוקט אױף דער נערװעזער אַטמאָספער, האָב איך זיך באַמיט צו באַזוכן אַ פּאָר ערטער און באַקענען זיך מיט ירושלים, אױף װיפל עס איז געװען מעגלעך. איך האָב באַזוכט דעם כותל המערבי, געגאַנגען דורך די שמאָלע און פינצטערע געסלעך פון דער אַלטער שטאָט, כ׳האָב געזען די גרױסע שטײנער פון דער װאַנט און האָב געזען די יידן, װי זײ שטעקן אַרײַן די קװיטלעך מיט די בקשות צום רבונו של עולם, צװישן די שטײנער. איך האָב אױך באַזוכט דעם אָמאַר־מעטשעט, הגם איך בין ניט געװען זיכער, אַז איך װעל קענען צוקומען אַהין. אָבער מיט דער הילף פון באַקשישן בין איך אַרײַן אין מעטשעט און האָב אױסגעטאָן די שיך. איך בין אַדורך די „װיאַ דאָלאָראָזאַ", האָב באַזוכט אַ פּאָר קירכעס אױפן װעג און בין פאַרבײַגעגאַנגען דעם דענקמאָל „יד אבישלום". כ׳בין אױך אַרױס אױסער דער שטאָט פאַרבײַ דעם װאָדי „גיהנום", אָבער אַלץ איז פאַרבליבן אין מײַן זכרון אַ ביסל מטושטש. איך האָב זיך געאײַלט, אַלץ געמאַכט בחיפזונדיק און פאַרזיכטיק, װײַל די לופט

אין שטאָט איז שוין געווען עלעקטריזירט, און אַלע, סיי יידן און סיי אַראַבער, זענען געווען זיכער, אַז עפּעס וועט געשען.

שוין מיטוואָך און דאָנערשטיק זענען געווען פאַלן, אַז מען האָט געשלאָגן עלטערע יידן אין דער אַלט־שטאָט ביים כותל מערבי. אונדזערע חברים, און בכלל די אַרבעטער האָבן אָרגאַניזירט די זעלבסט־שוץ, אָבער, אַזוי ווי אַלע מאָל אין אַזעלכע פאַלן, האָבן זיי ניט געהאַט קיין געווער. מען האָט געהאַט נאָר שטעקנס פון דראָטענע פּעדעס.

פרייטיק דעם 2טן אַפּריל האָט זיך אָנגעהויבן דער מוסולמענישער יום־טוב „נאבי מוסא״, וואָס דויערט זיבן טעג. ווי מען גיט איבער, איז דער יום־טוב ניט קיין אַלטער, נאָר די אַראַבער־מוסולמענער האָבן אים געשאַפן, ווייל אין דער זעלבער צייט פאַלט אויס דער יום־טוב פון די אַראַבישע קריסטן. די אַראַבער פון דער סביבה, פון חברון און שכם, קומען אויף דעם יום־טוב קיין ירושלים, כדי צו גיין צום קבר פון משה רבנו, ועלכן עס האָט „געפונען״ מיט אַ פּאָר צענדליק יאָרן צוריק איינער אַ מוסולמענישער קדוש. דאָס מאָל האָבן די אַראַבישע קריסטן אויסגענוצט דעם מוסולמענישן יום־טוב קעגן די יידן.

דער 2טער אַפּריל איז געווען ערב־פּסח, אין דער פרי האָב איך געדאַרפט פאָרן צום סדר צו מיינע עלטערן אין רחובות. איך בין געפאָרן מיט דער באַן פון ירושלים ביז רמלה, און פון דאָרטן האָט מען געדאַרפט פאָרן מיט פערד. איך האָב געמיינט, אַז דער פאָטער וועט אַרויסשיקן אַ פור, אָבער אַזוי ווי ער האָט עס ניט געטאָן, האָב איך געפונען אַן אַראַבער מיט אַן אייזעלע. קיין אַראַביש האָב איך, נאַטירלעך, ניט געקענט, איך האָב געוווּסט נאָר די צאָלן, און איך בין משווה געוואָרן מיטן אַראַבער פאַר „חמשה שילינגן״, דאָס אייזעלע איז געווען זייער אַ קליינס, און ווען איך האָב זיך אַרויפגעזעצט אויף אים, האָב איך כמעט דערגרייכט מיט די פיס צו דער ערד. אַ קליינע וואַליזקע האָב איך געהאַט אין האַנט און הינטער אונדז לויפט דער אַראַבער מיט אַ בייטש אין האַנט און פון צייט צו צייט שלאָגט ער דעם אייזל. איך האָב געדאַרפט דורכפאָרן די אַראַבישע שטאָט לוד. רויִק בין איך ניט געווען, אָבער קיין ברירה האָב איך ניט געהאַט. איך האָב געזען אין לוד אַ גרויסן עולם פאַרזאַמלט אין גאַס מיט ווייבער און קינדער. איך בין פאַרביי ניט ווייט פון זיי און עס האָט גאָרניט פאַסירט. אָבער ווען מיר זענען שוין געווען אָפּגעגאַנגען פון לוד אַן ערך אַ קילאָמעטער, האָט דער אַראַבער אָנגעהויבן מיט מיר צו רעדן. איך האָב ניט פאַרשטאַנען קיין וואָרט פון דעם וואָס ער רעדט, אָבער איך האָב דערהערט נאָר „טאַימאני שילינג״ (אַכט שילינג). לויטן אַראַבישן שטייגער האָב איך געמאַכט אַ באַוועגונג מיטן קאָפּ אויף נישט, אָבער ניט פון רעכטס צו לינקס ווי ביי אונדז, נאָר פון אויבן אַראָפּ, ווי ביי די אַראַבער, און דערצו צוגעשמאָטש־

קעט מיטן צונג: צי, צי, צי... דאַן האָט דער אַראַבער אויפגעהויבן דעם קול און ווידער אַ מאָל געפּאָדערט „טאַמאַני שילינג״, און אַז איך האָב נאָך אַ מאָל געגעבן מיטן קאָפּ די נעגאַטיווע תשובה, האָט ער אָנגעהויבן שרייען מיט קולי קולות און מיט אַ גוואַלדיקער שנעלקייט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער זידלט מיך. האָב איך זיך געטראַכט, פאַר וואָס האָט דער אַראַבער די פּריווילעגיע צו זידלען מיך אין אַ שפּראַך, וואָס איך פאַרשטיי ניט, קען איך דאָך אויך אָנהייבן זידלען אים אין אַ שפּראַך, וואָס ער פאַרשטייט ניט. און אַזוי ווי איך האָב צום בעסטן געקענט קללות אויף רוסיש, האָב איך אָנגעהויבן אים שילטן אין רוסיש. דער אַראַבער האָט באַטירלעך ניט פאַרשטאַנען די שפּראַך, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איך זידל אים. דאַן האָט ער פאַרהאַלטן דעם אייזל און געהייסן מיר אַראָפּגיין פון אים. כ׳האָב קיין ברירה ניט געהאַט און כ׳בין אַראָפּ פון אייזל מיט דער וואַליזקע אין האַנט: דעם וועג האָב איך ניט געקענט, אַרום איז געווען פּוסט, אָבער איך האָב באַשלאָסן ניט צו געבן צו ווייזן דעם אַראַבער מיין פאַרלעגנהייט, און האָב אָנגעהויבן גיין מיט זיכערע טריט מיט דער סטעזשקע, מיט וועלכער מיר זענען געגאַנגען פריער. דער אַראַבער איז געבליבן שטיין און האָט ווייטער געשריען. אָבער איך האָב זיך געמאַכט ניט הערנדיק און בין געגאַנגען ווייטער. נאָך דעם ווי איך בין שוין אַדורך אַ פופציק מעטער, האָב איך געהערט, ווי דער אַראַבער שרייט שוין: זיבן שילינג. איך האָב ניט געענטפערט און געגאַנגען ווייטער. נאָך דעם האָב איך שוין געהערט „זעקס שילינג״, איך בין אָבער געגאַנגען ווייטער. נאָך אַ צוויי הונדערט מעטער הער איך פון דער ווייטנס: „כאַוואַדזשאַ, פינף שילינג״. צום ערשטן מאָל רופט ער מיך שוין „כאַוואַדזשאַ״. איך האָב ניט געענטפערט און געגאַנגען ווייטער. דאַן האָט דער אַראַבער זיך אַרויפגעזעצט אויפן אייזל און אין אַ פּאָר מינוט מיך דעריאָגט, פאַרשטעלט מיר דעם וועג, אַראָפּ פון אייזל, אַראָפּגענומען דעם קאַפּעליוש און מיט אַ נעבעכדיקער שטימע געזאָגט צו מיר: „כאַוואַדזשאַ״, פינף שילינג, און נאָך עפּעס. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איצט האָט ער טענות וועגן דעם, אַז עס איז דאָך געווען אָפּגערעדט פינף שילינג. דאַן האָב איך זיך אַרויפגעזעצט אויפן אייזל, און מיר זענען בשלום אָנגעקומען אין הויז פון מיינע עלטערן אין רחובות. איך בין אַראָפּ פון אייזל, אַרויף אויף די שטיגן פון דער טעראַסע ביים הויז פון מיינע עלטערן און דער אַראַבער איז מיר נאָכגעגאַנגען. איך האָב אַרויסגענומען פון טאַש די פינף שילינג און אים דערלאַנגט, האָט דער אַראַבער אַ סך מאָל זיך געבוקט, אַ פּאָר מאָל געזאָגט „קאַטאַר כערעק״ (אַ שיינעם דאַנק) און געקושט מיך אין האַנט. איך האָב שפּעטער באַטראַכט וועגן דער דאָזיקער רעאַגירונג זיינער און בין געקומען צום פאָלגנדיקן אויספיר: לויט דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם פּרימיטיוון מענטשן,

האָט דער הסכם קיין שום ווערט ניט, און אויב דו ביסט אין דער בעסערער לאַגע, און דו קענסט ענדערן דעם הסכם פאַר דיין טובה וועגן, דאַרפסטו עס טאָן. דעריבער האָט ער אין מיטן פעלד געפאָדערט אַכט שילינג, און איצט, ווען איך בין אין דער היים, בין איך דאָך אין דער לאַגע, אַז איך קען אים געבן אַפילו צוויי שילינג, און אויב איך טו עס נישט און האַלט זיך ביי דעם הסכם, קומט מיר אַ גרויסער דאַנק און אַ קוש אין האַנט.

די טעג פון פרייטיק און שבת זענען אַריבער בשלום. נאָר זונטיק, דעם 4טן אַפּריל, אין דער פרי האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַ פּאָר הונדערט אַראַבער און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רעדעס און די דרשות. עס האָבן געהאַלטן רעדעס דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „סוריה גינוביה״ און דער חברונער שייך. (אַגב, איז דער דאָזיקער שייך ספּעציעל מפורסם געוואָרן שפּעטער בעת די געשעענישן פון יאָר 1929). אָט דער רעדאַקטאָר האָט שוין לאַנג געפירט אַ העצע קעגן יידן, און מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט ער געשריבן אין זיין מאמר, אַז די אַראַבער האָבן ביז איצט פּראָטעסטירט מיט ווערטער, איצט ווילן זיי פּראָטעסטירן מיט בלוט. ווען דער יידישער קאָמיטעט פון דער שטאָט האָט זיך געוואָנדן צו דער רעגירונג מיט דער פאָדערונג, מען זאָל אָפּשטעלן די העצע פון איין טייל באַפעלקערונג קעגן דעם צווייטן, האָט דער ענגלישער גענעראַל געהאַט אַ טענה, פאַר וואָס די יידן האָבן אַ פּאָר וואָכן פריער נאָך די דעמאָנסטראַציעס פון די אַראַבער אָפּגעדרוקט אַן אָפענעם בריוו צום אַראַבישן בירגערמייסטער, וואָס איז געגאַנגען בראש פון דער דעמאָנסטראַציע, און דער־קלערט אַז די יידישע באַפעלקערונג אין ירושלים, וואָס בילדעט דאָ די מערהייט, אָנערקענט אים מער ניט אַלס בירגערמייסטער. דער גענעראַל האָט געטענהט, אַז דאָס רעגט אויף די אַראַבער (מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז דער נציב העליון איז דאַן געווען אַ ייד — הערבערט סאַמועל, אַ פאַרברענטער ציוניסט, וואָס האָט די גאַנצע צייט געפירט אַ פּראָ־אַראַבישע פּאָליטיק, כדי מען זאָל אים, חס וחלילה, ניט חושד זיין אין ניט־אָביעקטיוויטעט).

די רעדנער האָבן אויפגעהעצט דעם פאַרזאַמלטן עולם, און דער חברונער שייך האָט פאַרענדיקט זיין רעדע מיט די ווערטער: „די רעגירונג איז מיט אונדז (דאאולה מעטה), שעכט די יידן״. בכלל האָבן די אַראַבער די גאַנצע צייט פון די געשעענישן געשריען, אַז די רעגירונג איז מיט זיי. תיכף נאָך די רעדעס זענען די אַראַבער באַפאַלן די יידישע קראָמען, וואָס זענען געווען נאָענט צום יפוער טויער, און זיי צערויבט. אַגב, איז די טאָפּאָגראַפיע פון ירושלים אַזאַ: אַלט־שטאָט, וואָס דאָרט זענען געווען יידישע, אַראַבישע און געמישטע גאַסן און וואָס דאָרט געפינט זיך סיי דער כותל המערבי און סיי דער אַראַבישער מעטשעט און אויך דער יידישער מאַרק — די דאָזיקע אַלט־שטאָט האָט אַרום זיך

אַן אַלטן מויער און אין דעם מויער זענען דאָ זיבן אָדער אַכט טויערן. די דעמאָנסטראַציע איז געווען אויסער די מויערן, לעבן דעם יפוער טויער. נאָך דעם ווי מען האָט דאָ צעראַבעוועט אַ פּאָר קראָמען, געשלאָגן און פאַרווונדעט אַ פּאָר יידן און איין ענגלענדער, וואָס האָט געוואָלט פאַרטיידיקן איין קראָם, איז די קליינע גרופּע אַראַבער אַריין אין אַלט־שטאָט דורכן טויער און אָנגעהויבן דאָ שלאָגן יידן, וואָס האָבן געוווינט אין די געמישטע גאַסן. די גרופּע האָט מורא געהאַט אַריינצוגיין אין די יידישע גאַסן, ווייל די אָרטיקע יידן, ניט נאָר די יוגנט, נאָר אויך די אַלטע זענען געשטאַנען אין גאַס און געשיצט דאָס אָרט. ווי עס האָבן איבערגעגעבן עדות, וואָס זענען דערביי געווען, האָט דער פּאָגראָם זונטיק געדויערט נאָר איין שעה, און אין משך פון דער קורצער צייט זענען געווען מער ווי הונדערט פאַרוווּנדעטע. דאָס בריטישע מיליטער האָט זיך ניט אַריינגעמישט. ווען עס פלעגט דורכגיין אַ בריטישער פּאַטרול, איז געווען רויק, און אויב הינטער דעם פּאַטרול האָט מען געהערט געשרייען, האָבן די זעלנער אַפילו ניט אויסגעדרייט דעם קאָפּ בכדי צו זען, וואָס עס איז געשען. די אַראַבישע פּאָליציאַנטן האָבן אַליין אָנטייל גענומען אין פּאָגראָם און אַפילו געשיצט די רויבער.

דער ועד־הצירים האָט געפאָדערט פון דער רעגירונג מען זאָל אָפּשטעלן די אַראַבישע „היטער פון דער אָרדענונג״. די רעגירונג האָט צוגעזאָגט, אָבער ניט מקיים געווען די הבטחה. (דאָס דאָזיקע בילד פון פּאָגראָם האָט אין גאַנצן אַנטשפּראָכן די אַלטע פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד ביז די סאַמע קלענסטע פּרטים).

מאָנטיק אין דער פרי איז נאָך אַ מאָל אַ גרופּע אַראַבער אַרויס פון אַ הויז און געוואָלט אַריינגיין אין דער אַלט־שטאָט אַריין, אָבער לעבן די טויערן זענען געשטאַנען מיליטער־אָפּטיילונגען און האָבן ניט דורכגעלאָזט אַהין, אַחוץ שוועסטער און דאָקטוירים פון „הדסה״. אַלע האָבן געוווּסט, אַז אין דער זעלבער צייט קומט פאָר אַ פּאָגראָם אויף יידן אין דער אַלט־שטאָט, און דאָס מיליטער איז געשטאַנען מיט ביקסן און מיטראַליעזן נאָר קעגן דער נייער שטאָט. און דאָס איינציקע מאָל, וואָס אַ מיטראַליעזע האָט געשאָסן — אמת, אין דער לופטן — איז געווען דער שאָס אויף דער יידישער זעלבשוץ, וואָס האָט געוואָלט אַריינגיין פון דער נייער שטאָט אין אַלט־שטאָט. אַ טייל פון דער יידישער זעלבשוץ איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער בריטישער מאַכט, אָבער אויף דער קאַטעגאָרישער פאָדערונג פון ועד־הצירים זענען זיי באַפרייט געוואָרן נאָך אַ פּאָר שעה. דער ועד־הצירים האָט געפאָדערט פון דער רעגירונג, אַז זי זאָל דערלויבן צוויי הונדערט מאַן אַריינגיין אין אַלט־שטאָט. די רעגירונג האָט געענטפערט, אַז זי וועט תיכף דערלויבן. עס איז דורכגעגאַנגען אַ שעה נאָך

אַ שעה, דאָרט אין דער אַלט־שטאָט האָט מען געריבט און געהרגעט מענטשן, און דאָ איז געשטאַנען די זעלבשוץ און געוואַרט. צום סוף האָט די רעגירונג דערלויבט אַריינגיין, אָבער נאָר הונדערט מענטשן און אָן געווער. זי האָט מסכים געווען דערצו, אַז די דאָזיקע מענטשן זאָלן האָבן אַ סימן, אַז זיי זענען געשיקט דורך דער רעגירונג. אָבער תיכף איז באַוווסט געוואָרן, אַז די רעגירונג פירט אַריין אין אַלט־שטאָט אויך הונדערט אַראַבער. אויף מאָרגן איז דאָך געלונגען אַ גרופּע פון דער זעלבשוץ אַריינצודרינגען אין דער אַלט־שטאָט, און זי האָט אַרויסגעפירט פון דאָרט אַ גרופּע פון 150 מענטשן — פרויען, זקנים און קינדער פון די געפערלעכע ערטער. דער בריטישער מאַיאָר האָט דאָס געזען און איז געוואָרן אין כעס: „ווער האָט עס געגעבן די דערלויבעניש אַרויסצופירן זיי פון שטאָט, ווער וויל עס זיי ראַטעווען?" אַז ד"ר סאַלאַ דע פּאָל האָט אים דערקלערט, אַז ער האָט עס געטאָן, האָט מען אים אַרעסטירט, אָבער באַפרייט נאָך אַ פּאָר שעה.

מאָנטיק זענען דערשינען ווי „שומרים" אויך די אַראַבישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיך אַ טאָג פאַר דעם אַליין באַטייליקט אין פּאָגראָם. די יידישע פּאָליציאַנטן האָבן באַקומען אַ פאַראָרדענונג צו האַלטן שמירה לעבן מושל, אָדער אפשר פאַרקערט — דער מושל האָט געדאַרפט היטן די פּאָליציאַנטן. דעם צווייטן טאָג פון פּאָגראָם האָט מען געהרגעט דעם אַגראָנאָם הרמתי (שוואַרץ), וואָס האָט פאַרטיידיקט די יידן. אין דעם טאָג האָבן די אינדיער (ענגליש מיליטער) געהרגעט צוויי יידן, איינער פון זיי — אַ בן ששים, ווייל די אַראַבער האָבן מודיע געווען די אינדיער, אַז פון דעם יידישן הויז האָט מען געשאָסן. די הינדוסן זענען געקומען און האָבן אָן שום אויספאָרשונג געהרגעט די צוויי יידן. זייער אָפיציר, ווען ער האָט איבערגעגעבן דעם ראַפּאָרט וועגן דעם דעם מאַיאָר, האָט דערקלערט, אַז די יידן האָבן געשאָסן אויף די הינדוסן. בעתן דערלאַנגען דעם ראַפּאָרט דעם מאַיאָר איז געשטאַנען נ. סירקין און נאָך איין ענגלישער בירגער. דער מאַיאָר האָט געזאָגט סירקינען, אַז אויב ער וועט רעדן אַ סך, וועט ער אים אַרעסטירן. און ווען דער ענגלישער בירגער (אַ ייד מיטן נאָמען גוטמאַן) האָט געפרעגט, פאַר וואָס מען האָט געהרגעט צוויי מענטשן, ווען מען האָט געפונען נאָר איין רעוואָלווער, האָט דער מאַיאָר געהייסן אים אַרעסטירן, און אויפן אָרט האָבן די הינדוסן געשלאָגן דעם מענטש און אַוועקגעפירט אים אין תפיסה. ווען מען האָט מודיע געווען דער רעגירונג, אַז מען רויבט אַ שול און מען פאַרברענט ספר תורות, האָט דער גענעראַל אַרויסגענומען זיין מאַפּע און דערקלערט, אַז לויטן פּלאַן געפינט זיך דאָרטן גענוג מיליטער.

מאָנטיק איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז מען טאָר ניט גיין אין די גאַסן

פון זעקס אין אָוונט ביז זעקס אין דער פרי. אין ירושלים איז דערקלערט געוואָרן באַלאַגערונגס־צושטאַנד, און דינסטיק אין דער פרי האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער פּאָגראָם אין דער אַלט־שטאָט. צוויי מיידלעך זענען פאַרגוואַלדיקט געוואָרן און פופצן מענטשן זענען פאַרוואונדעט געוואָרן. דאַקעגן אין דער נייער שטאָט האָט דאָס מיליטער אַרעסטירט אַפּטיילונגען פון דער זעלבשוץ, מען האָט געזוכט אין די בגדים פון די יידן, מען האָט ביי זיי צוגענומען דאָס געווער און אַפילו די שטעקנס. מיטוואָך איז געווען שטיל אין שטאָט, אָבער מען האָט זיך געגרייט צו די לעצטע טעג פון יום־טוב (8—9 אַפּריל).

אַ קליינער טייל פון די יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס זיי איז געלונגען צו זיין אין דער אַלט־שטאָט האָט מיט מסירת־נפש פאַרטיידיקט די יידן. איינער פון זיי, ראַזיווילסקי, איז שטערבלעך פאַרוואונדעט געוואָרן דורך די אַראַבישע פּאָליציאַנטן. די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער פון „הדסה" האָבן ענערגיש געאַרבעט און אַפילו געראַטעוועט אַ פּאָר יידן פון די אַראַבישע הענט. די אַראַבער האָבן זיך באַצויגן צו זיי מיט אַ מאָדנעם דרך־ארץ. אָבער אינטערעסאַנט איז, אַז ניט נאָר די יונגע, פרומע בחורים, נאָר די אַלטע יידן זענען געווען אין די גאַסן און האָבן זיך פאַרטיידיקט מיט שטעקנס, האָבן געראַטעוועט ספר תורות. אַ ספּרדישע פרוי איז באַפאַלן אַן אַראַבישן פּאָליציאַנט און געשלאָגן אים מכות רצח.

די יללות פון די פרויען און די קינדער, וואָס זענען געזעסן אין די הייזער, וואָס אַרום זיי האָבן געוויינט בלויז אַראַבער, זענען געווען שרעקלעך. זיי זענען געזעסן אין כסדרדיקן פּחד אין משך פון צוויי טעג, און אַז מען האָט זיי באַפרייט, האָבן זיי געזען אין די באַפרייער ממש מלאכים. 200 פרויען, אַלטע און קינדער זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון דער אַלט־שטאָט און אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַ ספּעציעל אָרט אין דער נייער שטאָט. אַזאַ גבורה מצד אַלטע יידן, חלוקה־מענטשן, האָט מען ניט געזען אין דער געשיכטע פון די יידישע פּאָגראָמען אין פאַרשיידענע ערטער און פאַרשיידענע מדינות.

די אויפרעגונג ביי די יידן איז געווען אַן אומגעהויערע. ס'איז ניט געווען קיין וויטיק, נאָר אַ כעס. מען האָט צונויפגעזאַמלט אַלע פּרטים און אַלע פאַקטן וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט די באַציִונג פון דער בריטישער רעגירונג. פון דעם אַלעמען איז קלאָר געוואָרן, אַז די ענגלישע אַדמיניסטראַציע האָט געהאָלפן מאַכן דעם פּאָגראָם און זי איז די איינציקע שולדיקע פאַר די אַכט געהרגעטע און צוויי הונדערט פאַרוואונדעטע יידן. עס איז קלאָר געווען פאַר אַלעמען, אַז ווען די אַדמיניסטראַציע וואָלט לכל הפחות זיך ניט אַריינגעמישט אין דעם ענין, ווען זי וואָלט אַרויסגעפירט די הינדוסן אויסער דער שטאָט, ווען די יידן און די אַראַבער וואָלטן געשטאַנען איינער קעגן די צווייטע, וואָלט דער

פּאַגראָם זיך פאַרענדיקט דעם ערשטן טאָג, און די אַראַבער וואָלטן פאַרלאָרן דעם חשק פון דאָס ביי אָנצוהייבן אויף מאָרגן.

די בריטישע אַדמיניסטראַציע האָט שוין געפּרוּווט טענהן, אַז די יידן זענען אַליין שולדיק. אָבער דער אַמעריקאַנער קאָנסול, וואָס האָט געלעבט אין לאַנד לאַנגע יאָרן און געקענט גוט די באַציִונגען, האָט געענטפערט דעם ענגלישן גענעראַל, אַז ס'איז אַ פאַרכעריי אַזוי צו ריידן (אַזוי האָט מען דערציילט).

נאָכן פּאָגראָם אין ירושלים איז די שטימונג אין לאַנד געוואָרן נאָך מער אויפגעברויזט. אַרום כמעט אַלע יידישע קאָלאָניעס און קבוצות און אַרום די שטעט, ווו עס איז געווען אַ באַדייטנדיקע יידישע באַפעלקערונג, זענען געווען אַראַבישע דערפער, אַ פּאָר קאָלאָניעס האָבן זיך געפונען אין אַ בעסערן מצב, ווייל זיי זענען געווען נאָענט איינע צו דער צווייטער. אַזוי, למשל, אין אונ־טערשטן גליל: כנרת, דגניה, ביתניה, פּוריה, זענען נאָענט איינע צו דער צוויי־טער, און דער זיכערהייטס־צושטאַנד איז דאָרט געווען בעסער. פון דער אַנדע־רער זייט, זענען געווען פּונקטן, וואָס זענען אין דער סביבה געווען דער איינציי־קער יידישער ישוב, ווי, למשל, מנחמיה. אומעטום האָט מען זיך געריכט אויף אַראַבישע אָנפאַלן, עס איז שוין געהאַט פאַרגעקומען אַן אָנפאַל אויף מצפה לעבן טבריה, איינער פון די ערעמסטע און פאַרוואָרפנסטע קאָלאָניעס אין לאַנד. אין יעדן אָרט האָט עקזיסטירט אַ זעלבשוץ, און אויב די שטימונג איז געווען אַ נערוועזע איז זי אָבער געווען אַ געהויבענע. דער אַלגעמיינער ווונטש איז געווען, אַז די מאַנדאַט־מאַכט זאָל זיך אין דעם ענין ניט אַריינמישן. ס'האָט געהערשט אַזאַ גרויסער בטחון אין די אייגענע כוחות, וואָס איך האָב אים ניט געזען אין קיין שום אָרט. אַלע זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק, אַז מען פאַרטיידיקט ניט נאָר דאָס לעבן, נאָר דאָס לאַנד, אונדזער לאַנד. מען פאַרטיידיקט ניט נאָר דעם הווה, נאָר אויך דעם עתיד פון פאָלק, און דאָס האָט עס געשאַפן די גבורה. עס זענען געווען מענטשן, וואָס ביי זיי איז דער דאָזיקער געפיל דערגאַנגען ביז היפּערטראָפיע: זיי האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט, אַז די אַראַבער זאָלן נאָר אָנהייבן. אויב עס איז אַדורך אַ טאָג נאָך אַ טאָג און קיין זאַך האָט ניט פּאַסירט, זענען זיי געווען אַנטוישט. און אַלץ מער און מער האָט זיך פאַרשפּרייט דער געפיל פון כעס און אויפרעגונג קעגן דער מאַנדאַט־מאַכט, וועלכע האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ מאָל די צאַרישע רעגירונג אין דער צייט פון די פּאָגראָמען. מען האָט אָפּגעלייגט דעם פּאָגראָם פון טאָג צו טאָג, פון איין מוסולמענישן יום־טוב צום צווייטן, פון נבי־מוסה ביז צום 16טן אַפּריל, ווען ס'איז אויסגעפאַלן אַ יום־טוב פון אַ צווייטן נביא, וואָס איז באַגראָבן געוואָרן אין רמלה. רמלה איז נאָענט צו ראשון לציון, רחובות,

באר יעקב און אַנדערע יידישע קאָלאָניעס. און דערווייל האָט די ענגלישע אַדמיניסטראַציע געטאָן איר אַרבעט. היות ווי ארץ־ישראל איז אַ קליין לאַנד, און יעדע זאַך גייט תיכף אַריבער פון איין עק לאַנד צום צווייטן, און היות ווי מיר יידן זענען אַ פאָלק מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע, זענען אין לאַנד אַרומגעגאַנגען מאָדנע קלאַנגען, איינער מאָדנער פאַרן צווייטן. און דער עולם האָט געגלייבט און האָט ווייטער פאַרשפּרייט די קלאַנגען און, נאַטירלעך, יעדעס מאָל מיט עפּעס אַ צוגאָב.

איך בין געווען אין ירושלים נאָכן פּאָגראָם. די רעגירונג האָט אַרעסטירט 19 מענטשן פון דער זעלבשוץ מיט זשאַבאָטינסקין בראש. אין די טעג פון 12—14 אַפּריל איז פאָרגעקומען דער משפּט איבער זשאַבאָטינסקין, און צווישן די עדות איז דערשינען אויך דער מאַיאָר סטאָרס. נאַטירלעך, האָט ער געזאָגט ליגן אין זיין עדות קעגן זשאַבאָטינסקין: ער געדענקט ניט, צי זשאַבאָטינסקי האָט אים אָפּגעגעבן זיין געווער לויט זיין פאָדערונג, וואָס דאָס האָט דווקא פּאַסירט אין דער אָנוועזנהייט פון אַ פּאָר מענטשן. דער פּסק־דין איז געווען עטלעכע יאָר תפיסה. ער איז געשיקט געוואָרן צו באַשטעטיקונג אין קאַיִר. דער געריכט איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון דריי ענגלישע אָפיצירן.

אין דער נייער שטאָט האָט מען שוין דעם 12טן אַפּריל אָפּגעשאַפט דעם באַלאַגערונגס־צושטאַנד און מען האָט שוין געמעגט גיין אין די נעכט. אָבער קיין לעבעדיקער נפש איז ניט געווען אין די גאַסן נאָך ניין אין אָוונט. די יידן און די אַראַבער האָבן מורא געהאַט איינער פאַרן צווייטן. אַז די אַראַבער האָבן געדאַרפט אָנצינדן די לאַמטערנעס אין די גאַסן פון די יידישע שכונות, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט, אַפילו ווען מען האָט זיי געגעבן אַ באַגלייטונג פון דריי הינדוסן.

אין דער אַלט־שטאָט האָבן די יידן מורא געהאַט צו גיין אין די אַראַבישע גאַסן און די אַראַבער אין די יידישע גאַסן. אַז איך בין צוגעגאַנגען צום באַרג, אויף וועלכן עס איז אַ מאָל געשטאַנען דער בית המקדש און איצט שטייט דאָרט אָמאַרס מעטשעט, האָבן די אַראַבער געפרעגט צי איך בין אַ ייד, ווען איך האָב געענטפערט אַז יאָ, האָבן זיי מיך ניט געלאָזן גיין ווייטער, הגם מיט צוויי וואָכן פריער האָבן זיי מיך אַליין אין דעם אָרט איינגעלאַדן צו גיין ווייטער. פון די אַראַבישע גאַסן זענען אַוועק כמעט אַלע יידן. איך האָב געטראָפן איין ייד, וואָס האָט מיר דערציילט, אַז ער און נאָך אַ משפּחה זענען געבליבן אין דער אַראַבישער גאַס. ער וועט זיך שוין איינאָרדענען מיט די אַראַבער. ער האָט דאָך באַצאָלט דירה־געלט, טאָ פאַר וואָס זאָל ער אַרויסגיין, ער האָט מיר אַפילו געוויזן דאָס הויז. אַז די יידן אין די אַראַבישע גאַסן דערזעען יידן פון דער נייער שטאָט, ווערן זיי זייער פריילעך און באַגריסן זיי האַרציק. די רבנים

האָבן געזאָגט אונדזערע חברים, אַז דער פּאָגראָם איז צוליב אונדזערע עבירות, אָבער „איצט פּאַרריכט איר וואָס איר האָט קאַליע געמאַכט". צום משפּט פון זשאַבאָטינסקין האָט מען צוזאַמענגעקליבן עטלעכע טויזנט חתימות פון יידן, וואָס האָבן דערקלערט, אַז זיי סאָלידאַריזירן זיך מיט זשאַבאָטינסקין און אַז זיי האָבן צוזאַמען מיט אים אָנטייל גענומען אין דער זעלבשוץ. מען האָט געמוזט קלייבן די חתימות אין די לעצטע טעג און דאָס איז געווען אין דעם לעצטן טאָג יום־טוב און שבת און די חתימות האָט מען געדאַרפט נעמען אין שול מיטן נאָמען „חורבה של רבי יהודה החסיד". יום־טוב, אין מיטן דאַווענען, האָט דער רב אַליין געחתמעט און געהייסן אַלעמען מחלל יום־טוב זיין און חתמענען. די רבנים, וואָס האָבן געפירט אַן עקשנותדיקן קאַמף קעגן דעם וואַלרעכט פון פרויען צו דער אסיפת־הנבחרים און האָבן זיך געגרייט צו באָיקאָטירן די וואַלן, וועלכע האָבן געדאַרפט פאָרקומען דעם א׳ אייר מאָנטיק, (דעם 19טן אַפּריל), האָבן איצט שוין מסכים געווען צו דעם וואַלרעכט פון די פרויען און האָבן גערופן די רעליגיעזע מענער און פרויען צו גיין צו די וואַל־אורנעס.

איך בין געווען אין דער שול, וואָס לעבן איר האָט זיך געפונען אַ ישיבה אין דער אַלט־שטאָט, ניט ווייט פון דעם שכמער טויער, די ישיבה איז פאַרברענט געוואָרן דורך די אַראַבער. אַ הויז פון דריי שטאָק, פון איין זייט, און וואָס פון דער צווייטער זייט האָט זי נאָר צוויי שטאָק, אַלע טירן אָפן, אין יעדן אָרט צעבראָכענע בענק, בעטן, טישן, פאַרברענטע „שמות" וואַלגערן זיך אין גאַס, אין די צימערן, דער הויף איז פול מיט פעדערן. אין איין צימער דערגרייכן די פעדערן ביז די קני. אויפן שוועל זע איך אַ תנ"ך האַלב פאַרברענט. די שול איז פאַרמאַכט, אָבער דורך די פענצטער קען מען זען, אַז דער חורבן אינעווייניק איז ניט אַזוי גרויס. דער אָרון קודש איז אָפן, די ספרי תורות געפינען זיך אין דרויסן, אויפן טיש ליגט נאָך אַן אָפענע גמרא: דער יונגער בחור מיט פאות איז געשטערט געוואָרן אין מיטן לערנען און האָט אַפילו ניט באַוויזן צו פאַר־מאַכן די גמרא.

אין דער אַראַבישער צייטונג „דאָס הייליקע ירושלים" שרייבן די אַראַבער, אַז די יידן האָבן זיך אַליין פאַרוווּנדעט, כדי שפּעטער צו באַשולדיקן אין דעם די אַראַבער, די גוטע מענטשן. און בכלל האָבן די יידן געמאַכט אויף זיך אַליין דעם פּאָגראָם, און דער ציל איז צווינגען די וועלט צו שיקן מער געלט קיין ירושלים. זאָל עס זיין אַ ליגן, אָבער אַ שיינע המצאה איז עס זיכער. ווי מען האָט איבערגעגעבן, האָבן די אַראַבישע עפענדיס געשטעלט דער רעגירונג פיר פאָדערונגען: צו פאַרטרייבן דעם ועד־הצירים פון לאַנד, צו פאַרטרייבן פון לאַנד אַלע יידן, וואָס זענען געקומען די לעצטע צוויי יאָר, אָפּשאַפן דעם לעגיאָן און ניט דערלויבן דאָס צונויפרופן פון דער אסיפת־הנבחרים. די

בריטישע רעגירונג האָט כמעט געטאָן אַלץ וואָס די עפּענדיס האָבן געפאָדערט, געזוכט ביי די יידן געוועהר, געמאַכט אַ רעוויזיע אין ועד־הצירים, אין "בצלאל", אין הויז פון די באַפּרייטע זעלנער און אַפילו אין שפּיטאָל. דאָ האָט זיך שוין אַריינגעמישט דער אַמעריקאַנער קאָנסול און ניט דערלויבט צו מאַכן אַ רעוויזיע. לפנים האָט מען געזוכט אויך אין אַראַבישן קלוב, אין דער רעדאַקציע פון „סוריה ג'נוביה" (דרום סיריע). די אַראַבער דערציילן אַ מעשה, אַז די מענטשן פון לעגיאָן זענען באַפאַלן דעם אַראַבישן מופטי, און תיכף אויפן סמך דערפון שרייבט די אַדמיניסטראַציע אַ בריוו צום ועד־הצירים, אַז ער דאַרף העלפן געפינען די פאַרברעכער. די מעשה איז נאַטירלעך געוועזן ניט געפלויגן און ניט געשטויגן. און אויף מאָרגן האָט די רעגירונג אַליין אָפּגעלייקנט די ידיעה. די אַראַבער האָבן געעפנט אויפן הר הזיתים 14 קברים, צעבראָכן די מצבות און, ווי מען גיט איבער, האָבן זיי פאַראַקערט די ערד. תיכף שרייבט די אַדמיניסטראַציע אַ בריוו צום ועד־הצירים, אַז די יידן פאַרשמוציקן אַ מצבה מיט עפּעס אויפשריפטן, אַגב איז עס דווקא אַ יידישע מצבה — „יד אבשלום". די באַציִונגען צווישן דעם ועד־הצירים און דער אַדמיניסטראַציע האָבן זיך שטאַרק פאַרשאַרפט. און אויב אויף מאָרגן האָט די אַדמיניסטראַציע געבעטן אַנטשולדיקונג ביים ועד־הצירים פאַר דער רעוויזיע און פאַר די צעבראָכענע שופלאָדן, טענהן שוין די יידן, אַז די באַציִונג פון דער אַדמיניסטראַציע האָט זיך געענדערט.

דער קאָמיטעט פון שטאָט ירושלים האָט געשיקט קיין לאָנדאָן אַ דעלעגאַציע פון דריי מענטשן: דעם באַוווסטן שרייבער ראובני, דוד ילין און דעם סאַלאָ־ניקער חכם באַשי — יעקב מאיר; זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך אַ סך מאַטער־יאַלן אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּאָגראָם, ווי דאָקומענטן, בילדער וכדומה. דעם 12טן אַפּריל זענען זיי אַרויסגעפאָרן. די אַדמיניסטראַציע האָט ניט אָפּגעזאָגט צו געבן זיי די נייטיקע פּאַפּירן לויט דער בקשה פון ווייצמאַנען, אָבער זי האָט אָרגאַניזירט אַזוי, אַז אויך די אַראַבער זאָלן שיקן אַ דעלעגאַציע קיין לאָנדאָן, כדי, זעט אויס, זיך צו קלאָגן, אַז די יידן האָבן אויף זיי געמאַכט אַ פּאָגראָם.

דעם 15טן אַפּריל זענען כמעט אַלע מענטשן פון דער זעלבשוץ געוועזן אין דער אַלט־שטאָט. מען האָט זיך דאָרט געריכט אויף אַ נייעם פּאָגראָם. אַזוי ווי אין פאַל פון אַ פּאָגראָם וואָלט מען דאָך ניט אַריינגעלאָזן קיין איין מענטשן, האָט מען באַשלאָסן אַריינגיין אין דער אַלט־שטאָט באַצייטנס. דער טאָג איז אַריבער רויִק און, ווי עס ווייזט אויס, האָט מען דעם פּאָגראָם אָפּגעלייגט: מען האָט זיך געריכט אויף מאָרגן אָדער איבערמאָרגן.

זייענדיק אין ירושלים האָב איך, נאַטירלעך, באַזוכט דעם ועד־הצירים, וואָס האָט געמאַכט אַ רושם פון אַ גאַנצער רעגירונג. אַ סך צימערן און נאָך

מער פּקידים. וואָס די פּקידים טוען, איז געווען שווער צו פאַרשטיין, אָבער געווען זענען זיי לרוב. עס זענען געווען אין ועד־הצירים פאַרשיידענע אָפּטיילונגען, אויך אַ שפּראַך־אָפּטיילונג, וואָס בראש פון איר איז געשטאַנען אליעזר בן יהודה. די שכירותן זענען געווען זייער הויכע.

אויפן הר הזיתים בין איך געווען אַ פּאָר מאָל. דאָס לעצטע מאָל בין איך דאָרט געווען אין יאָר 1925 און געזוכט דאָרט דעם קבר פון מיין פאָטער, וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 1921. מיט גרויסע שוועריקייטן האָב איך סוף־כל־סוף געפונען דעם קבר. דאָס איז געווען אַ הייל, וואָס אין איר האָבן זיך געפונען דריי קברים: דער קבר פון פאָטער, דער קבר פון זיידן — משה נחום טיקטין (דער פאָטער פון מיין מוטער) און דער קבר פון מיין פעטער — טודרעס טיקטין (דער ברודער פון מיין מוטער). מיין זיידע, שוין זייענדיק אַ בן־שבעים, איז געקומען קיין ארץ־ישראל צו שטאַרבן. ער האָט נאָך באַוויזן חתונה צו האָבן און אין אַ האַלב יאָר אַרום איז ער געשטאָרבן. מיין פעטער טיקטין איז געווען אַ רב אין טשיקאַגאָ אין משך פון צענדליקער יאָרן און איז אויך אויף דער עלטער געקומען קיין ארץ־ישראל שטאַרבן...

נאַטירלעך איז די שטימונג אין לאַנד ניט געווען אַזוי גינסטיק פון אָנהייב פאַר דער אַרבעט פון דער קאָמיסיע. מיר האָבן פאַרבראַכט אין לאַנד פון אָנהייב יאַנואַר ביזן 9טן מאַי. נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך אומגעקערט פון אונדזערע נסיעות, סוף פעברואַר, האָבן מיר געהאַט זיצונגען כמעט יעדן טאָג אין משך פון חודש מערץ, אין אַפּריל זענען געווען אַ פּאָר הפסקות. עס האָבן אָנטייל גענומען אין אונדזערע זיצונגען, אַחוץ די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, די פאָרשטייער פון אינסטיטוציעס אין לאַנד: פון ועד הפועל, פון אחדות העבודה, פון המשביר, פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, פון דער סטאַטיסטישער אָפּטיילונג פון ועד־הצירים (דער אַגראָנאָם עטינגער), דער אינזשיניער ווילבאַ־שעוויטש, דער באַטאַניקער רובינאָוויטש, דער פאָרשטייער פון די תימנער — דוד נדב, די חברים בראָדסקי, זשוכאָוויצקי, ד״ר גורוויטש, רחל ינאית, בערל קאַצענעלסאָן, קיסעווסקי, דוד רמז, די סעקרעטאַרן פון די קאָמיטעטן אין די קאָלאָניעס פּתח־תקווה און חדרה און נאָך אַ פּאָר מענטשן. עס האָט אויך אָנטייל גענומען אין די זיצונגען אַ חבר פון לעגיאָן פון אַמעריקע — אַוורונין, וואָס איז געווען דער לעבעדיקער גייסט פון דער פּאַרטיי אין אַמעריקע, אָבער דאָ האָט ער באַקומען אַ קאָנטוזיע אין דער מלחמה, און דאָס האָט אויף אים אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז ער האָט פּאַקטיש ניט גענומען קיין אָנטייל אין די וויכוחים אונדזערע. אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז ער געשטאָרבן אין רעזולטאַט פון דער קאָנטוזיע. עס האָט אונדז געהאָלפן אין די זיצונגען אין טעכנישע ענינים די חברטע טשיזשיק (די שוועסטער פון שרהן). אַ מאָל

פלעגט קומען אויך דער חבר ניומאַן. אויך אַ לעגיאָנער (איצט דער אייגנטימער פון אַ ביכער־פאַרלאַג אין תל־אביב).

אין אַפּריל איז פאָרגעקומען די קאָנפערענץ פון די גרויס־מאַכטן אין סאַן־רעמאָ, און דאָרטן איז באַשטעטיקט געוואָרן דער מאַנדאַט פון ענגלאַנד אויף ארץ־ישראל. די שמחה איז געווען גרויס, איך האָב אַפּילו אין גאַס געזען מיידלעך, 8—10־יעריקע, און געהערט ווי איינע זאָגט צו דער צווייטער „דו ווייסט, ארץ־ישראל איז איצט אונדזערס". עס איז נאַטירלעך שווער איבער־צוגעבן איצט אַלע אונדזערע וויכוחים אין דער קאָמיסיע. איינער פון די הויפּט־פּונקטן איז געווען דער וויכוח וועגן די אויפגאַבן פון יידישן בירגערטום אין אויפבוי פון לאַנד און אונדזער באַציִונג צום בירגערטום. אין דעם פּונקט האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, געקענט קומען צו איין בשותפותדיקער מיינונג. די חברים פון ארץ־ישראל מיט סירקינען און רובאַשאָוון, פון איין זייט, און מיר, די מזרח־פועלי־ציון, פון דער צווייטער. איך גיב דאָ איבער ניט דעם וויכוח, ווייל איך האָב שוין אַ סך געשריבן וועגן דעם אויבן. דער צווייטער וויכטיקער פּונקט איז געווען מכוח דעם פאַרנעם פון דער קאָלאָניזאַציע. די מערהייט חברים מיט טאַבענקינען בראש האָבן געהאַלטן, אַז מיר דאַרפן שאַפן אַ ברייטן פּלאַן פון קאָלאָניזאַציע פאַר לכל הפחות אַ מיליאָן מענטשן. מיר האָבן געטענהט, אַז דאָס איז אַן אוטאָפּיע אין איצטיקן מאָמענט און מיר דאַרפן זיך באַגרענעצן מיט אַ סך באַשיידענערע פּלענער, רעכנענדיק זיך מיט דער ווירקלעכקייט. בעיקר איז סירקין געווען אַנטציקט פון דער תיכפדיקער גרויסער קאָלאָניזאַציע. ער האָט עס דעם פּלאַן געשאַפן און האָט אין אים אַפּילו אויסגערעכנט די צאָל אייער, וואָס די גרויסע קאָלאָניזאַציע דאַרף פּראָדוצירן. אויף דעם געביט זענען אַ פּאָר חברים געקומען מיט באמת לעכערלעכע פּלענער. בדרך כלל האָבן די חברים ניט געהאַט קיין באַגריף וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע און אירע געזעצן. פאַר זיי איז געווען וויכטיק זייער רצון און אין דער פאַנטאַזיע איז מען דערגאַנגען צו פולשטענדיק אומרעאַלע פּלענער. דער חבר יבנאלי האָט געהאַלטן, אַז לויט זיינע חשבונות מוז געבויט ווערן אַ שטאָט אין רפה. די חברים האָבן געטראַכט, אַז מען דאַרף שאַפן שטעט אין די ערטער, וווּ זיי קענען, לויט זייער חשבון, זיין אַ צענטער פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות. לויט דעם פּלאַן האָט מען טאַקע שפּעטער צו געבויט עפולה, ווייל די שטאָט האָט עס געדאַרפט זיין אַ צענטער פאַר די קבוצות אין עמק יזרעאל. מען האָט ניט געטראַכט דערפון, אַז עס עקזיסטירט שוין אַ שטאָט לעבן עמק — חיפה, און דאָס איז דער צענטער פאַר די קומענדיקע קבוצות. דאָס לעבן האָט דערוויזן, אַז עפולה האָט זיך אין משך פון דרייסיק יאָר זייער שוואַך אַנטוויקלט. יבנאלי האָט געוואָלט מען זאָל בויען אַ שטאָט, און ניט סתם אַ שטאָט, ווייל דאַן

ויעלן אין איר זיין סוחרים, נאָר אַ שטאָט פון מענטשן, וואָס וועלן זיך באַ־שעפטיקן מיט לאַנדווירטשאַפט אין קליינע משקים. לויט יבנאליס חשבון האָט די שטאָט געדאַרפט פאַרמאָגן ביי 200 טויזנט קאָלאָניסטן, און יעדער וועט דאָרטן האָבן אַ הויז און אַ משק פון פינף דונאַם. און דאָס מוז זיין דווקא אויפן ברעג פון ים. אַז איך האָב געמאַכט דעם חשבון, אַז דערצו דאַרף מען האָבן אַ מיליאָן דונאַם און דאָס וועט זיין אַ שטאָט, וואָס וועט זיך ציען פון רפה (מען האָט געמוזט דווקא האָבן רפה, ווייל דאָס איז אין דרום און מען דאַרף האָבן שטעט אין אַלע פיר זייטן), ביז יפו — אין דער גאַנצער לענג פון ים־ברעג, האָט מען פון מיר געמאַכט חוזק. פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם ענין וועגן דער ברייטער קאָלאָניזאַציע האָבן מיר ניט געוואָלט שטימען קעגן, ווייל מיר האָבן ניט געוואָלט מען זאָל האָבן צו אונדז אַ טענה, אַז מיר זענען קעגן גרויסער קאָלאָניזאַציע. מיר האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען, אָבער מיר האָבן אַרויסגעזאָגט אונדזערע באַגרינדעטע ספקות בנוגע דער רעאַליטעט פון דעם דאָזיקן פּלאַן. מיר האָבן זיך געטראַכט, אַז סיי ווי וועט דאָך גאָרניט אַרויסקומען פון דעם גאַנצן פּלאַן, און מיר האָבן איבערגעלאָזן די חברים זיצן טעג און נעכט אויף די געבויגע ציפערן, מיט וועלכע ס׳האָט זיך בעיקר פאַרנומען סירקין.

פון אָנהייב האָבן מיר געוווינט אין פּענסיאָן פון דער מוטער פון דוב האָז אין שדרות רוטשילד, צווישן נחלת בנימין און רחוב אַלענבי. דער פּרייז איז דאַן געווען 60 פּיאַסטער אַ טאָג. מיר האָבן געדאַרפט באַקומען די דיעטע — אַ פונט אַ טאָג. אָבער געצאָלט האָט אונדז דער קאַסירער דוד בלאָך. ער פלעגט ניט צאָלן פּינקטלעך, און שטענדיק בין איך געווען אָן אַ פּיאַסטער אין קעשענע. און ווען איך האָב אַ מאָל געבעטן ביי אים געלט, האָט ער מיר געענטפערט: „און פאַר וואָס קריגט איר זיך מיט אונדז אין דער וועלט־באַוועגונג״ — און ער איז מיר שולדיק געבליבן אַ היפּשע סומע געלט, אָבער סירקינען האָט מען באַצאָלט זייער פּינקטלעך. האָב איך באַשלאָסן אַריבערגיין פון דעם טייערן פּענסיאָן אין אַ פּריוואַטן צימער, וואָס איך האָב געדונגען ביי דער טאָכטער פון דעם שרייבער בן־ציון גוטמאַן, רחל גוטמאַן, אין דער הרצל גאַס (זי האָט עמיגרירט אין יאָר 1925 קיין אַמעריקע. רחל גוטמאַן איז געווען אַ לערערין און לויט אירע אַנשויונגען נאָענט צו אונדז. זי האָט כמעט ניט געקענט קיין יידיש, און איך האָב ניט געקענט קיין העברעיִש, איז אונדז שווער געווען צו שמועסן. אָבער ווען איך האָב זי נאָך 18 יאָר געטראָפן אין אַמעריקע, האָב איך שוין גערעדט העברעיִש און זי כמעט נאָר יידיש.

אַ מאָל, אין אַ פרייטיק צו נאַכטס, האָבן מיר געגעסן אָוונטברויט אין פּענסיאָן. ביים טיש איז אויך געזעסן סירקין און אַ פּאָר יידן. צווישן זיי זענען

געווען צוויי סוחרים פון לאָנדאָן, וועלכע זענען געקומען אין לאַנד צו זען, אפשר קען מען דאָ מאַכן עפּעס עסקים. איך האָב מיט זיי גערעדט וועגן דעם, און סירקין איז געזעסן און געלייענט אַ צייטונג. פּלוצעם לייגט סירקין אַוועק די צייטונג אין אַ זייט און מאַכט צו די צוויי יידן בזה הלשון: „צוליב וואָס זייט איר געקומען אַהער? מאַכן געשעפטן? דאָ זענען ביטאָ קיין געשעפטן פאַר אייך, דאָ וועלן זיין פּאָגראָמען און ניט קיין עסקים (דאָס איז געווען נאָך פאַרן 4טן אַפּריל). גייט אייך פון וואַנען איר זייט געקומען". ער איז אויפגעשטאַנען פון טיש און אַוועק אין זיין צימער. ווען סירקין האָט פאַרלאָזן דעם טיש, האָבן די יידן ביי מיר געפרעגט, צי דער דאָקטאָר איז אַ מאָל ניט אַ ביסל געכאַפּט אויפן קאָפּ? איך האָב זיי אויפגעקלערט, אַז יעדער ייד דאָ אין לאַנד שאַפט זיך זיינע אייגענע פּלענער, און יעדער האָט זיך זיינע טעאָריעס, און זיי וועלן גוט טאָן, אַז זיי וועלן זיך ניט צוהערן צו דעם, וואָס יעדער ייד זאָגט. זאָלן זיי זיך זוכן די מעגלעכקייט צו מאַכן געשעפטן, און אויב זיי וועלן געפינען, זאָלן זיי עס טאָן. סירקין האָט דאָ געוואָלט פאַרווירקלעכן זיין טעאָריע, אַז מען דאַרף פאַרטרייבן קאַפּיטאַליסטן פון ארץ־ישראל.

בכלל מוז איך זאָגן, אַז די באַציִונג צו סירקינען אין לאַנד איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך גוטע. ווייל ער האָט טעאָרעטיש באַגרינדעט די אַלע אילוזיעס פון דער מערהייט פון די אַרבעטער אין לאַנד. אָבער אין איין פּונקט האָבן די אַרבעטער געהאַט אַ טענה צו סירקינען. בדרך כלל זענען אַלע אַרבעטער געווען דורכגעדרונגען מיט דער טיפער אָנערקענונג פון אייגענער אַרבעט (עבודה עצמית). דער געדאַנק איז דאָ דערגאַנגען ביז צו אַבסורדן. אין זייערע אויגן איז יעדער איינער וואָס באַנוצט זיך מיט דער אַרבעט פון אַ צווייטן און באַצאָלט אים פאַר דער אַרבעט אַן עקספּלאָאַטאַטאָר. אויב עמעצער האָלט אַ דינערין אין שטוב איז ער אַן עקספּלאָאַטאַטאָר. אַז איך האָב זיי געפרעגט צי נייען זיי זיך אַליין זייערע קליידער און שיך, האָבן זיי ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. און וויפל איך האָב זיך ניט באַמיט אויפצוקלערן אין אומענדלעכע שמועסן, אַז יעדער מענטש האָט זיין פאַך, און אויב ער אַרבעט אַליין און באַקומט שכר פאַר זיין אַרבעט און פון דעם לוין באַצאָלט ער אַ צווייטן, וואָס מאַכט פאַר אים עפּעס אַן אַרבעט אין יענעמס פאַך — איז ער ניט קיין עקספּלאָאַטאַטאָר — האָט עס ניט געהאָלפן. די חברים האָבן טאַקע אויסגעהערט, מסכים געווען, אָבער דאָס האָט ניט געווירקט אויף זייער פּסיכאָלאָגיע. אין דער הינזיכט האָבן זיי געהאַט אַ שווערע טענה צו סירקינען. בדרך כלל איז דאָס לאַנד קליין, יידן זענען געווען ווייניק, און אַלץ וואָס עמעצער האָט געטאָן אין תל־אביב, האָט מען תיכף ומיד געוווּסט אין די וויטסטע קבוצות. אַזוי אַרום האָט מען זיך דערוווּסט, אַז סירקין שטעלט אַרויס די שיך

אין האָטעל פאַר זיין צימער אויף ביינאַכט, כדי מען זאָל זיי אויספוצן. אַזוי איז ער געווען געוווינט צו טאָן אין אַמעריקע און אַזוי האָט ער עס געטאָן אויך אין ארץ־ישראל. דאָס האָט געהייסן, אַז סירקין עקספּלאָאַטירט אַ מענטשן, און דאָס האָבן זיי אים ניט געקענט מוחל זיין, ניט געקוקט אויף דער גוטער באַציִונג צו אים.

אין דער קאָמיסיע האָבן מיר געהאַט איין זיצונג מיטן אָנטייל פון פּנחס רוטענבערג. ער איז שוין דאַן געווען דער פּאַרוואַלטער פון דער עלעקטריע־געזעלשאַפט. רוטענבערג האָט רעפערירט פאַר אונדז אין משך פון צוויי שעה וועגן דעם גרויסן פּלאַן פון עלעקטריפיקאַציע פון גאַנצן לאַנד. לויט דעם פּלאַן האָט מען געדאַרפט איבערפירן די וואַסערן פון ירדן אין אַ קינסטלעכן קאַנאַל פון בעטאָן, און פון דעם קאַנאַל דורכפירן פּערפּענדיקולאַרע קאַנאַלן אין דעם טייל פון די בערג ביז צום ים, און אַזוי אַרום באַוואַסערן אַלע באָדנס פון ירדן ביז צום ים. דער דאָזיקער פּלאַן איז נאָך ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן ביז היינט, אפשר דערפאַר וואָס מען פאַרווירקלעכט דעם מוביל המים פון כנרת צו דרום צו. רוטענבערג, דערציילנדיק וועגן דעם פּלאַן האָט אונדז דער־קלערט, אַז ער דאַרף האָבן דריי טויזנט אַרבעטער, און זיין פראַגע צו אונדז איז, צי וועלן מיר אים קענען געבן די נייטיקע צאָל יידישע אַרבעטער. האָבן מיר אים געפרעגט, וויפל דאַרף קאָסטן דער דאָזיקער פּלאַן, האָט ער געענטפערט, אַז דער גאַנצער פּלאַן דאַרף קאָסטן 80 מיליאָן פונט, אָבער ער פאָדערט ניט פון אונדז קיין געלט, נאָר אַרבעטער. אָבער יבנאלי האָט אים געפרעגט, פון וואַנען וועט ער פון דעסטוועגן נעמען דאָס געלט? האָט רוטענבערג געענטפערט, אַז עס זענען דאָ יידן, וואָס וועלן געבן דאָס געלט. האָט יבנאלי געפרעגט, צי די יידן זענען ציוניסטן, אויף דעם האָט אים רוטענבערג מיט אַ שמייכל געענט־פערט, אַז אויב דער געשעפט איז אַ גוטער, קען מען זיין אויך אַ ציוניסט און אַריינלייגן געלט אין דעם געשעפט. „אויב אַזוי — זאָגט יבנאלי — איז עס פּריוואַטער קאַפּיטאַל?" „זעלבספאַרשטענדלעך" — האָט געענטפערט רוטענ־בערג. דאַן האָט יבנאלי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט: „אויב אַזוי, איז עס ניט כדאי"; רוטענבערג האָט געלאַכט.

אונדזערע חילוקי־דעות זענען געקומען צום אויסדרוק אין אונדזער וואָטום סעפּאַראַטום, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין דעם דין וחשבון פון דער קאָמיסיע צום סוף, ווי אַ ביילאַגע. די באַמערקונג פון דער רעדאַקציע איז, אַז דער וואָטום סעפּאַראַטום איז אין דעם ענין וועגן דער נאַציאָנאַלער הלוואה, אָבער עס איז לייכט זיך צו איבערצייגן, אַז דער דאָזיקער „וואָטום סעפּאַראַטום" אַנטהאַלט אין זיך אונדזער גאַנצע וועלט־אַנשויונג אין דער ציוניסטישער אַרבעט. און עס איז באמת כדאי, אַז די מענטשן, וואָס שרייבן איצט וועגן

דעם עבר פון פועלי־ציון און קומען מיט די שטענדיקע טענות, אַז מיר זענען געווען פאַרן היסטאָריש־סטיכישן פּראָצעס און דעריבער זענען מיר כלומרשט געווען קעגן יעדער אַרבעט אין דער קעגנוואַרט, זאָלן איבערלייענען דעם „וואַטום סעפּאַראַטום", וואָס איז געווען אָנגעשריבן אין יאָר 1920, זומער־צייט, נאָך דער שפּאַלטונג אין פועלי־ציון. די וואָס שרייבן וועגן אונדז גיבן זיך ניט די טירחה צו באַקענען זיך אַ ביסל מיט דער געשיכטע און מיט די דאָקומענטן. זיי באַנוגענען זיך מיט פאַראורטיילן, וואָס עקזיסטירן ביי דעם צו אונדז פיינטלעכן עולם אין משך פון צענדליקער יאָרן.

אָט זענען דאָ אַ פּאָר אויסצוגן פון דעם „וואַטום סעפּאַראַטום", וואָס געשריבן האָבן אים רעוווצקי און איך, און געחתמעט האָבן אויף אים, אַחוץ אונדזביידן, אויך אפרתי און פּינטשוק.

„די כוחות פון פּראָליטאַריאַט זענען שוין איצט אַ זייער וויכטיקער פאַקטאָר. דורך זעלבשטענדיקער ציוניסטישער אַרבעט וואָלט ער געקענט קאָנ־צענטרירן אַרום זיך אַ באַדייטנדיקן טייל פון די יידישע מאַסן, די האַלב־פּראָלעטאַרישע, האַלב־בירגערלעכע, און שאַפן אין ארץ־ישראל וויכטיקע פּי־נאַנסיעלע און קאָלאָניזאַטאָרישע אינסטאַנצן. דער יידישער אַרבעטער־וועלט־קאָנגרעס וואָלט געקענט אין זיין פּאָזיטיווער אַרבעט באַקומען אַ באַדייטנדיקע הילף פון די פּראָלעטאַרישע ניט־יידישע אינסטאַנצן. אין יעדן אָרט אויף דער וועלט הייבט אָן דער אַרבעטער־קלאַס זיך צו באַשעפטיקן מיטווירטשאַפטלעכער אַרבעט אין גרעסערע מאַסשטאַבן, ווי דאָס איז געווען ביז איצט. די קאָאָפּעראַ־טיוון פאַרנעמען איצט אין דער גאָרער וועלט אַ וויכטיקערן אָרט, ווי פאַר דער מלחמה, און זייער טייל אין דעם ווידעראויפבוי פון אייראָפּע וועט זיכער זיין באַדייטנדיק. הילף פאַר זיי מיט קרעדיט (ספּעציעל פון רוי־שטאָפן און סחורות) קען זיך אויסדריקן אין מיליאָנען. עס וועט זיין אַ חטא, וואָס מען וועט אים ניט קענען מוחל זיין, אויב די גרויסע פּאָטענציעלע ענערגיע, וואָס איז באַהאַלטן אין יידישן פּראָלעטאַריאַט וועט ניט ווערן אויסגענוצט אין דער פולער מאָס פאַר דער קאָלאָניזאַציע פון ארץ־ישראל.

אויב די כוחות פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין איצטיקן מאָמענט זענען ניט גענוג, אויב די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע איז ניט פּאַסיק צו בויען תיכף ומיד דאָס סאָציאַליסטישע ארץ־ישראל, געפינען זיך די כוחות פון די יידישע אַרבעטער אין אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, און אין וועלט־מאַסשטאַב קומט איצט פאָר די ענדגילטיקע מלחמה צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע. אין דער צייט, ווען עס ווערן צעשטערט די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונגען, קען און מוז דער יידישער אַרבעטער צוטרעטן אַליין בויען דאָס סאָציאַליסטישע ארץ־ישראל. און כדי דער יידישער אַרבעטער זאָל אויפן וועג פון אַקטיוויטעט

אַממיינסטן מצליח זיין, דאַרף ער קודם־כל זיין אָרגאַניזירט אַליין אין דער אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. דער פועלי־ציון־פאַרבאַנד דאַרף נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו צונויפצורופן די וועלט־קאָנ־פערענץ פון די יידישע אַרבעטער, און די דאָזיקע קאָנפערענץ דאַרף נעמען אויף זיך די אויפגאַבע צו בויען ארץ־ישראל. דער יידישער אַרבעטער־קלאַס אין דער וועלט וועט אַרויסגיין מיט דער גרויסער לאָזונג וועגן אַ גרויסער הלוואה, וואָס וועט געפינען אַן אָפּקלאַנג ניט נאָר צווישן יידישע אַרבעטער און נאָר צוליב זייער פּלאַטאָנישער סאָלידאַריטעט צווישן אַרבעטער פון אַלע פעלקער, נאָר צוליב דעם טיפן אינטערעס צו געבן דעם יידישן אַרבעטער די מעגלעכקייט צו שאַפן אַ באָדן אונטער זיינע פיס, אַ סאָציאַליסטיש ווינקל, און דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־קלאַס וועט העלפן ניט נאָר מאָראַליש, נאָר אויך מאַטעריעל, דורך זיינע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, דער הלוואה פון די יידישע אַרבעטער.

פאַר אונדז איז קלאָר, אַז ביי די איצטיקע באַדינגונגען קענען מיר ניט שטערן דער פּריוואַטער איניציאַטיוו פון דעם יידישן בירגערטום אין ארץ־ישראל, וואָס וויל באַקומען פאַר זיך גאַראַנטיעס דורך דער קאָאָפּעראַציע מיט דער בריטישער רעגירונג. אונדזערע גאַראַנטיעס זעען מיר אין אונדזערע כוחות, אין דעם כוח פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס און אין דעם בשותפותדיקן פרידלעכן צוזאַמענלעבן מיט די אַראַבישע אַרבעטער.

אונדזער ווונטש איז, אַז די שאַפונג פון אַ סאָציאַליסטישן ארץ־ישראל זאָל גיין האַנט ביי האַנט מיטן הייבן דעם עקאָנאָמישן און גייסטיקן מצב פון די אַראַבישע פויערים און אַרבעטער. דעריבער האַלטן מיר פאַר נייטיק, אַז די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל און אין חוץ לארץ זאָלן מיט אַ פאַרטאָפּלטער ענערגיע פאָרזעצן זייער קאַמף קעגן דער קורצזיכטיקער און אַפילו אָפּט פּראָ־וואָקאַטיווער פּאָליטיק פונעם יידישן בירגערטום, זאָלן אויך פאָרזעצן זייער פאַרטיידיקונג און ווען מען וועט מוזן — מיט געווער אין האַנט זיך קעגנשטעלן קעגן רויבער און פּאָגראָממשטשיקעס. אין דער זעלבער צייט דאַרף זיך דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אָפּגרענצן קאַטעגאָריש פון יעדער פּראַזעאָלאָגיע און אידעאָלאָגיע, וואָס אַנטשפּרעכט ניט די פאָדערונגען פון דער פּראָלעטאַרישער נאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט".

מיר זענען צוגעטראָטן צוצוגרייטן דעם דין וחשבון פון דער קאָמיסיע, יעדער מיטגליד פון דער קאָמיסיע האָט גענומען אויף זיך צוצוגרייטן איין קאַפּיטל. עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ רעדאַקציע פון פיר חברים: בן־צבי, ניר, פיינמאַן און רובאַשאָוו (שזר) — די אַלגעמיינע רעדאַקציע איז איבער־געגעבן געוואָרן דעם חבר רובאַשאָוו. איך האָב ניט בדעה איבערצוגעבן דאָ

דעם גאַנצן אינהאַלט פון דעם דין וחשבון. עס איז געגוג צו זאָגן, אַז אין באַריכט זענען געווען אַחוץ דער הקדמה עלף קאַפּיטלען: וועגן דער באַפעלקערונג, וועגן די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס, וועגן די לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות, וועגן דער שטאָטישער אינדוסטריע, וועגן האַנדל און קאָנסום־קאָאָפּעראַציע, וועגן די פּאָליטיש־געאָגראַפישע יסודות פון בוי פון לאַנד, וועגן דער מאַסן־קאָלאָניזאַציע אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער טעטיקייט תיכף ומיד, וועגן דער פּאָליטישער לאַגע, וועגן ועד הצירים, וועגן דער ארץ־ישראל אַרבעט פון די פּאַרטייען אין די לענדער.

אויף מיר איז אַרויפגעלייגט געוואָרן צוצוגרייטן דעם קאַפּיטל וועגן „ועד הצירים". דאָס איז געווען די איינציקע אינסטיטוציע, וואָס האָט געדאַרפט אין דער אחריותפולער צייט פאַרשטעלן די פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע אינטערעסן פון יידישן ישוב און זאָרגן פאַר זיין וווקס און אַנט־וויקלונג, דאָס איז געווען די ציוניסטישע קאָמיסיע פאַר ארץ־ישראל, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן בריטישן מיניסטעריום אין אָנהייב פון דער בריטישער אָקופּאַציע (אָנהייב פון יאָר 1918).

איך וויל דאָ ציטירן פון דעם קאַפּיטל טיילן:

„...שוין די ערשטע שריט פון ועד־הצירים, וואָס מען האָט געוואַרט אויף אים זייער לאַנג האָבן ביטער אַנטוישט. די מענטשן, וואָס זענען דאָרט געזעסן און האָבן געדאַרפט דעצידירן וועגן גורל פון ישוב, זענען געווען פרעמדע פּקידים, וואָס ווייסן גאָרניט וועגן די ענינים פון ישוב און זענען ווייט פון דעם גייסטיקן לעבן פון דעם פּראָדוקטיוון ארץ־ישראל, ווי מזרח פון מערב. אַלס קוריאָז איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער פּראָפעסאָר סיללאַן לוי, וואָס איז אַזוי באַרימט געוואָרן דורך זיין אַרויסטריט קעגן די ציוניסטישע פאָדערונגען אין ווערסאַל, איז געווען אַ געוויסע צייט אַ מיטגליד אין ועד־הצירים. און נאָך מער: די מיטגלידער פון ועד־הצירים האָבן זיך כסדר געביטן. איינער איז אַוועק און דער צווייטער איז געקומען אויף זיין אָרט. און יעדער איינער האָט געהאַט זיין אייגענע שיטה און אַלץ אָנגעהויבן פון דאָס ניי, ניט רעכענענדיק זיך מיט דער דערפאַרונג פון די מיטגלידער, וואָס זענען אויף זיין אָרט געזעסן פאַר אים. צו דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג האָבן זיך אַלע באַצויגן מיט אומצוטרוי, נישט באַמיט זיך אויסנוצן אירע דערפאַרונגען און זיך ניט גע־רעכנט מיט אירע פאָדערונגען. זיי האָבן זיך געשאַפן אַ שטאַב פון פּקידים, וועלכע מען האָט געבראַכט פון אויסלאַנד, זייטיקע מענטשן, וואָס האָבן ניט געקענט די שאַפנדיקע עלעמענטן אין לאַנד, און ניט פאַרשטאַנען זייער שפראַך, האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אויף אייגענער אחריות פון אויבן אַראָפּ, אַזוי ווי

אין אַ דערצאָבערט לאַנד. די דאָזיקע באַציִונג האָט דערמאָנט די באַציִונג פון די דייטשע יידן צו די אָסט־יודען (— גיר).

...אויפן פּאָליטישן געביט האָט מען קודם־כל געדאַרפט ווידמען אַ סך אויפמערקזאַמקייט דער אַראַבישער פראַגע; מען האָט געדאַרפט אויסנוצן אַלע מעגלעכקייטן צו שאַפן פאַרבינדונגען מיט דער אַראַבישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג, אויפדעקן דעם אמתן מהות פון דער יידישער באַוועגונג אין ארץ־ישראל און זוכן אַ וועג צו אַ בשותפותדיקן פרידלעכן צוזאַמענלעבן צווישןביידע פּראָדוקטיווע שכנים. אָבער דער ועד־הצירים האָט פאַרשטאַנען זיין אויפגאַבע אויף אַ ספּעציפישן אופן. אַנשטאָט צו זוכן און געפינען אָפענע וועגן פון צוטרוי און אויפקלערונג, האָט מען געשאַפן אַ מין אויספאָרשונגס־ביוראָ, וואָס האָט געדאַרפט אויף אַ סודותדיקן אופן פאָרשן אַלץ, וואָס עס קומט פאָר ביי די אַראַבער.

דער אייזערנער ביטחון אין דער פריינטלעכער פּאָליטיק מצד דער בריטישער רעגירונג און אַדמיניסטראַציע כלפּי די יידן האָט צוגענומען ביים ועד־הצירים יעדן ווילן זיך צו באַשעפטיקן מיט סיסטעמאַטישער אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די אַראַבער און האָט אים געצוווּנגען שטיל אַריבערצוגיין איבער דעם פאַקט, אַז צווישן די אַראַבער שאַפט זיך אַ שנאה און אַ גיפט קעגן אונדז. אַפילו די אָפענע אַנטי־ציוניסטישע דעמאָנסטראַציעס פון די אַראַבער און די אָפענע סימפּאַטיע צו זיי מצד דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע האָבן ניט געקענט אָפּשוואַכן דעם ביטחון פון ועד־הצירים און צווינגען אים ענדערן זיין שיטה. אַנשטאָט צו פּרוּוון אויפצוקלערן דער אַראַבישער באַפעלקערונג אונדזערע אמתע צילן און די דעמאַגאָגישע און פאַרברעכערישע פּאָליטיק פון די אַראַבישע עפענדיס האָט מען געהאַלטן אין איין באַרויִקן די יידישע באַפעלקערונג. זייענדיק געטריי דער שטענדיקער שיטה פון די קליינבירגערלעכע פּאָליטי־קאַנער מיט זייער שטענדיקן פחד, האָבן די דיפּלאָמאַטן פון ועד־הצירים אויך דאָ ניט געלייגט קיין אַכט אויף דעם רעאַלן כוח פון דער לעבעדיקערווירקלעכקייט און זיך געשטיצט אויף זייערע לופט־פּאַלאַצן, וואָס זיי האָבן געזען אין חלום.

די אומגעלונגענע אויסערלעכע פּאָליטיק האָט אין גאַנצן געשטימט מיט דער אינערלעכער פּאָליטיק. אַנשטאָט צו פאַרגרעסערן דעם ישוב און בויען דאָס לאַנד, האָט דער ועד־הצירים געשטיצט די פּאָליטיק פון ניט אַריינברענגען קיין יידישע עולים אין לאַנד. דאָס קלינגט ווי אַ וויץ, אָבער דאָס איז דער אמת. חלוצים פון אַלע לענדער, וואָס האָבן געוואָלט אַריינדרינגען קיין ארץ־ישראל, האָבן געמוזט אויסהאַלטן אַ שווערע מלחמה אין די פּאַלעסטינאַ־אַמטן, און דער ועד־הצירים, וואָס איז געווען אויפן אָרט און האָט גוט געוווּסט וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס האָט פאַרן ישוב יעדער נייער יונגער ייד, וואָס קומט אַריין

אין לאַנד, האָט ניט נאָר ניט געקעמפט קעגן דער פאַרברעכערישער פּאָליטיק, נאָר זי אויך געשטיצט.

ווען עס זענען אין חודש אָדר ב׳ תרע״ט דאָך אָריינגעקומען די ערשטע חלוצים פון פּוילן, ניט געקוקט אויפן צוים וואָס עס האָט געשאַפן די ענגלישע פּאָליטיק און די ציוניסטישע אומפעיִקייט אַרום ארץ־ישראל, האָט דאָס אַרבעטס־ביוראָ אין יפו זיך געוואָנדן צום ועד־הצירים מיט אַן אויספּירלעכן בריוו און געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט אויף דער נויטווענדיקייט תיכף צוצוגרייטן אַרבעטן פאַר די נייע עולים און באַזאָרגן זיי מיט דירות און מעדיצינישער הילף. האָט דער ועד־הצירים, וואָס זיין פאָרזיצער איז דאַן געווען דער פּראָ־פעסאָר פריגנאָלד, געענטפערט דעם אַרבעטס־ביוראָ בזה הלשון: „דער ענין, וואָס איר האַלט אים פאַר דער פראַגע וועגן עליה — איז באמת ניט מער ווי אַ פּאָר פאַלן פון עליה, און מיר האָבן שוין אָנגענומען די נייטיקע שריט, אַז אַזעלכע פאַלן פון עליה זאָלן זיך ניט איבערחזרן״. אַזוי האָט דער ועד־הצירים פאַרשטאַנען זיין אויפגאַבע און אין אַזעלכע „שריט״ האָט ער געזען זיין ציוניסטישע פליכט (דער פאַל דערמאָנט מיר די תשובה פון פּראָפעסאָר וואַרבורג אויף מיין בריוו פון מיט 14 יאָר צוריק, וועגן וועלכן כ׳האָב געשריבן אין ערשטן באַנד — נ.).

די גאַנצע פּאָליטישע חכמה פון ועד־הצירים אין דער אינערלעכער פּאָליטיק איז די גאַנצע צייט געווען דער כלל, אַז די יידן דאַרפן זיך אויפפירן אַזוי, אַז מען זאָל זיי אויף וויפל מעגלעך ניט מערקן, אַז זיי זאָלן זיין וואָס שטילער און אונטערטעניקער, כדי ניט אויפצורעגן, חלילה, אונדזערע שכנים, ניט דערצאָרענען קיין ענגלישן באַאַמטן און אויפנעמען באהבה אַלע גזירות פון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע, למשל, דעם איסור צו זינגען „התקוה״ און אויפהייבן די ווייס־בלויע פאָן אין אָפיציעלע ערטער, די פאַרפאָלגונגען קעגן דעם לעגיאָן וכדומה. דער ועד־הצירים פון איין זייט האָט דערשטיקט יעדע געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוו מצד דעם ישוב: דערשייִנען מיט פּראָטעסטן, פּעטיציעס, אָדער דעמאָנסטרירן עפנטלעך די אומצופרידנקייט מיט דער אָר־טיקער אַדמיניסטראַציע. דער ארץ־ישראלדיקער ישוב, אפילו זייענדיק ניט אָרגאַניזירט אין דער גאַנצער צייט פון דער בריטישער אָקופּאַציע איז געשטאַנען אויף אַ העכערע, מער בכבודיקע מדרגה און האָט מער געשעצט זיך אַליין, ווי די פּחדנישע באַלעבאַטים פון דעם ועד־הצירים, וואָס זענען געווען אַזוי געטריי דער רעגירונג. און עס איז ניט קיין ווונדער, וואָס דער צייטווייליקער קאָמיטעט, וואָס האָט געאַרבעט אין משך פון צוויי יאָר צייט בכדי צוצוגרייטן די וואַלן צו דער אסיפת הנבחרים, פלעגט דערשייִנען כמעט אויף יעדער זיצונג אויף אַ זייער שאַרפן אופן קעגן דעם ועד־הצירים, הגם ער פלעגט תמיד מבטל מאַכן

זיין רצון אין נאָמען פון דער ציוניסטישער דיסציפּלין און אין אָנבליק פון דער סכנה פאַרן פּאַטערלאַנד.

אויס פּחד פאַר יעדן פרייען געדאַנק האָט דער ועד־הצירים זיך באַמיט אַריינצומישן זיך אין דעם אינערלעכן פּאַרטייִישן קאַמף אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. און וואָס די פּאַרטיי איז מער רעכט, מער רעאַקציאָנער, אַלץ מער סימפּאַטיע האָט אַרויסגעוויזן כלפּי איר דער ועד־הצירים. האָט דער פּאָרזיצער, פּראָפ. פריגנאָלד, זיך געוואָנדן צום צייטווייליקן קאָמיטעט, וועלכער האָט געדאַרפט אויסקלייבן זיינע פאָרשטייער, מיט דער פאָדערונג, אַז די מערהייט פון די פאָרשטייער, וואָס וועלן ווערן באַשטימט דורכן צייטווייליקן קאָמיטעט, זאָלן געהערן צו די קרייזן פון דער עקסטרעמער אָרטאָדאָקסיע אין ירושלים.

די לאַגע איז געווען אַזאַ, אַז דער ועד־הצירים האָט געהאַט אין לאַנד צוויי טויזנט יונגע בחורים, וואָס זענען גרייט געווען צו קרבנות, זענען מסכים געווען צו אַלע אַרבעטס־באַדינגונגען און האָבן געוואָלט בלייבן אין לאַנד. דאָס זענען געווען די באַפרייטע לעגיאָנערן. וואָס האָט געטאָן דער ועד־הצירים, אַז זיי זאָלן באַקומען אַרבעט?

לכתחילה האָבן די פאָרשטייער פון ענגן אַקציאָנס־קאָמיטעט און פון ועד־הצירים פּראָקלאַמירט עפנטלעך, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אנערקענט איר הייליקע פליכט צו זאָרגן פאַר אַרבעט פאַר די מענטשן פון גדוד, וואָס בלייבן אין לאַנד. נאָך זייענדיק אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, אין מדבר, האָבן די מענטשן פון גדוד דורכגעפירט אַן אַנקעטע צווישן זייערע חברים וועגן דעם, ווער עס וויל בלייבן אין ארץ־ישראל, און קרוב צו 70% האָבן געגעבן אַ פּאָזיטיווע תשובה. מען קען מיט זיכערהייט אָננעמען, אַז 2000 לעגיאָנערן (טויזנט אַמעריקאַנער און אַ פּאָר הונדערט ענגלענדער) וואָלטן געבליבן אין ארץ־ישראל נאָך זייער באַפרייונג, ווען דער ועד־הצירים וואָלט געקומען זיי צו הילף און וואָלט געשאַפן פאַר זיי אַרבעט.

די מענטשן פון גדוד האָבן זיך ניט איין מאָל געוואָנדן צום ועד־הצירים מיט פּלענער און קאָנקרעטע פאָרשלאָגן, אַ טייל פון זיי האָט געוואָלט זיך איינאָרדענען אין די עקזיסטירנדיקע קבוצות, אָדער אויפשטעלן נייע. אַ טייל האָט געוואָלט זיין באַשעפטיקט אין שטאָט, ביי אַרבעט אָדער אַדמיניסטראַציע. אַ באַדייטנדיקער טייל פון זיי האָט זיך בכלל ניט גענייטיקט אין מאַטעריעלער הילף, און נאָר געפאָדערט מען זאָל זיי ניט האַלטן אין מיליטער קיין איבעריקע צייט, מען זאָל זיי וואָס שנעלער באַפרייען לויט די מיליטערישע געזעצן. לכתחילה האָט דער ועד־הצירים זיך ניט געפוילט צוצוזאָגן זיי הרים וגבעות,

אָבער, ווען דער ענין איז געקומען צו מעשים, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון יעדן פּראַקטישן שריט. אָנשטאָט דעם האָט ער געפירט אַזאַ פּאָליטיק אַז די מערהייט פון די לעגיאָנערן, וואָס האָבן געהאַט בדעה צו בלייבן אין לאַנד, זענען אַנטלאָפן צוריק אין זייערע לענדער. דער ועד־הצירים האָט געווירקט אויף דער אַד־מיניסטראַציע, אַז זי זאָל פאַרהאַלטן אין מיליטער די אַלע, וואָס ווילן בלייבן אין לאַנד, און אין דער זעלבער צייט האָבן די, וואָס האָבן געוואָלט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, באַקומען די מעגלעכקייט צו פאָרן אַהיים מיט 8—10 חדשים פריער. אויף אַזאַ אופן איז געגעבן געוואָרן די, וואָס האָבן געוואָלט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אַ פּרעמיע פון 8—10 חדשים חופש און נאָך די צען חדשים האָט דער ועד־הצירים ניט געטאָן גאָרניט, כדי צו שאַפן אַרבעט פאַר די לעגיאָנערן. עס זענען ניט געשאַפן געוואָרן קיין קבוצות פון די לעגיאָנערן. דער ועד־הצירים האָט אויך ניט געזאָרגט דערפאַר, אַז די מענטשן זאָלן קענען אַריינדרינגען אין דער אַדמיניסטראַציע, אין דער פּאָליציי, אין באַן, וואָס דאָרט זענען געווען בערך אַ טויזנט אַרבעטס־פּלעצער.

ערשט נאָך דעם, ווי די באַפרייטע לעגיאָנערן האָבן זיך אַליין אָרגאַ־ניזירט און אַליין באַקומען רעגירונגס־אַמטן, האָט דער ועד־הצירים באַקומען פאַר זיי אַ קליינע סובסידיע. אַלס רעזולטאַט האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד 4500 געזונטע בחורים, וואָס זענען גרייט צו קרבנות. און נאָך אַ מאָל זענען די חלומות באַזיגט געוואָרן פון דער ווירקלעכקייט. מען האָט געחלומט וועגן אַ מאַסן־עליה, וואָס האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן מיטן חסד פון ענגלאַנד, און מען האָט פאַרטריבן פון לאַנד טויזנטער יונגע בחורים, וואָס זענען שוין געווען אין לאַנד און האָבן געקענט זיין אַ געבענטשטער עלעמענט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

ניט בעסער איז געווען די שטעלונג פון ועד־הצירים אין די ענינים פון דער הגנה: ווען דער שטח צווישן חצבני און וואדיה אין צפון פון לאַנד האָט ניט געהערט ניט צו פראַנקרייך און ניט צו ענגלאַנד, זענען די דאָרטיקע יידישע ישובים, ווי מטולה, כפר גלעדי, תל־חי, חמרה, געבליבן אויף הפקר צווישן די טויזנטער רויבער, פאַרבינדעטע פון דעם שעריפס מיליטער, און ווען די אַרבעטער האָבן דירעקט אַוועקגעשטעלט די פראַגע, צי דאַרפן זיי בלייבן אויף די ערטער אָדער פאַרלאָזן זיי, האָט דער ועד־הצירים ניט געהאַט קיין מוט צו געבן אַ קלאָרע תשובה. דער ועד־הצירים האָט ניט געענטפערט אויף די געשרייען נאָך הילף פון די העלדן, וואָס האָבן פאַרטיידיקט די ערטער, און האָט זיי איבערגעלאָזט אַליין אין דער ניט־גלייכער מלחמה. און נאָר נאָך דעם, ווי עס זענען שוין געפאַלן קרבנות און די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט איז אויפגעטרייסלט געוואָרן ביז גאָר, האָט דער ועד־הצירים באַשלאָסן צו באַשטימען

אַ קליינע סומע פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די ערטער, אָבער עס איז שווין געווען צו שפּעט.

אין משך פון דעם גאַנצן ערשטן יאָר פון זיין אַרבעט, פון 1טן אַפּריל 1918 ביז דעם 28סטן פעברואַר 1919, האָט דער ועד־הצירים אויסגעגעבן אויף די לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות נאָר 1404 פונט. און נאָך דעם צווייטן יאָר, ווען עס האָט זיך געענדערט די באַציִונג צו די עקזיסטירנדיקע לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות, איז באַשטימט געוואָרן די סומע פון 50 טויזנט פונט אַ יאָר. דורך דעם האָט דער ועד־הצירים כאָטש געזאָרגט דערפאַר, אַז די קבוצות זאָלן זיך ניט ליקווידירן און זיי זאָלן קענען פאָרזעצן זייער אַרבעט.

אָבער אויב די אויפגאַבע איז געווען צו שאַפן נייע אַרבעטס־פּאָזיציעס און שאַפן מעגלעכקייטן פאַר עליה — איז דער אַקטיוו פון ועד־הצירים אויפן עקאָנאָמישן געביט געווען אַזאַ, אַז מען קען אים דאָס ניט מוחל זיין.

אין משך פון דער גאַנצער צייט איז ניט געמאַכט געוואָרן קיין שום קניה. מיט יאָרן שפּעטער האָט מיר דערציילט הער חיותמן ז״ל, אַז צו יענער צייט האָט מען פאָרגעשלאָגן דעם ועד־הצירים אָפּצוקויפן גאַנץ סאַראָנאַ — אַ דייטשע קאָלאָניע, אַ האַלבער קילאָמעטער פון תל־אביב, וואָס איז געווען באַזעצט בלויז דורך דייטשן, וועלכע האָבן זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן ווי אמתע נאַציס און וואָס פון זיי האָט מען געהאַט ניט ווייניק צרות (איינער פון זיי איז געווען שפּעטער אַ „גאַולייטער" אין פּוילן, האָט געדעדט מיט די יידן העברעיִש און גענומען אָנטייל אין זייער פּאַרטיליקונג), פאַר אַ סומע פון 50 טויזנט פונט. דאָס איז געווען אַ שטח פון צענדליקער טויזנטער דונאַם באָדן מיט גרייטע הייזער, און אַפילו דאָס האָט דער ועד־הצירים ניט געפונען פאַר נייטיק צו קויפן, ער האָט זיך אַפילו דערמיט ניט פאַראינטערעסירט.

מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אַחוץ די צרות, וואָס מיר האָבן געהאַט פון דער נאַצישער סאַראָנאַ, האָט זי פּשוט פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן פון תל־אביב (צו דער צפון־מערבדיקער זייט — נ.), אויך פון דעם קליינעם שטח באָדן, וואָס האָט געהערט דעם נאַציאָנאַל־פאָנד, איז אַ גרויסער חלק ניט געווען באַאַרבעט. מען האָט ניט געזאָרגט פאַר די קליינע עקזיסטירנדיקע ווירטשאַפטן פון די תימנער, וואָס האָבן געלעבט אין זייער שלעכטע באַדינגונגען, מען האָט זיי כמעט ניט געהאָלפן — ניט מיט באָדן, ניט בנינים, אַחוץ דעם סכום פון 400 פונט, וואָס איז אויסגעגעבן געוואָרן פאַר דעם ציל. פאַר די נייע עולים איז ניט געשאַפן געוואָרן קיין שום נייע פּאָזיציע. די ערשטע זעקס חלוצים פון בענדין האָבן ניט געהאַט וואָס צו טאָן, און ווען ניט די הגנה וואָלטן אויך די איבעריקע חלוצים, וואָס זענען געקומען נאָך זיי, געבליבן אָן אַרבעט.

נאָך ווייניקער איז געטאָן געוואָרן אויפן געביט פון דער שטאָטישער

אינדוסטריע. די אַרבעט אין ירושלים האָט דער ועד־הצירים איבערגעגעבן אין די הענט פון דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע האָט באַשעפטיקט אַ פּאָר אַרבעטער, אָבער ניט יידן. און ווען צום סוף איז די אַרבעט אַריבער צום באַלעבאָס פון דער אונטערנעמונג, אַ מצרישן יידן, האָט דער ועד־הצירים זיך באַגנוגנט מיט דעם צוזאָג, אַז ער וועט באַשעפטיקן יידן, „אויף וויפל דאָס וועט זיין מעגלעך״.

די גאַנצע אויפגאַבע פון דער „אָפּטיילונג פאַר אינדוסטריע״ ביים ועד־הצירים איז נאָר געווען צו געבן תשובות אויף אָנפראַגן וועגן דער אָדער יענער אינדוסטריע אין לאַנד.

ניט בעסער איז געווען דער ענין מיט די פאַרהעלטנישמעסיק גרויסע סומעס פאַר הילף, וואָס זענען דורכגעגאַנגען דורך די הענט פון ועד־הצירים. כמעט די איינציקע זאַך, וואָס איז געטאָן געוואָרן מיט די דאָזיקע געלטער איז געווען טיילן חלוקה. 20%־25 פון דער באַפעלקערונג אין טבריה האָט באַקומען שטיצע פון ועד־הצירים. און צוזאַמען מיט די תלמוד תורהס גיט מען דאָרט אויס 330 פונט אַ חודש. און דאָס חזרט זיך איבער אין אַלע שטעט. אין דער ערשטער צייט האָט דער ועד־הצירים צעטיילט אין ירושלים 13־15 טויזנט פונט אַ חודש פאַר שטיצע. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן וואָס פאַר אַ דעמאָראַליזירנדיקע ווירקונג עס האָט געהאַט דער פאַקט אויף דער באַפעלקערונג. אַ פּאָר אַרבעטער זענען אַריבער אויף חלוקה. פון די 300 שטיין־אַרבעטער (סתתים), וואָס זענען געווען אין ירושלים פאַר דער מלחמה, זענען געבליבן 82. פון 100 בוי־אַרבעטער זענען געבליבן 66.

אויפן געביט פון פּראָפעסיאָנעלער בילדונג איז ניט געטאָן געוואָרן גאָרניט אַחוץ אַ פּאָר פילאַנטראָפישע ווערק־שטעלן. וועגן קאָנסטרוקטיווער הילף — די עלעמענטאַרע פאָדערונג אין אַלע צעשטערטע גלות־לענדער — האָט מען דאָ אין לאַנד פון גרויסן אויפבוי ניט געטראַכט.

אויב מען זאָל נעמען אין חשבון וואָס פאַר אַ גרויסער חלק פון די הוצאות ס'איז אַוועק אויף חלוקה, אַז 14% פון אַלע געלטער -- ביז 70 טויזנט פונט — האָט געקאָסט דער אַפּאַראַט פון ועד־הצירים, און אַז גרויסע סומעס זענען אויסגעגעבן געוואָרן אויפן „אינטעלידזשענס״ — וועט דאַן קלאָר ווערן, פאַר וואָס עס זענען ניט געבליבן קיין געלטער פאַר בוי־אַרבעטן און פאַר וואָס עס איז ניט געלונגען דעם ועד־הצירים אין דער צייט פון זיין עקזיסטענץ צו שאַפן נייע און באַדייטנדיקע אַרבעט־מעגלעכקייטן.

דער פּחד פאַר דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע, דער פּחד פאַר דער אַראַבישער באַפעלקערונג, דער פּחד פאַר דער אָרגאַניזירונג פון ישוב, דער פּחד פאַר דער צוקונפטיקער עליה, אָן אַ שטעלונג אין דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט,

דער פּחד פאַר דער ווירטשאַפטלעכער זעלבשטענדיקייט פון די יידישע אַרבעטער, און ועל כולם: דאָס פעלן פון אַ פּלאַן און אַן אָנמעכטיקייט — דאָס זענען געווען די אייגנשאַפטן, וואָס האָבן באַגלייט דעם ועד־הצירים אין זיין אַרבעט אין אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכער צייט און צוגענומען ביי אים יעדע פעיִקייט צו באַהערשן די שפעפערישע כוחות און צו דערמעגלעכן די יידישע איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל״.

איך האָב דאָ געבראַכט אַ גרויסן טייל פון דעם קאַפּיטל וועגן דער אַרבעט פון ועד־הצירים, ווייל אין מיינע אויגן איז פון אַ גרויסער היסטאָרישער באַדייטונג נאָך צענדליקער יאָרן צו באַקענען זיך ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן דער בוי פון לאַנד און ווי ער האָט געקענט זיך אָנהייבן. איך האָב געזען מיט מיינע אויגן די קאָלאָניעס פון די תימנער, די וואָס זענען געקומען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק און האָבן געלעבט אין אַ ספּעציעלער שכונה פון רחובות — שעריים, און די וואָס האָבן געלעבט אין בלעכענע באַראַקן לעבן כנרת און אין אַנדערע ערטער. די אָרעמקייט און דחקות איז געווען ניט צו באַשרייבן. כ׳האָב געזען דאָס לעבן אין די קבוצות, כ׳האָב געזען די אַלטע קאָלאָניעס, ווי מצפה און חיטין, און מען האָט ניט געקענט באַמערקן, אַז עפּעס זאָל זיך האָבן געענדערט אין משך פון די צוויי יאָר פון דער הערשאַפט פון ועד־הצירים. איך בין געווען אַן עדות צום גאַנצן וויכוח בנוגע די קבוצות אין צפון, אין דער צייט פון דער מלחמה פון שריף, און איך האָב געזען די הילף, וואָס דער ועד־הצירים האָט געגעבן אין דעם פאַל. נאָר אַ דאַנק דער עקשנות פון אוסישקינען און מיט זיין הילף, האָבן די אַרבעטער זיך געקענט האַלטן אַ געוויסע צייט אין אויבערשטן גליל.

נאָכן משפט איבער אים, איז זשאַבאָטינסקי געוואָרן דער העלד פון טאָג. טויזנטער מענטשן האָבן אים באַגלייט ביז לוד, ווען מען האָט אים פאַרטריבן פון לאַנד. „אחדות העבודה״ האָט אים אַפילו אַרויסגעשטעלט ווי דעם ערשטן אויף דער ליסטע צו די וואַלן צו דער אַסיפת הנבחרים...

אויף איינער פון די זיצונגען פון אונדזער קאָמיסיע האָט דער חבר בן־צבי איבערגעגעבן אַ דין וחשבון פון דער זיצונג פון ועד־הצירים מיט זיין אָנטייל. מעגלעך איז, אַז בן־צבי האָט געהאַט פאַרגעסן דעם ענין, אָבער איך געדענק גוט, אַז איבערגעבנדיק אונדז דעם באַריכט, האָט ער אונדז דערציילט, אַז אויף דער דאָזיקער זיצונג פון ועד־הצירים האָט אָנטייל גענומען אויך ווייצמאַן, און אַז ווייצמאַן האָט דאַן דערקלערט, אַז זיין ציוניסטישע פּאָליטיק (דאָס איז געווען נאָכן פּאָגראָם אין ירושלים), די אָריענטאַציע אויף ענגלאַנד, האָט באַנקראָטירט. נאַטירלעך, אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן מיר פון ווייצמאַנען אַזוינס ניט געהערט, נאָר פּונקט פאַרקערט.

אין תל־אביב איז דאַן געווען אַ באַפעלקערונג פון בערך פינף טויזנט נפשות. כמעט אַלע האָבן געקענט איינער דעם צווייטן. שבת, אַ זייגער פינף פאַר נאַכט, איז כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן אויף דער הערצל־גאַס צווישן דער אייזנבאַן און דער גימנאַזיע. אין די הייזער זענען געבליבן נאָר די קראַנקע. אַ שעה צוויי האָט מען זיך אַרומגעדרייט אַהין און צוריק, און דאָ פלעגט מען דערליידיקן אַלע געזעלשאַפטלעכע ענינים. דאָס איז געווען דער איינציקער שפּאַציר־אָרט. צווישן דער שטאָט און דעם ים איז געווען אַ מרחק פון בערך צוויי קילאָמעטער, און כדי צוצוקומען צום ים, האָט מען געדאַרפט דורכגיין זאַמדן, סאַברעס (קאַקטוסן־ביימער) און אַן אַראַבישן דאָרף. איך האָב ניט איין מאָל שפּאַצירט אויפן ברעג פון ים, אָבער כמעט אַלע מאָל בין איך געווען דער איינציקער משוגענער. בלויז איין מאָל האָב איך באַגעגנט אויפן ברעג פון ים אַ לערער פון דער גימנאַזיע מיט פינף שילערינס. דער ברעג פון ים איז דעמאָלט געווען ווילד און שיין. איך פלעג דערגיין ביז דעם מוסולמענישן בית־עולם — שפּעטער איז דאָרט געווען די שכונת מחלול.

תל־אביב איז געווען אַ קליינע שטאָט. אין יאָר 1909 איז זי געבויט געווען ווי אַ גאָרטן־שטאָט לעבן יפו, לכתחילה זענען דאָרט די הייזער געווען נאָר פון איין שטאָק. מען האָט געזאָגט, אַז אויף די זאַמדן אויפן ברעג ים קען מען ניט בויען קיין גרעסערע הייזער, און אַגב מוזן דאָך זיין ביי די הייזער גערטנער. אין די שפּעטערדיקע צייטן האָט מען שוין דערלויבט מער שטאָקן, און פון יאָר 1928 האָט מען שוין אָנגעהויבן בויען פיר־שטאָקיקע הייזער. דאָס ערשטע הויז אַזאַ איז געווען דער האָטעל „פּאַלאַטין" אויפן ווינקל פון נחלת בנימין און דער אחד העם גאַס. דווקא אין יענעם ווינקל, פּונקט אַנטקעגן, האָט זיך געפונען דער באַרימטער „האָטעל" פון חיים ברוך, וועלכן יעדער מענטש אין לאַנד האָט געקענט. אַלע מענטשן פון די דערפער און קיבוצים, וואָס פלעגן קומען קיין תל־אביב, פלעגן זיך אָפּשטעלן אין דעם „האָטעל". מען האָט דערציילט, אַז ווען מען האָט אָנגעהויבן בויען דעם האָטעל „פּאַלאַטין", איז חיים ברוך אַרויס פאַר זיין „האָטעל" און האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט. האָט מען אים געפרעגט: וואָס לאַכט ער? האָט ער געענטפערט: „פון וואַנען וועט מען נעמען אַזוי פיל וואַנצן פאַר אַזאַ גרויסן האָטעל"?

קיין פאָסט פלעגט מען ניט ברענגען אין די הייזער אין תל־אביב. אויפן ווינקל פון נחלת בנימין און שדרות רוטשילד איז געשטאַנען אַ געביידע פון צוויי שטאָק — אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דאָרט געווען די פּאָליציי. מיט אַ יאָר צען אָדער מער שפּעטער האָט מען דאָס הויז צעשטערט. עס איז אַפילו געווען אַ וויכוח, צי מען דאַרף דאָס הויז צעשטערן, אָדער איבערלאָזן עס אַלס אַ זכר פון אַלט תל־אביב. אין דעם דאָזיקן הויז איז אין יאָר 1920

געוועזן די פּאָסט. יעדן טאָג, אַ זייגער פינף פּאָר נאַכט, פלעגט זיך גאַנץ תל־אביב צוזאַמענקלייבן אַרום דעם דאָזיקן הויז, אויפן שוועל פאַרן הויז פלעגט אַרויסגיין דער „פּאָסטמייסטער״, אַ באַברילטער ייד מיט אַ גרויסער באָרד און פלעגט אויסרופן די נעמען פון די מענטשן, צו וועמען עס איז אָנגעקומען פּאָסט.

אין תל־אביב זענען געווען נאָך אַ פּאָר גאַסן: הערצל גאַס, אחד העם גאַס, פון דעם אָרט ווו אַצינד ס׳איז די גאַס שבזי ביז נחלת בנימין, נחלת בנימין ביז ספּעקטאָרס הויז, ראָטשילד אַליי פון נומער 2 ביז אַלענבי. אַלענבי גאַס איז נאָך ניט געווען, דאַן האָט מען ערשט געמאַכט דעם פּלאַן פון דער גאַס און מען האָט ניוועלירט די זאַמדן.

איין מאָל, גייענדיק אין גאַס, האָב איך געזען גרויסע מודעות, אַז מוצאי שבת קומט פאָר אַ „פאַמיליען נשף״ אין האָטעל לאָרענץ אויף דער גאַס יפו־תל־אביב. איך האָב באַשלאָסן צו גיין אויף דעם אָוונט, ווייל איך האָב געוואָלט פאַרשטיין, וואָס דאָס באַדייט אַ „פאַמיליען נשף״.

בין איך געקומען אין אָוונט אויפן נשף אין האָטעל לאָרענץ, געטראָפן אַ סך מענטשן, אָבער קיין איין באַקאַנטן ניט. בין איך דורכגעגאַנגען דעם זאַל און עס איז מיר ממש פינצטער געוואָרן אין די אויגן. איך זע יונגע יידישע מיידלעך זיצן מיט ענגלישע זעלנער אין גאַנץ אינטימע פּאָזעס, עס דרייען זיך אַרום יידישע יונגע בחורים, פון דעם טיפּ האַנדלס־אָנגעשטעלטע פון נאַ־לעווקעס און גענשאַ אין וואַרשע, און אַלץ אַזוי מאָדנע, אַז עס מאַכט אַ רושם פון אַן „אָפענעם הויז״. איך האָב שוין חרטה געהאַט, וואָס איך בין געקומען אַהער, ווייל איך האָב מורא געהאַט, טאָמער וועט מיך עמעצער דאָ זען. בין איך אַרויס אין קאָרידאָר, וואָס פון אים זענען אַרויס פענצטער אין זאַל, און נאָך אַ פערטל שעה האָב איך זיך צוגעקוקט, און שפּעטער זיך באַמיט אומבאַמערק־טערהייט אַרויסצוגיין פון האָטעל. אויף מאָרגן טרעף איך זיך מיט מיינע חברים פון דער קאָמיסיע און פרעג די ארץ־ישראלדיקע, וואָס דאָס איז, און פון וואַנען עס נעמט זיך אַזוינס אין ארץ־ישראל. איך האָב זיך דאָך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אין תל־אביב זאָלן זיין פּראָסטיטוטקעס, אמת, דאָס זענען ניט קיין חלוצקעס, אָבער זיי רעדן גוט העברעיש און אויך ענגליש. די ארץ־ישראלדיקע חברים האָבן זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט צו הערן פון מיר וועגן אַזעלכע זאַכן. זיי האָבן אַפילו מיר ניט געוואָלט גלייבן, ווייל זיי האָבן וועגן פּראָסטיטוטקעס אין תל־אביב ניט געוווּסט. איך האָב זיי געזאָגט, אַז זיי זענען מחויב צו וויסן דערפון און קעמפן מיט דער דאָזיקער דערשיינונג.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָב איך געהערט אין יאָר 1960 אַ וויץ. מען דערציילט, אַז איינע, זייער אַ געערטע פרוי אין ישראל האָט דערציילט דער צווייטער, אַ נאָך מער געערטער פרוי (איך וויל ניט אָנרופן די נעמען), אַז אין

ישראל זענען פֿאַראַן פּראָסטיטוטקעס. האָט די צווייטע ניט געוואָלט גלייבן. זענען זיי ביידע אין אָוונט אַוועקגעפֿאָרן אויף דער ירקון גאַס, און די ערשטע האָט געוויזן דער צווייטער די דאָרט שפּאַצירנדיקע פּרויען. די צווייטע האָט זיך איבערצייגט, אַז עס איז ריכטיק און דאַן זאָגט זי צו דער ערשטער: „אָבער איך בין איבערצייגט, אַז דאָס זענען ניט קיין פּרויען פֿון דער צווייטער עליה".

אַז איך בין געקומען אַהיים האָב איך דעם ענין דערציילט מיין יונגער באַלעבאָסטע, רחל גוטמאַן. איך האָב איר געבעטן, זי זאָל מיר אויפקלערן דעם ענין. רחל האָט מיר טאַקע אויפגעקלערט דעם ענין. ווען עס זענען אַריינגעקומען די ענגלישע זעלנער אין לאַנד, האָבן יידן, ספּעציעל פֿון אַלטן ישוב, אָנגעהויבן עפֿענען קיאָסקן מיט גזוז און ביסקוויטן, און כדי צוצוציען די בריטישע זעלנער האָט מען אַריינגעפֿירט אין דער אַרבעט אין די קיאָסקן שיינע מיידלעך, פֿון אַלטן ישוב, און די דאָזיקע מיידלעך האָבן זיך עס דערקייקלט צו פּראָסטיטוציע. רחל האָט מיר געזאָגט, אַז די מיידלעך רופֿט מען אין לאַנד „די קעקס־מיידלעך".

אין ירושלים זענען דעמאָלט געווען אַ פּאָר גאַסן אין דער נייער שטאָט. אין חיפה זענען נאָך ניט געווען קיין הייזער ניט אויפֿן הדר הכרמל און אַ פּשיטה שוין, ניט אויפֿן הר הכרמל. די יידן האָבן געלעבט אונטן אין שטאָט און אין דער דייטשער קאָלאָניע. די קאָלאָניעס זענען געווען קליין און אָרעם, ווייט איינע פֿון דער צווייטער. צווישן די קאָלאָניעס זענען געווען פֿון דעם טיפּ קאָלאָניעס פֿון באַראָן, ווי פּתח־תקווה, ראש־פּינה. עס זענען שוין געווען קאָלאָניעס, וואָס זענען געבויט געווען דורך דער פּריוואַטער איניציאַטיוו פֿון די איכרים, ווי רחובות, און אַנדערע. לעבן רחובות איז געווען די תימנישע שכונה שעריים, ווו עס האָבן געלעבט די תימנער, וואָס זענען געקומען אין לאַנד דורך דער איניציאַטיוו פֿון יבנאלי. מען האָט מיר דערציילט, אַז יבנאלי איז געפֿאָרן קיין תימן, האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ רב, אָנגעטאָן טלית און תפֿילין און געפֿירט די אַגיטאַציע אין שול. עס איז געווען אַ מיינונג, אַז די אַשכנזישע יידישע אַרבעטער פֿון אייראָפּע וועלן ניט קענען קאָנקורירן מיט די אַראַבישע פֿעלאַכן, און מען דאַרף ברענגען אין לאַנד אַן עלעמענט, וואָס זאָל לויט זיין לעבנסשטייגער זיין נאָענט צו די אַראַבער. דאָס רוב פֿון די תימנער אין שעריים האָבן געאַרבעט ביי די איכרים אין רחובות, אָבער די קאָלאָניסטן האָבן על־פּי־רוב באַשעפֿטיקט אַראַבישע אַרבעטער. מען האָט דאַן דערציילט אַ וויץ, אַז צוויי קאָלאָניסטן אין רחובות שטייען פֿון ביידע זייטן פֿון דער גאַס ביי זייערע הייזער, מיט די הענט אין די קעשענעס, און איינער פֿרעגט דעם צווייטן, וואָס ער טוט היינט. איינער מיט די הענט אין די קעשענעס זאָגט, אַז ער אַקערט היינט, און דער צווייטער מיט די הענט אין די קעשענעס ענטפֿערט, אַז היינט באַוואַסערט ער.

יעדער פון די תימנער אין רחובות האָט געהאַט אַ שטיקל באָדן, בערך אַ דונאַם, און דווקא זיי האָבן זייער גוט באַאַרבעט זייער שטיקל באָדן. אויף דעם קליינעם שטיקל באָדן האָבן זיי געהאַט אַ סך גרינסן און אַ סך בלומען. אין דער קאָלאָניע האָט מען כמעט ניט געזען קיין בלומען, פאַר די יידן אויסגעבן געלט אויף בלומען איז ניט געווען קיין געשעפט. זיי האָבן אויך ניט געהאַט קיין גרינסן, זיי האָבן מיר דערקלערט, אַז עס איז ניט כדאי: אויב מען קען פאַר אַ האלבן פיאַסטער קויפן אַ ראָטל פּאָמידאָרן ביי די אַראַבער, טאָ צוליב וואָס דאַרף מען אַרבעטן און זיך פאַרדרייען דעם קאָפּ.

אין דער צייט פון דער מלחמה האָט דער ישוב זייער שטאַרק געליטן. דער פאָטער האָט מיר דערציילט, אַז עס האָט געפעלט ברויט, ווייל עס איז ניט געווען קיין אימפּאָרט פון ווייץ. עס האָט געפעלט נאַפט און מען איז געזעסן אין די הייזער ביי ליכטלעך, און אויך ליכט זענען געווען אַ יקר־המציאות. אין רחובות איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט (דער פאָטער איז געווען אַ חבר אין אים), וואָס האָט געטיילט ווייץ אָדער ברויט די אָרעמע, ספּעציעל די תימנער.

אין סאַראָפּענד איז געשטאַנען דער יידישער לעגיאָן. איך בין דאָרט געווען איין מאָל. איך בין אָנגעקומען פאַר נאַכט, און אין משך פון אַ פּאָר מינוט איז פאָרגעקומען דער מסקד (אַפּעל), איך האָב געזען, ווי דוב הוז האָט אויפגענומען דעם מפקד, און אין די שורות האָב איך געזען בן־גוריונען, בן־צבי, פיינבערגן און אַנדערע באַקאַנטע.

מיר, אין פּוילן, האָבן זיך באַצויגן צו דער שאַפונג פון די לעגיאָנערן נעגאַטיוו. אין אונדזערע אויגן איז דאָס אַריינגיין פון די ענגלענדער אין ארץ־ישראל געווען אַ פּועל־יוצא פון זייערע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן, פּונקט אַזוי ווי מיר האָבן אָפּגעשאַצט די באַלפור־דעקלאַראַציע נאָך אין יאָר 1917. דערפאַר האָבן מיר געזען אין די לעגיאָנען פון פרייוויליקע יידן אַ הילף דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. אין דער אמתן אָבער, האָב איך, זייענדיק אין ארץ־ישראל, זיך איבערצייגט, אַז דער לעגיאָן אין ארץ־ישראל האָט געבראַכט אַ סך נוצן, ווייל די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געפילט אַ סך זיכערער אין דער צייט פון דער אַראַביש־ענגלישער העצע. פון דער אַנדערער זייט, קען מען ניט אָפּלייקענען, אַז ענגלאַנד איז אַריין קיין ארץ־ישראל און זי האָט דאָס לאַנד אָקופּירט פאַר זיך און ניט פאַר אונדז. די מיינונג פון די לעגיאָנען און פון אונדזערע חברים פון „אחדות העבודה", אַז די לעגיאָנען האָבן געהאָלפן פאַרנעמען דאָס לאַנד פאַר אונדז, זעט מיר אויס אויך היינט ווי ניט קיין ריכטיקע. מען דאַרף אויך געדענקען, אַז די ענגלענדער, נאָך דעם ווי זיי האָבן אויסגענוצט אונדזערע לעגיאָנען פאַר זייער ציל, האָבן זיי זיי געשיקט אַהיים,

און קיין מאָל האָבן די ענגלענדער ניט געצאָלט די וועקסלען. יעדנפאַלס, איז די מעשה מיטן לעגיאָן אין גאַליפּאָלי געווען אַ ביסל אַן אַוואַנטורע מצד זשאַבאָטינסקין.

אין דער קאָמיסיע האָב איך זיך באַגעגנט מיט די חברים בן־צבי און רחל ינאית, וואָס כ׳האָב זיי ניט געזען אַ סך יאָרן. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דאָ ניט לאַנג האָבן זיי חתונה געהאַט, און אין האַרצן האָב איך זיך אַ ביסל גע־וווּנדערט, נאָך דעם ווי זיי האָבן געקענט אײנער די צווייטע נאָך פון פּאָלטאַווע, האָבן זיי ערשט איצט חתונה געהאַט. דערצו איז עס מיר געווען וווּנדערלעך, ווייל איך האָב דאָך געקוקט אויף זיך ווי אויף אַ זקן, וואָס האָט שוין געהאַט אַן עלף־יאָריקע טאָכטער. דאָן האָט אין ארץ־ישראל חתונה געהאַט אויך זלמן רובאַשאָוו מיט דער חברטע רחל קאַצענעלסאָן.

אַ מאָל איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דער קאָמיסיע אין דער דירה פון בן־גוריונען אויף דער גאַס אחד העם נאָענט צו רחוב השחר. ער האָט פאַר אונדז אַנטוויקלט דעם פּלאַן פון שאַפן אַן אַרבעטער אָרגאַניזאַציע (די הסתדרות), ד. ה. די פאַראײניקונג אין אײן אָרגאַניזאַציע פון „אחדות העבודה" מיטן „הפּועל הצעיר". „הפּועל הצעיר" איז געווען דאָן אין מײנע אויגן אַ מין פּאַרטײ, וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס ענלעך צו די רוסישע טרודאָוויקעס, וועלכע איך האָב געקענט. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז אַ פּאַרטײ, וואָס דער יסוד אירער איז געווען ניט קײן געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, נאָר מער אַ באַוועגונג פון יחידים, וועלכע האָבן געזוכט פאַר זיך אַ תיקון הנפש און דער צוגאַנג צו יעדער זאַך איז געווען בײ זיי ניט קײן געזעלשאַפטלעכער. מיר האָבן דאָן גערעדט צווישן זיך, אַז דער דאָזיקער געדאַנק וועגן שאַפן אײן אָרגאַניזאַציע איז אַ גוטער, ווייל קודם כל וועט ער פאַרשפּאָרן אַ סך ענערגיע און מאַטער־יעלע מיטלען, מחמת אַלע אינסטיטוציעס וועלן זיך קאָנצענטרירן, אַנשטאָט צו זײן דאָפּלטע ווי איצט. און אַחוץ דעם קען די הסתדרות קאָנצענטרירן אין זיך ניט נאָר די מענטשן פון די בײדע פּאַרטײען, נאָר אויך אַלע אומפּאַרטײיִשע אַרבעטער. איך האָב געזען אין דער שאַפונג פון אַזאַ הסתדרות אַ וועג צו דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אויב אַפילו די חברים פון „אחדות העבודה" האָבן דאָן ניט געטראַכט אַ סך וועגן אַ פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, ווייל פאַר זיי איז געווען דער עיקר — דער ציוניסטיש־אידעאָלאָגישער יסוד פון קאָנצענטרירן דעם רצון פון די יחידים.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן בוי פון לאַנד און מיט זײן אַנטוויקלונג, איז געשטאַנען אַ מאָל אין דער קאָמיסיע די פראַגע פון דער אַנטוויקלונג פון דעם ים־וועזן. עס איז געווען אַ געדאַנק, אַז „אחדות העבודה" זאָל אפשר נעמען אויף זיך די אָרגאַניזירונג פון דעם ים־וועזן — קויפן שיפן. נאַטירלעך, לויט די

דעמאָלטיקע באַדינגונגען איז עס געווען אַ חלום, אָבער אַ מאָל איז די פראַגע אויפגעשטעלט געוואָרן פּראַקטיש. מען האָט געוווּסט, אַז עפּעס אַ קליין שיפל „החלוץ" איז צעבראָכן געוואָרן, נאָך דעם ווי זי איז אַרויף אויפן זאַמד אַ פּאָר קילאָמעטער פון יפו. וואָלט אפשר כדאי געווען אָפּצוקויפן דאָס שיפל און עס פאַרריכטן. נאַטירלעך, זענען ניט געווען צווישן אונדז קיין מומחים פאַר שיפן, אָבער אין תל־אביב, אין דעם זעלבן האָטעל פון דער פרוי הוז איז איינגעשטאַנען איינער אַ ייד, פראַנקפורטער, וואָס איז געווען אַ מאָל אַ קאַפּיטאַן פון דעם „פּרייוויליקן" (דאָבראָוואָלני) רוסישן פלאָט. אַזוי ווי רעוווּצקי האָט באַשלאָסן צו בלייבן אין לאַנד, האָט מען באַשלאָסן אים איבערצוגעבן דעם דאָזיקן ענין. דאַן איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט אַרויספאָרן זען דאָס שיפל. איך בין צוגעשטאַנען צו דער דאָזיקער קאָמיסיע ווי אַ פּרייוויליקער. מיר האָבן געדונגען פערד אין יפו און זענען געריטן זאַלבעפערט: פראַנקפורט, רעוווּצקי, פּינטשוק און איך. מיר זענען געריטן אַ פּאָר שעה ביז מיר זענען געקומען צו דעם אָרט, וווּ דאָס שיפל איז געווען פאַרזונקען אין ים. איך און פּינטשוק האָבן זיך אייגנטלעך נאָר אויסגעבאָדן אין ים, אָבער פראַנקפורט און רעוווּצקי האָבן בודק געווען דאָס שיפל. די מסקנה איז געווען, אַז עס איז ניט כדאי צו קויפן דאָס שיפל. נאַטירלעך, זענען מיר ניט געווען קיין רייטער ספּעציאַליסטן, אָבער איך האָב געריטן דאַן בעסער פאַר מיינע חברים, אָבער צופעליק איז מיין פערד געווען ניט קיין גוטער, האָב איך מקנא געווען רעוווּצקין, וואָס ער האָט אַ גוט פערדל און קען טאַקע ניט רייטן.

צוריק פון ברעג ים זענען מיר געריטן מיט די זאַמדן צווישן ים און דעם שאָסיי פון ראשון לציון — נס ציונה, וואָס האָבן געמאַכט דעם רושם פון אַן אמתן מדבר, ווּ עס האָט נאָך ניט געטראָטן קיין מענטשלעכער פוס. מיר זענען אַריין קיין ראשון לציון אין אַן אַכסניה. איך האָב מיט פּינטשוקן זיך אַרויסגעגנבעט נאָכן עסן, גענומען די פערד פון רעוווּצקין און פראַנקפורטן, און געמאַכט אַ גוטן ויברח. מיר האָבן אַריבערגעיאָגט ביי חסבון די מאַשין, אין וועלכער רובאַשאָוו איז געפאָרן פון ירושלים, און ער איז נתפּעל געווען פון אונדז אַלס גוטע רייטער. נאַטירלעך, האָט מיר שפּעטער רעוווּצקי געמאַכט אַ גרויסן סקאַנדאַל און איך האָב אַ גאַנצן טאָג ניט געקענט אויפשטיין פון בעט, ניט צוליב רעוווּצקיס סקאַנדאַל, נאָר ווייל עס האָבן מיר וויי געטאָן אַלע ביינער.

ווען ס'איז אין מערץ 1919 געגרינדעט געוואָרן די פּאַרטיי „אחדות העבודה", זענען געווען אַ פּאָר חברים פון פּועלי־ציון, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַריינגיין אין דער פּאַרטיי. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר אָרטאָדאָקסאַלע פּועלי־ציון און די נייע פּאַרטיי האָט זיי ניט באַפרידיקט. זיי האָבן געהאַט טענות צו

אונדז, הלמאי האָבן מיר אָנערקענט אין שטאָקהאָלם די „אחדות העבודה", ווי די פּאַרטיי פון פאַרבאַנד. סוף 1919 האָבן זיי געגרינדעט אַ נייע פּאַרטיי „פּועלי־ציון". היות ווי לויט מיינע אַנשויונגען האָב איך זיך געהאַלטן נענטער צו זיי, בין איך נאַטירלעך געשטאַנען מיט זיי אין פאַרבינדונג. מיר האָבן אַפילו געהאַט אַ מאָל אַ באַראַטונג, אין וועלכער עס האָבן גענומען אָנטייל חאלדיי, סטודניאַ פון חיפה, קאַסאַי, דאַכט זיך אַז אויך צמרי (וואָל), וואָס איז געווען איינער פון די באַפּרייטע לעגיאָנערן און שפּעטער אַ מושבניק אין דעם מושב פון די באַפּרייטע זעלנער — אַביחיל (געשטאָרבן אין יאָר 1959). אין דער באַראַטונג האָט גענומען אָנטייל נאָך אַ חבר, וואָס האָט געהייסן מאירסאָן, וואָס איז אייגנטלעך פריער ניט געווען קיין פּועלי־ציון, אָבער דאַן צוגעשטאַנען צו דער גרופּע. וועגן אים וועט מיר נאָך אויסקומען שפּעטער צו דערציילן. בדרך־כלל האָב איך ניט געקענט ריידן העברעיש און גערעדט נאָר יידיש, די חברים פון „אחדות העבודה" האָבן מיר דעריבער קיין איין מאָל ניט פאָרגעשלאָגן צו האַלטן אַן עפנטלעכן רעפעראַט. נאָך אין יאָר 1913 איז געווען אַ סקאַנדאַל מיט ד"ר זשיטלאָווסקין, ווען ער האָט רעפערירט אין יידיש. זעענדיק, אַז מיינע אָפיציעלע חברים האָבן ניט געוואָלט, אַז איך זאָל רעפערירן, האָב איך מסכים געווען צו דער בקשה פון דער דאָזיקער גרופּע „פּועלי־ציון", אַז זיי זאָלן מיר איינאָרדענען אַ פאָרלעזונג. זיי האָבן שוין אָפּגעדרוקט מודעות אין שטאָט און דאַן האָט מען אַוועקגעשטעלט דעם ענין אויף אַ זיצונג פון דער קאָמיסיע, און מען האָט געוואָלט מיר פאַרווערן צו האַלטן די פאָרלעזונג, מחמת די דאָזיקע גרופּע געהערט ניט צום וועלט־פאַרבאַנד. איך מוז זיך איצט מודה זיין, אַז ווען מיר אין שטאָקהאָלם וואָלטן געוווסט, אַז עס זענען דאָ פּועלי־ציון אין א"י, וועלכע זענען ניט אַריין אין דער נייער פּאַרטיי, בין איך גאָרניט זיכער, צי מיר וואָלטן געהאַנדלט אַזוי, ווי מיר האָבן געהאַנדלט אין שטאָקהאָלם. איך האָב אויף דער זיצונג פון דער קאָמיסיע געטענהט, אַז איך וויל ניט מען זאָל מיר פאַר־מאַכן דאָס מויל, און אויב די אָפיציעלע פּאַרטיי אָרדנט מיר ניט איין קיין פאָר־לעזונג, בין איך גרייט צו רעפערירן ביי די חברים, וועלכע אָרדענען מיר יאָ איין אַ פאָרלעזונג. צום סוף איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען וועט מיר איינ־אָרדענען אַ פאָרלעזונג, בתנאי איך זאָל ניט רעפערירן ביי די פּועלי־ציון. איך האָב געמוזט מסכים זיין, אָבער די חברים פון „אחדות העבודה" האָבן זייער הבטחה ניט געהאַלטן, הגם איך האָב יאָ מבטל געמאַכט מיין פאָרלעזונג ביי דער גרופּע פּועלי־ציון. בכלל זענען מיינע באַציִונגען מיט די חברים פון „אחדות העבודה" אין די לעצטע וואָכן פון מיין זיין אין א"י ניט געווען כשורה. אין חודש מאַי איז פאָרגעקומען די קאָנפערענץ פון די אייזנבאַן־אַרבעטער. איך בין אַהין איינגעלאַדן געוואָרן דורך דעם קאָמיטעט און איך האָב זיי

באַגריסט. נאָך מיר איז דערשינען בן־גוריון און האָט מיך שטאַרק אָנגעגריפן (דער מענטש, וואָס האָט נאָך ניט געלערנט אונדזער שפּראַך״...), אַלס פּראָטעסט האָב איך פאַרלאָזן די קאָנפערענץ.

די גרופּע פּועלי־ציון האָט דאַן אַרויסגעלאָזט אַן איינמאָליקן זאַמל־העפט אין יידיש אונטערן נאָמען „אונדזער אמת״. מען האָט מיך געבעטן איך זאָל געבן אַן אַרטיקל. איך האָב מסכים געווען, איך האָב אָבער ניט געקענט אונטערחתמענען מיין נאָמען און געחתמעט מיטן פּסעוודאָנים „נ. בראָדער״. אינטערעסאַנט איז, אַז מיט דעם מאמר האָט פּאַסירט אַ מאָדנע זאַך. דער לינקער טייל אין פאַר־באַנד — דאָס א. ב., וואָס צו אים איז שוין צוגעשטאַנען אויך די טשעכישע פּאַרטיי, איז געשטאַנען אין ענגע פאַרבינדונגען מיט דער דאָזיקער גרופּע פּועלי־ציון. ווען די חברים אין טשעכיע האָבן באַקומען דאָס זאַמלהעפט, האָט מען ספּעציעל איבערגעדרוקט מיין אַרטיקל, — זיי האָבן ניט געוווּסט, אַז דאָס איז מיין אַרטיקל — ווייל איך בין שוין געווען פאַררעכנט ביי זיי פאַר אַ רעכטן, און אין דער באַמערקונג פון דער רעדאַקציע האָבן זיי שטאַרק געלויבט דעם אַרטיקל. זיי האָבן אַפילו געשריבן אין דער באַמערקונג, אַז דער יידיש אין דעם אַרטיקל איז אַ ספּעציעלער, „אַן אָריענטאַלישער״. ווען איך האָב דעם איבערגעדרוקטן אַרטיקל געלייענט האָב איך געלאַכט, אָבער פאַרדרוס האָבן געהאַט די חברים, ווען זיי האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, ווער דאָס איז דער „נ. בראָדער״. די חברים אין ארץ־ישראל האָבן צו מיין מאמר צוגעגעבן אַ באַמערקונג, פון דער רעדאַקציע, אַז זיי זענען מסכים מיט אַ פּאָר געדאַנקען פון דעם אַרטיקל, זיי האָבן אָבער ניט דערקלערט מיט וואָס זיי זענען ניט מסכים. דאָס ניט־איינשטימען מיט דעם אַרטיקל איז געווען ווייזט אויס דערפאַר, ווייל דעם אַרטיקל האָב איך געשריבן.

דער „אונדזער אמת״ האָט געהאַט אַ טייל אַרטיקלען געשריבענע אין העברעיש. און דעם אמת מוז מען זאָגן, אַז נאָר מיין אַרטיקל איז דאָרטן געווען ציוניסטיש, די איבעריקע זענען געווען זייער רעוואָלוציאָנערע, אָבער אין זיי איז ניט געווען קיין זכר פון ציוניזם. די דאָזיקע גרופּע, בראש מיט מאירסאָנען, איז עס די, וואָס האָט שפּעטער געגרינדעט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין ארץ־ישראל נאָך אַ פּאָר גילגולים, וואָס וועגן זיי וועל איך נאָך איבערגעבן.

ווי פאַר אַ מענטש, וואָס איז געקומען פון אייראָפּע, זענען פאַר מיר געווען אַ סך זאַכן מאָדנע. מיינע איינדרוקן האָב איך דאַן איבערגעגעבן אין דער פּאַרטיי־צייטונג אין וואַרשע, איך האָב אויך שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ באַזונדערע בראָשור וועגן די קבוצות אין ארץ־ישראל.

ווען דו קומסט אַריין קיין ארץ־ישראל און הייבסט זיך אָן באַגעגענען מיט פאַרשיידענע מענטשן, וואַרפט זיך דיר אין די אויגן, אַז די וועלט־אָנ־

שויוּנגען פון די דאָזיקע מענטשן, אַפילו פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, אַז זייער פּסיכאָלאָגיע איז עפּעס אַ ספּעציפישע און עפּעס אַזוי ניט־גלייך צו אונדזערע אָנשויוּנגען און פּסיכאָלאָגיע. און אויב דו לעבסט אַ ביסל לענגער אין לאַנד און קוקסט זיך צו צו די סאָציאַלע באַציִונגען, הייבסטו דאַן אָן צו פאַרשטיין די סיבה דערפון. מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז יעדעס לאַנד האָט זיינע ספּעציפישע פּראָדוקציע־באַדינגונגען, און זיי אָנטהאַלטן ניט נאָר די באַדינגונגען פון קלימאַט, געאָגראַפיע, פאַרשיידענע נאַטירלעכע באַדינגונגען, נאָר אויך אַ גאַנצן קאָמפּלעקס פון געזעלשאַפטלעך־סאָציאַלע באַדינגונגען.

מאַרקס האָט דער ערשטער אַנטדעקט די טענדענצן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג און די סטאַדיעס, וואָס זי גייט אַדורך. ער האָט אונדז געלערנט, ווי איין געזעלשאַפטלעכע שיטה גייט איבער אין דער צווייטער, ווי איינע וואַקסט אין שויס פון דער צווייטער, ביז עס ברעכט אויס די רעוואָלוציע, וועלכע ברענגט צו דער ענדערונג אין די באַציִונגען צווישן די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס קעמפן איינע קעגן דער צווייטער, ווען די נייע סטאַדיע באַפרייט אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן די פאָרמען פון לעבן פון דער אַלטער אָרדענונג. פון דאַנען דרינגט אַרויס, אַז ביים אַנאַליזירן די אָדער יענע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, קען מען געפינען רעשטלעך פון דער סטאַדיע, וואָס מען איז שוין אַדורך, ווי אויך אָנהייבן פון דער קומענדיקער סטאַדיע. אַז דו קוקסט זיך צו צו ארץ־ישראל, געפינסטו עפּעס אַ מאָדנעם און אַ משונהדיקן זיווג פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונגען פון פאַרשיידענע תקופות.

אין אַראַבישן דאָרף זעען מיר דאָס פולע אַלטע פּאַטריאַרכאַלישע לעבן. דער אַראַבער קויפט זיין פרוי. און וואָס רייכער ער איז, אַלץ מער ווייבער האָט ער. די ווייבער זענען אייגנטלעך היימישע בהמות, וואָס אַרבעטן אַ סך. ער, דער באַלעבאָס, אַרבעט ווייניק, ער שיקט זיינע ווייבער אויף די פעלדער אָדער ער פאַרדינגט זיי צו אַנדערע. אויף די וועגן קען מען אָפט זען, ווי דער אַראַבער רייט אויפן פערד אָדער אייזל, און זיין פרוי מיטן קינד אין איין האַנט און מיט די פּעקלעך אין דער צווייטער האַנט גייט אים נאָך. אַז מען בויט דעם שאָסיי, זיצט זיך דער אַראַבער — דער אַרבעטער — און וואַרט, ביז די קליינע אַראַבקעס ברענגען אים אין קוישלעך שטיינער (דאָס איז די שווערע אַרבעט) און שפּעטער באַנוצט ער די שטיינער צום שאָסיי.

אין דאָרף הערשט דער שייך און אַ מאָל הערשן אַ פּאָר שייכן, וואָס קעמפן צווישן זיך פאַר דער מאַכט. דאָס זענען די „עלטסטע" פון די אַמאָליקע שבטים. די שייכן טוען גאָרניט, נאָר צוזאַמען מיט זייערע ראַטגעבער טרינקען זיי שוואַרצע קאַווע און רייכערן „נאַרגילעס" (איך האָב אויך אַ מאָל געפּרוּווט אין טבריה רייכערן אַ נאַרגילע, אָבער נאָך אַ מינוט האָט מיר אָנגעהויבן

שווינדלען דער קאָפּ און איך האָב געענדיקט מיט דער נאַרגילע אויפן גאַנצן לעבן). דער שייך איז דער אמתער הערשער אין דאָרף און ער האָט כמעט דאָס רעכט אויף טויט און לעבן פון זיינע „בירגער" — ווען איך בין דאָרט געווען איז די מאַכט פון שייך געווען שוין אַ ביסל באַגרענעצט דורך דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע, ווייל דאָ האָט זיך דאָס אוראַלטע לעבן באַגעגנט מיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דער שייך איז דער שופט, ער איז דער מיליטערישער פירער, דער שייך שיקט זיינע „בירגער" גנבענען און פון אים קען מען צוריק באַקומען די גניבה (ווי אַ מאָל אין וואַרשע נאָך אין מיינע צייטן, ווען איבער אַלע גנבים האָט געהערשט דער באַרימטער הערשעלע שפּיגעלגלאַס, וואָס האָט געהאַט אַ שיין איינגעאָרדנט ביוראָ, מיט באַאַמטע און ביי וועמען מען האָט געקענט באַקומען צוריק אַלע גניבות).

איבער אַ פּאָר דערפער זיצט זיך אַ טיפּישער פעאָדאַל, וואָס האָט די גרויסע לאַטיפונדיעס, ווי, למשל, דער סורסוק אין עמק יזרעאל, קאָמעל עפענדי אין אויבערשטן גליל. צו זיי געהערן צענדליקער דערפער און טויזנטער דונאַם ערד. די דערפער באַצאָלן שטייערן דעם פעאָדאַל, און זיי באַאַרבעטן די פעלדער פון פעאָדאַל און באַצאָלן אַ לייבן־חלק פון דער גערעטעניש. אַז דער פעאָדאַל פאַרקויפט די באָדנס, פירט ער אַריבער די גאַנצע דערפער פון איין אָרט אויף אַ צווייטן. און אויב דער פעאָדאַל פירט אַ מלחמה קעגן אַ צווייטן פעאָדאַל, אָדער אויב דער פעאָדאַל מישט זיך אַריין אין עפּעס אַ מיליטערישער אַוואַנטורע, אַזוי ווי אין יענער צייט, אין ד'ער אַוואַנטורע פון דעם מלך פייזאַל, מוזן די דערפער געבן זעלנער.

אַחוץ די איינגעזעסענע פעלאַכן, וואָס זיצן אויף איין אָרט, וואַנדערן איבערן לאַנד פון איין עק צום צווייטן די בעדויִנער מיט זייערע סטאַדעס און געצעלטן. טיפּישע נאָמאַדן מיט ד'ער טיפּיש נאָמאַדישער פּסיכאָלאָגיע. מען לעבט פון פּיצוכט און פון... גזילות. יעדער איינער איז באַוואָפנט און דווקא מיט אַ גוטן פראַנצויזישן אָדער ענגלישן ביקס, אַנשטאָט אַ בויגן מיט פיילן. דאָ האָט נאָך אַ מאָל די מאָדערנע צייט זיך אַריינגעריסן אין דעם אור־אַלטן לעבן. אַ גזילה רעכנט זיך ווי אַ פאַרדינסט. און אויב ער איז דער שטאַרקערער האַלט דער בעדויִנער, אַז ער האָט דאָס רעכט צוצונעמען ביים שוואַכערן אַלץ, וואָס יענער האָט, און די מענטשן פון הייִנט, די יידן, רופט ער „דאָס טויטע פאָלק", ווייל דער ייד זעט אין דעם אַ פּשוטע גזילה און לעבט ניט פון שווערד.

ווען מען גייט אַריבער פון די דאָזיקע פּאַטריאַרכאַלע דערפער, און פון די נאָמאַדישע געצעלטן, און אַפילו פון די, טייל מאָל, מאָדערנע הייזער פון די פעאָדאַלן אין די שטעט, געפינט איר דאָרט די טיפּישע אינדוסטריע פון דער מאַנופאַקטור־תקופה, הן ביי די אַראַבער, הן ביי די יידן. שוסטער, שניידער,

בלעכער, שמידן, קאָלדרע־מאַכערס (עכו) אַרבעטן אין קליינע אַראַבישע הייזלעך מיט איינעם אָדער צוויי געזעלן. זעלטן ווען קען מען געפינען אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער. די גאַסן זענען שמאָל און שמוציק, אַ פּור קען דאָרט ניט אַדורך — דאָס דערמאָנט דיר די מיטלאַלטערלעכע צייטן. מען אַרבעט אָן מאַשינען, פּרימיטיוו.

צוזאַמען דערמיט קען מען זען שוין גרעסערע וואַרשטאַטן מיט מאַשינען און מאָטאָרן, מיט אַ צאָל אַרבעטער ביז צען, מען קען שוין געפינען אַ פאַבריק מיט 30—50 אַרבעטער, נאַטירלעך איז זייער צאָל קליין. אַזוי, למשל, עקזיסטירט אַ שלאָסעריי אין טבריה, אַ שוך־פאַבריק אין יפו, די פאַבריק פון וואַגנער, בצלאל, ווו עס אַרבעטן ביז הונדערט אַרבעטער, וכדומה. די דאָזיקע פאַבריקן און די לאַנדווירטשאַפט אין די קאָלאָניעס, ווי אויך דער האַנדל, דער אינער־לעכער און דער אויסערלעכער, דערמאָנען דיר, אַז דו לעבסט דאָ שוין אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

אין דער שטאָט קען מען שוין געפינען קאָאָפּעראַטיוון פון אַרבעטער, למשל, אַ קאָאָפּעראַטיוו פון שלאָסער, פון סטאָלאַרעס (אין חיפה), קאָאָפּעראַטיוון פון דרוק־אַרבעטער, שוסטער, סטאָליאַרעס אין יפו, די קאָאָפּעראַטיוון פון סטאָליאַרעס, שוסטער, דרוק־אַרבעטער, אַרבעטער פון וואַסער־רערן אין ירושלים. אַלע מאַכן אין אַ געוויסער מאָס דעם רושם פון פּראָטאָטיפּן פון דער קומענדיקער סאָציאַליסטישער אָרדענונג. די לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות מאַכן באמת דעם רושם פון סאָציאַליסטישע אינדזלען, דאָס זעט אויס ווי קליינע סאָציאַ־ליסטישע געזעלשאַפטן. די אַרבעט און דאָס עסן איז בשותפותדיק. דאָ איז ניטאָ קיין פּריוואַט־אייגנטום, אַחוץ זאַכן פון פּערזענלעכן געברויך, אָבער אויך דאָס ניט שטענדיק, און די אַרבעטער פילן זיך פריי, אַרבעטן פון גוטן ווילן, ניט אַזוי כדי צו האָבן פּרנסה, נאָר פון ליבע צו דעם לעבן און צו דער ערד. דאָס זענען פרייע געזעלשאַפטן, וואָס אַרבעטן אָן פּריוואַט אייגנטום. נאַטירלעך אויך דאָ זענען דאָ חסרונות, אָבער עס איז דאָ אינטערעסאַנט די קאָלעקטיווע צואייגענונג פון דעם מערוועדט. דאָ איז אויך אינטערעסאַנט די באַציִונג פון די חברים אין די קבוצות. מען פרעגט דיך ניט, ווער דו ביסט, דו זעצסט זיך אַנידער צום טיש, דו עסט צוזאַמען מיט די חברים פון דער קבוצה, מען גיט דיר אַן אָרט צו שלאָפן, און אַלץ איז, נאַטירלעך, אומזיסט. די חברים וואָלטן זיך באַליידיקט, ווען מען וואָלט זיי פאָרגעלייגט צו באַצאָלן...

מען זעט, אַלזאָ, אין לאַנד די רעשטלעך און אָנהייבן פון געזעלשאַפטלעכע סטאַדיעס. און דאָס אַלץ, אַזוי מאָדנע, צוזאַמען, ווייל די אַלע גרופּעס זענען ניט איזאָלירט איינע פון דער צווייטער, זיי געפינען זיך אין שטענדיקער פאַר־

בינדונג. די געזעלשאַפטלעך־סאָציאַלע באַזונדערקייט מוז, נאַטירלעך, שאַפן אויך אַ ספּעציפֿישע פּסיכאָלאָגיע, וואָס איז געווען כמעט אומפאַרשטענדלעך פאַר אונדז, וואָס לעבן אין דער תקופה פון איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם. דעריבער קען מען דאָ געפינען גוטע סאָציאַליסטן, אָבער מיט אַ געפיל פון זעלבסטווערדע, ווי אין די מיטלאַלטערלעכע צייטן, אָדער מיט אַ מאָדנער נטיה צו מיליטאַריסטישע אַוואַנטורעס. דו זעסט דאָ אַן אויפגעקלערטן אייראָפּעישן אַראַבער פון דמשק, וואָס לעבט ביי אַ שייך און פּאַסט זיך צו צום מיטלאַלטער, און אַליין לאַכט ער דערפון. מען קען דאָ קאַפּיטאַליסטן אויך זען מיט אידעאַליסטישע שטרעבונגען...

אַז מען לייענט וועגן ארץ־ישראל דערוויסט מען זיך, אַז דער באָדן איז דאָ פול מיט שטיינער און איז ניט פּרוכטבאַר. דאָס איז אין אַ געוויסער מאָס ריכטיק, אָבער ניט כלפּי דעם גאַנצן לאַנד. גרויסע שטחים באָדן זענען ניט באַאַרבעט, אָבער ניט דערפאַר, וואָס זיי טויגן ניט באַאַרבעט צו ווערן, נאָר אַ דאַנק די אייגנשאַפטן פון דער אָרטיקער אַראַבישער באַפעלקערונג, וואָס זיצט אויפן באָדן הונדערטער יאָרן. דער אַראַבער אַרבעט אויף אַ גאַנץ פּרימיטיוון שטייגער, ער באַנוצט זיך ניט מיט דער קראַפט פון פערד, ער ווייסט ניט, וואָס דאָס איז מאָדערנער אַקער. מען אַקערט מיט דעם אַראַבישן באַרימטן „טשוואָק” און מיט דער הילף פון אַן אייזל, און אַ מאָל שפּאַנט דער אַראַבער איין אין אַקער צוזאַמען מיטן אייזל אויך זיין ווייב. מען אַקערט אַ מאָל אויך מיט אַ קעמל, וואָס גייט זיך לאַנגזאַם און שטאָלץ, מען מוז אים שלעפן פאָרויס. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט מען ניט געוווסט, וואָס דאָס איז אַ וואָגן. עס האָט מיר דערציילט אַ קאָלאָניסט פון נס־ציונה, אַז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען די אַראַבער האָבן דערזען אַ וואָגן, האָבן זיי זיך נאָכגעפרעגט, וואָס דאָס איז. זיי האָבן ניט קיין מאַשינען צו דרעשן, צו שניידן און צו בינדן. מען דרעשט אויף אַ זייער פּרימיטיוון אופן: מען נעמט צונויף די תבואה אויף איין אָרט, אין מיטן שטייט אַ סלופּ, צו אים איז צוגעבונדן אַן אייזל אָדער אַ קעמל, און אַ גאַנצן טאָג טרייבט מען אים אַרום דעם סלופּ. אויב ערגעץ ווו קויפט זיך דער עפּענדי אַ מאַשין, שטייט זי על־פּי רוב אַ צעבראָכענע, ווייל די אַראַבישע אַרבעטער ווייסן ניט ווי זיך צו באַנוצן מיט איר, אָדער ווי עס האָט אַ מאָל פּאַסירט, זיי לייגן אַריין שטיינער אין דער מאַשין מיטן צוועק זי קאַליע צו מאַכן (דאָס דערמאָנט די מלחמה קעגן די מאַשינען אין אָנהייב פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אין מערב־אייראָפּע — די לודיסטישע באַוועגונג אין ענגלאַנד אין סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט). דער אַראַבער, בדרך כלל, באַמיסטיקט ניט די פעלדער, און ביז דער לעצטער צייט האָבן זיי ניט געוווסט, וואָס צו טאָן מיט דעם מיסט פון זייערע בהמות, און פלעגן די מיסט פאַרקויפן

די יידישע קאָלאָניסטן. דער אַראַבער פּוילט זיך צו רייניקן דעם באָדן פון שטיינער און דערנער, און פון אַ גרויסן שטח פון באָדן קלייבט ער אויס אַ קליין שטיקל גוטן באָדן, מיט ווייניק שטיינער און דערנער. און איז משך פון לאַנגע יאָרן אַקערט ער דאָס שטיקל באָדן מיט זיין „טשוואָק" אָן באַמיסטיקונג. למשל, אויפן כרמל האָט די קבוצה, וואָס אַרבעט דאָרט אויפן באָדן פון קרן קימת, צוגעגרייט אַ שטח באָדן פון הונדערט דונאַם, און פון דעם שטח האָבן די אַראַבער נאָר צען דונאַם, ווייל דאָס זענען געווען שטיקלעך גוטער באָדן אָן דערנער און שטיינער. אין צפון פון ים כנרת איז דאָ אַ סך באָדן פול מיט שטיינער, און דער באָדן איז ניט באַאַרבעט געוואָרן. אָבער די יידן פון מגדל האָבן באַוויזן וואָס מען קען אויפטאָן מיט אַרבעט און געלט, ווען זיי האָבן אויסגערייניקט הונדערטער דונאַם באָדן. אין מרחביה האָב איך געזען אויף צוויי שטחים ערד, וואָס גרענעצן זיך איינער מיטן צווייטן, דעם אונטערשייד אין דעם שניט פון אַ באַמיסטיקטער און פון אַ ניט באַמיסטיקטער ערד. דעריבער קען מען פאַרשטיין, פאַר וואָס דער דאָזיקער באָדן, וואָס איז „געפלאָסן מיט מילך און האָניק" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וויסט לאַנד. אויב מען זאָל איני־וועסטירן אין באָדן געלט און אַרבעט, אויב מען זאָל אַריבערגיין פון אַן עקסטענסיווער צו אַן אינטענסיווער שיטה, אויב מען זאָל איינפירן די מאָדערנע טעכניק אָנשטאָט דער פּרימיטיווער שיטה, קען דער באָדן זיין זייער פּרוכטבאַר. אין אַ פּאָר ערטער אין לאַנד, שוין צו יענער צייט, ווי, למשל, אין עמק יזרעאל, אָדער אין דער סביבה פון דגניה, איז דער באָדן שוין געווען פּרוכטבאַר. נאַ־טירלעך, אין אַ סך ערטער איז דאַן געווען אַזוי פיל שטיינער, ספּעציעל אין די ירושלימער בערג, אַז מען מוז אינוועסטירן אַ סך מי (ווי דאָס איז טאַקע געמאַכט געוואָרן אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען מען זעט די טעראַסעס אַרום ירושלים). אין יענער צייט זענען דאָך געווען אַרום ירושלים טעראַסעס, ווו עס זענען געוואַקסן פּרוכטביימער, אַליוון־ביימער און מאַנדל־ביימער. און דעריבער האָט מען דאַן געקענט פעסטשטעלן, אַז די אַראַבער אין דער ירושלימער סביבה האָבן דאָך געאַרבעט מיט ענערגיע און עפּעס דערגרייכט.

שוין צו יענער צייט האָבן יידן זיך באַנוצט מיט פּרדות און פערד, געאַקערט מיט אַ מאָדערנעם אייראָפּעישן אַקער, ביסלעכווייז איינגעפירט מאַשינען. למשל, אין דגניה און כנרת האָב איך געזען מאַשינען וואָס זייען, שניידן און בינדן, אין מקוה־ישראל איז שוין געווען אַ טראַקטאָר, אָבער די מאַשינען קאָסטן טייער, און די פּריוואַטע קאָלאָניסטן האָבן זיי ניט, און דאָס אויסרייניקן פון שטיינער איז ניט געווען אין דער מעגלעכקייט פון אַ פּריוואַטער פּערזאָן. מען מוז האָבן גרויסע ביודזשעטן פאַר דער לאַנדווירטשאַפט און פאַר די קבוצות.

אין גאַנץ יהודה זעט מען על־פּי־רוב גערטנער, פון מאַנדלען, טרויבן און אָראַנזשן, און אין גליל לעבט מען אויף פלחה (תבואה) און גרינסן.

צו יענער צייט זענען אין לאַנד געווען צוויי מינים פון קבוצות. „קבוצות קבלניות" — וואָס האָבן גענומען אויף זיך אויספירן אַן אַרבעט, און „קבוצות של התישבות", קבוצות, וואָס האָבן זייער אייגענע ווירטשאַפט. צום ערשטן מין קבוצות געהערן די, וואָס נעמען אויף זיך, צום ביישפּיל, אַרבעט פון פלחה, אָדער פלאַנצונגען, אָדער דורכפירן אַ שאָסיי, אָדער אויסטריקענען בלאָטעס אָדער בויען הייזער. אַזעלכע קבוצות זענען ניט געווען קיין סך אין יענער צייט. מיר האָט דערציילט דער חבר יוסף אַהראָנאָוויטש (שפּעטער דער דירעקטאָר פון דער אַרבעטער־באַנק, געשטאָרבן מיט אַ פּופצן יאָר צוריק, איינער פון די פירער פון „הפּועל הצעיר", איינער פון די אָרנטלעכסטע מענטשן, וואָס איך האָב געקענט אין לאַנד), אַז ער איז אַ מאָל געווען אַ חבר אין אַזאַ קבוצה, וואָס האָט געאַרבעט אין ראשון לציון. זיי האָבן באַקומען אַ באַשטעלונג ביי אַ קאָלאָניסט אויסצוגראָבן אַ גרוב פאַר אַ באַשטימטן פּרייז פאַר דער גאַנצער אַרבעט. עס האָט אָבער פּאַסירט, אַז דער באָדן איז געווען זייער אַ האַרטער, און די חברה האָט שווער געאַרבעט און דער פּרייז איז געווען קאָלאָסאַל נידעריק אין פאַר־גלייך מיט דער קוואַליטעט און צייט פון דער אַרבעט. דער קאָלאָניסט האָט אַליין פאַרשטאַנען, אַז די קבוצה איז אַריינגעפאַלן, און ער האָט פון זיין גוטן ווילן באַשלאָסן צוצוגעבן צום באַשטימטן פּרייז אַ גאַנצן נאַפּאָלעאָן (צוואַנציק פראַנק). האָט מען צונויפגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג און מען האָט באַהאַנדלט די פראַגע, צי מען מעג נעמען דעם צוגאָב פון דעם קאָלאָניסט, ווייל אויב מען זאָל נעמען דעם נאַפּאָלעאָן, וועט עס ניט זיין קיין כיבוש העבודה. און מען האָט באַשלאָסן ניט צו נעמען דעם נאַפּאָלעאָן. די דאָזיקע מעשה איז זייער באַלערנדיק: דאָס ווייזט, אַז די אַרבעטער האָבן געאַרבעט ניט צוליב פּרנסה, נאָר כדי זיך צוצוגעוווינען צו אַרבעט און, דער עיקר, כדי צו אַרבעטן ביליק און איינצופירן ידישע אַרבעט.

די דאָזיקע קבוצות זיצן גאַנץ אָפט אָן אַרבעט און זייער עקאָנאָמישער מצב איז זייער ניט קיין זיכערער. ניט אַלע מאָל איז דאָ אַרבעט, די רעגן־טעג, ווען מען אַרבעט ניט, גייען אויף זייער חשבון. דער קאָלאָניסט אינטערעסירט זיך ניט, צי דער אַרבעטער אַרבעט אָדער ניט: אים אינטערעסירט נאָר דער רעזולטאַט פון דער אַרבעט, די פאַרענדיקטע אַרבעט. צו דעם מין געהערן אויך די קבוצות, וואָס פאַרנעמען זיך נאָר מיט פלאַנצונגען, ד. ה. זיי האָבן משתלות און זיי פאַרקויפן די פלאַנצן. זיי נעמען אַ מאָל אָן אַרבעט בקבלנות (אין פּאַדריאַד) פון ועד הצירים. אַזאַ קבוצה איז געווען, למשל, אין תלפּיות, לעבן ירושלים. זי האָט אין יענער צייט באַקומען אַן אַרבעט פון ועד הצירים אויף

פּלאַנצן עטלעכע צענדליק טויזנטער עקאַליפּטוסביימער. איך האָב שוין דער־מאָנט די קבוצה אויפן הר הכרמל.

אַזעלכע קבוצות זענען על־פּי־רוב אָרגאַניזירט דורך „אחדות העבודה" און „הפועל הצעיר". אַזוי, למשל, האָט „אחדות העבודה" גענומען דעם פּאַדריאַד צו פּלאַנצן ביימער אויפן באַרג כנען (לעבן צפת). די הייזער אַרום דעם טעכניקום אין חיפה זענען געבויט געוואָרן דורך אָרגאַניזירטע בוי־אַרבעטער פון „אחדות העבודה" און טיילווייז פון קפא"י. אין יענער צייט האָט „אחדות העבודה" אָנגענומען דעם פּאַדריאַד פון דער רעגירונג צו בויען דעם שאָסיי צווישן דער באַן־סטאַציע צמח און טבריה (דער שאָסיי האָט געדאַרפט דורכגיין דורך דגניה א' און כנרת, און אויך חמי־טבריה, דאָרט האָבן דעמאָלט שוין געאַרבעט זעקס הונדערט חברים). אין די דאָזיקע שאָסיי־אַרבעטן איז געמאַכט געוואָרן אויך דער פּרווו צו באַשעפטיקן אַראַבער, אָבער דער פּרווו האָט זיך ניט איינגעגעבן. אַנדערע שאָסיי־אַרבעטן, צווישן חיפה און נצרת, האָט באַקומען פון דער רעגירונג דער „הפועל הצעיר". עס איז כדאי אונטערצושטרייכן, אַז דער פּאַרטייאישער קאַמף צווישן דיביידע פּאַרטייען האָט געפונען זיין אויסדרוק אויך ביי די אַרבעטן, אין פּאַרשיידענע סיכסוכים צווישן די אַרבעטער און אַרומרייסענישן אין פּאַרלויף פון דער אַרבעט גופא. איך האָב אויך געזען אין ימה (יבנאל) אַ קבוצה, וואָס האָט געפּלאַנצט ביימער ביי די קאָלאָניסטן. אַזאַ קבוצה איז אויך געווען די קבוצה „אחוה" אין פּתח־תקוה.

אַ סך פּאָפּולערער זענען געווען דאַן די לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות און זייער באַדייטונג פאַר דער קאָלאָניזאַציע איז געווען אַ סך אַ גרעסערע. דאָס זענען די קבוצות, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט לאַנדווירטשאַפט אויף זייער אייגענעם חשבון און אין אַ באַשטימטן אָרט. צווישן זיי זענען אויך געווען צוויי טיפּן פון קבוצות מיט אַ געמישטער ווירטשאַפט, און קבוצות, וואָס האָבן נאָר געאַרבעט אין איין צווייג: אָדער גרינסן אָדער פּלאַנצונגען. די קבוצות פון צווייטן טיפּ זענען שוין כמעט אין יענער צייט ניט געווען בנמצא. פון זיי האָב איך געזען בלויז איינע, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט גרינסן אין כנרת, און אַ צווייטע — מיט פּלאַנצונגען אין מרחביה.

אין דער צייט פון מיין זיין אין לאַנד איז שוין געווען זייער פּאָפּולער די קבוצה מיט אַ געמישטער ווירטשאַפט. זיי זיצן אויפן באָדן פון קרן קימת און אין אויבערשטן גליל אויפן באָדן פון פּיק"א. טייל מאָל, ווי אין כרכור, דינגען זיי באָדן ביי אַ פּריוואַטן קאָלאָניסט.

דאָס לעבן אין די דאָזיקע קבוצות איז כמעט קאָמוניסטיש. יעדע קבוצה איז אַן אָפּגעזונדערטע ווירטשאַפט, און נאָר אין צייט פון שניט קומט מען אין באַרירונג מיטן מאַרק אין לאַנד. די חברים אין דער ווירטשאַפט האָבן

אייגענע גרינסן, ברויט און מילך (ברויט ניט גענוג). אָבער אַ סך זאַכן דאַרפן זיי קויפן אין דרויסן: אייל, פלייש וכדומה. אין דער קבוצה איז כמעט ניטאָ קיין פּריוואַט־אייגנטום. אַלע באַדערפענישן ווערן באַפרידיקט אויפן חשבון פון דער אַלגעמיינער קאַסע, און אין דער קאַסע גייט אַריין אַלץ, וואָס דער חבר פאַרדינט. טאַבאַק, למשל, קויפט מען פאַר דער גאַנצער קבוצה. אַז אַ חבר דאַרף פאָרן אין שטאָט אָדער היילן זיך אין שפּיטאָל, אָדער אַפילו פאָרן קיין טבריה באָדן זיך אין די דאָרטיקע וואַסער־קוואַלן, באַקומט ער געלט אויף הוצאות פון דער אַלגעמיינער קאַסע. אין קבוצות ווו די חברים זענען נאָך בענטער צווישן זיך, איז אַפילו ניטאָ קיין פּריוואַט־אייגנטום אויף זאַכן פון פּערזענלעכן געברויך, למשל, אויף העמדער, בלוזעס און קליידער. אין דגניה איז געווען אַן אינערלעכע גרופּע, וואָס האָט געלעבט אין פולשטענדיקער קאָמונע שוין אַכט יאָר.

אַז עס קומען געסט, פרעגט מען זיי ניט וועגן דעם ציל פון זייער באַזוך און ניט ווי לאַנג זיי האָבן בדעה צו פאַרבלייבן. בעיקר איז עס ריכטיק כלפּי אַרבעטער פון דרויסן, אָבער די זעלבע באַציִונג עקזיסטירט אויך כמעט כלפּי געסט־קאָלאָניסטן. די אורחים זעצן זיך צום טיש מיט אַלעמען גלייך, מען באַזאָרגט זיי מיט אַ נאַכט־לעגער און דאָס איז שוין פאַרבונדן מיט געוויסע אומבאַקוועמלעכקייטן פאַר די חברים פון דער קבוצה.

די אַרבעט ווערט אָנגעפירט על־פּי־רוב דורך קאָמיסיעס, וואָס ווערן גע־קליבן דורך אַלע חברים פון דער קבוצה, כדי עס זאָל זיך ניט אַנטוויקלען אין דער קבוצה דער טיפּ פון אַן עסקן, וואָס בדרך כלל אַרבעט ער ווייניק און וואָס מען האָט אים ניט ליב אין ארץ־ישראל, ווייל מען האָט אַלע מאָל פאַר די אויגן דעם טיפּ פון משגיח אויף די אַראַבישע אַרבעטער, וואָס זיין גאַנצע אַרבעט איז באַשטאַנען אין שרייען „יאַללאַ", דעריבער זענען אין די קבוצות געשאַפן געוואָרן פאַרשיידענע פאָרמען פון אַרבעט, וואָס מאַכן אוממעגלעך די אַנט־וויקלונג פון אַ ספּעציעלן מין פון קיבוצישער ביוראָקראַטיע. למשל, אין קבוצת טירה (לעבן חיפה), בייטן זיך די חברים אין די קאָמיסיעס לויטן אַלף־בית יעדע צוויי חדשים. נאַטירלעך האָט די פאָרעם אירע חסרונות, ווייל אויב עס בלייבט אַפילו ווער פון דעם פריערדיקן צוזאַמענשטעל פון דער קאָמיסיע, גייען אין איר אָבער אַריין על־פּי־רוב נייע חברים, וועלכע האָבן ניט די דערפאַרונג פון די פריערדיקע און דאָס קען נאַטירלעך ברענגען שאָדן. אינטערעסאַנט איז, אַז אויב עס דאַרפן אַריינגיין אין די קאָמיסיעס חברטעס, פלעגן זיי אין יענער צייט זיך אָפּזאָגן על־פּי־רוב. אין אַ פּאָר קבוצות זענען בכלל ניט געווען קיין קאָמיסיעס, און די גאַנצע אַרבעט פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג און אָפט אַפילו פאַר אַ גאַנצע וואָך ארדנט מען איין אין איין אָוונט, ביים עסן. ווייזט אויס,

אַז דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון דער ווירקונג פון די אַנאַרכיסטישע שטרעבונגען ביי די אַרבעטער. אויף דעם וועל איך זיך נאָך שפּעטער אָפּשטעלן.

די קיך איז אַ בשותפותדיקע. אין דער קיך האָבן געאַרבעט על־פּי־רוב חברטעס לויט אַ תור (ריי), אָדער אַ חודש, אָדער צוויי, שפּעטער האָט מען זיך געביטן. די קיך און די וועשעריי זענען זייער ניט קיין באַליבטע אַרבעט־צווייגן אין דער קבוצה. אין דער קבוצה האָט מען ניט געאַרבעט קיין באַשטימטע צאָל שעהען, דאָ זענען ניט פאַראַן קיין באַלעבאַטים. מען אַרבעט ווען מען דאַרף און וויפל מען דאַרף. ווינטער־צייט, אין די רעגנדיקע טעג, איז דאָ ווייניקער אַרבעט, ווייל מען קען ניט אַרבעטן אין פעלד, געפינט מען אַרבעט אין שטוב, אין שטאַל אָדער ביי די מאַשינען, דערפאַר אָבער אַרבעט מען אַ סך זומער־צייט און, הגם עס איז געווען הייס, היט מען נאַטירלעך ניט אָפּ דעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג.

מאַשינען עקזיסטירן נאָר אין די גרעסערע און עלטערע קבוצות, ווי דגניה, כנרת, מרחביה, מחנים; אַלע קבוצות חלומען וועגן אַ טראַקטאָר, אָבער צו יענער צייט האָט קיין שום קבוצה קיין טראַקטאָר ניט פאַרמאָגט. דעם אמת זאָגנדיק, איז דאַן דער שטח פון באָדן ביי יעדער קבוצה געווען צו קליין פאַר אַ טראַקטאָר. וועגן דעם טראַכטן שוין די רייכערע קאָלאָניסטן, אָבער אין אָנהייב יאָר 1920 האָט זיך אַ טראַקטאָר געפונען נאָר אין מקוה־ישראל.

די בודזשעטן פאַרן אינווענטאַר פון די קבוצות גיט על־פּי־רוב דער ועד־הצירים. די קבוצות, וואָס אַרבעטן אויפן באָדן פון פיק״א (דאַן יק״א), באַקומען אַ טייל פון דעם אינווענטאַר פון דער געזעלשאַפט.

אַ פּאָר קבוצות זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דער איניציאַטיוו פון קפּא״י (פּ. א. פּ.). דאָס זענען די פינף קבוצות אין אויבערשטן גליל: מחנים, אילת השחר, חמרה, כפר גלעדי און תל־חי. די לעצטע דריי קבוצות זענען חרוב געוואָרן אין די געשעענישן פון פעברואַר ־אַפּריל, אָבער נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען דאָרט באַנייט די אַרבעט, אַחוץ אין חמרה, וועלכע איז פאַרברענט געוואָרן אין גאַנצן. דער פּ. אָ. פּ. האָט אויך געגעבן אַ טייל פון בודזשעט פאַרן אינווענטאַר פון די דאָזיקע קבוצות. ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, האָט דער ועד הצירים אין יאָר 1920־21 געגעבן אַ גרעסערן בודזשעט — 51 טויזנט פונט.

ווען עס וואָלט געבליבן ריווח אין דער קבוצה, וואָלט מען געדאַרפט אָפּרעכענען אַ חלק אויף אַמאָרטיזאַציע פון אינווענטאַר און דאָס איבעריקע צעטיילן צווישן די חברים. אין דער קבוצה זענען דאָ פערד און פרדות, מען זייט תבואה און גרינסן. זעלטענער געפינען זיך אין די קבוצות פלאַנצונגען, ווי טרויבן, מאַנדלען און אָליוון, מישמיש (קליינע אַפּריקאָסן) וכדומה. צו יענער צייט האָבן די קבוצות עקזיסטירט ערשט די ערשטע יאָרן און האָבן נאָך ניט

באַוויזן זיך צו באַשעפטיקן מיט פלאַנצונגען. אין דעם זין צייכענען זיך אויס די קבוצות אין גליל העליון, אין די קבוצות זיצן אַלטע פועלי־ציון מיט ברייטערע האָריזאָנטן. אין מחנים האָט מען געפלאַנצט אויך אַן אַליי פון עקאַליפּטוסן אויפן נאָמען פון ב. באָראָכאָוו, אויך איך האָב דאָרט געפלאַנצט אַ בוים.

כמעט אין אַלע קבוצות זענען דאַן געווען קי אָבער על־פּי־רוב פאַרן פערזענלעכן געברויך נאָר זעלטן האָט מען געקענט טרעפן אַ קבוצה באַזירט אויף מילך־ווירטשאַפט מיט די אַנטשפּרעכנדיקע כלים און אַן אָרגאַניזירטן פאַרקויף פון די מילך־פּראָדוקטן, ווי קעז, פּוטער אויפן מאַרק; דאָס איז געווען בן־שמן, און אפשר אויך מרחביה און מחנים. אָבער דער צווייג איז אַ סך ווייניקער אַנטוויקלט אין די קבוצות ווי אין דער פּריוואַטער ווירטשאַפט. בן־שמן פאַרקויפט אירע פּראָדוקטן אין תל־אביב, טירה — אין חיפה, צו יענער צייט איז געווען זייער ווייניק עופות אין די קבוצות. די חברים זענען ניט געווען קיין מומחים אויף דעם. ניט אַנטוויקלט איז אויך געווען דער בינען־צוכט. עס זענען געווען אַ 7—8 בינשטאָקן אין טירה, און עפּעס מער אין אילת השחר און מחנים. פאַר דער לעצטער צייט האָט מען אָנגעהויבן זיך צו פאַרנעמען מיט וואַרשטאַט־אַרבעט: דער סטאָליאַר־קאָאָפּעראַטיוו אין חיפה האָט געהאַט שוין אַ סך באַשטעלונגען אויף בינשטאָקן, אָבער עס האָבן געפעלט פאַכלייט. מען הייבט אָן דערפון, וואָס מען באַקומט אַראַבישע בינשטאָקן (זיי זענען געמאַכט פון ליים און זיי האָבן ניט קיין קינסטלעכע נעצן. די בינען מוזן די נעצן מאַכן אַליין, גייט אויף דעם אוועק די איבעריקע ענערגיע פון די בינען, בעת ווען ס'וואָלט געווען קינסטלעכע נעצן, וואָלט די ענערגיע ביי די בינען אַוועק אויף מאַכן האָניק).

פּסח־צייט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין מקוה־ישראל אַ קורס פון צוויי וואָכן פאַר פאָרשטייער פון די קבוצות צו לערנען בינען־צוכט און עופות־צוכט. מקוה־ישראל איז אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע שולע און די ערשטע זידלונג אין ארץ־ישראל (געגרינדעט אין יאָר 1871).

אין פּראָצעס פון דער אַרבעט זענען צו יענער צייט אויפגעשווומען אַ פּאָר פּראָבלעמען, וואָס באַשעפטיקן איצט שטאַרק די חברים. אין זייערע ערשטע שריט האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויפן פּראָבלעם פון פרויען־אַרבעט. די פרוי איז דאָך ניט מסוגל צו דער שווערער אַרבעט אין פעלד יעדנפאַלס דאָס רוב חברטעס קענען ניט אַרבעטן אַזוי פּראָדוקטיוו ווי די חברים. און פון דער צווייטער זייט זענען דאָך געווען אין דער קבוצה אַרבעטן וואָס זענען געווען מער צוגעפּאַסט פאַר פרויען אַ דאַנק דער אַלגעמיינער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. דאָס איז די אַרבעט אין קיך, ביים וואַשן וועש און ביים פאַרריכטן בגדים. צי ס'איז שלעכט אָדער גוט, אָבער אַ פאַקט איז, אַז די מענער קענען ניט קאָכן,

קענען ניט וואַשן די כלים און ניט וואַשן קיין וועש. צוליב די דאָזיקע צוויי סיבות — דער ניט־צוגעפּאַסטקייט פון דער פרוי צו דער אַרבעט אין פעלד און איר דערפאַרונג אין קיך, און דער ניט־צוגעפּאַסטקייט פון די מענער צו דער קיך־אַרבעט און זייער גרעסערער דערפאַרונג אין פשוטער פיזישער אַרבעט האָט זיך געשאַפן אַ נאַטירלעכע אַרבעטס־צעטיילונג: די מענער אין פעלד, די פרויען אין קיך. עס קען זיין אַז לכתחילה זענען די מענער געווען צופרידן פון דעם אויסוועג, ווייל זיי האָבן געטאָן די אַרבעט, צו וועלכער זיי האָבן געשטרעבט, זיצנדיק אויף די בענק פון די גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן אין גלות אָדער ביי די טישן אין די ביוראָען און געשעפטן. די פרויען האָבן לכתחילה אויך ניט פּראָטעסטירט, ווייל צוליבן הויכן אידעאַל זענען זיי געווען גרייט אויף אַלעם. ווען עס איז אָבער אַדורך די ערשטע תקופה, האָבן זיך געשאַפן אומ־אַנגענעמע שטימונגען ביי ביידע צדדים. די פרוי האָט אויך געחלומט צו האַלטן דעם פּיאָש אין די הענט און דאָ איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קעכין און אַ וועשערין. דאָס געוויסן פון די אַרבעטער אין א״י, וועלכע זענען בכלל געווען זייער עמפּינדלעך, האָט זיי געפּייניקט, און צוזאַמען האָט מען אָנגעהויבן זוכן אַן עצה. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביי גרינסן איז די אַרבעט ניט אַזאַ שווערע און די פרוי קען דאָרט אַרבעטן, אָבער ניט אין אַלע קבוצות איז געווען ביי גרינסן אַרבעט פאַר אַלע חברטעס. אָבער די ווירקלעכקייט האָט באַוויזן, אַז ספּעציעלע גרינס־קבוצות קענען זיך ניט האַלטן און דאָס איז פאַרשטענדלעך, ווייל עס קען ניט עקזיסטירן אַ קבוצה נאָר אויפן יסוד פון איין צווייג, מחמת די צאָל חברים אין פאַרשיידענע צייטן פון יאָר מוז זיין פאַרשיידן. דער דאָזיקער פּרווו איז ניט געלונגען און אַפילו אין דער גרינגער קבוצה אין כנרת זענען שוין דאָ אַ פּאָר חברים. אין אַנדערע קבוצות האָט מען זיך איינגעאָרדנט, אַז ניט אַלע חברטעס אַרבעטן אין קיך און ניט די גאַנצע צייט. אַנטשפּרעכנדיק דער גרויס פון דער קבוצה אַרבעטן אין קיך 2—8 חברטעס און בייטן זיך: זיי אַרבעטן אַ חודש אין קיך און דאַן גייען זיי אין פעלד. פון דער אַנדערער זייט, פּירט מען אַריין אין דער קיך־אַרבעט אויך חברים, וואָס וואַשן די כלים, רייניקן די קיך, די בענק, וואַשן די פּאָדלאָגעס וכדומה. דערווייל איז אַנטשטאַנען נאָך אַ פּראָבלעם: דאָס פּראָבלעם פון קאָכן, און אפשר איז עס געווען לעכערלעך אין די אויגן פון די חברים אין א״י: אויב אין קיך זענען באַשעפטיקט צופעליקע מענטשן, וואָס קענען ניט קאָכן, איז דאָס פּראָבלעם אַ פּראָבלעם. אין די קבוצות האָט מען געקאָכט בדרך כלל ניט גוט און אָן אַ טעם, און אפשר האָבן די חברים אַליין וועגן דעם ניט געטראַכט, אָבער אַ ניט גוט עסן מוז משפיע זיין צום שלעכט אויפן געזונט־צושטאַנד און אויך אויף דער שטימונג; אין אַ געזונטן גוף איז אויך פאַראַן אַ געזונטער גייסט...

דאָס משפחה־פּראָבלעם איז געשטאַנען אין דער קבוצה נאָך שאַרפער. כל זמן ס׳איז אין דער קבוצה דאָ איינע אָדער צוויי משפחות אָן קינדער, ענדערט עס ניט די לאַגע און די באַציִונגען בלייבן כמעט ווי פריער, כמעט — אָבער ניט אין גאַנצן אַזוי, ווייל די משפחה האָט שוין אַן אייגענעם אינטערעס, וואָס איז פרעמד די איבעריקע חברים, זי דאַרף אויך האָבן אַ באַזונדער ווינקל. אָבער איין איינציקע משפחה קען ניט ברענגען קיין ווייטגייענדיקע ענדערונגען אין דער קבוצה. די לאַגע ווערט אָבער גאַנץ אַנדערש, אויב אין דער קבוצה זענען פאַראַן עטלעכע משפחות. יעדעס פּאָרל גייט זיך נאָכן עסן אַוועק אין אַ באַזונדער ווינקל, און אויב אין דער קבוצה ווערן אַ העלפט חברים אָדער מער נעלם פון עס־צימער תיכף נאָכן עסן, ווירקט עס אויף דער שטימונג פון די איבעריקע חברים, וואָס דרייען זיך אַרום פאַריתומט. אַזאַ בילד האָב איך, למשל, געזען אין פּתח־תקוה. און עס פּאַסירט, אַז אַ פּאָרל הייבט אָן קאָכן פאַר זיך, דאַן איז די לאַגע פון די ניט־פאַרהייראַטע נאָך ערגער. אויפן כרמל, למשל, זענען אין דער קבוצה געווען דריי פּאָרלעך און צוויי בחורים, דאָרט איז ניטאָ קיין בשותּפותדיקע קיך, נאָר די בחורים עסן ביי די משפחות, אָבער, אַז דו גייסט אַריין אין צימער פון די בחורים, מערקסטו, אַז עס פעלט דאָ די האַנט פון אַ פרוי. דער אונטער׳שייד איז אַ גרויסער, און, ווי עס ווייזט אויס, צעפאַלט זיך די קבוצה. מען שאַפט זיך שוין קליינע גרינס־ווירטשאַפטן באַזונדער, מען האָדעוועט באַזונדער עופות, נאָר די אַרבעט איז אַ בשותּפותדיקע. דאָס איז ווי אַן איבערגאַנג צו אַ מושב־עובדים.

אַחוץ דעם קענען דאָך די פרויען ניט אַרבעטן אַלע מאָל, און אויב אויפן כרמל האָבן זיי געפונען אַן אויסוועג, ווייל די פרוי באַקומט איר לוין לויט דער אַרבעט, איז עס דאָך געווען אַ קבוצה קבלנית, אָבער אין געוויינלעכע קבוצות קען דאָך די פאַרהייראַטע פרוי ניט אַרבעטן פּונקט ווי די ניט־פאַרהייראַטע, און דאָס מוז ברענגען צו סיכסוכים.

די לאַגע ווערט נאָך שווערער, ווען עס ווערט געבוירן אַ קינד. פון איין זייט, קען די מוטער ניט אַרבעטן, ווייל זי איז באַשעפטיקט מיטן קינד, קומט אויס אַז צוויי נפשות אַרבעטן ניט, אַפילו איין פאַל איז אַ שווערער פּראָבלעם פאַר דער קבוצה, אָבער מען מוז דאָך לייזן דאָס ד׳אָזיקע פּראָבלעם אין גרויסן מאָסשטאַב. און אויב אַפילו די חברים זענען גרייט צו נעמען אויף זיך די לאַסט פון די ניט־אַרבעטנדיקע נפשות, האָט דאָס פּראָבלעם דאָך ניט געפונען זיין לייזונג, ווייל דער געוויסן פון חבר לאָזט אים ניט רוען. דאַן קומט נאָך די פראַגע פון דער דערציִונג פון די קינדער. ווי אַזוי קען מען אין אַ דאָרף, ווייט פון שטאָט, ניט האָבנדיק קיין לערערס, דערציִען קינדער, וואָס זענען אַליין, אָן חברים? פון דעם עלטער פון 3—4 יאָר אָן מוז דאָך דאָס קינד האָבן געזעלשאַפט

פון קינדער און מען דאַרף עס אַנהייבן לערנען. אמת, עס זענען געווען חברים, וואָס האָבן געטראַכט, אַז מען דאַרף בכלל ניט לערנען די קינדער, געננג, אַז זיי וועלן קענען לאַנדווירטשאַפט, אָבער די פראַגע שטייט פאַרט. ווייטער וואָלט עס גוט געווען, ווען אַלע חברים אין דער קבוצה וואָלטן געהאַט קינדער אין איין עלטער, אָבער נאַטירלעך, איז עס נאָר אַ טעאָרעטישער ווונטש. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו צו לייזן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם אין תל־עדשים. דאָרט האָבן זיך געפונען אַ פּאָר משפּחות מיט 15 קינדער (אַ פּאָר אַלמנות פון די שומרים). האָט מען אין אַ באַזונדער צימער געשאַפן אַ קינדער־גאָרטן מיט אַ פרעבליסטין, און איינע פון די מוטערס, וואָס בייטן זיך יעדן טאָג, העלפט דער פרעבליסטין. פאַר די דערוואַקסענע קינדער איז דאָ אַ באַזונדער לערער. דער דאָזיקער ערשטע פּרווו האָט געמאַכט אויף מיר זייער אַ גוטן איינדרוק, אָבער דאָס איז דאָך נאָר אַ צייטווייליקער אויסוועג. ווייל פון איין זייט, וואַקסן דאָך די קינדער אונטער, און עס איז ביי מיר דאַן געווען אַ ספק, צי וועט די קבוצה האָבן די מעגלעכקייט צו האַלטן אַ פּאָר לערער, אָדער צו שיקן די קינדער אין גימנאַזיע קיין יפו אָדער אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער שול אין מקוה ישראל. אַגב ווערט מיט דעם אַלעם נאָך ניט געלייזט דאָס פּראָבלעם פון די זייג־קינדער, ווייל די מוטער איז דאָך געבונדן צום קינד און קען ניט אַרבעטן כמעט אַ גאַנץ יאָר. די דאָזיקע פראַגע וואָלט מען געקענט לייזן ניט אינדיווידועל, נאָר געזעלשאַפטלעך, מען וואָלט געדאַרפט שאַפן קינדער־פונקטן אין די סאַמע געזונטע ערטער פון לאַנד, אויפן כרמל, אין טירה, צפת אָדער ירושלים. אין זיי אויפנעמען אַלע קינדער פון די אַרבעטנדיקע מוטערס פון ערשטן טאָג אָן, אויפן חשבון פון כלל, ביז זיי וועלן אויסוואַקסן און קענען אַליין אַרבעטן. איך האָב געמיינט, אַז דאָס דאַרף זיין איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון פּ. א. פּ„ דער פאַנד דאַרף נעמען אויף זיך די ריזיקע זאָרג פון די חברים, וואָס פאַרשווערט דאָס לעבן ניט פון איין חבר אין א״י. דער אַרבעטער וואָלט געאַרבעט אַנדערש, ער וואָלט זיך אַנדערש באַצויגן צו דער צוקונפט, ווען ער וואָלט געוווסט, אַז זיין פּערזענלעך לעבן, אַז זיין פרוי און קינדער זענען פאַרזיכערט.

אַחוץ די פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַ שייכות צום אינערלעכן, אינדיווידועלן לעבן פון דעם חבר אין דער קבוצה, שטייען פאַר דער קבוצה צוויי פראַגעס, וועלכע האָבן אַ סך אַ גרעסערע באַדייטונג, אַ מער געזעלשאַפטלעכע, מחמת זיי זענען נוגע די יסודות, אויף וועלכע עס באַזירט זיך יעדע קאָאָפּעראַציע. דאָס איז דאָס פּראָבלעם פון דער לוין־אַרבעט און פון רענטאַביליטעט פון דער קבוצה (איך וויל דערמאָנען דעם לייענער, אַז דאָס אַלץ האָב איך געשריבן אין יאָר 1920 — נ.).

עס זענען דאָ סעזאָנען אין יאָר, ווען ס'זענען ניט פאַראַן גענוג אַרבעטער אין דער קבוצה, ווי אין דער צייט פון שניט: מען מוז מאַכן די אַרבעט אין אַ וואָס קירצערער צייט, און מען דאַרף היטן די פעלדער און אויסער דעם נאָך טאָן די לויפנדיקע אַרבעט, מוז מען דאַן דינגען לוין־אַרבעטער. אָבער דאָס שטייט אין סתירה צום פּרינציפּ פון דער קבוצה: ניט עקספּלאָאַטירן און ניט ווערן עקספּלאָאַטירט. אויב דער ענין וועט זיך אַנטוויקלען, וועט מען דאַרפן אויפנעמען אַ גרעסערע צאָל לוין־אַרבעטער, און אַזוי וועלן דאָך טאָן אַלע קבוצות. אויף אַזאַ אופן וועלן זיך אַנטוויקלען איזאָלירטעווירטשאַפטן, וואָס וועלן עקספּלאָאַטירן אַרבעטער און וואָס וועלן לעבן אויפן חשבון פון עקס־פּלאָאַטאַציע. אַזוי אַרום וואָלטן די קבוצות אין משך פון דער צייט זיך פאַר־וואַנדלט אין פּריוואַטע אונטערנעמונגען, וואָס וואָלטן געהערט ניט צו איין באַלעבאָס, נאָר צו אַ פּאָר שותפים, און אַזוי וואָלט אַנטשטאַנען אַ פּריוואַטע ווירטשאַפט מיט אַלע אירע חסרונות.

די חברים האָבן דערפילט די דאָזיקע סכנה און האָבן אָנגעהויבן זוכן אַן עצה. אין דער קבוצה אויפן כרמל באַצאָלט מען די געדונגענע אַרבעטער מער, וויפל מען קריגט אַליין — 40 פּיאַסטער אַ טאָג, אַנשטאָט 32. אָבער דאָס איז ניט קיין אויסוועג, ווייל סוף יאָר קענען די חברים פון דער קבוצה באַקומען פאַרדינסטן, וועלכע קענען זיי געבן מער ווי דעם אונטערשייד. איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק, אַז צום סוף פון יאָר זאָל מען געבן יעדן געדונגענעם אַרבעטער, וואָס האָט געאַרבעט אין דער קבוצה, אַ טייל פון דעם ריווח, וואָס די קבוצה וועט באַקומען לויטן יערלעכן באַלאַנס, פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צייט, וואָס ער האָט געאַרבעט, נאַטירלעך, אויב ריווח וועט זיין. אָבער תיכף האָט מען זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז ניט קיין אויסוועג. טעאָרעטיש בלייבט נאָך דער עלעמענט פון עקספּלאָאַטאַציע, ווייל אויב דער געדונגענער אַרבעטער באַקומט אַפילו דעם טייל פון ריווח, באַקומט ער אים פון דעם ריווח, וואָס בלייבט נאָך דעם ווי מען האָט באַצאָלט די פּראָצענטער אויף די הלוואות, אָפּגערעכנט פאַר אַמאָרטיזאַציע פון דעם קאַפּיטאַל, וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין דער אונטערנעמונג. דער געדונגענער אַרבעטער נעמט אויף אַזאַ אופן ניט קיין אָנטייל אין דעם טייל פון ריווח, וואָס איז אַוועק אויף אַמאָרטיזאַציע, אויף אויס־בעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען אָדער אויף פאַרגרעסערן די קבוצה, ד. ה. אַז אין משק בלייבט אַ חלק פון דעם מערווערט, וואָס דער געדונגענער אַרבעטער האָט געשאַפן.

אין די פאַלן, ווען צום סוף פון יאָר האָט די קבוצה ניט קיין ריווח אין מזומנים, אָדער ווען עס איז דאָ אַפילו אַ דעפיציט, בלייבט דאָך עפּעס פאַר דער קבוצה, למשל, דאָס פאַרבעסערן דעם באָדן, די באַוואַסערונג, די באַמיסטיקונג,

און דאָס, אָן ספק, קען געבן ריווח דער קבוצה אין די ווייטערדיקע יאָרן. אין דעם וועט דאָך דער געדונגענער אַרבעטער פון דעם יאָר ניט זיין קיין שותף. אויך אין דער פּראַקטיק איז געווען שווער צו פאַרווירקלעכן דעם פּרינציפּ, ווייל צום סוף פון יאָר קען מען ניט וויסן, ווו עס געפינען זיך די אַלע, וואָס האָבן אין משך פון אַ יאָר געאַרבעט אין דער קבוצה, און מען דאַרף דאָך מאַכן אַ חשבון פאַר יעדן, וואָס האָט געאַרבעט אַ פּאָר טעג, און די הוצאות אויף זוכן די מענטשן און מאַכן די קליינע חשבונות קענען איבערשטייגן יעדן ריווח.

דעריבער האָבן זיך די חברים אין די קבוצות צו יענער צייט באַמיט מיט די אַלע כוחות אויסצומיידן די געדונגענע אַרבעט, אָבער דער אויסוועג איז דאָך נאָר אַן אינדיווידועל־מאָראַלישער: דאָס געוויסן פון חבר איז אין אָרדענונג, אָבער דאָס איז ניט קיין געזעלשאַפטלעכער אויסוועג. ווירטשאַפטלעכע דער־שיינונגען באַזירן זיך אויף געזעלשאַפטלעכע פּרינציפּן און געזעצן, וואָס הענגען ניט אָפּ פון דער עטיק און דעם אינדיווידועלן ווילן: פאַרקערט, דער אינדיווי־דועלער רצון און די עטיק זענען אַ פּועל־יוצא פון די געזעצן פון דער עקאָנאָ־מישער אַנטוויקלונג. אין דער ווירקלעכקייט קען מען זיך איבערצייגן, אַז מען קען זיך פאַרלאָזן אויפן הויכן עטישן ניוואָ פון דעם חבר אין דער קבוצה, כל זמן די קבוצה גייט ניט אַרויס פון דער שמאָלער ראַם, כל זמן זי געפינט זיך אין דער ערשטער סטאַדיע. אין יענער צייט האָבן די חברים געקענט אַרבעטן אַ סך מער ווי אַכט שעה אַ טאָג, אַ דאַנק זייערע עטישע פּרינציפּן, אָבער ווען די קבוצה וועט סוף־כל־סוף אַרויסגיין פון דער שמאָלער ראַם פון אַ פּאָר הונדערט אידעאַליסטן און וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ שיטה פון ברייטער קאָלאָניזאַציע, און אין די קבוצות וועלן אַרבעטן טויזנטער חברים, דאַן וועלן די עטישע מאָמענטן ניט קענען שטערן איר נאַטירלעכער אַנטוויקלונג און די קבוצה וועט מוזן סוף־כל־סוף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג, וואָס אין איר אַרבעטן אויך די באַלעבאַטים פון דער אונטערנעמונג, מען וועט דאַן ניט קענען אויסמיידן קיין געדונגענע אַרבעטער, וואָס מען קען זיי ניט באַצאָלן דעם גאַנצן לוין פון זייער אַרבעט. בכדי דאָס אויסצומיידן, מוז די קבוצה, פון איין זייט אויסברייטערן איר פאַרנעם און פון דער אַנדערער זייט, מוז זי ענדערן די פּרינציפּן, אויף וועלכע זי איז געווען געבויט אין יענער צייט. אין דעם איצטיקן צושטאַנד האָט די קבוצה אָדער צו פיל אַרבעטער אָדער צו ווייניק. פון דעם דאָזיקן פאַרכישופטן קרייז וועט די קבוצה קענען אַרויסגיין ווען די ווירטשאַפט וועט ווערן אויסגעברייטערט, וועט ווערן אַ געמישטע, ד. ה. פאַרמאָגן אַלע צווייגן: תבואה פון אַלע מינים, פלאַנצונגען, עופות, אַ שטאַל, בינען־צוכט, מילך־ווירטשאַפט וכדומה. נאָר אין אַ געמישטער ווירטשאַפט, וואָס פאָדערט פאַרשידענע אַרבעטן, הן זומער, הן ווינטער, קען מען איינאָרדענען

די אַרבעט אַזוי, אַז אין משך פון גאַנצן יאָר זאָל זיין גענוג אַרבעט פאַר אַ גרעסערער צאָל חברים אין דער קבוצה.

אויב אין אַזאַ פאַל וואָלט געטראָפן אַן אויסנאַם, און מען וואָלט געדאַרפט אָננעמען געדונגענע אַרבעטער (אַן אויסערגעוויינלעכע גערעטעניש, אָדער אַ ספּעציעלע אַרבעט), קען די פראַגע פון עקספּלאָאַטאַציע געפינען איר לייזונג, אויב די קבוצה וועט אויפהערן צו זיין דער באַלעבאָס פון דערווירטשאַפט און דער באַלעבאָס וועט זיין די גאַנצע אַרבעטערשאַפט, די געדונגענע בתוכה. אין דעם פאַל וואָלטן די חברים אין דער קבוצה געאַרבעט ביי דער גאַנצער אַרבעטער־געזעלשאַפט, וואָס נעמט אַרום אַלע אַרבעטער, און ניט געווען געבונדן מיט באַשטימטע ווירטשאַפטן. די אַרבעטער וואָלט מען געשיקט אין פאַרשיידענע ערטער, ווו עס וואָלטן געפעלט אַרבעטס־הענט, אָבער וועגן דעם גענויער שפּעטער.

איינע פון די אַנגעווייטיקטע פראַגן איז די פראַגע פון דער רענטאַביליטעט פון דער קבוצה, אָדער — ווי די פראַגע איז געשטאַנען אין יאָר 1920 — די פראַגע פון דעפיציטן. די גאַנצע עקזיסטענץ פון די קבוצות שטייט אין סכנה צוליב די דעפיציטן, און ניט נאָר פון דעם עקאָנאָמישן אַספּעקט, נאָר, וואָס ס׳איז אַ סך וויכטיקער, פון אינדיווידועל־עטישן אַספּעקט. אין די בירגער־לעכע קרייזן אין א״י האָט מען זיך געוויצלט, אַז די קבוצות לעבן פון די דעפיציטן. דער בירגערלעכער עולם האָט געקוקט אויף דעם מיט אַן אָפענער שנאה, ניט פאַרשטייענדיק, אַז ער גראָבט אַליין אונטער די וואָרצלען פון בוים, אויף וועלכן ער זיצט. די קאָלאָניסטן האָבן אויפגענומען די קבוצות מיט אָפענער שנאה, און זייער שמחה, אַז זיי הערן וועגן די דעפיציטן, איז אין לשער. ווייל זיי, די קאָלאָניסטן, זענען דאָך געווען די בן־יחידימלעך פון דער גאַנצער יידישער וועלט, ביז עס זענען געקומען די אַרבעטער, און אַצינד האָבן זיי אַ טענה, אַז אַלע פאַרנעמען זיך מיט די אַרבעטער. און וואָס איז דערפון אַרויסגעקומען? זיי, די קאָלאָניסטן, האָבן אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט מען זיי געהאָלפן פון אַלע זייטן און אַלס רעזולטאַט קענען זיי אָנווייזן אַ פּאָר יידישע קאָלאָניעס, ווי זכרון יעקב, ראש־פּינה און אַנדערע.

דער פאַקט, אַז די קבוצה איז ניט רענטאַבל האָט זייער אַנטוישט די אַרבעטער. זיי האָבן דאָך אין משך פון גאַנצן יאָר געווידמעט זייער גאַנץ לעבן דער קבוצה: ניט געגעסן צו דער זעט, ניט גענוג געשלאָפן, געאַרבעט ביי טאָג און ביי נאַכט, געהיט, ניט געקוקט אויפן זייגער, אַזוי ווי אין גלות ביים באַלעבאָס, זיי האָבן אויך נישט געשטרייקט. זיי האָבן די נשמה אַריינגעטאָן אין דער ערד, און צום סוף פון אַ יאָר פון אַזעלכע יסורים, פון אַזאַ פּראַצע, האָט דער באָדן ניט נאָר ניט געגעבן קיין ריווח, נאָר האָט אַפילו ניט געדעקט דעם אַרבעט־לוין פון די אַרבעטער אין דער קבוצה. דאָס האָט באַדראָט דעם גאַנצן

קיום פון דער קבוצה, און ניט נאָר פון געזעלשאַפטלעך־קאָלאָניזאַציע טעמים, ניט נאָר דערפאַר, וואָס ווי עס זעט אויס האָט די קבוצה אַלס קאָלאָניזאַציע־שיטה באַנקראָטירט צוליב איר ניט־רענטאַבּיליטעט, נאָר אויך דערפאַר, וואָס דאָס האָט אינדיווידועל געבראַכט צו אַ צעטומלטקייט אין די מוחות פון די אַרבעטער: פאַר זיי איז עס געווען אַן אינערלעכע טראַגעדיע. אויב די קבוצה ברענגט דעפיציטן, הייסט עס, אַז דער אַרבעטער האָט ניט פאַרדינט זיין ברויט מיט זיין אַרבעט און שווייס, הייסט עס, אַז אויב ער אַרבעט אַפילו אַליין, איז ער ניט בעסער פון דעם קאָלאָניסט, וואָס עקספּלאָאַטירט אַרבעטער. זיי, די אַרבעטער און די קאָלאָניסטן, זענען גלייכע שנאָרערס. דער אַרבעטער הייבט אָן צו פאַר־געסן, אַז ער איז דער אמתער בויער, דער אמתער שאַפער פון דעם קומענדיקן יידישן סאָציאַליסטישן ישוב, און ער טראַכט, אַז ער לעבט אייניק און אַליין פון פילאַנטראָפיע, פון דעם חסד פון בירגערלעכן ישוב אין ארץ־ישראל און אין גלות.

בקיצור, די דעפיציטן האָבן אַריינגעבראַכט אַ שמחה אין בירגערלעכן ישוב און אַ מהומה און אַנטוישונג אין אַרבעטער־ישוב און דערוויזן, אַז די קבוצה איז ניט קיין גוטע שיטה פון קאָלאָניזאַציע.

אָבער ביסלעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן צוצוגעווינען צו די דע־פיציטן; דאָס מיינט ניט, אַז די קאָלאָניסטן האָבן אויפגעהערט מיט זייערע טענות, אדרבה, זייער שנאה צו דעם אַרבעטער־ישוב איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. מען קען אויך ניט זאָגן, אַז די אַרבעטער טראַכטן שוין ניט וועגן די דעפיציטן, אדרבא, די פראַגע איז נאָך אַלץ אַקטועל, און ניט איינער פון די חברים איז זיך מיאש. אָבער דער ענין האָט פאַרלאָרן זיין שאַרפקייט, און אַזוי ווי עס איז אַוועק אַ ביסל צייט, האָט מען געקענט אָנהייבן טראַכטן מיט אַ לייכטערן קאָפּ און זוכן די סיבות פון די דעפיציטן. באַטירלעך, איז מיט אַ מאָל אַלץ ניט קלאָר געוואָרן, ניט מיט אַ מאָל האָט מען געפונען די סיבות און ניט מיט אַ מאָל האָט מען געפונען דעם אויסוועג. אַדרבא, צו יענער צייט האָט מען נאָך געקענט געפינען אין „קונטרס" מאמרים און בריוו פון חברים, און יעדער איינער האָט געפּרוווט געפינען אַ לייזונג פאַר דער אָנגעווייטיקטער פראַגע, אָבער איינס איז קלאָר געוואָרן, אַז די שולד פון די חברים אין דער קבוצה איז אַ מינימאַלע.

איידער איך וועל אַריבערגיין צו די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען די דעפיציטן, מוז איך פעסטשטעלן, אַז ניט אַלע קבוצות האָבן געהאַט די גאַנצע צייט דעפיציטן. די קאָאָפּעראַציע אין מרחביה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אויף די יסודות פון אָפּענהיימערן, די עלטסטע צווישן די קבוצות, איז זיך צעפאַלן ניט צוליב דעפיציטן, נאָר צוליב די אינערלעכע באַציִונגען אין דער

קבוצה. דגניה א׳ האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט אָן דעפיציטן, צו יענער צייט האָט זי אַפילו געהאַט אַ גוטן ריווח. אויך אין מחנים האָט דאָס ערשטע יאָר (17—18) געגעבן ריווח, דאָס יאָר איז בכלל געווען אַ גוטס פאַר אַלע קבוצות, דאָס יאָר 18—19 איז געווען בכלל אַ שלעכטס פאַר דער גאַנצער לאַנד־ווירטשאַפט, און דאָס לעצטע יאָר (19—20) איז דווקא געווען אַ גוטס און געגעבן די קבוצות אַ קענטיקן ריווח.

אין דעם אַנאַליז וועגן דער רענטאַבילינעט פון דער קבוצה מוז מען נעמען אין חשבון, קודם־כל, ווי לאַנג די קבוצה אַרבעט. אין דעם פרט איז דאָ אַ גרויסער אונטערשייד צווישן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער און אינדוסטריעלער קבוצה. אין דער אינדוסטריעלער קבוצה מאַכט אַפילו אַ קליינער קאַפּיטאַל אַ פּאָר אומזאַצן אין לויף פון יאָר. און תיכף ווי עס איז אינוועסטירט דער סטאַ־בילער און דער זיך בייטנדיקער קאַפּיטאַל קען די קבוצה אָנהייבן אַרבעטן. זי קען תיכף אויסאַרבעטן פּראָדוקטן און זי קען תיכף אויך פאַרדינען, ווי דאָס איז געווען מיט דער קבוצה סטאָליאַרעס אין חיפה („כרמל״), און דער קבוצה שלאָסערס („עמל״). אַנדערש איז די לאַגע אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קבוצה: דער טויטער אינווענטאַר (מאַשינען, געביידעס וכדומה), און דער לעבעדיקער (פערד, פרדות, בהמות), מוז זיין גרויס און אַחוץ דעם מוז מען מאַכן אַזעלכע אַרבעטן, וואָס גיבן רעזולטאַטן נאָך אַ לענגערער צייט. דער קאַפּיטאַל מאַכט דאָ ניט אַזעלכע אומזאַצן ווי אין דער אינדוסטריע.

דעם עקוויוואַלענט פאַר דעם אינוועסטירטן באָדן קען מען באַקומען נאָר אין משך פון די קומענדיקע יאָרן. צו די אַרבעטן געהערן: דאָס צוגרייטן דעם באָדן, אויסרייניקן פון שטיינער, פאַרניכטן די דערנער, באַוואַסערונג, באַמיס־טיקונג (דרענאַזש, מעליאָריזאַציע), דאָס אויסטריקענען זומפּן וכדומה. מען דאַרף אויך פלאַנצןביימער, איינציק און אַליין, כדי די אַרבעטער זאָלן האָבן שאָטן אין פעלד און אין כרם. און פלאַנצונגען, כידוע, גיבן פּרוכט נאָר נאָך אַ פּאָר יאָר, ווי מאַנדלען, טרויבן, אָליוון, מאַראַנצן וכדומה. און דעריבער זענען די ערשטע יאָרן לגמרי ניט כאַראַקטעריסטיש בנוגע דער רענטאַבילינעט פון דער קבוצה. ס׳איז באמת געווען אַ ניט נאָרמאַלע דערשיינונג, אויב די קבוצה ווי מחנים האָט געגעבן ריווח שוין אין דעם ערשטן יאָר.

די צווייטע סיבה פון די דעפיציטן איז דער קליינער פאַרנעם פון דער אַרבעט אין דער קבוצה און די באַגרענעצטע מיטלען וואָס שטייען אין איר רשות. אויב ס׳איז, למשל, פאַראַן געלט, בויט מען תיכף אַ גוטן שטאַל, און אויב עס איז ניטאָ קיין געלט, פאַרריכט מען די אַלטע חורבות און דאָס קאָסט אין לעצטן חשבון אַ סך טייערער. אויב מען האָט געלט, קען מען תיכף זיך באַנוצן מיט דער מאָדערנסטער טעכניק, למשל, קויפן אַ טראַקטאָר, אָבער אַז עס פעלט

געלט, אַרבעט די קבוצה אויף אַ פּרימיטיוון אופן, ניט קיין סך בעסער ווי דער אַראַבישער פעלאַך. אַז עס פעלט געלט קען מען ניט איינאָרדענען דאָס לעבן אין דער קבוצה און דאָס ווירקט אויף דער אַרבעט און אירע רעזולטאַטן. אין דער קבוצה איז אָפט מאָל ניטאָ אויף וואָס צו שלאָפן, מען שלאָפט אויף בעטן אָן מאַטראַצן, און די אייזנס פון די בעטן לאָזן ניט שלאָפן, דאָ קען מען שוין ניט ריידן בכלל וועגן סאַניטאַרע באַדינגונגען, און דאָס איז גורם קראַנקייטן, וואָס קאָסטן געלט דער קבוצה און ווירקן אויך אויף דער שטימונג פון די חברים — און שטימונג (מצב רוח) איז זייער אַ פאַרשפּרייטע קרענק צווישן די חברים אין דער קבוצה. דאָס איז אַ קרענק, וואָס איז געקומען אַהער פון רוסלאַנד, ווו די אינטעליגענץ אין די יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע איז געווען זייער נוטה צו זעלבסט־אַנאַליז, וואָס שוואַכט זייער אָפּ די אַקטיוויטעט.

אָבער דער מאַנגל פון געלט־מיטלען ברענגט מיט זיך נאָך אַ גרעסערע צרה — דאָס איז דער קליינער פאַרנעם פון דער אַרבעט — די שמאָלע ראַמען פון דער ווירטשאַפט. די קבוצה טאָר זיך ניט באַשעפטיקן נאָר מיט איין צווייג, די ווירטשאַפט מוז זיין אַ געמישטע און נאָר אַזאַ משק לייזט דעם פּראָבלעם פון דער לוין־אַרבעט, ווי מיר האָבן עס אויבן געזען, און דאָס שאַפט אָפּ איינע פון די סיבות פון די דעפיציטן. עס טרעפט, אַז אין אַ יאָר, ווען עס פאַלן די פּרייזן אויף גרינסן, זענען די פּרייזן אויף פּרוכט העכער. אויב עס וואַקסן די הוצאות אויף טראַנספּאָרט פון מאַראַנצן, ווי אין יאָר 1920, העלפט אַרויס די מילך־ווירטשאַפט, די עופות, די וואָל פון די שעפסן, ווי אין אויבערשטן גליל. נאַטירלעך, ווען עס טרעפט אַן אַלגעמיינע צרה, ווי למשל, דער היישעריק אין יאָר 1915, קען די געמישטע ווירטשאַפט אויך ניט אַ סך העלפן, אָבער דאָס איז סוף־כל־סוף אַן אויסנאַם־פאַל. און נאָר אין אַ גרויסער און געמישטער ווירטשאַפט קען מען איינפירן די מאָדערנע טעכניק, און נאָר אַזוי קען מען פירן אַן אינטענסיווע ווירטשאַפט. די אינטענסיפיקאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט שאַפט אין לאַנד גרעסערע אויפנאַמס־מעגלעכקייטן און גרעסערע מעגלעכקייטן פאַר יידישער אַרבעט, אַריינצודרינגען אין דער לאַנדווירטשאַפט אין ברייטערע שטחים.

אַחוץ די וויכטיקסטע סיבות פון די דעפיציטן זענען נאָך דאָ ווייניקער וויכטיקע סיבות, וואָס ווירקן אויף דער רענטאַבילטעט פון די קבוצות. קודם־כל, דאָס, וואָס די בודזשעטן פון ועד־הצירים זענען צו קליין און מען גיט זיי ניט מיט אַ מאָל. אין דער גאַנצער יידישער פּרעסע איז געווען צו יענער צייט די ידיעה וועגן דער מעשה מיט די בודזשעטן פאַרן יאָר 20—21: די קאָנפערענץ פון די קבוצות אין טירה האָט באַשלאָסן צו פאָדערן אַ בודזשעט פון אַ האַלבן מיליאָן פונט. אוסישקין האָט זיך געדונגען און באַשלאָסן צו געבן

נאָר 164 טויזנט פונט, און געבן גיט מען נאָר 5 טויזנט פונט אַ חודש. די אַלטע חברים מוזן יעדן חודש פאָרן, כדי צו באַקומען דאָס געלט און וואַרטן אין די שטעט טעג און וואָכן. אַלע מאָל קען מען געפינען אין ירושלים שליחים פון די ווייטסטע קבוצות, וואָס דרייען זיך אַרום איבער די גאַסן פון דער שטאָט, דאָס קאָסט דער קבוצה אַ סך געלט: הוצאות־הדרך און אַרבעט־טעג.

אויף דער קבוצה ליגט, אמת, אַ קלענערע לאַסט. דאָס איז די קאָמוניסטישע גאַסט־פריינטלעכקייט, וואָס איך האָב שוין דערמאָנט, די חברים האָבן זיך באַליידיקט, ווען איך האָב זיי געפרעגט, פאַר וואָס זיי נעמען ניט קיין געצאָלט פון די אַרבעטער, וואָס קומען צייטווייליק אין די קבוצות. אין די לעצטע יאָרן, ווען די באַציִונגען צווישן די קבוצות און די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער זענען געוועזן זייער פריינטלעכע, ווען אַלע האָבן כמעט געקענט איינער דעם צווייטן, האָט די גאַסט־פריינטלעכקייט ניט געקענט אויסגענוצט ווערן צום שלעכטן, אָבער ווען די עליה איז גרעסער געוואָרן, איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז עס זאָלן זיך שאַפן ספּעציאַליסטן, וואָס זאָלן פאָרן פון איין קבוצה צו דער צווייטער און לעבן אויפן חשבון פון כלל. עס איז טאַקע דאָ אַ שטרעבונג צווישן די אַרבעטער צו זיין אין פּאַרטייִישע קבוצות (דגניה איז דער צענטער פון „הפועל הצעיר״, מחנים און אלית השחר — פון די אַלטע פועלי־ציון). אָבער די פּאַרטייִישע אָנגעהעריקייט איז גאָר ניט קיין גורם אין דער גאַסט־פריינטלעכקייט — דער אמת איז, אַז דערמיט רעכענען זיך מער די געסט אַליין, ווי די גאַסטגעבער. די באַדייטונג פון דער גאַסט־פריינטלעכקייט אין די בודזשעטן איז נאָך מער קענטיק, אויב מען זאָל נעמען אין חשבון דעם קליינעם מהלך צווישן די קבוצות און די שטעט און דעם מנהג, וואָס עקזיסטירט אין לאַנד: אין ארץ־ישראל איז אָנגענומען, אַז אין די יום־טוב־טעג, פּסח און סוכות, שפּאַצירט מען איבערן גאַנצן לאַנד. דאַן זעט מען די אמתע עמיגראַציע פון ירושלים קיין יפו און דעם גליל און צוריק. פון גליל פאָרט מען זען די שטעט, און די שטאָטישע פאָרן זיך אָפּרוען אין די דערפער. די דאָרפישע פאָרן פאַר־ברענגען די צייט אין די שטעט, און צוזאַמען מיט די אַרבעטער פאָרן אויך די לערער, וואָס זענען נאָענט צו די אַרבעטער. און אַזוי ווי די קבוצות געפינען זיך נאָענט איינע פון דער צווייטער (טירה—כרמל, מרחביה—תל־עדשים, כנרת—דגניה) אָרדנט מען זיך איין אַזוי, אַז אַ גאַנצן חודש פאָרט מען פון איין קבוצה אין דער צווייטער, און דאָס קאָסט ניט קיין פּיאַסטער, און ס׳געשעט, אַז די קבוצה גיט נאָך די געסט פערד צו פאָרן, אויב ס׳איז אַ רעגן־טאָג און די פערד אַרבעטן ניט.

עס זענען דאָ קבוצות, וועלכע האָבן אַ ספּעציעלן מזל, וואָס מען באַזוכט זיי אָפטער ווי אַנדערע, דאָס איז כנרת, דגניה, מרחביה און אַנדערע. איך בין

זיכער, אַז אין יאָר 20 האָבן די קבוצות אילת השחר און טייללווייז אויך מחנים געהאַט גרויסע דעפיציטן, ווייל דאָס זענען געווען די לעצטע פונקטן פאַרן פּראָנט, און אַלע חברים וואָס זענען אַרויף צו העלפן די קבוצות אויפן פראָנט האָבן געגעסן אין אילת און מחנים. באַטירלעך, קען מען זיך ניט קעגנשטעלן דער דאָזיקער גאַסט־פריינטלעכקייט. אַדרבא, ווען די מאַכט וועט זיין אין די הענט פון די אַרבעטער, וועט די פּריוואַטע גאַסט־פריינטלעכקייט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַלגעמיינער גאַסט־פריינטלעכקייט. ווען אַלע אַרבעטער וואָלטן געווען אָרגאַניזירט אין איין פינאַנציעלן צענטער, און די אַרבעטער וואָלטן געפאָרן צוליב געזעלשאַפטלעכע טעמים, וואָלט עס דווקא געווען אַ וויכטיקער ענין. אָבער אין דעם דעמאָלטדיקן צושטאַנד איז די גאַסט־פריינט־לעכקייט געווען אַ לאַסט אויפן בודזשעט פון יעדן חבר און צום סוף אויפן בודזשעט פון דער קבוצה. אין די קבוצות וווּ די באַזוכן זענען עפטער, קען מען אָן אַ גוזמא זאָגן (אין איין פאַל איז געמאַכט געוואָרן דער חשבון), אַז אויף יעדן חבר איז די הוצאה אין קיך גרעסער מיט אַ פונט אַ חודש. אין דעם זין איז אינטערעסאַנט דער פאַרגלייך צווישן די קבוצות פון אויבערשטן און אונטערשטן גליל. אין אונטערשטן גליל זענען די באַזוכן אַ סך עפטער, און די הוצאות אויף יעדן חבר אַ חודש אין קיך זענען געווען זעקס פונט. אין כפר גלעדי און תל־חי, אין דער פרידנס־צייט, זענען געווען אַ סך ווייניקער באַזוכער, ווייל זיי ליגן ווייט אין צפון און, כדי צוצוקומען צו זיי, דאַרף מען גיין אַ שיינע פּאָר שעה צו פוס, דאָרט האָט די הוצאה אין קיך אויף יעדן חבר אַ חודש אויסגעמאַכט נאָר פינף פונט. עס זענען שוין דאָ חברים, וואָס טראַכטן ווי מען זאָל ענדערן די לאַגע, אָבער האָבן מורא אָנצורירן די דאָזיקע פראַגע, מען שעמט זיך אַ ביסל. אין תל־עדשים האָט מען שוין געמאַכט דעם ערשטן פּרוּוו, און ווי ס'ווייזט אויס איז דער פּרוּוו געלונגען. דאָרט האָט מען באַשלאָסן, אַז אורחים זענען ווינטשנסווערט, אָבער ניט אויף אַן אומבאַגרענעצטער צייט. יעדער וואָס קומט אין דער קבוצה אַריין ווערט באַטראַכט ווי אַ גאַסט נאָר איין טאָג, און אויב ער בלייבט לענגער, דאַרף ער אַרבעטן. מען קען צווייפלען, צי מען וועט  דאַרפן אַזוי פיל אַרבעטער אין דער קבוצה, אָבער אויף די אורחים וועט עס זיכער משפיע זיין. פון דעסטוועגן איז דאָס ניט קיין קאַרדינאַלע לייזונג, ווייל מען קען שפּאַצירן און פאַרברענגען אין יעדער קבוצה נאָר איין טאָג און דאָס וועט קלעקן פאַר די גאַנצע ימים־טובים. דעריבער האָט זיך מיר דאַן געדאַכט, אַז דער בעסטער אויסוועג איז דער פּשוטסטער: די אורחים דאַרפן באַצאָלן פאַרן עסן און טרינקען. דאָס איבערנעכטיקן זאָל זיין אומזיסט. און פּאַר פערד דאַרף מען אויך באַצאָלן, און מען דאַרף ניט מורא האָבן, אַז דאָס איז עפּעס ניט שיין: אַז מען פאַרנעמט זיך מיט די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון

דעם אַרבעטער־לעבן אין לאַנד, טאָר מען זיך ניט שפּילן אין סענטימענטן און דאָ דאַרפֿן די חברים פֿאַרשטיין: מען טאָר ניט זיין קיין מכניס־אורח אויפן חשבון פון אַזאַ וויכטיקער אינסטיטוציע ווי די קבוצה, וואָס איר אַנטוויקלונג קען געשטערט ווערן דורך אומזיסטע הוצאות, וואָס מען קען אויסמיידן.

נאָר אין אַ פּאָר קבוצות האָב איך געזען, אַז די חברים זענען צוגעבונדן צום אָרט. אין די דאָזיקע ערטער האָב איך געפילט אויף יעדן שריט און טריט, אַז די חברים האָבן ליב דאָס אָרט, וואָס זיי זענען אין אים אַריינגעוואַקסן און האָבן בדעה צו בלייבן דאָרט שטענדיק. אָבער על־פּי־רוב פעלט די דאָזיקע באַציִונג אין די קבוצות און מען קוקט אויפן אָרט ווי אויף אַ צופעליקן און צייטווייליקן אַרבעט־פּלאַץ. דאָס איז אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס די חברים זענען ניט זיכער, אַז דאָס אָרט, ווו זיי אַרבעטן, וועט געהערן צו זיי אַ לענגערע צייט. דעריבער קען מען זיך ניט וווּנדערן, וואָס זיי אַרבעטן ניט מיט דער גאַנצער ענערגיע און אינטענסיוויטעט. די דאָזיקע לאַגע, ניט נאָר וואָס זי שאַפט די דאָזיקע נעגאַטיווע פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג, נאָר זי ברענגט אויך אַ ממשותדיקן שאָדן: אויב דער חבר איז ניט זיכער, אַז ער בלייבט אויפן אָרט, מאַכט ער אויך ניט אַזאַ אַרבעט, וואָס איז אויסגערעכנט אויף אַ פּאָר יאָר. אין דעם זענען אייגנטלעך ניט שולדיק די חברים, נאָר די אַרבעט־באַדינגונגען. שולדיק איז די ניט־זיכערקייט אין מאָרגנדיקן טאָג, און דאָס וועגדט זיך ניט פון דעם ווילן פון די חברים, נאָר פון די אויסערלעכע באַדינגונגען. אַזוי, למשל, האָט די קבוצה אין טירה אויפגעהערט דעם צווייטן יאָר צו באַאַרבעטן דעם ווייַנגאָרטן, ווייל דער באָדן געהער צו די דייטשן, און איז געפּאַכטעט געוואָרן נאָר אויף דריי יאָר. עס ווילט זיך פּשוט ניט אינוועסטירן אַרבעט אין גאָרטן, אויב דו ווייסט, אַז מיט די פּרוכטן פון דער אַרבעט וועלן זיך באַנוצן אַנדערע, וואָס האָבן אויף אים ניט געאַרבעט. אַזעלכע באַציִונגען האָבן עקזיסטירט אויך אין אַנדערע קבוצות, ווו דער באָדן איז געווען געפּאַכטעט ביי פּריוואַטע מענטשן, אַפילו ביי יידן. אַזוי איז געווען אין כרכור, וואָס דאָרט האָט דער באָדן געהערט צו אַ פּריוואַטן באַלעבאָס, וואָס איז ניט געווען אין לאַנד. ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער צוגענומען פון דער קבוצה אַ גרויסן חלק פון באָדן און דערמיט אויך אַ טייל פון דער אַרבעט, וואָס איז אין באָדן אינוועסטירט געוואָרן. די דאָזיקע מניעה קען ליקווידירט ווערן נאָר דורך אַ געזעלשאַפטלעכן באָדן, ווען די חברים וועלן זיין זיכער, אַז די פּרות פון דער אַרבעט וועלן געהערן צו זיי.

אין דעם פּרט האָבן זיך אויסגעצייכנט די קבוצות אין אויבערשטן גליל. דאָרט האָט מען געקענט מאַכן פּלענער אויף דער צוקונפט, ספּעציעל אין מחנים און אין כפר גלעדי (נאָך פערציק יאָר קען מען זאָגן, אַז דער גורל פון

דיביידע קבוצות איז געווען לגמרי אַ פֿאַרשיידענער. כפר גלעדי איז היינט, אין יאָר 1960, איינע פֿון די רייכסטע, גרויסע קבוצות, און מחנים איז אַריבער דורך פֿאַרשידענע הענט, זי איז שוין אַפילו געווען אַ צייט אַ מושב עובדים). דאָרטן האָט מען געפּלאַנצט מאַנדלען, טרויבן, עקאַליפּטוסן (די לעצטע, כדי אויסצוטריקענען דעם באָדן און זיך צו באַנוצן מיטן האָלץ). צום באַדויערן זענען די אַרבעטן אין כפר גלעדי און תל־חי איבערגעריסן געוואָרן דורך די געשעענישן.

די אומזיכערקייט אין דעם אָרט איז אויך די סיבה דערפֿון, וואָס אַ טייל פֿון די חברים זיצט ניט שטענדיק אין דער קבוצה און פֿאָרט פֿון איין קבוצה אין דער צווייטער. די דאָזיקע וואַנדערונגען פֿאַרשטאַרקן זיך נאָך צוליב דעם, וואָס דאָס לאַנדווירטשאַפֿטלעכע יאָר הייבט זיך אָן סוכות־צייט, אין דער צייט אָרדענען זיך די קבוצות איין צום קומענדיקן יאָר. די אַרבעטער, וואָס קומען אין מיטן יאָר, געפֿינען אָפֿט ניט קיין שטענדיקע אַרבעט אין איין אָרט און וואַנדערן איבערן לאַנד. אַזאַ ביישפּיל איז אָנשטעקנדיק, און אַפילו די אַרבעטער פֿון די קבוצות, וואָס האָבן שטענדיקע אַרבעט, האַלטן ניט אויס אין איין אָרט. מען פֿאָרט על־פּי־רוב צוליב פּערזענלעכע טעמים. מען פֿאָרט צו אַ דאָקטאָר, אָדער צו אַ פֿאָטער אָדער מוטער, וואָס איז קראַנק. מען פֿאָרט, ווייל אין די רעגנטעג איז סיי ווי ניטאָ וואָס צו טאָן, — הגם מען קען דאָך ניט וויסן וויפֿל טעג ס'וועט רעגענען. אויף אַלע באַנען און אויף אַלע וועגן קען מען טרעפֿן חברים פֿון פֿאַרשיידענע קבוצות. דאָס שטערט דער אַרבעט און קאָסט געלט. און צו לעצט נאָך איין מאָמענט: עס איז מעגלעך, אַז די חברים רעכענען זיך ניט דערמיט, אָבער אין די זוכענישן פֿון נייע וועגן מוז מען זיך רעכענען מיט דער קלענסטער זאַך, ווייל לכתחילה קען מען דאָך ניט וויסן, אויב די קליינע זאַך וועט ניט גורם זיין אַ גרויסן היזק און וועט ניט שטערן דעם נייעם וועג. דאָס איז די פֿראַגע, ווי אַזוי מען אָרדנט איין די אַרבעט אין דער קבוצה. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, זענען ניטאָ קיין פֿאַרוואַלטונגען, וואָס זאָלן אויף אַ סיסטעמאַטישן אופֿן אָנפֿירן מיט דער אַרבעט. אין אָוונט, ביים עסן, יעדן טאָג, אָדער איין מאָל אין וואָך, אָרדנט מען איין די אַרבעט פֿאַר דעם קומענדיקן טאָג, אָדער פֿאַר דער גאַנצער וואָך. מעגלעך, אַז אין דער קליינער קבוצה קען מען לעבן אָן אַ ספּעציעלער קאָמיסיע פֿאַרן סידור עבודה, ווייל דאָס לעבן אין אַזאַ קליינער קבוצה איז גלייך צום לעבן אין אַ משפּחה, אָבער אין די גרעסערע קבוצות מוז די אַרבעט געפֿירט ווערן דורך צוויי־דריי אויסגעקליבענע חברים, וואָס ביי דער אַרבעט מוזן זיי זיין דירעקטאָרן. איך טרעט דאָ ניט אַרויס קעגן דער פּערזענלעכער פֿרייהייט פֿון יעדן חבר, און אַפילו ניט קעגן דער אַנאַרכיסטישער שיטה פֿון דער אַרבעט אין דער טעאָריע. עס איז מעגלעך,

אַז אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, ווען די קאַפּיטאַליסטישע תקופה פון אַרבעט, וואָס אונדזער אידעאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע זענען אַ פּועל־יוצא פון איר, וועט שוין זיין הינטער אונדז, ווען עס וועט שוין עקזיסטירן די סאָציאַליסטישע אָרדענונג, וועט ביי די קומענדיקע דורות זיך אַנטוויקלען אַן אַנטשפּרעכנדיקע נייע אידעאָלאָגיע. עס וועט אפשר מעגלעך זיין זיך אָפּצוזאָגן פון יעדער פאָרעם פון מאַכט און פון אַלע צוואַנג־פאָרמען, הן פּרימיטיווע, הן מלוכהשע. אָבער איצט, אין דער קאַפּיטאַליסטישער תקופה מיט אירע עגאָצענטרישע טענדענצן, קענען נאָר אויסנאַמען זיך שטעלן העכער פון דער תקופה און זיין דורכגעדרונגען מיט אַן אידעאָלאָגיע פון דער צוקונפט, אָבער די מאַסן קענען ניט אַלע זיין אויסנאַמען. כל־זמן די קאָלאָניזאַציע־אַרבעט ווערט געפירט אין קליינע מאַסשטאַבן, אין משפּחה־מאַסשטאַבן, קען זי ניט געפירט ווערן צוגעפּאַסט צו די אויסנאַמען. אויב מיר ווילן אויסברייטערן די ראַם פון דער קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע, מוז מען זיך רעכענען מיט די מאַסן, די אַרבעט מוז געפירט ווערן צוגעפּאַסט צו די מאַסן, צוגעפּאַסט צו זייער פּסיכאָלאָגיע אין איצטיקן מאָמענט. אין אַזאַ סיטואַציע מוז די אַרבעט געפירט ווערן דורך מענטשן, אויסגעקליבענע דורך די אַרבעטער. אָבער די, וואָס קלייבן זיי אויס, מוזן באַוווסטזיניק פאָלגן אַלע פאַראָרדענונגען פון די, וואָס זיי האָבן אויסגעקליבן. די פּראַקטיק אין רוסלאַנד האָט דערוויזן, אַז נאָר דאָרט, ווו די אַרבעט ווערט געפירט דורך אַ קליינער צאָל אויסגעקליבענע און דעריבער אויך פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן כלל, גיט זי גוטע רעזולטאַטן, און פאַרקערט, דאָרט ווו זי ווערט געפירט דורך פאַרשיידענע קאָלעגיעס, וואָס זענען ניט אַלע מאָל געוווען צוגעפּאַסט דערצו, האָט די אַרבעט שטאַרק געליטן.

די פּריוואַטע קאָלאָניזאַציע האָט אין גאַנצן באַנקראָטירט און קעגן איר שטייט איצט די קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניזאַציע — די קיבוצישע שיטה. די חברים אין ארץ־ישראל, ליידנדיק דירעקט פון דער פּריוואַטער קאָלאָניזאַציע, האָבן לויטן געזעץ פון קעגנזאַצן געמוזט זען די גאַנצע ישועה אין די קבוצות. אויב מען איז אויפריכטיק, מוז מען מודה זיין, אַז ביז דער לעצטער צייט האָט זיי געפעלט די זעלבסטקריטיק בנוגע די קבוצות. ביז איצט האָט מען געדאַרפט האָבן אַ ביסל בירגערלעכן מוט, כדי צו דערשיינען אין די קרייזן פון די ארץ־ישראל־אַרבעטער מיט קריטיק אויף די קבוצות, אָדער אַפילו נאָר אָנווייזן אויף אַ פּאָר פון זייערע חסרונות.

ווען איך האָב געהאַט אין שטאָקהאָלם צו זאָגן, וואָס איך האָב געטראַכט וועגן די קבוצות, האָבן די פאָרשטייער פון „אחדות העבודה" מיר ניט געגעבן קיין הכשר אויף סאָציאַליזם, ווייל ביי זיי אין ארץ־ישראל איז דער סאָציאַליזם אין גאַנצן פון אַן אַנדערן טיפּ, פון אַ ספּעציפיש יידישן טיפּ. אַזוי ווי אין

רוסלאַנד האָט דער סאָציאַליזם באַקומען די ספּעציפישע פאָרעם פון באָלשעוויזם, אַזוי האָט אויך דער סאָציאַליזם אין ארץ־ישראל באַקומען די ספּעציפיש־יידישע פאָרעם פון קיבוציזם. אַזוי טענהן די אַרבעטער אין ארץ־ישראל. און אין זייער גרויסער נאַיוויטעט מיינען זיי, אַז די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַציע איז זייער אייגענע דערפינדונג און אַז די קבוצה אין דער איצטיקער פאָרעם איז אין די ארץ־ישראל־באַדינגונגען די איינציקע מעגלעכע פאָרעם פון סאָציאַליסטישער בויונג, אַז פון איר און נאָר פון איר איז אָפּהענגיק די פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם.

בעצם, האָט זיך ביי די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער אַנטוויקלט אַ ספּעציפישער און נאַיווער באַגריף פון סאָציאַליזם. דער עיקר ביי זיי איז זיך צו באַפרייען פונעם באַלעבאָס, און יעדער, וואָס רעדט וועגן אַ באַלעבאָס, אַפילו ווען דאָס איז די גאַנצע געזעלשאַפט, איז ער שוין ניט קיין סאָציאַליסט אין דעם ארץ־ישראלדיקן באַגריף. זיי נעמען אויף דעם סאָציאַליזם ניט פון דער געזעלשאַפטלעכער זייט, ניט אַלס געזעלשאַפטלעכע פאָרעם פון לעבן, וואָס וועט זיכער ענדערן אַלע מאָראַלישע באַגריפן, נאָר פון דער אינדיווידועלער זייט, ווי אַ מעגלעכקייט אינדיווידועל צו זיין אָרנטלעך, ניט צו עקספּלאָאַטירן און ניט עקספּלאָאַטירט צו ווערן.

ריכטיק איז, אַז אין דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג ווערט אָפּגעשאַפט דער פּריוואַטער באַלעבאָס. אָבער אויב עמעצער מיינט, אַז אין דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג וועט אין גאַנצן פאַרשווינדן די אינסטיטוציע, וואָס הייסט „באַלעבאָס" — איז עס אַ ביטערער טעות, וואָס קען ברענגען צו גרויסע מיספאַרשטייענישן. דער סאָציאַליזם שטעלט אַנידער אָנשטאָט דעם פּריוואַטן באַלעבאָס דעם כלל — די גאַנצע געזעלשאַפט, און אָנשטאָט דעם פּריוואַטן באַלעבאָס, מיט זיין פּריוואַטן אינטערעס אויפצופּאַסן אויף דער אַרבעט — וועט יעדער אַרבעטער שטיין אין רשות פון באַשטימטע אינסטיטוציעס, וואָס וועלן זיך רעכענען מיט די באַדערפעניש פון כלל און אַנטשפּרעכנדיק דערצו אָרגאַניזירן די אַרבעט. די פּראָדוקציע־מיטלען גייען אַריבער פון דעם פּריוואַטן אייגנטימער פון דער אונטערנעמונג ניט צו די אַרבעטער פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג, ווי דאָס האָבן געטראַכט אַ סך אַרבעטער אין רוסלאַנד תיכף נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. די פּראָדוקציע־מיטלען גייען אַריבער צו דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס, צו דעם גאַנצן אַרבעטנדיקן פאָלק. אויך אין דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג וועט עקזיסטירן אַ געוויסער מערוועדט, אָבער דער מערוועדט וועט אַריבערגיין אין רשות פון דעם, וואָס האָט אים געשאַפן, צום גאַנצן אַרבעטנדיקן פאָלק, וואָס איז אָרגאַניזירט אין אַ מדינה. די מדינה איז דאָן שוין ניט קיין כלי־זין אין די הענט פון איין קלאַס כדי צו דערדריקן

דעם צווייטן, נאָר זי דאַרף הערשן און פירן דעם גאַנצן פּראָדוקציע־פּראָצעס און די פאַרטיילונג פון דער פּראָדוקציע. און דעריבער אַנטשפּרעכט ניט דער גרונט־געדאַנק, וואָס אויף אים איז באַזירט די קבוצה, דער סאָציאַליזם, ווי מען פאַרשטייט אים אין דער גאַנצער וועלט. דער גרונט־געדאַנק פון סאָציאַליזם באַציט זיך קודם־כּל צו דער פראַגע, ווי עס ווערט פאַרטיילט די פּראָדוקציע פון דער אַרבעט, ד. ה. צו ווּעמען עס געהערט דער ריינער ריווח פון דער קבוצה. און אין דער הינזיכט זעען מיר אין דער קבוצה אַן עלעמענט, וואָס נעגירט ביי איר אין אַ גרויסער מאָס די סאָציאַליסטישע באַדייטונג: די פּראָדוקציע געהערט צו די אַרבעטער גופא, און ס'איז קיין תירוץ ניט, אַז ביז איצט איז ניטאָ קיין ריווח אין די קבוצות, ווי מיר האָט דערקלערט בערל כּצנלסון אין שטאָקהאָלם: מיר האָפן דאָך, אַז די קבוצות וועלן מצליח זיין, ווייל, אַז ניט איז דאָך בכלל ניטאָ וועגן וואָס צו רעדן. און אויב דער ריווח אין דער צוקונפט וועט געהערן צו די חברים, מוז עס ברענגען צו רעזולטאַטן, וואָס האָבן אייגנט־לעך ניט קיין שייכות מיטן סאָציאַליזם. די איצטיקע לאַגע איז אַזאַ, אַז עס ווערן געשאַפן איזאָלירטע ווירטשאַפטן, וואָס יעדע פון זיי האָט ניט איין באַלעבאָס, נאָר אַ פּאָר באַלעבאַטים, וואָס זיי אַליין זענען זייער אָרנטלעכע מענטשן, ווייל זיי עקספּלאָאַטירן ניט קיינעם, אָבער די ווירטשאַפטן זענען דאָך פּריוואַטע און איזאָלירטע און צום סוף מוזן זיי דאָך קאָנקורירן איינע מיט דער צווייטער, אַזוי ווי אין קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. און אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג מוז עס פירן צו אַן אַנאַרכיע, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם קאַפּיטאַליזם. אין דער קאָנקורענץ וועט דאָך אַ טייל פון די קבוצות מצליח זיין מער, און דער טייל וועט דאָך הערשן אויפן מאַרק. דער צווייטער טייל וועט זיך ווייניקער אַנטוויקלען און איבער זיי וועט הערשן דער ערשטער טייל. דאָס פאַרשטאַרקט די טענדענץ פון פּריוואַט־אייגנטום, וואָס די קבוצות זענען קעגן אים, און דאָס מוז געשען, אויב די איצטיקע אָרגאַניזאַציע פון די קבוצות וועט בלייבן אויך אויף להבא.

איך באַצי זיך מיט גרויס אַכטונג צו די אַרבעטער אין ארץ־ישראל, צו די, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער ציוויליזאַציע און זענען אַוועק אין אַ לאַנד אָן קולטור, כדי מיט זייער בלוט און שווייס, ווי חלוצים, צו לייגן דעם גרונט־שטיין פאַר דעם יידישן אַרבעטנדיקן צענטער. דאָס לעבן איז אָבער שטאַרקער פון אַלע אידעאַליסטישע שטרעבונגען און די מאַסן קענען ניט זיין אידעאַליסטיש געשטימט אין משך פון אַ לאַנגער צייט. אין רוסלאַנד האָבן מיר געהאַט דעם ביישפּיל, ווי אַזוי מען מוז זיין פּאַרזיכטיק ביי די ערשטע שריט. אין רוסלאַנד האָבן מיר געזען, ווי ס'האָבן זיך אין משך פון איין יאָר אַנטוויקלט די עגאָאיסטישע טענדענצן ביי גרויסע גרופּעס, דווקא ביי די באַוווסטזיניקע, צוליב

געוויסע אומגעלונגענע שריט אויפן געביט פון דער אַרבעטער־פּאָליטיק מצד דער ראַטן־מאַכט, וואָס האָט, אמת, שפּעטער געענדערט די דאָזיקע פּאָליטיק, ווען זי האָט זיך אַרומגעזען וואָסערע שלעכטע רעזולטאַטן זי האָט געבראַכט.

אַז מען שטייט נאָענט צו אַ געוויסער דערשיינונג, איז שווער צו זען זי פון אַלע זייטן. דעריבער איז פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס די ארץ־ישראלדיקע אַרבעטער קענען ניט זען אַזוי קלאָר די רעזולטאַטן פון זייער אָריגינעלער טעאָריע פון סאָציאַליזם. אָבער אַ זייטיקער מענטש זעט תיכף די פאַרבינדונג צווישן דעם באַגריף פון סאָציאַליזם און צווישן דעם באַגריף פון מושבי עובדים, וואָס איז די לעצטע צייט אַזוי פּאָפּולער אין לאַנד.

און באמת, אויב דער גאַנצער סאָציאַליזם באַשטייט נאָר אינעם באַפרייען זיך פון באַלעבאָס. אויב דער אינערלעך־מאָראַלישער עיקר איז — ניט צו עקספּלאָאַטירן אַנדערע, טאָ צו וואָס דאַרף מען אייגנטלעך האָבן די פאָרעם פון בשותפותדיקער אַרבעט? צו וואָס דאַרף מען די גאַנצע קאָאָפּעראַציע? דעם ציל ניט צו עקספּלאָאַטירן און ניט עקספּלאָאַטירט צו ווערן קען מען דאָך דערגרייכן אין אַ מער פּשוטער פאָרעם, ווי די קבוצה: זאָל זיך יעדער פירן זיין ווירטשאַפט פאַר זיך אַליין מיט דער פרוי און קינדער.

אַזוי איז טאַקע אַנטשטאַנען דער אולטראַ־רעאַקציאָנערער און קליין־בירגערלעכער געדאַנק וועגן דער נייער שיטה פון קאָלאָניזאַציע: מושבי עובדים. דעם אמת זאָגנדיק, איז די דאָזיקע טעאָריע מער פּאָפּולער צווישן די חברים פון „הפועל הצעיר". דאָרט איז די סביבה מער צוגעפּאַסט צו אים. אָבער אויך צווישן די חברים פון „אחדות העבודה". הגם דאָ זענען דאָ סאָציאַליסטישע עלטערע מענטשן פון די אַלטע פּועלי־ציון, קען מען געפינען באַגייסטערטע אָנהענגער פון די מושבי עובדים. וועגן דער שיטה גלייבט מען אין ארץ־ישראל, אַז זי איז אויך אַן אָריגינעלע און שטאַמט פון די ספּעציפישע באַדינגונגען פון לאַנד.

דער משוב עובדים איז לויט דער דאָזיקער טעאָריע אַ קאָלאָניע פון אַרבעטער, וואָס יעדער איינער פירט די ווירטשאַפט אַליין. ער האָט זיין אייגענעם אינווענטאַר, אייגענע קי, מילך, גרינסן און אַרבעט מיט דער אייגענער משפחה. לויט דער טעאָריע איז פאָרויסגעזען, אַז די באַלעבאַטים פון די ווירטשאַפטן קענען בשותפות קויפן מאַשינען און אַפילו פאַרקויפן די פּראָדוקציע אין אַ קאָאָפּעראַטיווער פאָרעם, אַ מאָל אויך באַאַרבעטן דעם באָדן בשותפות. די חברים פון מושב דאַרפן זיך אויפפירן אָרנטלעך, העלפן איינער דעם צווייטן אין אַן עת־צרה, בקיצור, דאָס איז די אַלטע טעאָריע פון די רוסישע ס. ר.־ן, אַז יעדער פּויער וועט באַאַרבעטן זיין שטיקל באָדן. אָבער ביי די ס. ר.־ן איז געווען פאַרשטענדלעך, אַז דער גאַנצער באָדן וועט געהערן צו דעם גאַנצן דאָרף. ביי אונדזערע אָריגינעלע סאָציאַליסטן דאַרף מען דאָס אויך ניט האָבן

אַדרבא, מען שעצט נאָך זייער הויך דאָס פּריוואַט־אייגנטום! מען אַרבעט אַנדערש, ווען מען ווייסט, אַז מען אַרבעט פֿאַר זיך, מען פֿילט מער די פֿאַר־אַנטוואָרטלעכקייט און עס איז דאָ אַ גרעסערער פּערזענלעכער אינטערעס ווי אין דער קבוצה.

זענען אַפֿילו אַנטשטאַנען ספּעציעלע קבוצות, וואָס האָבן געהאַט בדעה אַריבערצוגיין צו דער פֿאָרעם פֿון מושבֿי עובֿדים. דאָס איז געווען, למשל, דגניה ב׳, און שפּעטער די קבוצה חמרה, וואָס איז פֿאַרבערענט געוואָרן. מען האָט בעצם ניט געטראַכט וועגן דער פּראַקטישער מעגלעכקייט פֿון דער עקזיסטענץ פֿון מושבֿי עובֿדים, ווייל באמת קען ניט עקזיסטירן אַזאַ קאָלאָניע, אַז יעדער זאָל אַרבעטן פֿאַר זיך, עס זענען דאָ פֿאַלן פֿון קראַנקייטן, טויט, צייטווייליקער אָפּוועזנהייט פֿון אָרט, און מען האָט ניט געטראַכט וועגן דעם וואָסער געזעלשאַפֿט עס קען צום סוף אַרויסוואַקסן פֿון אַזעלכע פּריוואַטע קליינבירגערלעכע באַלעבאַטים. אינטערעסאַנט איז, אַז אַפֿילו די קעגנער פֿון דער שיטה האָבן מאָטיווירט זייער קעגנערשאַפֿט ניט דערמיט, וואָס צום סוף וועט דאָ אַנטשטיין ניט קיין סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿט, מען האָט נאָר דיסקוטירט, צי די דאָזיקע שיטה איז גוט פֿאַר דער קאָלאָניזאַציע, צי דורך מושבֿי עובֿדים וועט זיך באמת פֿאַרגרעסערן דער אַרבעט־כוח. און אינטערעסאַנט איז אויך, אַז דווקא די קבוצה, אין וועלכער עס האָבן זיך פֿריער פֿאַר אַלעמען געפֿילט סימנים פֿון אַן אייגענער באַלעבאַטישקייט, האָט אָנגעהויבן פֿאַרווירקלעכן דעם געדאַנק פֿון מושבֿי עובֿדים. איך רעד דאָ וועגן דגניה, וואָס עקזיסטירט שוין צען יאָר, און זי איז דער שטאָלץ פֿון „הפּועל הצעיר״: וואָס ער האָט דאָרט געזייט האָט ער געשניטן בהצלחה. און דווקא אין דער דאָזיקער דגניה, וואָס האָט ניט געהאַט קיין דעפֿיציטן, נאָר פֿאַרקערט, גוטן ריווח צוליב אַ פּאָר גוטע יאָר, און דווקא דאָ, ווו עס האָט זיך שוין פֿאַרענדיקט די אַמאָרטיזאַציע און אַ האַלבער אינוועטנאַר געהערט שוין צו איר בעת די צווייטע העלפֿט געהערט נאָך דעם נאַציאָנאַל־פֿאָנד — דווקא אין דער דאָזיקער גליקלעכער דגניה איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק מיט אייגענע כוחות צו פֿאַרווירקלעכן די טעאָריע פֿון מושבֿי עובֿדים. אויב די גרופּע חברים פֿון „אחדות העבֿודה״ אין חמרה האָט געוואָלט אַריבערגיין צו אַ מושבֿ עובֿדים, איז עס געווען אַ רעזולטאַט פֿון דער דערפֿאַרונג פֿון אַ פּאָר חברים אין אַ פּאָר קבוצות און פֿון אַ פּאָר פֿאַרהייראַטע חברים, וואָס האָבן, ווייזט אויס, געליטן אַ סך פֿון די לעבנס־באַדינגונגען פֿון די בעלי־משפּחות. אָבער דגניה, וועלכע האָט מצליח געווען און ווו די חברים האָבן זיך געפֿילט ווי ביי זיך אין דער היים און זענען געווען שטאַרק צוגעבונדן צום אָרט, דווקא דאָרט האָט מען באַשלאָסן פּרוּוון אויפֿצוּ־שטעלן אַ מושבֿ עובֿדים. מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז ניט אַלע חברים פֿון

דגניה זענען געווען אַנהענגער פון מושב עובדים, אָבער כאַראַקטעריסטיש איז, אַז דווקא אין דער דאָזיקער קבוצה, וואָס האָט געהאַט אויסערגעוויינלעכע רעזולטאַטן, האָט זיך ביי אַ טייל חברים אַנטוויקלט דער געפיל פון פּריוואַט־אייגנטום, זיי זענען אַרויס פון דגניה און האָבן געשאַפן אַ נייע קבוצה דגניה ב׳, וואָס האָט געדאַרפט מיט דער צייט אַריבערגיין צו דער פאָרעם פון אַ מושב עובדים. אָבער אויב מען זאָל זיך פאַרטיפן, קען מען פאַרשטיין, פאַר וואָס דווקא דגניה איז געוואָרן די מוטער פון מושבי עובדים: דווקא אין אַ קבוצה, ווו עס איז שוין דאָ ריווח, ווו די חברים זענען שוין באַלעבאַטים פון זייער אינווענטאַר, דווקא דאָרט אַנטוויקלט זיך די שטרעבונג צו נאָך אַ גרעסערן פּריוואַט־אייגנטום, דאָרט אַנטוויקלט זיך דער קליינבירגערלעכער רעאַקציאָנערער געדאַנק וועגן אַ קליינעם פּריוואַט־אייגנטום, וועגן אַ קליינער אייגענער ווירטשאַפט, וועגן אַ קליינער באַלעבאַטישקייט. דאָס איז דער פּראָטאָטיפּ. אויב דער ענין וועט בלייבן אין דעם איצטיקן מצב, אויב די חברים וועלן זיין אַליין באַלעבאַטים איבערן ריווח — האָבן זיי ניט קיין אַנדערן וועג פאַר זיך, ווי נאָר דעם, וואָס פירט פון דער קבוצה צום מושב עובדים, פון מושב צו קליינע ווירטשאַפטן מיט אייגענער אַרבעט און דאַן מיט געדונגענער אַרבעט און אַזוי ווייטער.

אויב, אַפילו דער עיקר־געדאַנק פון די קבוצות וועט זיך ניט ענדערן, קענען די קבוצות פאַרלירן זייער ווערט פאַר אונדז, נאָך מער, זיי קענען ווערן אַ רעאַקציאָנערע דער׳שיינונג. אָבער כדי די קבוצות זאָלן העלפן דעם פּראָגרעס און ניט דער רעאַקציע, כדי זיי זאָלן זיין אַזאַ קאָלאָניזאַציע־שיטה, וואָס זאָל פאַרבלייבן אין הסכם מיט אונדזערע סאָציאַליסטישע שטרעבונגען, מוז מען אַוועקשטעלן איין באַלעבאָס איבער אַלע קבוצות. דער באַלעבאָס דאַרף באַקומען דעם ריווח פון אַלע קבוצות, אַ ריווח, וואָס מוז דאָך זיין און וועט זיך שאַפן אין לויף פון דער צייט. אין דער סאָציאַליסטישער אָרדענונג איז דער באַלעבאָס די מדינה, דער שטאַט. איצט, איידער עס עקזיסטירט נאָך אַזאַ אָרדענונג אין ארץ־ישראל, דאַרף ווערן דער באַלעבאָס די קערפּערשאַפט, וואָס וועט מיט דער צייט באַקומען די מאַכט אין דער מדינה — און דאָס איז דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל און דער יידישער אַרבעטער אין אויסלאַנד, וואָס האָט אַן אינטערעס אין לאַנד.

אינטערעסאַנט איז, אַז דווקא פון דעם דאָזיקן פּראָבלעם — צו שאַפן אין דער לאַנדווירטשאַפט קליינבירגער אָדער צו מאַכן די ערשטע שריט צום סאָציאַליזם — שטייט איצט די ראַטן־מאַכט אין רוסלאַנד. אין סאָוויעט־רוסלאַנד איז דאָס פּראָבלעם אַנטשטאַנען צוליב אַנדערע סיבות ווי אין ארץ־ישראל. דאָרט איז דאָס פּראָבלעם אַנטשטאַנען, ווייל די באָלשעוויקעס האָבן אין אָקטאָבער־נאָוועמבער 1917 געוואָלט געווינען די סימפּאַטיעס פון די פּויערים

און דעריבער האָבן זיי מסכּים געווען צו דער גרויסער הנחה כּלפּי די פאָרשטייער פון די פויערים — די לינקע ס. ר.־ן דורך דעם, וואָס זיי האָבן מסכּים געווען צו זייער אַגראַר־רעפאָרם, און האָבן תּיכּף אַרויסגעגעבן דעם באַרימטן דעקרעט בנוגע דער סאָציאַליזירונג פון באָדן. אָבער אַ יאָר שפּעטער, און אפשר אַפילו פריער, זענען שוין געווען קענטיק די אומגעוווּנטשענע רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער רעפאָרם: אין משך פון אַ קורצער צייט האָט זיך אין דאָרף אַנטוויקלט אַ קלאַס פון קליינע באַלעבאַטים, וואָס זענען אין בעסטן פאַל געווען גאַנץ נייטראַל לגבּי דער ראַטן־מאַכט, אויב מען האָט זיי ניט געטשעפּעט. און איצט, כּמעט פיר יאָר נאָך דער רעוואָלוציע שטייט רוסלאַנד פאַר דער זעלביקער פראַגע און באַמיט זיך איצט פאַרריכטן, דאָס וואָס זי האָט געטאָן אין איילעניש. „עקאָנאָמיטשעסקאַיאַ זשיזן“, (דאָס עקאָנאָמישע לעבן) פון 1טן אָקטאָבער 1920 שרייבט: „מיר שטייען איצט אויף אַ פּרשת־דרכים: וואָס דאַרפן מיר טאָן? אָוועקשטעלן פאַר זיך די אויפגאַבע צו שאַפן דעם קליינעם אויסגערעכנטן פויער, וואָס אַנטוויקלט גוט זיין ווירטשאַפט און אין דער זעלבער צייט פּאַראַלעל פאַרשטאַרקן די „סאָווכאָזן“ און אַריינפירן דורך „אָפּנאַרן“ אין דער מלוכה פון סאָציאַליזם? די אויפגאַבע איז ניט קיין לייכטע, און דער דערפאָלג איז ניט קיין זיכערער, עס פאָדערט זיך אַ סך יאָרן; אָדער מיר דאַרפן שטעלן פאַר זיך אַן אַנדערע אויפגאַבע, אויך פון אַ קאָלאָסאַלן ווערט — אָרגאַניזירן דאָס פאַר־אָרעמטע פויערטום אין אַ מלוכהש־לאַנדווירטשאַפטלעך מיליטער? די דאָזיקע אויפגאַבע פאָדערט אויך אַ סך צייט און כּוחות, אָבער פריער אָדער שפּעטער וועלן מיר זי פאַרווירקלעכן, ווען די דאָזיקע אויפגאַבע וועט פאַרווירקלעכט ווערן, וועט דער שטאָט פירן די גאַנצע ווירטשאַפט, דאַן וועט מען ניט דאַרפן צעטיילן די ערד, דאַן וועלן אַראָפּפאַלן די שווערע קייטן פון די פיס פון פּראָלעטאַריאַט“.

אויף דער קאָנפערענץ פון די מזרח־פעלקער אין באַקו (אין סוף פון יאָר 1920) האָבן די פאָרשטייער פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל פאָרטיידיקט די שטעלונג, אַז יעדער פויער איז דער באַלעבאָס פון דער פּראָדוקציע, וואָס ער שאַפט. אין די טעזיסן וועגן דער אַגראַר־פראַגע, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ, לייענען מיר: „מען דאַרף פעסטשטעלן אַלס אַן איינהייטלעך געזעץ דעם כּלל, אַז ווער עס באַאַרבעט אַ שטיקל באָדן מיט זיינע אייגענע כּוחות, דער איז דער הערשער און דער באַלעבאָס פון דער פּראָדוקציע, וואָס די ערד גיט אַרויס. לויט דעם נידעריקן קולטורעלן ניוואָ פון די מזרח־פעלקער וואָלטן אַנדערע פּרינציפּן געווען אומפאַרשטענדלעך. דער אומקולטורעלער פויער אין מזרח מוז דורכגיין די סטאַדיע פון קליינעם פּריוואַט־אייגנטום, כּדי דערנאָך אַריבערגיין צו דער קאָאָפּעראַציע פון דער מדינה“. די פאָרשטייער פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל (סקאַטשקאַ) האָבן אונטער־

געשטראָכן אין זייערע רעדעס, אַז „מען דאַרף מיט אַלע מיטלען ווייזן די פּויערים די נויטווענדיקייט פון איבערגאַנג פון דער איזאָלירטער צו דער בשותּפותדיקער אַרבעט. מען דאַרף דערווייזן, אַז דער לעבנס־שטייגער פון קליינע איזאָלירטע ווירטשאַפטן, פון איזאָלירטע משפּחות האָט אַלע מאָל געבראַכט און וועט ברענגען די פּויערים צו דיפערענציאַציע און וועט אויף אַזאַ אופן שאַפן די מעגלעכקייט פון פאַרשקלאַפונג און אונטערדריקונג". דעריבער איז אין די ווייטערדיקע טעזיסן אין דער אַגראַר־פראַגע אַריינגעטראָגן געוואָרן דער פּרינציפּ פון קאָאָפּעראַציע. אָבער מיר שטייען אויף אַ העכערער קולטורעלער מדרגה און מיר פאַרשטייען ענינים, וואָס האָבן אפשר ניט געפונען קיין אויפמערקזאַמקייט ביי דעם ניט קולטורעלן פּויער פון מזרח. מיר זענען אין דער גליקלעכער לאַגע אַז מיר קענען אויסנוצן די דערפאַרונג פון דער ראַטן־מאַכט אויף דעם געביט. מיר טאָרן זיך ניט באַנוצן מיט שיטות, וואָס דער רעזולטאַט פון זיי וועט זיין די אַנטוויקלונג פון קליינע זעלבשטענדיקע פּויערים. מיר דאַרפן אָרגאַניזירן די לאַנדווירטשאַפטלעכע און אינדוסטריעלע פּראָדוקציע אין אַזאַ פאָרעם, וואָס זאָל זיין ניט אין קעגנזאַץ נאָר אין איינקלאַנג מיט דער נאָענטסטער אַנטוויקלונג, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך. דער גאַנצער אַרבעטער־קלאַס אין שטאָט און אין דאָרף דאַרף אַרבעטן אין קאָאָפּעראַטיוון און דאַרף זיין פאַראייניקט אין איין אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע. ווען דאָס וואָלט געווען אַזוי, וואָלטן אַלע קאָאָפּעראַטיוון געווען פאַראייניקט אין איין צענטראַלן פאַרבאַנד, וואָס וואָלט געהערשט איבערן גאַנצן פּראָצעס פון דער פּראָדוקציע און אויף דער גאַנצער פּראָדוקציע, און אַזאַ קאָאָפּעראַטיווע אַרבעט איז דער באַדינג פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם. אין דעם איז פאַראינטערעסירט, באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־קלאַס, און דעריבער דאַרף דער קרייז, וואָס האָט דעם קלאַסן־באַוווסטזיין, נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו צו בויען אַ קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט, וואָס וועט אָנפירן מיט דער גאַנצער אַרבעט. דער ארץ־ישראל־צענטער פון דער געזעלשאַפט וועט דאַרפן באַשטימען דעם אַרבעט־לוין אין אַלע קאָאָפּעראַטיוון און אויב נאָכן באַצאָלן דעם אַרבעט־לוין און אַלע הוצאות וועט פאַרבלייבן ריווח, וועט מען דאַרפן אויסנוצן דעם ריווח, כדי צו בויען נייע קאָאָפּעראַטיוון, קויפן באָדן, מאַשינען און פאַרבעסערן די קולטורעלע און היגיענישע אַרבעט־באַדינגונגען פון די אַרבעטער: בויען שולן, גערטנער, טעאַטערס, שפּיטעלער וכדומה.

ס'איז מעגלעך, אַז אין דער ערשטער צייט וועט מען דאַרפן איבערלאָזן אַ קליינעם טייל פון ריווח פאַר די חברים גופא. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז מיר לעבן נאָך אין דער קאַפּיטאַליסטישער תּקופה און אין יעדער תּקופה דאַרף מען קעמפן מיט די מיטלען, וואָס אַנטשפּרעכן צום בעסטן דער צייט, אַפילו

אויב די דאָזיקע תקופה איז אין צושטאַנד פון ירידה. אין דער איצטיקער צייט איז דער פריוואַטער, מאַטעריעלער אינטערעס איינער פון די שטויס־מיטלען צו דער אַרבעט. אָבער מיט דער צייט, ווען די פּסיכאָלאָגיע וועט זיך ענדערן אין איינקלאַנג מיטן לעבן, וועט מען עס דאַרפן אָפּשאַפן. דערווייל דאַרף מען זיך רעכענען מיט דעם פאַקט, אַז אויב עס וועט ניט זיין דער שטויס־מאָמענט צו דער אַרבעט, וועט עס טיילווייז אָפּשוואַכן די ענערגיע ביי די ווייניקער אידעאַליסטיש־געשטימטע, וועלכע בילדן דאָך די מערהייט אין די מאַסן. אַ גוט־אָרגאַניזירטער קאָאָפּעראַטיווער צענטער איז מסוגל אין מאָמענט, ווען די מאַכט גייט אַריבער אין די הענט פון די אַרבעטער, צו זיין די ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזירטע אינסטיטוציע, וואָס נעמט אויף זיך די מאַכט און אָנפירונג איבער אַלע פּריוואַטע אונטערנעמונגען אין לאַנד.

ווען איך האָב פאַרטיידיקט אין שטאָקהאָלם דעם דאָזיקן פּרינציפּ, וואָס לויט אים דאַרפן געבויט ווערן די קבוצות, האָב איך זיך קודם־כל אָנגעטראָפן אויף אַ זייער ענערגישער קעגנערשאַפט מצד די פאָרשטייער פון „אחדות העבודה". שפּעטער האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף דער קעגנערשאַפט אין ארץ־ישראל און דווקא ביי די מיטגלידער פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון „אחדות העבודה". דאָ איז געקומען צום אויסדרוק די קעגנערשאַפט אין דער פאַר־גאַנגענהייט פון אַ טייל א"י־אַרבעטער צום פאַרבאַנד „פּועלי־ציון" און אַפילו צום פּ. א. פּ. דער טייל פון די ארץ־ישראל־אַרבעטער האָבן געזען אין פּ. א. פּ. דעם פאָנד פון „פּועלי־ציון" פון גלות, וואָס ווילן מיט דער הילף פון דעם דאָזיקן פאָנד פאַרשקלאַפן די אַרבעטער אין ארץ־ישראל און זיי האָבן אין זיינער צייט געשאַפן קעגן דעם פּ. א. פּ. דעם אַרבעט־פאָנד. אויך איצט האָט מען קעגן מיר געבראַכט די אַלטע טענה וועגן „פאַרשקלאַפונג": מיר ווילן אַרבעטן און איר וועט זאָגן אַ דעה? דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער וויל ניט, אַז איבער אים זאָל שטיין וואָס פאַראַ ניט איז באַלעבאָס, זאָלן עס זיין אַפילו זיינע חברים פון גלות. מיר האָבן געהערט נאָך אַזעלכע ערנסטע טענות. אין דער לעצטער צייט האָט מען שוין אויך אין ארץ־ישראל אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז דאָ איז ניטאָ קיין רייד וועגן „פאַרשקלאַפונג". יעדנפאַלס, אין דער פּועלי־ציון־קאָמיסיע, ווו עס זענען געווען כמעט אַ העלפט חברים פון „אחדות העבודה", איז געלונגען דורכצופירן דעם דאָזיקן געדאַנק, ניט געקוקט אויף די פּראָטעסטן און ערנסטע דראָונגען מצד אַ טייל חברים. מיר קענען האָפן, אַז די נייע עולים אין לאַנד, די אַרבעטער פון פּוילן און גאַליציע, וועלן שאַפן די נייטיקע מערהייט פאַרן ריכטיקן סאָציאַליסטישן געדאַנק, און אַז דער אָריגינעלער ארץ־ישראל־דיקער סאָציאַליזם וועט אין קורצן פאַרבלייבן נאָר אַ היסטאָרישע סטאַדיע פון דער אַנטוויקלונג.

„אַז די קבוצות וועלן געבויט ווערן לויטן פאַרגעשלאָגענעם פּרינציפּ, קענען זיי האָבן אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע. אָבער אין דעם פאַל דאַרף מען ניט מגזים זיין זייער באַדייטונג. מען דאַרף פאַרשטיין, אַז דאָס מיינט ניט שאַפן תיכף ומיד אַ סאָציאַליסטיש ארץ־ישראל. דורך דעם ווערט נאָר אין אַ געוויסער מאָס געשאַפן די נייטיקע באַזע פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם אין ארץ־ישראל. אין אַ צווייטן אָרט האָב איך אָפּגעשאַצט די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג אין איצטיקן מצב פון איבערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם. די קבוצות זענען די איינציקע פאָרעם, וואָס דורך זיי קען דער יידישער אָרגאַניזירטער אַרבעטער אין דער איצטיקער לאַגע בויען אַליין זיין קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. כדי די קבוצות זאָלן פולשטענדיק אַנטשפּרעכן אונדזערע פּראָלעטאַרישע אויפגאַבן, דאַרף מען זיי בויען אַזוי, ווי איך האָב אויבן געשילדערט. דאָס פאַרגרעסערט די מעגלעכקייטן פאַר די יידישע אַרבעט־דיקע מאַסן אַריינצודרינגען אין דער לאַנדווירטשאַפט און אין דער אינדוסטריע. דאָס לייזט די אינערלעכע פּראָבלעמען פון די קבוצות און שאַפט אָפּ די געפאַר זיי זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין איזאָלירטע, פּריוואַטע ווירטשאַפטן. דעם פּראָ־לעטאַרישן מהות פון די קבוצות קען מען פאַרזיכערן דורך דער נייער שיטה און דורך שאַפן אַ צענטראַלע־פאַרוואַלטונג, וואָס וועט אָנהייבן אָרגאַניזירן דעם גאַנצן אַפּאַראַט אויף אַזאַ אופן, אַז ער וועט קומען נעמען אויף זיך די מאַכט און די אָנפירונג מיט דער גאַנצער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט, ווען עס וועט קומען די שעה.

צוזאַמען מיט דעם פּאָליטישן קאַמף פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס פאַר דער מאַכט, דאַרף גיין זיין ווירטשאַפטלעכע אויסברייטונג, כדי צו לייזן די פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבן, וואָס די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע שטעלט אַנידער פאַר אים. אין דער דאָזיקער אויסברייטונג איז פאַראינטערעסירט דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־קלאַס, וואָס קען דאָס טאָן דורך זיין זעלבסט־אַקטיוויטעט. יעדע אילוזיע, וואָס ווערט געשאַפן, שוואַכט אָפּ זיין אייגענע אַרבעט און אַקטיוויטעט. דורך די אייגענע כוחות פון יידישן אַרבעטער־קלאַס מוז געשאַפן ווערן דער כלי־זין פון קלאַס פאַר זיין קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין ארץ־ישראל. מיט זיין אייגענער הילף און מיט דער הילף פון דעם אינטער־נאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט וועט ער זיין בכוח צו לייזן די ספּעציפישע און אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען פון יידישן אַרבעטער־לעבן".

דאָס אַלץ האָב איך געשריבן אין יאָר 1921, אין דער בראַשור וועגן די קבוצות אין ארץ־ישראל פון 1920 און איך ברענג עס דאָ, כדי עס זאָלן פאַר־שטאַנען ווערן די פּראָבלעמען, מיט וועלכע ס'האָבן זיך באַשעפטיקט די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער אין לאַנד, אין יענער תקופה.

אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט בערל קאַצענעלסאָן, האָב איך אים געפרעגט, צי ער האָט געלייענט מיין בראָשור. מיט אַ ביסל אַ בייזן פּנים האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער איז אפשר מסכּים מיטן אינהאַלט, אָבער ניט איך האָב געדאַרפט דאָס שרייבן. פאַר וואָס? ווייזט אויס, אַז אויך דאָ איז געקומען צום אויסדרוק די הנחה, אַז מיר אין חוץ לארץ טאָרן זיך ניט אַריינמישן אין די ענינים פון די יידישע אַרבעטער אין לאַנד.

אין מיין ערשטן בוך האָב איך געבראַכט די רעזאָלוציע פון אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט אין רוסלאַנד וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע. טעאָרעטיש האָבן מיר אַלע אין רוסלאַנד און אין פּוילן געהאַלטן, אַז די דאָזיקע דעקלאַראַציע האָט ענגלאַנד געגעבן צוליב אירע אימפּעריאַליסטישע אינטערעסן. ווען איך האָב געזען דעם פּאָגראָם אין ירושלים און האָב געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען פון דער נאָענט מיט דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע, האָט עס נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין נעגאַטיווע באַציִונג צום מאַנדאַט און צו די סיבות פון מאַנדאַט. צו מיינע חברים אין פּוילן האָב איך דאַן געשריבן:

„ניט נאָר די בירגערלעכע ציוניסטן, נאָר אויך אַ געוויסער טייל פון אונדזערע חברים אין אַמעריקע און ארץ־ישראל האָבן זיך באַמיט צו דערקלערן די פריינטשאַפט פון ענגלאַנד צו אונדז מיט אינדיווידועלע מאָטיוון. זיי האָבן ניט געזען די געזעלשאַפטלעכע מאָטיוון. דאָס איז געווען זייער פאַרברעך און די אַנטוישונג זייערע נאָכן פּאָגראָם איז געווען זייער שטראָף.

איצט פאַרשטייען שוין כמעט אַלע, אַז ענגלאַנד איז פאַראינטערעסירט אין ארץ־ישראל, ווייל דאָס לאַנד איז נאָענט צום סועץ־קאַנאַל, און ווייל דאָס לאַנד איז אַ נייער מאַרק פאַר דער ענגלישער אינדוסטריע. נאָך פאַר צוויי יאָר האָט מען גערעדט דערפון, אָבער מען האָט ניט געזען קיין פאַרבינדונג צווישן דעם פאַקט און צווישן דער באַלפור־דעקלאַראַציע. פאַר דעם בירגערלעכן ציוניזם איז געווען קלאָר, אַז דאָס ענגלישע פאָלק איז אַ פאָלק פון גערעכטיקייט און דעמאָ־קראַטיע, און אַז דאָס באַוועגט אים צו געבן ארץ־ישראל די יידן. מען האָט געהאַלטן, אַז די דעקלאַראַציע איז אַ ניצחון פון דער ציוניסטישער הויכער דיפּלאָמאַטיע, וועלכע האָט משפּיע געווען אויף ענגלאַנד צו גיין מיט דעם דאָזיקן וועג. מען האָט זיך באַמיט צו אַרבעטן אין דער ריכטונג, אַז דאָס פאָלק פון גערעכטיקייט זאָל ניט אָפּטרעטן פון יושר. אָבער ענגלאַנד איז ניט דאָס ערשטע מאָל אַריין אין פאַרשיידענע לענדער, ווי די אָקופּאַציע־מאַכט, און זי האָט גוט געוווּסט, ווי די אָרטיקע באַפעלקערונג באַציט זיך דערצו. דעריבער האָט זי געוואָלט באַצייטנס געווינען די סימפּאַטיעס פון איין טייל פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג דורך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, כדי דער טייל זאָל איר העלפן אייצונעמען דאָס לאַנד פון אינעווייניק. מען דאַרף דאָ נעמען אין חשבון נאָך

אַ זייטיקן מאָמענט — מען האָט געדאַרפט האָבן די צושטימונג פון דער וועלט צו דעם שריט, ספּעציעל נאָך דער אומגעלונגענער אַוואַנטורע אין גאַליפּאָלע, און ענגלאַנד איז געלונגען צו געווינען ניט נאָר די סימפּאַטיעס פון די יידישע באַנק־קרייזן אין אַמעריקע, נאָר אויך די סימפּאַטיעס פון א געוויסן טייל פון די יידישע אַרבעטער, וואָס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם אימפּעריאַליסטישן שפּיל, ווי דאָס האָט פּאַסירט אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד און טיילווייז אויך אין רוסלאַנד. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ שפּיאָנאַזש־אָרגאַניזאַציע אין דעם טערקישן ארץ־ישראל לטובת ענגלאַנד, אָנגעפירט דורך דעם באַוווסטן אַגראָנאָם אַראָנסאָן, וואָס שפּעטער האָבן אים די ענגלענדער אַראָפּגעוואָרפן פון אַן אַעראָפּלאַן, און ס'האָט זיך געשאַפן אַזאַ מין התלהבות ביי די יידן אין ארץ־ישראל, אַז זיי האָבן אויפגענומען די ענגלענדער ווי באַפרייער. מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן, אַז די לעצטע יאָרן פון דער הערשאַפט פון דזשעמאַל־פּאַשאַ זענען געווען די שוואַרצסטע: דער גירוש־יפו, דער הונגער, די עפּידעמיעס, דער שטענדיקער רויב פון דער טערקישער רעגירונג האָבן פאַרסמט דאָס לעבן, און דעריבער איז ענגלאַנד אַזוי פריינטלעך אויפגענומען געוואָרן, ענגלאַנד האָט דערגרייכט אַלע אירע צוועקן מיט דעם שיינעם זשעסט פון באַלפורן. דערצו האָט זיך ענגלאַנד תיכף איבערצייגט אַז די אַראַבער זענען נאָך ניט שטאַרק דורכגעדרונגען מיטן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, און אַז פאַר געלט אָדער פאַר אַן אַנדער טובה קען מען קויפן די שייכן און עפענדיס, וואָס לעבן נאָך מיט די פעלאַכן אין פּאַטריאַרכאַלע באַציִונגען. אָבער דער יידישער ישוב האָט ניט אויסגענוצט די באַלפור־דעקלאַראַציע, כדי צו פאָדערן תיכף ומיד אַ פרייע איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע, וואָס דורך זיי וואָלט געקענט געשאַפן ווערן אַ שטאַרקער כוח אין לאַנד און וואָלט שוין געקענט אַליין שטעלן פאָדערונגען. דאַקעגן, האָט די הויכע ציוניסטישע דיפּלאָמאַטיע אַריבערגעפירט דעם שווערפּונקט קיין לאָנדאָן און פאַרנאַכלעסיקט ארץ־ישראל. און נאָך מער: די ציוניסטן האָבן געשריען, אַז מען טאָר ניט פאָרן קיין ארץ־ישראל, אַז מען דאַרף פריער פאַרענדיקן דעם ענין מיט ענגלאַנד אויפן פּאַפּיר, וואַרטן אויפן מאַנדאַט. און מען האָט געוואַרט...

פון איין זייט האָט די אַדמיניסטראַציע זיך איבערצייגט, אַז די יידישע באַפעלקערונג שטעלט ניט פאָר אַזאַ שטאַרקן כוח אין לאַנד, פון דער צווייטער זייט, האָט שוין די דעקלאַראַציע דערגרייכט איר ציל, זי האָט אויך געזען, אַז עס לוינט בעסער געבן געלט די עפענדיס און דאָס לאַנד די יידן. ביסלעכווייז האָט ענגלאַנד אָנגעהויבן אַ פּאָליטיק פון דערווייטערן זיך פון די יידן אין ארץ־ישראל און פון דערנענטערן זיך צו די אַראַבער. פון דאַן קומט די זיכערקייט ביי די אַראַבער, אַז די רעגירונג איז מיט זיי. כלפּי די יידן האָבן

די ענגלענדער געטענהט, אַז זיי קענען ניט דערלויבן נייע זאַכן, ווייל זיי האָבן נאָך ניט באַקומען דעם מאַנדאַט, און וויצמאַן האָט, ווייזט אויס, געגלייבט אין דעם. עס איז לעכערלעך צו טראַכטן, אַז ווען ענגלאַנד וואָלט געוואָלט פריער באַקומען דעם מאַנדאַט, וואָלט זי אים ניט געקראָגן. דער עמיר פייזאל האָט געקענט זיך קרוינען פאַרן מלך פון גאַנץ אַראַביע, אָן דער אָפיציעלער הסכמה פון דער קאָאַליציע, און ענגלאַנד האָט ניט געקענט ווירקן, אַז מען זאָל איר געבן דעם מאַנדאַט! מען זאָגט, אַז ענגלאַנד אַליין האָט געשלעפּט דעם ענין, כדי זי זאָל האָבן פרייע הענט בנוגע דער דעקלאַראַציע און כדי אויסצונוצן די צייט צו שאַפן פאַרבינדונגען מיט די אַראַבער און אָפּשוואַכן די פאָדערונגען פון די יידן. אין משך פון די צוויי יאָר, וואָס די ציוניסטישע פּאָליטיקער זענען געפאָרן אַהין און צוריק קיין לאָנדאָן, זענען די ענגלענדער געזעסן אָן אַ מאַנדאַט אין ארץ־ישראל און האָבן איינגעאָרדנט דעם פּאָגראָם אין ירושלים. דערמיט האָט מען געדאַרפט דערוויזן דער גאַנצער וועלט, אַז די אַראַבער זענען קעגן דער דעקלאַראַציע. צי קען דען דאָס „דעמאָקראַטישע" ענגלאַנד ביי אַזעלכע באַדינגונגען זיך אַנטקעגנשטעלן די פאָדערונגען פון די ברייטע מאַסן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג? מיט איין קלאַפּ האָט ענגלאַנד געוואָלט כאַפּן צוויי האָזן און, לויטן אַלטן כלל, וואָס ווירקט אַלע מאָל — „צעטייל און הערש" — אָנרייצן די אַראַבער קעגן די יידן און די יידן קעגן די אַראַבער און דערשטיקן ביידן. די „אויפרעגונג" פון די אַראַבער וועט מען אויסנוצן כדי אַריינצופירן נאָך מער מיליטער אין לאַנד און דערדריקן די אַראַבער צוזאַמען מיט די יידן.

די, וואָס האָבן געלייגט זייערע האָפענונגען אויף די ענגלענדער שטייען איצט פאַר אַ וואַנט. דאַן הייבט מען אָן טראַכטן: אפשר איז נאָר די אַדמיניס־טראַציע די שולדיקע און די מענטשן אין צענטער זענען בעסער? די גרויסע פּאָליטיקער זענען זיך מודה, אַז זייער פּאָליטיק האָט באַנקראָטירט, און עס זענען אַפילו פאַראַן אַזעלכע, וואָס זענען גרייט צו אַלץ, אַפילו איבערצודרייען דעם פעלץ. מען האָט געהאָפט אויף ענגלאַנד, איז מען גרייט איצט צו האָפן אויף לעניניען. אָבער פאַר די, וואָס פאַרבינדן דעם גורל פון די יידישע אַרבעטער מיטן גורל פון גאַנצן פאָלק, האָט זיך גאָרניט ניט געביטן, נאָר די קאָרטן זענען געוואָרן מער אָפן...

און נאָך מער. מען באַשולדיקט אין די פּאָגראָמען נאָר ענגלאַנד. אָבער דאָס איז ניט ריכטיק. די פיזישע שולדיקע זענען די אַראַבישע שייכן; די אינטעלעקטועלע שולדיקע זענען די ענגלענדער, ספּעציעל די רעגירונג, אָבער שולדיק איז אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אירע פירער. מען האָט קיין מאָל ניט געטראַכט, אַז מען דאַרף קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער. אַ דאַנק די פּאָגראָמען האָט מען זיך אַ ביסל אויסגעניכטערט, מען

הייבט אָן רעדן ווערטער, וועלכע מיר האָבן פריער גערעדט. אמת, עס איז אַ ביסל שפּעטלעך, אָבער בעסער שפּעטער ווי קיין מאָל ניט, „די צייט איז נאָך ניט אַוועק״ — דאָס האָב איך געשריבן אין יאָר 1920, אָבער עס ווייזט זיך אַרויס, אַז איך בין דאַן געווען אַ ביסל נאַיִוו, אויב איך האָב געקענט טראַכטן, אַז די אָנהענגער פון ענגלאַנד האָבן זיך אויסגעניכטערט נאָכן פּאָגראָם. זיי האָבן זיך, ליידער, ניט אויסגעניכטערט נאָך די געשעענישן פון יאָר 1929, 1933, 1936, 1939, און אַפילו ניט נאָכן ווייסן בוך פון יאָר 1940.

איך האָב זיך אַ ביסל פאַרהאַלטן אין ארץ־ישראל און דעריבער האָב איך פאַרשפּעטיקט צו דער צווייטער קאָנפערענץ פון דער פּוילישער פּאַרטיי אין קראָקע, וואָס איז פאָרגעקומען אין מיטן מאַי. דאָרט האָט מען באַהאַנדלט צוויי עיקר־פראַגן: די פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַל און די ארץ־ישראל־פראַגע. אין דער פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַל איז מיט אַ מערהייט אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציע זיך אָנשליסן אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל, אָבער נאָר בתנאי, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל וועט אָננעמען אונדזערע אָנשוויונגען אין דער יידן־פראַגע. די מינדערהייט איז געווען פאַרן תיכפדיקן אָנשלוס און איז געווען נאָענט צו די אָנשויונגען פון דעם אָ. ב. (אָרגאַניזאַציאָנס־ביוראָ). בנוגע ארץ־ישראל איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„די קאָנפערענץ שטעלט פעסט, אַז דער בוי פון אַ יידישער סאָציאַליס־טישער ארץ־ישראל איז מעגלעך און וועט פאַרווירקלעכט ווערן נאָר אין איינ־קלאַנג מיט די פּרינציפּן פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף און מיט די אַנט־וויקלונגס־טענדענצן און ניצחון פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע און אין דעם סאַן־רעמאָ־באַשלוס זעט די קאָנפערענץ דעם בולטן פּרווו פון דער הערשנדיקער אימפּעריאַליסטישער כנופיה מיט ענגלאַנד בראש אויסצונוצן די אַרבעט־נויט און די באַפרייונג־שטרע־בונגען פון די יידישע פאָלקס־מאַסן פאַר די אינטערעסן פון זייער רויב און עקספּלאָאַטאַציע און פאַר זייערע כוונות אין די מזרח־קאָלאָניעס. די לעצטע געשעענישן אין ארץ־ישראל, ווי די אָנפאַלן אויף יידן און דער פּאָגראָם אין ירושלים זענען אַ רעזולטאַט פון דער אומגעשטערטער אַגיטאַציע מצד די אַראַבישע עפענדיס און פּאָליטישע אַוואַנטוריסטן, וואָס זעען אין דער וואַקסנ־דיקער יידישער עליה די סכנה פאַר דער הערשאַפט פון די אַראַבישע פּריצים און ווילן אויסנוצן פאַר זייערע עגאָיסטישע אינטערעסן די ניט אָרגאַניזירטע אָפּגעשטאַנענע אַראַבישע מאַסן ווי אויך פון דעם אופן, ווי עס האָט זיך געפירט די יידישע בירגערלעכע קאָלאָניזאַציע ביז איצט. דער פּאָגראָם אין ירושלים, וואָס איז בפירוש אונטערגעשטיצט געוואָרן דורך דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע,

האָט אויפגעדעקט די גאַנצע צביעות און די עטישע ירידה פון דער בריטישער אָקופּאַציע־פּאָליטיק אין ארץ־ישראל.

די קאָנפערענץ איז קאַטעגאָריש קעגן דער פּאָליטיק פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געוואָלט פאַרבינדן די נאַציאָנאַלע באַפרייונג פון יידישן אַרבעטנדיקן פאָלק מיט די אינטערעסן פון די געזעלשאַפטלעכע פּאַראַזיטאַרע כוחות, וואָס געפינען זיך אין ירידה.

די בירגערלעכע קאָלאָניזאַציע ביז איצט, אויף די יסודות פון פּריוואַטן קאַפּיטאַל און עקספּלאָאַטאַציע, האָט פולשטענדיק באַנקראָטירט הן אין סאָציאַלן, הן אין נאַציאָנאַלן זין. די אַנטוויקלונג און די דערפאַרונג פון דעם ישוב אין ארץ־ישראל האָבן דערוויזן, אַז דאָס לאַנד קען אויפגעבויט ווערן איינציק און אַליין דורך דער עליה און קאָלאָניזאַציע פון ברייטע יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, וואָס וועלן זיך שטיצן נאָר אויף אייגענער אַרבעט און וואָס וועלן אָרגאַניזירן זייער אַרבעט און לעבן לויט די פאָדערונגען פון אויפבוי פון סאָציאַליזם.

אין איינקלאַנג מיט דער זעלבשטענדיקער, אַקטיווער און שאַפנדיקער אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט אין דער איצטיקער תקופה, דערקלערט די קאָנפערענץ פייערלעך, אַז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס איז דער איינציקער אַקטיווער קלאַס אין יידישן פאָלק, וואָס פון זיין אַרבעט און קאַמף איז אָפּהענגיק דער גורל פון דעם גאַנצן פאָלק, און דעריבער איז ער געצווונגען צו נעמען אויף זיך די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעם סאָציאַליסטישן אויפבוי אין ארץ־ישראל.

אין איצטיקן מאָמענט, ווען דער בירגערלעכער ציוניזם אָרגאַניזירט און מאָביליזירט די יידישע מאַסן, כדי צו פאַרשטאַרקן זיין ווירקונג אויפן פּראָצעס פון אויפבוי פון ארץ־ישראל, האַלט די קאָנפערענץ פאַר דעם הייליקן חוב פון דער פּאַרטיי אָנצוהייבן אַ ברייטע טעטיקייט צו אָרגאַניזירן די יידישע אַרבעטער־מאַסן פאַר אַ ברייטערע, סיסטעמאַטישערער און אַקטיווער אַרבעט אין ארץ־ישראל און פאַרן אויפבוי פון לאַנד.

די קאָנפערענץ ווענדט זיך מיט אַ וואַרעמען רוף צו אַלע יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן די מעגלעכקייט דערצו, תיכף ומיד עולה צו זיין אין לאנד און שטעלן זיך אין די שורות פון די יידישע סאָציאַליסטישע כוחות, וואָס קעמפן און בויען דאָרט, כדי אויף אַזאַ אופן צו שטאַרקן זייער כוח.

דער צענטראַל־קאָמיטעט און די קאָמיטעטן אויף די ערטער ווערן גערופן צו העלפן מיט אַלץ דער עליה פון די יידישע אַרבעטער אין לאַנד. די קאנפערענץ לייגט אַרויף אויפן צענטראַל־קאָמיטעט צו אָרגאַניזירן אַ ספּעציעלע ארץ־ישראל־קאָמיסיע, וואָס איר אויפגאַבע וועט זיין צו פאַרווירקלעכן אין לעבן די קאָנקרעטע ארץ־ישראל־אַרבעט לויט די באַשלוסן און אָנווייזונגען פון דער קומענ־

דיקער וועלט־קאָנפערענץ. רעכענענדיק זיך מיט דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון אונדזער ארץ־ישראל־אַרבעט און דער פּראָלעטאַרישער ארץ־ישראל־טעטיקייט, באַשטעטיקט די צווייטע קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי אין פּוילן דעם בשותּפות־דיקן באַשלוס פון דער פּאַרטיי אין רוסלאַנד און פון דער וועלט־קאָנפערענץ פון יאָר 1909 וועגן דעם ניט באַטייליקן זיך אין ציוניסטישן קאָנגרעס".

איך האָב געבראַכט געווי די אַלע אויסצוגן און אַרטיקלען, כדי עס זאָל פּאַרן לייענער קלאָר זיין אונדזער שטעלונג אין דער ארץ־ישראל־פראַגע. אַנדערש וואָלט ניט געווען פאַרשטענדלעך די שפּאַלטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אויף דער קאָנפערענץ אין יאָר 1920.

*

איך האָב זיך אָנגעהויבן גרייטן צו פאָרן צוריק אַהיים. דאָס איז געווען אָנהייב יוני. פאַר דער צייט, וואָס איך בין געווען אין לאַנד זענען אָנגעקומען פון רוסלאַנד מיין עלטערע שוועסטער, העלענאַ, איר מאַן אהרון זילבערמאַן און זייער זון עזריאל, איצט אַ קאַפּיטאַן אין דער לופט־אַרמיי ביי אונדז. ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז די שוועסטער מיט דער משפּחה קומט אָן, זענען מיר געזעסן מיטן פאָטער און געטראַכט ווי וועט מען איר קענען מיטטיילן וועגן טויט פון איר עלטערן זון שמעון. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז פריער וועלן מיר איר זאָגן, אַז שמעון איז קראַנק און דערפאַר האָט ער ניט געקענט קומען באַגעגענען די עלטערן. שפּעטער וועלן מיר איבערגעבן די ידיעה דעם שוואָגער, און צוזאַמען מיט אים זיך מיישב זיין, ווי אָנצוזאָגן די ביטערע בשורה דער שוועסטער. מיר האָבן ניט געוווּסט, אין וועלכן פּאָרט די שיף קומט אָן, און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז איך וועל פאָרן קיין חיפה און דער פאָטער קיין יפו. יעדער פון אונדז האָט געוואָלט, אַז די שיף זאָל אָנקומען ניט דאָרט, ווו ער פאָרט. די שיף איז אָנגעקומען קיין יפו. מען האָט דער שוועסטער דערקלערט, אַז שמעון איז געפאָרן אויף אַ פאָר וואָכן קיין ביירוט, אָבער זי האָט זיך ניט געקענט באַרויקן.

מיט די עלטערן האָב איך באַשלאָסן, אַז נאָך דעם, ווי איך וועל זיך אומקערן קיין וואַרשע און פאַרענדיקן שפּעטער די וועלט־קאָנפערענץ אין ווין, וועל איך קומען מיט דער משפּחה שוין זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל. דעריבער האָב איך געדאַרפט שוין פון וואַרשע, פאָרנדיק צו דער וועלט־קאָנפערענץ, מיט־נעמען אַלע זאַכן, וואָס זענען געבליבן ביי אונדז נאָך דעם ווי מיר זענען געקומען פון רוסלאַנד. דער פאָטער האָט אַפילו באַשלאָסן צו העלפן מיר מאַטעריעל, ווייל איך האָב נאַטירלעך ניט געהאַט אויף הוצאות הדרך. בין איך אַוועק אין דער עליה־אָפּטיילונג פון דער רעגירונג, כדי צו באַקומען אַ

וויזע אויף אַרויסצופאָרן פון לאַנד. דאָרט האָב איך באַגעגנט אַ באַקאַנטן באַאַמטן, און ער האָט מיר געגעבן אַ גוטע עצה. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אַנשטאָט צו נעמען אַן אויסרייזע־וויזע אויף מיין פּוילישן פּאַס, זאָל איך אין גאַנצן ווייזן דעם פּוילישן פּאַס, ווייל דאָ אינטערעסירט מען זיך בכלל ניט ווי אַזוי עמעצער איז אַריינגעקומען אין לאַנד, איך דאַרף פּשוט בעטן אַן אַרטיקן פּאַס, אַ „לעסע־פּאַסע״. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך באַקומען אַזאַ פּאַס, און דאָס האָט מיר אַ סך פאַרלייכטערט צו קומען צוריק קיין ארץ־ישראל. אָבער די פּאַפּירן האָב איך ביזן לעצטן טאָג ניט באַקומען פאַר מיין אָפּפאָרן. איך האָב געדאַרפט באַקומען די פּאַפּירן אַכט אַ זייגער אין דער פרי, און פּונקט אין דער זעלבער שעה איז אָפּגעגאַנגען די באַן פון יפו קיין מצרים. האָב איך ניט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי נאָכיאָגן די באַן. כ׳האָב באַקומען די פּאַפּירן און תיכּף מיט אַן אויטאָ געפאָרן קיין לוד, ווו כ׳האָב געכאַפּט די באַן. איך דערצייל דעם עפּיזאָד, ווייל עס איז זייער אינטערעסאַנט, אַז די פּרייזן פון די נסיעות אין די אויטאָס זענען דאַן געווען אַ סך העכער ווי זיי זענען היינט אין יאָר 1960. איך האָב באַצאָלט פאַר דער רייזע אין אויטאָ קיין לוד פיר מצרישע פונט, און אַ פלאַץ פון תל־אביב קיין ירושלים אין אַ קליינעם אויטאָ האָט געקאָסט איין פונט מיט 25 פּיאַסטער.

אַ פּאָר טעג פאַר מיין אָפּפאָרן פון לאַנד איז געקומען קיין א״י אַ שליח פון י. ק. פּ. ־פּאַרטיי — „פועלי־ציון״ אין ראַטן־פאַרבאַנד. אין רוסלאַנד האָט די פּאַרטיי זיך געשפּאָלטן אין יאַנואַר 1919, אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם, ווי איך האָב פאַרלאָזן רוסלאַנד. מען האָט מיר דערציילט, אַז קענדזשערסקי האָט אויף דער שפּאַלטונגס־קאָנפערענץ אין מינסק געחלשט. עס זענען געגרינדעט געוואָרן צוויי פּאַרטייען: י. ק. פּ. (פּ. צ.) — די יידישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי (פּ. צ.) און די י. ס. ד. א. פּ. (פּ. צ., — די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער פּאַרטיי). די באַציִונגען צווישן די ביידע פּאַרטייען זענען געווען זייער פיינטלעכע און צו זייער אַנטוויקלונג וועל איך זיך שפּעטער אומקערן. די י. ק. פּ. (פּ. צ.) האָט זיך פאַרבונדן מיט דער פועלי־ציון־גרופּע אין ארץ־ישראל, וועגן וועלכער איך האָב פריער דערמאָנט, און געוואָלט געווינען זי אויף איר זייט, דער עיקר פאַר דער וועלט־קאָנפערענץ אין ווין.

דער נאָמען פון דעם דאָזיקן שליח איז געווען אריה שטאַק. אַ יונגער בחור, אפשר פון אַ יאָר 25, אַ גרויסער „רעוואָלוציאָנער״ און ניט קיין שלעכטער רעדנער, אָבער זייער אַן איבערפלעכלעכער מענטש. אויפן וועג קיין ארץ־ישראל איז ער דורכגעפאָרן דורך ווין און האָט זיך דאָרט פאַרבונדן מיט דעם אָ. ב., דורך דעם האָט ער באַקומען די פאַרבינדונג מיט דער גרופּע אין ארץ־ישראל, וועלכע איז שוין אין משך פון אַ פּאָר חדשים געווען פאַרבונדן מיטן אָ. ב.

מיט מיר צוזאַמען איז דאָן געפאָרן קיין וואַרשע נטע גאָלדבערג (הרפז), וואָס איז געווען איינער פון מיינע ערשטע צוהערער אין דער גרופּע, וועלכע איך האָב געפירט אין פּראַגע לעבן וואַרשע, אין סוף יאָר 1905. נטע איז געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע דורך דעם צ. ק. פון „אחדות העבודה" כדי צוצוגרייטן די חברים אין אונדזער פּאַרטיי צו דער וועלט־קאָנפערענץ, ספּעציעל האָט ער געהאַט די אויפגאַבע צו ווירקן אויף אונדזערע חברים, זיי זאָלן אָנטייל נעמען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן. איך געדענק אַז אין באַן, אויפן וועג צווישן טריעסט און ווין, האָט מען אונדז געגעבן אַ מאַראַנץ, וואָס מיר ביידע האָבן באַשלאָסן ניט צו עסן, ווייל מיר זענען געווען שטאָלץ, וואָס מיר זענען שוין צוגעוווינט צו עסן גוטע מאַראַנצן.

## צוריק אין פּוילן

נאָך פּריער פּאַר מיר האָט פאַרלאָזן דאָס לאַנד זלמן רובאַשאָוו (היינט שז"ר) . איך געדענק ניט ווער, אָבער מען האָט מיר דערציילט, אַז ווען רובאַשאָוו איז געקומען קיין וואַרשע, האָט מעדעם, דער אָנפירער פון „בונד", אויסגעדריקט דעם ווונטש זיך צו זען מיט אים. מעדעם איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטער טיפּ: אַ זון פון אַ רוסישן גענעראַל, איז ער געוואָרן דער אָנערקענטער פירער פון דער גרעסטער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי. ער האָט זיך גוט אויסגעלערנט יידיש. איך האָב זיך געטראָפן מיט אים נאָר איין מאָל אין יאָר 1919 אויף אַ זיצונג פון די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען, און ער האָט אויף מיר געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק, אַן איינדרוק פון אַן ערנסטן מענטשן, וואָס באַמיט זיך אַלע מאָל צו פאַרשטיין דעם קעגנער. ווייזט זיך אויס, אַז מעדעם האָט זיך באַצויגן צו דער פּראַגע פון ארץ־ישראל אַנדערש ווי זיינע חברים. ער איז מסתם ניט געווען אַזוי אין גאַנצן זיכער אין דעם, אַז די שטעלונג פון „בונד" צום ענין ארץ־ישראל איז אַ ריכטיקע, און דעריבער האָט ער געוואָלט באַקומען פון רובאַשאָוון די פולע און ריכטיקע אינפאָרמאַציע וועגן דעם לאַנד. מען האָט מיר ניט דערציילט, וועגן וואָס ביידע האָבן גערעדט, און עס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט, אַז שז"ר זאָל דערציילן וועגן דעם, אָבער איך שטעל זיך פאָר, אַז שז"ר האָט מעדעמען דערציילט דעם גאַנצן „אמת", דאָס הייסט, וועגן דער לאַגע אין לאַנד און אָן ספק האָט ער אים דערציילט וועגן אַלע זיינע טעאָריעס און די טעאָריעס פון זיינע חברים וועגן דעם אויפבוי פון דעם סאָציאַליסטישן ארץ־ישראל אַ דאַנק די קבוצות. איך שטעל זיך פאָר, אַז די דאָזיקע טעאָריעס פון אונדזערע אוטאָפּיסטן האָבן ניט געקענט מאַכן קיין גרויסן איינדרוק אויף אַ מענטשן, ווי מעדעם, וואָס האָט זיך אויפגעהאַדעוועט אויף די געזעצן פון

דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און אויף מאַרקסן. און מען האָט מיר דערציילט, אַז נאָך דעם געשפּרעך מיט רובאַשאָוון, וועלכער איז פאָרגעקומען אין האָטעל ביי רובאַשאָוון, זאָל מעדעם האָבן געזאָגט: „אויב אַזוי, איז דאָך דאָס אַלץ אַ גרויסער בלאָף".

קומענדיק קיין וואַרשע האָב איך איבערגעגעבן סאָבינען וועגן באַשלוס צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. זי האָט מסכים געווען און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער נסיעה. איך האָב איבערגעגעבן וועגן אונדזער באַשלוס מיינע חברים פון צ. ק., זיי זענען דערפון ניט אַזוי שטאַרק צופרידן געווען, אָבער זיי האָבן משלים געווען דערמיט, נאָך דעם ווי איך האָב זיי דערקלערט, אַז איך בלייב נאָך די פּאָר חדשים אין פּוילן און וועל פאָרן צוזאַמען מיט זיי צו דער וועלט־קאָנפערענץ, און פון ווין, נאָך דער קאָנפערענץ, וועלן מיר פאָרן קיין ארץ־ישראל. די צוויי חדשים אין פּוילן האָב איך געווידמעט דער אַרבעט אין דער פּאַרטיי. איך האָב געדאַרפט באַזוכן קודם־כל די וויכטיקסטע שטעט און איבערגעבן אַ באַריכט דערפון, וואָס איך האָב געזען אין ארץ־ישראל אין משך פון דעם האַלבן יאָר. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן עפנטלעכע פאַר־זאַמלונגען אין וואַרשע, לאָדזש, קראָקע, ביאַליסטאָק א"א שטעט. די פאַר־אינטערעסירונג פון די יידן מיט ארץ־ישראל איז דאַן געווען זייער אַ גרויסע, און אין יעדער שטאָט זענען געקומען מאַסן יידן, און נאָך דעם רעפעראַט (אין אַ פּאָר שטעט האָב איך רעפערירט צוויי מאָל אין משך פון שעהען) האָב איך געמוזט ענטפערן אויף אַלע פראַגן, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן, אַפילו בנוגע זייער קליינע ענינים. נאָך די אסיפות האָב איך נאָך געמוזט זיצן מיט די חברים אין אַן ענגערן קרייז שעהענווייז שפּעט אין דער נאַכט און איבערגעבן זיי פּרטים, וועלכע מען האָט ניט געקענט דערציילן אויף עפנטלעכע פאַר־זאַמלונגען. אין ביאַליסטאָק האָב איך זיך דאַן צום ערשטן מאָל געטראָפן מיט משה ערעמען, וועלכן איך האָב ביז דאַן ניט געקענט. איך האָב געלייענט זיינע אַרטיקלען אין דער „אַרבעטער צייטונג", אין יאָר 1919, אַרטיקלען זייער אינטע־רעסאַנטע, ספּעציעל וועגן דעם ראַטן־פאַרבאַנד, אָבער ביז דאַן האָב איך ניט געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט אים פּערזענלעך. ער איז געווען אין ליטע און ערשט אין אָנהייב פון יאָר 1920 איז ער אַריבערגעקומען קיין פּוילן.

אונדזער קאַמף דאַן אין פּוילן מיטן „בונד" איז געווען אין גרעסטן ברען. ספּעציעל פאַרשאַרפט האָט זיך די לאַגע אין צוזאַמענהאַנג מיטן קאַמף אין דעם פּראָפעסיאָנעלן דרוקער־פאַראיין. מיר האָבן געהאַט אַן אייגענע דרוקעריי, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די צייטונג פון דער פּאַרטיי, און געאַרבעט אין דער דרוקעריי האָבן פּאַרטיי־חברים. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון די דרוקער איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון „בונד", און דער „בונד" האָט געוואָלט אויסנוצן

דעם דאָזיקן פאַקט, כדי אונדז צו צווינגען צו פאַרמאַכן אונדזער פּאַרטיי־צייטונג, מחמת אונדזערע חברים, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער צייטונג, האָבן זיך ניט גערעכנט מיט די אַלגעמיינע באַדינגונגען פון פאַראיין און האָבן געאַרבעט אַלס איבערגעגעבענע חברים. גלייך פון דער שיף בין איך אַריין אין דער דאָזיקער מלחמה, איך האָב אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל, אין וועלכן איך האָב זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז דער דרוקער־פאַראיין איז אַ געלער פאַראיין, ווייל ער רעכנט זיך ניט מיט די פּאָליטישע צילן, נאָר מיט זיינע ענגע צעכיסטישע אינטערעסן. דער פאַראיין האָט, למשל, אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז „די גרינדונג פון פּאַרטייאישע דרוקערייען איז קעגן די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון די דרוקער־אַרבעטער״. מיר, וואָס נעמען אָנטייל אין אַרויסגעבן די צייטונג, קענען אַרבעטן ביי טאָג און ביי נאַכט, און דאָס איז לחלוטין אין אָרדענונג, אויב אָבער אַן אַנדערער חבר, אַ דרוקער־אַרבעטער, וויל אַרבעטן אַפילו אומזיסט אין דער פּאַרטיי און העלפן איר מיט זיינע פאַך־קענטעניש אַרויסצוגעבן די צייטונג פון זיין פּאַרטיי, ווערט עס אים פאַרווערט, און ער מוז טאָן דאָס, וואָס עס וועט אים דיקטירן דער „בונד״, דער פּאָליטישער קעגנער פון זיין פּאַרטיי. דאָ האַנדלט זיך ניט אין קיין שום פּראָפעסיאָנעלן אינטערעס נאָר אין אַ ריין פּאָליטישן: אָפּשטעלן דאָס דערשיינען פון אַ קעגנערישער פּאַרטיי־צייטונג. אין דער דאָזיקער מלחמה האָבן מיר אָפּגעהאַלטן דעם ניצחון, אַלע חברים אין דער דרוקעריי זענען געבליבן אויף זייערע ערטער, און דעם „בונד״ איז ניט געלונגען צו פאַרמאַכן די צייטונג, — אַ זאַך וואָס וואָלט אַגב געהאָלפן דער פּוילישער רעגירונג.

פּוילן איז דאַן געשטאַנען אין מלחמה מיטן ראַטן־פאַרבאַנד. אין חודש אַפּריל האָט דאָס פּוילישע מיליטער צוזאַמען מיט פּעטליורען אָנגעגריפן קיִעוו און אין אָנהייב מאַי אָקופּירט די שטאָט. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די קעגן־אָפּענ־סיווע פון בודיאָניס קאַוואַלעריע, וואָס איז אין אָנהייב יוני, כמעט, דערגאַנגען ביז די פאָרשטעט פון וואַרשע, אָבער ס'איז געשען דאָס, וואָס מען האָט אין פּוילן אַ נאָמען געגעבן „דער נס אויף דער ווייסל״ — פראַנקרייך האָט געגעבן הילף און געשיקט דעם מאַרשאַל וועיגאַן, אים איז געלונגען אָפּצושטויסן בודיאָניס מיליטער פון וואַרשע. די סיבה, לויט ווי מען האָט דאַן אויפגעקלערט, איז געווען די, וואָס בודיאָניס קאַוואַלעריע איז געלאָפן מיט אַ משוגענעם מאַרש פאָרויס, און דאָס פוס־מיליטער האָט ניט געקענט באַווייזן נאָכצולויפן נאָך דער קאַוואַלעריע, אַזוי אַז בודיאָני איז פון הינטן ניט געווען געשיצט דורך דער רויטער אַרמיי. האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן די אונטערהאַנדלונגען וועגן וואָפנשטילשטאַנד. די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט ערשט אין חודש מערץ פון יאָר 1921 מיטן שלום־אָפּמאַך אין ריגע.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פויליש־רוסישער מלחמה אין דעם זומער האָבן זיך ספּעציעל פאַרשאַרפט די באַציִונגען צווישן די פּאָלאַקן און די יידן. די רעגירונג האָט מיט אַלע מיטלען פאַרפאָלגט די יידישע אָרגאַניזאַציעס, ספּעציעל די אָרגאַניזאַציעס פון די יידישע אַרבעטער. זי האָט פאַרמאַכט די צייטונגען און די קלובן, און אונדזער דעפּוטאַט אין סיים ד״ר שיפּער האָט ניט איין מאָל פּראָטעסטירט קעגן דעם אין סיים, אָבער, נאַטירלעך, אָן דערפאָלג.

פאַר מיין צוריקקומען קיין וואַרשע איז אַהער אָנגעקומען די אינטער־נאַציאָנאַלע קאָמיסיע, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין לוצערן אין יאָר 1919, כדי אויסצופאָרשן די סיבות פון די פּאָגראָמען אויף יידן אין פּוילן, ליטע און אוקראַיִנע. אונדזערע חברים זענען ניט געווען אַנטציקט פון דער דאָזיקער קאָמיסיע, ווייל בעצם האָבן מיר זיך ניט געניייטיקט אין קיין שום קאָמיסיע: מיר האָבן גוט געוווּסט די עיקר־דיקע סיבות פון דעם אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן, מיר האָבן געדאַרפט, אַז עס זאָלן זיך ענדערן די קעגנזייטיקע באַציִונגען, אָבער ניט קיין קאָמיסיע. עס איז דאָך געווען אַ קליינע האָפענונג, אַז די דאָזיקע קאָמיסיע וועט אויפדעקן די צביעות פון די פּוילישע סאָציאַליסטן אין דער יידן־פראַגע, אָבער היות ווי אַלע זענען געווען מיטגלידער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט דער באַרג געבאָרן אַ מויז.

פּרטים וועגן דער דאָזיקער קאָמיסיע האָט מיר שפּעטער דערציילט סאָבינע. אונדזער פּאַרטיי האָט געדאַרפט דערלאַנגען אַ מעמאָראַנדום דער קאָמיסיע אין דער יידן־פראַגע. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט באַאויפטראַגט דעם חבר יוריס (איצט אין ישראל) צוצוגרייטן דעם דאָזיקן מעמאָראַנדום. ער האָט אָנגעשריבן דעם מעמאָראַנדום אין יידיש און אין פּויליש, און סאָבינע איז באַאויפטראַגט געוואָרן איבערצוזעצן אים אויף פראַנצויזיש. ווייל כמעט אַלע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן פאַרשטאַנען די דאָזיקע שפּראַך. אין דער קאָמיסיע האָבן אָנטייל גענומען רענאָדעל פון פראַנקרייך, טאָמאַס פון ענגלאַנד, אָסקאַר קאָהן (אַ חבר דאַן אין „פּועלי־ציון״) פון דייטשלאַנד און נאָך איין מיטגליד פון דער בעלגישער פּאַרטיי. די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן זיך באַפריינדעט מיט סאָבינען. זיי זענען געבליבן אין פּוילן אַ פּאָר טעג און פון וואַרשע האָבן זיי געדאַרפט פאָרן קיין אוקראַיִנע. דער ענגלישער חבר, טאָמאַס, האָט אַפילו פאָרגעלייגט סאָבינען צוצושטיין צו דער קאָמיסיע, אַלס שטענדיקע סעקרעטאַרין. נאַטירלעך האָט סאָבינע זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די בכבודיקע שטעלע און האָט דערקלערט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, אַז זי קען ניט אָננעמען די איינלאַדונג, ווייל זי האָט אַ קינד פון זעקס חדשים, וואָס זייגט נאָך. סאָבינע האָט מיר אויך איבערגעגעבן, אַז די קאָמיסיע האָט

גאַרניט אויפגעטאָן, זי האָט בלויז געשאַפן אַ פּאָר אילוזיעס, וואָס האָבן שפּעטער געפּלאַצט.

היות ווי אין אויסלאַנד, אויף דער קאָנפערענץ פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָט מען געהאַט טענות צו די פּאָלאַקן פאַר זייער באַציִונג צו די יידן, האָט די פּוילישע רעגירונג אָרגאַניזירט אַ מין קאָמיסיע וועגן „קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג" צווישן יידן און פּאָלאַקן. אין דער דאָזיקער קאָמיסיע האָט אָנטייל גענומען אונדזער חבר, יצחק (איגנאַצי) שיפּער, דער סיים־דעפּוטאַט, אָבער אויך פון דער דאָזיקער קאָמיסיע האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. אין לאַנד איז ווייטער אָנגעגאַנגען די כוואַליע פון פּאָגראָמען אויף יידן, מען האָט פאַרשפּרייט פאַרשיידענע אַנטיסעמיטישע אויפרופן צווישן פּוילישן מיליטער, עס האָבן געבושעוועט די ווילדע אינסטינקטן, עס זענען פאָרגעקומען שטענדיקע אָנפאַלן און „עקסצעסן", ווי מען האָט עס גערופן אין דער אָרטיקער פּרעסע, קעגן יידן אין אַלע עקן פון לאַנד, און עס האָבן ווייטער געדויערט די רע־פּרעסיעס קעגן די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און אַפילו קעגן ציוניסטישע אינסטיטוציעס.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט אין פּוילן געהאַט טיפע וואָרצלען און סיבות. אָנהייב יאַנואַר 1919 האָב איך אָנגעשריבן כמעט אַ גאַנץ העפט וועגן דעם, און עס אַוועקגעשיקט צו ברענערן קיין ארץ־ישראל, געבעטן אים דעם אַרטיקל איבערצוזעצן אויף העברעיִש און אָפּדרוקן אין דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל פון „אחדות העבודה" — „אדמה". איך האָב נאָך באַוויזן צו באַקומען אַ תשובה פון ברענערן, וועלכער איז, ווי באַוווּסט, געהרגעט געוואָרן אין יפו אין פּאָגראָם פון דעם ערשטן מאַי 1921. ברענער האָט מיר צוריקגעשיקט דעם מאמר און צוגעשריבן: „חבר ניר, איך בין מסכים מיטן אינהאַלט, אָבער די שפּראַך איז אַ שלעכטע. אַחוץ דעם, דערשיינט מיין מאָנאַטשריפט ניט מער. איך בין ניט געווען די גאַנצע צייט אין יפו, און דעריבער איז מיין תשובה אַ ביסל אַ פאַרשפּעטיקטע, סליחה. י. ב.". קיין דאַטע איז ניט געווען.

סוף יולי האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצופאָרן קיין ווין. דאָס איז געווען אַ שווערע רייזע, מען האָט געדאַרפט פאָרן 24 שעה מיטן דריטן קלאַס, מיט צוויי קליינע קינדער, פון וועלכע די ייִנגערע איז אַלט געווען אָנדערהאַלבן יאָר. איך האָב זיך דערפרייט, ווען כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז מיט מיר צוזאַמען פאָרט אַ חבר פון דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי — קאַמאַראָוו. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך וועל האָבן אַ ביסל הילף אין וועג. די אַלע איבעריקע חברים זענען נאָך געבליבן אין פּוילן און האָבן געדאַרפט קומען נאָך מיר. איך האָב געקענט אַרויספאָרן דער ערשטער, ווייל איך האָב געהאַט אַן אויסלענדישן, פּוילישן פּאַס, און די חברים האָבן זיך געמוזט מאַכן פּעסער און דאָס איז געווען גאַרניט

קיין לייכטער ענין אין דער צייט פון דער רוסיש־פּוילישער מלחמה. מען האָט זיי טאַקע ניט געגעבן קיין פּעסער. עס האָבן געדאַרפט פאָרן קיין ווין זרובבל, ישראל וועשער, מוליע עדעלמאַן און אַנדערע. האָבן זיי געמוזט זיך באַזאָרגן פאַלשע פּעסער. דאָס האָט מען געמאַכט אין אַ קליין שטעטל באָכניע. אַזוי האָט זרובבל באַקומען אַ פּאַס אויפן נאָמען פון שמערל זאַנדהויז, און אַ לאַנגע צייט איז ער געבליבן ביים נאָמען שמערל. אינטערעסאַנט איז, אַז אין דער רובריק פון זרובבלס פּאַס, ווו מען האָט געדאַרפט איינשרייבן דעם צוועק פון דער נסיעה, איז געוועען אויפגעשריבן אויף פּראַנצויזיש, אַז „זי פאָרט צו איר מאַן" און פון יענער צייט איז געבליבן אין דער פּאַרטיי דאָס וואָרט „באָכניע" פאַר יעדער זאַך, וואָס מיר פלעגן פריער רופן אַ „באָבע מעשה".

אויפן סמך פון מיין ענגלישן „לעסע־פּאַסע" האָב איך באַקומען די ארץ־ישראל־וויזע פאַר מיר מיט סאַבינען און די קינדער, און נאָך אַן אַנ־שטרענגענדיקער נסיעה זענען מיר אָנגעקומען סוף יולי קיין ווין.

# די פינפטע וועלט־קאָנפערענץ

די קאָנפערענץ פון וועלט־פאַרבאַנד „פועלי־ציון" אין אויגוסט 1920 איז געווען די פינפטע, און די ערשטע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין משך פון לאַנגע יאָרן זענען די פאַרטייען געווען אָפּגעריסן איינע פון דער צווייטער, און די אַנטוויקלונג פון יעדערער פון זיי איז געגאַנגען לויט אירע אינערלעכע געזעצן. ס׳איז קלאָר, אַז די פאַראַנענע חילוקי־דעות האָבן זיך נאָך מער אַנט־וויקלט אַ דאַנק דער אָפּגעריסנקייט אין משך פון אַ לאַנגער צייט. די ערשטע באַראַטונג נאָך דער מלחמה אין שטאָקהאָלם האָט שוין עדות געזאָגט אויף דער קעגנזייטיקער דערווייטערונג צווישן פאַרשיידענע טיילן פון דער באַוועגונג. אמת, עס איז דאַן געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו פון קעגנזייטיקער דערנענטערונג, אָבער עס איז געווען קלאָר, אַז דער פּרווו האָט זיך ניט איינגעגעבן. די קורצע תקופה צווישן זומער 1919 און זומער 1920 איז אויסגענוצט געוואָרן דורך די פאַרטייען כדי זיך צוצוגרייטן צום „לעצטן קאַמף" אויף דער ערשטער גע־זעצלעכער וועלט־באַגעגעניש.

אויב מען רעדט וועגן מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן די פאַרטייען, דאַרף מען פאַרשטיין, אַז זיי האָבן ניט געהערשט צווישן אַלע פאַרטייען, צווישן איינער און דער צווייטער, נאָר צווישן צוויי גרופּן פון פאַרטייען, די פאַרטייען פון מזרח און די פאַרטייען פון מערב. אָבער אויך אין מזרח זענען געווען מיינונגס־פאַרשיידנהייטן צווישן צוויי גרופּעס, צווישן דער פּוילישער, ליטווישער, אַ טייל רוסישער פאַרטיי, פון איין זייט, און צווישן דעם אָ. ב., פון דער אַנדערער זייט, אָבער דאָ זענען די חילוקי־דעות געווען נאָר בנוגע דער פראַגע פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל: דער רוב פון די מזרח־פאַרטייען איז געווען פאַרן אַריינטריט אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל בתנאי, אַז ער זאָל אָנערקענען אונדזער ציוניזם, און דער אָ. ב. איז געווען אייגנטלעך פאַר אַריינטריט אין קאָמאינטערן אָן שום באַדינגונגען.

די עיקר־מלחמה, וואָס צו איר האָבן זיך די פאַרטייען געגרייט, איז געווען דער קאַמף צווישן דער מאַרקסיסטישער וועלט־אַנשויונג און דער אידעאַליסטישער.

מיר זענען אָנגעקומען קיין ווין. אויף דער באַן־סטאַציע האָט מיך באַ־געגנט דער חבר וואַטענבערג, וואָס איז, ווען כ׳בין געפאָרן פון ארץ־ישראל קיין

ווין, געווען זייער נאָענט אין זיינע אָנשויונגען צו די רעכטע אין דער באַוועגונג, צו די פון מערב. אָבער איצט, אַז איך האָב אָנגעהויבן מיט אים צו רעדן, האָב איך פון אים באַקומען אויסמיידנדיקע תשובות. אין משך פון די צוויי חדשים, וואָס איך האָב אים ניט געזען, האָט ער שוין באַוויזן אַריבערצוגיין פון עקס־רעכטן פליגל צום עקס־לינקן, אַזש ביז אָ. ב. אַ פּאָר חדשים נאָך דער קאָנפערענץ איז וואָטענבערג אַריבערגעפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דאָרט איז ער געווען פון די אַרכי־רעוואָלוציאָנערן, האָט חתונה געהאַט מיט דער שוועסטער פון דעם חבר ברוך אָסטראָווסקי, וואָס איז געווען דאַן דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אָסטראָווסקי איז שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישראל, געוואָרן דער ראש המושבה אין רעננה און איז דאָרטן געשטאָרבן. וואָטענבערג איז אַריין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן און איז שפּעטער נעלם געוואָרן פון האָריזאָנט.

מיך מיט דער משפחה האָט מען אַוועקגעזעצט אַ פּאָר טעג אין אַ פּריוואַטער דירה, און שפּעטער בין איך גאַנצע פיר וואָכן געזעסן אין אַ דירה פון אַ צדקה־אַנשטאַלט אין היטלדאָרף, אין גאַנץ שווערע באַדינגונגען. כ'האָב זיך באַגעגנט מיט די חברים פון אָ. ב. — סערפּאָוו און מלכה שאַר. באַגלער איז געווען אַרעסטירט אין פּוילן און מיכאל קאָהן איז פּונקט אין יענער צייט געווען אין מאָסקווע אויפן צווייטן קאָנגרעס פון קאָמאינטערן.

צו דער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ זענען געקומען פאָרשטייער פון כמעט אַלע פּאַרטייען פון פאַרבאַנד. פון רוסלאַנד זענען געקומען פיר חברים: אריה בערלינרויט, קענדזשערסקי, ליימע ראָזענהויז און אַלעקסאַנדער כאַשין. (זיין אמתער נאָמען איז געווען אַווערבוך, דער פּסעוודאָנים — באָרוכסאָן). כאשין איז געקומען ווי דער פאָרשטייער פון דער י. ק. פּ. אין רוסלאַנד, און די ערשטע דריי — פון דער י. ס .ד. „פּועלי־ציון" אין רוסלאַנד. אָבער אויך אין דער צווייטער פּאַרטיי, דער וויניקער קאָמוניסטישער, איז געווען אַ קאָמוניסטישע פראַקציע, און ליימע ראָזענהויז איז עס געווען דער פאָרשטייער פון דער קאָמוניסטישער פראַקציע פון דער י. ס. ד. „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי, אַגב האָב איך אין יאָר 1959 געהערט, אַז ער לעבט נאָך אין מינסק, ווייל אַ סך יאָרן האָט ער סימולירט אַ משוגענעם, און דאָס האָט אים געראַטעוועט. דער גורל פון די איבעריקע דריי חברים פון רוסלאַנד איז געווען פאָלגנדיקער: אריה בערלינרויט איז געשטאָרבן אין רוסלאַנד, קענדזשערסקי — אין די פאַראייניקטע שטאַטן, כאשין איז געשטאָרבן אין רוסלאַנד אין תפיסה.

פון ארץ־ישראל זענען פאַקטיש אויך געקומען פאָרשטייער פון צוויי פּאַרטייען: „אחדות העבודה", די אָפיציעלע פּאַרטיי פון פאַרבאַנד, און די פּאַרטיי „פּועלי־ציון", וואָס איך האָב זי אויבן דערמאָנט. זי איז איינגעלאַדן

געוואָרן דורכן פאַרבאַנדס־ביוראָ מיט באַראַטונגס־רעכט, לויט דער פאָדערונג פון דער פוילישער פּאַרטיי. די דאָזיקע פּאַרטיי האָט זיך שוין פריער געהאַט פאַרבונדן מיטן אָ. ב., און איר פאָרשטייער, וואָס איז געקומען צו דער קאָנ־פערענץ, איז געווען מאַירסאָן. עס האָבן אָנטייל גענומען אין דער קאָנפערענץ די פּאַרטייען פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע, שווייץ, פוילן, ליטע, רומעניע, די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע און פון אַ פּאָר קלענערע פּונקטן. פון פראַנקרייך איז דאַן געקומען דער חבר עבערלין, וועלכן איך האָב דאַן געזען צום ערשטן מאָל, אַ ייד אין מיטעלן עלטער, וואָס איז נאָר וואָס געהאַט געקומען צוריק פון ארץ־ישראל, וווהין ער איז געפאָרן אויף אַ באַזוך. ער האָט אַגב שוין געהאַט אַרויסגעגעבן אַ בוך אין רוסיש: „אין טויער פון אויפלעבונג". ס'בוך איז געווען פול מיט התפעלות פון ארץ־ישראל אין גייסט פון אַן אַלגעמיי־נעם ציוניסט. אָבער ער האָט זיך דאָך געהאַלטן פאַר אַ פּועלי־ציון און אין לויף פון די ווייטערדיקע יאָרן איז ער לגמרי ניט געווען אַקטיוו אין פּאַריז, אָבער זיך געהאַלטן פאַר אַ חבר. אין די צייטן פון היטלערן איז ער געווען אין די לאַגערן אין דער שווייץ, האָט פאַרלאָרן די פרוי און טאָכטער און איז געקומען קיין ארץ־ישראל נאָך דער מלחמה אין עלטער פון אַ יאָר 70, אַרויסגעגעבן דאָ אַ בוך (איבערגעזעצט פון רוסיש) וועגן זיינע איבערלעבונגען אין דער צייט פון מלחמה און איז געשטאָרבן אין יאָר 1952.

אַ פּאָר טעג האָבן מיר געוואַרט אויף די פוילישע חברים, ווייל זיי האָבן, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, געהאַט שוועריקייטן מיט די פּעסער. די ערשטע טעג זענען אַדורך אין באַראַטונגען פון די פראַקציעס, אין תוך זענען געווען אויף דער קאָנפערענץ דריי עיקרדיקע פראַקציעס: די רעכטע פראַקציע, וואָס צו איר האָבן געהערט די פּאַרטייען אין ארץ־ישראל און אַמעריקע; די לינקע פראַקציע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורכן אָ. ב. צו איר האָבן געהערט די עסטרייכישע פּאַרטיי, די טשעכישע, די „פּועלי־ציון" אין ארץ־ישראל, די י. ק. פּ. אין רוסלאַנד, קליינע גרופּן פון אַנדערע פּאַרטייען; און די דריטע פראַקציע, דער צענטער, וואָס צו אים האָבן געהערט, דער עיקר, די גרויסע מערהייט פון דער פוילישער פּאַרטיי, די ליטווישע פּאַרטיי, די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע פראַקציע פון דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי, די י. ס. ד. „פּועלי־ציון" אין רוסלאַנד און אַנדערע גרופּן. כמעט אין יעדער פּאַרטיי זענען געווען קליינע טיילן, וואָס האָבן געהערט צו דער רעכטער אָדער לינקער פראַקציע; די פאַר־טיילונג פון די שטימען איז ניט געווען קיין גלייכע. לויטן מנהג האָט איטלעך לאַנד באַקומען אַ צאָל שטימען לויט דער גרויס פון לאַנד, לויט די צאָל חברים אין דער פּאַרטיי, אָבער אויך לויט דעם אָנזען פון דער פּאַרטיי און איר אָרט אין פאַרבאַנד. מיט דער זאַך האָט זיך באַשעפטיקט די מאַנדאַטן־קאָמיסיע, וואָס

איז באַשטימט געוואָרן דורכן פאַרבאַנדס־ביוראָ נאָך פאַר דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז עמעצער איז געווען פאַר־אינטערעסירט אין אַזאַ שטימען־פאַרטיילונג, אַז עס זאָל זיך ניט שאַפן קיין אַבסאָלוטע מערהייט פאַר דעם אָדער יענעם צד. די אַלגעמיינע צאָל שטימען אויף דער קאָנפערענץ איז געווען בערך 370.

דעם 27סטן יולי, נאָכן אָנקומען פון די פוילישע חברים, איז געעפנט געוואָרן אין ווין, אין האָטעל „פאָסט", די פינפטע וועלט־קאָנפערענץ פון אַל־וועלטלעכן פאַרבאַנד „פועלי־ציון" און זי האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער שפּאַלטונג דעם 8טן אויגוסט. דאָס איז געווען די ערשטע קאָנפערענץ פון פאַר־באַנד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווייל דער צונויפטרעף אין שטאָקהאָלם איז געווען נאָר אַ באַראַטנדיקער און ניט געטראָגן קיין כאַראַקטער פון אַ באַשלוס־פעיִקער אינסטאַנץ. דאָ אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ זענען געקומען צום אויסדרוק אַלע קעגנזאַצן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין דער באַוועגונג אין לויף פון די לעצטע יאָרן און האָבן זיך ספּעציעל אַנטוויקלט נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דער טייל, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט אין אָ. ב. האָט זיך ניט באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ כל־זמן עס זענען ניט געקומען די חברים פון ראַטן־פאַרבאַנד. דער סדר־היום פון דער קאָנפערענץ איז געווען אַן אָנגע־פּיקעוועטער, אָבער די קאָנפערענץ האָט ניט באַוויזן צו באַהאַנדלען דעם גאַנצן סדר־היום, ווייל זי האָט זיך געשפּאָלטן ביים ערשטן פונקט: „די סאָציאַלע רעוואָלוציע און דער אינטערנאַציאָנאַל".

אויב די באַוועגונג האָט זיך געשפּאָלטן אָפיציעל אין דער פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַל, איז די אמתע סיבה פון דער שפּאַלטונג געווען די פראַגע פון דעם אָנטייל פון דער באַוועגונג אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. נאָך פאַר דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ האָבן זיך געפירט אונטערהאַנדלונגען אין דער דאָזיקער פראַגע צווישן די אָנהענגער פון די צוויי קעגנזייטיקע מיינונגען: פאָרויס איז געווען באַוווּסט, אַז די מערהייט פון דער קאָנפערענץ איז קעגן דעם אָנטייל פון דער באַוועגונג אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווייל אין דער נעגאַטיווער באַציִונג צו איר זענען געווען געאייניקט די לינקע פראַקציע מיטן צענטער, אָבער די אַנדערע פאַרטייען האָבן געוואָלט ניט נאָר, אַז מען זאָל זיי דערלויבן אָנטייל צו נעמען אין ציוניסטישן קאָנגרעס (דאָס וואָלט די מערהייט זיי זיכער דערלויבט), נאָר האָבן אויך פאַרלאַנגט, אַז אַחוץ דעם זאָלן די פאַרטייען פון דער מערהייט אין דער פראַגע דערלויבן אָרגאַניזירן ביי זיך אין די פאַרטייען קאָנגרעסיסטישע פראַקציעס. ווען די פאַרשטייער פון דער מערהייט זענען אויף דעם ניט איינגעגאַנגען, איז אויפגעשוווּמען אַ נייער פאָרשלאָג: צו אָרגאַניזירן דעם פאַרבאַנד אַלס אַ ניט פאַרפליכטנדיקע

אָרגאַניזאַציע און אַרויסנעמען פון איר קאָמפּעטענץ אויף אַ געוויסער צייט די פּאָליטישע פראַגן, וואָס אין זיי איז אין איצטיקן מאָמענט ביטאָ קיין געאייניקטע שטעלונג. אויך דערצו האָבן ניט מסכים געווען די פּאַרטייען פון דער מערהייט. דאַן, ווייזט אויס, האָט דער רעכטער פליגל באַשלאָסן וועגן דער שפּאַלטונג. אָבער קאַפּלאַנסקי איז געקומען צו דער מיינונג, אַז שפּאַלטן די באַוועגונג אַרום דער פראַגע פון אָנטיילנעמען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אָדער ניט, וועט ניט זיין אַזוי שטאַרק פּאָפּולער אין דער יידישער און ניט־יידישער גאַס. איז דעריבער, אַ סך בעסער און נוצלעכער, אויב די שפּאַלטונג וועט פּאָרקומען אַרום אַ פראַגע, וואָס איז געווען אַקטועל אין דער וועלט — אַרום דער פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַל. דערפאַר טאַקע, זעט אויס, איז געלונגען קאַפּלאַנסקין דורכצופירן, אַז דער ערשטער פּונקט פון סדר־היום זאָל זיין וועגן אינטער־נאַציאָנאַל. אין דער דאָזיקער פראַגע זענען געווען נאָר צוויי רעזאָלוציעס: איינע פון דער רעכטער פראַקציע, די צווייטע פון די לינקע פּאַרטייען מיט דער פּוילישער בראש, צו וועלכער עס זענען צוגעשטאַנען אַלע פּאַרטייען פון אָ. ב., כדי ניט צו שפּאַלטן די שטימען. בשעת דער אָפּשטימונג האָט די רעזאָלוציע פון די לינקע פּאַרטייען באַקומען 178 שטימען, און 179 שטימען (פון די רעכטע) האָבן ניט אָנטיילגענומען אין דער אָפּשטימונג. ווען עס איז אויף אַזאַ אופן אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציע פון די לינקע פּאַרטייען, האָבן די 179 שטימען דערקלערט, אַז זיי פאַרלאָזן די קאָנפערענץ. דאָס זענען געווען די פאָר־שטייער פון די פּאַרטייען אין ארץ־ישראל, די פאַראייניקטע שטאַטן (אַחוץ דער ס. ד.־פראַקציע), ענגלאַנד, (אַחוץ אַ מינדערהייט) און אַרגענטינע. די לאַגע אין אַרגענטינע איז ניט געווען קלאָר, ווייל עס איז ניט געווען קיין דירעקטער פאָרשטייער פון דאָרטן, נאָר איינער פון די ארץ־ישראל־חברים האָט באַקומען דעם מאַנדאַט פון אַרגענטינע. אָבער נאָך דער קאָנפערענץ האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז די גרעסטע מערהייט פון דער אַרגענטינער פּאַרטיי איז צוגעשטאַנען צו אונדז, צום לינקן פאַרבאַנד.

דאָ ברענג איך די רעזאָלוציע, וועלכע מיר האָבן אָנגענומען אין דער פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַל:

„א. דער חורבן פון דער וועלט — דער רעזולטאַט פון דער וועלט־מלחמה — און דער פאַרברעכערישער און אָנמעכטיקער „שלום" האָבן בולט דערוויזן דעם ענדגילטיקן באַנקראָט פון די הערשנדיקע קלאַסן אין זייער אומ־מעגלעכקייט צוריק אויפצושטעלן דיווירטשאַפט אויף די אַלע יסודות פון פּריוואַט־אייגנטום און עקספּלאָאַטאַציע.

דער אויסוועג פון דעם דאָזיקן קריזיס, וואָס ווערט אָנגעצייכנט דורך דער געשיכטע, איז צו בויען די וועלט־ווירטשאַפט אויף נייע סאָציאַליסטישע

יסודות. דער אַרבעטער־קלאַס איז דער איינציקער שאַפנדיקער, היסטאָרישער כוח פון דער איצטיקער צייט, וואָס איז פעיִק צו בויען די נייע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

דאָס איז די תקופה פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

די אויפגאַבע פון דעם קלאַס, פון פּראָלעטאַריאַט איז ניט נאָר צו נעמען אין זיינע הענט די צעשטערטע אינדוסטריע, נאָר דער עיקר, צו אָרגאַניזירן די פּראָדוקטיווע כוחות, צו בויען פון דאָס ניי די נייע ווירטשאַפט און צו שאַפן די נייע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

דערצו מוז דער אַרבעטער־קלאַס נעמען אויף זיך די פּאָליטישע מאַכט און פאַרווירקלעכן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור אין דער פאָרעם פון דער אַרבעטער־דעמאָקראַטיע — אַרבעטער־ראַטן.

די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס פאַרשאַרפט די סיכסוכים פון דער קאַפּי־טאַליסטישער געזעלשאַפט, פאַרשאַרפט אויך ביז דעם העכסטן גראַד די נאַציאָ־נאַלע סיכסוכים דורך דעם, וואָס זי דעקט אויף זייער סאָציאַלן אינהאַלט. דער פּראָלעטאַריאַט אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע זעט אין זיך דאָס פאָלק (ער קאָנסטרויִרט זיך אַלס די נאַציע) און נוצט אויס די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס זענען אַנטשטאַנען אויף דאָס ניי און די מעגלעכקייטן צו געבן זיין אייגענע סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָנערע לייזונג פאַר דעם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם.

די מלחמה פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, וואָס ווערט געפירט אין יעדן לאַנד, פירט נאָר דאַן צום ענדגילטיקן ניצחון, ווען די דאָזיקע מלחמה איז אַן אַלגעמיינע, אינטערנאַציאָנאַלע, אַ מלחמה פון וועלט־פּראָלעטאַריאַט פאַר דער וועלט־רעוואָלוציע.

דער פּאַרלאַמענטאַריזם און די כלומרשטע בירגערלעכע דעמאָקראַטיע קענען ניט ברענגען דערצו, אַז דער אַרבעטער־קלאַס זאָל איבערנעמען די מאַכט. דער פּראָלעטאַריאַט נוצט זיי נאָר אויס כדי צו פאַרשאַרפן די קלאַסן־קעגנזאַצן און כדי צו אָרגאַניזירן זיינע אייגענע רעוואָלוציאָנערע כוחות. אָבער דעם זיג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע קען מען דערגרייכן נאָר דורך דער אָרגאַניזירטער אַקטיוויטעט פון די מאַסן, דורכן באַוואָפנטן אויפשטאַנד און בירגער־קריג.

ב. די סאָציאַלע רעוואָלוציע ווירקט באַזונדערס שאַרף אויפן לעבן פון די יידישע מאַסן. די עקסטעריטאָריאַליטעט פון יידישן פאָלק און זיין אָפּגעע־ריסנקייט פון דער אור־פּראָדוקציע, דער אומפאַרמיידלעכער אונטערגאַנג פון דער קליינער פּראָדוקציע און פון מסחר, דערשיטערן די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס און פאַראורזאַכן דעם קאַטעגאָרישן חורבן

פון דער נאַציאָנאַלער יידישערווירטשאַפט. די נויטווענדיקייט צו ברענגען די יידישע פאָלקס־מאַסן צו פּראָדוקטיוויזירונג ווערט נאָך בולטער. עס וואַקסט די עמיגראַציע־טענדענץ. און וואָס מער עס ברייטערט זיך אויס די סאָציאַלע רעוואָלוציע אויף אַ גרעסערער צאָל לענדער, ווערט בולטער און שאַרפער דער אינטערנאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער יידן־פּראָגע. די סאָציאַלע רעוואָלוציע פאַרשטאַרקט די שטרעבונג צו שאַפן אַ יידישע אַרבעטנדיקע געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל און איילט אונטער אין דער זעלבער צייט די פּראָצעסן אין יידישן לעבן, וואָס ברענגען צו דער רעאַליזירונג פון פּראָלעטאַרישן ציוניזם.

ג. די וועלט־מלחמה האָט געפונען דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־קלאַס אין צושטאַנד פון פולשטענדיקער דעזאָרגאַניזאַציע און דעזאָריענטאַציע. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז ניט געווען בכוח דע פאַקטאָ זיך קעגנצו־שטעלן דער וועלט־מלחמה. ער האָט אויך ניט געהאַט קיין אידעאָלאָגישן און מאָראַלישן כוח זיך קעגנצושטעלן דעם ברידער־מאָרד.

אָבער שוין אין דער צייט פון דער מלחמה קאָנסאָלידירט זיך דער גע־זונטער קערן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז פאַרבליבן געטריי דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פון קלאַסן־קאַמף. מיט דעם ניצחון פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז אַנטשטאַנען דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס נאָר ער איז מסוגל צו צעברעכן די הער־שאַפט פון די הערשנדיקע קלאַסן, צו פאַרווירקלעכן די פּראָלעטאַרישע דיק־טאַטור, כדי צו בויען אויף ס'ניי די וועלט אויף סאָציאַליסטישע יסודות.

אַנטשפּרעכנדיק דערצו באַשליסט די פינפטע קאָנפערענץ פון יידישן סאָציאַליסטישן אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד „פועלי־ציון" צוצושטיין צום דריטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל".

נאָך דער שפּאַלטונג האָט די פינפטע קאָנפערענץ פאַרגעזעצט אירע פאַרהאַנדלונגען און אָנגענומען רעזאָלוציעס אין אַלע פראַגן. אָבער, היות ווי אין דער זעלבער צייט איז געזעסן אין ווין אויך די פינפטע קאָנפערענץ פון די רעכטע „פועלי־ציון", איז דאָך געווען אַ פּרווו צו פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן קאָאָרדינירן די אַרבעט פון די ביידע פאַרבאַנדן אויפן געביט פון דער ארץ־ישראל־אַרבעט. איך פערזענלעך בין גאָרניט געווען צופרידן פון דער שפּאַלטונג, און אויף איינער פון אונדזערע אינערלעכע זיצונגען האָב איך אַרויסגעזאָגט די מיינונג פאַר אַ פשרה מיטן רעכטן פאַרבאַנד. איך האָב דאַן געזאָגט מיינע חברים, אַז נאָך דער שפּאַלטונג מוז זיך דאָך אָנהייבן אַ ברידער־קריג, וואָס וועט זיך זייער פאַרשאַרפן, און איך וואָלט געוואָלט דאָס אויסמיידן. מען האָט ניט אָנגענומען מיין שטעלונג, און איך האָב געמוזט נאָכגיין נאָך דער מערהייט,

ווייל לויט מיינע אַנשויונגען האָב איך געהערט צום לינקן פליגל פון דער באַוועגונג.

ווי כ׳האָב שוין דערמאָנט, האָט אין דער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ אויך אָנטייל גענומען די פּאַרטיי „פּועלי־ציון״ אין ארץ־ישראל, וועלכע האָט זיך גערופן: די „סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (מפלגת פּועלים סוציאליסטים — און לויט די ראשי־תיבות מ. פּ. ס. האָט מען שפּעטער די פּאַרטיי גערופן אין אין ארץ־ישראל „מאָפּסן״). דער פּאַרשטייער אירער איז געווען מאירסאָן. דער דאָזיקער מאירסאָן האָט ניט נאָר געהערט צו אָ. ב., נאָר ער איז בכלל ניט געווען קיין ציוניסט, און ער האָט אויסגענוצט דעם פאַקט, וואָס „אחדות העבודה״ האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם נאָמען „פּועלי־ציון״, און פּשוט אויסגענוצט דעם נאָמען, ווייל די „פירמע״ אין ארץ־ישראל איז געווען ניט קיין שלעכטע, צו שאַפן די נייע פּאַרטיי אונטער דעם נאָמען. אָבער נאָך זיין ערשטן דערשיינען ביי אונדז אויף דער קאָנפערענץ, שוין נאָך דער שפּאַלטונג, איז קלאָר געוואָרן אַז דאָס איז אַן אמתער ליקווידאַטאָר, און אַז דער מענטש האָט ניט קיין אָרט צווישן אונדז. קעגן די שטימען פון די חברים פון אָ. ב. האָבן מיר אים אויסגע־שלאָסן פון דער קאָנפערענץ און פון דער באַוועגונג.

נאָך אין אָנהייב פון דער קאָנפערענץ, פאַר דער שפּאַלטונג, איז געקומען צו דער קאָנפערענץ אונדזער אַלטער חבר פון קיִעוו, אַ מיטגליד פון דאָרטיקן צענטראַל־קאָמיטעט, שלום גאָלדעלמאַן. ער איז דאַן שוין געווען אַ פּראָפעסאָר ביי די ווייסע רוסן אין פּראַג. איך האָב אים דערמאָנט אין ערשטן בוך. ער איז געווען אַ מיניסטער ביי פּעטליורען, דעריבער האָבן מיר אים ניט געגעבן די דערלויבעניש זיך צו באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ.

וועגן ארץ־ישראל האָט אונדזער קאָנפערענץ אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„די סאָציאַלע רעוואָלוציע נעמט אָן אין יידישן לעבן אַ ספּעציעלן כאַראַקטער און אַ ספּעציעלן טעמפּאָ, אַ דאַנק די ספּעציפישע פּראָדוקציע־באַדינגונגען פון יידישן פאָלק. די עקסטעריטאָריאַליטעט, די אומנאָרמאַלע ווירט־שאַפטלעכע סטרוקטור, די ספּעציפישע לאַגע פון די יידישע מאַסן, וואָס לעבן אומעטום ווי אַ שטאָטישע מינדערהייט צווישן דער דאָרפישער, פּרעמדער מערהייט און זענען דערוווייטערט פון דער אור־פּראָדוקציע, ניט נאָר זיי פאַר־שווינדן ניט ביי דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, נאָר עס פאַרשאַרפן זיך נאָך מער די טראַגישע סיכסוכים, וואָס זענען אומפאַרמיידלעך אין די סאָציאַלע פּראָצעסן פון בויען פון דאָס נייע יידישע לעבן.

די בלוטיקע וועלט־מלחמה און דער בירגער־קריג, דאָס אויפלייזן די ווירטשאַפטלעכע, פּריוואַטע באַציונגען, און די היסטאָרישע נויטווענדיקע און

געזעלשאַפטלעך־פּראָגרעסיווע פּאָליטיק פון דער ראַטן־מאַכט, מוזן צעשטערן די ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס פון דער גרעסטער מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג. פון די ברייטע יידישע מאַסן פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע און פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון די באַלמעלאָכעס.

די סאָציאַלע רעוואָלוציע שאַפט, וואָס אַן אמת, נייע מעגלעכקייטן פאַר דער פּאָליטישער און קולטורעלער טעטיקייט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, אָבער זי איז מבטל די ווירטשאַפטלעכע אויפגאַבן פון דער יידישער באַפעלקערונג און אין איר שנעלן טעמפּאָ באַשווערט זי דעם איבערגאַנג פון די ברייטע יידישע מאַסן צו די נייע פאָרמען פון אַרבעט און שאַפונג.

דער פּראָדוקטיוויזירונגס־פּראָבלעם פון די יידישע מאַסן קען געלייזט ווערן נאָר בהדרגהדיק און נאָר טיילווייז אויף די ערטער, ווו עס לעבן די יידישע מאַסן ביז איצט. דעריבער מוז אַ גרויסער טייל פון זיי אויך איצט אַזוי ווי פריער זוכן צו לייזן ראַדיקאַל דורך עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע די טערי־טאָריאַלע פראַגע, וואָס איז אַזוי אָנגעווייטיקט אין יידישן לעבן.

דער ספּעציפיש־שטאָטישער כאַראַקטער פון דער יידישער עמיגראַציע, די סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון ארץ־ישראל, די אויפמערקזאַמקייט פון די יידישע מאַסן, וואָס איז היסטאָריש קאָנצענטרירט אויף ארץ־ישראל, און, צו לעצט, דער יידישער ישוב, וואָס איז דאָרט שוין געשאַפן געוואָרן, באַשטעטיקן מיט דער גאַנצער קראַפט, אַז ארץ־ישראל לויט אירע אָביעקטיווע באַדינגונגען איז דאָס אָרט, וואָס דאָרט ווערט פאַרווירקלעכט די טעריטאָריאַליזירונג פון יידישן פאָלק.

דער אויפבוי פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער ארץ־ישראל קען און וועט פאַרווירקלעכט ווערן נאָר אין איינקלאַנג מיט די גרונט־פּרינציפּן פון דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף און וועט זיך נאָך מער אַנטוויקלען מיט דער אַנטוויקלונג און ניצחון פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט איז פאַראינטערעסירט אין אַ יידישן סאָציאַליסטישן ארץ־ישראל צוליב דער באַדערפעניש צו לייזן אין יעדן אָרט די אָנגערייפטע יידישע פראַגע אין אינטערנאַציאָנאַלע מאַסשטאַבן, ווייל די קאָלאָניזאַציע־אויפגאַבן פון די יידן אין ארץ־ישראל זענען אויטענטיש מיט די פּאָליטישע און קאָלאָניזאַטאָרישע אויפגאַבן, וואָס ווערן איצט אַוועקגעשטעלט פאַר דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט. די אַנטוויקלונג און דער ניצחון פון דער וועלט־רעוואָלוציע פאָדערן מיט דער גרעסטער קראַפט די רעוואָלוציאָנערע אויפוואַכונג פון דעם מזרח, און דער יידישער שטאַרקער אַרבעטער־עלעמענט אין ארץ־ישראל איז די פאָדערשטע זיכערע באַזע פאַר דער רעוואָלוציע אין

מזרח און די גאַראַנטיע פאַר איר ניט געפעלשטן סאָציאַליסטישן קלאַסן־כאַראַקטער.

די ביז־איצטיקע יידישע, בירגערלעכע קאָלאָניזאַציע, אויף די יסודות פון פריוואַט־אייגנטום און עקספּלאָאַטאַציע, האָט פולשטענדיק באַנקראָטירט הן אין סאָציאַלן, הן אין נאַציאָנאַלן זין. די אַנטוויקלונג פון ישוב אין ארץ־ישראל און זיין דערפאַלג האָבן דערוויזן, אַז ארץ־ישראל קען אויפגעבויט ווערן איינציק און אַליין דורך דער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע פון ברייטע מאַסן יידישע אַרבעטער, וואָס ווען זיך שטיצן אויף זייער אייגענער אַרבעט און ווען אָר־גאַניזירן זייער טעטיקייט לויט די טענדענצן פון שאַפנדיקן און בויענדיקן סאָציאַליזם.

אין איינקלאַנג מיט דער זעלבשטענדיקער אַקטיווער און שאַפנדיקער אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט אין דער איצטיקער תקופה, דערקלערט די פינפטע וועלט־קאָנפערענץ, אַז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס איז איצט דער איינציקער אַקטיווער קלאַס פון יידישן פאָלק, וואָס פון זיין אַרבעט און קאַמף איז אָפּהענגיק דער גורל פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק און דעריבער מוז ער נעמען אויף זיך די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם סאָציאַליסטישן אויפבוי פון ארץ־ישראל.

באַקומענדיק דעם דין־וחשבון פון דער ארץ־ישראל־קאָמיסיע, דערקלערט די וועלט־קאָנפערענץ, אַז דער פּראָלעטאַרישער פּאַלעסטיניזם איז איצט אַריין אין דער תקופה פון זיין פאַרווירקלעכונג און זי פאַרפליכטעט די גאַנצע באַ־וועגונג און די לאַנדעס־פּאַרטייען, אָנצוהייבן אַ גרויסע טעטיקייט מיט אַ גרויסער ענערגיע פאַר אַן אויסגעברייטערטער אַרבעט פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל.

די וועלט־קאָנפערענץ גיט איבער דעם פאַרבאַנדס־ביוראָ צו באַאַרבעטן און ברענגען פאַר דעם גאַנצן יידישן אַרבעטער־קלאַס אַ ווייטגייענדיקן פּלאַן פאַר סאָציאַליסטישער קאָלאָניזאַציע, וואָס זאָל זיין געבויט אויפן יסוד פון קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט אין שטאָט און אין דאָרף און אָרגאַניזירן די פּראָלע־טאַרישע כוחות פאַר דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־הלוואה, וואָס איז נייטיק, כדי צו פאַרווירקלעכן די סאָציאַליסטישע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין ארץ־ישראל.

די ענגלישע אימפּעריאַליסטישע הערשנדיקע כנופיה באַמיט זיך אויסצונוצן די באַפרייונגס און אַרבעט־באַדערפענישן פון די יידישע מאַסן פאַר די אינטע־רעסן פון איר רויב און עקספּלאָאַטאַציע אין מזרח. די פּאָליטיק פון בירגערלעכן ציוניזם פאַרבינדט די נאַציאָנאַלע באַפרייונג פון יידישן פאָלק מיט די אינטערעסן און חשבונות פון די פּאַראַזיטאַרישע אונטערגייענדיקע כוחות פון קאַפּיטאַליזם.

די וועלט־קאָנפערענץ רופט דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס צו נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער מלחמה קעגן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, וואָס איז די גרעסטע מניעה אויפן וועג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, ווי אויך פאַר די

רעוואָלוציאָנערע כוחות אין ארץ־ישראל. די וועלט־קאָנפערענץ שטרייכט ספּעציעל אונטער די אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט, אַז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס זאָל אָן קיין שום באַדינגונגען העלפן אָרגאַניזירן די אַראַבישע אַרבעטער־מאַסן אין ארץ־ישראל און אַריינדרינגען אין זיי דעם סאָציאַליסטישן רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, העלפן זיי אין זייער באַפרייונגס־קאַמף קעגן דער הערשאַפט פון די אַראַבישע עפענדיס און פּאָליטישע אַוואַנטוריסטן און אויך אויפקלערן זיי, אַז דער לאָזונג פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער ארץ־ישראל איז אין פולשטענדיקן איינקלאַנג מיט די שאַפונג־ און אַרבעטס־באַדערפענישן פון אַלע אַרבעטנדיקע סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון ארץ־ישראל און פון דעם מזרח בכלל.

צוזאַמען מיט דעם פּאָליטישן קאַמף איז נייטיק שוין איצט, אין דער איבערגאַנגס־תקופה פון קאַפּיטאַליזם צו סאָציאַליזם, צו מאַכן הן אין ארץ־ישראל, הן אין חוץ לארץ אַלע סאָציאַל־עקאָנאָמישע שריט פאַר דער סאָציאַליסטישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל און פאַר דער דיקטאַטור פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין יידישן לעבן אין ארץ־ישראל אין דער צוקונפט.

די וועלט־קאָנפערענץ באַשליסט: צו שאַפן און אויסנוצן אַלע אינסטאַנצן, וואָס זענען נייטיק פאַר דער פּראָדוקטיוויזאַציע, קאָלאָניזאַציע און אָרגאַניזאַציע פון די יידישע מאַסן און פאַרבינדן זיי מיט די אַרבעטס־אינסטאַנצן אין ארץ־ישראל צו שאַפן אַ ספּעציעלן אַפּאַראַט, וואָס זאָל זיין געבויט אויף אייגענער הילף, כדי נאָכצופאָלגן און צו רעגולירן די פּראָצעסן פון דער יידישער אימיגראַציע און ריכטן זיי קיין ארץ־ישראל. צו שאַפן אין וויכטיקע אויסגאַנגס־פּונקטן און דורכגאַנגס־פּונקטן ספּעציעלע ארץ־ישראל־אַמטן, שאַפן אַ צענטראַלע קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאַפטלעכע אינסטאַנץ, געבויט מיט די אייגענע כוחות פון יידישן פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער און געשטיצט דורכן וועלטפּראָלעטאַריאַט, כדי אַריבערצופירן די יידישע אַרבעטער־מאַסן קיין ארץ־ישראל און באַזעצן זיי בהדרגהדיק אויף סאָציאַליסטישע יסודות, צו באַטייליקן זיך אין דער שאַפונג פון אַ ספּעציעלער אַרבעטער־באַנק אין ארץ־ישראל.

די וועלט־קאָנפערענץ שטרייכט אונטער די גרויסע באַדייטונג פון דעם פּאַלעסטינע־אַרבעטער־פאַנד אין איצטיקן היסטאָרישן מאָמענט פון ארץ־ישראל־אַרבעט און פאָדערט פון דעם אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער־קלאַס מיט אַלע כוחות צו פאַרשטאַרקן דעם דאָזיקן קאַמפּס־פאָנד פון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

די וועלט־קאָנפערענץ גיט איבער דעם פאַרבאַנדס־ביוראָ אויסצואַרבעטן אַ דעטאַלירטן פּלאַן פאַר דער באַלדיקער אַרבעט פון פּאַלעסטינע־אַרבעטער־פאָנד, לויט די אָנווייזונגען פון דעם דין־וחשבון פון דער ארץ־ישראל־קאָמיסיע.

די וועלט־קאָנפערענץ זעט אין די לעצטע בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל דעם רעזולטאַט פון דער אומבאַגרענעצטער אַנטי־יידישער העצע מצד

די אַראַבישע עפענדיס און פּאָליטישע אַוואַנטורסיטן, וועלכע זעען אין דער פאַרשטאַרקונג פון דער עליה פון די יידישע אַרבעטער אַ סכנה פאַר דער הערשאַפט פון די פּריצים און וואָס ווילן אויסנוצן פאַר זייערע אייגענע קלאַסן־אינטערעסן דעם נידעריקן ניוואָ פון די ניט־אָרגאַניזירטע אַראַבישע פאָלקס־מאַסן. די קאָנפערענץ זעט אין די דאָזיקע געשעענישן אויך אַ רעזולטאַט פון דעם עקספּלאָאַטאַטאָרישן כאַראַקטער פון דער יידישער בירגערלעכער קאָלאָניזאַציע ביז איצט. די שולד פאַלט אויף דער פאַרברעכערישער פּאָליטיק פון דעם בירגערלעכן ציוניזם און אויף דער יידן־פיינטלעכער אַדמיניסטראַציע.

די וועלט־קאָנפערענץ באַגריסט די גבורה פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל, וואָס פאַרטיידיקן מיט מסירות־נפש די פּאָזיציעס פון די יידישע אַרבעטער און פאַרשטאַרקן דורך דעם די מעגלעכקייט צו בויען אַ יידישע סאָציאַליסטישע ארץ־ישראל".

אין דער פראַגע פון אונדזער באַציונג צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן מיר אָנגענומען די פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

1. „דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איז פאַראינטערעסירט אין דער טעריטאָר־יאַלער קאָנצענטראַציע פון די יידישע מאַסן אין ארץ־ישראל, אָבער יעדער קלאַס האָט זיינע קלאַסן־אינטערעסן. די צילן און די מעטאָדן פון דער אויפבוי־אַרבעט אין לאַנד זענען פאַרשיידן ביי פאַרשיידענע קלאַסן. דאָס יידישע בירגער־טום שטרעבט אַריבערצופירן קיין ארץ־ישראל די אַלטע עקספּלאָאַטאַציע־פאָרמען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט; דער יידישער פּראָלעטאַריאַט שטרעבט צו שאַפן דאָרט אַן אַרבעטנדיקע געזעלשאַפט.

2. דער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואָס באַשטייט פון אַ בירגערלעכער מערהייט, קען בשום אופן ניט פאַרווירקלעכן די אויפבוי־אַרבעט פון אַ סאָ־ציאַליסטישער ארץ־ישראל, וואָס געפינט זיך אין אַ טיפער סתירה צו די אינ־טערעסן פון יידישן בירגערטום.

דער וואָלונטאַרער כאַראַקטער פון קאָנגרעס מאַכט לכתחילה פאַר אומ־מעגלעך דורכצופירן באַשלוסן מיט דער הילף פון אַן עוועטועלער צופעליקער מערהייט אין גייסט פון די פאָדערונגען פון אַרבעטער־קלאַס. דעריבער קען דער ציוניסטישער קאָנגרעס ניט ווערן אויסגענוצט דורכן פּראָלעטאַריאַט פאַר זיינע אינטערעסן. דאָס אָנטיילנעמען אין אים קען נאָר באַשאַפן שעדלעכע אילוזיעס ביי אַ טייל פון אַרבעטער־קלאַס און וואָלט אָפּגעשוואַכט זיין אַק־טיוויטעט אויפן וועג פון דער אויפבוי־אַרבעט פון אַ זעלבשטענדיקער פּראָלע־טאַרישער ארץ־ישראל.

צוליב די דאָזיקע טעמים באַשליסט די פינפטע וועלט־קאָנפערענץ פון

דעם אַלוועלטלעכן פאַרבאַנד פון יידישע אַרבעטער „פועלי־ציון" ניט צו באַ־טייליקן זיך אין ציוניסטישן קאָנגרעס".

צום סוף פון דער קאָנפערענץ איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרבאַנדס־ביוראָ אין צוזאַמענשטעל פון פינף חברים: דריי פון דער מערהייט — בער־לינרויט, זרובבל און איך, און צוויי פון דער מינדערהייט (אָ. ב.): כאשין און סערפאָוו. מיר האָט מען ניט דערלויבט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, נאָר עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך דאַרף בלייבן אין ווין, ווי דער סעקרעטאַר פון פאַרבאַנדס־ביוראָ, וואָס זיין אָרט איז טאַקע באַשטימט געוואָרן אין ווין. אַ געוויסע צייט איז נאָך זרובבל געבליבן אין ווין, אָבער שפּעטער איז ער צוריקגעפאָרן קיין פוילן, און אין ווין זענען געבליבן די איבעריקע פיר חברים.

## אין ווין נאָך דער וועלט־קאָנפערענץ

די וווינונגס־באַדינגונגען אין ווין זענען געווען זייער שווערע. צום סוף האָט מען געפונען פאַר מיר אַ דירה פון צוויי צימערן אין עק שטאָט, נוי־וואלדעק, פאַקטיש אַ זומער־דירה, אָן אַן אויוון, און אין דער דאָזיקער דירה האָבן מיר זאַלבעפערט געלעבט צוויי יאָר. ווינטער איז די טעמפּעראַטור אין די צימערן געווען אין דער פרי 6 גראַד, און איך בין געלאָפן אין דער פרי פון איין צימער אין צווייטן, דאָרט האָב איך אָנגעהייצט דאָס אייזערנע אייוועלע, כדי צו קענען אַריבערפירן אין דעם צימער די קינדער.

דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ האָט באַשלאָסן איינצולאַדן איינעם פון די פוילישע חברים ווי אַ געהילפס־סעקרעטאַר פאַר מיר. מיר האָבן אויסגעקליבן דעם חבר שכנא זאגאן. ער איז געווען איינער פון די קלוגסטע מענטשן, וואָס איך האָב געקענט. ער האָט קיין מאָל ניט געגעבן קיין איבערגעאיילטע תשובה, אַלע מאָל זיך פריער גוט צוגעהערט, אַריינגעטראַכט זיך און דאַן ערשט געענטפערט. דערצו איז ער געווען אַ גרויסער „דיפּלאָמאַט", און מיר האָבן זיך דאַן גע־נייטיקט אין אַזאַ מין דיפּלאָמאַטיע, כדי צו לאַווירן צווישן די ביידע טיילן פון פאַרבאַנדס־ביוראָ. און ניט איין מאָל האָט זאגאן געראַטעוועט די סיטואַציע אין אונדזער צוזאַמענלעבן. איך פלעג זיך וויצלען אויף זיין חשבון און זאָגן, אַז ער דיפּלאָמאַטעוועט מיט זיך אַליין, ווען ער ליגט אין בעט. צוויי יאָר האָבן מיר געאַרבעט צוזאַמען און מיר האָבן זיך זייער באַפריינדעט, און זענען פאַר־בליבן די בעסטע פריינד ביז זיין טויט. ער איז שפּעטער פון ווין אַריבערגעפאָרן קיין פוילן אין יאָר 1922 און געוואָרן איינער פון די באַליבטסטע פירער פון דער דאָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג אין משך פון צוואַנציק יאָר, און ספּעציעל

אין די לעצטע דריי יאָר אין געטאָ, פון 1939—1942. אַ חברטע האָט מיר מיט יאָרן שפּעטער דערציילט, ווי אַזוי ער איז ליקווידירט געוואָרן דורך דער גע־סטאַפּאָ. זיי האָבן געוווינט אין איין הויז אויף דער נאָוואָליפּיע־גאַס אין וואַרשע. איין מאָל פאַר נאַכט האָבן די איינוווינער פון הויז דערהערט אַ פאַראָרדענונג פון די דייטשע סאָלדאַטן אויפן גאַס: „יודען הערויס". די חברטע און איר מאַן האָבן געטענהט, אַז ניט אַרויסגיין וועט זיין ערגער, און ער מיט זיין פרוי, דער גוטער גוסטע, און צוויי קינדער זענען אַרויס אויף דער גאַס. עד היום קען איך ניט פאַרשטיין, ווי אַזוי דער קלוגער זאגאַן האָט זיך אין דעם פאַל ניט אָריענטירט. פון גאַס האָט מען די אַלע יידן אַוועקגעפירט אויפן אומשלאַגספּלאַץ אויף מוראַנאָוו, און אַז די חברים האָבן זיך דערוווּסט דערפון האָט מען געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען, כדי אַרויסצונעמען אים מיט דער משפחה פון „אומשלאַג־פּלאַץ", אָבער זיי האָבן פאַרשפּעטיקט מיט אַ פּאָר מינוט, מיט דעם באַפרייונגס־פּאַפּירל, ווייל דערווייל איז שוין דער טראַנספּאָרט מיט די יידן אַוועק קיין טרעבלינקע. דאָס איז געווען אין יאָר 1942.

לויט אונדזער באַשלוס איז געבליבן אין ווין אויף אַ געוויסער צייט אויך דער חבר פון פוילן, נתן בוקסבוים, ווי דער סעקרעטאַר פון אונדזער פּאַלעסטינע־אַמט, ווייל דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ קליינע עליה פון אונדזערע חברים פון פוילן קיין ארץ־ישראל. ער איז אויך שפּעטער אַריבער קיין פוילן און לאַנגע יאָרן געווען אַ חבר פון צענטראַל־קאָמיטעט און איינער פון די וויכטיקסטע מיטאַרבעטער פון דער פּאַרטיי־צייטונג. ער האָט געלעבט ביזן יאָר 1944 און איז געשטאָרבן פון טיפוס אין בערגן־בעלזן אַ פּאָר חדשים פאַר דער באַפרייונג.

נאַטירלעך, קען איך ניט געדענקען אַלע חברים, וועלכע זענען דאַן דורכ־געפאָרן דורך ווין אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. מיר האָבן זיך באַמיט צו העלפן מאַטעריעל דער פּאַרטיי אין ארץ־ישראל דורך די חברים, וואָס זענען אַהין געפאָרן. מיר פלעגן זיי געבן אַ סך זאַכן, וואָס מען האָט געקענט פאַרקויפן אין לאַנד. אין זיכרון איז מיר פאַרבליבן אַ חבר, אַ יונגער און אַן אַקטיווער בחור פון ראַדאָם, אברהם ראָזענבערג. איך אַליין האָב אים אַריינגעלייגט אין דער וואַליזע אַ סך זאַכן, אָבער דער דאָזיקער אברהמל איז געוואָרן שפּעטער פון די אַקטיוויסטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ארץ־ישראל. איך האָב זיך שפּעטער געטראָפן מיט אים אַ פּאָר מאָל. ספּעציעל געדענק איך אונדזער באַ־געגעניש אין פּאַריז אין יאָר 1935, ווען איך בין געקומען פון ארץ־ישראל אַלס פאָרשטייער פון אונדזער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע צו דער אַנטיפאַשיס־טישער קאָנפערענץ אין פּאַריז. ער האָט דאָרט אין פּאַריז הינטער די קוליסן געאַרבעט שטאַרק קעגן מיר. געטראָפן האָב איך אים נאָך שפּעטער מיט אַ יאָר

צוואַנציק אין ארץ־ישראל, דאַן האָט ער שוין געהייסן שושני. ער האָט זיך שוין אויסגעניכטערט און געווען אַ חבר אין אונדזער פּאַרטיי.

נאָך דער וועלט־קאָנפערענץ זענען געשטאַנען פאַרן נייעם פאַרבאַנדס־ביוראָ אַ פּאָר אויפגאַבן, קודם־כל די אָרגאַניזאַציע־אויפגאַבע. מען האָט גע־דאַרפט קלאָר מאַכן. מי ומי ההולכים. ווער גייט מיט אונדז און ווער מיטן רעכטן פאַרבאַנד. אַגב, האָבןביידע פאַרבאַנדן געטראָגן דעם זעלביקן נאָמען און קיינער האָט דעם נאָמען ניט געוואָלט. לויט די אָנטיילנעמער אין דער קאָנפערענץ איז מער־ווייניקער קלאָר געווען, וועלכע פּאַרטייען עס גייען מיט אונדז און וועלכע מיטן רעכטן פאַרבאַנד. אין די נאָענטסטע וואָכן איז קלאָר געוואָרן, אַז די מערהייט אין פּוילן גייט מיט אונדז, די מערהייט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן גייט מיטן רעכטן פאַרבאַנד. דאָרט איז אין דער פּאַרטיי געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע, וואָס איר פאַרשטייער, דער חבר שוכטער, האָט אָנטייל גענומען אין דער פינפטער קאָנפערענץ. מיר האָבן עס געוווּסט און געגעבן אָנווייזונגען דער מינדערהייט אַרויסצוגיין פון דער פּאַרטיי, פּונקט ווי דאָס האָט געטאָן די מינדערהייט אין פּוילן. די פּאַרטיי אין דייטשלאַנד, וואָס בראש פון איר איז געשטאַנען לעאָן כאַזאַנאָוויטש, האָט אָפיציעל דערקלערט, אַז זי בלייבט נייטראַל, אָבער די דאָזיקע נייטראַליטעט האָט ניט לאַנג אָנגע־האַלטן, און בערך אַ יאָר נאָך דעם, ווי עס איז קלאָר געוואָרן אַז אַלע באַ־מיונגען פון כאַזאַנאָוויטשן צוריק צו פאַראייניקן די באַוועגונג האָבן זיך פאַר־ענדיקט מיט גאָרניט, האָט זיך די דייטשע פּאַרטיי געשפּאָלטן אויף צוויי בערך גלייכע טיילן. עס האָט זיך געשפּאָלטן אויך די פּאַרטיי אין אַרגענטינע. ניט האָבנדיק קיין מאַטעריעלע מיטלען, האָבן מיר ניט געקענט שיקן קיין שליחים אין די ווייטע לענדער, כמעט אַלע פּוילישע חברים האָבן זיך אומגעקערט קיין פּוילן, און מיר האָבן באַשלאָסן שיקן אַ פּאָר חברים אין די אייראָפּעיִשע לענדער. מיר האָבן געשיקט דעם חבר קענדזשערסקי קיין בעלגיע און ענגלאַנד, און איך בין געפאָרן קיין דייטשלאַנד און בעלגיע.

אין בעלגיע האָבן מיר געהאַט אַ פּאָר אָרגאַניזאַציעס. די וויכטיקסטע האָבן זיך געפונען אין בריסל און אַנטווערפּען. אין בריסל איז געשטאַנען בראש פון דער אָרגאַניזאַציע דער חבר אלי קובאָוויצקי (דער ברודער פון ד״ר קובובי, דער פאָרזיצער פון „יד ושם״), וואָס איז שפּעטער אומגעקומען אין היטלערס צייטן, גאָלד, טאַבאַקמאַן (איצט אין ארץ־ישראל), גרינשטיין, איינער פון די עלטסטע חברים (געשטאָרבן אין ישראל), דוד טראָצקי (אומגעקומען ביי היטלערן) און זיין פרוי פּאַלינע (איצט אין ישראל), אַבוש ווערבער מיט זיין פרוי שפרה (ביידע איצט אין ישראל), אַלטמאַן (געקומען נאָך דער מלחמה קיין ישראל, צוריקגעפאָרן קיין בעלגיע, ווו ער איז געשטאָרבן אין

עלטער פון איבער 70 יאָר), אַ טייערער ייד, ער איז פול געווען מיט אמתע פאָלקס־וויצן. מיר האָבן אַ מאָל גענעכטיקט מיט אים אין אַ האָטעל אין אַנטווערפּן און די גאַנצע נאַכט איז אַדורך אין דערציילן זיך וויצן און גלייכווערטלעך.

אין אַנטווערפּן איז בראש פון דער אָרגאַניזאַציע געשטאַנען אַ פּוילישער חבר, זיידמאַן (בעת דער אָקופּאַציע דעפּאָרטירט און אומגעבראַכט געוואָרן).ביידע שטעט, בריסל און אַנטווערפּן געפינען זיך ניט ווייט איינע פון דער אַנדערער, אַ שעה רייזע מיט דער באַן. אָבער דער אונטערשייד צווישן די שטעט איז אַ געוואַלדיקער. אין בריסל איז אונדזער אָרגאַניזאַציע געווען גלייך צו אַלע אייראָפּעיִשע אָרגאַניזאַציעס, דאָס רוב חברים פון פּוילן, קיין איינגע־באָרענע זענען כמעט ניט געווען, אָבער די פאָרמען פון אַרבעט זענען געווען מער ווייניקער אייראָפּעיִשע. אין אַנטווערפּן האָט מיר די אָרגאַניזאַציע דער־מאָנט די פון די קליינע פּוילישע שטעטלעך: דער זעלביקער פּראָווינציאַליזם, די זעלבע שמאָלע האָריזאָנטן.

ווען מיר זענען צוגעקומען אין אַנטווערפּן צום זאַל, וווּ עס האָט גע־דאַרפט פאָרקומען מיין פאָרטראַג, זענען פאַרן זאַל געשטאַנען אַ פּאָר יידישע בחורים, די חברים האָבן מיר געזאָגט, אַז דאָס זענען מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַז מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיי געזאָגט צו אונדז מיט אַ הויכער שטים: „מיר גיבן איבער די חברים פון די לינקע „פּועלי־ציון״, אַז די חברים פון די רעכטע „פּועלי־ציון״ קלייבן זיך אויפצורייסן די פאַרזאַמלונג״. נאָך דעם פאָרטראַג — לויטן מנהג פון אַלע קליינע שטעט־לעך אין פּוילן — איז געווען אַ דיסקוסיע, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען 4 פאָרשטייער פון יעדער פּאַרטיי. דער וויכוח איז געווען אַ פּוסטער, אַ דעמאַגאָגישער, און נאַטירלעך האָט מען געמוזט ענטפערן. דער ענין האָט זיך געענדיקט אַ זייגער איינס ביי נאַכט. דאַן האָט מען מיך, נאַטירלעך, איינ־געלאַדן צו אַ „באַנקעט״ אין דער דירה פון ח׳ זיידמאַן. דער כיבוד איז געווען בערך אַזוי ווי אין זשיכלין. אַגב, האָט מען אויפגעוועקט די קליינע טאָכטער פון באַלעבאָס, וואָס איז אַלט געווען אַ יאָר 5, אַז זי זאָל דעקלאַמירן פאַרן חשובן גאַסט. און נאָך דעם האָט דער ח׳ זיידמאַן געעפנט די זיצונג בזה השלון: „אויפן סדר היום האָבן מיר היינט דריי פּונקטן: א. באַשטייערונגעי און חברים־שטייערן, ב. קבלת־פּנים פאַרן גאַסט, ג. די אַרבעט להבא״. נאָך דעם ווי מען האָט געענדיקט דעם ערשטן פּונקט, איז מען אַריבער צום צווייטן פּונקט, און דער ח׳ זיידמאַן האָט אָנגעהויבן מיט אַ פּאָר ווערטער לכבוד מיר: „דער ח׳ ניר איז ווי באַוווסט איינער פון די עלטסטע חברים אין דער באַ־וועגונג, איינער פון אירע באַרימטע פירער, אַן ערנסטער און וויסנשאַפטלעכער

רעפערענט, אַז ער רעפערירט קען מען ניט פאַרשטיין קיין וואָרט...״ די בעל־גישע גרופע איז כמעט אין גאַנצן געבליבן מיט אונדז. אין ענגלאַנד האָבןביידע פאַרבאַנדן ניט געהאַט קיין גרויסע גרופעס. אונדזערע חברים זענען דאָרט געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי און זענען געווען גענוג אַקטיוו, אָבער צום באַדויערן האָט דער באַזוך פון קענדזשערסקין זיי געבראַכט נאָר שאָדן, ווייל אָפּזייענדיק דאָרטן אַ פּאָר וואָכן, האָט ער, ניט זאָגנדיק קיין זיי געזונט, פאַרלאָזן דאָס לאַנד און איז אַוועקגעפאָרן צוריק קיין אַמעריקע, וווהין ער איז געקומען פון רוסלאַנד אין יאָר 1917. פון דאַן אָן האָט ער זיך דערווייטערט פון דער באַוועגונג, ער איז געווען אַ לערער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין יאָר 1938 האָב איך אים גע־טראָפן אין ניו־יאָרק, ער האָט זיך אינטערעסירט צו דערוויסן זיך ביי מיר, וואָס עס הערט זיך אין דער באַוועגונג, אָבער איז געווען ווייט פון איר. ער איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געשטאָרבן אין הונגער און נויט.

די צווייטע אויפגאַבע פון פאַרבאַנד איז געווען צו אָרגאַניזירן די ארץ־ישראל־אַרבעט. פאַקטיש זענען מיר אין דעם ענין געווען אין אַ זייער שווערער לאַגע. פון איין זייט, איז די דערציִונג, וואָס מיר האָבן געגעבן אונדזערע פאַר־טייען, געווען ווייטלעך פון דעם, וואָס מען רופט אָן אויף דעם ארץ־ישראל־לשון „הגשמה״, און וואָס מען קען טאָן אויף דעם דאָזיקן געביט אָן הגשמה איז אונדז ניט געווען אַזוי קלאָר. פון דער אַנדערער זייט איז דאָך אין פאַרבאַנדס ביוראָ געזעסן אַ מינדערהייט פון אָ. ב., וועלכע האָט בכלל זיך גאַנץ ווייניק אינטע־רעסירט מיט דער ארץ־ישראל־אַרבעט. מיר האָבן דאָך געפּרוווט עפּעס טאָן, אָבער מען מוז מודה זיין, אַז עס איז גאָרניט אַרויסגעקומען דערפון.

די ארץ־ישראלדיקע פאַרטיי איז געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון דעם אָ. ב. און דעריבער האָט זי זיך אָרגאַניזירט ווי אַ „סאָציאַליסטישע אַר־בעטער פאַרטיי״ (מ. פּ. ס.), און דורך דעם האָט זי אויסגעדריקט איר ווונטש צו זיין כלומרשט אַ טעריטאָריאַלע פאַרטיי, אָבער מיר, די מערהייט אין פאַר־באַנדס־ביוראָ, האָבן געהאַלטן, אַז אונדזער פאַרטיי דאַרף זיין אַ יידישע מיט אויפגאַבן, וואָס פליסן אַרויס פון איר נאַציאָנאַלער איינשטעלונג און ניט נאָר פון דעם פאַקט, וואָס זי געפינט זיך אויף אַ געוויסער טעריטאָריע. מיר האָבן באַשלאָסן צו שיקן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, כדי אויסצוגלייכן די ליניע פון דער פאַרטיי. מיר האָבן געשיקט קיין ארץ־ישראל דעם חבר גרשון אדמוני (דוא). אדמוני איז געווען אַ פּוילישער חבר און מיר זענען געווען זיכער אין אים, אַז ער וועט גיין לויט דער ליניע פון דער פאַרטיי, אויסגעלאָזן האָט זיך שפּעטער דער היפוך דערפון, דוא איז געוואָרן איינער פון די גרעסטע ליקווידאַטאָרן און האָט שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער אַלגעמיינער קאָמוניסטישער

באַוועגונג, ער איז געווען אין שפּאַנישן בירגער־קריג. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער צוריקגעקומען קיין פּוילן און איז דאָרט געהרגעט געוואָרן אין יאָר 1948, אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע אין נידער־שלעזיע. מען האָט געזאָגט, אַז די קאַטאַסטראָפע איז ניט געווען קיין צופעליקע. צוזאַמען מיט דעם ח׳ אדמוני (דוא) האָבן מיר געשיקט דעם חבר יאשא ריזשיק. ער איז געווען אַ חבר פון י. ק. פּ. אין רוסלאַנד, אָבער געווען אַ שטאַרקער פּאַלעסטינער אַקטיוויסט: ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ סך פּלענער וועגן זעלבשטענדיקער ארץ־ישראל־אַרבעט. ער איז געווען דער איניציאַטאָר פון דעם געדאַנק צו שאַפן אַ קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט אין דער גאַנצער וועלט, וואָס זאָל נעמען אויף זיך די ארץ־ישראל־אַרבעט. צוזאַמען מיט אים האָט דאָס פּאַרבאַנדס־ביוראָ אויס־געאַרבעט אין יאַנואַר 1921 די תקנות פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט און זיי פּאַנאַנדערגעשיקט צו אַלע פּאַרטייען פון פּאַרבאַנד.

די תקנות פון דער געזעלשאַפט, וואָס האָט געדאַרפט טראָגן דעם נאָמען „יידישע קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט״ וואָס איר ציל איז געווען, צו באַזעצן אירע חברים אויף קאָאָפּעראַטיוו־סאָציאַליסטישע יסודות אין ארץ־ישראל, האָבן פּאַרמאָגט גאַנצע 51 פּאַראַגראַפן. דאָרט זענען אויסגערעכנט אַלע איינצלהייטן, וואָס זענען געווען פּאַרבונדן מיט דער פּראָיעקטירטער טעטיקייט. דאָס אַלץ איז אפשר ניט געווען אַזוי רעאַל און פּראַקטיש, עס האָט אָבער באַוויזן די זאָרג, אַריינצופירן אין דער ארץ־ישראל־אַרבעט אַ גרעסערע צאָל פון יחידים און צוגרייטן זיי ביסלעכווייז צו קאָלעקטיווער אַרבעט.

תיכף נאָך דער קאָנפערענץ האָט אונדזער פּאַרבאַנדס־ביוראָ געשאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פּאַרן פּאַלעסטינע־אַרבעטער־פאָנד (פּ. אַ. פ.) ביים פּאַר־באַנד און די דאָזיקע קאָמיסיע האָט אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו אַלע פּאַרטייען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַרבעט אין ארץ־ישראל. דאָס פּאַרבאַנדס־ביוראָ האָט אויך פּאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף צו אַלע פּאַרטייען און צו אַלע יידישע אַרבעטער אין דער וועלט אין צוזאַמענהאַנג מיט די אויפגאַבן פון אונדזער באַוועגונג, די באַוועגונג פון די לינקע „פּועלי־ציון״. די דעלעגאַציע, וואָס מיר האָבן געשיקט קיין ארץ־ישראל, האָט געהאַט אַחוץ דער אויפגאַבע אויסצוגלייכן די ליניע פון דער דאָרטיקער פּאַרטיי, אויך דורכצופירן די פּאַראייניקונג מיט דער איניציאַטיוו־גרופּע פון רעוווצקי (זיין פּסעוודאָנים איז געווען „שלימאָוויטש״, ער האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל, נאָך דעם ווי ער האָט זיך באַטייליקט אין דער ארץ־ישראל־קאָמיסיע. ער איז ניט צוגעשטאַנען ניט צו „אחדות העבודה״ און ניט צו דער „פּועלי־ציון״־גרופּע פון מאירסאָן און געבילדעט אַ זעלבשטענדיקע גרופּע פון פּועלי־ציון).

די דעלעגאַציע האָט תיכף נאָך איר אָנקומען אין לאַנד אַריין זיך פּאַרבונדן

מיט מ. פּ. ס. און מיט דער איניציאַטיוו־גרופּע. אין דער מ. פּ. ס. זענען פאַר־
געקומען גרויסע ענדערונגען, וועלכע האָבן זיך אויסגעדריקט אין די רעזאָלוציעס
פון דער צווייטער קאָנפערענץ. די פּאַרטיי איז אין משך פון די לעצטע חדשים
שטאַרק זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן, לויט אירע יסודות און לויט איר צוזאַמענשטעל
האָט די פּאַרטיי אויסגעזען צו זיין אַ פּועל־ציוניסטישע און פּאַקטיש די איינציקע
סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין ארץ־ישראל.

אין די אונטערהאַנדלונגען מיט די חברים פון אונדזער דעלעגאַציע האָט
די איניציאַטיוו־גרופּע תיכף נאָך דער צווייטער קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי
דערקלערט, אַז נאָך די אָנגענומענע רעזאָלוציעס זעט זי ניט קיין נויטווענדיקייט
צו גרינדן אַ נייע פּאַרטיי און אַז זי איז גרייט זיך צו פאַראייניקן מיט דער
פּאַרטיי, אָבער די גרופּע האָט געשטעלט דריי אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָדערונגען:
א. די ענדערונג פון נאָמען פון דער פּאַרטיי, וואָס זאָל הייסן „די יידישע סאָ־
ציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (פּועלי־ציון) אין ארץ־ישראל, ב. אַ פּאַרשטייער־
שאַפט אין צענטראַל־קאָמיטעט, ג. אַז דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ זאָל ניט אָנערקענען
די פּאַרטיי, ביז עס וועט ניט פאָרקומען די פאַראייניקונג מיט דער איניציאַטיוו־
גרופּע. די דעלעגאַציע האָט גענומען אויף זיך צו פאַרטיידיקן די צוויי ערשטע
פאָדערונגען פאַרן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, אָבער בנוגע דער
דריטער פאָדערונג האָט די דעלעגאַציע געמיינט, אַז דווקא איצט איז וויכטיק
די אָנערקענונג פון דער פּאַרטיי דורך דעם פאַרבאַנדס־ביוראָ.

אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן באַריכט פון דער קאָמיסיע האָט דאָס
פאַרבאַנדס־ביוראָ אויף זיין זיצונג פונעם 2טן נאָוועמבער, יאָר 1920, אָנגענומען
פאָלגנדיקן באַשלוס: „נאָך דעם ווי מיר האָבן אויסגעהערט דעם באַריכט פון
אונדזער באַפולמעכטיקטער דעלעגאַציע אין ארץ־ישראל און נאָך דעם, ווי
מיר האָבן זיך באַקענט מיט דער רעזאָלוציע פון דער צווייטער קאָנפערענץ פון
מ. פּ. ס. „פּועלי־ציון" אין ארץ־ישראל, און רעכענענדיק זיך מיט דעם פאַקט,
אַז די פּאַרטיי האָט אָנגענומען דעם פּלאַטפאָרם פון דער פינפטער וועלט־קאָנ־
פערענץ פון דעם אַלוועלטלעכן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד פון די יידישע אַר־
בעטער „פּועלי־ציון", דערקלערט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ, אַז די פּאַרטיי האָט
דערפילט די באַדינגונג, וואָס איז איר געשטעלט געוואָרן דורך דער פינפטער
קאָנפערענץ. דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ, רעכענענדיק זיך מיט די באַשלוסן פון דער
פינפטער קאָנפערענץ, באַשליסט צו אנערקענען די פּאַרטיי ווי די לאַנדעס־פּאַרטיי
פון פאַרבאַנד און באַגריסט די חברים פון דער פּאַרטיי. צוזאַמען דערמיט לייגט
פאָר דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ דער פּאַרטיי צו ענדערן איר נאָמען אויף: „די
יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (פּועלי־ציון) אין ארץ־ישראל".

נאָך אַ געוויסער צייט האָבן מיר באַקומען די ידיעה, אַז די פּאַרטיי האָט

געענדערט דעם נאָמען, אָבער דער פריערדיקער נאָמען „מ. פּ. ס.״ איז געבליבן אין ארץ־ישראל אַ שם־דבר, די חברים האָט מען ווייטער גערופן „מאָפּסן״, און עס האָט ניט געהאָלפן דאָס, וואָס אַצינד זענען די ראשי תיבות פון דער פּאַרטיי אין העברעיִש געווען: מ. פּ. ס. ע. דער נאָמען „מאָפּסן״ איז געבליבן ווי דער נאָמען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אַלע אירע גילגולים, ווי איך וועל עס שפּעטער איבערגעבן. פון דער דאָזיקער פּאַרטיי אונדזערער זענען אַרויס די ערשטע קאָמוניסטן, און זיי האָבן עס געגרינדעט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. דאָס האָט פּאַסירט אין סוף פון יאָר 1921, איך וועל זיך שפּעטער באַמיען אויפ־צוקלערן די סיבות דערפון, וואָס אונדזער פּאַרטיי איז מגולגל געוואָרן אין אַ „ריינע״ קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

## דער אָנהייב פון די אונטערהאַנדלונגען מיטן קאָמאינטערן

די דריטע אויפגאַבע, וואָס איז געשטאַנען פאַרן פּאַרבאַנדס־ביוראָ איז געווען, צו רעאַליזירן דעם באַשלוס פון דער פינפטער קאָנפערענץ וועגן אונדזער אָנשלוס אין קאָמאינטערן. אין דער ריכטונג זענען די חברים פון אָ. ב. אין פּאַרבאַנדס־ביוראָ געווען זייער אַקטיוו.

אין דער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען אונדזער פינפטע קאָנפערענץ, איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען דער צווייטער קאָנגרעס פון קאָמאינטערן, און אויף דעם קאָנגרעס האָט אָנטייל גענומען דער חבר מיכאל קאָהן־עבער, ניט אין נאָמען פון אונדזער גאַנצער באַוועגונג, נאָר אין נאָמען פון דעם אָרגאַניזאַציע־ביוראָ (אָ. ב.).

דאָס אָ. ב. האָט אין זיין מעמאָראַנדום צום קאָמאינטערן פון 25סטן דעצעמבער 1919 בלויז דערמאָנט דעם פּראָגראַם פון „פּועלי־ציון״, וואָס איז אָנערקענט געוואָרן דורכן צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, און האָט אונטערגעשטראָכן זיין ווילן אַרויסצורייסן דעם גאַנצן פּאַרבאַנד פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. דאָס ביוראָ האָט דעריבער געבעטן דעם קאָמאינטערן צו אָנערקענען צייטווייליק דאָס אָ. ב. ביז דער גאַנצער פּאַרבאַנד וועט זיך אָנשליסן אין קאָמאינטערן.

דווקא דעם אָ. ב. איז שטאַרק געפעלן געוואָרן קאָפּלאַנסקיס המצאה צו שפּאַלטן די באַוועגונג אין דער פראַגע וועגן אינטערנאַציאָנאַל, מחמת לויט די אָנווייזונגען פון קאָמאינטערן האָט יעדע פּאַרטיי געדאַרפט אויסשליסן פון זיך די רעכטע און צענטריסטישע עלעמענטן, און אויב אונדזערע רעכטע האָבן אַליין פאַרלאָזן דעם פּאַרבאַנד, האָט מען דאָך געקענט שפּעטער, אין די אונטער־האַנדלונגען מיטן קאָמאינטערן, אונטערשטרייכן, אַז מיר האָבן דערפילט זיינע אָנווייזונגען און אויסגעשלאָסן די רעכטע עלעמענטן.

זייער אינטערעסאַנט איז דער וועג, מיט וועלכן דער אַ. ב. איז געגאַנגען אויפן צווייטן קאָנגרעס פון קאָמאינטערן אין יאָר 1920: ער האָט געמאַכט אַלע אָנשטרענגונגען, כדי זיך צוצופּאַסן צום קאָמאינטערן און האָט זיך באַמיט, אויף וויפל עס איז נאָר געווען מעגלעך, צו פאַרטושן די חילוקי־דעות.

מען דאַרף געדענקען, אַז אויף דעם דאָזיקן צווייטן קאָנגרעס פון קאָמ־אינטערן זענען אָנגענומען געוואָרן לענינס טעזן אין דער נאַציאָנאַלער און קאָלאָניאַלער פראַגע. דער עיקר פון די דאָזיקע טעזן איז געווען צו שטיצן יעדע נאַציאָנאַלע באַוועגונג אין די קאָלאָניעס. דער דאָזיקער עיקר־שטעלונג פון לע־נינען האָט זיך הויפּטזעכלעך אַנטקעגנגעשטעלט דער פאָרשטייער פון דער אינדי־שער קאָמוניסטישער פאַרטיי — רוי, און לויט זיין פאָדערונג איז אין די טעזן אַריינגעטראָגן געוואָרן אַן אויסבעסערונג, וועלכע לענין האָט אָנגענומען: „שטיצן די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין די קאָלאָניעס, אויף וויפל דאָס וועט ניט שטערן דער אַנטוויקלונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אויפן אָרט". אין לויף פון דער צייט האָט מען אין גאַנצן פאַרגעסן די דאָזיקע אויסבעסערונג, און די רעזולטאַטן פון דעם פאַרגעסן האָט מען געקענט זען אין כינע אין דער באַציִונג צום גאָמינדאַן און אויך ביי אונדז אין ארץ־ישראל.

די דאָזיקע פראַגע — די באַציִונג צו די נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין מזרח — איז שוין דאַן געווען אַקטועל ספּעציעל בנוגע ארץ־ישראל און האָט ניט אויפגעהערט צו זיין אַקטועל ביי אונדז אין משך פון מער ווי צוואַנציק יאָר, בעת וועלכע עס זענען פאָרגעקומען אַ פּאָר מאָל „אויפשטאַנדן" פון די אַראַבער, וואָס זענען אייגנטלעך געווען געריכטעט קעגן די יידן. ניט איין מאָל וועט מיר נאָך אויסקומען אומצוקערן זיך צו דער דאָזיקער פראַגע, ווען איך וועל דערגיין צו די תקופות, ווען עס זענען פאָרגעקומען די געשעענישן אין ארץ־ישראל.

אין יאָר 1923 האָב איך גענויער געשריבן אין אונדזער פּוילישער צייטונג אויף די דאָזיקע טעזן פון יאָר 1920 און איבערן וויכוח צווישן לענינען און רויען.

„די הויפּט־פראַגע פון דער מאַרקסיסטישער טאַקטיק אין ארץ־ישראל, איז די פראַגע וועגן די כלומרשטע „בירגערלעך־דעמאָקראַטישע באַוועגונגען" אין מזרח... די דאָזיקע פראַגע איז באַהאַנדלט געוואָרן אויפן צווייטן קאָנגרעס פון קאָמאינטערן... נאַטירלעך, ווען מען רעדט ניט אַבסטראַקט, ווי דאָס האָט לענין געטאָן לכתחילה, נאָר ווען מען אַנאַליזירט די קאָנקרעטע באַציִונגען אין יעדן לאַנד, אַזוי ווי רוי האָט עס געטאָן, דאַן איז ניט שווער צו פאַרשטיין, אַז אַזאַ מין „שטיצע" קען ברענגען ניט קיין נוצן נאָר שאַדן דעם מאַרקסיסטישן געדאַנק אין מזרח, בכלל, און אין א"י בפרט. דווקא ביי די אַראַבער, וואָס פאַר־מאָגן ניט קיין אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט אין אייראָפּעיִשן זין און ביי וועמען

די אַרבעטנדיקע מאַסן שטעלן זיך צונויף פון פעלאַכן און באַלמעלאָכעס, וואָס שטייען אויף אַ נידעריקער קולטורעלער מדרגה, האָט אַזאַ פּאָליטיק געקענט פּאַרטושן אַלע מאַרקסיסטישע ליניעס. און אויב מען זאָל נאָך נעמען אין חשבון דעם פאַקט, אַז אין מזרח איז ניטאָ קיין מער־וויניקער אָרגאַניזירטע מאַרק־סיסטישע פּאַרטיי און צווישן די אַראַבער איז אַזאַ זאַך בכלל ניטאָ, דאַן קען מען פאַרשטיין, אַז אַן אַלגעמיינע לאָזונג: „שטיצן די בירגערלעך־נאַציאָנאַלע באַוועגונגען", הייסט, לכתחילה, אוממעגלעך מאַכן די אַנטוויקלונג פון אַ מאַרק־סיסטישער פּאַרטיי. די גאַנצע האַרעפּאַשנע מאַסן וואָלטן אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון די בירגערלעכע נאַציאָנאַליסטן (די מאַסן וואָלטן אָנגעהויבן צו זען אין זיי די וואָרטזאָגערס און וועגפירערס, נאָך מער ווי דאָס איז היינט).

פון אויסערלעכן שטאַנדפּונקט איז אַזאַ צוגאַנג טייל מאָל נוצלעך געווען פאַר אויסלאַנד, און דאָס איז געווען די סיבה, פאַר וואָס לענין האָט לכתחילה פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט. אָבער רוי האָט גוט געקענט די באַציִונגען אין אינדיע, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ מין פּאָליטיק וואָלט ניט נאָר פאַר־טושט דעם קלאַסן־באַוווסטזיין, וואָס דערוועקט זיך ביי די אָרטיקע האָרעפּאַשנע מאַסן — אין ארץ־ישראל איז נאָך בכלל ניטאָ וואָס צו פאַרטושן — נאָר זי וואָלט אויך אויף אַ לאַנגער צייט געשטערט דעם וווּקס פון דער מאַרקסיסטישער פּאַרטיי. דערפאַר האָט זיך רוי אַקעגנגעשטעלט לענינס טעזן און אַריינגעטראָגן זיינע קאָרעקטיוון. לענין האָט אָנגענומען רויס קאָרעקטיוו, אַז די שטיצע באַציט זיך ניט צו די „בירגערלעך־דעמאָקראַטישע" באַוועגונגען, נאָר צו די „רעוואָלוציאָנער־נאַציאָנאַלע", און דאָס איז אַ גרויסער אונטערשייד ניט נאָר אין ווערטער, נאָר אויך אין אינהאַלט. אויסער דעם האָט לענין באַגרענעצט זיין פריערדיקע אַבסאָלוטע שטיצע מיט געוויסע באַדינגונגען און אַזוי האָט לענין געזאָגט אין דער פראַגע: „דאָס בירגערטום פון די אונטערדריקטע לענדער, אויב עס שטיצט די נאַציאָנאַלע באַוועגונג, קעמפט עס אין דער זעלבער צייט צוזאַמען מיט דעם אימפּעריאַליסטישן בירגערטום קעגן אַלע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען און רעוואָלוציאָנערע קלאַסן. אין דער קאָמיסיע איז דאָס דערוויזן געוואָרן שוואַרץ אויף ווייס, און מיר האָבן געפונען פאַר ריכטיק צו נעמען אין באַטראַכט דעם דאָזיקן אונטערשייד און כמעט אין יעדן אָרט האָבן מיר פאַרביטן די ווערטער „בירגערלעך דעמאָקראַטישע" מיט די ווערטער „רעוואָלוציאָנער־נאַציאָנאַלע". דער געדאַנק פון פאַרבייטן די ווערטער איז דער: מיר, ווי מאַרק־סיסטן, מוזן שטיצן און וועלן שטיצן די דאָזיקע באַוועגונגען, אויב זיי זענען באמת רעוואָלוציאָנערע, ווען זייערע פאָרשטייער וועלן אונדז ניט שטערן צו דערציִען און צו אָרגאַנאַזירן די פּויערים און די ברייטע עקספּלאָאַטירטע מאַסן

אין רעוואָלוציאָנערן גייסט. אויב אַזעלכע באַדינגונגען זענען אויך ניטאָ, דאַרפן מאַרקסיסטן קעמפן קעגן דעם רעפאָרמיסטישן בירגערטום״.

דערפון דרינגט אַרויס, אַז מען קען ניט לייקענען די טענה פון צווייטן קאָנגרעס פון קאָמאינטערן פשוטו כמשמעו, ווי אַלע מיינען עס. מען דאַרף שטיצן נאַציאָנאַלע באַפרייונגס־באַוועגונגען, ווען עס זענען דאָ די באַדינגונגען, וואָס מאַכן מעגלעך דעם וווּקס און די אַנטוויקלונג פון דער מאַרקסיסטישער באַוועגונג. דאָס איז געווען דער ניצחון פון רויען אין דער קאָמיסיע און דאָס האָט אויך געדאַרפט זיין דער ניצחון פון „פועלי־ציון״, ווייל עס איז דאָך געווען קלאָר: עס איז זיך ניט פאָרצושטעלן, אַז אין ארץ־ישראל זאָלן די שייכן און די עפענדיס, וואָס קעמפן כלומרשט קעגן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, אָבער באמת קעגן די יידן, וועלכע פירן אַריין אין לאַנד דעם אינדיווידואַליזם און שטעלן אין סכנה די עקזיסטענץ פון זייערע פעאָדאַלע מאָנאָפּאָלן און פּריווי־לעגיעס — אַז די דאָזיקע שייכן און עפענדיס זאָלן מעגלעך מאַכן אָדער דער־לויבן צו געבן אַ מאַרקסיסטישע דערציִונג די אַרבעטנדיקע מאַסן. דאָס פאַר־קערטע איז ריכטיק. אויך די אַרבעט אַריינצופירן די פעלאַכן אין דעם קרייז פון מאַרקסיסטישע מיינונגען און געדאַנקען איז זייער אַ שווערע. אין דעם פאַל מאַכט די פאַראייניקונג פון דער אַראַבישער אַריסטאָקראַטישער אינטעליגענץ מיט די פאַרפינצטערטע פעלאַכן די דאָזיקע אַרבעט פאַר אונדז אין גאַנצן אוממעגלעך. דער ייד ווערט דער שונא, און דער ייד־מאַרקסיסט נאָך אַ דאָפּלטער שונא. יעדער מאַרקסיסט, און דער יידישער מאַרקסיסט נאָך מער, מוז אויף יעדן שריט און טריט איבעררייסן די קינסטלעכע פאַרבינדונג צווישן דעם עפענדי־עקספּלאָאַטאַטאָר מיט דעם קנעכט — דעם פעלאַך. און נאָר דאַן, ווען דער פעלאַך וועט קומען צו דעם באַוווסטזיין, אַז זיין שונא איז ניט דער יידישער אַרבעטער נאָר דער אַראַבישער עפענדי — וועט פריי ווערן דער וועג פאַר מאַרקסיסטישע געדאַנקען. ס'איז קלאָר, אַז אויך דער איכר, דער קאָלאָניסט, דער ייד, איז דער קלאַסן־שונא פון פעלאַך. אָבער אזא מין אַגיטאַציע, אַפילו אין אַ לייכטער פאָרעם קען אין איצטיקן מאָמענט ברענגען צו דער פאַראייניקונג מיטן עפענדי, ווייל דער פעלאַך זעט נאָך אין דעם קאָלאָניסט ניט זיין קלאַסן־שונא, נאָר זיין נאַציאָנאַלן שונא, ווי עס ווילן אים איינריידן די עפענדיס. ווען דאָס וועט אויפהערן, וועט מען קענען באמת פירן אַ פאַראייניקטן קאַמף פון דעם יידישן אַרבעטער מיטן אַראַבישן פעלאַך, הן קעגן דעם יידישן בירגערטום, הן קעגן דעם אַראַבישן עפענדי. כדי אויסצומיידן אַלע מיספאַרשטענדענישן, חזור איך איבער: אַזוי ווי יעדער אַרבעטער מוז פריער איבעררייסן די פאַר־בינדונג מיט זיין בירגערטום, כדי אויסצומיידן די מעגלעכקייט פון נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג, מוז מען אויך דעם אַראַבער פריער אָפּרייסן פון עפענדי און

אויפקלערן אים די אילוזיעס פון דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

„עס איז נייטיק די מלחמה קעגן פּאַן־איסלאַמיזם, קעגן דער פּאַן־אַזיאַ־טישער באַוועגונג, קעגן געוויסע שטרעבונגען, וואָס פּרוּוון פאַראייניקן דעם קאַמף קעגן דעם אייראָפּעישן און אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם מיט דער פאַר־שטאַרקונג פון דעם כוח פון יאַפּאַניש־טערקישן אימפּעריאַליזם, פון די גרויסע אַגראַריער און כלי־קודש" (טעזיס נומ. 11, פּונקט 2).

„דאָס דאַרף זיין די שטעלונג פון די מאַרקסיסטן אין ארץ־ישראל בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע. יעדע אַנדערע טאַקטיק, אויב זי וועט אַפילו באַגלייט ווערן דורך אַ רעוואָלוציאָנערער פראַזע, וועט זיין אַנטימאַרקסיסטיש און וועט מוזן ברענגען צו דעם היפּוך דערפון, צו וואָס זי שטרעבט און וועט מוזן שטערן דער אַנטוויקלונג פון מאַרקסיזם אויפן מזרח בכלל און אין ארץ־ישראל בפרט".

אין דעם דאָזיקן אַרטיקל, אין יעדן אָרט ווו עס שרייבט זיך „מאַרקסיסט" און „מאַרקסיסטיש", דאַרף מען לייענען „קאָמוניזם" און „קאָמוניסטיש" — ווייל דאָס איז געווען דאַן די לעגאַלע שפּראַך אין פּוילן.

אין יאָר 1920 האָט דער פאָרשטייער פון אָ. ב., דער חבר מיכאל קאָהן־עבער פאַרשטאַנען די לאַגע ריכטיק און האָט געפּרוווט קעמפן קעגן דער אַראַ־בישער „באַפרייונגס־באַוועגונג" אין ארץ־ישראל, ווי דער באַוועגונג פון קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע שייכן און עפענדיס און האָט ענערגיש פאַרטיידיקט זיין מיינונג און געשטיצט רויס טעזן.

אָבער אין דער פראַגע פון אונדזער באַציונג צו ארץ־ישראל איז מיכאל קאָהן געגאַנגען אויפן וועג פון צופאַסן זיך און מען קען זאָגן, אַז ער איז געווען דער פאָטער פון דעם ליקווידאַציע־געדאַנק אין אונדזער באַוועגונג.

איך ברענג דאָ אַ טייל פון זיין רעדע אויפן קאָנגרעס אין דער פראַגע פון ארץ־ישראל:

„וואָס איז די באַציונג אונדזערע, פון די קאָמוניסטישע „פּועלי־ציון" צו ארץ־ישראל? קודם־כל האָבן מיר ניט בדעה צו גרינדן אַ מדינה, און ספּעציעל נאָך מיט דער הילף פון בריטישן אימפּעריאַליזם. אָבער מיר זענען איבערצייגט, אַז אין פּראָצעס פון דער פּראָדוקטיוויזאַציע פון די יידישע מאַסן און איבערפירן זיי צו אַרבעט, וואָס איז נוצלעך און נייטיק פאַר דער געזעל־שאַפט, אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וועט אַ קענטיקע צאָל יידן פאַרלאָזן די לענדער, אין וועלכע זיי לעבן איצט אין די מאַסן, ווי אין אוקראַינע, ליטע און ספּעציעל אין פּוילן. אַ טייל פון זיי וועט גיין קיין ארץ־ישראל און דאָרט אַרבעטן אין דער לאַנדווירטשאַפט. דערפון דרינגט פאַר אונדז אַרויס, אַז כל־זמן דאָס לאַנד געפינט זיך אין די הענט פון דער ענגלישער אָדער אַן אַנדערער בורזשואַזיע, שטעלן מיר אַרויס נאָר די פאָדערונג צו דער־

מעגלעכן די אימיגראַציע און די פרייע קאָלאָניזאַציע אין דעם דאָזיקן לאַנד. מיר שטעלן אַרויס די דאָזיקע פאָדערונג נאָר מיטן צוועק צו אָרגאַניזירן די אימיגראַציע און די קאָלאָניזאַציע־אַרבעט פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און פון יעדן אַנדערן פּראָלעטאַריאַט, מיט דער שטיצע און סאָלידאַרער הילף פון דעם פּראָלעטאַרישן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און אין זייער שאַרפן קאַמף מיט דער יידישער אַלוועלטלעכער בורזשואַזיע, אויף וויפל אַזאַ אַרבעט איז בכלל מעגלעך פאַרן פּראָלעטאַריאַט אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. ווען ארץ־ישראל וועט אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע ווערן אַ סאָוויעטישע מדינה, וועט צושטיין צו דער פעדעראַציע פון אַנדערע סאָוויעטישע מדינות, וועט די פראַגע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע פון דעם דאָזיקן לאַנד ווערן אַ טייל פון דער אַלגעמיינער פראַגע פון פּראָדוקטיוויזאַציע פון די יידישע מאַסן און זייער באַטייליקונג אין דעם סאָציאַלן אויפבוי פון אַ פרייער מענטשלעכער אַרבעטנדיקער געזעלשאַפט — אונדזערע דאָזיקע מיינונגען האָבן קיין שום שייכות ניט צום געדאַנק פון אַ יידישער מדינה און ספּעציעל פון אַ בירגערלעכער מדינה...״ (אונטערגעשטראָכן דורך מיר — ב.).

איך האָב דאָ ניט בדעה צו באַשולדיקן די חברים פון אָ. ב., אַז זיי האָבן באמת דאַן אַזוי געטראַכט, ווי עס האָט גערעדט זייער פאָרשטייער אויפן קאָנגרעס. אָבער אין משך פון דער צייט האָבן די חברים פון אָ. ב. אָנגענומען די דאָזיקע תורה ווי אַן אמתע פועלי־ציוניסטישע תורה. ווען מיר זענען זיך צונויפגעקומען אויף דער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ, זענען די ענינים דערגאַנגען שוין אַזוי ווייט, אַז מיר זענען געצווונגען געווען אויסצושליסן פון דער קאָנפערענץ דעם פאָרשטייער פון דער ארץ־ישראל־פּאַרטיי, מאירסאָנען, וועלכער האָט אויפגענומען די מיינונגען פון אָ. ב. ערנסט. די איבעריקע חברים פון אָ. ב. האָבן זיך, ווייזט אויס, אַ ביסל דערשראָקן און זיך צוגעפּאַסט אויף דער קאָנפערענץ צו אונדזערע מיינונגען, און די אויבן דערמאָנטע רעזאָלוציע איז געווען ווי אַ פשרה צווישן זיי און אונדז. אָבער אין פאַרבאַנדס־ביוראָ זענען אַריין צוויי פאָרשטייער פון אָ. ב. און די דאָזיקע תורה פון אָ. ב. האָט געפונען אין זיי אירע פאַרטיידיקער. דאָס זענען געווען די חברים פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי און פון דער י. ק. פּ. אין רוסלאַנד, און די ביידע פּאַרטייען האָבן מיט אַ מערהייט אָנגענומען רעזאָלוציעס, וואָס זענען געווען אין אַ סתירה צו דער ליניע פון פאַרבאַנדס־ביוראָ. די דאָזיקע קעגנזאַצן זענען געקומען צום אויסדרוק ערשט דאַן, ווען מיר זענען צוגעטראָטן צו רעאַליזירן די רעזאָלוציע פון דער פינפטער קאָנפערענץ וועגן אָנשלוס אין קאָמאינטערן.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מיר, די מערהייט אין פאַרבאַנדס־ביוראָ, זענען ניט געווען צופרידן ניט פון דער רעדע און ניט פון דער טאַקטיק פון

דעם פאַרשטייער פון אָ. ב. אויפן צווייטן קאָנגרעס, האָבן מיר פון דעסטוועגן פאַרשטאַנען, אַז עס איז בעסער אין משא־ומתן מיטן קאָמאינטערן ניט אָנצוהייבן פון דאָס ניי, נאָר, אַזוי צו זאָגן, ממשיך זיין דעם משא־ומתן, וואָס עס האָט אָנגעהויבן מיכאל קאָהן. דעריבער האָבן מיר אין חודש מערץ 1921, נאָך דעם ווי עס איז קלאָר געוואָרן, וועלכע פּאַרטייען עס גייען מיט אונדז, געשיקט אַ בריוו אין קאָמאינטערן וועגן אונדזער אָנשלוס. דאָס איז געווען דער טעקסט פון דעם בריוו:

„טייערע חברים! דאָס ביוראָ פון וועלט־פאַרבאַנד פון די יידישע אַרבעטער האָט אויף זיין פינפטער קאָנפערענץ אין יולי־אויגוסט 1920 אָנגענומען דאָס פּראָגראַם און די טאַקטיק פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ האָט אויף זיין זיצונג פון 6טן יאַנואַר 1921 באַשלאָסן זיך אָנצושליסן אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און אָנצונעמען די 21 באַדינגונגען, וואָס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן דורכן צווייטן קאָנגרעס פאַר די פּאַרטייען, וואָס שליסן זיך אָן אין קאָמאינטערן. דער דאָזיקער באַשלוס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו באַשטעטיקונג פון אַלע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס געהערן צום פאַרבאַנד: צו די צענטראַל־און הויפּט־קאָמיטעטן אין רוסלאַנד, פּוילן, ליטע, לעטלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, עסטרייך, ענגלאַנד, שווייץ, בעלגיע, האָלאַנד, בוקאָווינע, רומעניע, אַמעריקע, דרום־אַפריקע, עגיפּטן, בראַזיל און ארץ־ישראל.

דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ האָט באַקומען די געפאָדערטע באַשטעטיקונגען און כדי ענדגילטיק דורכצופירן דעם אָנשלוס פון פאַרבאַנד אין קאָמוניסטישן אינ־טערנאַציאָנאַל, וועלן מיר אין די נאָענטסטע טעג שיקן אַ באַפולמעכטיקטע, ספּעציעלע דעלעגאַציע אין דעם צוזאַמענשטעל פון סערפּאָוו און ניר".

נאָכן אָוועקשיקן דעם דאָזיקן בריוו האָבן מיר צוגעגרייט אַ גאַנץ דעטאַ־ליזירטן מעמאָראַנדום וועגן דער לאַגע פון די יידן און וועגן אונדזער פּראָגראַם, און אים אָוועקגעשיקט צום קאָמאינטערן מיט אַ באַגלייט־בריוו פון 20סטן אַפּריל 1921.

אין באַגלייט־בריוו האָבן מיר געשריבן:

„חשובע חברים!

ווי אַ פאָרזעצונג פון דעם משא־ומתן פון אָ. ב. פון די לינקע „פּועלי־ציון" מיטן סעקרעטאַריאַט פון מערב־אייראָפּע און מיט דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל פון פאַר אַ יאָרן, זענען מיר מודיע דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פאָלגנדיקס:

אויף אונדזער פינפטער קאָנפערענץ (יולי־אויגוסט) אין ווין איז באַשלאָסן געוואָרן נאָך אַ שווערן קאַמף, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער שפּאַלטונג

פון פאַרבאַנד און מיט דעם אַרויסטריט פון די רעכטע און צענטריסטישע עלעמענטן, וועגן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנשלוס אין קאָמוניסטישן אינטער־נאַציאָנאַל.

נאָך דעם, ווי דער פאָרשטייער פון אָ. ב. איז צוריקגעקומען פון מאָסקווע און ווי מיר האָבן אויסגעהערט זיין באַריכט וועגן צווייטן קאָנגרעס פון קאָמו־ניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָבן מיר באַשלאָסן אָנצונעמען די תקנות און די אויפנאַם־באַדינגונגען פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. אונדזערע פאַרטייען האָבן באַשטעטיקט אונדזער באַשלוס דורך אַ רעפערענדום פון זייערע צענטראַל־קאָמיטעטן.

אַנטשפּרעכנדיק די דאָזיקע באַשלוסן, זענען מיר דערמיט מודיע דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל וועגן אונדזער אָרגאַ־ניזאַציאָנעלן אָנשלוס צום קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און שלאָגן אייך פאָר אויפצונעמען אונדז ווי אַ מיטגליד פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל (די יידישע סעקציע) און געבן אונדז אַ פאָרשטייערשאַפט אויף די קאָנגרעסן און אין דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.

כדי צו באַגרינדן אונדזער פאָרשלאָג, דערלויבן מיר זיך דורך דעם ביי־געלייגטן מעמאָראַנדום אויפצוקלערן דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און דער אַלגע־מיינער קאָמוניסטישער געזעלשאַפטלעכקייט דעם איצטיקן אינערלעכן מצב און די אויסערלעכע קאַמף־באַדינגונגען פון אונדזער פאַרבאַנד און די אידעי־אָלאָגישע פּרינציפּן, וואָס אויף זיי באַזירט זיך אונדזער פאַרבאַנד.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט דערלויבן מיר זיך אויך פאָרצושלאָגן קאָנ־קרעטע פאָרשלאַגן וועגן די פאָרמען, וואָס זענען אונדז אויס נוצלעך פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנשלוס.

מיר בעטן דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, אויף אַ ספּעציעלן אופן צו באַ־האַנדלען אונדזערע פאָרשלאַגן.

מיר באַפולמעכטיקן אונדזער דעלעגאַציע צום דריטן קאָנגרעס: די חברים נאַגלער, ניר און סערפּאָוו צו באַגרינדן אונדזערע פאָרשלאַגן פאַר דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט מינדלעך און מיר בעטן אויסצוהערן אונדזערע חברים, ווען עס וועלן באַהאַנדלט ווערן די דאָזיקע פראַגן".

איך האָב ניט בדעה אַריינצוגיין אין אַן אַנאַליז פון דעם דאָזיקן מעמאָ־ראַנדום. עס איז בלויז געווען צו זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ מין פּשרה צווישן די „פּועלי־ציון", וואָס האָבן באַשלאָסן זיך אָנצושליסן אין קאָמאינטערן, אַרויס־גייענדיק פון זייער שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג פון יידישן אַרבעטער און די יידישע קאָמוניסטן (אָ. ב.), וואָס האָבן באַשלאָסן צו ברענגען די גאַנצע באַוועגונג צום קאָמאינטערן, אָן דעם פּועלי־ציוניזם. דער

דאַזיקער מעמאָראַנדום באַמיט זיך ניט אויפצוקלערן פאַרן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט דעם היסטאָרישן צוזאַמענבונד צווישן פאָלק און לאַנד, ער באַגנוגנט זיך מיט דער פעסטשטעלונג פון דעם פאַקט, אַז עס איז דאָ די טענדענץ אין די וואַנדערונגען צו קאָנצענטרירן זיך אין ארץ־ישראל. דער מעמאָראַנדום וויל מאַכן ארץ־ישראל פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע צענטערן פון אימיגראַציע, אָבער איז בעצם מוותר אויף דער פאָליטישער זעלבשטענדיקייט פון דער גאַנצער באַוועגונג. אמת איז, אַז דער אָרגאַניזאַציע־פּראָבלעם ווי אַנצושליסן דעם צווישנטעריטאָריאַלן פאַרבאַנד פון „פועלי־ציון" צו דער אָרגאַניזאַציע פון אינטערנאַציאָנאַלן קאָמאינטערן איז געווען אַ שווערער און עס איז ניט געווען לייכט אים צו לייזן דאַן און אויך ניט איצט. מיר האָבן פאָרגעשלאָגן אונדזער פּלאַן און דורך דעם האָבן מיר כמעט פאָרויס מודיע געווען, אַז מיר זענען גרייט צו אַנערקענען, אַז אַלע פּאָליטישע ענינים פאָלגן מיר דער אָרטיקער קאָמוניסטישער לאַנדעס־פּאַרטיי, און אַז נאָר אין אַלץ, וואָס איז נוגע דער יידישער פראַגע, ווערט די אַרבעט געמאַכט לויט אונדזערע אַנשויונגען. דאָס איז בעצם דער געדאַנק, וואָס אַ סך חברים אין דער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי (מפ"ם), האָבן שטאַרק געהאַלטן פון אים אין די יאָרן 1951—1954, דאָס איז דער געדאַנק, אַז נאָר אין די יידישע ענינים זענען מיר זעלבשטענדיק, און אין אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן זאָגן מיר לכתחילה „נעשה ונשמע". דאָס איז דער געדאַנק, וועלכער האָט אין יאָר 1954 געבראַכט דערצו, אַז מיר פועלי־ציון און אחדות העבודה, זענען אַרויסגעטראָטן פון מפ"ם און האָבן געבילדעט די זעלבשטענדיקע פּאַרטיי. פון יענער צייט אָן, ווען מיר האָבן דערלאַנגט אונדזער מעמאָראַנדום דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט זענען שוין אַריבער כמעט פערציק יאָר, און מען האָט געקענט האָפן, אַז די יידישע אַרבעטער וועלן זיך אַ ביסל אויסניכטערן, און וועלן איצט, נאָך פערציק יאָר, ניט אָננעמען אונדזער דעמאָלטדיקע תורה אָן שום קריטיק. עס איז אָבער דאָ אַ גרויסער אונטערשייד צווישן אונדזער לאַגע דאַן און דער לאַגע איצט. דאַן זענען אונדזערע פּאַרטייען געווען כמעט אַלע אין חוץ לארץ, אונדזער גאַנצער כוח איז געווען אויסער די ראַמען פון איין לאַנד, איצט איז אונדזער כוח דווקא אין איין לאַנד און דאָס לאַנד איז ישראל. דערצו דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געווען תיכף ומיד נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. מיר אַלע זענען געווען פאַרבלענדט דורך די קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס האָבן זיך דאַן אַנטפּלעקט פאַר אונדז. אויב, דעריבער, מען האָט נאָך געקענט אונדז פאַרשטיין דאַן מיט פערציק יאָר צוריק, ווען מיר זענען דאָך געווען אַ קליינע מינדערהייט אין יעדן לאַנד און עס איז אונדז כמעט אוממעגלעך געווען צו פירן אין יעדן לאַנד אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטיק, איז

אַבער שווער און כמעט אוממעגלעך צו פאַרשטיין די דאָזיקע חברים פון מפ״ם, אין דער צייט, ווען די פאַרטיי האָט געדאַרפט נעמען אויף זיך די אחריות פאַר דער גאַנצער פאָליטיק פון דער מדינה, בעת יעדע אינטערנאַציאָנאַלע דער־שיינונג מוז אַזוי אָדער אַנדערש ווירקן אויף אונדזער פאָליטישער לאַגע. און נאָך מער ווונדערלעך איז, וואָס מיר האָבן געהאַט שכל מיט פערציק יאָר צוריק נאָך אַ פּאָר חדשים זיך אָפּצוזאָגן פון דעם דאָזיקן געפערלעכן געדאַנק, און מפ״ם מיט פינף און דרייסיק יאָר שפּעטער האָט דערלאָזט צו דער שפּאַלטונג אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן געדאַנק.

עס איז שווער צו זאָגן, וואָס עס וואָלט געווען, ווען דער קאָמאינטערן וואָלט אָנגענומען אונדזערע דעמאָלטדיקע פאָרשלאָגן. יעדנפאַלס, מיר, די מער־הייט אין פאַרבאַנד, זענען געווען זיכער אין אונדזער ציוניזם, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס עס איז געווען געשריבן אין דעם מעמאָראַנדום. מיר זענען געווען זיכער, אַז אויב עס וועט אונדז נאָר געלינגען דורכצופירן אונדזערע פאָרשלאָגן אין קאָמאינטערן, וועלן מיר הערשן אין די יידישע סעקציעס און מיר וועלן ריכטן די אַרבעט אין זיי לויט אונדזער ווילן און לויט אונדזערע אָנשויונגען.

אָבער אויך דער דאָזיקער מעמאָראַנדום איז ניט געווען גענוג ליקווי־דאַטאָריש פאַר אונדזערע ליקווידאַטאָרן. די חברים פון אָ. ב., וואָס זייער באַזע איז געווען די עסטרייכישע פאַרטיי, האָבן זיך דורך דער דאָזיקער פאַרטיי געשאַפן אַ באַזונדערן פּראָגראַם פאַרן אָנשלוס. אין דער אמתן איז ניט געווען קיין עסטרייכישע פאַרטיי, עס האָט בלויז עקזיסטירט אַ פאַרטיי אין דער שטאָט ווין, און אַחוץ דער שטאָט האָבן מיר ניט געהאַט קיין איין איינציקן חבר אין עסטרייך. די דאָזיקע „עסטרייכישע״ פאַרטיי האָט בסך־הכל אפשר געציילט הונדערט חברים, און זי האָט עס באַשטימט די פאָליטישע ליניע פאַר אַלע מיט־גלידער פון אָ. ב. געהאָלפן דערצו האָט נאָך דער חבר אַלעקסאַנדער (כאשין) — דער פאָרשטייער פון דער י. ק. פּ. אין רוסלאַנד. די דאָזיקע פאַרטיי האָט זיך געשאַפן אַן אייגענעם פּראָגראַם, כדי אים פאָרצושלאָגן דעם קאָמאינטערן. דאָ ברענג איך דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן פּראָגראַם:

„1. אויפקלערונגס־אַרבעט פאַרן קאָמוניזם צווישן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

2. די אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער איינוואַנדערונג אין אַלע לענדער, וווהין זי גייט.

3. אַ פאַרבאַנד פון יידישע סעקציעס ביי די קאָמוניסטישע פאַרטייען וועט שטיצן דעם קלאַסן־קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין אַלע לענדער, ספּעציעל אין די לענדער, וואָס אַהין שטראָמט די יידישע וואַנדערונג״.

עס איז זייער שווער צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער

דאָזיקער פּראָגראַם געהאַט מיטן פּועלי־ציוניזם, פון וועלכן ס'איז אפשר פאַרבליבן בלויז דער פּונקט וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער „וואַנדערונג וווהין זי גייט". קלאָר איז, אַז פאַר די ליקווידאַטאָרן איז געווען זייער לייכט זיך אָפּצוזאָגן אַפילו פון דעם פּונקט.

אונדזער דעלעגאַציע אין מאָסקווע האָט געהאַט נאָך איין אויפגאַבע, אַחוץ דער פראַגע פון אָנשלוס אין קאָמאינטערן. ווי איך האָב שוין אויבן דער־מאָנט, זענען אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד געווען צוויי פּאַרטייען, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט אונדזער פאַרבאַנד: י. ק. פּ. („פּועלי־ציון") און י. ס. ד. („פּועלי־ציון"). מיר האָבן געדאַרפט אָדער פאַראייניקןביידע פּאַרטייען אָדער באַשליסן, וועלכע פון זיי ביידע וועט בלייבן פאַרבונדן מיטן פאַרבאַנד, און וועלכע פון די ביידע מען וועט דאַרפן אויסשליסן.

לויטן באַשלוס פון פאַרבאַנדס־ביוראָ זענען צו דער דעלעגאַציע צוגע־קומען פאָרשטייער פון אַ פּאָר פּאַרטייען, וועלכע האָבן געהאַט דאָס רעכט צו שיקן זייערע פאָרשטייער אין דער דעלעגאַציע מיט באַראַטונגס־רעכט.

מיטן דאָזיקן רעכט האָבן זיך קודם־כל באַנוצט די ליקווידאַטאָרישע פּאַרטייען, ווי די טשעכישע און די ארץ־ישראלדיקע. דער פאָרשטייער פון דער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי האָט געהאַט נאָך אַ ספּעציעלן מאַנדאַט, וועגן וועלכן מיר האָבן זיך דערוווּסט ערשט שפּעטער. אָפיציעל איז ניט באַשטימט געוואָרן קיין פאָרזיצער פון דער דעלעגאַציע, אָבער איך, ווי דער סעקרעטאַר פון דעם פאַרבאַנדס־ביוראָ, בין כמעט אויטאָמאַטיש געוואָרן דער פאָרזיצער. דער צונויפשטעל פון דער דעלעגאַציע איז צום סוף געווען אַזאַ: מיר דריי, נאַגלער, סערפאַוו און איך — מיטגלידער מיט שטים־רעכט, דער חבר פאַלק פון דער טשעכישער פּאַרטיי, דער חבר יאשא ריזשיק, פון דער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי — זיי ביידע מיט באַראַטונגס־רעכט. אַזוי אַרום איז די מערהייט אין דער דעלעגאַציע געווען אַ ליקווידאַטאָרישע אויף הונדערט פּראָצענט, הגם סערפאַוו איז אָפט געגאַנגען מיט מיר. אין מאָסקווע איז ער אַלע מאָל געווען מיט די ליקווידאַטאָרן, אָבער ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ווין, איז ער געווען מיט אונדז קעגן די ליקווידאַטאָרן. צו דער דעלעגאַציע איז אויך צוגעלאָזן געוואָרן מיט באַראַטונגס־רעכט אַ פאָרשטייער פון אונדזער באָראָכאָוויסטישער יוגנט אין פּוילן. ער האָט געדאַרפט זיך באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ פון דער קאָמוניסטישער יוגנט. דאָס איז געווען לכתחילה דער חבר לאַמפּע.

איידער איך וועל אַריבערגיין צו אונדזער נסיעה גופא, וויל איך זיך אַ ביסל אָפּשטעלן אויף דער אַטמאָספער אין דער פּאַרטיי אין ווין. די פּאַרטיי איז געווען קליין, אָבער עס זענען דאָרט געווען אַ פּאָר וויכטיקע און אַקטיווע חברים, און די פּאַרטיי האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָנזען צווישן די יידישע

אַרבעטער אין ווין. זי האָט געהאַט אַ סך אַנשטאַלטן, ספּעציעל אַ גרויסן קאָנסום־פאַראיין אין דער בלומאַער גאַסע, דאָרט האָט זיך אויך געפונען דער קלוב פון דער פּאַרטיי, און אַזוי ווי ווין איז געווען דער דורכגאַנג־פּונקט פאַר די אַלע, וואָס זענען געפאָרן קיין ארץ־ישראל און אין אַנדערע ערטער, האָט מען ביי אונדז אין קלוב געקענט אַלע מאָל טרעפן פאַרשיידענע מענטשן פון אַלערליי לענדער. אונדזער ביוראָ איז געווען אין דער גלאָקען־גאַסע, אין יידישן קוואַרטאַל, אין דעם צווייטן באַצירק, און אין דעם באַצירק האָט זיך דעריבער אויסגעדוכט, אַז מיר, פּועלי־ציון, זענען דער וויכטיקסטער עלעמענט צווישן יידן אין ווין. אָבער דעם אמת זאָגנדיק, האָט די פּאַרטיי קיין סך ניט אויפגעטאָן, ווייל זי איז געווען די גאַנצע צייט באַשעפטיקט מיט דיסקוסיעס וועגן וועלט־פּראָבלעמען. סערפּאָוו איז געווען דער פּאָרזיצער פון דער פּאַרטיי (אָבמאַן). ניט איין מאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז די פּאַרטיי טוט גאָרניט. אָבער אַז מיר זענען אַ מאָל געווען אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, ווו דער חבר קאַנדל האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט, האָט מיר סערפּאָוו געזאָגט: אַז מען הערט קאַנדלען, קומט אויס אַז מיר האָבן פון דעסטוועגן אַ סך אויפגעטאָן. אין דער בלומאַער גאַסע לעבן קלוב איז געווען אַן אַרבעטער־קיך, ווו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די אַרבעטער, וואָס זענען דורכגעפאָרן ווין. אָבער פון דעסטוועגן האָב איך ניט געהאַט דעם איינדרוק אַז איך זיץ צווישן מיין פאָלק, צווישן יידן, אַזוי ווי כ'האָב זיך געהאַט געפילט אין פּוילן. מיר האָט זיך די גאַנצע צייט אויסגעדוכט, אַז איך בין דאָ בלויז אויף דערווייל, פיל אויס עפּעס אַ צייטווייליקע אַרבעט, אָבער אַז ניט דאָ איז מיין אָרט.

## די רייזע קיין מאָסקווע

ווען מיר זענען אַרויסגעפאָרן, איז מיין שטימונג ניט געווען קיין געהויבענע. איך האָב זיך געפילט אין דער סביבה פון ליקווידאַטאָרן און האָב ניט געלייגט קיין גרויסע האָפענונגען אויף אונדזער נסיעה. מיר זענען געפאָרן מיט סערפּאָוון איבער בערלין, און דאָ האָב איך איבערגעלאָזן מיין פּוילישן פּאַס ביי די חברים, און אין דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט האָב איך באַקומען אַ פאַלשן פּאַס. לויטן פּאַס האָב איך געהייסן „טשיף". סערפּאָוו, ווי אַן עסטרייכישער בירגער, איז געפאָרן אויף זיין אמתן עסטרייכישן פּאַס. מיר זענען געפאָרן פון בערלין מיט דער באַן ביז שטעטין, און פון דאָרט מיט אַ שיף קיין רעוועל (עסטאָניע). אין רעוועל האָב איך אין דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט געטראָפן אַ באַקאַנטע, וואָס האָט מיך ניט דערקענט און אפשר האָט זי מיך ניט געוואָלט דערקענען. דאָס איז געווען די ערשטע פרוי פון לאַצקי־

בערטאָלדי. (דער נאָמען „בערטאָלדי״ שטאַמט טאַקע פון דעם נאָמען פון זיין ערשטער פרוי — בערטא). שוין אין יאָר 1918 האָט זיך די פרוי געגט מיט לאַצקין און חתונה געהאַט מיט אַ חבר פון צ. ק. פון די פּאַראייניקטע — מאַגידאָוויטש. דאָ אין רעוועל האָב איך זי געטראָפן שוין ווי די פרוי פון דעם סאָוויעטישן אַמבאַסאַדאָר, אַ רוס.

דריי ביי נאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין פּעטראָגראַד. די נעכט זענען נאָך געווען די „ווייסע״. איך האָב ניט געקענט צומאַכן אַן אויג אַ גאַנצע נאַכט. די ווייסע נעכט האָבן מיר דערמאָנט מיינע ערשטע טעג אין דער שטאָט, וואָס כ׳האָב אַזוי ליב געהאַט. איך בין געשטאַנען ביים פענצטער פון באַן־וואַגאָן, ווי מיט פופצן יאָר צוריק, ווען איך בין צום ערשטן מאָל געפאָרן קיין פּעטער־בורג. דאַן האָב איך געטראַכט: וואָס דערוואַרט מיר אין דער דאָזיקער שטאָט. דאָס מאָל האָב איך געטראַכט, וואָס וועל איך איצט געפינען אין דער שטאָט, ווי האָט זיך די שטאָט געענדערט אין משך פון די צוויי און אַ האַלב יאָר, זינט איך האָב זי פאַרלאָזן. מען האָט אונדז געבראַכט אין האָטעל „אַסטאָריאַ״, וואָס געפינט זיך אויפן פּלאַץ פון רייכס־ראַט, ווו עס איז געשטאַנען דער באַרימטער ביוסט פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, אָפּגעהיט פון זיינע אַלטע זעלנער, אַנטקעגן דעם איסאַקיעווסקן סאָבאָר. מען האָט אונדז געמאָלדן, אַז מאָרגן פינף פאַר נאַכט דאַרפן מיר פאָרן קיין מאָסקווע. ביי נאַכט האָב איך, נאַטירלעך, ניט באַוויזן גאָרניט צו זען. אויף מאָרגן אין דער פרי איז די עלעקטרישע גאַסן־באַן ניט געגאַנגען צוליב סיבות, וואָס איך האָב ניט געקענט דערגיין. האָב איך געהאַט אַ פּאָר שעה צו שפּאַצירן איבער דער שטאָט צו פוס. בין איך אַרויס אין דער פרי און בין קודם־כל אַוועק אין פראָפעסיאָנעל׳ן פּאַראיין פון די לעדער־אַרבעטער, דאָס איז געווען ניט אַזוי ווייט פון האָטעל. איך האָב זיך דאָרט אַרומגעדרייט אַ היפּשע צייט, ביז איך האָב ענדלעך געטראָפן אַ באַקאַנטן. איצט איז דער באַקאַנטער געווען דער סעקרעטאַר פון דעם פּאַראיין, עליאַזאַרא האָט ער געהייסן. מיט דריי יאָר פריער איז ער געווען איינער פון אונדזערע „קאָנטראַליאָרן״, אייגנטלעך אַ פרעמדער מענטש פאַר דער אַר־בעטער־באַוועגונג. אַגב, האָבן מיר אים חושד געווען, אַז ער נעמט כאַבאַר. איצט איז ער געווען דער סעקרעטאַר פון פּאַראיין. עס איז מיר שטאַרק קאַלאַמוטנע געוואָרן אויפן האַרצן. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי אים וועגן אַ פּאָר חברים. האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער איז דערהרגעט געוואָרן אין בירגער־קריג. דער אַנדערער איז פאַרפאַלן געוואָרן און מען ווייסט ניט, ווו ער איז אַהינגעקומען, נאָך אַן אַנדערן האָט מען אַריבערגעפירט קיין אוראַל... בקיצור, ניט געווען קיין איין איינציקער פון מיינע חברים אין „ראַזקאָוש״ און אין פּאַראיין.

אין אַ זייער געדריקטער שטימונג בין איך מיר לאַנגזאַם געגאַנגען מיטן

ניעווסקי פּראָספּעקט (פּראָספּעקט פון 25סטן אָקטאָבער) ביז דער פאָנטאַנקע. די אייזערנע פּאַרענטשעס אויף דעם פּראָספּעקט פון דער מאיקא און פאָנטאַנקע זענען געווען צעבראָכן. פון די אַלטע שילדן וואָס איך האָב גוט געדענקט פון מיט יאָרן צוריק, ווען זיי האָבן אַזוי געגלאַנצט, זענען בלויז צעבראָכענע שטיקער געהאַנגען איבער די הייזער, אין די הייזער גופא זענען כמעט אַלע שויבן געווען אויסגעבראָכן. דער ניעווסקי פּראָספּעקט, די שענסטע גאַס אין שטאָט — שמוציק, פול מיט שאָלעכצן פון קערעלעך. איך גיי זיך אַזוי לאַנגזאַם און קוק אויף אַלע זייטן: פאַרמאַכטע קראָמען, די שויפענצטער אומעטום צעבראָכן, מענטשן אויפן גאַס זייער ווייניק... איך בין דערגאַנגען ביז צום „גאָסטיני דוואָר" — אַלץ פאַרשלאָסן פון אַלע זייטן. דורכן אייזערנעם פּאַרקאַן זע איך אַז דער הויף איז פול פאַרוואַקסן מיט גראָזן. איך בין דערגאַנגען ביז „אַפּראַקסין רינאָק" — דאָס זעלבע בילד: פאַרשלאָסן און ווילדע גראָזן אַרום. אין האַלדז איז מיר ווי שטיין געבליבן אַ געשריי פון צער און אַנטוישונג, עס האָט זיך מיר שוין ניט געוואָלט קוקן ווייטער. פון ניעווסקי פּראָיעקט בין איך אַרויס אויף דעם ליטייני־פּראָספּעקט, און פון דאָרט צו דער באַסיינאַ גאַס און באַסקאָוו פּערעוולאָק, וווּ איך האָב געווווינט איידער כ'האָב פאַרלאָזט פּעטראָ־גראַד. דאָרט האָב איך איבערגעלאָזט מיין גאַנץ אייגנטום, די גאַנצע מעבל. אויפן טויער פון דעם דאָזיקן הויז, נומער 25, אַ הויז פון דריי שטאָק, האָב איך געזען אַ גרויסן שלאָס: אין גאַנצן הויז איז ניט געבליבן קיין לעבעדי־קער נפש.

איך בין געווען פיזיש פאַרמאַטערט און גייסטיק צעבראָכן. מיט גרויסער מי בין איך דערגאַנגען צוריק צו מיין האָטעל. פינף פאַר נאַכט זענען מיר געפאָרן קיין מאָסקווע. איך בין אַריין אין קופּע פון אינטערנאַציאָנאַלן באַן, כ'האָב זיך אַנידערגעזעצט און ניט געקענט אויסריידן קיין וואָרט. סערפּאָוו איז ניט געווען געוווינט מיך צו זען אין אַזאַ מצב, אַז ער האָט מיך געפרעגט, וואָס איז מיט מיר, האָב איך אים ניט געקענט דערקלערן, וואָס עס איז. איך האָב אים נאָר געזאָגט, אַז איך קום צוריק פון אַ בית־הקברות... באמת האָב איך אַזוי געפילט, אַזוי ווי איך וואָלט שפּאַצירט איבער אַ בית־עולם און בין פאַרביי מצבות אָן אַ סוף, מצבות פון קרובים און באַקאַנטע...

איכה ישבה בדד העיר רבתי עם! אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך תמיד געזוכט אין די צייטונגען ידיעות וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. אין פּעטראָגראַד פאַר דער וועלט־מלחמה איז געווען אַ באַפעלקערונג פון בערך אַ צוויי מיליאָן מענטשן. און אין יאָר 1920 איז די באַפעלקערונג באַשטאַנען פון 720 טויזנט, אָבער שוין אין יאָר 1924 איז זי דערגאַנגען ביז אַ מיליאָן 775 טויזנט, און אין יאָר 1929 ביז דריי מיליאָן. אין דעם יאָר איז לענינגראַד

געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע צענטערס פון דער פּראָדוקציע פון פּראָ־דוקציע־מיטלען: עס איז דאָרט אויסגעאַרבעט געוואָרן 34% פון דער גאַנצער פּראָדוקציע פון פּראָדוקציע־מיטלען אין גאַנצן סאָוויעטן־פאַרבאַנד. אמת איז, אַז אין די צייטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אַ העלפט פון דער שטאָט חרוב געוואָרן, איך בין זיכער, אַז זי איז שוין לאַנג צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן.

אין דער פרי זענען מיר אָנגעקומען קיין מאָסקווע און צוזאַמען מיט אַנדערע דעלעגאַטן האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין האָטעל „אינטערנאַציאָנאַל". מיר האָבן תיכף מודיע געווען די צענטראַל־קאָמיטעטן פון אונדזערעביידע פאַרטייען און פון ערשטן טאָג אָן האָבן זיך אָנגעהויבן די שמועסן מיט די חברים, ווי אויך מיט די פאָרשטייער פון פאַרשיידענע פאַרטייען, וואָס זענען געקומען צום דריטן קאָנגרעס.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז מיינע זכרונות וועגן די אָפּטע באַגעגענישן מיט פאַרשיידענע מענטשן און חברים זענען זייער מטושטשע. עס איז מיר פאַרבליבן אין זיכרון איין פּראַזע, וועלכע איך האָב געהערט פון מויל פון בעלאַ קון. ווען מיר זענען זאַלבעדריט: נאַגלער, סערפּאָוו און איך געזעסן מיט אים. ער האָט אונדז דאַן געזאָגט אין דייטש: „מיר זענען דאָך פיר יידן צווישן זיך און אַליין, מיר קענען דאָך רעדן אָפענע רייד, איז וואָס אייגנטלעך ווילט איר?" מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך זיך אַ מאָל געטראָפן אין אַן אויטאָ אויפן וועג קיין ירושלים מיט מיינעם אַ באַקאַנטן, אַן אונגאַרישן יידן. דער ייד, שוין אַלט, איז געווען צווישן די געפאַנגענע אונגאַרישע סאָלדאַטן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אין רוסלאַנד. ער האָט אַ סך דערציילט וועגן יענע צייטן און איך האָב ניט קיין גרונט אים ניט צו גלייבן. ער האָט דערציילט וועגן אַ פּאָר באַוווסטע קאָמוניסטן אין אונגאַרן, צווישן זיי וועגן וואַרגאַ, דעם באַרימטן עקאָנאָמיסט, און אויך וועגן בעלאַ קונען. ער איז געווען אין דעם געפאַנגענען־לאַגער אין דער שטאָט אייסק אין קובאַן. אין דעם געפאַנגענען־לאַגער האָבן זיך געפונען אַן ערך אַכט טויזנט מאַן. אַ מאָל, אין יאָר 1918, איז געקומען צו זיי אַ דעלעגאַציע פון דער צענטראַלער מאַכט און ס׳איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען בערך אַ 1200 מאַן. אין דער דעלעגאַציע פון דער מאַכט איז געווען טראָצקי און איינע אַ פרוי. די פרוי איז געווען אַ יידישקע און געהייסן האָט זי מאַרוסיאַ. דאָס איז געווען די פרוי פון בעלאַ קון. נאָך דער מאַסן־פאַרזאַמלונג האָט זי צונויפגענומען אַלע יידן, וואָס האָבן אין איר אָנטייל גענומען, בערך אַ 400 מאַן. זי האָט גערעדט פאַר די יידן און האָט זיי געזאָגט אומגעפער אָט וואָס: מיר, יידן, האָבן אונדזערע אויפגאַבן. איך בין אַ חברטע אין „פּועלי־ציון", און איך האַלט, אַז יעדעס פאָלק דאַרף זאָרגן פאַר זיך, קודם־כל דאַרף מען זאָרגן פאַר דער נאַציאָנאַלער באַ־

פרייונג און נאָך דעם זאָרגן פאַרן קאָמוניזם אין דער אייגענער היים. אויך מיר יידן דאַרפן זאָרגן פאַר אונדזער היימלאַנד, ארץ־ישראל, אָבער דאָ דאַרפן מיר העלפן אונדזערע חברים קאָמוניסטן אין רוסלאַנד אין זייער מלחמה. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָב איך זיך דערמאָנט, אַז לענאַ לויפער, אין איר בוך וועגן 11 יאָר אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין ראַטן־פאַרבאַנד, דערמאָנט די פרוי פון בעלאַ קון, וועלכע זי האָט געטראָפן אין דעם דאָזיקן לאַגער.

מיר האָבן דערלאַנגט אונדזער מעמאָראַנדום דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און געבעטן צו דערליידיקן אונדזער ענין נאָך פאַר דער דערעפענונג פון קאָנגרעס. ביז דער דערעפענונג איז נאָך פאַרבליבן אַ סך צייט. דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט באַפולמעכטיקט קאַרל ראַדעקן צו באַקענען זיך מיט אונדזער מעמאָראַנדום און איבערגעבן אים אַ באַריכט, אויף וויפל עס איז מעגלעך, נאָך פאַרן קאָנגרעס. דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט אונדז צוגעזאָגט איינצולאַדן אונדזער דעלעגאַציע צו דער זיצונג, ווען ער וועט באַהאַנדלען אונדזער פראַגע, כדי מיר זאָלן קענען פאַרטיידיקן אונדזערע פאָרשלאַגן. די צייט, וואָס איז אונדז פאַרבליבן, האָבן מיר אויסגענוצט אויף אַריינצוגיין אין אונטערהאַנדלונגען מיט די פאָרשטייער פון פאַרשיידענע פאַרטייען, אָבער אַ גרויסער טייל פון זיי האָט בכלל ניט געוווּסט, וואָס איז עס אַזוינס פועלי־ציון, אַ צווייטער טייל האָט געקענט די רעכטע פועלי־ציון, און אַ דריטער טייל, ווי, למשל, די פוילישע פאַרטיי, האָט אונדז גוט געקענט, אָבער אַ דאַנק די יעווסעקצעס אין איר האָט זי געקעמפט קעגן אונדז מיט אַלע מעגלעכקייטן. פון דעסטוועגן איז אונדז געלונגען צו דערווערבן סימפּאַטיעס מצד אַ פּאָר פאַרטייען. אַזוי, למשל, האָט די דייטשע דעלעגאַציע צוגעזאָגט אונדז צו שטיצן, דער פירער פון דער ענגלישער דעלעגאַציע — טאָמאַס בעל, ווי אויך דער פאָרשטייער פון דער עסטרייכישער פאַרטיי האָבן אונדז צוגעזאָגט צו שטיצן אין אַלע אונדזערע פאָרשלאַגן נאָך פריער איידער דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט וועט אָננעמען זיין באַשלוס. די פראַגע פון אונדזער אָנטייל אין קאָנגרעס איז איבערגעפירט געוואָרן צו דער מאַנדאַט־קאָמיסיע. אויף דער זיצונג פון דער קאָמיסיע, ווען מיר אַלע דריי זענען געווען אָנוועזנד, האָט ראַדעק, דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, געבראַכט די פראַגע פאַר דער קאָמיסיע און האָט געזאָגט פאָלגנדיקס:

„די פועלי־ציון האָבן זיך געוואָנדן צום עקזעקוטיוו־קאָמיטעט מיט דער בקשה אויפצונעמען זיי אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. צום באַדויערן קען איך זייער בקשה ניט אונטערשטיצן און קען ניט רעקאָמענדירן זיי אַריינצונעמען אָרגאַניזאַציאָנעל.

אמת איז, אַז די פועלי־ציון האָבן פאַרווירקלעכט די 21 אויפנעם־באַדינגונגען, זיי האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פון רעכטס און פון צענטער, זיי האָבן

געמאַכט אַן ערנסטע קאָמוניסטישע אַרבעט. איך אַליין האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זען פון דער נאָענט זייער אַרבעט אין דעם אַרבעטער־ראַט אין ווין, צו לייענען זייער פּרעסע. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז זיי זענען אמתע גוטע קאָמוניסטן.

אָבער צוליב פּרינציפּיעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע טעמים האָב איך ספקות בנוגע זייער אויפנאַמע.

פון פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט קען איך ניט מסכים זיין דערצו, אַז פּועלי־ציון רופן די יידישע מאַסן עולה צו זיין און באַזעצן זיך אין פּאַלעסטינע. אמת, זיי מאָטיווירן זייער שטעלונג דערמיט, וואָס די יידישע מאַסן לעבן אין ספּעציפישע באַדינגונגען, אין גרעסטן טייל באַשעפטיקט אין דער פּעריפעריע פון דער ווירטשאַפט און דעריבער גייט ביי זיי אָן דער לאַנג דויערנדיקער פּראָצעס פון קלאַסן־באַדנלאָזיקייט, וואָס צווינגט זיי צו וואַנדערן. אָבער, לויט מיין מיינונג, תיכף מיט דעם אַנטשטיין פון דער סאָוויעטישער אינטערנאַציאָנאַלער רעפּובליק, וועלן די יידישע מאַסן אין יעדן אָרט אַריבערגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט און וועלן ניט ווערן געצוווּנגען צו עמיגרירן. דעריבער דאַכט זיך מיר, אַז דער פּאַלעסטינע־פּראָגראַם איז אַן איבערבלייב פון די אַלטע שאָוויניסטישע געדאַנקען.

ריכטיק איז, וואָס אַן אמת, אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע וועקט אויף און פאַרשטאַרקט דעם שאָוויניזם פון די יידישע מאַסן. זייער אָפט האָב איך געזאָגט מיינע חברים אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַז אויף זיי ליגט די שולד פאַר דעם שאָוויניזם פון די יידישע מאַסן. די יידישע אַסימילירטע אינטעליגענץ אין די רייען פון דער פּוילישער פּאַרטיי פירט זייער אָפט אַ פּאָליטיק, וואָס איז גלייך צו אַן אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק, כדי אויסצובאַהאַלטן איר אָפּשטאַם. דאָס ברענגט צו אַ שאָוויניסטישער רעאַקציע מצד די יידישע מאַסן.

עד כאן פון פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט. פון אָרגאַניזאַציאָנעלן שטאַנדפּונקט, איז מיר ניט קלאָר צי ס'איז פאַראַן אַ באַדערפעניש אין דער עקזיסטענץ פון אַ ספּעציעלן פאַרבאַנד פון יידישע אַרבעטער, כדי צו באַפרידיקן די ספּעציפישע נויטן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. צי ס'איז באמת ניטאָ קיין מעגלעכקייט אַרויפצולייגן די דאָזיקע אויפגאַבן אויף די פּלייצעס פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין די באַזונדערע לענדער?

מיר וועלן באַטראַכטן די דאָזיקע פראַגן מיט די פּועלי־ציון גרינטלעך אויפן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, אין סעקרעטאַריאַט אָדער אין אַ ספּעציעלער קאָמיסיע. און אויב די חברים וועלן אונדז איבערצייגן, אַז זיי זענען גערעכט, וועל איך זיין דער ערשטער פאָרצושלאָגן אָנצונעמען דעם פאַרבאַנד „פּועלי־ציון".

ביז דאַן שלאָג איך פאָר צו געבן דעם פאַרבאַנד „פּועלי־ציון״ באַראַ־טונגס־רעכט אויפן קאָנגרעס״.

דאַן האָט אין נאָמען פון אונדזער דעלעגאַציע געהאַלטן אַ גרויסע רעדע דער חבר סערפּאָוו. ער האָט געזאָגט, אַז ניט דאָ איז דער פּלאַץ צו רעדן צום עצם ענין, אָבער ער מוז ענטפערן דעם חבר ראַדעק אויף זיינע ספקות. בעצם האָט ער גערעדט אין גייסט פון מעמאָראַנדום, און אויף ראַדעקס טענה, אַז מיר רופן די יידישע אַרבעטער־מאַסן קיין ארץ־ישראל, האָט ער געענטפערט, אַז מיר רופן זיי ניט, נאָר „אָנערקענען בלויז די טענדענץ צו עמיגראַציע און באַמיִען זיך צו ווירקן אויף איר, און שאַפן די קאָנצענטראַציע אין ארץ־ישראל. דאָ האָט ער געזאָגט איין פראַזע, וואָס כ׳האָב אים שפּעטער ניט געקענט מוחל זיין: „מיר זענען אויך איבערצייגט, אַז אין דעם מאָמענט ווען די סאָוועט־רעפּובליק וועט צוטרעטן צו בויען די ווירטשאַפט אָן שטערונגען, וועט געלינגען דעם יידישן קלאַסן־באַוווסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט מיט דער הילף פון דער ראַטן־מאַכט אין רוסלאַנד אַריבערצופירן אַ גרויסע צאָל פון יידישע פּראָלעטאַריער און האַלב־פּראָלעטאַריער צו פּראָדוקטיווער אַרבעט און דורך דעם שאַפן אין ראַטן־רוסלאַנד איינע פון די שענסטע פּאָלעסטינעס פאַר די יידן״. סערפּאָוו האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „שטעלט ניט אַנידער די יידישע פּראָלעטאַריער אין אַן אויסנאַם־לאַגע; מאַכט ניט אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל קיין באַגרענעצונג פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט, גיט דער פאָרשטייערשאַפט פון אונדזער פאַרבאַנד באַשלוס־רעכט אויפן קאָנגרעס״.

„מיר ווילן, אַז דער יידישער אַרבעטער זאָל זיין אַ חבר מיט גלייכע רעכט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־משפּחה״.

סערפּאָוו איז, אין תוך, ווי איך זע היינט, דאַכט זיך ניט געווען קיין ליקווידאַטאָר, ער האָט אָבער געמיינט, אַז מיט די ליקווידאַטאָרישע שטיקלעך וועט ער אָפּנאַרן דעם קאָמאינטערן און זיינע חברים ליקווידאַטאָרן. ס׳איז אים אָבער ניט געלונגען אָפּצונאַרן ניט דעם אינטערנאַציאָנאַל און ניט זיינע חברים. ראַדעק האָט אונדז גוט פאַרשטאַנען, און די ליקווידאַטאָרן זענען שפּעטער געגאַנגען אַליין אָן סערפּאָוון ליקווידירן די באַוועגונג.

די מאַנדאַט־קאָמיסיע האָט אונדז געגעבן באַראַטונגס־רעכט. דער דאָזיקער באַשלוס האָט נאָך פאָרמעל געדאַרפט באַשטעטיקט ווערן דורכן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.

דאַן איז אין דער מאַנדאַט־קאָמיסיע אויפגעשווומען די פראַגע וועגן מאַנדאַט פון אונדזער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי, ווייל דערווייל איז שוין קיין מאָסקווע אָנגעקומען איר פאָרשטייער, יאַשאַ ריזשיק. די ידיעה, אַז אונדזער פאַרבאַנד האָט באַקומען באַראַטונגס־רעכט אויפן קאָנגרעס, האָט געשטעלט

אויף די פּיס אַלע אונדזערע שונאים, ווי די יעוועסעקס אין דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און ספּעציעל די פּוילישע פּאַרטיי. און ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע פון מאַנדאַט פון דעם פאָרשטייער פון אונדזער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי, האָט דער פאָרשטייער פון דער פּוילישער פּאַרטיי געפרעגט, צי די פּאַרטיי אין ארץ־ישראל איז פאַרבונדן מיטן פאַרבאַנד פון „פּועלי־ציון״. דער ענין מיט אונדזער ארץ־ישראל־פּאַרטיי איז ניט געווען אַזוי קלאָר. די פּאַרטיי האָט, בעצם, נאָך דער קאָנפערענץ אין סעפּטעמבער 1920, געשיקט איר פאָרשטייער קיין מאָסקווע, כדי דורכפירן איר אָנשלוס אין קאָמאינטערן און צו דערגרייכן אַז דער קאָמאינטערן זאָל אָנערקענען דעם פּראָגראַם פון די קאָמוניסטישע „פּועלי־ציון״. דער שליח איז געווען קאַרפּ, דאַכט זיך ברוך. ער איז אָנגעקומען קיין מאָסקווע אין פרילינג 1921 און האָט תיכף אָנגעשריבן אַ בריוו אין „פּראַוודאַ״, אין וועלכן ער איז מודיע, אַז ער איז אַרויסגעטראָטן פון דער „פּועלי־ציון״ פּאַרטיי, אָבער ער האָט זיך ניט נאָר ניט אָפּגעזאָגט פון דעם ארץ־ישראל־מאַנדאַט, נאָר פאַרקערט, נאָך אויסגענוצט דעם דאָזיקן מאַנדאַט, כדי משפּיע צו זיין אויפן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, ער זאָל פאָדערן פון דער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי, אַז זי זאָל אַרויסגיין פון וועלט־פאַרבאַנד. דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט מיט פאַרגעניגן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון דעם „פאָרשטייער״ פון דער דאָזיקער פּאַרטיי און האָט איינגעלאַדן די ארץ־ישראל־דיקע פּאַרטיי צום קאָנגרעס מיט באַראַטונגס־רעכט, צוגעבנדיק, אַז אויב זי וועט נאָר דערפילן די פאָדערונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און וועט אַרויסטרעטן פון וועלט־פאַרבאַנד, דאַן וועט זי באַקומען אויך באַשלוס־רעכט. מיט דער דאָזיקער שליחות זענען אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל קאַרפּ און מאירסאָן. (נאָך איידער זיי זענען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, איז דער ענין באַוווּסט געוואָרן די חברים, און אויף זייער קאָנפערענץ, דעם 22סטן אַפּריל, האָבן זיי באַשלאָסן מבטל צו מאַכן דעם מאַנדאַט פון קאַרפּן און שיקן אַן אַנדערן פאָר־שטייער). דעם דאָזיקן ענין האָט אויסגענוצט די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי און האָט פאָרגעשלאָגן אין דער מאַנדאַט־קאָמיסיע ניט אַנערקענען די ארץ־ישראלדיקע פּאַרטיי, ביז זי וועט ניט דערפילן די פאָדערונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און וועט ניט מעלדן וועגן איר אַרויסטריט פון דעם וועלט־פאַרבאַנד „פּועלי־ציון״. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע, און דאַן איז דערשינען דער חבר יאַשאַ ריזשיק, וועלכער האָט גערעדט אין נאָמען פון דער ארץ־ישראל פּאַרטיי. דער פאָרשטייער פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דער חבר עקערט, האָט געשטיצט ריזשיקן און האָט פאָרגעשלאָגן צו געבן דער פּאַרטיי באַשלוס־רעכט. ראַקאָווסקי, אין נאָמען פון דער אוקראַינער פּאַרטיי און טערראַטשיני, אין נאָמען פון דער איטאַליענישער פּאַרטיי, האָבן

געשטיצט דעם פאַרשלאַג פון דער פוילישער פאַרטיי. די אָפּשטימונג האָט באַוויזן גלייכע שטימען: דריי פאַר — און דריי קעגן, און דער ענין איז אַריבער צום עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.

אויף דער דריטער זיצונג פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע, ווען דער פאָרזיצער האָט דערקלערט דער פוילישער פאַרטיי, אַז דער וועלט־פאַרבאַנד „פועלי־ציון" האָט שוין באַקומען באַראַטונגס־רעכט אויפן קאָנגרעס, און דעריבער קען מען זיך אַנדערש ניט באַציִען צו דער ארץ־ישראלדיקער „פועלי־ציון"־פאַרטיי, האָט דער פאָרשטייער פון דער פוילישער קאָמוניסטישער פאַרטיי פאָרגעשלאָגן צו רעווידירן דעם באַשלוס אין דער פראַגע פון וועלט־פאַרבאַנד „פועלי־ציון", ד. ה., אים מבטל מאַכן. קעגן דעם איז זייער שאַרף אַרויסגעטראָטן ראַדעק און צווישן אַנדערע האָט ער געזאָגט: „איך מוז נאָך אַ מאָל מאָטיווירן מיין פאָר־שלאַג צו אָנערקענען פאַר די „פועלי־ציון" דאָס רעכט אָנטייל צו נעמען אין קאָנגרעס. אין קעגנזאַץ צום „בונד" האָבן מיר דאָ אַן ענין מיט אַן איינהייטלעכער קאָמוניסטישער פאַרטיי. די „פועלי־ציון" האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פון די רעכטע און צענטריסטישע עלעמענטן. די לאַנד־פּאָליטיק פון זייערע פאַרטייען איז כמעט אין אַלע לענדער אַ קאָמוניסטישע. אין דער צייט, וואָס איך בין געזעסן אין דער תפיסה אין בערלין, האָב איך געלייענט די „פרייע טריבונע" — די צייטונג פון די „פועלי־ציון" אין עסטרייך. איך האָב נאָכגעפאָלגט זייער אַרבעט אין אַרבעטער־ראַט אין ווין, וואָס איז ניט געווען קיין אַנדערע, ווי די פּאָליטיק פון דער עסטרייכישער קאָמוניסטישער פאַרטיי. די מאָטיוון פון די חברים אין אין פוילן האָבן ניט קיין יסוד. די פוילישע קאָמוניסטישע פאַרטיי האָט ניט דערפילט איר רעוואָלוציאָנערע פליכט כלפּי די יידישע אַרבעטער. איך מוז מיט צער פעסטשטעלן, אַז זי האָט זיך אָנגעשטעקט מיטן אַנטיסעמיטישן גיפט. וואָס האָט זי געטאָן קעגן דער אַנטיסעמיטישער העצע פון דער פוילישער רעגירונג? גאָרנישט! דעם ערשטן מאַי האָט מען געשלאָגן יידישע אַרבעטער אין די וואַרשעווער גאַסן ביז בלוט; די איינציקע צייטונג פון די קאָמוניסטן האָט רעאַגירט בלויז מיט וויצן. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז דווקא די יידישע חברים פון דער פוילישער פאַרטיי שטעלן זיך קעגן די „פועלי־ציון". מיר דאַרפן פאַרשטיין, אַז צווישן די יידישע אַרבעטער עקזיסטירן שאָוויניסטישע שטרעמונגען. מען קען זיי פאַרשטיין פון דער אַלגעמיינער היסטאָרישער אַנט־וויקלונג פון יידישן פראָלעטאַריאַט. מיר דאַרפן פאַרשטיין די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון יידישן אַרבעטער, פונקט ווי מיר זענען פאַרפליכטעט צו פאַרשטיין די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון דער אַרבעטער באַוועגונג אין טשעכאָסלאָוואַקיע.

איך וועל ניט דערלויבן, אַז פאַרן יידישן פראָלעטאַריאַט זאָלן מיר באַ־

שטימען אויסנאַם־באַדינגונגען. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז אַ פּאַריער צווישן די אַרבעטער פון די איבעריקע פעלקער. מיר האָבן געפירט אונטער־האַנדלונגען מיט דער סאָציאַליסטישער אומאָפּהענגיקער פּאַרטיי, הגם מיר האָבן געוווּסט, אַז זי איז ניט קיין קאָמוניסטישע. מיר זענען פּאַרפליכטעט אונטערצוהאַנדלען מיט די קאָמוניסטישע „פּועלי־ציון". מיר זענען פּאַרפליכטעט צו קעמפן פאַר יעדן פון די דאָזיקע קאָמוניסטישע אַרבעטער.

איך שלאָג פאָר אויסצוקלייבן אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל באַטראַכטן די פאָר־שלאָגן פון „פּועלי־ציון", דערווייל ווען די „פּועלי־ציון" באַקומען באַראַטונג־רעכט אויפן קאָנגרעס".

פאַר דער רעוויזיע פון דעם באַשלוס זענען געווען בלויז צוויי שטימען (פּוילן און איטאַליע) און פינף קעגן: רוסלאַנד, אוקראַינע, דייטשלאַנד, אונגאַרן און די פעלקער פון מזרח; עס איז אויך מיט אַ מערהייט באַשלאָסן געוואָרן צו געבן באַראַטונג־רעכט דעם פאָרשטייער פון אונדזער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי.

נאָך איידער מיר זענען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט פון קאָנגרעס האָבן מיר געהאַלטן פאַר אונדזער פליכט צוצוטרעטן צו פאַרווירקלעכן אַ טייל פון אונדזערע פאָרשלאָגן פון מעמאָראַנדום בנוגע אונדזערע באַציִונגען צו די אָרטיקע קאָמוניסטישע לאַנד־פּאַרטייען. דעריבער האָבן מיר זיך געוואָנדן מיט פּאַלגנדיקן בריוו צו די פּאַרטייען: דער פּוילישער, רוסישער, טשעכישער און עסטרייכישער:

„חשובע חברים! אויפן יסוד פון די פאָרשלאָגן, וואָס דער קאָמוניסטישער פאַרבאַנד „פּועלי־ציון" האָט פאָרגעשלאָגן דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל בנוגע דעם אָנשלוס פון אונדזער פאַרבאַנד צום קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און דעם אַריינטריט פון אונדזערע פּאַרטייען ווי סעקציעס פון די אָרטיקע קאָמו־ניסטישע לאַנד־פּאַרטייען, זענען מיר, ווי באַפולמעכטיקטע פון דער פּאַרטיי „פּועלי־ציון" אין... (דאָ איז געווען דער נאָמען פון דעם אַנטשפּרעכנדיקן לאַנד), אין דער דעלעגאַציע פון פאַרבאַנד צום דריטן קאָנגרעס מודיע וועגן אונדזער אַריינטריט אין אייער דעלעגאַציע. מיר נעמען אָן די דיסציפּלין פון דער דעלעגאַציע און די באַשלוסן פון אייער דעלעגאַציע אין אַלע פראַגן פון דער פּאָליטיק אין אונדזער לאַנד און אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. דורך דעם וועלן אַלע באַשלוסן פאַרפליכטן אונדזער פּאַרטיי אין... (דער נאָמען פון לאַנד). אין די פראַגן פון דער פּאָליטיק פון די יידישע אַרבעטער געפינען מיר זיך אונטער דער דיסציפּלין פון דער פאַרבאַנדס־דעלעגאַציע. וועלכע באַ־טייליקט זיך אין קאָנגרעס מיט באַראַטונג־רעכט. אין דער באַהאַנדלונג פון די

דאָזיקע פראַגן זענען מיר גרייט אייך צו געבן אַלע אויפקלערונגען, אין וועלכע איר וועט זיין פאַראינטערעסירט״.

אויף אַזאַ אופן האָב איך און לאַמפּע מודיע געווען וועגן אונדזער אָנשלוס דער פּוילישער דעלעגאַציע, דער חבר פאַלק (קופּער) — דער טשעכישער דעלעגאַציע, די חברים סערפאָוו און נאַגלער — דער עסטרייכישער דעלעגאַציע, און די רוסישע חברים — דער רוסישער דעלעגאַציע.

די רוסישע דעלעגאַציע האָט בכלל ניט געענטפערט. די פּוילישע דעלעגאַציע האָט אונדז געענטפערט דעם 18טן יולי מיט פאָלגנדיקן בריוו:

„חשובע בירגער!

מיר זענען אייך מודיע, אַז מיר האָבן באַקומען אייער בריוו פון דעם 14טן יולי.

בנוגע אייער מעלדונג וועגן אייער אַריינטריט אין אונדזער דעלעגאַציע צום דריטן קאָנגרעס גיבן מיר אייך אַ נעגאַטיווע תשובה און צוזאַמען דערמיט דריקן מיר אויס אונדזער פאַרוווּנדערונג, וואָס איר האָט זיך געוואָנדן צו אונדז מיט אַזאַ מין דערקלערונג, הגם איר ווייסט אונדזער נעגאַטיווע שטעלונג צו דער אידעאָלאָגיע און דער טעטיקייט פון אייער פּאַרטיי אין פּוילן.

דער פאַקט, וואָס איר רעזערווירט פאַר זיך דאָס רעכט צו שטיין אונטער דער דיסציפּלין פון דער דעלעגאַציע פון פאַרבאַנד „פּועלי־ציון״ אין די פראַגן פון דער פּאָליטיק פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווייזט אויף אַ בולטן אופן, אַז איר זענט נאָך זייער ווייט פון קאָמוניזם״.

אָבער די טשעכישע און עסטרייכישע דעלעגאַציעס האָבן אויפן יסוד פון אונדזערע בריוו אַריינגענומען צו זיך אונדזערע חברים, און נאָך דעם האָט די פּוילישע דעלעגאַציע זיך באַמיט צו ווירקן אויף דער טשעכישער דעלעגאַציע, זי זאָל ענדערן איר באַשלוס; און די „יידישע סעקציע״ (די יעווסעקציע אין רוסלאַנד) האָט זיך באַמיט דורך אַ ספּעציעלן שליח (מערעזשין) צו באַווירקן די עסטרייכישע דעלעגאַציע אין דער זעלבער ריכטונג, אָבער די באַמיִונגען פון די פּאָליאַקן און פון די יעווסעקעס האָבן קיין שום רעזולטאַטן ניט געהאַט.

מיר דאַכט זיך, אַז דער דאָזיקער בריוו איז זייער וויכטיק, כדי צו פאַרשטיין די שטימונגען פון אונדזערע חברים צו יענער צייט. אין דעם דאָזיקן בריוו האָבן מיר בפירוש געמאָלדן, אַז מיר זענען גרייט צו אָנערקענען אַלע באַשלוסן פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין אַלע ענינים, וואָס זענען נוגע דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. אָבער, ווי איך וועל עס שפּעטער איבערגעבן, איז ניט אַריבער קיין סך צייט און מיר אַליין האָבן בטל געמאַכט דעם דאָזיקן באַשלוס אונדזערן.

פון דעם אַלעמען, וואָס איך האָב ביז איצט דערציילט איז קלאָר, ווי

שווער עס איז געווען אונדזער לאַגע אויפן קאָנגרעס. אָבער די לאַגע איז געווען נאָך אַ סך שווערער צוליב די באַציִונגען אין אונדזער דעלעגאַציע גופא, וואָס איז בכלל ניט געווען אייניק אין אירע מיינונגען. ווען דאָס פּאַרבאַנדס־ביוראָ האָט באַשלאָסן וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דער דעלעגאַציע און אַריינגענומען אין איר אַחוץ מיך און סערפּאָוון אויך נאַגלערן, איז נאַגלער געזעסן אין תפיסה אין פּוילן, וווהין ער איז געפאָרן לשם אַגיטאַציע, נאָך פאַר דער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ. ער איז אָפּגעזעסן בערך צען חדשים. ווען ער איז צוריק־געקומען, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער איז ניט מסכים מיט די אָנשויונגען, וועלכע מיר האָבן אויסגעדריקט אין מעמאָראַנדום, און ער איז אין גאַנצן מסכים מיט דער „עסטרייכישער" פּלאַטפאָרם. ווען מען האָט זיך דערפון דערוווּסט, זענען מיר ביידע, סערפּאָוו און איך, געווען שוין אין מאָסקווע און שוין געהאַט צו וויסן געגעבן דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט צוזאַמען מיטן מעמאָראַנדום וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דער דעלעגאַציע. פון דער אַנדערער זייט, האָט די מערהייט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי געדראָט דעם פּאַרבאַנדס־ביוראָ, אַז אויב ער וועט ניט האָבן קיין פאַרשטייערשאַפט אין דער דעלעגאַציע וועט ער מעלדן אין דער עפנטלעכקייט, אַז ער נעמט אַראָפּ פון זיך די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער דעלעגאַציע. עס איז ניט געווען אויסגעשלאָסן, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי וועט קענען אויך זיין אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט שיקן אַן אייגענע דעלעגאַציע. אין דער דאָזיקער לאַגע האָט דאָס פּאַרבאַנדס־ביוראָ אין ווין באַשלאָסן באַשטעטיקן נאַגלערן אין דער דעלעגאַציע, אָבער צוזאַמען דערמיט האָט דאָס פּאַרבאַנדס־ביוראָ אָנגענומען פאָלגנדיקן באַשלוס: „דער חבר נאַגלער האָט דאָס רעכט אינערהאַלב פון דער דעלעגאַציע צו פאַרטרעטן די שטעלונג פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי. כלפּי חוץ איז ער געבונדן מיט דער דיסציפּלין פון דער דעלעגאַציע. אויב ער וועט אָננעמען די באַשלוסן פון דער דעלעגאַציע, האָט ער דאָס רעכט צו בלייבן אין איר ניט אַקטיוו". אָבער ווען נאַגלער איז געקומען קיין מאָסקווע, האָט ער אונדז געמאָלדן, אַז אויב מיר וועלן ניט אָננעמען דעם שטאַנדפּונקט פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי, איז ער גרייט אָפּצוזאָגן זיך פון מאַנדאַט. איך האָב מיט גרויס צופרידנקייט אָנגענומען די דאָזיקע מעלדונג, ווייל מיר איז געווען קלאָר, אַז מיר קענען ניט אָננעמען די עסטרייכישע פּלאַטפאָרם, און אויף אַזאַ אופן, האָב איך געטראַכט, וועלן מיר פּטור ווערן פון נאַגלערן אין דער דעלעגאַציע. אמת איז, אַז דער פאָרשטייער פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער פּאַרטיי — פּאָלק — האָט מודיע געווען, אַז ער סאָלידאַ־ריזירט זיך מיט נאַגלערן. האָב איך געטראַכט, אַז מיר וועלן פּטור ווערן אויך פון אים. אָבער סערפּאָוו האָט געטראַכט אַנדערש. בכלל איז סערפּאָוו אין

מאָסקווע די גאַנצע צייט געגאַנגען מיט די ליקווידאַטאָרן און ער האָט ניט געוואָלט, אַז נאַגלער זאָל פאַרלאָזן די דעלעגאַציע. ער האָט עס מאָטיווירט דערמיט, אַז אויב נאַגלער פאַרלאָזט די דעלעגאַציע, קען עס מאַכן אַ שלעכטן רושם אין דרויסן, און ער האָט דורכגעפירט אין דער דעלעגאַציע מען זאָל ענדערן דעם באַשלוס פון פאַרבאַנדס־ביוראָ אין ווין. אין דער דעלעגאַציע איז דאַן אויף זיין פאָרשלאַג אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, וואָס שטייט אין אָפענעם ווידערשפּרוך מיטן באַשלוס פון ביוראָ אין ווין:

„די דעלעגאַציע פון פאַרבאַנד פירט די איינהייטלעכע אונטערהאַנדלונגען אויפן יסוד פון דעם דערלאַנגטן מעמאָראַנדום. אין די אונטערהאַנדלונגען האָט דער חבר נאַגלער דאָס רעכט צו פּרווון דערוויסן זיך וועגן דער מיינונג פון די חברים, וואָס באַשטימען אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, בנוגע דעם אויפ־נעמען פון דעם פאַרבאַנד אויפן יסוד פון דער פּלאַטפאָרם, וואָס די טשעכישע און עסטרייכישע פּאַרטייען לייגן פאָר.

אין פאַל ווען דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל וועט אָננעמען די דאָזיקע פּלאַטפאָרם, דערקלערט די דעלעגאַציע, אַז זי וועט דאַן פאָרשלאָגן די דאָזיקע פּלאַטפאָרם דעם פאַרבאַנדס־ביוראָ און אַלע אינסטאַנצן, וואָס באַ־שטימען אין דער באַוועגונג, צוזאַמען דערמיט דערקלערט דער חבר נאַגלער, אַז פאַר אים איז שוין קלאָר, אַז ער וועט דערשיינען אין אַלע אינסטאַנצן פון פאַרבאַנד פאַרן אָננעמען דעם דאָזיקן יסוד און וועט דריקן אָנצונעמען די אַנטשפּרעכנדיקע מסקנות; שפּעטער האָט סערפאַוו געזאָגט, אַז ער האָט געהאָפט אַז דורכן אָננעמען די דאָזיקע רעזאָלוציע וועט מען קענען אָפּהיטן די גאַנצקייט פון דער דעלעגאַציע ביז עס וועט קלאָר ווערן די שטעלונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל צו אונדזער מעמאָראַנדום. אָבער פאַר מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז דער גאַנצער ענין איז אַ פאַרשפּילטער. אויב דער עקזע־קוטיוו־קאָמיטעט ווייסט, אַז עס איז דאָ ביי אונדז אַ כמעט אין גאַנצן ליקווי־דאַטאָרישע שטעלונג, דאָס הייסט ביי דער מינדערהייט, טאָ פאַר וואָס זאָל ער פאַרהאַנדלען אויפן יסוד פון דעם מעמאָראַנדום?

אַחוץ אונדז דריי האָט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ באַשטימט ווי אַ פערטן חבר פון דער דעלעגאַציע, שוין נאָך אונדזער אָפּפאָרן פון ווין, דעם חבר יאַשאַ ריזשיק, וועלכער איז געוואָרן געשיקט דורך דער ארץ־ישראל פאַרטיי און דורכגעפאָרן ווין. אַזוי אַרום איז דער צוזאַמענשטעל פון דער דעלעגאַציע געווען פון אַכט חברים: פיר פון פאַרבאַנדס־ביוראָ, איינער פון דער טשעכישער פאַרטיי, איינער פון דער יוגנט אין פוילן, און צוויי פאָרשטייער פון ביידע רוסישע פאַרטייען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַלע חברים אינערהאַלב פון דער דעלעגאַציע האָבן באַשטימונגס־רעכט, אָבער אין פּרינציפּיעלע ענינים,

וואָס האָבן אַ שייכות צו דער פּאָליטישער ליניע פון פאַרבאַנד, שטימען נאָר די פיר חברים פון פאַרבאַנדס־דעלעגאַציע. נאַטירלעך איז דער באַשלוס אויך אָנגענומען געוואָרן קעגן מיין מיינונג. אַזוי אַרום איז די לאַגע אין דער דע־לעגאַציע געווען זייער אַ שלעכטע, ווייל איך האָב זיך געקענט שטיצן נאָר אויף דעם פאָרשטייער פון דער פוילישער יוגנט, לאַמפּען. כמעט אַלע איבעריקע זענען געווען ליקווידאַטאָרן, איינער מער, איינער ווייניקער, אָבער די לאַגע האָט זיך נאָך פאַרערגערט, ווען מיר האָבן נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען אָנגענומען אַ באַשלוס אין דעם ענין פון דיביידע פּאַרטייען אין רוסלאַנד. מיר איז ניט לייכט צו שרייבן וועגן דעם פּרק, ווייל גאָר שנעל האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דאָ האָב איך געמאַכט אַ פאַטאַלן פעלער.

אונדזער אויפגאַבע אויף דעם געביט איז געווען זייער אַ שווערע. נאָך לאַנגע און דערמידנדיקע אונטערהאַנדלונגען מיט די פאָרשטייער פון די ביידע פּאַרטייען, האָבן מיר באַשלאָסן (מיר, דאָס הייסט: סערפּאָוו און איך, ווייל אין דער פראַגע האָט זיך די דעלעגאַציע ניט אַריינגעמישט), צו שאַפן אַן אייג־הייטלעכע פּלאַטפאָרם און פאָרשלאָגן זי ביידע פּאַרטייען. אויב ביידע פּאַר־טייען וועלן זי אָננעמען, דאַן וועט קומען די פאַראייניקונג אויפן יסוד פון דער פּלאַטפאָרם, און אויב ניט, וועלן מיר אָנערקענען אַלס פּאַרטיי פון פאַרבאַנד די פּאַרטיי, וועלכע האָט אָנגענומען די פּלאַטפאָרם, און מיר וועלן אויסשליסן די, וואָס וועט די פּלאַטפאָרם ניט אָננעמען. צום באַדויערן זענען ביי מיר ניט געבליבן קיין שום פאַרצייכענונגען בנוגע דער עצם פּלאַטפאָרם, וואָס מיר האָבן פאָרגעשלאָגן די ביידע פּאַרטייען. אָבער מיר איז קלאָר, אַז זי האָט געקענט זיין נאָר אין גייסט פון דעם מעמאָראַנדום צום קאָמאינטערן. און קלאָר איז איצט, פאַר וואָס די חברים פון י. ס. ד. „פּועלי־ציון" האָבן ניט געקענט זי אָננעמען, ווייל אין תוך האָבן מיר אין מעמאָראַנדום פאַרשוויגן אַ פּאָר זייער וויכטיקע ענינים, ספּעציעל האָט דאָך אין מעמאָראַנדום געפעלט די טעאָרעטישע באַגרינדונג פון דעם ארץ־ישראל־געדאַנק. מיט סערפּאָווס רעדע אין מאָסקווע איז דער מעמאָראַנדום געוואָרן נאָך מער ליקווידאַטאָריש. דעריבער האָבן די חברים פון י. ק. פּ. (פּ. צ.), אָנגענומען אונדזער פּלאַטפאָרם, און די חברים פון י. ס. ד. „פּועלי־ציון" האָבן אים ניט אָנגענומען. דאַן האָבן מיר אָנערקענט די ערשטע אַלס פּאַרטיי פון פאַרבאַנד און אויסגעשלאָסן די צווייטע. ווען איך קוק רעטראָספּעקטיוו אויף דעם ענין, פאַרדריסט מיר די זאַך זייער שטאַרק, אָבער איך פאַרשטיי, אַז קיין גרויסע אינהאַלט־ענדערונגען אין דער אַנטוויקלונג פון דער באַוועגונג וואָלטן ניט געווען, ווען מיר נעמען אַן אַ פאַרקערטן באַשלוס, ווייל נאָך דריי יאָר האָבן מיר זיך צוריק פאַראייניקט מיט די י. ס. ד. „פּועלי־ציון", מיר וואָלטן אָבער פאַרשפּאָרט אַ סך כוחות, אַ

סך ענערגיע, אַ סך עגמת־נפש און געזונט. ווען מיר שליסן אויס די י. ק. פּ. (פּ. צ.), וואָלטן זיי זיך ליקווידירט מיט אַ יאָר־אַנדערטהאַלבן פריער.

ווען דער חבר ריזשיק איז אָנגעקומען קיין מאָסקווע, האָט ער מיר געבראַכט די בשורה, אַז מיין פאָטער איז געשטאָרבן. ווען איך בין געווען אין ארץ־ישראל און האָב זיך געזעגנט מיט מיינע עלטערן, האָב איך זיכער געוווּסט, אַז איך וועל מער זיי שוין ניט זען. די דאָזיקע ידיעה האָט אויף מיר זייער שטאַרק געווירקט. דאָס האָט מיט די אַלע שווערע ענינים אין דער דע־לעגאַציע ביי מיר געשאַפן אין משך פון מיין גאַנצן זיין אין מאָסקווע זייער אַ געדריקטע שטימונג.

אין דער דעלעגאַציע האָב איך זיך געקענט שטיצן נאָר אויף דעם פאָר־שטייער פון דער פּוילישער באָראָכאָוויסטישער יוגנט — לאַמפּע. ער איז געווען אַ יונגער בחור פון אַ יאָר 20—21, אָבער זייער אַן ערנסטער און אַ פעיקער. די אמתע פאַרקערפּערונג פון פערזענלעכן יושר און אָנשטענדיקייט. ווי אַלע יוגנטלעכע איז ער געווען זייער אַ „פּרינציפּיעלער" מענטש, אויף יעדער זאַך האָט ער געהאַט אַ פּרינציפּ. אַ מאָל קומט ער אַריין צו מיר אין האָטעל און פרעגט מיך, וועלכע דאַטע ס'איז היינט, זאָג איך אים, אַז היינט איז דער 22סטער יוני. „אויב אַזוי, האָב איך נאָך אַכט טעג". צו וואָס אייגנטלעך? — האָב איך אים געפרעגט. — „ביזן ערשטן יולי, צו פּוצן די שיך, ווייל איך פּוץ זיי פּרינציפּיעל נאָר איין מאָל אין חודש". און דווקא פון דעם דאָזיקן לאַמפּע איז מיר געקומען דער לעצטער און שטאַרקסטער קלאַפּ אין דער דעלעגאַציע. אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז דערשינען ביי מיר לאַמפּע, און איך האָב תיכף באַמערקט, אַז עפּעס ערנסטעס איז געשען. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער איז געקומען צו מיר, ווי צום סעקרעטאַר פון פאַרבאַנדס־ביוראָ און פאָרזיצער פון דער דעלעגאַציע, און ער גיט מיר איבער, אַז ער קען ווייטער ניט פאַר־טיידיקן די ענינים פון אונדזער יוגנט אין פּוילן אויף דער קאָנפערענץ פון דער קאָמוניסטישער יוגנט, ווייל ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די קאָמוניסטישע יוגנט איז גערעכט און ניט מיר, און עס איז ניטאָ קיין באַדערפעניש אין דער עקזיסטענץ פון דער אָרגאַניזאַציע פון יידישער יוגנט באַזונדער. און אַז אויך דער געדאַנק פון דער קאָנצענטראַציע פון דער עמיגראַציע אין ארץ־ישראל איז נאָר אַ טעאָריע, און האָט ניט קיין שום האַפט אין לעבן. דעריבער בעט ער מיך אים צו באַפרייען פון דער אויפגאַבע, וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן. קענענדיק לאַמפּען, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך קען אים ניט באַפרייען פון דער אויפגאַבע, ווייל ניט איך האָב אויף אים די אויפגאַבע אַרויפגעלייגט: ער האָט באַקומען די אויפגאַבע פון דער יוגנט אין פּוילן, און אויף איר חשבון איז ער געפאָרן קיין מאָסקווע, נאָר דער צענטראַל־קאָמיטעט

פון דער יוגנט אין פּוילן קען אים באַפרייען פון דער אויפגאַבע, און דאָס אָפּזאָגן זיך אין מיטן דער אַרבעט פון דער אויפגאַבע איז אַ פאַרראַט כלפּי די. וואָס האָבן אים געשיקט. דעריבער לייג איך אים פאָר צו וואַרטן אַ געוויסע צייט, ביז איך וועל זיך פאַרבינדן מיט וואַרשע, איך וועל געבן צו וויסן וועגן דעם ענין, און בעטן מען זאָל באַפרייען לאַמפּען פון דער אויפגאַבע און אויף זיין אָרט שיקן אַן אַנדערן פאָרשטייער פון אונדזער באַראַכאָוויסטישער יוגנט. לאַמפּע האָט מודה געווען, אַז איך בין גערעכט, און האָט מיר צוגעזאָגט צו דערפילן זיין אויפגאַבע ביז עס וועט קומען עמעצער אים צו פאַרבייטן. אָבער איך דאַרף וויסן, האָט ער צוגעגעבן, אַז ער וועט ניט קענען פאַרטיידיקן אונדזערע פאָדערונגען מיט דער זעלביקער התלהבות, מיט וועלכער ער האָט עס געטאָן ביז איצט. דאָס אויספירן די אויפגאַבע וועט זיין מער אַ טעכנישע. איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס דער מענטש האָט איבערגעלעבט און וואָס ער לעבט איבער, און האָב מסכים געווען, אַז מען קען ניט פאָדערן פון אים מער. כ׳האָב תיכף זיך פאַרבונדן מיט וואַרשע און איבערגעגעבן דעם גאַנצן ענין. איך בין געווען זיכער אין לאַמפּען, אַז ער וועט מיך ניט אָפּנאַרן, און ביז עס וועט אָנקומען דער נייער חבר, וועלן מיר לכל הפּחות האָבן אַן אָפיציעלע פאָרשטייערשאַפט אין דער קאָנפערענץ פון דער יוגנט.

נאָך אַ קורצער צייט האָט מען אונדז געשיקט פון וואַרשע, אַלס פאָר־שטייער פון דער יוגנט, דעם חבר שאול אַמסטערדאַם, וואָס איך האָב אים געקענט נאָך אין פּוילן פון קראָקע. ער איז אַלט געווען בערך אַ יאָר 22, אַ זייער אינטעליגענטער מענטש און דערצו ניט קיין שלעכטער זשורנאַליסט. אַז ער איז אָנגעקומען האָב איך מודיע געווען לאַמפּען, אַז ער ווערט באַפרייט און אויף וויפל איך געדענק, איז ער גלייך צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע און איז תיכף אַריינגעטראָטן אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. לאַמפּע האָט זיך זייער שנעל אַרויסגערוקט אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און איז מיט דער צייט געוואָרן איינער פון אירע פירער. ווען די פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז ליקווידירט געוואָרן נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1938, און ווען די פירער פון דער פּאַרטיי זענען פיזיש ליקווידירט געוואָרן אין רוסלאַנד (וואַרסקי, וואַלעצקי, לענסקי און אַנדערע), איז לאַמפּע נאָך געבליבן אין פּוילן, ווו ער איז אַ לאַנגע צייט אָפּגעזעסן אין די תפיסות. אין אָנהייב פון דער מלחמה איז ער אַריבער קיין רוסלאַנד און איז דאָרט שפּעטער צוזאַמען מיט וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ געשטאַנען בראש פון די פּוילישע קאָמוניסטן, צוזאַמען מיט איר האָט ער געגרינדעט דעם „פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן״ און אַרויסגעגעבן די צייטונג „דאָס פרייע פּוילן״, איך האָב געהערט, אַז דאָס איז געווען זיין געדאַנק, אַז די גרענעץ פון דעם באַפרייטן פּוילן זאָל זיין אויפן

טייך אָדער, ער האָט ניט דערלעבט צו זען דאָס באַפרייטע פּוילן, ווייל קורץ פאַרן סוף פון דער מלחמה איז ער געשטאָרבן פון שווינדזוכט, וואָס ער האָט באַקומען אין די תּפיסות. אויף וויפל איך ווייס זענען ער און אדמוני (דואַ), (וועגן וועמען איך וועל נאָך שרייבן) געווען די איינציקע פון די „פּועלי־ציון", וואָס זענען אַריבערגעגאַנגען צו דער אָפיציעלער קאָמוניסטישער באַוועגונג און וואָס זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט: לאַמפּע פון שווינדזוכט, און אדמוני איז אומגעקומען אין אַן אויטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפע אין וואַרשע שוין נאָך דער וועלט־מלחמה אין יאָר 1948 און איז באַגראָבן געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד אויפן יידישן בית־עולם אין וואַרשע אויף דער גענשא גאַס.

ווען שאול אַמסטערדאַם איז אָנגעקומען קיין מאָסקווע, זענען מיר גע־זעסן זאַלבעדריט און לאַמפּע האָט איבערגעגעבן די ענינים שאולן. נאָך דעם, ווי לאַמפּע האָט אונדז פאַרלאָזן, האָב איך געהאַט אַ זייער אינטערעסאַנטן געשפּרעך מיט שאולן. איך האָב אים אָפן געזאָגט, אַז איך באַצי זיך מיט גרויסע ספקות צו אונדזערע יונגע חברים, איך בין קיין מאָל ניט זיכער אין זיי, ווייל זיי זענען צו יונג און זייערע אָנשויונגען זענען נאָך ניט קיין געזעצטע — דאָס איז איינס, און דאָס צווייטע איז, אַז די קאָמוניסטישע וועלט גלאַנצט אַזוי שטאַרק און די אַלגעמיינע קאָמוניסטישע באַוועגונג איז אַזוי ברייט און גיט אַזוי פיל מעגלעכקייטן פאַר פעיִקע מענטשן, אַז איך האָב ניט קיין זיכערקייט, אַז דאָס יונגוואַרג וועט על־פּי־רוב אויסהאַלטן יידישקייט. אַמסטערדאַם האָט מסכּים געווען צו דעם געדאַנק, אָבער ער האָט צוגעגעבן, אַז ער איז אויך יונג און האָט מיך געפרעגט ווי איך באַצי זיך צו אים. איך האָב געענטפערט, אַז ביז מיר וועלן ניט אַרבעטן צוזאַמען צען יאָר, וועל איך ניט אַרויסזאָגן קיין מיינונג וועגן אים. אַמסטערדאַם האָט געשמייכלט (נאָך אַ האַלב יאָר בערך, איז ער אויך אַריבער צו די ליקווידאַטאָרן און שפּעטער צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָבער דערצו וועל איך נאָך קומען).

דערווייל האָט זיך דערנענטערט די צייט פון דער דערעפענונג פון קאָנגרעס. עס זענען אָנגעקומען הונדערטער און טויזנטער דעלעגאַטן פון אַלע עקן וועלט. אַלע דעלעגאַטן זענען איינגעשטאַנען אין אַ פּאָר רעגירונגס־האָטעלן, און ניט געקוקט אויפן הונגער וואָס האָט געהערשט דאַן אין רוסלאַנד, האָבן מיר אַלע באַקומען צו עסן, אַלץ וואָס מיר האָבן געדאַרפט. אַחוץ דעם האָט מען אונדזער וועש געוואַשן אין האָטעל, און כּמעט יעדן טאָג האָבן מיר געקענט באַקומען בילעטן אין אַלע טעאַטערס אין שטאָט. אין אונדזער האָטעל איז געווען אַ ספּעציעלער באַאַמטער, וועלכער פלעגט צוטיילן די בילעטן. דאָס איז געווען אַ מיידל פון אַ יאָר פופציק, אַ יידישקע, און איך ווייס ניט פאַר וואָס, נאָר איך האָב אין אירע אויגן זייער שטאַרק נושא־חן געווען, און זי האָט דווקא געוואָלט

איך זאָל אויסהערן די לידער, וואָס זי שרייבט. די לידער אירע זענען באמת געווען ניט שלעכט, אָבער געדיכטעט האָט זי בלויז וועגן אַ גאָר גרויסער און זייער ליידנשאַפטלעכער ליבע, דאָס איז, משמעות, געווען אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס זי איז געווען אַן אַלטע בתולה. אויף יעדן פאַל האָב איך ביי איר געהאַט אַ גרויסע פּראָטעקציע.

קיין מזומן־געלט האָבן מיר נאַטירלעך ניט געהאַט, און דאָך האָט מען געמוזט עפּעס אויסגעבן אויף קלייניקייטן. האָט אונדז די פּאַרטיי געגעבן. מאָסקווע איז געווען אַ מער לעבעדיקע שטאָט ווי פּעטראָגראַד, אָבער אויך מאָסקווע האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ האַלב־טויטער שטאָט. פּריוואַטע קאַפעען זענען כמעט ווי ניט געווען, און אין דער הויפּט־גאַס איז געווען עפּעס אַ קאַפע, וואָס דאָרט פלעגן זיך צונויפקומען שרייבער און ליטעראַטן. איך בין אַהין אַריין איין מאָל, אָבער אויך דאָרט איז געווען געננוג אומעטיק. מען האָט דאָרט באַקומען אַגב נאָר אַלקאָהאָל און שוואַרצע קאַווע. אַ מאָל האָב איך דאָרט געטראָפן יעסענינען און מאַיאַקאָווסקין. דאָס איינציקע צייט־פאַרברענגען איז געווען דער טעאַטער. הגם איך האָב פאַרלאָזן רוסלאַנד אין גאַנצן מיט צוויי און אַ האַלב יאָר פריער, האָב איך זיך שוין ניט געקענט צוגעוווינען צו די לעבנס־באַדינגונגען פון מאָסקווע, און איך מוז מודה זיין, אַז טיף אין האַרצן האָב איך געבענקט נאָך די לעבנס־באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. פאַר מיר איז אָבער געווען קלאָר, אַז ווען איך פאָר ניט אַרויס פון רוסלאַנד און בלייב דאָרט, וואָלט איך זיך זיכער צוגעוווינט צו די דאָרטיקע באַדינגונגען, ווייל די באַדינגונגען ענדערן זיך פאַמעלעך, עוואָלוציאָנער, און דער מענטש וואָס לעבט אין זיי מערקט עס ניט.

ביי דער דערעפענונג פון דעם קאָנגרעס איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע און ווען דער פאָרשטייער פון דער קאָמיסיע האָט איבערגעגעבן, אַז דער פאַרבאַנד „פועלי־ציון" און די ארץ־ישראלדיקע פּאַרטיי האָבן באַקומען אויפן קאָנגרעס באַראַטונגס־רעכט, איז אויך דער דאָזיקער באַשלוס באַשטעטיקט געוואָרן און קיין איין האַנט האָט זיך ניט אויפגעהויבן קעגן. ווי עס ווייזט אויס, האָבן אונדזערע קעגנער באַשלאָסן צו האַנדלען קעגן אונדז אויפן קאָנגרעס גופא אין אַן אַנדערער פאָרעם.

אין קאָנגרעס האָבן אייגנטלעך אָנטייל גענומען דריי יידישע דעלעגאַציעס: צוויי פאָרשטייער פון דער יידישער סעקציע ביי דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, צוויי פאָרשטייער פון פּוילישן „בונד" און מיר. אויב אויפן צווייטן קאָנגרעס האָבן די פאָרשטייער פון דער יידישער סעקציע ביי דער רוסישער פּאַרטיי געקעמפט קעגן דעם פאָרשטייער פון אָ. ב., האָבן זיי דאָס מאָל ניט געקעמפט קעגן אונדז אָפן, נאָר האָבן עס געטאָן דורך דער פּוילישער דעלעגאַציע,

אָדער, ריכטיקער, דורך די „געלערנטע יידן" פון דער דאָזיקער דעלעגאַציע. די פאָרשטייער פון „בונד" זענען געקומען צום קאָנגרעס מיט זייער אָריגינעלע פאָדערונגען. איך געדענק ניט, ווער עס איז געווען דער צווייטער פאָרשטייער, דער ערשטער איז געווען וויקטאָר אַלטער, וועלכער איז שפּעטער אין יאָר 1941 געהרגעט געוואָרן דורך סטאַלינען צוזאַמען מיט הענריק ערליכן. די פאָדערונגען פון „בונד" האָבן אייגנטלעך קיין שום שייכות ניט געהאַט צו יידישע ענינים, זיי האָבן קודם־כל געוואָלט, מען זאָל זיי דערלויבן ניט אָנצו־נעמען די 21 באַדינגונגען און מען זאָל ניט פאָדערן פון זיי, זיי זאָלן אויסשליסן פון זיך די אַלטע רעכטע פירער. זיי האָבן פאַרשפּרייט אַן אויפרוף צווישן די דעלעגאַטן, ווו זיי האָבן אויפגעקלערט דעם מהות פון „בונד" און האָבן נאָ־טירלעך אין דעם דאָזיקן אויפרוף ניט געקענט פאַרשווייגן דעם ענין פון „פּועלי־ציון". אין דעם אויפרוף ווערט געזאָגט, אַז „די פּועלי־ציון פון אַלע שאַטירונגען זענען ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַגענטן פון ציוניסטישן קליינביר־גערטום אין פּראָלעטאַריאַט". אַגב, נאָך אין דער צייט פון קאָנגרעס, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מען האָט געהייסן וויקטאָר אַלטערן פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס און אויך דאָס לאַנד. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער האָט געפּרוּווט אַריבער־שיקן קיין פּוילן געהיימע בריוו, און די דאָזיקע בריוו זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער ווו. טש. ק. (די ספּעציעלע אויסערגעוויינלעכע אַלרוסישע קאָמיסיע פאַרן קאַמף מיט קאָנטררעוואָלוציע און ספּעקולאַציע).

אונדזער דעלעגאַציע האָט ניט געקענט אַוועקשטעלן פאַרן פאָרום פון קאָנגרעס די יידישע פראַגע אין איר פולן פאַרנעם, ווייל אויף דעם סדר־היום פון קאָנגרעס איז ניט געשטאַנען ניט די נאַציאָנאַלע און ניט די קאָלאָניאַלע פראַגע, ווי דאָס איז געווען אויפן צווייטן קאָנגרעס. אונדזערע חברים האָבן געווידמעט זייער צייט קודם־כל די קאָמיסיעס און דאַן אויף פּריוואַטע גע־שפּרעכן, כדי אויפצוקלערן די דעלעגאַטן פון פאַרשיידענע לענדער און פאַרטייען. מיר האָבן פאַרשפּרייט אונדזער מעמאָראַנדום אין פיר שפּראַכן: דייטש, רוסיש, פראַנצויזיש און ענגליש. אָבער די אויפקלערונגען פון די חברים זענען געווען אַזעלכע, אַז אָפט מאָל האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז עס וואָלט אפשר אַ סך בעסער געווען, ווען די חברים קלערן אויף ווייניקער. ווייל לויטן הסכם מיט באַגלערן, וואָס איך בין געווען קעגן אים, האָט ער געהאַט דאָס רעכט אויפ־צוקלערן וועגן דער „עסטרייכישער" פּלאַטפאָרם, נאָר די מיטגלידער פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, אָבער באמת האָבן כמעט אַלע חברים פון אונדזער דעלעגאַציע גערעדט מיט פאַרשיידענע דעלעגאַטן אויסשליסלעך וועגן דער עסטרייכישער פּלאַטפאָרם, ווייל זיי האָבן, ווייזט אויס, געטראַכט, אַז די דאָזיקע פּלאַטפאָרם וועט זיין מער פאַרשטענדלעך פאַר די מענטשן פון פאַרשיידענע

פּאַרטייען. אַפילו די מענטשן פון דער פּוילישער דעלעגאַציע האָבן צום סוף געזאָגט, אַז „מען קען רעדן מיט די מענטשן פון די „פּועלי־ציון". און צום סוף פון קאָנגרעס האָבן די דאָזיקע „אויפקלערונגען" אונדזערע אָנגענומען אַזאַ ריכטונג און פאַרנעם, אַז איך האָב געפאָדערט אַן אָפיציעלע זיצונג פון דער דעלעגאַציע, און דאָ האָב איך די חברים דערקלערט, אַז איך זע זיך, ווי דער סעקרעטאַר פון פאַרבאַנדס־ביוראָ, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דעלעגאַציע, און איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר היטן די ליניע פון דער וועלט־באַוועגונג, און איך פאַרווער אַלע חברים פון דער דעלעגאַציע צו פירן פּריוואַטע אונטער־האַנדלונגען מיט וועמען ס'זאָל ניט זיין, און אַז נאָר חברים פון אַ דעלעגאַציע, וואָס וועלן דורך איר באַפּולמעכטיקט ווערן, וועלן פירן די אונטערהאַנדלונגען. עס איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל, אַלע מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע האָבן מיך שטאַרק אָנגעגריפן. סערפּאָוו האָט דערקלערט, אַז איך נעם זיך אַזעלכע רעכט וואָס קומען מיר ניט, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פּונקט אַזוי ווי איך, און דעריבער וועט ער זיך ניט רעכענען מיט מיין פאַרבאָט. איך האָב דאַן דערקלערט, אַז זיי קענען אַלע טאָן וואָס זייער האַרץ גלוסט, אָבער מיין מיינונג האָב איך געזאָגט און איך שרייב וועגן דעם דעם פאַרבאַנדס־ביוראָ, און פון דעם מאָמענט אָן, וואָס זיי פאָלגן מיך ניט, בין איך מער ניט פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דער דעלעגאַציע. מען האָט אַ ביסל חוזק געמאַכט פון מיר, אָבער עס ווייזט אויס, אַז דער ענין האָט געווירקט אַ ביסל אויף סערפּאָוון, ווייל ער האָט גוט געוווּסט, אַז אויב דאָ אין מאָסקווע זענען די ליקווידאַטאָרן די מערהייט, איז אָבער אין דער וועלט־באַוועגונג און אין פאַרבאַנד־ביוראָ די מערהייט אַן אַנדערע, און דאָרט וועט ער מוזן אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פאַר זיינע מעשים. פון דעם מאָמענט אָן זענען כמעט ניט געווען קיין באַציִונגען צווישן מיר און צווישן די חברים פון דער דעלעגאַציע. איך האָב שוין געוווּסט די באַציִונג פון קאָמאינטערן צו אונדז, און איך האָב קיין אינטערעס ניט געהאַט אַז דער קאָמאינטערן זאָל אָננעמען די „עסטרייכישע" פּלאַטפאָרם. איך האָב גוט געוווּסט, אַז אויב דער קאָמאינטערן נעמט אָן די פּלאַטפאָרם, וועט עס ברענגען צו אַ שפּאַלטונג אין דער באַוועגונג. האָב איך דאַן געווידמעט מיין צייט אויף שרייבן אַרטיקלען אין דער צייטונג פון דער פּאַרטיי „נאַקאַנוניע".

די יידישע סעקציע ביי דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט, ווייזט אויס, באַקומען אָנווייזונגען ניט צו קעמפן קעגן אונדז, נאָר פאַרקערט, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך, אונדז מקרב צו זיין. מסתמא אויף דעם סמך איז פאַר־געקומען אַ בשותּפותדיקע זיצונג צווישן אונדז און די פאָרשטייער פון דער יידישער סעקציע. פון דער סעקציע (יעווביוראָ) האָבן אין דער דאָזיקער זיצונג אָנטייל גענומען ראַפּעס, אסתּר פרומקין און, דאַכט זיך, אויך מערעזשין.

אין דער דאָזיקער זיצונג האָט אונדז ראַפּעס איבערגעגעבן אַ באַריכט, וואָס די יידישע סעקציע האָט אויפגעטאָן אויף אַ פּאָר געביטן. נאַטירלעך איז היינט שווער זיך צו דערמאָנען אַלץ, וואָס ער האָט דאַן דערציילט, אָבער דער איינדרוק איז געבליבן, אַז זיי האָבן ליקווידירט אַ סך זאַכן: זיי האָבן ליקווידירט די קהילות, און בכלל אַלע יידישע אינסטיטוציעס. דאַן האָב איך אים געזאָגט: „מיר הערן, וואָס איר האָט ליקווידירט, אָבער עס איז דאָך אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס איר האָט געשאַפן?" אויף דעם האָט ראַפּעס געענטפערט, אַז זיי האָבן געשאַפן אַ זומער־קאָלאָניע פאַר יידישע קינדער לעבן מאָסקווע, זיי האָבן געפאָדערט פון דער רעגירונג צו פאַרטיידיקן די יידן, וואָס האָבן געלעבט אין די גרענעץ־געביטן ווו עס זענען פאָרגעקומען פּאָגראָמען פון בולאַך־באַלאַכאָוויטש און אַנדערע באַנדיטן. ער האָט אונדז אויך דערציילט, אַז זיי האָבן געמאַכט אַ פּרווו צו דערנענטערן די יידישע באַפעלקערונג צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, אָבער די פּרווון האָבן זיך ניט איינגעגעבן.

אַ פּאָר טעג נאָך דעם האָב איך זיך געטראָפן מיט אונדזערן אַ געוועזענעם חבר, באָרנהאָלץ, וואָס איז דאַן געווען אַ מיטגליד פון מאָסקווער קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. האָט ער מיר דערציילט גענוי, ווי אַזוי די יידישע סעקציע האָט געפּרווט „דערנענטערן די יידן צו פּראָדוקטיוויזאַציע". עס איז איין מאָל געשיקט געוואָרן אַ צירקולאַר צו אַלע אָפּטיילונגען פון דער יידישער סעקציע אין פאַרשיידענע שטעט וועגן דער נויטווענדיקייט צו פאַר־וואַנדלען יידן אין אַ פּראָדוקטיוון עלעמענט. דער צירקולאַר האָט ניט געגעבן קיין שום קאָנקרעטע אָנווייזונגען, ווי דאָס צו מאַכן. בדרך־כלל, האָט דאַן די יידישע סעקציע אין רוסלאַנד פון לאַנג אָן ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונגען מיט יידישע אַרבעטער, זיי האָבן בלויז אויפגעהאַלטן ביוראָס מיט באַאַמטע, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין שום אָפּקלאַנג און קיין שום אָנהאַלט אין דער יידישער באַפעלקערונג. נאַטירלעך, האָט מען אין די ביוראָס פון די אָרטיקע סעקציעס ניט געוווּסט, ווי אַזוי מען פאַרווירקלעכט די דירעקטיוון פון צענטער און וואָס מען דאַרף בכלל טאָן. אַזוי, למשל, איז נאָך אַ געוויסער צייט געקומען אַ תשובה פון דער יידישער סעקציע פון סימבירסק, און אין דעם בריוו האָבן די באַאַמטע דערציילט, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן אויפן געביט פון דער „פּראָ־דוקטיוויזאַציע". נאָכן באַקומען דעם צירקולאַר — זענען זיי אַוועק אין שול און האָבן אַרעסטירט אַלע יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען און וואָס האָבן ניט געהאַט קיין אַרבעט אָדער קיין פּראָפעסיע. נאַטירלעך האָט מען דעם גבאי און דעם שמש ניט אַרעסטירט, ווייל זיי זענען דאָך געווען באַשעפטיקט ביי זייער אַרבעט. מען האָט געהאַלטן די יידן אין תפיסה אַ געוויסע צייט, אָבער, „צום באַדויערן", האָט מען זיי געמוזט באַפרייען, ווייל אין שטאָט האָט מען זיך אָנגע־הויבן וווּנדערן, פאַר וואָס מען אַרעסטירט נאָר יידן ליידיק־גייער און ניט־

יידן ליידיק־גייער לאָזט מען אַרומגיין פריי. אַזוי האָט זיך געענדיקט אין סימבירסק דער „פּרווו צו דערנענטערן יידן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט".

פון דעם פאַרלויף פון קאָנגרעס איז מיר געבליבן אין זיכרון עפּעס פון דעם, וואָס ס'איז דאָרט דיסקוטירט געוואָרן וועגן „נעפּ" (די נייע ווירטשאַפט־לעכע פּאָליטיק), וואָס זי האָט קודם־כל פאַרטיידיקט לענין. אין דער דיסקוסיע האָט אָנטייל גענומען שפּעטער טראָצקי. בעצם איז אין דער רוסישער פּאַרטיי ניט געווען קיין גרויסע קעגנערשאַפט צו דער דאָזיקער נייער ווירטשאַפט־לעכער פּאָליטיק, אַחוץ מצד אַ פּאָר יחידים, און צווישן זיי די קאָלאָנטאַי, וואָס שפּעטער איז זי געווען אַ לאַנגע צייט די סאָוויעטישע אַמבאַסאַדאָרין אין שטאָקהאָלם. אין דער געזעלשאַפט איז די חברטע קאָלאָנטאַי געווען באַוווּסט אַלס ניט זייער אַ שטאַרקע צנועה. און טראָצקי האָט ספּעציעל פּאָלעמיזירט מיט איר. ער האָט זי אָנגעגריפן מיט אַ באַליידיקנדיקן וויץ, וואָס האָט אַרויס־גערופן גרויס געלעכטער אין זאַל. טראָצקי האָט געטענהט, אַז בעצם איז דאָך אויך קאָלאָנטאַי ניט קעגן דעם, די ראַטן־מאַכט זאָל פאַרקויפן די ביימער אין די וועלדער די אויסלענדישע געזעלשאַפטן: „זי איז דאָך אַפילו מסכים, אַז מיר זאָלן זיי געבן די קאָנצעסיעס, און זיי זאָלן קומען אין וואַלד אַליין נעמען די ביימער. איז, וואָס איז אייגנטלעך דער אונטערשייד, אויב מיר וועלן דערלויבן אין לאַנד גופא אונדזערע סוחרים קומען אין וואַלד און צונעמען די ביימער? ווייזט אויס, אַז די אָפּאָזיציע פון דער ח' קאָלאָנטאַי הייבט זיך אָן אין וואַלד..."

אונדזערע חברים האָבן זיך באַטייליקט אין די קאָמיסיעס פון קאָנגרעס מיט באַראַטונגס־רעכט. זיי האָבן אָנטייל גענומען אין פיר קאָמיסיעס. באַטירלעך, האָבן אין אַלע קאָמיסיעס אָנטייל גענומען די ליקווידאַטאָרן. איך האָב זיך באַטייליקט נאָר אין איין קאָמיסיע: אין דער, פאַר די פראַגן פון מזרח, דאָ זענען אַחוץ מיר געזעסן נאָך סערפּאָוו, ווי אַ פאָרשטייער פון פאַרבאַנד, יאַשאַ ריזשיק, ווי דער פאָרשטייער פון ארץ־ישראל, און נאַגלער, דער פאָרשטייער פון עסטרייך. אין דער קאָמיסיע וועגן דעם אינערלעכן מצב פון רוסלאַנד האָט גענומען אָנטייל סערפּאָוו, ווי אַ פאָרשטייער פון עסטרייך. ער האָט אויך אָנטייל גענומען אין דער קאָאָפּעראַטיווער קאָמיסיע.

אין דער קאָמיסיע, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט די פראַגן פון מזרח, האָט מען אַוועקגעלייגט אויפן טיש די טעזן פון רויען פון אינדיע, און די טעזן פון סולטאַן זאַדע פון פערסיע.ביידע פאַרשלאַגן האָבן זיך ניט אַזוי שטאַרק אונטערשיידט אין דער אָפּשאַצונג פון דער דעמאָלטדיקער לאַגע אויפן ווייטן און נאָענטן מזרח. בלויז אין די פּראַקטישע אַרויספירן זענען זיי געווען פאַרשיידן. אין דער צייט, ווען סולטאַן זאַדע האָט פאָרגעשלאָגן צו שטיצן די

„נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע" באַוועגונגען, האָט רוי פאָרגעשלאָגן זיי ניט צו שטיצן. בעצם האָט זיך איבערגעחזרט דער וויכוח פון צווייטן קאָנגרעס. מיר האָבן נאַטירלעך באַשלאָסן צו שטיצן די פאָרשלאָגן פון רויען און צוגעגעבן נאָך אַ פּאָר פונקטן בנוגע ארץ־ישראל. אָבער די דאָזיקע פאָרשלאָגן זענען ניט געקומען צו דער אָפּשטימונג אויפן קאָנגרעס, ווייל די עקזעקוטיווע האָט געטראַכט, אַז עס איז נאָך ניט געקומען די צייט צו רעווידירן לעניגס טעזן פון צווייטן קאָנגרעס.

אין דער קאָמיסיע פאַר די אָרגאַניזאַציע־פראַגן האָט מען ניט באַרירט קיין שום פּרינציפּיעלע ענינים, אָבער דער פאָרשטייער פון דער פּוילישער פּאַרטיי האָט געפּרוווט אַריינטראָגן אַ פאָרשלאַג, לויט וועלכן אָרגאַניזאַציעס אָדער פּאַרטייען, וואָס ווילן זיך אָנשליסן אין קאָמאינטערן, קענען זיך ניט ווענדן דירעקט צום עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, נאָר מוזן עס טאָן אויסשליסלעך דורך די אָרטיקע פּאַרטייען. דער דאָזיקער פאָרשלאַג וואָלט געקענט אונדז שטאַרק טרעפן, אַזוי אויך דעם „בונד". ער וואָלט אייגנטלעך איבערגעגעבן אין די הענט פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי דעם גורל פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג. אָבער קעגן דעם פאָרשלאַג איז אַרויסגעטראָטן טראָצקי, ער האָט אויפגעקלערט, אַז אַזאַ מין באַשלוס שטייט אין סתירה צום צענטראַליסטישן בוי פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

אַזוי ווי מיר האָבן ניט געהאַט קיין שום מעגלעכקייטן צו ברענגען פאַרן קאָנגרעס וועלכע ניט איז פאָדערונגען, האָט די דעלעגאַציע באַשלאָסן אַריינצוטראָגן אין קאָנגרעס צוויי רעזאָלוציעס: איינע וועגן די פּאָגראָמען אויף יידן, און די צווייטע וועגן די פּאָגראָמען און רדיפות קעגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ארץ־ישראל. ווייל צו יענער צייט זענען שוין דערגאַנגען צו אונדז ידיעות וועגן פּאָגראָם אין יפו דעם 1טן מאַי 1921, בעת וועלכן ס'איז דערהרגעט געוואָרן ברענער. מיר האָבן טאַקע אַריינגעטראָגן דיביידע רעזאָלוציעס, אָבער דאָס פּרעזידיום פון קאָנגרעס האָט באַשלאָסן, אַז עס איז ניט כדאי מען זאָל דיסקוטירן די פאָרמולירונג פון די רעזאָלוציעס, וואָס זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן, ווי, למשל, די רעזאָלוציע, וואָס פּראָטעסטירט קעגן דעם ווייסן טעראָר אין רומעניע אָדער דעם אויפרוף צום וועלט־פּראָלעטאַריאַט וכדומה, און האָט פאָרגעשלאָגן, דער קאָנגרעס זאָל אָננעמען די אַלע רעזאָלוציעס אין פּרינציפּ און איבערגעבן זיי צו דער ענדגילטיקער רעדאַקציע דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. צווישן אַלע רעזאָלוציעס זענען אויך געוועןביידע אונדזערע, און דאָס פּרעזידיום האָט דערקלערט, אַז עס איז ניטאָ קיין קעגנערשאַפט צו די אַלע רעזאָלוציעס און דעריבער ווערן אַלע מאַניפעסטן און רעזאָלוציעס אָנגענומען איינשטימיק און ווערן איבערגעגעבן דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט צום רעדאַגירן.

איך ברענג דאָ דעם טעקסט פון אונדזערעביידע רעזאָלוציעס.

די רעזאָלוציע קעגן די פּאָגראָמען:

„אין קאַמף קעגן דער אַלץ וואַקסנדיקער קאָמוניסטישער באַוועגונג באַנוצן זיך די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען מיט די אויסגעפּרוווטע מיטלען, ווי די נאַציאָנאַלע העצע און פּאָגראָמען.

אין רוסלאַנד און אוקראַיִנע זענען אַ דאַנק דער עקזיסטענץ און דער פאַרשטאַרקונג פון דער ראַטן־מאַכט אָפּגעשטעלט געוואָרן די בלוטיקע פּאָגראָמען פון די באַנדעס פון פּעטלוראַ און דעניקין, וואָס האָבן געדראָט דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג מיט אַ פולשטענדיקער פאַרניכטונג. אויף אַזאַ אופן זענען פאַרזיכערט געוואָרן דאָס לעבן און די פרייהייט פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. אָבער די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע כוחות האָבן זיך באַמיט אויך דאָ מיט דער הילף פון אָרגאַניזירטע באַנדעס אָנצוגרייפן די יידישע באַפעלקערונג און אַזוי אַרום אונטערצוגראָבן די אויטאָריטעט פון דער ראַטן־מאַכט. דאָס יידישע בירגערטום האָט אויסגענוצט דעם אויפשטאַנד פון די דאָזיקע באַנדעס כדי אין אייראָפּע און אַמעריקע צו וואַרפן די שולד פאַר דער עקזיסטענץ פון די רעאַקציאָנערע רעשטלעך פון פּעטלוראַ און דעניקין, וואָס עס האָט זיי אַליין געשטיצט אין אַלע לענדער — אויף דער ראַטן־מאַכט.

דער קאָנגרעס שטעלט פעסט, כלפּי דער גאַנצער וועלט, אַז בלויז די סאָוויעטישע פּראָלעטאַרישע רעגירונג פון רוסלאַנד און אוקראַיִנע האָט פאַרטיידיקט די יידישע מאַסן קעגן דער אַלגעמיינער פאַרניכטונג און אַז אויף להבא וועט נאָר די עקזיסטענץ און די פאַרשטאַרקונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור קענען פאַרזיכערן די לאַגע און די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, ווי בכלל פון די אַרבעטער פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וועלכע זענען איצט באַפרייט געוואָרן פון דער צאַרישער אונטערדריקונג.

אויב די טעטיקייט פון די פּאָגראָם־העלדן, וואָס געפינען זיך אויסער די גרענעצן פון דער סאָוויעטישער רעפּובליק קאָנצענטרירן זיך אין די ערטער פון די יידישע ישובים, האָבן זיך די שכנותדיקע רעאַקציאָנערע רעגירונגען — פּוילן און רומעניע — באַמיט מיט דער הילף פון געדונגענע באַנדיטן און געהיימע אַגענטן אַריבערצופירן די כוואַליע פון פּאָגראָמען אין די געביטן פון זייערע לענדער, וואָס גרענעצן זיך מיט דעם סאָוויעטישן רוסלאַנד און דורך דער אויסברייטערונג פון דעם אַנטיסעמיטיזם גורם זיין צו אומרוען אין די דאָזיקע געביטן און דורך דעם צום פאַלן פון דער סאָוויעטישער רעגירונג.

דער קאָנגרעס ציט די אויפמערקזאַמקייט פון די יידישע פּראָלעטאַריער

צו דער דאָזיקער דערשיינונג און דריקט אויס זיין ביטחון, אַז עס וועט געלינגען דער סאָוויעטישער רעגירונג גובר צו זיין די דאָזיקע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פּרווון. דער יידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־קלאַס וועט מיט אַ פּאַר־טאָפּלטער ענערגיע פאָרזעצן זיין קאַמף פאַר דעם ענדגילטיקן ניצחון פון קאָמוניזם.

אין פּוילן, רומעניע און אונגאַרן איז די העצע צו פּאָגראָמען אַן איינ־טעגראַלער טייל פון דער רעגירונגס־שיטה. האַלער, זשעליגאָווסקי, באַלאַכאָוויטש, פּעטליוראַ און סאַווינקאָוו אָרגאַניזירן סיסטעמאַטישע פּאָגראָמען אין די געביטן פון ליטע, ווייסרוסלאַנד און אוקראַינע, וואָס זענען פאַרנומען דורך פּוילן. אין פּוילן גופא ווערן די אומצופרידנקייט און די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען פון דעם אַרבעטער־קלאַס און פון די פּויערים געוואָנדן דורך דער אַנטיסעמיטישער העצע פון די אָנפירער פון דעם הערשנדיקן קלאַס קעגן דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. די נאַציאָנאַלע רדיפות און דער עקאָנאָמישער באָיקאָט באַדראָען דעם עצם קיום פון דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג און צווינגען זי צו מאַסן־אויסוואַנדערונג.

דאָס יידישע בירגערטום אין פּוילן דעקט די דאָזיקע מעשים־תעתועים פון דעם הערשנדיקן קלאַס דערמיט, וואָס עס אינסצעניזירט צוזאַמען מיט די פּאָגראָם־העלדן די פאַרשטענדיקונג־קאָמיסיע, וועלכע העלפט אין דער ווירק־לעכקייט בלויז צו פאַרטושן דעם קלאַסן־באַוווסטזיין פון יידישן פּראָלעטאַריאַט און ריינצווואַשן די פּאָגראָם־רעגירונג. די יידישע און פּוילישע סאָציאַל־פּאַטריאָטן, פאַררעטער פון אַרבעטער־קלאַס, דאַשינסקי און שיפּער גיבן ביידע זייער ברכה צו די דאָזיקע פאַרברעכערישע מעשים פון דעם בירגערטום. נאָר דער בשותפותדיקער קאַמף פון די פּוילישע און יידישע קאָמוניסטישע אַרבעטער פאַר דער עקזיסטענץ פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין פּוילן קען פאַר־זיכערן די אמתע יידיש־פּוילישע פאַרשטענדיקונג.

אין רומעניע ווערן די אַכזריותדיקע פאַרפאָלגונגען פון די קאָמוניסטן באַגלייט טאָג־טעגלעך דורך פּאָגראָמען אויף יידן. די באָיאַרן מיינען דערמיט איינצוהאַלטן זייער ברוטאַלע קלאַסן־דיקטאַטור און שאַפן אַ וואַנט קעגן דער רעוואָלוציע, וואָס אַנטוויקלט זיך אַלץ מער: דאָס שטערט אויף קיין פאַל ניט דער יידישער פינאַנץ־בורזשואַזיע אַקטיוו צו שטיצן די רומענישע אַקציעס אויף דער וועלט־בערזע.

אויך אין מיטל־אייראָפּע איז די יידן־העצע אַן אַקטיווער כלי־זין פון דער מאָנאַרכיסטישער רעאַקציע. און פון דעסטוועגן באַקומט איר פאַרבינדעטער — די רוסישע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע עמיגראַציע — די פולשטענדיקע שטיצע מצד די יידישע ליבעראַלן און דעם ציוניסטישן בירגערטום.

**אַ קלאַסישער ביישפּיל פון דעם פּאָגראָמישן וועזן פון אימפּעריאַליזם איז די ענגלישע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל. די ענגלישע אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורכן פעלקער־בונד צו הערשן איבערן לאַנד, און וואָס איז אויפגענומען געוואָרן דורכן יידישן שאָוויניסטישן בירגערטום מיט גרויס שמחה, העצט איין טייל פון דער באַפעלקערונג קעגן דעם צווייטן, כדי אויך דאָ אָפּצווענדן די אומצופרידנהייט פון די אַרבעטנדיקע מאַסן קעגן זייערע חברים פון צווייטן פאָלק. די באַלעבאַטים פון די גרויסע לאַטיפונדיעס, די עפענדיס און שייכן, כדי ניט צו פאַרלירן זייער הערשאַפט און עקספּלאָאַטאַציע־מעגלעכקייטן, דינען מיט פאַרגעניגן דער דאָזיקער פּאָליטיק. זיי נאַרן אָפּ די מאַסן מיט לאָזונגען פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג און האַלטן זיי אָפּ פון קלאַסן־קאַמף. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, די יידישע גבירים, ווי אויך די סאָציאַל־שאָוויניסטישע פּאַרטיי פון די אַרבעטער, וואָס איז פאַרבונדן מיטן צווייי מיט אַ האַלבן אינטערנאַציאָנאַל, פאַרשאַרפן נאָך מער די נאַציאָנאַלע רייבונגען דורך זייער שאָוויניסטישער פּאָליטיק.**

**די פּאָגראָמען אין יפו און אין די קאָלאָניעס, ווי חדרה, פתח־תקווה, וכדומה, דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער פּאָליטיק פון די ענגלענדער, ציוניסטן און די עפענדיס אין ארץ־ישראל — די נייסטע קאָלאָניע פון דער ענגלישער רויבער־מדינה.**

**אונטער דער אָנפירונג פון ענגלאַנד קעמפן די עפענדיס און די ציוניסטן קעגן דער יונגער קאָמוניסטישער באַוועגונג, וואָס איז אַנטשטאַנען אין לאַנד, און וואָס פירט די אַראַבישע און יידישע אַרבעטער צום בשותפותדיקן קאַמף קעגן די עקספּלאָאַטאָרן פון זייערע פעלקער און קעגן די ענגלענדער.**

**דער קאָנגרעס ציט די אויפמערקזאַמקייט פון די יידישע אַרבעטער אין דער גאַנצער וועלט אויף דעם אמתן מהות פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק פון ענגלאַנד און פון יידישן בירגערטום און פאָדערט פון יידישן אַרבעטער־קלאַס צו פאַרשטאַרקן זיין קאַמף קעגן ביידן.**

**דער קאָנגרעס פאָדערט פון די קאָמוניסטישע לאַנדעס־סעקציעס זיי זאָלן ווענדן זייער אויפמערקזאַמקייט צו דער סכנה פון נאַציאָנאַלער העצע און פון פּאָגראָמען אין זייער קאַמף קעגן די הערשנדיקע קלאַסן, כדי מער מצליח זיין אין דער דאָזיקער מלחמה".**

די רעזאָלוציע וועגן די רדיפות קעגן דער פּאַלעסטינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי:

**„צו די אוממענטשלעכע רדיפות קעגן די קאָמוניסטן אין אַלע לענדער פון מיטל־ און מערב־אייראָפּע קומען אויך צו די רדיפות קעגן דער יונגער**

קאָמוניסטישער באַוועגונג אויפן נאָענטן מזרח. אין דער דאָזיקער אַטמאָספערע, וואָס איז פאַרסמט דורך די ענגלישע קאָלאָניאַלע אָקופּאַנטן, ביי דעם רעלי־גיעזן פאַנאַטיזם און דער נאַציאָנאַלער שנאה, האָט די ארץ־ישראלדיקע קאָמו־ניסטישע פּאַרטיי געגומען אויף זיך די איניציאַטיוו ברענגען צו דער מלחמה קעגן די ענגלישע אָקופּאַנטן, קעגן די אַראַבישע שייכן און עפענדיס, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט צו ענגלאַנד און צו פראַנקרייך, און קעגן דער שאָוויניס־טישער יידישער בורזשואַזיע — דעם אַראַבישן און יידישן אַרבעטער־קלאַס דורך רעוואָלוציאָנערע, בשותפותדיקע, פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן און דורך דער פאַראייניקטער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַלער פּאַרטיי.

די פּייערונג פון דריטן יאָר פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און די פּייערונג פון ערשטן מאַי פון יאָר 1921, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אונטער דער פאָן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, האָבן גורם געווען צו אַ ווילדער העצע קעגן קאָמוניסטן. אַלע אַרבעטער, וואָס אויף זיי איז געפאַלן דער חשד פון קאָמוניזם, זענען אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זייער אַרבעט און אַ גרויסע צאָל פון זיי איז אויך אַרעסטירט געוואָרן.

דער קאָנגרעס דריקט אויס די חברים אין ארץ־ישראל, וואָס קעמפן אין אַזעלכע שווערע באַדינגונגען, זיין פולע סימפּאַטיע. אין דעם קאַמף פאַר דעם קאָמוניזם וועלן מיר מנצח זיין".

איך האָב געבראַכט דיביידע רעזאָלוציעס ניט דערפאַר, וואָס זיי באַ־פרידיקן מיך איצט — ריכטיק איז דאָס פאַרקערטע, אָבער קודם־כל וויל איך ניט פעלשן די געשיכטע און באַהאַלטן עפּעס, און צווייטנס מיין איך, אַז פאַר די קומענדיקע דורות זענען זייער באַלערבאַר אי אונדזער אָנטייל אין קאָנגרעס, אי די דאָזיקע ביידע רעזאָלוציעס אונדזערע. בעיקר וואָלט איך געעצהט גוט זיך צו פאַראינטערעסירן מיט דער גאַנצער געשיכטע פון דער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי (מפּ"ם).

דער קאָנגרעס האָט זיך פאַרענדיקט דעם 12טן יולי. אין די לעצטע טעג פון קאָנגרעס האָבן מיר פאַרשטאַנען אַז דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט וועט שוין ניט באַשטימען אין אונדזער ענין, און אַז ער וועט זיך דערמיט פאַרנעמען נאָכן קאָנגרעס. אונדזערע חברים האָבן זיך געוואָנדן צום פאָרזיצער פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל — זינאָוויעוו און צום רעפערענט אין אונדזער פראַגע — דעם ח' ראַדעק און זיי געבעטן צו באַהאַנדלען אונדזער ענין צוזאַמען מיט אונדז, איידער זיי וועלן אים ברענגען צו דער זיצונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. ביידע חברים האָבן מסכים געווען אויסצוהערן אונדז איידער זיי וועלן ברענגען די פראַגע צום עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. האָט אויך דער ח' טראָצקי, וואָס אויך

מיט אים האָבן די חברים גערעדט, פֿאַרזיכערט צו פֿאַראינטערעסירן זיך מיט אונדזער מעמאָראַנדום, כדי זיך אַליין צו שאַפֿן אַ מיינונג אין דעם דאָזיקן ענין.

בדרך כלל זענען אַלע חברים פֿון אונדזער דעלעגאַציע, אַחוץ נאַטירלעך איך אַליין, געווען אין אַ זייער אָפּטימיסטישער שטימונג נאָך די אַלע פֿאַר־זיכערונגען, וואָס זיי האָבן באַקומען פֿון אַלע זייטן. זיי אַלע האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז די באַציִונג צו אונדז האָט זיך געענדערט צום גוטן. אָבער ווי עס איז שפּעטער קלאָר געוואָרן, איז די לאַגע גאָרניט געווען אַזאַ. אונדזערע חברים האָבן שפּעטער געמיינט, אַז עס איז דווקא פֿאָרגעקומען אין באַציִונג צו אונדז אַן ענדערונג צום שלעכטן דערפֿאַר, וואָס די מיטגלידער פֿון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָבן זיך דערוווּסט, אַז ביי אונדז איז דאָ אַ שטאַרקע מינדערהייט, וואָס איז גרייט מוותר צו זיין אויף ארץ־ישראל.

עס איז באמת ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער דאָזיקער פֿאַקט האָט משפּיע געווען פֿאַטאַל. אָבער אין דעם באַריכט, וואָס מיר האָבן שפּעטער אַרויסגעגעבן אין ווין און וואָס זיין גרעסטער טייל איז געשריבן געוואָרן דורך סערפּאָוון, ווערט געזאָגט, אַז די חברים פֿון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָבן זיך דערוווּסט וועגן אונדזער „רעוואָלוציאָנערער" אָפּאָזיציע דערפֿון, וואָס קאַרפּ האָט זיי איבערגעגעבן און דערפֿון, וואָס דווקא אין יענער צייט איז אָנגעקומען קיין מאָסקווע די צייטונג פֿון דער טשעכישער פּאַרטיי „דער פֿונקע", מיט דער רעזאָלוציע פֿון דער פּאַרטיי, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער קאָנ־פֿערענץ, אַז די פּאַרטיי שליסט זיך אָן אין דער „עסטרייכישער" פּלאַטפֿאָרם. פֿאַר מיר איז קלאָר, אַז סערפּאָוו האָט עס געשריבן, כדי זיך ריינצווואַשן פֿאַר זיין גאַנצער אויפֿפֿירונג אין מאָסקווע, ווו ער האָט מיט אַלעם צוגעהאָלפֿן אונדזערע ליקווידאַטאָרן. דער אמת איז, אַז די מיטגלידער פֿון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָבן דאָך ניט געדאַרפֿט האָבן די אינפֿאָרמאַציע ניט פֿון קאַרפּן און ניט פֿון „דער פֿונקע", ווייל נאַגלער און די גאַנצע ליקווידאַטאָרישע חבריה האָבן דאָך געפֿירט אומאויפֿהערלעכע אונטערהאַנדלונגען מיט די אַלע, וואָס האָבן נאָר געהאַט חשק זיי אויסצוהערן. אין משך פֿון צוויי חדשים האָבן זיי זיך באַמיט אַלעמען איבערצוצייגן, אַז מען דאַרף בכלל ניט האָבן קיין אָנערקענונג ניט נאָר פֿאַרן פּונקט פֿון ארץ־ישראל, נאָר אַפֿילו פֿאַר דעם פּונקט וועגן די ספּעציפֿישע נויטן פֿון יידישן אַרבעטער. האָט, בכן, ניט די דערמאָנטע איב־פֿאָרמאַציע גורם געווען, אַז די באַציִונג צו אונדז זאָל זיך ענדערן צום שלעכטן. דער עצם פֿאַקט, אַז אין אונדזער דעלעגאַציע זענען געווען מענטשן, וואָס זענען שוין ניט געווען קיינע „פּועלי־ציון" און האָבן באַקומען די פֿולע שטיצע פֿון סערפּאָוון איז גענוג געווען מיר זאָלן ליידן די מפּלה.

ניט זינאָוויעוו, ניט ראַדעק און ניט טראָצקי האָבן ניט מקיים געווען זייערע

הבטחות. די זיצונג פון נייעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אויפן קאָנגרעס, איז פאָרגעקומען דעם 13טן יולי. מיר האָבן געוווסט וועגן דער דאָזיקער זיצונג, אָבער אונדז איז אין קאָפּ ניט געקומען, אַז תיכף אויף מאָרגן נאָכן שליסן דעם קאָנגרעס וועט קומען צום סדר היום אונדזער פראַגע. דער גאַנצער גאַנג פון די ענינים אויף דער דאָזיקער זיצונג איז אונדז שפּעטער באַוווסט געוואָרן פון אונדזער חבר יאַשאַ ריזשיק, וואָס האָט צופעליק בייגעוווינט די דאָזיקע זיצונג, אָבער ער האָט ניט געקענט זיך אַריינמישן. אין דער צייט פון דער זיצונג האָט זיך אין צימער אַרומגעדרייט אויך קאַרפּ, עס ווייזט אויס, אַז די זיצונג איז געווען ניט קיין געשלאָסענע און עס האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט אַ סך דעלעגאַטן. ריזשיק האָט דערציילט, אַז ווען זינאָוויעוו האָט דערזען קאַרפּן, האָט ער זיך געוואָנדן צו עמעצן און געפרעגט „וואָס דרייט זיך דאָ אַרום דער מצרישער ייד (עגיפּעטסקי יעווריי) — קאַרפּ האָט געהאַט עפּעס אַ מאַנדאַט פון מצרים.

דער פאָרזיצער האָט איבערגעגעבן אַלע ענינים, וואָס זענען געבליבן אויפן סדר־היום נאָך פון דעם פריערדיקן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און צווישן אַנדערן האָט ער אויך דערמאָנט אונדזער פראַגע, און תיכף זי אָוועקגעשטעלט אויפן סדר־היום. ווייזט אויס, אַז מען האָט שוין פון פריער צווישן זיך באַשלאָסן וועגן דעם ענין און געוואָלט פּטור ווערן פון אים, וואָרעם אַז ניט, איז ניט פאַרשטענדלעך, פאַר וואָס מען האָט פון אַלע פראַגן אויסגעקליבן דווקא אונדזער ענין. עס איז פאָרגעקומען אַ קורצער וויכוח און זינאָוויעוו און ראַדעק האָבן פאָרגעשלאָגן אויסצוקלייבן אַ קאָמיסיע פון דריי חברים — קענען, פון דער דייטשער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וועלכער האָט זיך שפּעטער באַטייליקט אין אונדזער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ אין דאַנציג אין יאָר 1922, ראַקאָש, פון דער אונגאַרישער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וואָס איז געזעסן שפּעטער אַ צוואַנציק יאָר אין תפיסה ביים דיקטאַטאָר האָרטי און נאָך שפּעטער געווען אין משך פון אַ פּאָר יאָר דער פּרעמיער־מיניסטער פון דער אונגאַרישער רעגירונג נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, און סיאָלאַ, אַ מיטגליד פון דער פינישער קאָמוניסטישער פאַרטיי. די דאָזיקע קאָמיסיע האָט עס געדאַרפט פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער דעלעגאַציע פון פּועלי־ציון, אָבער דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט שוין לכתחילה געגעבן דעם יסוד פון די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען און אַזוי אַרום באַשטימט דעם גאַנצן ענין לכתחילה אַזוי, אַז אייגנטלעך איז די קאָמיסיע שוין געווען אין גאַנצן איבעריק. די דירעקטיוון, וועלכע דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט געגעבן, זענען געווען פאָלגנדיקע:

א. מוותר זיין אויף ארץ־ישראל, ווי אויף אַ זעלבשטענדיקן פּונקט אין פּראָגראַם.

ב. ליקווידירן דעם וועלט־פאַרבאַנד ווי אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע.

ג. תיכף ומיד זיך אַנשליסן ווי יידישע סעקציעס צו די אָרטיקע קאָ־מוניסטישע לאַנדעס־פּאַרטייען.

זינאָוויעוו און ראַדעק האָבן מאָטיווירט זייער פאָרשלאַג אויף אַזאַ אופן: ביי די „פּועלי־ציון" איז דאָ אַ רעוואָלוציאָנערע מינדערהייט, וואָס שטרעבט דערצו, אַז דער פאַרבאַנד זאָל מוותר זיין אויף ארץ־ישראל. דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט דאַרף זיך דאָ פירן ווי ער פירט זיך שטענדיק — שטיצן די רעוואָ־לוציאָנערע מינדערהייט. באַטירלעך, אַז דער דאָזיקער פאָרשלאַג איז שטאַרק אונטערגעשטיצט געוואָרן דורך דעם פאָרשטייער פון דער פוילישער פאַרטיי — וואַלעצקי (דער ייד האָרוויץ, וואָס איז שפּעטער, אין יאָר 1938, ליקווידירט געוואָרן דורך סטאַלינען אין רוסלאַנד). קעגן דעם דאָזיקן באַשלוס זענען אַרויסגעטראָטן די חברים העקערט פון דער דייטשער פּאַרטיי און בוכאַרין. העקערט האָט געזאָגט, אַז עס עקזיסטירט אַ ספּעציפישע פראַגע פון די יידישע אַרבעטער, וואָס דריקט זיך אויס אין די וואַנדערונגען און, יעדנפאַלס, קען מען ניט אַריבערגיין מיט שטילשוויגן איבער דעם דאָזיקן פּראָבלעם פון עמיגראַציע. דעריבער לייגט ער פאָר ניט געבן קיינע דירעקטיוון דער קאָמיסיע.

אויך בוכאַרין האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן געבן יעטוועדע דירעקטיוון דער קאָמיסיע. „איך האָב גערעדט מיט די חברים פון „פּועלי־ציון", האָט ער געזאָגט. די יידישע אַרבעטער לעבן זיכער אין ספּעציפישע באַדינגונגען, איך בין איבערצייגט, אַז די קאָמיסיע צוזאַמען מיט דער דעלעגאַציע וועט געפינען די ריכטיקע פאָרעם פאַר דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן אַנשלוס". די פאָרשלאַגן פון העקערטן און בוכאַרינען האָבן ניט געהאַט קיין אָפּקלאַנג אויף דער זיצונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, ווייל די מיטגלידער פון קאָמיטעט זענען באמת געווען זיכער, אַז ביי אונדז עקזיסטירט אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע אָפּאָזיציע, וואָס זיי דאַרפן זי שטיצן. אַזוי אַרום זענען מיט אַ מערהייט אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאַג און די דירעקטיוון פון זינאָוויעוו־ראַדעק.

אונדזערע חברים האָבן געהאָפט, אַז אפשר וועט מען נאָך קענען אין דער דאָזיקער קאָמיסיע קעמפן פאַר אונדזער פּראָגראַם פון פאַרבאַנד, אָדער פאַרן „עסטרייכישן" פּראָגראַם, אָבער זיי האָבן זיך שנעל איבערצייגט, אַז עס זע־נען ניטאָ קיין שום האָפענונגען און שאַנסן דערצו. דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע — ראַקאָשי — האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די קאָמיסיע איז געבונדן מיט די דירעקטיוון, וואָס זי האָט באַקומען פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, און מיט די גאַנצע סימפּאַטיעס זיינע צו אונדז, דאַרף ער, ווי דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע אויספירן די דירעקטיוון פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. עס האָט גאָר קיין צוועק ניט צו דיסקוטירן, ווייל דאָס קען גאָרניט ענדערן. ראַקאָשי האָט געזאָגט,

אַז די קאָמיסיע דאַרף צוגרייטן דעם בריוו צו די מיטגלידער פון „פועלי־ציון״־פאַרבאַנד אין גייסט פון די דירעקטיוון און אפשר בעטן די חברים פון „פועלי־ציון״ צו העלפן רעדאַגירן דעם בריוו. סערפּאָוו האָט געענטפערט, אַז היות ווי ער זעט ניט קיין יסוד צו אונדזער אָנשלוס צום קאָמאינטערן אויפן גרונט פון די דירעקטיוון פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, קענען מיר זיך ניט באַטייליקן אין אויסאַרבעטן דעם בריוו, אָבער ער, סערפּאָוו, בעט ראַקאָשין איבערגעבן דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, אַז ער זאָל באַווייליקן אויסהערן אונדז אויף דער זיצונג, ווו די קאָמיסיע וועט ברענגען איר באַריכט אין אונדזער פראַגע. ראַקאָשי האָט צוגעזאָגט איבערצוגעבן די בקשה דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.

דערמיט, אייגנטלעך, האָט זיך פאַרענדיקט דער גאַנצער אָפיציעלער משא־ומתן מיטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. איך האָב פאָרגעשלאָגן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע מיר זאָלן פאַרלאָזן מאָסקווע און פאָרן אַהיים. אָבער די חברים האָבן באַשלאָסן נאָך צו וואַרטן, אפשר וועלן זיי ווערן איינגעלאַדן דורכן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט צו געבן אונדז די מעגלעכקייט צו לאָזן הערן אונדזערע טענות. און דאַן האָבן זיך געוואָנדן צו דער דעלעגאַציע די חברים, וואָס האָבן געהאַלטן פון דער „עסטרייכישער״ פּלאַטפאָרם און געבעטן אַ דערלויבעניש, לויטן הסכם מיט נאַגלערן, איבערצוגעבן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע די „עסטרייכישע״ פּלאַטפאָרם, און מעלדן איר, אַז די מינדערהייט האַלט די פּלאַטפאָרם פאַרן מינימום, און אויב דער עקזעקוטיוו וועט ניט אָננעמען דעם דאָזיקן מינימום, דאַן וועלן אויך זיי, די רעוואָלוציאָנערע מינדערהייט ניט קענען אין פאַרבאַנד פאַרטיידיקן די באַדינגונגען, וואָס דער קאָמאינטערן שטעלט אַוועק פאַר אונדז. נאַטירלעך האָב איך זיך קעגנגעשטעלט דערצו, הגם די מינדערהייט האָט דאָך סיי ווי די גאַנצע צייט געפירט אונטערהאַנדלונגען אויף דער באַזע פון דער „עסטרייכישער״ פּלאַטפאָרם, אָבער איך האָב ניט געוואָלט געבן דערויף קיין אָפיציעלן הכשר. די מינדערהייט האָט דערקלערט, אַז אויב זי וועט ניט קריגן דעם הכשר פון אונדז, וועט זי עס טאָן אויף איר אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און סערפּאָוו האָט מסכים געווען אונטער דער דראָונג. איך בין ניט זיכער, צי דער גאַנצער ענין איז ניט געווען לכתחילה אָפּגערעדט מיט סערפּאָוון, ווייל ער האָט משמעות געוואָלט האָבן די מעגלעכקייט שפּעטער זיך צו באַרעכטיקן. די דעלעגאַציע האָט אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע: „אונטער דעם דרוק פון די אומשטענדן דערלויבן די חברים פון דער מינדערהייט פאָרצושטעלן פאַרן פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע די „עסטרייכישע״ פּלאַטפאָרם אַלס מינימום מצד דער כלומרשט „רעוואָלוציאָנערער״ מינדערהייט. אָבער דאָס איז בתנאי, אַז אויב דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט

וועט ניט אָננעמען די „עסטרייכישע״ פּלאַטפאָרם, וועט די מינדערהייט ניט מאַכן קיין שום נייע שריט און וועט תיכף פאַרלאָזן מאָסקווע״.

די מינדערהייט האָט דערקלערט פייערלעך, אַז זי נעמט אָן דעם דאָזיקן תנאי. אויפן יסוד דערפון זענען די חברים נאַגלער און פאלק געגאַנגען צו ראַקאָשין און האָבן אים פאָרגעשלאָגן די „עסטרייכישע״ פּלאַטפאָרם. ראַקאָשי, וועלכער האָט זיך בכלל באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו אונדזערע פאָדערונגען, האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון דער מינדערהייט און האָט פאַרזיכערט צו ברענגען דעם דאָזיקן פאָרשלאַג צום עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.

נאָך אַ פּאָר טעג האָבן די חברים נאַגלער און פאַלק איבערגעגעבן דער דעלעגאַציע, אַז ראַקאָשי האָט זיי צו וויסן געגעבן, אַז דאָס קליינע ביוראָ פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע אָפּגעוואָרפן די „עסטרייכישע״ פּלאַטפאָרם און האָט באַשטעטיקט די דירעקטיוון פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט: פאָדערן פון די „פּועלי־ציון״ תיכף ומיד אַריינצוטרעטן ווי סעקציעס אין די לאַנדעס־פּאַרטייען מיט די אויפגאַבן פון דער יידישער סעקציע, ווי די פון דער יידישער סעקציע ביי דער רוסישער קאָמוניסטישער פאַרטיי, ד. ה. מיט די אויסשליסלעכע אויפגאַבן נאָר פון אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע. נאַגלער און פאַלק האָבן אונדז איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי נעמען ניט אָן דעם דאָזיקן באַשלוס און זאָגן זיך אָפּ אָנטייל צו נעמען אין דער פאָרמולירונג פון דעם בריוו צום „פּועלי־ציון״־פאַרבאַנד.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט די אַרבעט פון דער מינדערהייט, און נאָך דעם האָט דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע ראַקאָשי דערקלערט, אַז היות ווי דאָס קליינע ביוראָ האָט שוין באַשלאָסן אין דער זאַך, וועט דער ענין מער ניט קומען צו דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט.

דערמיט אייגנטלעך האָט זיך פאַרענדיקט די אַרבעט פון דער דעלעגאַציע, און זי האָט געקענט שוין פאַרלאָזן מאָסקווע. ווי מיר איז געווען באַוווּסט האָט נאַגלער באַשלאָסן ניט צו פאַרלאָזן מאָסקווע בכלל, און האָט באַקומען דאָרט עפּעס אַ הויכן פּאָסטן.

איך בין געווען שטאַרק צופרידן, וואָס דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט ניט אָנגענומען די „עסטרייכישע״ פּלאַטפאָרם, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז דאָס מוז ברענגען צו אַ שפּאַלטונג. פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז אויך איצט וועט אַ טייל פון חברים אונדז פאַרלאָזן, ווייל איך האָב עס שוין געזען אין מאָסקווע גופא און בין געווען פאַראינטערעסירט, אַז די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע זאָלן פאַרלאָזן מאָסקווע וואָס שנעלער.

אָבער די אָרגאַניזאַציע־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן אין פּוילן, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער השפעה פון אונדזער פּאַרטיי, האָט

דעם 21סטן אַפּריל דערלאַנגט דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמאינטערן (די רויטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן) אַ מעמאַראַנדום, ווו זי האָט געבעטן, אַז מען זאָל זי אויפנעמען אַלס אינטעגראַלן טייל פון רויטן פּראָפעסיאָנעלן אינ־טערנאַציאָנאַל.

מען האָט געדאַרפט פאַרטיידיקן דעם דאָזיקן מעמאַראַנדום פאַרן עקזע־קוטיוו־קאָמיטעט פון פּראָפאינטערן, און דאָס איז קודם־כל אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אַמסטערדאַמען. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז איך זאָל נאָך בלייבן אַ געוויסע צייט אין מאָסקווע, כדי צו העלפן אַמסטערדאַמען אין דעם דאָזיקן ענין, און בנוגע די איבעריקע מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע האָבן מיר באַשלאָסן, אַז זיי דאַרפן תיכף ומיד פאַרלאָזן מאָסקווע.

די צייט, וואָס איך בין נאָך געבליבן אין מאָסקווע, האָב איך באַשלאָסן אויסצונוצן צו העלפן אַ ביסל אונדזער פאַרטיי אין איר קאַמף מיט דער אינער־לעכער ליקווידאַציע. דאָס האָב איך געטאָן דורך אַ פּאָר אַרטיקלען אין „נאַקאַנוניע".

איך האָב געשריבן וועגן די סיבות פון די פּאָגראָמען אין ארץ־ישראל, בכלל האָב איך געווידמעט מיינע אַרטיקלען אין גרעסטן טייל די פראַגן, וואָס זענען געווען געבונדן מיט אונדזער ארץ־ישראל־אידעאָלאָגיע, וואָס אין דער הינזיכט האָט די מערהייט אין דער פאַרטיי אַ ביסל אונטערגעהינקט.

לויט דעם ווי איך האָב געזען די ענינים, האָט מען קודם־כל געדאַרפט אונטערשטרייכן די פּאָזיטיווע באַדייטונג פון דעם נייעם לינקן פאַרבאַנד, פאַרטיידיקן זיך קעגן אַלע באַשולדיקונגען אין ליקווידאַציע מצד דעם רעכטן פאַרבאַנד און פון דער צווייטער זייט אָנגרייפן די אמתע ליקווידאַציע ביי אונדז אַליין. דאָס האָב איך זיך באַמיט צו טאָן אין מיין אַרטיקל „וועגן די יסודות פון אונדזער וועלט־באַוועגונג" אין „נאַקאַנוניע" נומ' 21—22 פון 25סטן יולי 1921. איך האָב דעם איינדרוק, אַז דער דאָזיקער אַרטיקל דריקט אויס אונדזערע אָנשויונגען גרינטלעך און ניט דווקא פאַר יענער צייט.

„אין אונדזער וועלט־באַוועגונג, ספּעציעל נאָך אונדזער פינפטער קאָנ־פערענץ אין ווין, רעדט מען אַ סך וועגן ליקווידאַטאָרישע טענדענצן אין אונדזערע רייען. בעיקר שרייען עס אויף אַלע ווינקעלעך די חסידים פון די שיטות פון נחמן סירקין און שלמה קאַפּלאַנסקי. לויט זייער מיינונג איז אונדזער אַבסאָלוטע און ענערגישע נעגירונג פון דער אָריענטאַציע אויף דעם יידישן בירגערטום, וואָס איז אייגנטלעך דער „א" און „ת" פון זייער וועלט־אָנשויונג, די ליקווידאַציע פון פּולי־ציוניזם.

אמת, אויב ליקווידאַציע פון אָט דער אָריענטאַציע מיינט נעגירן דעם שאַפנדיקן כוח פון יידישן בירגערטום, און שטיצן זיך אויף די אייגענע כוחות

פון פּראָלעטאַריאַט, זענען מיר טאַקע ליקווידאַטאָרן. מיר ליקווידירן די הכנעה־דיקייט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, מיר קלערן אויף דעם אמתן מהות און די אמתע שטרעבונגען פון בירגערלעכן ציוניזם, וואָס זוכט אין ארץ־ישראל אַ מקום מקלט פון דעם עקאָנאָמישן חורבן און פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין די לענדער פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור.

אונדז איז אַבסאָלוט קלאָר, אַז דאָס יידישע בירגערטום, ווייל עס פּאַרטייזיקט זיינע קלאַסן־אינטערעסן, פּרוּווט אַריינכאַפּן אין זיין שאָוויניסטישער נעץ אַ טייל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס זיין באַוווּסטזיין איז פעלערהאַפט. די פּאָליטיק פון סירקינען און קאַפּלאַנסקין איז ניט מער ווי אַ בפירושדיקע שטיצע פון דער בירגערלעכער פּאָליטיק.

אונדז איז אויך קלאָר, אַז דער גרויסער ציל, וואָס מיר האָבן געשטעלט פאַר זיך — די קאָנצענטרירונג פון די יידישע מאַסן אין ארץ־ישראל און דער אויפבוי פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט — ליגט נאָר אויף אונדזערע פּלייצעס. די דאָזיקע שווערע משא ליגט אויף די פּלייצעס פון די באַוווּסטזיניקע יידישע אַרבעטער אין דער גאַנצער וועלט, וועלכע זענען פאַראייניקט אין אונדזער וועלט־פאַרבאַנד. מיר זענען דער פּיאָנער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. עס ליגט אויף אונדז די פליכט אַריינצודריינגען דעם דאָזיקן אמת אונדזערן אין דעם באַוווּסטזיין פון די יידישע אַרבעטער אין דער גאַנצער וועלט. כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל, נעמט אויף זיך דאָס ביוראָ פון וועלט־פאַרבאַנד די איניציאַטיוו צונויפצורופן אַ יידישן אַלוועלטלעכן אַרבעטער־קאָנגרעס. דער דאָזיקער קאָנגרעס דאַרף אויפשטעלן אַ שטענדיקע אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס אין דער וועלט, וואָס זאָל שטעלן פאַר זיך דעם ציל צו פאַרווירקלעכן אונדזער וויזיע.

אָבער די אויפגאַבע, וואָס מיר שטעלן פאַר זיך, איז נאָר אַ טייל פון דער אויפגאַבע פון אַלע אַרבעטנדיקע אויף דער וועלט — דעם אויפבוי פון דער וועלט אויף נייע יסודות מיט דער הילף פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. דעריבער איז קלאָר, אַז אונדזער אויפגאַבע וועט פול פאַרווירקלעכט ווערן ערשט דאַן ווען עס וועלן געענדערט ווערן די באַדינגונגען אין דער וועלט, ווען די מאַכט וועט אַריבערגיין אין די הענט פון די אַרבעטנדיקע, לכל הפחות אין די פאָרגעשריטענע לענדער פון אייראָפּע. יעדער איינער וועט דאָך פאַרשטיין, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז אוממעגלעך אין וואָס פאַר אַ ניט איז קליינעם לאַנד, ווען אַרום אים וועלן נאָך פאַרבלייבן אימפּעריאַליסטישע רעגירונגען. די דיקטאַטור איז מעגלעך נאָר אין די לענדער, וואָס גרענעצן זיך מיט רוסלאַנד, וואָס שטייט בראש פון דעם וועלט־סאָציאַליזם.

דערפון דרינגט אַרויס, אַז אונדזער ענד־ציל וועט פאַרווירקלעכט ווערן נאָר דאַן, ווען דער פּראָלעטאַריאַט אין דער וועלט וועט זיך שטעלן ביים רודער פון דער מאַכט.

אָבער מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז אין ארץ־ישראל, וואָס איז אַן אָפּ־געשטאַנען און אַ כמעט פעאָדאַל־לאַנד, דאַרפן מיר נאָך שאַפן די פאָרבאַ־דינגונגען פאַר דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. פריער פאַר אַלעם דאַרפן מיר נאָך שאַפן דעם פּראָלעטאַריאַט גופא, דעם סוביעקט פון דער מאַכט אין דער צוקונפט. דאָס קען פאַרווירקלעכט ווערן נאָר דורך דער פּלאַנירטער רעגולירונג פון דער עליה קיין ארץ־ישראל, דורך דער שאַפונג פון די באַ־דינגונגען אין לאַנד, וואָס קענען פאַרשטאַרקן די עליה פון טאָג צו טאָג. מיר דאַרפן פאַרגרעסערן די אויפנעם־פעיִקייט פון לאַנד דורך דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, דורך אויפשטעלן נייע קאָאָפּעראַטיוון, דורך דעם אַריינדרינגען פון די אַרבעטער אין אַלע פּראָדוקציע־צווייגן און בעיקר אין דער לאַנדווירט־שאַפט. יעדע הונדערט יידישע אַרבעטער עפענט דעם וועג פאַר נאָך הונדערטער, יעדע טויזנט — פאַר נאָך טויזנטער.

אונדזער צווייטע אויפגאַבע, וואָס שטייט אויף דער טאָג־אָרדענונג אין ארץ־ישראל: די פאַרשפּרייטונג פון קאָמוניסטישע אידייען צווישן די אַראַבישע אָפּגעשטאַנענע מאַסן. די שייכן און די עפענדיס ווילן אויסנוצן די פינצטערקייט פון די אַרבעטנדיקע פאַר זייערע פעאָדאַלע, שאָוויניסטישע שטרעבונגען. מיר מוזן צונישט מאַכן די פאַררעטערישע פּלענער פון די עפענדיס און ציִען די אַראַבישע אַרבעטנדיקע צו אונדז.

די דאָזיקע ביידע אויפגאַבן עפענען פאַר אונדז אַ ברייט פעלד פאַר טעטיקייט אין ארץ־ישראל. דעריבער איז פאַלש די מיינונג פון די חברים, וועלכע טענהן: ווי באַלד אונדזער ענדציל וועט דערגרייכט ווערן נאָר מיטן ניצחון פון דער וועלט־רעוואָלוציע, דאַרפן מיר לעת־עתה נאָר העלפן דער רעוואָלוציע אין די לענדער, ווו מיר זענען. נאַטירלעך, איז עס די גרונט־אויפגאַבע פון אונדזער וועלט־באַוועגונג, אָבער צוזאַמען מיט דער דאָזיקער אויפגאַבע זענען דאָ נאָך די אויפגאַבן, וועגן וועלכע מיר האָבן פריער גערעדט. אָפּלייגן די אַרבעט אין ארץ־ישראל אויף מאָרגן נאָך דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע באַטייט פולשטענדיק איגנאָרירן די לעבנס־אינטערעסן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז דער אָנהייב פון סוף, דאָס איז די ליקווידאַציע פון אונדזער באַוועגונג, וואָס אין איר יסוד ליגן די ספּעציפישע עקזיסטענץ־באַדינגונגען פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן.

אַזוי האָבן אויך אין דער פאַרגאַנגענהייט די סיימיסטן אָפּגעלייגט די טעריטאָריאַליסטישע אַרבעט אין ארץ־ישראל ביז עס וועט פאַרווירקלעכט

ווערן דער סיים (דער יידישער פּאַרלאַמענט) אין די גלות־לענדער. דער סיים איז געווען פאַר זיי אַן אַלמעכטיקע פּאַנאַצעיע פאַר אַלע צרות פון אונדזער לעבן. אָבער דורך דעם האָבן זיי פאַרלוירן דעם וועג־ווייזנדיקן לייט־געדאַנק. די סיימיסטן זענען געבליבן ביי דער צעבראָכענער קאָריטע — נישט אַהין און נישט אַהער, אָן אַ סיים און אָן טעריטאָריאַליזם. דער ציל פון אַ באַוועגונג מוז זיין געבונדן אין אַ פעסטן בונד מיט דעם טאָג־טעגלעכן לעבן, אַנדערש ווערט זי שוואַכער און שוואַכער, ביז זי פאַרשווינדט אין גאַנצן... דאָס איז אַ ליקווידאַציע־וועג אין פולן זין פון וואָרט, וואָס לענקט אָפּ די יידישע מאַסן אָן אַ זייט פון זייער אוממיטלבאַרן ציל. מיר מוזן גובר זיין די דאָזיקע שטרעבונג.

עס איז ניטאָ קיין פלאַץ אין אונדזערע רייען פאַר שוואַכע און ווייניק גלייבנדיקע מענטשן, וואָס וואַרפן זיך אַהין און אַהער. מיר שאַפן די באַדינגונגען פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין ארץ־ישראל, מיר נעמען אָנטייל אין דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין אַלע לענדער, ווו עס איז דאָ אַ קאָמפּאַקטער יידישער ישוב, מיר גייען האַנט ביי האַנט מיט דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט און גרייטן צו זיין פולשטענדיקן ניצחון. זיין ניצחון וועט זיין אויך אונדזער ניצחון, ווייל אויך דער יידישער פּראָלעטאַריאַט וועט געניסן פון די פּרוכטן פון דעם ניצחון, וואָס קאָסטן זייער טייער".

אין דער רוסישער פּאַרטיי, דער י. ק. פּ. (פּ. צ.) זענען געווען פאַרשיידענע עלעמענטן, אַ טייל מער „פּאַלעסטינצעס" און אַ טייל ווייניקער „פּאַלעסטינצעס". דעם 26סטן אויגוסט האָט געדאַרפט פאָרקומען דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער פּאַרטיי אין קיעוו, און דאָרט איז געשטאַנען אויפן סדר־היום „אונדזער פּאַלעסטינע־אַרבעט". בין איך געווען פּאַראינטערעסירט צו שטיצן די „פּאַלעסטינישע" עלעמענטן אין דער פּאַרטיי, דעריבער האָב איך זיך צונויפגערעדט מיט איינעם פון די חברים, וואָס איז געווען אַ הייסער פּאַלעסטיניעץ, — זיאַמאַ אָסטראָווסקי, וועגן וועלכן איך האָב פריער דערמאָנט, אַז מיר זאָלן צוזאַמען צוגרייטן די טעזן וועגן דער פראַגע פון דער ארץ־ישראל־אַרבעט פון דער פּאַרטיי פאַר דעם צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי.

אויב מיר זאָלן רעזומירן אַלץ, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין די דאָזיקע טעזן, קומען מיר צו דער קאָנקרעטער פאָרמולירונג פון אונדזערע אויפגאַבן אין ארץ־ישראל און פאַר ארץ־ישראל:

א. פאַשטאַרקן אונדזער רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין ארץ־ישראל און עגיפּטן, דורך דער וועלט־שטיצע פאַר אונדזער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי אין איר העראָישן קאַמף קעגן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם און קעגן די אָרגאַניזאַציעס פון סאָציאַלע פשרות.

ב. אַנטוויקלען אַ ברייטע פּאָליטיש־אויפקלערנדיקע ווי אויך אַ פּראָפּעס־יאָנעלע אַרבעט צווישן די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן, כדי צו הייבן זייער קלאַסן־באַוווסטזיין און אָרגאַניזירן זיי אַרום רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען.

ג. אַנטוויקלען אַ ברייטע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע פון פּאַלעס־טיניזם, ווי דעם געדאַנק צו באַרמאַליזירן די יידישע ווירקלעכקייט, ווי די שטרעבונג פון די יידישע מאַסן צו פּראָדוקטיוויזאַציע און צו שאַפן אַ קאָמו־ניסטישע געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל.

ד. רעגולירן אין די ראַמען פון דער מעגלעכקייט און נוצלעכקייט די עמיגראַציע־שטראָמען, וואָס גייען פון די קאַפּיטאַליסטישע און אויך פון די סאָוויעטישע לענדער (די רעזערוון, וואָס קענען אין דער איצטיקער צייט ניט אַריבערגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט) און פאַרלייכטערן זיי די שווערע איבער־גאַנגס־באַדינגונגען.

ה. אַנטוויקלען אַ ברייטע עקאָנאָמישע אַרבעט אין אַלע ערטער און אין ארץ־ישראל, ווו זי דאַרף געפינען איר אויסדרוק אין אָרגאַניזירן פּראָדוציר־און געברויכס־קאָאָפּעראַטיוון, אין פאַראייניקן די לעצטע מיט ענלעכע קאָאָ־פּעראַטיוון אין אַנדערע לענדער און אַזוי אַרום שאַפן די צענטראַלע, איינ־הייטלעכע אָרגאַניזאַציע פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון.

ו. פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך אונדזער וועלט־פאַרבאַנד בנוגע דער קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט, וואָס איר ציל אין דער פּערספּעקטיוו איז די סאָציאַליסטישע קאָלאָניזאַציע.

ווען מען שאַצט אָפּ היינט דעם דאָזיקן פּראָגראַם, מוז מען נעמען אין באַטראַכט ניט ווי מיר באַציִען זיך איצט צו די אַלע פּראַגן, נאָר געדענקען די באַדינגונגען פון יענער צייט. דער פּראָגראַם איז געשריבן געוואָרן דווקא אין מאָסקווע און דווקא אין יאָר 1921, דורך אַ פּאַרטיי, וואָס בלויז זי איז געבליבן לעגאַל און אָנערקענט דורך דער סאָוויעטישער מאַכט, אַחוץ דער אָפיציעלער קאָמוניסטישער, רוסלענדישער פּאַרטיי. מען דאַרף אָבער ספּעציעל אונטער־שטרייכן, אַז ניט איין מאָל האָבן די חברים אין אַרטיקלען און רעדעס און אין פּראָגראַם געהאַט דעם גרויסן מוט און די העזה צו פאָדערן אויך אויס־וואַנדערונגס־רעכט פון די סאָוויעטישע לענדער, און אַזאַ פּראָגראַם איז אויך געוועזן אין די אויגן פון אַ סך חברים פון דער פּאַרטיי אויסערסט „רעוואָלוציאָ־נער ארץ־ישראלדיק״. די אַלגעמיינע שטימונג אין דער פּאַרטיי איז דאָך גע־ווען — וואָס מער צופּאַסן זיך ניט נאָר צו דער שפּראַך, נאָר אויך צו דעם אינהאַלט פון פּראָגראַם פון די אָרטיקע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, און ספּעציעל אין רוסלאַנד — צום פּראָגראַם פון דער אַלרוסלענדישער פּאַרטיי.

זייענדיק אין מאָסקווע האָב איך געוואָלט אויך אַ ביסל ווירקן דירעקט

אויף די חברים, וואָס זענען געווען געניינט צו ליקווידאַציע, און דעריבער האָב איך געשריבן אַ ספּעציעלן בריוו: „צו די, וואָס האָבן אונדז פאַרלאָזן און צו די וואָס האָבן בדעה אונדז צו פאַרלאָזן", אין „באַקאַנוניע" פון 1טן אויגוסט 1921 :

„דאָס פאַרלאָזן די פּאַרטיי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין לעבנס־שטייגער דערשיינונג. דאָס פאַרלאָזן ווערט באַגלייט מיט טראַפּאַרעט־בריוו, וואָס זענען שוין פאָרמולירט געוואָרן איין מאָל פאַר אַלע מאָל. אַ סך מיינען, אַז דאָס דאָזיקע פאַרלאָזן איז אַ רעזולטאַט פון אַן אינערלעכן, שווערן און מער ווייניקער דויערנדיקן קאַמף. יעדנפאַלס האָט עס געדאַרפט זיין אַזוי.

אָבער ווו זענען עס די שפּורן פון דעם דאָזיקן קאַמף אין די דאָזיקע טראַפּאַרעט־בריוו? צי באמת איז עס אַלץ, ווען עמעצער שרייבט: „היות ווי איך האָב זיך איבערצייגט, אַז י. ק. פּ. אַנטשפּרעכט ניט..."? עס איז דאָך פאַר יעדן פון אונדז זייער וויכטיק און אינטערעסאַנט צו וויסן, פאַר וואָס דער אָדער יענער חבר האָט זיך „איבערצייגט", פאַר וואָס נאָר ער איז געווען ראוי צו זען „די ליכט פון אמת", פאַר וואָס וויל ער ניט אויך אונדז מאַכן שותפים צו דעם אמת, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיינע אויגן, אוגדז, וואָס וואַנדערן נאָך „אַנמעכטיק" אין חושך?

די תשובה איז אַ קלאָרע: די דאָזיקע מענטשן האָבן ניט וואָס צו זאָגן, און דאָס „פאַרלאָזן" די פּאַרטיי קען מען דערקלערן נאָר מיט גאָר אַנדערע מאָטיוון, ווי עס ווייזט אויס איז „ניט אין נייעם איז דאָ דער כוח", ווי עס זאָגט דער רוסישער דיכטער ניעקראַסאָוו אין זיינעם אַ ליד — ד. ה., אַז עס זענען פאַראַן אַנדערע מאָטיוון).

און, פון דעסטוועגן, וואָס איז די סיבה וואָס זיי פאַרלאָזן די י. ק. פּ.?

די אַלגעמיינע וועלט־אַנשויונג איז געבליבן ווי פריער. אָבער די וועלט־אַנשויונג איז ענג פאַרבונדן מיט די רעאַלע באַדינגונגען פון דערווירקלעכקייט; דער קאָמוניזם איז אַ מסקנה פון דער אָפּשאַצונג פון דער וועלט־לאַגע און פון דעם אַנאַליז פון די היסטאָרישע כוחות, וואָס ווירקן אין וועלט־מאַסשטאַבן, און אויב די גרונט־ליניע פון דער טאַקטיק איז די זעלביקע פאַר אַלע לענדער און פעלקער, שטעלן אָבער די קאָנקרעטע לעבנס־באַדינגונגען אַוועק פאַר יעדער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ספּעציעלע אויפגאַבן. די לעבנס־ און קאַמפּס־באַדינגונגען פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן זענען אַן ספק ספּעציפישע, און דעריבער איז אויך דער קאָמוניזם ביים יידישן פאָלק אַ ספּעציעלער און ברענגט אַ גאַנצע ריי נייע אויפגאַבן.

אויב אַזוי, טאָ וואָס מיינט אין דעם פאַל דאָס „פאַרלאָזן"? צי מיינט

עס זיך אָפּזאָגן פון דער פריערדיקער וועלט־אַנשויונג און איבערגיין צו אַן אַנדערער וועלט־אַנשויונג? ניין, בשום אופן ניין.

דאָס דאָזיקע פאַרלאָזן מיינט איבערגיין פון די לעבנס־באַדינגונגען, וואָס אין זיי לעבט און ליידט די יידישע פאָלקס־אָרעמקייט, צו די באַדינגונגען, וואָס זענען אַלגעמיין פאַר גאַנץ רוסלאַנד. אָבער צוזאַמען מיט אַזאַ איבערגאַנג, צי הערט דען אויף צו עקזיסטירן די ספּעציפישקייט פון דער יידישער ווירק־לעכקייט גופא? ס'איז נאַטירלעך, אַז פון סאָליפּסיסטישן שטאַנדפּונקט, וואָס לויט אים איז אַלץ וואָס עקזיסטירט בלויז אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם סוביעקטיוון באַנעמען, פאַרשווינדט אויך די ספּעציפישע יידישעווירקלעכקייט, ווי נאָר דער י. ק. פּ־יסט פון נעכטן און דער איצטיקער מיטגליד פון ר. ק. פּ. הערט אויף צו קוקן אויף איר. אָבער פון מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפּונקט ענדערט ניט דאָס סוביעקטיווע באַנעמען פון זאַכן די לאַגע פון די ענינים וואָס עק־זיסטירט אָביעקטיוו. דער איבערגאַנג צו ר. ק. פּ. מיינט ניט די ענדערונג פון די עקזיסטענץ־באַדינגונגען, די ספּעציפישע, פון די יידישע מאַסן, ניט זייער פאַרניכטונג. דאָס באַדייט פּשוט דעם ווילן זיי ניט צו זען, דאָס באַדייט פאַר־מאַכן די אויגן, באַהאַלטן דעם קאָפּ אונטערן ברייטן פליגל — בקיצור — אַנטלויפן, דעזערטירן און מער גאָרניט. די מאַסן קענען ניט פאַרווירקלעכן אַזאַ מין איבערגאַנג — און ניט נאָר דערפאַר, וואָס זיי זענען מאַסן: דער איבערגאַנג פון מאַסן וואָלט באמת באַדייט אַן ענדערונג פון די דאָזיקע עקזיסטירנדיקע באַדינגונגען, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, זייער פאַרניכטונג. אָבער דאָס איז דווקא די אויפגאַבע פון אַ פּאַרטיי, וואָס נעגירט די לייזונג פון דער פראַגע ביחידות און זוכט וועגן און מיטלען צו דער ראַדיקאַלער ענדערונג פון דער עקאָנאָמישער ספּעציפישקייט פון לעבן פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן — צו דער לייזונג פון דער יידישער פראַגע ווי אַ פּראָבלעם פון קאָלעקטיוו.

פּסיכאָלאָגיש באַדייט דאָס פאַרלאָזן די פּאַרטיי דעם ווילן אַרויסצוגיין פון דער יידישער ווירקלעכקייט אויף דער ברייטער פּאָליטישער אַרענע פון אַלרוסישן לעבן, אַריבערצוגיין פון די קליינע מעגלעכקייטן צו גרויסע מעג־לעכקייטן — בקיצור, פון אידעאַליזם פון דער יידישער קאָמוניסטישער באַ־וועגונג צו אַ פּאָליטישער אַל־סאָוויעטישער, אַ סך באַקוועמערער קאַריערע. די דאָזיקע מענטשן האָבן ניט קיין אַנדערע פעיִקייטן ווי נאָר די פעיִקייט זיך צוצופּאַסן, די פעיִקייט צו שנעלער באַוועגונג און די פעיִקייט פון מימיקריע.

אינטערעסאַנטער און וויכטיקער איז דער טיפּ, וואָס זוכט אַ ברייטע פּאָליטישע אַרבעט און געפינט זי ניט ביי די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. די דאָזיקע מענטשן פילן אינסטינקטיוו די שוואַכקייט פון דעם יידישן אַרבעטער־קאָלעקטיוו, און אומבאַוווסטזיניק ווערן זיי צוגעצויגן צום שטאַרקן קאָלעקטיוו.

פּאַר מענטשן, וואָס זענען פּערזענלעך אַסימילירט, וואָס זענען געבוירן און דער־צויגן אין די באַדינגונגען פון דער רוסישער אָדער פּוילישער קולטור, וכדומה, איז דער איבערגאַנג ניט שווער. זיי קערן זיך אום צו דער סביבה, פון וועלכער זיי זענען אַרויס, און רייסן איבער זייערע קינסטלעכע פאַרבינדונגען מיט די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, וואָס צו זיי זענען זיי צוגעשטאַנען צופעליק. אין זיינער צייט האָבן זיי ניט געפילט ביי זיך אין האַרצן דעם אומגליק און דעם ווייטיק פון די יידישע מאַסן, זיי האָבן נאָר מיטן קאָפּ פאַרשטאַנען זייער פליכט כלפּי די מאַסן, און ווי אַ רעזולטאַט פון דעם שכלדיקן באַנעמען איז געקומען די טעאָריע. אָבער אַנשטאָט איין טעאָריע קומט אַ צווייטע, די אָנערקענונג פון דער פליכט פאַרשווינדט, דאָס האַרץ שווייגט, און די פאַרבינדונג ווערט איבערגעריסן. זיי האָבן ניט געקענט ציען נאָך זיך די מאַסן, און דעריבער דערווייטערן זיי זיך פון די מאַסן אָן באַוווסטזיין און ניט ווילנדיק. צו דער נייער סביבה פּאַסן זיי זיך צו ניט אַזוי לייכט, און מענטשן מיט אַ גרויסער פּאָליטישער פאַרגאַנגענהייט ווערן „געוועזענע מענטשן"...

קוקט זיך צו צו די אַלע „געוועזענע". זעט וואָס זענען זיי געוואָרן און אין וואָס זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט. עס זענען געווען צייטן, ווען זיי האָבן געצויגן די מאַסן נאָך זיך, און אין דעם איז געלעגן זייער כוח. זייער פּאָליטיק איז געווען שלעכט אָדער גוט, אָבער זיי האָבן געמאַכט פּאָליטיק, זיי האָבן גערופן די מאַסן ערגעץ־ווו און די מאַסן האָבן זיי געפאָלגט. און איצט, זיצן זיי אין די פיר ווענט פון דער יעווסעקציע, זיי רופן קיינעם אין ערגעץ ניט, קיינער הערט זיי ניט, זיי וועלקן איין און גייען ביסלעכווייז אַראָפּ פון סדר היום.

דאָס איז די אינערלעכע שרעקלעכע טראַגעדיע פון די „געוועזענע":
זיי האָבן זיך דערווייטערט פון דער יידישער אַרבעטער־סביבה, און דורך דעם האָבן זיי זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און זענען פאַרשוווּנדן אין דעם גרויסן און ברייטן קאָסמאָס. און ווי אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיקער אינער־לעכער טראַגעדיע איז געקומען די פאַרביטערונג און דער אָנמעכטיקער כעס ניט אויף זיך אַליין, נאָר אויף די, וואָס זענען זיי ניט נאָכגעגאַנגען. זיי ווערן פול מיט קנאה צו די, וואָס האָבן ניט פאַרקויפט די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן, צו די, וואָס זענען געבליבן „אָרעם אָבער שטאָלץ". „תמות נפשי עם פלישתים", זאָל אַלץ צעשטערט ווערן, זאָל צעשטערט ווערן די יידישע אַרבעטער־באַווע־גונג: ניט מיר, ניט דיר... די דאָזיקע מענטשן, וואָס דרייען זיך אַרום אויפן דעק פון דעם רעדאַקציע־קויש פון דער קאָמוניסטישער געשיכטע, באַמיען זיך אַריינצושטעקן אַ מעסער אין רוקן, צו בייסן אין פוס די, וואָס באַמיען זיך נאָך אַרויסצופירן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג ווי אַ קאָלעקטיוו, אויף דער קאָמוניסטישער גאַס און דורך דעם דערגרייכן די לייזונג פון פּראָבלעמען, וואָס

זענען דער רעזולטאַט פון דער ספּעציפישער לאַגע פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. אַן אָנמעכטיקער כעס, אַ קריצן מיט די ציין, גיפט — מיט דעם אַלעם באַמיען זיי זיך צו קעמפן קעגן די, וואָס זענען בייגעשטאַנען דעם נסיון פון אָביעקטיוון קאַריעריזם.

דאָס זענען עס די מענטשן, וואָס בייטן דעם פּראָצענט אין „פיר און צוואַנציק שעה", וואָס לכתחילה באַגנוגנט מען זיך און מען באַרויִקט דעם געוויסן דורך די טראַפּאַרעטע בריוו: פון אָנהייב מיינט מען נאָך ניט אָנצוגרייפן די חברים פון דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער מיט דער צייט קומט דער אַפּעטיט מיטן עסן און היות, ווי זיי לאָזן זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער, ווילן זיי לכל־הפחות זיך ראַטעווען מיט דער הילף פון געשרייען און געפילדער און לכל־הפחות געווינען דעם רום פון העראָסטראַטן.

זייער אַרבעט איז נאָר אַ נעגאַטיווע: זיי ליקווידירן אַלץ. זיי פּלוידערן נאָך עפּעס וועגן דער פּראָדוקטיוויזאַציע און אַגראַריזאַציע פון די יידישע מאַסן, אָבער, למעשה, שטעלן זיי זיך קעגן אַלע פּרוּוון אין דער דאָזיקער ריכטונג מצד די, וואָס ניט נאָר זיי רעדן נאָר זיי טוען, מצד די, וואָס שטייען באמת אויף דער וואַך פון די אינטערעסן פון די יידישע אַרבעטער.

די דאָזיקע אַלע רענעגאַטן, די אומבאַוווּסטזיניקע, רענעגאַטן פון איצט און די וואָס וועלן נאָך קומען, קענען מיר זאָגן נאָר איין זאַך: איר האָט איבערגעריסן די פאַרבינדונג מיטן לעבן פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן — דאָס איז אייער היסטאָרישער פאַרברעך; און קיין מאָל וועט אייך ניט געלינגען צוצוציִען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די דאָזיקע מאַסן — און דאָס איז אייער שטראָף".

ווען איך האָב דאַן דאָס געשריבן וועגן די מענטשן, וואָס „בייטן דעם פּראָצענט אין משך פון 24 שעה", האָב איך ספּעציעל געמיינט ראַפּעסן, וועלכער האָט אַזוי געזאָגט וועגן זיך. אָבער אַחוץ ראַפּעסן זענען געווען נאָך מערערע. און אויב דאַן, אין יאָר 1921, האָב איך געשריבן, אַז זיי האָבן ניט קיין צוקונפט, און אַז זיי מוזן פאַרשווינדן פון דער אַרענע, האָט די שפּעטערדיקע ווירקלעכקייט באַשטעטיקט די דאָזיקע ווערטער מיינע. וואָס איז געווען דער גורל פון די אַלע ראַפּעסעס, ליטוואַקאָווס, פרומקינס, טשעמערינסקיס, מערעזשינס, כאַשינס, אַווערבוכס, אַמסטערדאַמס, קאַרפּס און אַנדערע. דאַכט זיך, אַז נאָר איין נאַגלער איז אויפגעשוווּמען ערגעץ ווו. איך בין זיכער, אַז אויב עמעצער פון אונדזערע איצטיקע ליקווידאַטאָרן וועט לייענען די דאָזיקע שורות, וואָס איך האָב איבערגעזעצט פון רוסיש, וועט די זאַך אויף אים משפיע זיין, אָבער איך בין זיך מודה, אַז ווען איך שרייב איצט, שטייט פאַר מיר מיין חבר פון מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, משה סנה. צי האָב איך געקענט דאַן, מיט פערציק יאָר צוריק, טראַכטן,

אַז אויב איך האָב אין זינען די ראַפּעסעס און אַנדערע, טרעף איך אין מענטשן, וואָס זענען דאַן נאָך געווען קליינע קינדער? די געשיכטע, ווייזט אויס, איז ניט נאָר אינטערעסאַנט, זי איז אויך באַלערנדיק, און ווער עס פאַרשטייט עס ניט, וועט קיין מאָל אין לעבן אין איר ניט אַריינגיין...

## צוריק אין ווין

אָנהייב אויגוסט האָב איך פאַרלאָזן רוסלאַנד און געפאָרן אַהיים, כמעט מיטן זעלבן וועג, ווי איך בין געפאָרן אַהין. פון מאָסקווע בין איך געפאָרן קיין פּעטראָגראַד און דאָ זענען מיר אַרויף אויף אַ שיף, וואָס האָט אונדז געבראַכט קיין רעוועל. די שיף איז געשטאַנען אַנדערטהאַלבן טעג אויף דער ניעוואַ, לעבן דעם וואַסילעווסקי אינדזל, אָבער איך בין געווען אַזוי דערשלאָגן פון מיין ערשטן באַזוך אין פּעטראָגראַד, אַז איך האָב אַפילו ניט געבעטן קיין דערלויבעניש אַראָפּצוגיין אין שטאָט אַריין. פון רעוועל זענען מיר געפאָרן מיט דער שיף קיין שטעטין, און פון דאָרט קיין בערלין. אין שטעטין האָט מען אויף דער גרענעץ געזוכט אין די זאַכן, און צווישן אַנדערע האָט דער גרענעץ־באַאַמטער געפונען ביי מיר אַ בילד פון קאַרל מאַרקסן, וואָס איך האָב באַהאַלטן צווישן די בלעטער פון אַ דיקן בוך. אין דער צייט פון קאָנגרעס האָט מען אונדז געגעבן אַ סך ליטעראַטור, און צווישן אַנדערע אויך דעם דאָזיקן פּאָר־טרעט. דער באַאַמטער האָט מיך געפרעגט ווער דאָס איז, האָב איך אים געזאָגט, אַז דאָס איז מיין זיידע. דער זיידע האָט בושא־חן געווען אין די אויגן פון באַאַמטן, און אַלץ איז אַריבער בשלום. איך האָב זיך נאָך פאַרהאַלטן אַ פּאָר טעג צוליב פּאַס־שוועריקייטן, און ענדלעך בין איך אָנגעקומען קיין ווין.

אויף דער באַן־סטאַציע האָט געוואַרט סאָבינע מיט די קינדער און אויך דער חבר שכנא זאגאַן. נאַטירלעך, אַז אין צוג קיין נוי־וואַלדעק האָבן מיר גשמועסט וועגן אַלץ, וואָס איז געשען אין מאָסקווע. איך בין געווען זייער פאַרביטערט קעגן סערפּאָוון פאַר זיין אויפפירונג אין מאָסקווע און ספּעציעל פאַר דעם, וואָס ער האָט געהאָלפן די ליקווידאַטאָרן. איך האָב געזאָגט זאַגאַנען, אַז איצט וועל איך מאַכן אַ חשבון מיט סערפּאָוון, ווייל ער איז שולדיק אין אַ סך זאַכן. דאָ האָט מיר זאַגאַן געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך ניט איילן צו באַשליסן זאַכן, ווייל סערפּאָוו איצט אין ווין איז מער ניט דער סערפּאָוו פון מאָסקווע. זאגאַן האָט מיר דערציילט, אַז עס זענען שוין געווען אַ פּאָר זיצונגען פונעם פאַרבאַנדס־ביוראָ, און סערפּאָוו האָט מיך זייער שטאַרק גערימט. זיין גאַנצער כעס גייט איצט קעגן די ליקווידאַטאָרן. האָב איך אין מיין נאַיִוויטעט געמיינט, אַז דאָ אין ווין שטייט מיר פאָר אַ קאַמף מיט סערפּאָוון, און לויט

זאַגאַנס ווערטער איז אויסגעקומען, אַז סערפּאָוו איז אַריבער אויף אונדזער זייט און אַז ער פּירט איצט דעם קאַמף מיט די ליקווידאַטאָרן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז סערפּאָוו איז גענוג קלוג, און פּאַסט זיך צו צו די באַדינגונגען, ווייל דאָ אין ווין איז ער שוין ניט אין דער מערהייט, און פאַרשטייט גוט, אַז זיין מאָסקווער מערהייט עקזיסטירט ניט מער.

אויף דער ערשטער זיצונג פון פאַרבאַנדס־ביוראָ האָב איך געהערט דעם סוף פון סערפּאָוס באַריכט, איך האָב צוגעגעבן אַ פּאָר זאַכן, וואָס זענען געווען, אייגנטלעך, שוין באַוווּסט אַלע מיטגלידער פון פאַרבאַנדס־ביוראָ. סערפּאָוו האָט, הייסט עס, פאַרכאַפּט די פיש פאַר דער נעץ. דאַן איז באַשלאָסן געוואָרן איבערגעבן סערפּאָוון צוצוגרייטן דעם דין וחשבון, און נאָך דעם ווי איך האָב אים אַ ביסל קאָרעגירט, האָט מען אים דערלאַנגט צו דער זיצונג פון פּ. ב. שפּעטער איז דער דין וחשבון אַרויסגעגאַנגען אין דרוק אויף דייטש אין אַ באַזונדער בוך צוזאַמען מיט אַ פּאָר ביילאַגעס.

מיר אַלע האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז מיר האָבן געליטן אַ גרויסע מפּלה. מיר האָבן אויך פאַרשטאַנען די סיבות פון אונדזער מפּלה און די פאַקטאָרן, וואָס זענען געווען קעגן אונדז. קודם־כל זענען דאָ שולדיק געווען אונדזערע פּאָלי־טישע קעגנער פון די יעווסעקישע קרייזן און די יידן פון דער פּוילישער פּאַרטיי, און בכלל די „געלערנטע יידן" פון די איבעריקע פּאַרטייען. והשנית, זענען שולדיק געווען אונדזערע פאַרזעטער, וואָס וועגן זייער פּסיכאָלאָגיע האָב איך געשריבן אין מיין אַרטיקל, לויטן אַלטן כלל: מחריביך ומהרסיך ממך יצאו". זיי האָבן עס געגעבן דעם בעסטן געווער קעגן אונדז אין די הענט פון די יעווסעקעס. און דריטנס, האָט דאָ געווירקט די באַציִונג מצד דער קאָמוניסטישער באַוועגונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ווייל די דאָזיקע באַוועגונג האָט זיך בכלל ניט גערעכנט מיט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. מיר האָבן געוואָלט זיך אַליין טרייסטן דערמיט, אַז אַ דאַנק דעם, וואָס אין איין צייט זענען פאָר־געקומען די פיר קאָנפערענצן, האָט דער קאָמאינטערן ניט געהאַט גענוג צייט זיך צו באַשעפטיקן מיט אונדז און באַטראַכטן אונדזער פּראָבלעם מיט דער גאַנצער ערנסטקייט. מיר האָבן געהאַלטן פאַר אַ גרויסן פאַרדינסט פאַר אונדז, אַז עס איז בכלל צום ערשטן מאָל אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער יידישער פּראָבלעם אין דער פולער ברייט און טיף פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן פאָרום. מיר האָבן דערפאַר באַשלאָסן ניט אָפּצוזאָגן זיך פון ווייטערדיקן קאַמף, נאָר פאַר־קערט, אים נאָך צו פאַרשטאַרקן. קודם־כל האָבן מיר באַשלאָסן צונויפצורופן אַ באַראַטונג פון אונדזערע פּאַרטייען, כדי צו באַשליסן וועגן דער פאָרעם פון דעם ווייטערדיקן קאַמף. מיר האָבן באַשטימט די באַראַטונג אויף אָקטאָבער.

אָבער נאָך איידער די באַראַטונג האָט באַוויזן זיך צונויפצוקומען איז אָנגעקומען צו אונדז דער בריוו פון קאָמאינטערן, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דער קאָמיסיע, וואָס בראש פון איר איז געשטאַנען ראַקאָשי.

דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך געוואָנדן מיט פאָלגנדיקן אויפרוף צו די אַרבעטער פון קאָמוניסטישן יידישן פאַרבאַנד פון „פועלי־ציון״:

„חברים! דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט אויפגענומען די חברים, וואָס איר האָט געשיקט צום דריטן קאָנגרעס, ווי ברידער, און האָט צוזאַמען מיט זיי ערנסט באַטראַכט די פראַגע פון אָנשלוס פון אייער אָרגאַניזאַציע אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

„דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט רעכנט זיך מיט דעם פאַקט, וואָס איר האָט אָנגעהויבן אָפּצושטויסן און צו דערווייטערן פון זיך די אָפענע רעפאָרמיסטישע און צענטריסטישע עלעמענטן. ער נעמט אין באַטראַכט, אַז איר זענט נוטה צו פירן די מלחמה קעגן דעם בירגערטום האַנט ביי האַנט מיט די אָרטיקע קאָמוניסטישע לאַנד־סעקציעס. כמעט אין אַלע לענדער, ווו איר האָט אייערע אָרגאַניזאַציעס. ער אָנערקענט אויך, אַז אייך איז געלונגען, אַ דאַנק בשותפותדיקע אָנשטרענגונגען צו שאַפן אין פאַלעסטינע דעם אָנהויב פון אַ קאָמוניסטישער באַוועגונג, וואָס איז מסוגל צו זיין די אָרטיקע סעקציע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל נאָכן אָננעמען אַלע באַדינגונגען, וואָס דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל שטעלט פאַר איר אַוועק.

„דעריבער איז שווערער אונדזער חשש בנוגע דעם פאַקט, וואָס אין אייער באַוועגונג עקזיסטירן שטרעמונגען, וועלכע קענען נישט איינשטימען מיט די פּרינציפּן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

„דער געדאַנק, אַז די קאָנצענטראַציע פון די יידישע פּראָלעטאַרישע און האַלב־פּראָלעטאַרישע מאַסן אין ארץ ישראל איז די באַזע פאַר דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפרייונג פון יידישן אַרבעטנדיקן פאָלק — דער דאָזיקער געדאַנק איז אוטאָפּיסטיש, רעפאָרמיסטיש און אפילו קאָנטר־רעוואָלוציאָנער אין זיין רעאַלער פאַרוויקלעכונג, ווייל ער פירט צו קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין ארץ־ישראל, וואָס אין לעצטן חשבון פאַרשטאַרקט זי דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם אין ארץ ישראל.

„די פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון דער דאָזיקער אידעאָלאָגיע דאָס איז דער וויכטיקסטער באַדינג, וואָס מיר מוזן אַוועקשטעלן פאַר אייך.

„דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל זעט קלאָר, אַז די פאַרשטאַרקטע יידישע עמיגראַציע איז דער קאָנקרעטער אויסדרוק פון די ספּעציפישע פּראָדוקציע באַציאונגען, אין וועלכע ס׳לעבט דער יידישער

פּראָלעטאַריאַט — און דאָס איז אַ פּראָבלעם, וואָס די לאַנד־סעקציעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל מוזן אויף אים ווענדן זייער אויפמערקזאַמקייט, אויף אַזוי פיל, אויף וויפל דאָס איז נויטיק כדי אויסצונוצן דעם פאַקט פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און כדי צו דערפילן די קאָנקרעטע לעבנס־פאָדערונגען פון אַרבעטער־קלאַס. די אויפגאַבע פון די לאַנד־סעקציעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז אויפצושטעלן אינסטאַנצן, וואָס וועלן זיך באַשעפטיקן מיט דעם דאָזיקן פּראָבלעם.

„דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו שאַפן אין זיין זיץ־אָרט אַ יידיש־ביוראָ, וואָס וועט פירן די טעטיקייט פון דער קאָמוניסטישער אַגיטאַציע צווישן די יידישע פּראָלעטאַריער פון דער גאַנצער וועלט. דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פאָדערט פון אייער פאַרבאַנדס־ביוראָ צונויפצורופן די וועלט־קאָנפערענץ פון אַלע קאָמוניסטישע פועלי ציון־אָרגאַניזאַציעס, אין משך פון פינף חדשים, וואָס וועט זיין פאַרפליכטעט לחלוטין צו ליקווידירן דעם וועלט־פאַרבאַנד אין משך פון צוויי חדשים, און אָנשליסן אייערע אָרגאַניזאַציעס אין די לאַנדס־סעקציעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

„דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פאָדערט, צום סוף, פון אַלע יידישע קאָמוניס־טישע אַרבעטער צו קעמפן קעגן די איזאָלאַציע־שטרעמונגען, וואָס עקזיסטירן אין דער יידישער קאָמוניסטישער באַוועגונג און צו פאַרשטיין, אַז דער יידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־קלאַס קען נאָר דאַן זיין אַן אָרגאַנישער טייל פון דער גרויסער קאָמוניסטישער משפחה פון די אַרבעטער, ווען ער וועט זיך געפינען אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

„זאָל לעבן די פאַראייניקונג פון יידישן קאָמוניסטישן אַרבעטער־קלאַס אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל!

„זאָל לעבן דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס נאָר ער איז מסוגל צו דערפירן דעם קאַמף פאַר דער באַפרייונג פון אַרבעטער־קלאַס פון אַלע פעלקער צום ענדגילטיקן ניצחון!"

דער דאָזיקער בריוו איז פאַר אונדז ניט געווען קיין סורפּריז. אָבער מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר דאַרפן ענטפערן אויף דעם דאָזיקן בריוו פון קאָמאינטערן און אויך אויפקלערן די ענינים פאַר אונדזערע חברים, כדי זיי זאָלן ניט מבולבל ווערן און דער עיקר, אַז די קאָמפּלימענטן, וואָס דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט אונדז צוגעטיילט, זאָלן ניט פאַרשטעלן פאַר זיי דעם ביטערן אמת פון דעם בריוו.

דער בריוו פון קאָמאינטערן איז דאַטירט פון 26סטן אויגוסט. ער איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער צייטונג „אינטערנאַציאָנאַל" מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער און איז דערגאַנגען צו אונדז ערשט אומגעפער אין מיטן אָקטאָבער,

און דעם 26סטן אָקטאָבער האָבן מיר, דאָס פּ. ב., געשיקט אַ צירקולאַר־בריוו צו אונדזערע אַלע אָרגאַניזאַציעס אין דער גאַנצער וועלט בזה הלשון:

„צו אַלע חברים פון דער באַוועגונג!

„מיר גיבן אייך איבער דעם בריוו פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. ס'איז דער חוב פון אַלע לאַנדס־פּאַרטייען, פון אַלע אָרגאַניזאַציעס און פון יעדן איינציקן חבר צו לייענען דעם דאָזיקן בריוו אויפמערקזאַם און אָננעמען אַ קלאָרע שטעלונג צו דעם באַדינג פון אונדזער אָנשלוס.

„די גורלדיקע פראַגע פון יידישן קאָמוניסטישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אָרגאַניזירט אין אונדזער פאַרבאַנד, וועט באַקומען איר לייזונג לויט דער פאָדערונג פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט אין די נאָענטסטע חדשים אויף דער זעקסטער קאָנפערענץ. דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ האָט ניט די קאָמפּעטענץ צו געבן אַן ענדגילטיקע תשובה אויפן בריוו פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, דאָס דאָזיקע רעכט האָט נאָר די זעקסטע וועלט־קאָנפערענץ, די העכסטע אינסטאַנץ פון אונדזער באַוועגונג, אָבער דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ האַלט פאַר זיין פליכט שוין איצט צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע חברים אויף דער גרויסער היסטאָרישער באַדייטונג פון דעם דאָזיקן בריוו פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

„דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ווענדט זיך דער פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַל אויף אַ פריינטלעכן און בכבודיקן אופן צום יידישן אַרבעטער־קלאַס, וואָס איז אָרגאַניזירט אין דער גאַנצער וועלט, און נאָך מער, צום ערשטן מאָל איז דער קאָמפּליצירטער און שווערער פּראָבלעם פון דעם יידישן אַרבעטער־לעבן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אָפן און קלאָר אויף דער טאָג־אָרדענונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

„שוין איצט קענען מיר מיט פולער צופרידנקייט פעסטשטעלן, אַז די שטעלונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל צום פּראָבלעם פון די יידישע אַרבעטער, וואָס איז אויסגעדריקט אין דער דאָזיקער פראַזע פון בריוו פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, איז אַ גרויסער ניצחון פאַר אונדזער באַנעמען פון דער יידישער פראַגע: „דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל זעט קלאָר, אַז די פאַרשטאַרקטע יידישע עמיגראַציע איז דער קאָנקרעטער אויסדרוק פון די ספּעציפישע פּראָדוקציע־באַציאונגען, אין וועלכע עס לעבט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט — און דאָס איז אַ פּראָבלעם, וואָס די לאַנדעס־סעקציעס פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל מוזן ווענדן זייער אויפמערקזאַמקייט אויף אים, אויף וויפל דאָס איז נויטיק כדי אויסצונוצן דעם דאָזיקן פאַקט

פאַר דעם קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און כדי צו דערפילן די קאָנקרעטע לעבנס־פאָדערונגען פונעם אַרבעטער־קלאַס. די אויפגאַבע פון די לאַנדעס־סעקציעס פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז אויפצושטעלן די אינסטאַנצן, וואָס וועלן זיך באַשעפטיקן מיט דעם דאָזיקן פּראָבלעם".

„פאַר אונדזערע חברים, וואָס פירן דעם האַרטנעקיקן קאַמף פאַרן קאָמוניזם צווישן די יידישע אַרבעטער, קען עס דינען ווי אַ נייער באַווייז פאַרן פאַקט, וואָס מיר חזרן אים איבער עקשנותדיק ניט איין מאָל, אַז נאָר דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז פריי פון אַלע בירגערלעך־דעמאָקראַטישע אילוזיעס און פאָראורטיילן, און וואָס שטעלט אַוועק אַלע פראַגן פון וועלט־פּראָלעטאַריאַט רעוואָלוציאָנער און ראַדיקאַל ביז די סאַמע לעצטע מסקנות, איז מסוגל צו באַגרינדן די פראַגע פון די יידישע אַרבעטער אויף זיין סאָציאַל־עקאָנאָמישער באַזע, אויף די ספּעציפישע פּראָדוקציע־באַציאונגען פון יידישן פּראָלעטאַריאַט און אויך מאַכן דעם רעאַלן פּרווו צו לייזן די ברענענדיקע פראַגע פון דער עמיגראַציע פון יידישע אַרבעטער מיט דער ממשותדיקער הילף פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט.

„מיר האָבן געהאַלטן ווייטער פאַר אונדזער קאָמוניסטישער פליכט צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון אונדזערע חברים אויף אַ פּאָר פונקטן אין דעם בריוו, וואָס באַווייזן, אַז דער עקזעקוטיוו פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז נאָך ניט דערגאַנגען צו דער אָנערקענונג פון די אַלע מסקנות, וואָס זענען אַ נויטווענדיקער אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון זיין ריכטיקער מאַרקסיסטישער אָנערקענונג פון די ספּעציפישע עקאָנאָמישע לעבנס־באַדינגונגען פון די יידישע אַרבעטער.

„מיר זענען איבערצייגט און זיכער, אַז עס וועט אונדז געלינגען דורך דעם רעוואָלוציאָנערן טאַט פון אונדזערע פּאַרטייען אין אַלע לענדער און אונדזער פּערמאַנענטער אויפקלערונגס־אַרבעט איבערצייגן דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אַז אונדזער גאַנצע אידעאָלאָגיע איז פריי פון רעפאָרמיסטישע און צענטריסטישע ווירקונגען, אַז אונדזער באַוועגונג איז פריי פון פּאַרטיקולאַריסטישע טענדענצן און אַז אונדזערע אַלע שטרעבונגען זענען געריכטעט איינציק און אַליין צו באַפרידיקן די קאָנקרעטע לעבנס־פאָדערונגען פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, וואָס זענען אין איינקלאַנג מיטן קאַמף פאַר דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און וואָס ברענגען צום ניצחון פון קאָמוניזם צווישן די יידישע אַרבעטער.

„אונדזער טיפער גלויבן איז, אַז דער בריוו פון דעם עקזעקוטיוו פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז געשריבן אָפן און מיט פיל סימפּאַטיע, שאַפט דעם יסוד פאַר דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנשלוס פון אונדזער באַוועגונג

צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל. דער קאַטעגאָרישער ווילן און די שטאַרקע שטרעבונג פון די יידישע קאָמוניסטישע אַרבעטער, וואָס זענען אָרגאַניזירט אין אונדזער פאַרבאַנד, צו זיין אַן אָרגאַנישער טייל פון דער גרויסער קאָמוניסטישער משפחה פון די אַרבעטער, און דער אָפענער ווילן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל אויפצונעמען אין זיך דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועלן ברענגען צו דער קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג און וועלן באַזייטיקן אַלע שטערונגען און מיספאַר־שטענדענישן, וואָס זענען נאָך פאַראַן אויפן וועג פון אונדזער אָנשלוס צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

„די פּריינטלעכע ווענדונג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל וועט געפינען אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון אַ'לע אונדזערע חברים, ווייל פאַר אונדז עקזיסטירט נאָר איין ציל: דער ניצחון פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און נאָר איין וועג: דער וועג פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל".

מען קען זיך, נאַטירלעך, וווּנדערן, ווי איך וווּנדער זיך איצט, ווי מיר האָבן געקענט שרייבן אין דער דאָזיקער ווענדונג צו אַלע חברים, אַז דער דאָזיקער בריוו גיט אַ יסוד צו אונדזער אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנשלוס. אָבער, ווי עס ווייזט אויס, די לאָגע פאַרפליכטעט Noblesse oblige, מיר האָבן געמוזט שרייבן אין דער דאָזיקער פאָרם, אַז דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל זאָל אונדז, די פירער, ניט באַשולדיקן, אַז מיר האָבן געפירט אַן אַגיטאַציע קעגן אָננעמען דעם באַדינג פון דעם דאָזיקן בריוו. ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען די סיבה פון דעם דאָזיקן געדאַנק, הגם פריער האָבן מיר געשריבן קלאָר, אַז דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָט נאָך ניט אַרויסגעצויגן אַלע קאָנסעקווענטע מסקנות פון דער דאָזיקער ערשטער הנחה. יעדנפאַלס, פאַר אונדז איז געווען קלאָר, אַז מיר וועלן פאַר קיין פּרייז ניט אָננעמען דעם עיקרדיקן תנאי: דאָס אָפּזאָגן זיך פון ארץ ישראל־געדאַנק — און די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג איז אַ באַווייז דערצו.

סוף אָקטאָבער 1921 איז איך ווין פאַרגעקומען די באַראַטונג פון דעם וועלט־פאַרבאַנד, וואָס צו איר איז געקומען פון רוסלאַנד חיים אווערבוך, דער ברודער פון כאַשינען. איך האָב זיך באַקענט מיט אים ערשט דעם לעצטן זומער אין מאָסקווע, ווייל ווען איך האָב פאַרלאָזן רוסלאַנד אין דעצעמבער 1918, האָב איך אים אין ערגעץ אין דער פּאַרטיי ניט באַגעגנט. בכלל האָב איך דעם דאָזיקן זומער געטראָפן אַ פּאָר נייע חברים, אַחוץ די אַלטע, ווי מאיר הער, שלום שאפּיר, אָבער צבי פרידלאנדן האָב איך שוין אין דער פּאַרטיי ניט געטראָפן. חיים אווערבוך איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי און דער לעבעדיקער גייסט אין איר. ער האָט קאָנצענטרירט אין זיינע הענט אַלע ענינים.

אויף דער באַראַטונג אין אָקטאָבער האָבן מיר באַשלאָסן צו שיקן נאָך אַ דעלעגאַציע קיין מאָסקווע. מיר האָבן דעלעגירט סערפּאָוון, אָבער קיין רעזולטאַטן פון דער נסיעה זענען ניט געקומען. ער האָט נאָכאַמאָל באַקומען אין מאָסקווע אַ גאַנץ קאַטעגאָרישע נעגאַטיווע תשובה. מען האָט אונדז געהייסן באַשטימען דעם טערמין פון דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ. מיר האָבן באַשטימט די קאָנפערענץ אויף זומער 1922 אין דאַנציג. די דאָזיקע שטאָט איז דאַן געווען אַ פרייער געביט, און מען האָט געקענט אַריבערקומען אַהין הן מצד דייטשלאַנד, הן מצד פּוילן פריי, כמעט אָן פּעסער.

אין דער צייט פון די צוגרייטונגען צו דער זעקסטער קאָנפערענץ האָט זיך געפירט אַ האַרטנעקיקער קאַמף אין אונדזער גאַנצער באַוועגונג, ספּעציעל אין די אייראָפּעאישע פּאַרטייען און אין ארץ־ישראל, צווישן אונדז און אונדזערע ליקווידאַטאָרן. די ליקווידאַטאָרן האָבן געוואָלט ניט נאָר אַליין אַריבערגיין צו די קאָמוניסטישע פּאַרטייען פון זייערע לענדער, נאָר האָבן זיך אויך באַמיט מיט אַלע כוחות און מיט דער הילף פון די קאָמוניסטישע לאַנדעס־פּאַרטייען אַריבערצופירן אַלע אונדזערע פּאַרטייען צום קאָמאינטערן און אָפּזאָגן זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל פון דעם ארץ־ישראל־געדאַנק. אַ טייל פון די ליקווידאַטאָרן, נאָך זייענדיק אין אונדזערע פּאַרטייען, האָבן זיך פאַר־בונדן מיט די אָרטיקע קאָמוניסטן און האָבן געאַרבעט אין אונדזערע פּאַרטייען לויט די אָנווייזונגען פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען. אַזוי איז עס געווען אין טשעכאָסלאָוואַקיע, אין עסטרייך און אין פּוילן. לויט אונדזערע אָנווייזונגען זענען באַשטימט געוואָרן לאַנדעס־קאָנפערענצן פאַר דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ. אין פּוילן איז די דאָזיקע קאָנפערענץ פאָרגעקומען אין דעצעמבער, און איך בין דעלעגירט געוואָרן צו דער דאָזיקער קאָנפערענץ דורך דעם פּ. ב., פון פּוילן האָבן מיר געהאַט זייער באַאומרועדיקע ידיעות. מיר האָבן געוווסט, אַז דאָרטן איז דאָ אַ גרויסע גרופּע פון גוטע חברים, וואָס זענען נוטה צו ליקווידאַציע, און צווישן זיי — און דאָס האָט מיך זייער איבערראַשט און פאַרדראָסן — אויך שאול אַמסטערדאַם, וואָס מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָב איך נאָך מיט אים האַרמאָניש געאַרבעט אין מאָסקווע.

אויף די דאָזיקע לאַנדעס־קאָנפערענצן האָבן די פּאַרטייען קודם כל געדאַרפט אויפנעמען אָפיציעל די 21 אויפנעם־באַדינגונגען פון קאָמאינטערן, און פון דער אַנדערער זייט ענדגילטיק באַשליסן וועגן דעם ניט אָננעמען די 22טע באַדינגונג, די ספּעציפישע פאַר אונדז — דעם אָפּזאָגן זיך פון דעם ארץ־ישראל־געדאַנק. פון קאָמאינטערן זענען געווען אָנווייזונגען, אַז אויב עמעצער וועט אויף די קאָנפערענצן שטימען קעגן דעם אויפנעם פון די 21 באַדינגונגען, דאַרף אים די קאָנפערענץ אויפן אָרט אויסשליסן פון דער פּאַרטיי.

איך קען, ליידער, ניט איבערגעבן אַלע פּרטים פון דער קאָנפערענץ אין וואַרשע. איך האָב געפירט די קאָנפערענץ און דער וויכוח איז געווען אַ האַרבער. און אַז מיר האָבן אָפּגעשטימט וועגן די 21 באַדינגונגען, האָט איינער פון אונדזערע גוטע חברים, לייזער לעווין פון לאָדזש, געשטימט קעגן, ניט געקוקט אויף אַלע אונדזערע באַמיאונגען אים צו באַווירקן, ער זאָל זיך אָפּהאַלטן פון שטימען. דאַן האָב איך, זייענדיק געטריי די אָנווייזונגען פון קאָמאינטערן, דערקלערט אויפן אָרט, אַז אויפן סמך פון די אָנווייזונגען פון קאָמאינטערן שליס איך אים אויס פון דער פּאַרטיי אין פּוילן און נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט. לייזער לעווין איז דאַן אַריבער צו די רעכטע פּועלי ציון. און די איראָניע פון גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל פירן די זיצונג אויף דער פּאַראייניקונגס־קאָנפערענץ מיט אחדות העבודה אין יאָר 1946 (אַפּריל) און געבן דאָס וואָרט דעם חבר לייזער לעווין, וואָס מיט אים האָבן מיר זיך צוריק פּאַראייניקט נאָך 25 יאָר. אָבער זייער מאָדנע איז אין מיינע אויגן, אַז דווקא דער חבר איז איצט געבליבן אין מפ״ם, נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך געשפּאָלטן אין יאָר 1954.

אויף דער קאָנפערענץ אין פּוילן האָבן די ליקווידאַטאָרן באַשלאָסן זיך צו באַנוצן מיט אַ ספּעציעלער טאַקטיק: ניט שטימען קעגן אונדזער באַשלוס וועגן ניט אָננעמען דעם 22טן באַדינג, ווייל זיי האָבן נאָך געוואָלט בלייבן אין דער פּאַרטיי, כדי זי אונטערצוגראָבן פון אינעווייניק. אָבער איינער פון זיי, אויך אַן אַקטיווער חבר פון לאָדזש, דער חבר מיכראָווסקי, האָט געשטימט קעגן אונדזער באַשלוס, און כדי צו שאַפן אַ גלייכגעוויכט, האָב איך אים אויך אויפן אָרט אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי.

אויף די דאָזיקע קאָנפערענצן האָבן מיר אויך געדאַרפט באַשטימען וועגן איינעם פון אונדזערע פּאָרשלאַגן, דעם וויכטיקסטן, וואָס האָט זיך געפונען אין אונדזער מעמאָראַנדום צום קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דער פּאָרשלאַג איז געווען, אַז מיר זענען גרייט צו ווערן די יידישע סעקציע אין די דאָרטיקע קאָמוניסטישע לאַנד־פּאַרטייען מיט ספּעציעלע אויפגאַבן אויפן געביט פון אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער. דערמיט האָבן מיר אָנערקענט, אַז אין אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן נעמען מיר לכתחילה אָן די באַשלוסן פון קאָמאינטערן און פון די אָרטיקע קאָמוניסטישע פּאַרטייען. די דאָזיקע שטעלונג איז געווען אַ קאָנסעקווענטער פּועל־יוצא פון אונדזער גאַנצן מעמאָראַנדום.

דער דאָזיקער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער באַראַטונג אין אָקטאָבער און באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער קאָנפערענץ אין פּוילן אין דעצעמבער. איך האָב עס געדאַרפט, לויט דעם אויפטראַג פון פּ. ב. באַגרינדן די דאָזיקע שטעלונג אין דער צייטונג פון דער פּוילישער פּאַרטיי און דאָס האָב

איך אויסגעפּירט. די צייטונג אין פּוילן האָט ניט געקענט דערשיינען אַלס אַ פּעריאָדישע אונטער איר שטענדיקן נאָמען „די אַרבעטער צייטונג" און איז דערשינען יעדעס מאָל אונטער אַן אַנדער נאָמען, אַ מאָל פלעגן דערשיינען אַ פּאָר נומערן אונטערן זעלביקן נאָמען, ביז די צייטונג פלעגט פאַרמאַכט ווערן דורך דער מאַכט.

אין „אונדזער בלאט" פון 29סטן יאנואר 1922 האָב איך אָפּגעדרוקט דעם אַרטיקל, וועלכן איך ברענג דאָ, הגם איך בין לחלוטין ניט מסכים מיט אים איצט, אָבער ער איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזערע שטימונגען דאַן. די דאָזיקע שטימונגען האָבן זיך איבערגעחזרט אין דער פאַראייניקטער אַרבע־טער־פּאַרטיי (מפּ"ם) דרייסיק יאָר שפּעטער.

„דאָס רעכט צו קריטיקירן אָדער די פליכט צו טאָן".

„די קאָנפערענץ פון פועלי ציון האָט באַשטעטיקט אַל־ע באַשלוסן וועגן דעם אָנשלוס פון דער באַראַטונג פון פאַרבאַנד און צווישן זיי אויך דעם באַשלוס, וואָס לויט אים פאַרפליכטן דער פּאַרטיי אַלע באַשלוסן פון דער אָרטיקער מאַרקסיסטישער (קאָמוניסטישער — נ.) פּאַרטיי אין דער אַלגעמיינער פּאָליטיק, אָבער אין די פראַגן פון דער פּאָליטיק פון די יידישע אַרבעטער היט אָפּ די פּאַרטיי די דיסציפּלין כלפּי די באַשלוסן פון פאַרבאַנד.

דער דאָזיקער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן פון אַ טייל חברים מיט אַ געוויסער אומצופרידנקייט. די חברים טענהן, אַז כל זמן מיר זענען באַך ניט אַריינגעגאַנגען אַלס אַן אָרגאַנישער טייל אין דעם אינטערנאַציאָנאַל, דאַרפן מיר זיין זעלבשטענדיק אויך אין דער אָרטיקער פּאָליטיק. דאָס איז אין אַ געוויסער מאָס אַ „ברוגז־טאַנץ". זיי טענהן, אַז היות ווי מען אָנערקענט אונדז ניט, קענען מיר ניט נעמען אויף זיך די פליכט צו רעכענען זיך מיט די באַשלוסן פון דער אָרטיקער פּאַרטיי כלפּי דער אָרטיקער פּאָליטיק, און ספּעציעל דערפאַר, ווייל אויב מיר וועלן זיין די סעקציע פון דער אָרטיקער פּאַרטיי וועלן מיר האָבן אַ געוויסע השפּעה אויף די באַשלוסן; אָבער איצט קענען מיר נישט משפּיע זיין און מיר קענען ניט אויפנעמען די באַשלוסן פון דער פּאַרטיי בלינד.

די דאָזיקע טענות (היינט, ווען כ'שרייב די שורות, זעען זיי מיר אויס פאַר זייער ריכטיקע —נ.) האָבן ניט קיין גרונט. מיר דאַרפן זיך ניט שאַפן פאַר זיך אַליין קיין אילוזיעס, אַז ווען מיר וועלן זיין די סעקציע פון דער אָרטיקער פּאַרטיי וועלן מיר קענען משפּיע זיין אויף די דאָזיקע באַשלוסן. אפילו אין פּוילן, וווּ עס לעבט דער רוב מנין און רוב בנין פון די יידישע אַרבעטער, קענען זיי ניט, צוליב זייער עקאָנאָמישן מצב, משפּיע זיין אויף

דעם פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. די דאָזיקע לאַגע מוז געפינען איר אויסדרוק נאָר אין דער השפעה, וואָס אַ טייל פון די יידישע אַרבעטער קענען האָבן אויף אַ גרעסערן טייל פון די פּוילישע אַרבעטער.

אין יאָר 1919, נאָך דעם ווי די פּ.פּ.ס. איז אַרויס פון דעם אַרבעטער־ראַט פון וואַרשע און דאָרט זענען פאַרבליבן נאָר די יידישע פּאַרטייען, די קליינע גרופּע פון די לינקע פּ.פּ.ס. מיט זשאַרסקין בראש און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, האָט די לעצטע געהאַט די מערהייט אין פאַרגלייך מיט אַלע איבעריקע פּאַרטייען און קעגן דער מיינונג פון די אַלע פּאַרטייען האָט זי פּראָקלאַמירט דעם אַלגעמיינעם שטרייק. דער דאָזיקער ביישפּיל באַווייזט באַשיימפּערלעך, אַז מיר מוזן פאַרשטיין, אַז אונדזער השפעה אין דער אָרטיקער פּאַרטיי אויף דער אָרטיקער פּאָליטיק קען אין בעסטן פאַל זיין זייער אַ באַשיידענע. דעריבער קען דער דאָזיקער פאַקט ניט זיין קיין גרונט זיך ניט צו רעכענען מיט די באַשלוסן פון דער לאַנד־פּאַרטיי. אויב אַזוי, איז עס נאָר אַ פאָרמעלער ענין. צום עצם ענין קענען מיר סיי ווי ניט משפּיע זיין אויף אַ קענטיקן אופן.

עס איז אַבסאָלוט אומלאָגיש צו טאַנצן אַ ברוגז־טאַנץ מיט דער לאַנד־פּאַרטיי. מיר זענען מאַרקסיסטן ניט דערפאַר, וואָס דער אָדער אַן אַנדערער אנערקענט אונדז אָדער ניט. מיר זענען מאַרקסיסטן, ווייל מיר אָנערקענען, אַז נאָר דורכן מאַרקסיזם קען מען געפינען די לייזונג פאַר די אָנגעווייטיקטע פראַגן פון דערווירקלעכקייט פון די יידישע אַרבעטער... און אויב מיר זענען מאַרקסיסטן, אָנערקענען מיר, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל שטייט בראש פון דער וועלט־רעוואָלוציע און אַז די לאַנד־פּאַרטייען, ווי אַ טייל פון אים, פירן אויס זיינע דירעקטיוון אויף די ערטער. מיר אָנערקענען דעם אינטערנאַציאָנאַל ניט דערפאַר, וואָס ער אָנערקענט אונדז אָדער ניט. אונדזער מאַרקסיסטישער געדאַנק איז אַ מסקנה ניט פון אַן אויסערלעכער דערשיינונג, נאָר פון אונדזער אינערלעכן באַוווסטזיין. און דעריבער מוזן אונדז פאַרפליכטן די באַשלוסן פון דער לאַנד־פּאַרטיי, אַפילו דאַן, ווען מיר זענען ניט איר סעקציע.

און אין דער ווירקלעכקייט: מען זאָגט, אַז דער לעצטער שטרייק, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך דער פּאַרטיי און וואָס צו אים האָבן זיך אָנגעשלאָסן אויך די יידישע אַרבעטער, איז געווען אַן אומגעלונגענער שטרייק. איך וויל דאָ ניט אַריינגיין אין עצם ענין, און איך נעם אָן, אַז דער שטרייק איז באמת געווען ניט אויפן אָרט. טאָ וואָס האָבן מיר געדאַרפט טאָן? ניט שטרייקן, און אין מאָמענט פון דעם אַקט שטערן אויף אַזאַ אופן דער אַרבעט פון דער פּאַרטיי? דאָס קומט נאַטירלעך ניט אין פראַגע, ווייל דאָס וואָלט געווען אַ שריט, וואָס וואָלט געבראַכט שאָדן און דעזאָרגאַניזאַציע.

מיר האָבן דאָס רעכט דיסציפּלינירט צו קריטיקירן. אָבער אין דער צייט

פון דער אַקציע איז אַזאַ מין ניט דיסציפּלינירטער טאַט אַ פּאָליטישער פאַרברעך. עס איז בעסער אין דערווירקלעכקייט זיך צו באַטייליקן אין די טעותן פון אַרבעטער־קלאַס ווי צו שטיין אָן אַ זייט און בלייבן אין דער טעאָריע גערעכט.

איך רעזומיר. קודם כל איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון יידישן פּראָלע־טאַריאַט — אַ צעשפּרייטע מינדערהייט — אַלעמאָל אַזאַ, אַז זי גיט אים ניט די מעגלעכקייט פון אַ באַשטימענדיקע ווירקונג אויף די פּאָליטישע באַשלוסן פון דער לאַנד־פּאַרטיי אפילו דאַן, ווען ער האָט דאָס פאָרמעלע רעכט דערצו. צווייטנס, דאַרף מען אָפּשאַצן די וויכטיקייט פון אַ געאייניקטן און געשלאָסענעם פּראָנט ניט נאָר לויט די טעותן, וואָס מען מאַכט אָדער ווו מען קען זיי מאַכן, נאָר לויט די שטענדיקע קאַמף־אויפגאַבן, וואָס זענען, אייגנטלעך, גלייך פאַרן יידישן און ניט־יידישן פּראָלעטאַריאַט.

די לאַנד־פּאַרטיי, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך דעם אינטערנאַציאָנאַל לויט די מאַרקסיסטישע קאַמף־שיטות, דאַרף פירן און וועט פירן דעם קאַמף אין דער ריכטיקער מאַרקסיסטישער ריכטונג. פאַרן יידישן אַרבעטער־קלאַס איז אַבסאָלוט מער וויכטיק צו אַרבעטן צוזאַמען דיסציפּלינירט, איידער פריי און סעפּאַראַט צו קריטיקירן. די פליכט פון קאַמף איז אַ סך וויכטיקער און אַ סך גרעסער אין פּראַקטיש־פּאָליטישן זין, ווי דאָס רעכט צו קריטיקירן".

די דאָזיקע שטעלונג איז נאַטירלעך אַ ליקווידאַטאָרישע און דאָס איז פאַר אונדז קלאָר געוואָרן ניט דרייסיק יאָר שפּעטער, נאָר שוין אַ פּאָר חדשים נאָך דעם, ווו מיר האָבן אָנגענומען די שטעלונג. מיר האָבן זיך תיכף ומיד איבערצייגט, אַז אַזאַ באַשלוס בינדט אונדז די הענט און די פיס ווי אַ זעלבשטענדיקע פּאַרטיי און באַוועגונג. און אַז דורך דעם דאָזיקן באַשלוס באַפרייען מיר זיך אַליין און אַלע חברים צו טראַכטן און צו באַהאַנדלען די אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן. פון דער אַנדערער זייט, האָבן מיר זיך איבער־צייגט, אַז אייגנטלעך איז ניטאָ קיין איין אינטערנאַציאָנאַלע פראַגע, וואָס זאָל ניט זיין געבונדן מיט דער יידישער פראַגע דירעקט אָדער אומדירעקט. און ספּעציעל איז אונדז געווען אוממעגלעך פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן באַשלוס אין לעבן, ווייל מיר זענען ניט געווען קיין טייל פון די קאָמוניסטישע לאַנד־פּאַרטייען און האָבן זיך ניט באַטייליקט אין באַהאַנדלען די דאָזיקע פראַגן, מיר האָבן געדאַרפט ווערן כמעט אויטאָמאַטן אין אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן און, ניט באַהאַנדלענדיק און ניט טראַכטנדיק, אָננעמען אַלץ, וואָס מען זאָגט אונדז. זייער שנעל האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז דער דאָזיקער באַשלוס קען חרוב מאַכן אונדזער גאַנצע באַוועגונג, און אַ פּאָר חדשים שפּעטער, אויף דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ אין דאַנציג, האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיקער שטעלונג אויף אַ גאַנץ פיקאַנטן אופן.

ווען איך בין דאָן געווען אין וואַרשע, האָט זיך צו מיר געוואָנדן אַן אייגנטימער פון אַ בוך־פאַרלאַג, לאַנדינסקי. זיין ליטעראַרישער נאָמען איז געווען איש־עברי. לאַנדינסקי איז מיט אַ פּאָר יאָר פריער געווען אַ חבר אין פועלי ציון, אָבער אַז איך בין געקומען קיין וואַרשע אין יאָר 1919 איז ער שוין געווען אין „בונד" און איז געווען פון אונדזערע זייער ערנסטע קעגנער און האָט געשריבן קעגן אונדז אויך גאַנץ מיאוסע פּאַשקווילן. ער האָט געהאַט אַ שוועסטער, נחמה, אונדזערע אַ חברטע, וואָס איך האָב זיך געטראָפן מיט איר אויף דער קאָנפערענץ פון דער רוסישער פּאַרטיי אין אַפּריל אין יאָר 1917 אין מאָסקווע. דאָס איז געווען אַ מיידל פון פּוילן, וואָס איז אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרוואָגלט געוואָרן אזש ביז באַקו, און איז פון באַקו געקומען ווי אַ דעלעגאַטקע צו דער מאָסקווער קאָנפערענץ. אַ שיין מיידל מיט ברענענדיקע אויגן און מיט אַ גרויסן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַ־מענט. איך האָב זיך געטראָפן מיט איר נאָך אַ מאָל אין מאָסקווע אין יאָר 1921, ווען זי איז שוין געווען די פרוי פון דעם חבר בערנהאָלץ, וועלכן איך האָב פריער דערמאָנט. איך האָב זי געטראָפן צום דריטן מאָל שוין אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1938, און פון דעם רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט האָט זיך אויסגעלאָזן אַ גרויסער געשעפט פון פּרויען־היט. דאָן איז זי שוין געווען זייער רייך, האָט אָבער נאָך אָפּגעהיט אַ ביסל טראַדיציע פון פועלי ציון.

איר ברודער לאַנדינסקי האָט זיך עס געוואָנדן צו מיר און געפרעגט, וואָס וועט זיין די באַציונג פון די חברים, אויב ער וועט וועלן צוריק אַריינטרעטן אין דער פועלי ציון באַוועגונג. צווישן אַנדערן האָט ער מיר פאָרגעשלאָגן איך זאָל שרייבן די געשיכטע פון סאָציאַליזם, און צוגעגעבן, אַז ער איז גרייט אַרויסצוגעבן דאָס בוך. דער פאָרשלאָג איז געווען אַ גאַנץ ערנסטער און איך האָב אים אָנגענומען. צווישן אונדז האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז אין משך פון אַ דריי־פיר חדשים דאַרף איך אים צושטעלן דעם ערשטן באַנד אויף אַ 12—20 דרוק־בויגן. מיר האָבן אויך באַשלאָסן, אַז דאָס ערשטע בוך דאַרף ארומנעמען די היסטאָרישע תקופה ביז צום סוף פון אַכצנטן יאָרהונדערט.

איך האָב זיך אומגעקערט סוף דעצעמבער קיין ווין, און תיכף אָנגעשריבן אַ יסודותדיקן אַרטיקל וועגן אונדזער וויכוח מיט די ליקווידאַטאָרן. דער אַרטיקל איז דערשינען אין „אונדזער וועלט" אין קראָקע דעם 8טן יאַנואַר 1922. אָט זענען עטלעכע אויסצוגן פון אים:

„דער וועג פון די ליקווידאַטאָרן

„די עיקר־טענה פון אונדזערע חברים, וואָס רעקאָמענדירן אָנצונעמען אַן באַדינגונגען דעם באַוווסטן בריוו פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן

אינטערנאַציאָנאַל פון 26סטן אויגוסט 1921, איז: עס איז אוממעגלעך די עקזיסטענץ פון אונדזער פּאַרטיי, אויב זי וועט ניט זיין קיין אָרגאַנישער חלק פון אינטערנאַציאָנאַל.

אין וואָס דריקט זיך אויס די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל מיט זיינע סעקציעס? די דאָזיקע פאַרבינדונג לייגט אַרויף פליכטן און גיט אויך רעכט ביידע צדדים. די פליכט פון אינטערנאַציאָנאַל איז צו פירן די פּאָליטישע טעטיקייט פון די לאַנד־פּאַרטייען און זיין רעכט איז זיך אַריינצומישן אַפילו אין זייערע אָרטיקע ענינים. די פליכט פון די פּאַרטייען איז אויסצופירן די אָנווייזונגען פון אינטערנאַציאָנאַל. זייער רעכט איז — משפיע צו זיין אויף דער טאַקטיק פון דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג.

זעענדיק זיך אַלס אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג, נעמען מיר אויף זיך די פליכטן, וואָס ליגן אויף די לאַנד־פּאַרטייען, אָבער מען נעמט ביי אונדז צו דאָס רעכט אויסצודריקן אונדזער מיינונג אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן. און דעריבער וועלן מיר, בלית ברירה, אויסדריקן אונדזערע אָנשויונגען אין דער פּרעסע. דיסציפּלין מיינט ניט מותר זיין אויף דער אייגענער מיינונג. צענטראַליסטישע דיסציפּלין מיינט דיסציפּלינירטע טאַט און דיסציפּלינירטע קריטיק.

די לאַגע פון דער פּאַרטיי, וואָס געהערט ניט אין אָרגאַניזאַציאָנעלן זין צום אינטערנאַציאָנאַל, איז, אמת, זייער אַ שווערע, אָבער ניט אַן אוממעגלעכע. מען טענהט קעגן אונדז: עס איז אוממעגלעך אַ רעוואָלוציאָנערע אַקציע פון אַ זעלבשטענדיקער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי אפילו ביי איר גרעסטן אויפריכטיקן ווילן; די געאייניקטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי וועט אַרבעטן צווישן די יידישע מאַסן און וועט באַפרידיקן אַלע זייערע באַדערפענישן; אַ פּערספּעקטיוו־לאָזונג אָן אַ פאַרבינדונג מיט דער טאָג־טעגלעכער טעטיקייט וועט ניט קענען אויפהאַלטן אַ באַוועגונג מיט מאַרקסיסטישע פּרינציפּן.

די פּערספּעקטיוו איז דער רעזולטאַט פון דער פאַרגאַנגענהייט און דעם הווה, מען קען זי ניט אַרויסקוועטשן פון פינגער. וואָס איז די באַציִונג פון די קאָמוניסטישע לאַנד־פּאַרטייען צו די פּראָבלעמען פון די יידישע אַרבעטער? מיר ווייסן דאָך, ווי עס פאַראינטערעסירט זיך די פּוילישע פּאַרטיי מיט די די ספּעציפישע באַדערפענישן פון די יידישע אַרבעטער. איינע פון די ספּעציפישע פראַגן פון די יידישע אַרבעטער איז די עמיגראַציע. דער אינטערנאַציאָנאַל האָט דאָס אָנערקענט און האָט אַרויפגעלייגט אויף די פּאַרטייען צו באַשעפטיקן זיך אויך מיט דעם דאָזיקן פּראָבלעם. האָט דען די פּוילישע פּאַרטיי אויסגעפירט די דאָזיקע אָנווייזונג? די ארץ־ישראלדיקע פּערספּעקטיוו האָט דער קאָמאינטערן

דעפינירט ווי אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע. די געאייניקטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי וועט זיך זיכער ניט באַשעפטיקן מיט דעם ארץ־ישראל־פּראָבלעם. טאָ פון וואַנען איז די זיכערקייט, אַז די לאַנד־פּאַרטייען וועלן באַפרידיקן די ספּעציפישע באַדערפענישן פון די יידישע אַרבעטער?

דער פּראָגנאָז, אַז אונדזער באַוועגונג וועט זיך צעפאַלן, איז ניט קיין סך ווערט. דאָס אָפּשטויסן אונדזער פּאַרטיי דורכן אינטערנאַציאָנאַל וועט זי, ווי אַ זעלבשטענדיקע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, פאַרשטאַרקן אין איר גראַנגל דערפאַר, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל זאָל אָנערקענען די ספּעציפישע באַדערפענישן פון די יידישע אַרבעטער, און צווישן זיי אויך די ארץ־ישראל־לייזונג. די מענטשן, וואָס איילן זיך צו פאַרלאָזן די שמאָלע סטעזשקע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און די, וואָס גייען אַרויס אויפן דרך המלך פון דער רוסישער אָדער פּוילישער פּאַרטיי, זענען פאַררעטער און דעזערטירן. דאָס וואָס זיי פאַרלאָזן די באַוועגונג באַווייזט ניט אַז די פּאַרטיי צעפאַלט זיך.

מיר וועלן זיך איצט אָפּשטעלן אויף אַ ספּעציעלן טיפּ פון ליקווידאַטאָרן. זיי האָבן אַ פּאָזיטיווע מיינונג וועגן ארץ־ישראל, אָבער דאָס איז נאָר אַ פּערס־פּעקטיוו, וואָס הייבט צו טאָג קאָן מען גאָרניט טאָן פאַר איר. מען קען גאָרניט רעאַליזירן ביי דער פּערספּעקטיוו־לאָזונג, אויב עס איז אוממעגלעך ממשותדיקע אַרבעט פאַר אים. די ליקווידאַטאָרן פאַרשטייען ניט דאָס, וואָס איז ממילא פאַרשטענדלעך: אויף פאַר פּערספּעקטיוו־לאָזונגען דאַרף מען עפּעס טאָן, אַז ניט וועט דער לאָזונג פאַרשווינדן. איינס פון דיביידע, אויב ארץ־ישראל איז אַ פּערספּעקטיוו־לאָזונג, אָבער אַ לעבנס־לאָזונג, דאַרף מען עפּעס טאָן פאַר אים; און אויב מען קען באמת גאָרניט טאָן ממשותדיקס פאַר אים, דאַרף מען האָבן מוט און אַרויסוואַרפן דעם איבעריקן לאָזונג, וואָס צעטומלט די אַרבעטער־מוחות און ווענדט זייער אויפמערקזאַמקייט אין אַ ניט ריכטיקער ריכטונג.

כלפּי אונדז טענהן די ליקווידאַטאָרן: דיקטאַטור איז ניט קיין פּערס־פּעקטיוו־לאָזונג, דאָס איז אַ טאָג־לאָזונג, וואָס פאַר זיין תיכּפדיקער פאַרווירק־לעכונג אַרבעט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי טאָג־טעגלעך. די הנחות וועגן דער וועלט־לאַגע, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן דורכן דריטן קאָנגרעס פון קאָמאינטערן, באַווייזן, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל זעט ניט קיינע שאַנסן צו דער תיכּפדיקער דעראָבערונג פון דער מאַכט, נאָר עס האַנדלט זיך וועגן אַ לאַנג דויערנדיקן קאַמף. דער אינטערנאַציאָנאַל מיינט אפילו, אַז עס איז מעגלעך נאָך אויף אַ צייט די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, דעריבער רעקאָ־מענדירט ער צו זיין זייער פאָרזיכטיק אין יעדער מאַסן־אַקציע.

און פּונקט אַזוי ווי מען דאַרף צוגרייטן די מאַסן צו פאַרכאַפּן די מאַכט,

ווען עס וועט קומען די צייט דערצו, אַזוי אויך דאַרף מען צוגרייטן דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס צו פאַרנעמען די מאַכט אין ארץ ישראל. און אויב מען זאָל מיינען, אַז די צייט פון נעמען די מאַכט אין דער וועלט וועט אין גיכן אָנקומען, איז דאָך פון דעם שטאַנדפּונקט אויך ארץ ישראל ניט קיין פּערספּעקטיוו־לאָזונג. עס טענהן דאָך די ליקווידאַטאָרן, אַז דער ארץ־ישראל־לאָזונג וועט פאַרווירקלעכט ווערן נאָר אין סאָוויעטישן רעזשים, נאָכדעם ווי עס וועט איינגעשטעלט ווערן די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור. און אויב די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור איז אַ טאָג־לאָזונג, וואָס וועט תיכף פאַרווירקלעכט ווערן, איז דאָך אויך דער ארץ־ישראל־לאָזונג, וואָס איז אָפּהענגיק פון דער פאַרווירקלעכונג פון דעם לאָזונג פון דיקטאַטור, אַ טאָג־לאָזונג. עס איז דאָך אוממעגלעך, אַז פון צוויי לאָזונגען, וואָס וועלן פאַרווירקלעכט ווערן איינער נאָכן אַנדערן, איז איין לאָזונג שייך צו די טאָג־לאָזונגען, און דער צווייטער צו די פּערספּעקטיווע לאָזונגען.

צי זענען באמת ניטאָ קיין שום עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן אויסצוברייטערן אונדזערע פּאָזיציעס אין ארץ ישראל פון מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט? די ליקווידאַטאָרן ענטפערן, אַז זיי זענען ניטאָ, און דערצו גיבן זיי צו: אויב עס עקזיסטירן יאָ אַזעלכע מעגלעכקייטן, זענען זיי מינימאַלע ביז לעכערלעכקייט. יעדער איינער וועט דאָך מודה זיין אַז אונדזער ארץ ישראל־פּאַרטיי דאַרף זיך אַנטוויקלען, אָבער פאַר איר אַנטוויקלונג איז נייטיק דאָס אַנטשטיין פון אַ יידישן אַרבעטער־קלאַס אין ארץ ישראל, וואָס איז דער קומענדיקער סוביעקט פון דער מאַכט. מען מוז שאַפן אין ארץ ישראל ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס, כדי דער יידישער אַרבעטער זאָל זיך דאָרט באַפעסטיקן און שלאָגן וואָרצלען. דער אַרבעטער־קלאַס קען מיט זיינע אייגענע כוחות אויסברייטערן די אויפנעמפעיקייט פון לאַנד. אויב מיר זאָלן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און גאָרניט טאָן, וועט זיכער גאָרניט געשאַפן ווערן.

דער ארץ ישראל־פּונקט, דאָס הייסט דאָס ווענדן דעם עמיגראַציע־שטראָם אַהין, און די עקאָנאָמישע טעטיקייט אין לאַנד, דריקט אויס דעם צענטראַלן געדאַנק פון אונדזער באַוועגונג. מען קען אונדז אפשר זאָגן, אַז מיר זענען ניט גערעכט, אָבער מען קען אונדז ניט זאָגן, אַז מיר רעדן ניט קאָנקרעט. מיר רעדן וועגן די ספּעציפישע באַדינגונגען פון יידישן פּראָלעטאַריאַט און וועגן די ספּעציעלע אויפגאַבן, וואָס מען דאַרף זיי אַרויפלייגן אויף די יידישע סעקציעס פון די קאָמוניסטישע לאַנד־פּאַרטייען".

*

במשך פיר חדשים בין איך געבליבן אין ווין און ניט אַרויסגעפאָרן. איך האָב געווידמעט מיין צייט, אַחוץ דער אַרבעט אין ביוראָ, צוויי זאַכן. קודם כל האָב איך געשריבן דאָס בוך וועגן דער „געשיכטע פון סאָציאַליזם", והשנית, האָב איך דאַן געשריבן אַ בראָשור וועגן דעם מהות פון פועלי־ציוניזם. די חברים אין אַרגענטינע האָבן זיך געוואָנדן צו אונדז מיט דער בקשה אַרויסצוגעבן אַ פּאָפּולערע בראָשור וועגן מהות פון פּועלי־ציוניזם, ווייל לויט זייער מיינונג דאַרף מען אויפקלערן דעם ברייטן עולם דעם איבערגאַנג פון פועלי־ציוניזם פון פאַר דער מלחמה צו דעם קאָמוניסטישן פועלי־ציוניזם. דאָס פ. ב. האָט אַרויפגעלייגט די אַרבעט אויף מיר.

וועגן דער געשיכטע פון סאָציאַליזם האָב איך בעצם ניט געהאַט בדעה צו שרייבן קיין אָריגינעלע פאָרשונג. דאָס איז אויך ניט געווען מיין אויפגאַבע. איך האָב אויך ניט געהאַט קיין נייטיקע צייט דערצו. די כוונה איז, אייגנטלעך, געווען צו געבן אונדזער יוגנט אַ קורצן לערן־בוך, צו לערנען די דאָזיקע געשיכטע. דעריבער האָב איך געשריבן דאָס בוך לויט אַ פּאָר ביכער, און איך מוז מודה זיין אַז דאָס דאָזיקע בוך איז ניט מער ווי אַ קאָמפּליקאַציע מיט אַ פּאָר, ניט קיין סך, אָריגינעלע געדאַנקען. צו יענער צייט זענען אַרויס פינף בענדער פון געשיכטע פון סאָציאַליזם, פון פּראָפעסאָר בער אין דייטשלאַנד, און איך האָב באַשלאָסן צו ריכטן זיך לויט די ביכער. איך האָב אויסגענוצט אויך די געשיכטע פון סאָציאַליזם פון לוצאַטאָ און אויך קאַוטסקיס צוויי בענדער וועגן סאָציאַליזם אין די אַלטע צייטן. איך האָב אויך אויסגענוצט אַ פּאָר קלענערע מאָנאָגראַפיעס בנוגע אַ פּאָר תקופות.

אין דער הקדמה צום בוך האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם אור־שפּרינגלעכן קאָמוניזם, און אַ ביסל באַרירט די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, וואָס האָט געבראַכט צו דער קלאַסן־דיפערענציאַציע און קלאַסן־קאַמף. איך האָב אויך געפּרוווט באַווייזן, ווי אַזוי ס'זענען אַנטשטאַנען די קלאַסן פון הערשער און אונטערדריקטע.

דאָס בוך אַנטהאַלט זיבן קאַפּיטלען. אין דעם ערשטן קאַפּיטל וועגן „די געדאַנקען וועגן גערעכטיקייט און קאָמוניזם אין ארץ־ישראל" האָב איך פריער זיך אָפּגעשטעלט אויף די סאָציאַלע באַדינגונגען אין ארץ־ישראל אין דער צייט, ווען דאָס לאַנד איז דעראָבערט געוואָרן דורך די עברים, אויף דער לאַנדווירט־שאַפטלעכער אַנטוויקלונג, וואָס האָט געבראַכט צו דער דיפערענציאַציע צווישן די באַלעבאַטים פון די גיטער און די, וואָס האָבן אויף זיי געאַרבעט, אויף דער אַנטוויקלונג פון האַנדל, וואָס האָט געבראַכט צו דער אַנטשטייונג פון פינאַנס־קאַפּיטאַל, אויף דער אַנטוויקלונג פון דער מאָנאַרכיע (שאול) אַ דאַנק די מלחמות מיט די שכנים, אויף די סתירות צווישן דער מאָנאַרכיע און דעם קלער,

און איך האָב זיך באַמיט אויפצוקלערן די סאָציאָלאָגישע באַזע פאַר דעם דער־שיינען פון די נביאים מיט זייערע רעוואָלוציאָנערע אָנשויונגען, הן אויפן געביט פון די באַציִונגען צווישן קלאַסן, הן אויפן געביט פון די אינטערנאַציאָ־נאַלע באַציִונגען. איך האָב אַפילו באַרירט די פראַגע פון דער לאַגע פון דער פרוי לויט דעם נביא הושע און האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דער אַנטוויקלונג פון די קאָמוניסטישע געדאַנקען אין די שפּעטערדיקע יאָרן ביי די איסיים.

דער צווייטער קאַפּיטל איז געווידמעט „דעם קאָמוניזם ביי די גריכן". איך האָב באַרירט דיווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען, דעם אַריסטאָקראַטישן קאָמוניזם אין ספּאַרטאַ, די קאָמוניסטישע געדאַנקען אין אַטען, און אויך דעם יחידים־קאָ־מוניזם פון פּלאַטאָנען אין זיין „פּאָליטייע". איך האָב זיך אויך אָפּגעשטעלט אויף די געדאַנקען פון אַריסטאָטעלעסן, וואָס איז, אייגנטלעך, געווען אַ קעגנער פון קאָמוניזם. דערביי האָב איך שוין געמוזט זיך אָפּשטעלן אויף דער פילאָזאָפיע פון פּלאַטאָנען און פון זיין תלמיד אַריסטאָטעלעס: אויף דער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע פון זיי ביידן.

דער דריטער קאַפּיטל איז געווידמעט „דעם קלאַסן־קאַמף אין רוים". דאָ האָב איך אַ ביסל ברייטער אַרומגערעדט די קלאַסן־קעגנזאַצן און די סיכסוכים צווישן די פּאַטריציער און פּלעבייער. די רעפאָרם־באַוועגונג פון די ברידער גראַקך, דעם אויפשטאַנד פון די שקלאַפן, און ספּעציעל די מלחמה פון ספּאַרטאַקוס, כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פאַרשווערונג פון קאַטילינאַ, און אויך אויף דער פילאָזאָפיע פון סענעקא און צולעצט באַרירט די באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם קריסטנטום.

אין פערטן קאַפּיטל, „דאָס אורשפּרינגלעכע קריסטנטום", האָב איך זיך באַמיט אויפצוקלערן די סאָציאַלע באַדינגונגען פון ארץ־ישראל אין ישוס צייטן. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דער ביאָגראַפיע און אויף די מיינונגען פון ישו, אויף די ערשטע קהילות פון די קריסטן, אויף דער אַנטוויקלונג פון קריסטנטום, אויף די אַפּאָסטאָלן פון דער קירכע און אויף דער היסטאָרישער דעגענעראַציע פונעם קריסטנטום, וואָס איז אין זיין אַנטוויקלונג דערגאַנגען צו דעם אמתן היפוך פון דער גאַנצער טעאָריע פון קריסטנטום.

אין פינפטן קאַפּיטל, „די קאָמוניסטישע געדאַנקען אין מיטלאַלטער" (פון דעם דריטן ביז דעם 13טן יאָרהונדערט) האָב איך איבערגעגעבן וועגן דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער לאַגע פון אַ פּאָר לענדער אין יענער תקופה, וועגן די פילאָזאָפישע געדאַנקען פון דער תקופה, וועגן דעם קאָמוניזם פון דער קירכע, וועגן די באַוועגונגען, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו קעמפן קעגן דער דעגע־נעראַציע פון קריסטנטום, וועגן דער קאַטאַרער באַוועגונג, וועגן דעם אַלגע־

מיינעם כאַראַקטער און וועגן די באַזונדערע שטרעמונגען פון דער דאַזיקער באַוועגונג. איך האָב דערמאָנט די באָגאָמילן אין בולגאַריע אין 9טן יאָרהונדערט, (דער נאָמען שטאַמט פון דעם גלח באָגאָמיל), די באַוועגונג אין איטאַליע אין דעם 11טן יאָרהונדערט, די פּאַטראָנען אין מילאַן, די אַרנאָלדיסטן, הומיליאַטן, וואַלדענזער און די אַפּאָסטאָלישע ברידער (געראַרד סיגרלי און דאָלטשינאָ). דאַן בין איך אַריבער קיין פראַנקרייך — צו פּעטער וואַלדעס, וואָס האָט געשאַפן די האָלדענזער באַוועגונג. אין דרייצנטן יאָרהונדערט איז די באַוועגונג אַריבער קיין לאַנגעדאָק (דרום פראַנקרייך) און פון דאָרט קיין זאַלצבורג און דרום־דייטשלאַנד. איך האָב באַרירט די באַוועגונג אין פלאַנדריע — בעגואינען און בענהאַדן און „די ברידער פון פרייען גייסט״ — די נאָרטליבן אין דייטשלאַנד.

דער זעקסטער קאַפּיטל איז געווידמעט „די קאָמוניסטישע געדאַנקען און מלחמות אין מיטלאַלטער״ (פון דעם 13טן יאָרהונדערט ביז דעם 18טן). אויך דאָ האָב איך זיך געענוי אָפּגעשטעלט אויף די פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען פון דער דאָזיקער תקופה, אויף דעם אויפשטאַנד פון די פּויערים אין פלאַנדריע, אין פערצנטן יאָרהונדערט, אויף די פּויערים־מלחמות אין פראַנק־רייך אין דעם זעלבן יאָרהונדערט (זשאַקערי), אויף דעם פּויערים־אויפשטאַנד אין ענגלאַנד אין דער זעלבער צייט בערך, וואָס זיין אידעאָלאָג איז געווען דזשאָן וויקלעף און דער פירער זיינער דזשאָן באָלל. כ׳האָב דערמאָנט די מלחמות פון די הוסיטן אין באָהעמיע (בעמען) אין פערצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך דאָס אַנטשטיין פון דער קהילה פון די טאַבאָריסטן, וואָס איז געווען באַזירט אויף די יסודות פון דעם אורשפּרינגלעכן קריסטנטום. נאַטירלעך, האָב איך געמוזט איבערגעבן וועגן דער אַנטוויקלונג פון די טאַבאָ־ריסטן און וועגן זייער דעגענעראַציע אין דעם פופצנטן יאָרהונדערט. איך האָב געווידמעט כמעט אַ באַזונדער קאַפּיטל דער געשיכטע פון די פּויערים־מלחמות אין דייטשלאַנד אין פופצנטן און זעכצנטן יאָרהונדערט, וואָס האָבן זיך פאַר־ענדיקט מיטן אויפשטעלן אַ קאָמוניסטישע געמיינדע אין מינסטער, אונטער דער אָנפירונג פון קאַרל מינצער. איך האָב איבערגעגעבן וועגן דער רעליגיעזער באַוועגונג פון די „ווידערטויפער״, וואָס איז אייגנטלעך געווען אַ רעליגיעז־רעפאָרמיסטישע באַוועגונג, אָבער האָט פאַרמאָגט אין זיך אויך סאָציאַלע עלעמענטן. דער קאַפּיטל נעמט אויך אַרום די געשיכטע פון דער ענגלישער רעוואָלוציע אין זיבעצטן יאָרהונדערט, און דער סוף קאַפּיטל נעמט אַרום אַלע סאָציאַלע אוטאָפּיסטן פון יענער תקופה און זייער פילאָזאָפיע: טאָמאַס מאָרוס, לאָרד באָקס, ווינסטענלי, טשעמבערלען, קאָרנעלי פלאָקאָ ווי, די קווייקערס, דעם איטאַליענישן אוטאָפּיסט טאָמאַס קאַמפּאַנעלאָ, די פראַנצויזישע אוטאָפּיסטן, ווי זשאַן מעסליע, דענעס וועראַס דאלל, מארלי, גאַבריעל מעבלי, ראַשטיף דע לאַ

בערטאַן, איך האָב אויך ניט דורכגעלאָזן אין דעם קאַפּיטל די סאָציאַלע קריטיק פון בירגערטום, ווי רוסאָ, סימאָן לינגע, זשאַק נעקער און בריסאָ.

דער אַכטער און לעצטער קאַפּיטל איז געווען געווידמעט דער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע אין סוף פון אכצנטן יאָרהונדערט. נאַטירלעך, האָב איך קודם־כל געשילדערט די אַלגעמיינע באַדינגונגען פון דער דאָזיקער תקופה אין פראַנקרייך, און דאַן דער איבערגעגעבן וועגן דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, דער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג, דעם קאָנווענט, דעם טעראָר, די יאַקאָבינער, זשי־ראָנדיסטן, טערמידאָריסטן, וועגן דירעקטאָריום און עפּיגאָנען פון דער רעוואָלוציע גראַקכוס באַבעף, ווי אויך וועגן דעם סוף פון דער רעוואָלוציע. איך האָב פאַר־ענדיקט דאָס אַזוי: „דער אָנהייב פון נײַנצנטן יאָרהונדערט אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם בילדעט אַן איבערגאַנג פון אַלטן ראַציאָנעלן און אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם צום וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם".

איך האָב געדאַרפט פאַרענדיקן די אַרבעט אין משך פון דריי חדשים, און אַזוי ווי איך האָב געזען, אַז עס וועט מיר פעלן צייט, האָב איך גענומען אורלויב אויף צען טעג. איך בין דאַן אַוועק פון אַלע ענינים און אויך פון דער משפּחה, בין געזעסן די צען טעג אין איינעם פון די האָטעלן אין די בערג אַרום ווין. בכלל איז ווין אַרומגערינגלט מיט בערג, און כמעט יעדע וואָך פלעגן מיר מאַכן אויספלוגן אין דער געגנט. איין מאָל איז כמעט געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן אונדז און אַ פּאָר עסטרייכישע בחורים, וואָס האָבן זיך דערלויבט אַ מיאוס וואָרט וועגן יידן. מיר זענען צוגעגאַנגען צו זיי און געוואָלט באַווייזן אונדזער גערעכטיקייט מיט כוח. די בחורים האָבן זיך אַ ביסל דער־שראָקן און געבעטן אַנטשולדיקונג.

איך האָב אויסגעקליבן אַן אָרט אין „סאָפּיען־אַלפּע", אַ שעה־אַנדערטהאַלבן פון נוי־וואַלדעק, און בין דאָרט געזעסן אין אַ פאַרמאַכטן צימער. באַקומען האָב איך עסן אין צימער אַריין און האָב אָנגעזאָגט, מען זאָל צו מיר ניט קומען. אויף אַזאַ אופן האָב איך כמעט פאַרענדיקט דאָס בוך. אין אַפּריל בין איך נאָך אַ מאָל געפאָרן קיין וואַרשע און האָב גענומען מיט זיך דעם כתב־יד. ס'האָט אָבער געטראָפן אַן אומגליק, און מיין וואַליזע איז געבליבן אויף דער באַן־סטאַציע. איך האָב זי באַקומען ערשט אַ חודש שפּעטער קיין וואַרשע. דאַן האָט מיר מודיע געווען לאַנדינסקי, אַז ער קען שוין דאָס בוך ניט אַרויסגעבן. ווען דאָס בוך איז געלעגן ביי מיר אַ פּאָר חדשים, האָט זיך געוואָנדן צו מיר מיין פריינד און חבר יעקב קענער, וואָס איז לויטן פאַך געווען אַ זעצער און האָט געאַרבעט אין אַ דרוקעריי אין קראָקע און זיך אונטערגענומען דאָס בוך אַרויסצוגעבן. פון וואַנען ער האָט גענומען געלט אויף דעם, ווייס איך ניט, אָבער ער אַליין האָט דאָס בוך געזעצט און אַרויסגעגעבן עס אין פרילינג פון יאָר

1923. דער חבר קענער איז געווען דער אָנפירער פון אונדזער פוילישער יוגנט אין משך פון צענדליקער יאָרן. אָנהייב וועלט־מלחמה איז ער אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע, געקומען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1949 און איז דאָ געשטאָרבן אין יאָר 1951.

אין דער הקדמה צו מיין בראָשור „דער פועלי ציוניזם״ (פּאָפּולערע באַ־לייכטונג), וואָס איז אַרויס אין דעם פאַרלאַג „אַוואַנגאַרד״, אין ווין, אין יאָר 1922, האָב איך געשריבן: „די נייע תקופה פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנט־וויקלונג, וואָס מיר לעבן איצט אין איר, צווינגט יעדן מענטשן, וואָס איז פעיִק זיך צו פאַרטיפן, נאָך אַ מאָל צו אַנאַליזירן אַלע פראַגנאָזן פון די געזעל־שאַפטלעכע דערשיינונגען, און דאָס איז נאָך וויכטיקער כלפּי די פּראָבלעמען פון יידישן אַרבעטער, וואָס זענען אין דער דאָזיקער איבערגאַנגס־תקופה געוואָרן פאַרפלאָנטערט און קאָמפּליצירט. עס וואָלט געווען אַ גרויסער טעות אַוועק־צושטעלן נייע פּראָגנאָזן נאָר אויפן יסוד פון די נייע דערשיינונגען אין דער איצטיקער צייט. סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכע דערשיינונגען קומען ניט פּלוצעם, פּונקט אַזוי ווי ניט מיט אַ מאָל פאַרשווינדט אַ באַשטימטע עקאָנאָמישע תקופה. דער קאַפּיטאַליזם געפינט זיך אין דער ירידה, איז אָבער נאָך ניט פאַרשווונדן, זיין גסיסה איז אַ לאַנגדויערנדיקער פּראָצעס. די נייע געזעלשאַפט ווערט אויפ־געבויט אויף די חורבות פון דער אונטערגייענדיקער קאַפּיטאַליסטישער תקופה. די סאָציאַל־עקאָנאָמישע דערשיינונגען פון דער איבערגאַנגס־צייט זענען טייל־ווייז דער המשך פון די דערשיינונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט־אָרדענונג און טיילווייז דער שורש פון דער נייער סאָציאַליסטישער אָרדענונג.

ווען מען טרעט צו צו באַהאַנדלען דאָס יידישע אַרבעטער־פּראָבלעם אין דעם איצטיקן צושטאַנד, מוזן מיר קודם כל מאַכן דעם אַנאַליז פון דעם יידישן אַרבעטער־לעבן אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אַ טייל פון די דער־שיינונגען און טענדענצן, וואָס זענען געווען ריכטיק דאַן, זענען ריכטיק אויך איצט. די ענדערונגען, וואָס די איבערגאַנגס־תקופה האָט אַריינגעטראָגן אין דעם אַלגעמיינעם סאָציאַל־ווירטשאַפטלעכן לעבן, האָבן ניט געענדערט דעם עקאָנאָמישן מצב פון די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן; אַדרבה, זיי האָבן נאָך בולטער געמאַכט זיין ספּעציפישקייט און דורך דעם האָבן זיי נאָך נייטיקער געמאַכט די לייזונג פון די פּראָבלעמען, וואָס זענען פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דער ספּעציפישקייט״.

דעריבער אַנטהאַלט אויך די בראָשור צוויי חלקים: אין דעם ערשטן טייל האָב איך זיך באַמיט צו געבן דעם אַנאַליז פון דער יידישער ווירקלעכקייט לויט באָראָכאָוון, ווי איך האָב עס שוין געשילדערט אין ערשטן באַנד, און כ׳געפין דעריבער ניט פאַר נייטיק צו ריידן וועגן דעם נאָך אַ מאָל. אין דעם צווייטן

טייל האָב איך זיך באַמיט צו דערווייזן די ענדערונגען און דערשיינונגען, וואָס זענען פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און אויך געפּרוווט פעסטצושטעלן די פּערספּעקטיוון אויף דער צוקונפט. „פאַר מיר איז קלאָר, אַז דורך דעם האָב איך נאָך ניט געענטפערט אויף אַלע פראַגן פון דער טעאָריע און פּראַקטיק פון פּועלי־ציוניזם; מיין ציל איז געווען צו געבן אַ מער פּאָפּולערע אויפקלערונג פון אונדזערע אַנשויונגען".

סוף פעברואַר 1922 איז אין ווין פאָרגעקומען די קאָנפערענץ פון אַ פּאָר סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן פריער געהערט צום צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל און זענען אַרויס פון אים, אָבער ניט אַריין אין דריטן אינטערנאַ־ציאָנאַל. אין יענער צייט האָט עקזיסטירט אַן אַלגעמיינע אומצופרידנקייט אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אין דער אַטמאָספער פון דער רעוואָלוציע איז אַפילו געווען אַן אַלגעמיינע דערנענטערונג צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל. אָבער די באַדינגונגען פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל זענען געווען צו האַרב פאַר די פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. ספּעציעל איז פאַר זיי שווער געווען זיין צענטראַליזם, ווייל די דאָזיקע פּאַרטייען זענען געווען געוווינט צו אַ שוואַכער פאַרבינדונג אין דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און צו פולשטענדיקער זעלבשטענדיקייט אין זייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט.

די פּאַרטייען, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען סוף פעברואַר אין ווין, האָבן אַזוי ווי געזוכט אַ וועג צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און אין אונדזער פּרעסע האָט די דאָזיקע פאַראייניקונג באַקומען דעם נאָמען פון „צוויי אַ האַלב אינ־טערנאַציאָנאַל".

די דאָזיקע קאָנפערענץ איז געקומען ווי אַ רעזולטאַט פון דער סאָציאַ־ליסטישער קאָנפערענץ אין בערן פון 10טן דעצעמבער פון יאָר 1920, וואָס איז צו שטאַנד געקומען לויט דער איניציאַטיוו פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער שווייצאַרישער פּאַרטיי, כדי צוזאַמען צו ווירקן אָפּצושוואַכן די 21 באַדינגונגען פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל. די פּאַרטייען פון מאַרקסיסטישן צענטער, ווי מען האָט אים גערופן אונטערן דרוק פון דער אַלץ וואַקסנדיקער רעוואָלוציאָניזירונג אין זיי, האָבן אין משך פון יאָר 1920 אָנגענומען די פּרינציפּן פון דריטן אינ־טערנאַציאָנאַל. אָבער פאַרן דריטן אינטערנאַציאָנאַל איז געווען וויכטיק, אַז מען זאָל אָננעמען ניט נאָר זיינע פּרינציפּן נאָר אויך זיין קאָנסעקווענטע רעוואָ־לוציאָנערע טאַקטיק. כדי אָפּצוהיטן זיין קאָמפּאַקטקייט האָט דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל דורך די האַרבע אויפנעם־באַדינגונגען זיך באַוואָרנט קעגן דער השפּעה פון די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן אין די ראַמען פון זיינע לאַנד־סעקציעס.

אויף וויפל די דאָזיקע באַדינגונגען זענען נייטיק געווען, האָט בולט

באַוויזן די דאָזיקע ווינער קאָנפערענץ, וואָס אין איר האָבן אָנטייל גענומען די, קעגן וועמען די דאָזיקע באַדינגונגען זענען געווען געוואָנדן אין דער ערש־טער ריי. ממה נפשך: אויב עס איז אָנגענומען געוואָרן די פּלאַטפאָרם פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל — פאַרפליכטעט דאָס צו אַ באַשטימטער טאַקטיק, וואָס וועגן איר איז באַשלאָסן געוואָרן זייער קלאָר אין מאָסקווע. אויב אָבער מען טראַכט, אַז די דאָזיקע טאַקטיק איז ניט קיין ריכטיקע און אַנטשפּרעכט ניט די קאַמף־באַדינגונגען פון פּראָלעטאַריאַט אין איצטיקן מאָמענט, ווערט אויך די עיקר־פּלאַטפאָרם, וואָס איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן, מער ניט ווי אַ קאַמופלאַזש, וואָס פאַרדעקט גאָר אַן אַנדער אינהאַלט. און באַלד האָט מען גע־קענט זיך איבערצייגן, אַז די טאַקטישע חילוקי־דעות מיטן דריטן אינטערנאַציאָ־נאַל, וואָס האָבן געבראַכט אין בערן די דייטשע אומאָפּהענגיקע, די ענגלישע אומאָפּהענגיקע פּאַרטיי, די מערהייט פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, זענען אַזעלכע, אַז אַ הסכם צווישן זיי איז אוממעגלעך: די טאַקטישע ליניע איז אַ פּועל־יוצא פון דער טעאָרעטישער הנחה.

אויף דער קאָנפערענץ אין ווין איז אין אַ נייער פאָרעם אויפגעשטאַנען תחית־המתים דער אַלטער געדאַנק וועגן „ווידעראויפבוי". די פּאַרטייען האָבן זיך געפילט צו שוואַך, כדי צו שאַפן אַ נייעם אינטערנאַציאָנאַל. דעריבער האָבן זיי זיך באַגנוגנט נאָר מיט דער גרינדונג פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבע־טער־געמיינשאַפט", וואָס נעמט אויף זיך צו ווערן דער קערן, פון וועלכן עס דאַרף אַנטשטיין דער נייער אינטערנאַציאָנאַל.

צו יענער צייט פון אַ געוויסער הפסקה אין דער רעוואָלוציע האָט אַזאַ קאָנפערענץ געקענט זיין אַ סכנה פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. דער ענדגילטיקער רעזולטאַט פון דער קאָנפערענץ וואָלט געקענט זיין נאָך אַ גרעסערע אָפּשוואַכונג פון פּראָלעטאַרישן קאַמף־פראָנט און די אָפּשוואַכונג פון דעם קעמפערישן גייסט פון אַרבעטער־קלאַס, ווייל זי וואָלט אַריינגעבראַכט אַ נייע גייסטיקע צעטומלונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער די אַרבעט פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ אין משך פון פינף טעג האָט באַרויקט אין גאַנצן. כדי צו זיין אַ באַשטימטער פאַקטאָר אין דער אינטער־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג האָט דער קאָנפערענץ געפעלט די אייניקייט, וואָס לכתחילה האָט מען געקענט מיינען אַז זי איז יאָ פאַראַן.

בנוגע דער טאַקטיק זענען אויף דער קאָנפערענץ געקומען צום אויסדרוק אַלע אַנשויונגען און שטימונגען, וואָס עקזיסטירן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס איז ניט געווען קיין קאָנפערענץ פון איין שטרעמונג, נאָר אַ צוזאַמענקום פון שטרעמונגען, וואָס זענען אומצופרידן הן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, הן פון דריטן. דאָ זענען געקומען צום אויסדרוק אַלע מעגלעכע

ניואַנסן אין אַ ברייטער ראַם. אַפילו ביי אויבערפלעכלעכער באַאָבאַכטונג האָט מען דאָ געקענט אונטערשיידן לכל הפחות זעקס שטרעמונגען.

די ערשטע שטרעמונג, מיטן רוסישן ס. ד. (סאָציאַל־דעמאָקראַט) שריידער בראש, איז ניט נאָר געווען פאַר דער פּלאַטפאָרם פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל, זי האָט אויך געהאַלטן פון זיין טאַקטיק. „די ראַטן זענען די בעסטע פאָרעם צו פאַרווירקלעכן די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע", „די סאָוויעטן קענען ניט געבן זייערע קעגנער קיין פּאָליטישע רעכט". „מען איז געווען געצוווּנגען זיך צו באַנוצן מיט טעראָר" און א. א. וו. פרעגט זיך דאָך, פאַר וואָס זיצט שריידער אין ווין און ניט אין מאָסקווע? אויף דעם קומט די תשובה: די מאַכט פון די סאָוויעטן האָט געטאָן אַלץ, כדי צו דיסקרעדיטירן די סאָוויעטן, ד. ה. אַז, ווען שריידער וואָלט געזעסן אויפן אָרט פון לענינען, וואָלט ער שוין געוווּסט וואָס צו טאָן. די דאָזיקע שטרעמונג איז אַלזאָ אַ קאָמוניסטישע מיט דעם פּערזענלעכן אומצוטרוי צו אַלע קאָמוניסטן אַחוץ צו זיך אַליין...

די צווייטע ריכטונג האָבן אויסגעדריקט די שווייצאַרישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן מיט ראָבערט גרים בראש. אויך זיי זענען געווען פאַר פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט און דווקא תיכף, אָבער זיי זענען ניט מסכים געווען מיט די 21 באַדינגונגען, ווייל די דאָזיקע באַדינגונגען פאַרקלענערן די אויטאָנאָמיע פון די פּאַרטייען. דער אמתער ציל פון די שווייצער אין ווין איז געווען אויסצופירן די דירעקטיוון פון זייער פּאַרטיי, פאָרצושלאָגן צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן דריטן אינטערנאַציאָנאַל בנוגע דער רעוויזיע אין דער פראַגע פון די 21 באַדינגונגען. אָבער די דאָזיקע דירעקטיוון האָט די שווייצאַרישע דעלעגאַציע ניט אויסגעפירט, און דאָ זענען אינטערעסאַנט די סיבות דערפון. ראָבערט גרים האָט דערקלערט, אַז „די פאָרבאַדינגונג צו שאַפן דעם אינטערנאַציאָנאַל איז די קעגנזייטיקע אַכטונג צווישן די פּאַרטייען און זייערע אַרבעטער, אַ געוויסע זעלבסטווירדע, וואָס אויף איר קענען מיר ניט מוותר זיין". און היות ווי דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף קעגן דער ווינער קאָנפערענץ און דורך דעם אויך באַליידיקט די שווייצאַרישע דעלעגאַטן, דעריבער איז ניטאָ וועגן וואָס צו רעדן. דאָ איז דווקא אינטערעסאַנט, אַז אַ פּאַרטיי האָט געביטן איר מיינונג דערפאַר, וואָס מען האָט זי באַליידיקט. אייגנס פון די ביידע: אויב די יסודות און די טאַקטיק פון אינטערנאַציאָנאַל זענען ריכטיקע, נאָר דער טאָן איז ניט קיין ריכטיקער, דאַרף מען דאָך אַריינגיין אין אים און פון אינעווייניק ווירקן אויף ענדערן דעם טאָן, און אויב צוליב דעם איז כדאי צו ענדערן די מיינונג און שפּאַלטן אַ פּאַרטיי — איז עס אין בעסטן פאַל צו שטאַרק סוביעקטיוו: מען שעצט העכער די אייגענע עמפּינדלעכקייט ווי די אינטערעסן פון אַרבעטער־קלאַס (אין טעאָריע איז די

דאָזיקע שטרעמונג מסכים מיט דער קאָמוניסטישער פּלאַטפאָרם, נאָר זאָגט זיך אָפּ אויפצונעמען די 21 באַדינגונגען).

די דריטע ריכטונג — פרידריך אַדלער און אָטאָ בויער — איז שוין געווען מער קאָמפּליצירט. לויט דער ריכטונג זענען די פראַגן פון דער אַרבעטער־פּאָליטיק פון אונדזער תקופה „ניט אַזוי פּרימיטיוו, מען זאָל זיי קענען לייזן מיט דער פראַגע דיקטאַטור־דעמאָקראַטיע. צוליב דעם קען מען זיך אַליין ניט באַגרענעצן דורך דעם, וואָס מיר וועלן אָנערקענען די דיקטאַטור פון פּראָלע־טאַריאַט. מען מוז זיך אויך רעכענען מיט פאַרשיידענע מעגלעכקייטן". דעריבער מיינט אַדלער, „אַז מען דאַרף ניט פאַרפּליכטן די אַרבעטער פון אַלע לענדער צו איין לאָזונג, נאָר צו דער היסטאָרישער דערקענטעניש", דער אויסוועג איז ניט דעמאָקראַטיע, אָבער אויך דיקטאַטור איז ניט דער איינציקער מיטל.

די דאָזיקע ריכטונג איז, אייגנטלעך, אַ ריין צענטריסטישע. זי איז ניט קעגן דער דיקטאַטור, ווי די רעפאָרמיסטן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. זי אָנערקענט, אַז די דיקטאַטור איז ביי געוויסע באַדינגונגען דער וועג צום סאָציאַליזם, אָבער זי שליסט ניט אויס די מעגלעכקייט צו דערגרייכן די זעלבע רעזולטאַטן אויפן וועג פון דעמאָקראַטיע, הגם דער קאָמוניזם זעט ניט אין דער דעמאָקראַטיע קיין שום שאַפנדיקן פאַקטאָר אין סאָציאַליסטישן גייסט. די צענ־טריסטישע ריכטונג האַלט, אַז דעמאָקראַטיע איז אויך אַ וועג צו בויען סאָציאַליזם. דאָס באַנוצן זיך מיט דיקטאַטור אָדער דעמאָקראַטיע איז אָפּהענגיק פון די אָרטיקע באַדינגונגען. ווי עס זעען אויס די „אָרטיקע באַדינגונגען" און וווהין זיי פירן — האָט בויער אויפגעקלערט זייער קלאָר אַ פּאָר טעג פאַרן קאָנגרעס: פאַר עסטרייך, למשל, איז דער וועג צום סאָציאַליזם דער וועג פון „ווידעראויפבוי" פון קאַפּיטאַליזם. דאָ קען דער סאָציאַליזם ניט געבויט ווערן איוף די חורבות פון קאַפּיטאַליזם. נאַטירלעך, אַנטשפּרעכט דעם „ווידעראויפבוי" פון קאַפּיטאַליזם די דעמאָקראַטיע מער ווי די דיקטאַטור.

די פערטע ריכטונג האָבן פאַרגעשלאָגן די ענגלענדער. זיי האָבן געמאַכט שבת פאַר זיך. אייגנטלעך, האָבן זיי גאָרניט קעגן דיקטאַטור און קעגן אַרבעטער־ראַטן. דער פאָרטראַג פון אולהעדס וועגן „דעם אימפּעריאַליזם און דער סאָציאַ־לער רעוואָלוציע" האָט גלענצנד באַגרינדעט די קאָמוניסטישע אויפפאַסונג אין דער פראַגע פון אימפּעריאַליזם, אָבער עס האָט געפעלט דער סוף: דאָס פעסט־שטעלן דעם פאַקט, אַז די געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג איז אַריין אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און אַז דאָס פאַרפּליכטעט אַ סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי צו עפּעס. אָבער דערויף איז ניט געווען קיין תשובה.

בכלל זענען די ענגלענדער געווען מער ראַדיקאַל פאַר אַדלערן: דער רעוואָלוציאָנערער וועג איז דיקטאַטור, דער ראַטן סיסטעם אַנטשפּרעכט אַוודאי...

פאַר אַלע אַנדערע לענדער אַחוץ פאַר ענגלאַנד. ווייל די ענגלישע בורזשואַזיע איז דזשענטעלמעניש. קעגן איר קען מען זיך ניט באַנוצן מיט כוח. זייער דיפּלאָמאַטיש האָט מען אַפילו די ענגלענדער דערמאָנט אין אירלאַנד, אָבער „זיי — דערציילט אַדלער מעלאַנכאָליש — זענען געבליבן ביי זייער מיינונג, אַז אין דער לעצטער סטאַדיע פון קלאַסן־קאַמף וועט דאָס בירגערטום פריי־וויליק זיך אונטערגעבן דעם פּראָלעטאַריאַט". ווי דאָס איז אָנגענומען צווישן אייראָפּעער, איז מען אויך אין דעם סיכסוך געקומען צו אַ פּשרה: דו טשעפּע מיך ניט, וועל איך דיך ניט טשעפּען. די ענגלענדער דערלויבן אין יעדן לאַנד דעם פּראָלעטאַריאַט טאָן וואָס ער וויל, אָבער מען דאַרף זיך ניט אַריינמישן צו זיי אין ענגלאַנד.

די פינפטע ריכטונג איז געווען פון סערבישן דעלעגאַט — פּאַוולאָוויטש. ער, נעבעך, איז געווען אין דער ווייטער סערביע, דער עקאָנאָמישער שטורעם אין אייראָפּע איז צו אים ניט דערגאַנגען, ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַזוי ווי ער וואָלט געשלאָפן פיר יאָר... ער האָט געטענהט די זעלבע טענות, וואָס די אינטערנאַציאָנאַליסטן האָבן געטענהט אין רוסלאַנד זומער־צייט 1917. איך וויל איצט ניט אַריינגיין אין דעם, צי זייערע טענות זענען דאַן געווען גערעכטע. אָבער, יעדנפאַלס, האָבן זיי געהאַט דאַן פאַר זיך דעם אַלטן אמת, אַז דער סאָציאַליזם דאַרף קומען ווי אַ רעזולטאַט פון דער איבער־פּראָדוקציע, ווי אַ רעזולטאַט פון אַ מער זאַטן ווירטשאַפטלעכן לעבן. דאָס איבערנעמען די פּאָלי־טישע מאַכט האָט געדאַרפט זיין אַ רעזולטאַט פון דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל. די סאָציאַליסטישע טעאָריע האָט נאָך דאַן ניט געהאַט געמאַכט דעם עקאָנאָמישן חורבן פאַר דעם אויסגאַנג־פּונקט פון דעם ענדגילטיקן קאַמף. אויך די קאָמוניסטן — דאַן נאָך באָלשעוויקעס — האָבן זיך דעמאָלט באַנוצט מער מיט ווילנס־מאָמענטן ווי מיט מאָמענטן פון דער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט: אָבער איצט, נאָך פיר יאָר, איז פאַר אַלעמען (אַפילו פאַר אַדלערן, אולהעדן, גרימען און אַבראַמאָוויטשן) שוין קלאָר געוואָרן, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז שוין אַריבער זיין קולמינאַציע־פּונקט — דעם אימפּעריאַליזם — און אַז ער איז שוין אין דער סטאַדיע פון ירידה, הגם ער קען זיך נאָך האַלטן אַ געוויסע צייט. עס איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז דווקא דער חורבן פון דער פּראָדוקציע — דער רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם צום אימפּעריאַליזם — צווינגט דעם אַרבעטער בויען אַליין די וועלט. און אויב איצט קומט מען מיט דער טענה: „אויב דער סאָציאַלער און ווירטשאַפטלעכער פּראָגרעס איז ניט דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז עס זאָלן זיין בנימצא די נייטיקע ווירטשאַפטלעכע מיטלען, כדי צו פאַרבייטן די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט אויף דער סאָציאַליסטישער — איז לגמרי ניטאָ קיין נוצן צו בויען פּראָגראַמען

פון סאָציאַליסטישן אויפבוי" — איז עס לכל הפּחות פּאַרשפּעטיקט מיט פיר יאָר. אויב מען נעמט אָן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט פירט דער וועג גלייך צו דער מסקנה, אַז מען דאַרף העלפן דעם בירגערטום צו בויען פון דאָס ניי די פּראָדוקציע, האָפנדיק אַז מען וועט באַקומען אַ רייכע ירושה, ווען די צייט וועט קומען. „יאָ, סאָציאַלע רעוואָלוציע", אָבער זי קען ניט פאַרטושן דעם פאַקט, „אַז עס עקזיסטירן ניט די מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַרן סאָציאַליזם". וואָס פאַראַ שייכות עס האָט די סאָציאַלע רעוואָלוציע צו דער דאָזיקער אויפפאַסונג, איז שווער געווען צו פאַרשטיין. דער רעזולטאַט איז דער זעלבער: פּונקט ווי די ענגלענדער, האָט אויך פּאַוולאָוויטש זיך אַרויסגענומען פון כּלל, ד. ה. סערביע און די איבעריקע לענדער, וואָס געפינען זיך אין דעם זעלביקן מצב. ער האָט דערקלערט, אַז „דער קאַמף פאַר דער פאַרשאַלטענער דעמאָקראַטיע איז דער לעבנסקאַמף פון פּראָלעטאַריאַט", מיט דעם ענדגילטיקן עפעקט דערנענטערט זיך פּאַוולאָוויטש זייער שטאַרק צו דער זעקסטער ריכטונג.

אָט די זעקסטע ריכטונג איז געווען פאַרגעשטעלט דורך דעם פּראַנצויזישן רעכטן סאָציאַליסט — רענאָדעל. צוליב שלום־בית וועגן, האָט רענאָדעל אַרויס־געזאָגט זיין מיינונג נאָר אין די געהיימע קאָמיסיעס, וואָס וועגן זיי האָט די געזעלשאַפטלעכקייט ניט באַקומען קיין באַריכט. בלויז אין לעצטן מאָמענט, אין דעם לעצטן האַלבן טאָג פון דער קאָנפערענץ בעת מען האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן די רעפּאַראַציע־צאָלונגען, וואָס די פראַנצויזן האָבן געפאָדערט פון די דייטשן, און ווען מען האָט דרך אַגב אָנגערירט דעם פראַנצויזישן אימ־פּעריאַליזם, האָט רענאָדעלס געדולד געפּלאַצט. די קאָנפערענץ איז צום סוף געוואָרן אַ בימה פאַר אַ באַגייסטערטער סאָציאַל־פּאַטריאָטישער דערשיינונג. רענאָדעל האָט געהאַלטן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ פאַרן אַנטשפּרעכנדיקן פאָרום, כּדי דאָ, פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט, צו באַרעכטיקן דעם פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם. וואָס מען האָט זיך באַמיט איינצוהאַלטן אין משך פון די פינף טעג פון דער קאָנפערענץ — די כּלומרשטע איינִיקייט — האָט אָנגעהויבן פּלאַצן אונטער דער ווירקונג פון רענאָדעלס רעדע.

פון אַן ענדגילטיקן קאָצניאָמער האָט געראַטעוועט די קאָנפערענץ די געפּילספּולע רעדע פון אָטאָ בויערן, אָבער אין ליכט פון דער דאָזיקער רעדע זענען נאָך בולטער געוואָרן די טיפע חילוקי־דעות, וואָס האָבן צעטיילט די קאָנפערענץ אויף אַ צאָל ריכטונגען אָן אַ סוף. און באמת האט מען דאָרט געקענט זען אַחוץ די זעקס פריער דערמאָנטע ריכטונגען נאָך אַ פּאָר ניואַנסן און האַלבע ניואַנסן.

בכלל, איז די קאָנפערענץ געווען אַ מין השתּפכות הנפש אין פאַר־

שיידענע טענער און קלאַנגען. אָבער די קאָנפערענץ איז געווען אַ גוטער רעזאָנאַנס פאַר די אַלע טענער, וואָס האָבן געקלונגען קעגן מאָסקווע.

וואָס, אייגנטלעך, האָט פאַראייניקט די דאָזיקע פאַרשיידענע מענטשן און ריכטונגען? קודם־כל איז עס געווען די שנאה צום קאָמוניזם. ווי רעאַלע פּאָליטיקער, וואָס שאַצן אָפּ אין אַ געגנוגנדיקער מאָס דעם רושם, וואָס דער ראַטן־פאַרבאַנד מאַכט אויף די מאַסן, האָבן די אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ נאַטירלעך אויסגעדריקט זייער סימפּאַטיע צו דער סאָוויעטן־מאַכט. אַלע זענען געווען פאַראייניקט אַרום דעם לאָזונג „אַוועק די הענט פון דער ראַטן רוסלאַנד”, אָבער אין אַלע רעדעס האָט מען געקענט פילן דעם פאַר־באַרגענעם כעס קעגן קאָמוניזם. אין דער קאַלטער אַטמאָספער פון דער קאָנ־פערענץ האָט נאָר אַ שאַרפער אַרויסטריט קעגן מאָסקווע אַריינגעבראַכט אַ ביסל היץ. בכלל איז די גאַנצע קאָנפערענץ אַדורך אונטערן סימן פון קאַמף קעגן קאָמוניזם. מען האָט גערעדט מער קעגן קאָמוניזם ווי קעגן קאַפּיטאַליזם.

והשנית, אַלע דעלעגאַטן זענען געווען אייניק אין בענקען נאָך אַקציע־פעיִקייט. לויטן אַלטן געזעץ פון קעגנזאַצן, בענקט יעדער דערצו, וואָס ער האָט ניט, די אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ האָבן גוט געפילט זייער אַב־סאָלוטע אָנמעכטיקייט אין די אינטערנאַציאָנאַלע מאַסשטאַבן, און דעריבער האָבן זיי געהאַט דעם שטאַרקן ווילן צו דערוועקן זיך די אַקציע־פעיִקייט.

פאַר די פאַרשיידענע דעלעגאַציעס איז קלאָר געווען די סיבה, וואָס האָט געבראַכט צום קריזיס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז אין ווין זענען זיך צונויפגעקומען אַ סך פון די, וואָס האָבן גלייך אין אנהייב פון דער מלחמה אַנטקעגנגעשטעלט זיך דעם אינטערנאַציאָנאַל אין פאַרשיידענע לענדער. די בולטסטע פיגור אויף דער קאָנפערענץ איז געווען פרידריך אַדלער, וואָס האָט געהרגעט דעם עסטרייכישן פּרעמיער שטירק, דער דאָזיקער אַקט האָט בשעתו געשטאַרקט די סאָציאַליסטן, וואָס האָבן מיט אַלע כוחות געוואָלט אָפּשטעלן די וועלט־שחיטה. און אפילו די, וואָס האָבן „געזינדיקט” אין דער צייט פון דער מלחמה, האָבן אויך אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז דער צווייטער אינטער־נאַציאָנאַל איז געשטאָרבן צוליב זיין פּאַסיוויקייט, ווייל ער איז ניט געווען מסוגל אויפצוהייבן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט צו אַ געאייניקטער אַקציע. זיי האָבן באמת געוואָלט עפּעס טאָן אין דער דאָזיקער ריכטונג. זיי זענען אָבער ניט געווען בכוח צו פאָרמולירן זייער רצון אין קלאָרע ווערטער. „מיר מוזן טאָן עפּעס, וואָס איז מסוגל צו אַן אַקציע” — האָט פאָרמולירט אַבראַמאָוויטש — ריין, אָבער זיי האָבן ניט באַוויזן צו באַשטימען ווי אַזוי און מיט וואָס.

אַלע האָבן געטענהט וועגן דער אַקציע־פעיִקייט, אָבער דאָך האָבן זיי ניט אַנטדעקט איר אמתן אינהאַלט. דאָס איז די פעיִקייט צו פירן דעם געאייניקטן

קאַמף פון אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט פאַר דעם מאַקסימאַלן ציל, פאַרן סאָציאַליזם. נאַטירלעך, אַז אַזאַ אינטערנאַציאָנאַל וואָלט מסוגל געווען אויך צו פירן געאייניקטע טיילווייזע אַקציעס. אָבער אין ווין האָט מען געשטרעבט צו דער פעיקייט צו פירן אַן אַקציע ביט פאַרן ענד־ציל, נאָר בלויז פאַר טיילווייזע אַקציעס. און אין דעם פאַל האָט יעדער איינער אַוועקגעשטעלט אין דער ערשטער ריי זיין אייגענע אַקציע. די דייטשע אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן האָבן אַוועקגעשטעלט אויבנאָן זייער פראַגע — די רעפּאַראַציע־צאָלונגען, — די קאָנפערענץ האָט געפאָדערט פון אַלעמען צו ווירקן, אַז די אַנטאַנט זאָל עפּעס פאַרקלענערן די סומע פון 226 מיליאַרד גאָלד־מאַרקן. די רוסישע מענשעוויקעס האָבן געבראַכט זייער אַקציע קעגן דער ראַטן־מאַכט, בכלל האָט יעדער איינער גערעדט וועגן אַ געאייניקטער און בשותפותדיקער אַקציע, אָבער האָט געמיינט ספּעציעל זיין אַקציע. און ווייל יעדער איינער האָט געמיינט נאָר זיין זאַך, האָט מען ניט פאַרשטאַנען, אַז מען קען מצליח זיין נאָר דאַן, אויב יעדער וועט זיך אַ ביסל אָפּזאָגן פון זיין ענין לטובת דער אַלגעמיינער זאַך. דער פעלער איז, וואָס מען קען ניט פאַרשטיין, אַז דער פּריוואַטער אינטערעס איז געבונדן מיטן כלל, און אַז דווקא דער פּריוואַטער אינטערעס דיקטירט, אַז מען מוז זיין מסוגל מוותר צו זיין אויף אים אַ מאָל ביי געוויסע באַדינגונגען.

והראיה — דער טאָג פון 13טן מערץ. די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן די ערשטע געמיינזאַמע אַקציע (ניט קיין געפערלעכע, נאָר אַ דעמאָנסטראַציע) קעגן דעם אימפּעריאַליזם אויף דעם 13טן מערץ. די אַקציע איז געלונגען אין די לענדער, וואָס זענען געווען פאַראינטערעסירט אין איר: אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך; אין די איבעריקע לענדער איז עס געווען אַ מפּלה. דורך דער ערשטער דערשיינונג, וואָס איז ניט געלונגען, איז באַשטימט געוואָרן די מפּלה פון דער קאָנפערענץ אין ווין.

די קאָנפערענץ איז, אַלזאָ, געווען אַ צונויפטרעף פון מענטשן, וואָס האָבן עפּעס געוואָלט, אָבער עס איז שווער צו זאָגן וואָס: „וואָס זיי ווילן, ווייסן זיי ניט, אָבער ווילן — ווילן זיי אַנטשיידן".

פאַר אונדז, מאַרקסיסטן, איז ניט גענוג פעסטצושטעלן, אַז די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסן וועגן אַן „אַרבעטער־געמיינשאַפט" מיט אַן אידעאָלאָגישן איינ־האַלט, וואָס זיין אמתע באַדייטונג אין אינטערנאַציאָנאַלע מאַסשטאַבן איז נול. מען דאַרף נאָך אויפקלערן די גרעזעלשאַפטלעכע סיבות, וואָס האָבן דער־מעגלעכט אַזאַ מין דערשיינונג.

אין דער קאַפּיטאַליסטישער תקופה האָבן די געניאַלע מענטשן — מאַרקס און ענגעלס פאָרויסגעזען די ירידה פון דער דאָזיקער תקופה. די ברייטע

מאַסן האָבן אויפגענומען דעם דאָזיקן פּראָגנאָז — אָבער אין דעם קאַמף פאַר דער צוקונפט האָבן זיי זיך באַנוצט מיט די פּסיכישע מאָמענטן פון דער קעגנוואַרט. נאָר יחידים זענען געווען מסוגל זיך צו שטעלן העכער איבער דער תקופה. זייער ווירקונג אין דער צייט פון דעם אויפבלי פון קאַפּיטאַליזם האָט געמוזט זיין באַגרענעצט. ווי אַ רעזולטאַט דערפון איז אַנטשטאַנען דער געדאַנק פון דעם אַריינדרינגען פון סאָציאַליזם אויף אַ פרידלעכן אופן — די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג ברענגט אויטאָמאַטיש צום סאָציאַליזם. איצט, ווען דער קאַפּיטאַליזם געפינט זיך אין דער סטאַדיע פון ירידה, ווען ער עקזיסטירט נאָך, אָבער זיין ירידה איז זיכער און ניט ווייט, הייבט זיך אָן אַנטשפּרעכנדיק דערצו בהדרגהדיק צו ענדערן די פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסן. דער בולטער רעזולטאַט דערפון איז דער אַלץ וואַקסנדיקער רעוואָלוציאָנערער דרוק פון דעם אַרבעטער־קלאַס. אָבער עס עקזיסטירן נאָך ברייטע מאַסן, וואָס האָבן נאָך ניט גובר געווען די איינגעוואָרצלטע פּסיכאָלאָגיע פון דער קאַפּיטאַליסטישער תקופה, זיי קענען אַזוי שנעל זיך ניט אָפּזאָגן פון די געדאַנקען, מיט וועלכע זיי האָבן געעלבט אַ סך יאָרן. דאָ קומט פאָר אַן אינערלעכער קאַמף. די פריערדיקע אידעאָלאָגיע פון יאָרן צווינגט זיי צו שטיין אויפן אָרט, די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון דער איצטיקער צייט צווינגען זיי צו מעשים.

זיי פילן, אַז דער רעוויזיאָניזם איז שוין לאַנג געשטאָרבן, אַז עס איז ניטאָ קיין וועג אויף צוריק, אַז עס מוז זיך ענדערן די טאַקטיק. דאַרפן זיי שטרעבן צו עפּעס, וואָס זאָל זיין מסוגל צו אַן אַקציע. זיי זענען אָבער נאָך צו פיל פאַרזונקען אין דער איצטיקער וועלט, אין די עקזיסטירנדיקע באַדינגונגען און אין דער איינגעוואָרצלטער אידעאָלאָגיע, און זיי האָבן נאָך ניט קיין מוט זיך צו באַפרייען פון דער אידעאָלאָגיע פון דער פאַרגאַנגענהייט. דער רעזולטאַט פון דער מלחמה צווישן דיביידע אינערלעכע כוחות — איז די קעגנזייטיקע נייטראַליזאַציע אָן קיין שום רעזולטאַטן.

„...אויב די וויענער קאָנפערענץ האָט ניט געבראַכט קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן, האָט זי דאָך אַ געוויסע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אויף אַ מאָמענט האָט זי, וואָס אַן אמת, אַריינגעטראָגן נאָך מער כאַאָס, אָבער דורך איר אומפעיִקייט צו אַן אַקציע האָט זי געוויזן דעם ריכטיקן וועג, וואָס אויף אים דאַרף גיין די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג. דער שאָדן, וואָס זי האָט גורם געווען דער אַרבעטער־באַוועגונג, איז זיכער אַ גרויסער, אָבער די רעזולטאַטן פון דער קאָנפערענץ וועלן פאַרזעצן צו צעשטערן די אילוזיע, וואָס האָט ביז איצט געשטערט דער ריכטיקער אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. קעגן איר ווילן לייגט די קאָנפערענץ אויס דעם וועג, וואָס ברענגט צו אַן אמתער אַקציע־פעיִקייט — צום דריטן אינ־

טערנאַציאָנאַל...״ אַזוי האָב איך געשריבן וועגן דער קאָנפערענץ אין חודש אַפּריל 1922.

בערך אין דער צייט איז צו אונדז דערגאַנגען אַ בראָשור אין דער דייטשער שפּראַך וועגן דער „פּראָלעטאַרישער עטיק״, איבערגעזעצט פון רוסיש. דער נאָמען פון מחבר איז אָנגעגעבן געוואָרן אַנאָנים מיט די אותיות: „ב. ב.״ און אין דער הקדמה איז געשטאַנען, אַז דער אמתער נאָמען פון מחבר איז ניט באַוווּסט. דער אינהאַלט פון דער בראָשור, אויף וויפל איך דערמאָן זיך איצט, איז געווען אַ געדאַנק, וואָס איז היינט ניט אָריגינעל, אָבער צו יענער צייט איז ער געווען כמעט ווי ניי: עס עקזיסטירט ניט סתם קיין עטיק, נאָר יעדע עטיק איז רעלאַטיוו, אָפּהענגיק פון די אומשטענדן און נאָך מער פון די קלאַסן. יעדער קלאַס האָט זיין עטיק. איך האָב געהאַלטן דעם צוגאַנג פאַר זייער אַ ריכטיקן, פאַר אַן אמת מאַרקסיסטישן, און מיר אַלע זענען געווען אַנטציקט פון דער בראָשור, ווייל אַחוץ אַלעמען איז זי געווען געשריבן אין זייער אַ פּשוטער און פאַרשטענדלעכער שפּראַך. עס איז געווען ביי אונדז אַ מיינונג, אַז די בראָשור האָט זיכער געשריבן לענין.

דאַן איז מיר געקומען אין זכרון אַ זאַך, וואָס באַראַכאָוו האָט מיר אַ מאָל דערציילט. ער האָט זיך אין די יאָרן 1908—1909 פאַרנומען מיט די גע־דאַנקען וועגן עטיק, ער האָט געהאַט אַ פּאָר העפטן מיט באַזונדער פאַרשריבענע געדאַנקען, נומערירט. אָבער ער האָט די העפטן פאַרלאָרן, ער האָט מיר אַפילו דערציילט, אַז אַמאָל האָט זיך אים געחולמט, אַז ער האָט געזען אין דער לופטן, ווי די בלעטער פון זיינע העפטן פליען אין הימל אריין. ווען איך האָב געלייענט די בראָשור פון ב. ב. האָב איך זיך וועגן דעם דערמאָנט און געטראַכט פאַר זיך, אַז אפשר איז דאָס טאַקע די בראָשור פון באַראַכאָוון.

און אין אַ שיינע פּאָר יאָר שפּעטער, שוין אין ארץ־ישראל, איז געקומען צו מיר איינער פון מיינע באַקאַנטע, דער אינזשעניער וועקסלער, וואָס איז אין דער יוגנט געווען אַ פּועלי־ציון און באַראַכאָווס אַ תלמיד, און האָט מיר גע־בראַכט אַ קליינע בראָשור פון פּראָפעסאָר ראָזשקאָוו פון מאָסקווע, אין וועלכער דער פּראָפעסאָר שרייבט וועגן דער בראָשור פון ב. ב. און דאָ אין דער הקדמה דערציילט דער פּראָפעסאָר, אַז דער נאָמען פון דעם מחבר איז ניט באַוווּסט, ווייל די דאָזיקע בראָשור האָט מען געפונען אין מאָסקווע אין די יאָרן 1909—1910 און ביז היינט ווייס מען ניט, ווער ס׳איז דער מחבר. די בראָשור פון פּראָפעסאָר ראָזשקאָוו איז אַרויס אין יאָר 1924. פאַר מיר איז דאַן קלאָר געוואָרן, אַז דער מחבר פון דער בראָשור וועגן דער פּראָלעטאַרישער עטיק איז נישט קיין אַנדערער נאָר באַראַכאָוו, הגם דערווייזן עס קען איך ניט...

# די זעקסטע וועלט־קאָנפערענץ

מיר האָבן באַשטימט די זעקסטע וועלט־קאָנפערענץ לכתחילה אויפן חודש מערץ, אין דאַנציג, אָבער מיר זענען געווען געצווונגען אָפּצולייגן זי אויף אָנהייב יוני. מיר האָבן מודיע געווען דעם קאָמאינטערן און געבעטן שיקן צו דער קאָנפערענץ אַ דעלעגאַציע. מען האָט אונדז געענטפערט, אַז דער עקזעקוטיוו האָט גענומען צו קענטעניש אונדזער ווענדונג און ער וועט שיקן אַן אַנטשפרעכנדיקע דעלעגאַציע.

אין דער צייטונג „פרייטיק" פון 22סטן מאַי 1922 האָב איך געשריבן וועגן די אויפגאַבן פון דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ:

„מען מוז אונטערשטרייכן נאָך אַ מאָל אין אַלע רעזאָלוציעס: די צענטראַלע אויפגאַבע פון אונדזער באַוועגונג איז די רעאַליזירונג פון דער רעוואָלוציע אין יידישן לעבן, דאָס מיינט די שאַפונג פון דער אַרבעטער־מאַכט אין לעבן פון אונדזער פאָלק. די רעגירונג דאָס איז אַן אויסגעשפּראָכענער טעריטאָריאַלער באַגריף, דעריבער וועט די צענטראַלע אויפגאַבע אין איר פולן פאַרנעם רעאַליזירט ווערן נאָר אין דער קונפּטיקער מאַכט פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל. די פאָרבאַדינגונגען זענען: א) דאָס אויפשטעלן דעם סוביעקט פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין ארץ־ישראל; ב) די אַרבעטער־מאַכט, לכל הפחות אין די אייראָפּעיִשע לענדער.

אויף צו דערגרייכן די ערשטע באַדינגונג מוז מען פירן די עקאָנאָמישע אַרבעט אין ארץ־ישראל, כדי צו פאַרגרעסערן די צאָל יידישע אַרבעטער. דער ציל פון דער דאָזיקער טעטיקייט איז די אויסברייטערונג פון דער אויפנעמפעיִקייט פון לאַנד, דאָס באַשעפטיקן די נייע עולים און זייער פאַרפעסטיקונג. מען דאַרף צוגרייטן די אַרבעטער אין לאַנד אויך פון פּאָליטישן שטאַנדפונקט, כדי זיי זאָלן זיין ראוי צו זייער הויפּט־פּאָליטישער אויפגאַבע אין לאַנד.

די פּראָלעטאַרישע מאַכט וועט אַנטשטיין אין לאַנד, ווען אויך די אַראַבישע אַרבעטנדיקע מאַסן וועלן אויפנעמען די מאַרקסיסטישע געדאַנקען ניט נאָר אין דער טעאָריע, נאָר אויך אין דער פּראַקטיק. און דעריבער, צוזאַמען מיט דער טעטיקייט אויפן געביט פון קאָלאָניזאַציע, דערציִונג און פּאָליטישע אָרגאַניזירונג, דאַרף מען פירן אַ קאָנסעקווענטע, פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק לגבי דעם אַראַבישן אַרבעטנדיקן פאָלק.

די וועלט־קאָנפערענץ דאַרף פאָדערן פון דער גאַנצער וועלט־באַוועגונג צו פאַרשטאַרקן איר אַקטיוויטעט אויפן געביט פון דער אַרבעט פאַר ארץ־ישראל. די קאָנפערענץ וועט דאַרפן ספּעציעל פעסטשטעלן די פּאָליטיק פון דער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי, וואָס איז ניט אַלע מאָל געווען ריכטיק און האָט זיך ניט אויסגעצייכנט מיט פּאָליטישע פּאַרויסזעונג.

אין דער זעלבער צייט וועט אונדזער באַוועגונג דאַרפן העלפן סיסטע־מאַטיש דעם ניצחון פון דער אַרבעטער־מאַכט אין אייראָפּע. די יידישע אַרבעטער וועלן גיין האַנט ביי האַנט מיט דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אונדזערע חברים, וואָס זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון אונדזערע קעגנער, די אַלטע אַסימילאַטאָרן, פאַרשטייען ניט, אַז אויב מיר וועלן פאַר־לייקענען זיך אַליין, וועלן מיר דערוויייטערן די יידישע מאַסן פון דעם קאָמו־ניסטישן געדאַנק און דורך דעם וועלן מיר איינפלאַנצן אין זיי דעם אומצוטרוי צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

די קאָנפערענץ וועט געבן איר קלאָרע תשובה אויף דער פאָדערונג פון קאָמאינטערן, אַז דער וועלט־פאַרבאַנד זאָל זיך פונאַנדערלאָזן און זיך אָפּזאָגן פון דער ארץ־ישראל־אידעאָלאָגיע אין יעדער פאָרעם. דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמאינטערן דאַרף פאַרשטיין: די פירער פון אונדזער באַוועגונג זענען ניט קיין נאַציאָנאַלע אוטאָפּיסטן: די יידישע קאָמוניסטישע באַוועגונג וועט קענען עקזיסטירן און וועט עקזיסטירן נאָר אויפן יסוד פון דער ארץ־ישראל־אידעאָלאָגיע, אָדער זי וועט אין גאַנצן ניט עקזיסטירן.

זאָל די קאָנפערענץ דערקלערן כלפּי דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג: דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם איז דער שטאַם, וואָס האַלט דעם יידישן קאָמוניזם; אָן אים קען געמאָלט זיין נאָר קאָמוניזם פון יחידי סגולה פון יידישער אָפּשטאַמונג אין דער רוסישער, פּוילישער און דייטשישער קאָמו־ניסטישער באַוועגונג.

די קאָנפערענץ וועט ענטפערן מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין אויף די פאָ־דערונגען פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמאינטערן. עס טאָר ניט בלייבן קיין מעגלעכקייט פאַר וואָסערע ניט איז צווייטייטיקע פּירושים. מיר וועלן ווייזן דעם וועג אַלע אָפענע און באַהאַלטענע ליקווידאַטאָרן. מיר וועלן אויפשטעלן אַ געאייניקטן פראָנט קעגן דעם אַנטיפּאַלעסטיניזם פון אונדזערע קעגנער, קעגן דעם אָפּאַלעסטיניזם פון אונדזערע כלומרשטע חברים; קעגן דעם פּאַסיוון פּערס־פּעקטיוויזם און קעגן בפירושע אָפּנאַרער.

די באַוועגונג וועט זיך אָנשטויסן אויף אַ סך שוועריקייטן נאָכן אָפּוואַרפן די פאָדערונגען פון קאָמאינטערן. עס וועט זיין ביז גאָר שווער צו פירן די קאָמו־ניסטישע אַרבעט אין דער זעלבער צייט, ווען די אָרטיקע קאָמוניסטישע לאַנד־

פּאַרטיי וועט קעמפן קעגן אונדז און וועט אונדז באַשמוצן. חברים מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער וועלן ניט ביישטיין דעם שווערן נסיון. עס איז מעגלעך, אַז איינציקע וועלן זיך אָפּרייסן פון ציבור יידישע אַרבעטער און וועלן זיך ווי יחידים אָנשליסן אין די קאָמוניסטישע פּאַרטייען; אַנדערע זענען מסוגל זיך צו דערווייטערן פון קאָמוניזם צוליב דער ניט דורכגעטראַכטער און קורצזיכטיקער פּאָליטיק פון קאָמאינטערן לגבי דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס. צווישן דער ברירה צו לעבן אַ שווערן לעבן אָדער צו שטאַרבן אַ לייכטן טויט, וועט די קאָנפערענץ מוותר זיין אויף דער מיתה בנשיקה און וועט אויסקלייבן דאָס שווערע לעבן".

די קאָנפערענץ איז באַשטימט געוואָרן אויף די ערשטע טעג פון חודש יוני. סוף מאַי בין איך געפאָרן קיין דאַנציג, צוזאַמען מיט מיר זענען געפאָרן דער חבר מאַרקוס פון ענגלאַנד און דער חבר יוסף קאַץ פון אַרגענטינע. אָבער מאַרקוס איז אַרעסטירט געוואָרן אויף דער פּוילישער גרענעץ, ווייל ער האָט געהאַט אַ פאַלשע פּוילישע וויזע, און דער חבר קאַץ האָט זיך פאַרהאַלטן אין פּוילן, ווייל ער האָט ניט געהאַט די נייטיקע וויזע. ער איז געקומען קיין דאַנציג מיט אַ פאַרשפּעטיקונג, כמעט פאַרן שלוס פון דער קאָנפערענץ. (דער חבר קאַץ האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געהאַט אַ טאָכטער מיט דער משפחה אין קיבוץ משמר הנגב, געקומען אַליין מיט זיין גרויסער ביבליאָטעק אין קיבוץ, אָפּגעוועזן דאָ אַ צוויי יאָר, דאַן זיך אומגעקערט צוריק אין בוענאָס־איירעס און מיט אַ פּאָר יאָר צוריק דאָרט געשטאָרבן).

אין דער זעקסטער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט די פאָלגנדיקע פּאַרטייען: פּוילן (זעקס חברים, צווישן זיי זרובבל, מולי'ע, ישראל וועשער, יצחק לעוו, שאַכנע זאגאַן, גרשון אדמוני (דוא), זייער צאָל שטימען איז געווען 100), דער ראַטן־פאַרבאַנד (דריי חברים: דניאל אָווערבוך, שלום שפּיר, מאיר הער — מיט 60 שטימען), מזרח־גאַליציע (צוויי חברים — אהרן וואל און מוני'ע ליטוואַק — 20 שטימען), אַמעריקע (דער מאַנדאַט איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ חבר פון פּ. ב., די צאָל שטימען — 5), ליטע (דער חבר מישא שלאָסבערג — 4 שטימען), ארץ־ישראל (דער חבר חיים — 6 שטימען), דייטשלאַנד (צוויי חברים — אַרטור שטייגלער און בילעווסקי — 2 שטימען), עסטרייך (אַלעקסאַנדער סערפאָוו און כאַשין — צוויי שטימען), אַרגענטינע (דער חבר קאַץ, די צאָל שטימען ניט קלאָר), די יונגט (צוויי חברים — יוסף ראָזען און יעקב קענער, די צאָל שטימען — 20), און איין חבר פון פאַרבאַנדס־ביוראָ מיט איין שטים, דאָס בין איך געוועזן. דער חבר שלאָסבערג פון ליטע איז געווען אַ יונגער בחור און ווי עס ווייזט אויס האָבן די וויכוחים אויף דער קאָנפערענץ געווירקט שלעכט אויף אים, און אין די לעצטע טעג האָבן מיר באַמערקט, אַז ער רעדט עפּעס מאָדנע און פשוט אומנאָרמאַלע זאַכן. מיר האָבן אים אָפּגעשיקט אַהיים.

פון דיביידע חברים, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט די יוגנט אויף דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ: יעקב קענער און יוסף ראָזען, איז דער ערשטער געווען איינער פון דער אַלטער גוואַרדיע, וואָס האָט זיך זיין גאַנץ לעבן באַשעפטיקט מיט דער יוגנט, דער צווייטער איז געווען פון דער דעמאָלט יינגערער גענע־ראַציע. ער איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר 27, און געקומען קיין פּוילן פון ליטע. ער איז געווען איינער פון אונדזערע פעיִקסטע זשורנאַליסטן און זייער אַ לאַגיש דענקענדיקער מענטש, אַ גלענצנדער פּאָלעמיסט. געשטאָרבן אין תל־אביב אין יאָר 1954. ער איז אויך געווען באַטייליקט אין דער סטודענטישער גרופּע פון וואַרשעווער אוניווערזיטעט, ווו ס׳האָט זיך צו יענער צייט אָדער אַ ביסל שפּעטער אָנגעהויבן אַרויסרוקן דער יונגער חבר יעקב פּעטערזייל, איינער פון די איידלסטע מענטשן אין אונדזער באַוועגונג, איבערגעגעבן ביז גאָר ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, דער רעדאַקטאָר פון די ילקוטים פון פּועלי־ציון, געשטאָרבן אין ירושלים דעם 12טן יוני 1955. דאָס איז געווען איינער פון די בעסטע פריינד אין דער באַוועגונג.

עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פּרעזידיום פון פינף חברים — צוויי פון דער פּוילישער פּאַרטיי — זרובבל און וועשער, איינער פון דער רוסישער פּאַרטיי — דניאל אַווערבוך, איינער פון דער יוגנט — שלום שאפּיר און איינער פון פּאַרבאַנדס־ביוראָ — איך.

דער סדר־היום איז געווען זייער אַ גרויסער:

1. דער באַריכט פון פּאַרבאַנדס־ביוראָ,
2. די פראַגע וועגן אָנשלוס צום קאָמאינטערן,
3. די לאַגע אין די פּאַרטייען,
4. אונדזער ארץ־ישראל־אַרבעט,
5. אָרגאַניזאַציע־פראַגן,
6. די יידישע וועלט־קאָנפערענץ,
7. די יוגנט,
8. די נאַציאָנאַלע זעלבסט־פאַרוואַלטונג,
9. אונדזער אַרבעט אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

פאַרשטייט זיך, אַז די וויכטיקסטע פראַגע, וואָס אויף איר האָט די וועלט־קאָנפערענץ געדאַרפט געבן אַ תשובה, איז געווען די פראַגע פון אונדזער אָנשלוס אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. די פראַגע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַלס צווייטע, תיכף נאָכן באַריכט פון פּאַרבאַנדס־ביוראָ, וועלכן איך האָב אָפּגעגעבן. אָבער, ווייל די פאַרשטייער פון קאָמאינטערן, וואָס אויף זיי האָט די קאָנפערענץ געוואַרט, זענען נאָך ניט געהאַט אָנגעקומען, און אין דער זעלבער צייט האָבן מיר באַקומען אַ ניט־אָפיציעלע ידיעה, אַז דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט

האָט שוין באַשטימט זיינע פאָרשטייער און זיי מאַכן שוין די בייטיקע צו־גרייטונגען כדי אָנצוקומען דעם צענטן יוני צום אָרט פון דער קאָנפערענץ, האָט די קאָנפערענץ באַשלאָסן אָפּצולייגן די באַהאַנדלונג פון דעם פּראָבלעם וועגן אָנשלוס אויף דעם צענטן יוני, ד. ה. אויפן לעצטן טאָג פון דער קאָנפערענץ. דערווייל האָט זיך די קאָנפערענץ פאַרנומען מיט אַנדערע פראַגן.

צו דער זעקסטער קאָנפערענץ זענען אויך געקומען די פאָרשטייער פון דער י. ס. ד. פועלי־ציון אין רוסלאַנד מיט אַן אַפּעלאַציע אויף דעם באַשלוס פון דער דעלעגאַציע, וואָס האָט זיי אויסגעשלאָסן פון דער וועלט־באַוועגונג. די פאָרשטייער זענען געווען זאב אַבראַמאָוויטש און קיווין. צוזאַמען מיט זיי איז געקומען אויך דער פאָרשטייער פון די גרופּעס פועלי־ציון אין ארץ־ישראל, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט די י. ס. ד. פועלי־ציון אין רוסלאַנד. דאָס איז געווען דער חבר אברהם רעוווצקי (ביז 1925 אין ארץ־ישראל, דאַן אין ניו־יאָרק; נאָך אַ פּאָר יאָר פאַרלאָזן די פּאַרטיי און געווען אַ מיטאַרבעטער אין „מאָרגן זשורנאַל״, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק). זיי האָט מען געגעבן באַראַ־טונגס־רעכט און זיי האָבן געבראַכט זייער שטעלונג פאַר דער קאָנפערענץ. עס איז געווען אַ לעבהאַפטער וויכוח בנוגע זייער אַפּעלאַציע, און צום סוף זענען אָנגענומען געוואָרן די פאָלגנדיקע צוויי רעזאָלוציעס:

1. וועגן י. ס. ד. פועלי־ציון: די וועלט קאָנפערענץ האָט באַהאַנדלט די אַפּעלאַציע פון די פאָרשטייער פון י. ס. ד. פועלי־ציון אויף דעם באַשלוס וועגן אויסשליסן זיי פון וועלט־פאַרבאַנד, זי וואַרפט אָפּ די אַפּעלאַציע און באַשטעטיקט דעם אויסשלוס פון דער פּאַרטיי פון דער וועלט־באַוועגונג.

די וועלט־קאָנפערענץ שטעלט פאָלגנדיקע באַדינגונגען דער דאָזיקער פּאַרטיי פאַר איר אַריינטריט אין י. ק. פּ. „פועלי־ציון״:

א. י. ס. ד. נעמט אָן דעם פּראָגראַם און טאַקטיק פון קאָמוניסטישן פאַר־באַנד „פועלי־ציון״.

ב. י. ס. ד. דערקלערט איר הסכמה אויף איר אַריינטריט אין י. ק. פּ. „פועלי־ציון״ אין רוסלאַנד.

ג. י. ס. ד. איז מסכים, אַז דאָס ביוראָ פון קאָמוניסט־ישן פאַרבאַנד פון „פועלי־ציון״ וועט אויסאַרבעטן די פּרטים פאַרן אָרגאַניזאַציאָנעלן אַריינטריט פון י. ס. ד. א. פּ. „פועלי־ציון״ אין י. ק. פּ. „פועלי־ציון״ און פאַרפּליכטעט זיך זיי אויסצופירן.

2. בנוגע די גרופּעס אין ארץ־ישראל באַשליסט די וועלט־קאָנפערענץ:

א. די פּראָפּאַגאַנדע־גרופּעס פון „פועלי־ציון״ אין ארץ־ישראל נעמען

אָן דעם פּראָגראַם און די טאַקטיק פון אַלוועלטלעכן קאָמוניסטישן פאַרבאַנד פון „פּועלי־ציון״.

ב. די דאָזיקע גרופּעס אנערקענען, אַז י. ק. פּ. „פּועלי־ציון״ איז די אייג־ציקע פּאַרטיי פון דעם וועלט־פאַרבאַנד אין ארץ־ישראל און רייסט איבער אַלע אירע באַציִונגען מיט כלערליי מינים גרופּעס „פּועלי־ציון״ און פערזאָנען, וואָס שטייען אויסער די ראַמען פון דעם וועלט־פאַרבאַנד, ליקווידירן זייערע קאָ־מיטעטן און טרעטן אַריין אין י. ק. פּ. „פּועלי־ציון״ אין ארץ־ישראל. די באַ־דינגונגען דאַרף מען אויספירן אין משך פון צוויי חדשים. באַאויפטראגן דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן באַשלוס.

ג. דער פאָרשטייער פון די דאָזיקע גרופּעס באַקומט באַראַטונגס־רעכט אויף דער וועלט־קאָנפערענץ, נאָך דעם ווי ער נעמט אָן די דאָזיקע באַדינגונגען אָן רעזערוואַציעס״.

אויף וויפל מיר געדענקט זיך, האָט רעוווצקי אַפילו אָפּגעגעבן אַ ספּעצ־יעלע דערקלערונג אין פּרעזידיום, אַז ער נעמט ניט אָן די באַדינגונגען און ער האָט פאַרלאָזן די קאָנפערענץ. דעם 7טן יוני האָבן פאַרלאָזן די קאָנפערענץ אויך די פאָרשטייער פון י. ס. ד. „פּועלי־ציון״, די חברים אַבראַמאָוויטש און קיווין, נאָך דעם ווי זיי האָבן איבערגעגעבן אין פּרעזידיום די פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„די דעלעגאַציע פון י. ס. ד. א. פּ. („פּועלי־ציון״) אין די סאָוויעט־רעפּובליקן איז געקומען צו דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ מיטן מאַנדאַט און שטאַרקן ווילן צו דערגרייכן די אייניקייט פון דער באַוועגונג אויפן יסוד פון דער פּינקטלעכער דורכפירונג פון די עיקר־פּרינציפּן פון פּועלי־ציוניזם.

זי האָט געמיינט, אַז ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז כל זמן דער אויסשלוס פון דער פּאַרטיי פון דער וועלט־באַוועגונג איז ניט באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער קאָנפערענץ, האָבן די פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי, וואָס איז געווען צווישן די גרינדער פון פאַרבאַנד, דאָס רעכט אָנטייל צו נעמען אין דער קאָנפערענץ. די פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי זענען געשטעלט געוואָרן פאַר דער באַדינגונג צו ווענדן זיך מיט זייער אַפּעלאַציע אָן דעם, זיי זאָלן האָבן דאָס רעכט פון דעלעגאַטן, זיי האָבן אָנגענומען די דאָזיקע אומגערעכטע באַדינגונג, כדי די פראַגע זאָל קענען שטיין פאַר דער קאָנפערענץ און האָבן מסכים געווען צו דער באַדינגונג, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט, אַז צוליב פאָרמעלע טעמים זאָל אַראָפּ־גענומען ווערן פון סדר היום די מעריטאָרישע באַהאַנדלונג פון דער פראַגע.

אין דער קאָמיסיע און אויף דער קאָנפערענץ האָט מען ברייט באַהאַנדלט אַלע שטרייט־פראַגן, די דעלעגאַציע האָט קלאָר אויפגעקלערט איר שטעלונג אויף דער קאָנפערענץ און האָט געבעטן באַהאַנדלען די פראַגע פון איר אויסשלוס

ניט נאָר ווי אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע, נאָר ווי אַ פּרינציפּיעל־טאַקטישע פּראַגע. זי האָט געגעבען די קאָנפערענץ דורך איר באַשלוס אַרויסזאָגן איר מיינונג, אויב זי באַשטעטיקט די ליניע פון י. ק. פּ. און פון פאַרבאַנדס־ביוראָ, וואָס האָט געבראַכט צו אונדזער סיכסוך (די באַשטעטיקונג פון פאַרבאָט פון עליה פון רוסלאַנד און די אַפּלייקענונג פון דער באַדערפעניש פון יידישער עליה פון יעדן לאַנד, וואָס דאָרט עקזיסטירט שוין דער ראַטן־סיסטעם, די באַרעכטיקונג פון עקזיסטענץ און פרייער אַרבעט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד פון גרופּעס, וואָס וואַרפן אָפּ די ארץ־ישראל אַרבעט ביז נאָך דעם ניצחון פון דער רעוואָלוציע אין וועלט־מאַסשטאַב, און פון גרופּעס, וואָס נעמען אויף דעם ארץ־ישראל־געדאַנק נאָר אין די לענדער, ווו עס הערשט נאָך די מאַכט פון בירגערטום. די אָפּשוואַכונג פון די פּועלי־ציון־פּרינציפּן בעתן משא ומתן מיטן קאָמאינטערן, די באַשטעטיקונג פון דער ליקווידאַטאָרישער טאַקטיק פון די מ. פּ. ס. וכדומה). אויך דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ האָט אַוועקגעשטעלט די פּראַגע אין דער פאָרעם, דער גאַנצער וויכוח אויף דער קאָנפערענץ איז געווען אויף דעם געביט.

אונדזער דעלעגאַציע האָט קלאָר דערקלערט, אַז זי איז גרייט צו נעמען אויף זיך אַלע פאַרפליכטונגען, וואָס יעדער דעלעגאַט נעמט אויף זיך, ווייל זי איז געווען זיכער, אַז די קאָנפערענץ אין איר מערהייט וועט מאַכן אַ סוף צו די ליקווידאַטאָרישע שטרעבונגען און צו אַזעלכע עלעמענטן אין פאַרבאַנד.

מיר קאָנסטאַטירן עס און מיינען, אַז מען דאַרף פעסטשטעלן:

די קאָנפערענץ האָט געגעבן דעם פולשטענדיקן אַבסאָלוטאַריום דעם פאַר־באַנדס־ביוראָ פאַר זיין גאַנצער אַרבעט ביז איצט (דער באַשלוס פון קענערן). דורך דעם האָט זי אויסגעדריקט איר סאָלידאַריטעט מיט דער עיקרדיקער ליקווידאַטאָרישער און טאַקטישער ליניע פון פאַרבאַנדס־ביוראָ, און האָט גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער דאָזיקער ליניע און פאַר די אַרבעטן פון דעם אָפּטרעטנדיקן פאַרבאַנדס־ביוראָ.

אַנטשפּרעכנדיק צו דער אַלגעמיינער שטעלונג, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן, שטייט אויך דער באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן וועגן די פּראָ־פּאַגאַנדע־גרופּעס אין ארץ־ישראל, וואָס לויט אים ווערט מ. פּ. ס. אָנערקענט ווי די איינציקע ארץ־ישראלדיקע פּאַרטיי פון פאַרבאַנד און אַז אין איר מוזן אַריינגיין די דאָזיקע גרופּעס אָן באַדינגונגען.

ביי די דאָזיקע באַדינגונגען קען די דעלעגאַציע ניט אָננעמען די תנאים, וואָס זענען איר געשטעלט געוואָרן — אָננעמען דעם פּראָגראַם און טאַקטיק פונעם פאַרבאַנד, וואָס איז קלאָר אויסגעדריקט געוואָרן אין די אָנגענומענע באַשלוסן און אַריינטרעטן אין י. ק. פּ. אין רוסלאַנד.

די דעלעגאַציע מיינט, אַז דורך דעם איז די פּראַגע ליקווידירט און זי

פּאַרלאָזט די קאָנפערענץ. זאָלן איצט משפטן די אַרבעטער־מאַסן פון דער וועלט־באַוועגונג פון „פּועלי־ציון". געחתמעט די דערקלערונג האָבן ז. אַבראַמאָוויטש און ש. קיווין.

ביז דעם 10טן יוני זענען די פאַרשטייער פון קאָמאינטערן ניט אָנגעקומען, און די קאָנפערענץ איז געווען געצוווּנגען צו באַהאַנדלען די פראַגע פון אָנשלוס אין דער אָפּוועזנהייט פון קאָמאינטערן. און דאָ ברענג איך די באַשלוסן אין דער פראַגע.

„א. פון דעם באַשלוס פון דער קאָנפערענץ וועגן דער אָנשלוס־פראַגע.

...די באַראַטונג פון וועלט־פאַרבאַנד פון אָקטאָבער 1921 האָט געזען אין בריוו פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַל פון אויגוסט 1921 די באַזע פאַר דער פאָרזעצונג פון דער אָנשלוס־טעטיקייט און האָט באַשלאָסן צו שיקן תיכף אַ דעלעגאַציע, וואָס זאָל אויפקלערן דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט געענוי און אַלזייטיק דעם אמתן קאָמוניסטישן מהות פון אונדזער אויפפאַסונג פון דעם ארץ־ישראל־פּונקט אין דעם פּלאַן פון קאַמף פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס זאָל אָפּשאַפן די שווערע באַוואָרענישן פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט וועגן דעם געדאַנק פון דער קאָנצענטראַציע פון דער יידישער עמיגראַציע אין ארץ־ישראל.

...אונדזער דעלעגאַציע האָט געפּרוּווט אויפקלערן אונדזער שטעלונג אין די דעטאַלירטע אונטערהאַנדלונגען אין דער קאָמיסיע, וואָס איז צו דעם צוועק באַשטימט געוואָרן דורכן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, ווי אויך אויף דער זיצונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, וואָס איז ספּעציעל צונויפגערופן געוואָרן. אונדזער דעלעגאַציע האָט פאָרגעשלאָגן: אָדער אָנשליסן אין דעם אינטערנאַציאָנאַל אונדזער וועלט־פאַרבאַנד און זיינע פּאַרטייען אויפן יסוד פון דעם פּועלי־ציוניסטישן אַרבעטס־פּלאַן, אָדער אויפנעמען דעם וועלט־פאַרבאַנד ווי אַ סימפּאַטיזירנדיקע אָרגאַניזאַציע, אויב דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט קען נאָך ניט באַשליסן צו געבן זיין בפירושע הסכמה צו אונדזער פּראָגראַם.

אָבער דער פולשטענדיקער מאַנגל פון ידיעות וועגן לעבן פון די יידישע אַרבעטער, די שעדלעכע השפעה פון די קאָמוניסטישע אַסימילאַטאָרישע גרופּעס פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, די אַסימילאַטאָרישע איינשטעלונגען, וואָס הערשן ביז היינט־צו־טאָג אין עקזעקוטיוו־קאָמיטעט גופא, און צום סוף די פאַרפירנדיקע אינפאָרמאַציע און דער אָפענער פאַרראַט פון איינציקע חברים אונדזערע פון דער כלומרשטער מינדערהייט — האָבן געשטאַרקט די נעגאַטיווע שטעלונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט בנוגע דעם פּועלי־ציוניסטישן אַרבעטס־פּלאַן.

דער באַשלוס פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון מערץ 1922 שטייט אין

אָפּענער סתירה צו דעם טייל פון בריוו פון אויגוסט 1921, אין וועלכן ער האָט אָנערקענט די עקזיסטענץ פון דעם ספּעציפישן פּראָבלעם פון דעם יידישן אַרבעטער. דער באַשלוס פון מערץ באַרירט בכלל ניט דעם מהות פון דער יידישער אַרבעטער־פראַגע, ווייזט ניט אָן אויף קיין שום פּאָזיטיווע לייזונג, נאָר דעקלאַרירט סתם: „די וועלט־קאָנפערענץ איז פּאַרפליכטעט צו דערקלערן די אויפלייזונג פון וועלט־פאַרבאַנד, זי דאַרף פאַרפליכטן אירע לאַנדעס־פּאַרטייען אַריינצוטרעטן אין די אַנטשפּרעכנדיקע קאָמוניסטישע פּאַרטייען און ענדגילטיק צו ליקווידירן דעם ארץ־ישראלדיקן פּלאַן אין אַלע זיינע פאָרמען". דער דאָזיקער באַשלוס לייגט ניט פאָר דער קאָמוניסטישער יידישער באַוועגונג קיין שום פּאָזיטיוון אַרבעטס־פּלאַן און קיין שום ספּעציפישע אָרגאַניזאַציע־פאָרעם.

די זעקסטע וועלט־קאָנפערענץ, וואָס איז זיך צונויפגעקומען לויטן פאַר־לאַנג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַל, נאָך אַ פרייער דיסקוסיע און לויט דער שיטה פון פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, דערקלערט מיטן פולן האַרצן אין נאָמען פון דער גאַנצער באַוועגונג איר ווילן זיך אַנצושליסן אין דעם קאָ־מוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. אָבער אין דער זעלבער צייט וואַרפט די קאָנ־פערענץ איינשטימיק און קאַטעגאָריש אָפּ די אומגערעכטע פאָדערונגען פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, און דערקלערט, אַז דער יידישער קאָמוניסטישער פאַר־באַנד „פועלי־ציון" קען פאַרווירקלעכן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנשלוס אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל בלויז אויפן יסוד פון פועלי־ציוניסטישן אַרבעט־פּלאַן, וואָס אַנטשפּרעכט די לעבנס־באַדערפענישן פון די יידישע אַר־בעטנדיקע מאַסן.

די וועלט־קאָנפערענץ פאָדערט פון קאָמאינטערן אויפצונעמען די יידישע קאָמוניסטישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז אָרגאַניזירט אין וועלט־מאַסשטאַב, ווי חברים מיט גלייכע און פולע רעכט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־משפחה, ווי אַ יידישע סעקציע. די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג דאַרף זיין אין קאָמאינטערן ניט נאָר געדולדעט, נאָר מיט פולע רעכט. דאָס איז נויטווענדיק, לויט דער מיינונג פון דער קאָנפערענץ, ווי פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלן און פאַר דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

די וועלט־קאָנפערענץ גלייבט, אַז די גרויסע קרבנות, וואָס אונדזער באַוועגונג האָט אומעטום געבראַכט פאַר דעם קאָמוניסטישן געדאַנק, זענען דער בעסטער באַווייז פאַר דער רייפקייט און פאַר דעם ווילן פון אונדזערע חברים זיך אָנצושליסן אין דעם קאָמאינטערן. אונדזער מוטיקער קאַמף פאַרן קאָמוניזם באַשטעטיקט, אַז דער פועלי־ציוניזם, און ספּעציעל דער ריכטיק פאַרשטאַנענער געדאַנק פון דער טעריטאָריאַלער קאָנצענטרירונג אין ארץ־ישראל איז ניט אוטאָפּיסטיש, ניט רעפאָרמיסטיש און ניט קאָנטררעוואָלוציאָנער,

נאָר שטעלט מיט זיך פאָר די יסוד־הנחה פאַר דער קאָמוניסטישער יידישער מאַסן־באַוועגונג.

אין איינקלאַנג מיט די דאָזיקע באַשלוסן באַפולמעכטיקט די וועלט־קאָנפערענץ דאָס פאַרבאַנד־ביוראָ צו פירן די אויפקלערונגס־אַרבעט פאַר אונדזער פּראָגראַם אין די רייען פון קאָמאינטערן, פאָרזעצן די טעטיקייט וועגן אָנשלוס און זיך באַמיען, אַז דער פּראָבלעם פון די יידישע אַרבעטער זאָל אַרויפקומען אויפן סדר־היום פון פערטן קאָנגרעס פון קאָמאינטערן.

ב. דער באַשלוס פון דער קאָנפערענץ וועגן אויפשטעלן דעם געאייניקטן פראָנט מיט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג

די וועלט־קאָנפערענץ באַשליסט:

1. מודיע זיין דעם קאָמאינטערן, אַז אומאָפּהענגיק דערפון, ווען אונדזער אָנשלוס־פאָרשלאַג וועט אָנגענומען ווערן אָדער צי ער וועט בכלל אָנגענומען ווערן, זעט זיך דער קאָמוניסטישער יידישער פאַרבאַנד „פּועלי־ציון" ווי אַן אָרגאַנישער חלק פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג, און וועט זיך שטענדיק באַטייליקן אין אַלע אַקציעס פון קאָמאינטערן. דער וועלט־פאַרבאַנד זעט אַלע באַשלוסן פון אינטערנאַציאָנאַל אין די אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן ווי פאַרפליכטנדיקע פאַר זיך, און וועט זיי פאַרווירקלעכן פּונקט ווי די סעקציעס, וואָס זענען אין אים שוין אָנגעשלאָסן.

2. כדי צו פאַרזיכערן די געאייניקטע קאָמוניסטישע טעטיקייט אין יעדן לאַנד, וועלן אונדזערע פּאַרטייען פאָרשלאָגן די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אויפצושטעלן אַ שטענדיקע פּאָליטישע קערפּערשאַפט, כדי זיך בשותפותדיק צו באַראַטן פאַר יעדער אַקציע און מיטן צוועק צו פאַרזיכערן אַ פאַרבינדונג צווישן די צענטראַל־קאָמיטעטן. אויפן יסוד פון אַזעלכע קערפּערשאַפטן וועלן אונדזערע פּאַרטייען האַלטן, אַז אַלע באַשלוסן פון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין אַלגעמיינע פראַגן פאַרפליכטן זיי.

3. די וועלט־קאָנפערענץ שלאָגט פאָר דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, אַז ער זאָל געבן די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אָנווייזונגען צוזאַמען אויפצושטעלן מיט אונדזערע פּאַרטייען אַזעלכע קערפּערשאַפטן. דורך דעם וועלן מיר אויסמיידן, אַז די מיינונגס־פאַרשידנהייטן, וואָס עקזיסטירן צווישן קאָמאינטערן און צווישן אונדז אין די פראַגן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, זאָלן אָפּשוואַכן די כוחות פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין די אַלגעמיינע אַרבעטער־פראַגן, און עס וועט געשאַפן ווערן די מעגלעכקייט, אַז אַלע קאָמוניסטישע כוחות זאָלן קעמפן בשותפותדיק און מיט דערפאָלג פאַר דעם גרויסן בשותפותדיקן ציל, פאַרן קאָמוניזם".

פון דעם דאָזיקן באַשלוס קען מען זען, אַז להלכה האָבן מיר ניט מבטל געמאַכט אונדזער פריערדיקן באַשלוס, וואָס איך האָב וועגן אים פריער געשריבן, אַז אין אינטערנאַציאָנאַלע ענינים פּאַרפּליכטן אונדז די דירעקטיוון פון קאָמאינטערן, אָבער אין דעם צווייטן טייל פון דעם באַשלוס האָבן מיר אַריינגעטראָגן די פאָדערונג וועגן אויפשטעלן „אַ באַשטימטע פּאָליטישע קערפּערשאַפט — זיך צו באַראַטן געמיינזאַם פאַר יעדער אַקציע”, דורך דעם האָבן מיר דע פאַקטאָ בטל געמאַכט דעם באַשלוס, ווייל לויט דעם נעמען מיר ניט אויף אויטאָמאַטיש די דירעקטיוון פון קאָמאינטערן, נאָר בלויז נאָך דער בשותפותדיקער באַראַטונג. יעדנפאַלס איז דאָך געווען קלאָר, אַז די דאָזיקע פאָדערונג וועט ניט אָנגענומען ווערן דורכן קאָמאינטערן, און דאַן זענען מיר פּטור זיך אונטערצווואַרפן אַלע דירעקטיוון פון קאָמאינטערן אויך אין די אינטער־נאַציאָנאַלע ענינים.

דעם צענטן יוני האָבן מיר געשלאָסן אונדזער קאָנפערענץ און דעם עלפטן יוני איז געזעסן דאָס נאָר וואָס אויסגעוויילטע פאַרבאַנדס־ביוראָ מיט אַ פּאָר חברים, וואָס זענען נאָך געבליבן אין דאַנציג, און האָט באַהאַנדלט אַקטועלע פראַגן, ווי די פאַרטיילונג פון כוחות, די פראַגע פון אַ דעלעגאַציע קיין ארץ־ישראל, פינאַנציעלע פראַגן וכדומה. אין מיטן פון דער זיצונג האָט מען אונדז מודיע געווען, אַז די פאַרשטייער פון קאָמאינטערן זענען אָנגעקומען קיין דאַנציג. עס זענען געווען פאַרשיידענע מיינונגען, עס זענען געווען חברים, וואָס האָבן פאָרגעשלאָגן צו עפענען אויף דאָס ניי די וועלט־קאָנפערענץ, עמעצער האָט פאָרגעשלאָגן צו עפענען אַ באַראַטונג פון פאַרבאַנד מיטן אָנטייל פון די חברים, וואָס זענען נאָך געבליבן אין דאַנציג. צום סוף האָט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ זיצונג פון ביוראָ מיט די פאַרשטייער פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, און אַז מיר האָבן דאָס רעכט צו רופן די דעלעגאַטן, וואָס זענען נאָך געווען אין דאַנציג, איינלאַדן אָנטייל צו נעמען אין דער דאָזיקער זיצונג נאָר אַלס באַאָבאַכטער. אַ פּאָר חברים האָבן אַפילו דערלאַנגט אונדז אַ פראָטעסט קעגן דעם דאָזיקן באַשלוס, אָבער מיר האָבן זיך ניט גערעכנט דערמיט.

צו דער זיצונג נאָך מיטאָג זענען געקומען די פאָרשטייער פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, דער דייטש קענען און חפץ (גוראלסקי). חפץ האָט אונדז דערקלערט, אַז ער איז געקומען, ווי דער פאָרשטייער פון די יידישע סעקציעס אויפן קאָנגרעס, און קענען איז דער פאָרשטייער פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. אַגב איז פאַר דעם אין פאַרבאַנדס־ביוראָ פאָרגעקומען אַ הייסער וויכוח, ווער עס דאַרף רעדן, ווער עס דאַרף רעפערירן, און ווער עס דאַרף פירן די זיצונג. נאָך אַ גרויסער דיסקוסיע, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז רעפערירן זאָל

סערפּאָוו וועגן די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ, און אַז איך דאַרף פירן די זיצונג. מיט די פאָרשטייער פון קאָמאינטערן איז אַריינגעקומען צו דער זיצונג אויך נאַגלער, סערפּאָוו האָט זיך שטאַרק אויפגערעגט און געשריגן: „דו, שמש, האָסט ניט וואָס צו טאָן דאָ!"

אין משך פון צוויי טעג האָבן מיר באַהאַנדלט מיט דער דעלעגאַציע דעם ענין פון אונדזער אָנשלוס צום קאָמאינטערן. עס איז אייגנטלעך געווען אַ מקח וממכר. לכתחילה זענען די פאָרשטייער פון קאָמאינטערן געשטאַנען שטאָל און אייזן אויף דעם באַרימטן בריוו פון 26טן אויגוסט, שפּעטער זענען זיי אַ ביסל אָפּגעטראָטן, און צום סוף האָבן זיי אונדז פאָרגעשלאָגן אַן „אַרבעט־פּלאַן", וועלכן איך ברענג דאָ.

„דער אַרבעט־פּלאַן פון די פאָרשטייער פון קאָמאינטערן.

די פאָרשטייער פון קאָמאינטערן און פון דער יידישער סעקציע האָבן אָפּגעוואָרפן דעם קעגן־פאָרשלאַג פון פאַרבאַנדס־ביוראָ, ווי אַזאַ וואָס לייגט זיך ניט אויפן געדאַנק און האָבן דערקלערט, אַז זיי ברענגען אַ נייעם פאָרשלאַג, האַלטנדיק אַז דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ וועט תיכף אָננעמען די ערשטע דריי פאָדערונגען פון זייער פאָרשלאַג, און די פאָרשטייער פון קאָמאינטערן פאַר־פליכטן זיך מאָראַליש, אַז דער אַרבעטס־פּלאַן פון קאָמאינטערן פאַר דער יידישער קאָמוניסטישער באַוועגונג וועט פאָרמולירט ווערן אויפן פאָלגנדיקן אופן.

1. מיט דער אָנערקענונג אָן שום באַוואָרענישן פון די הנחות פון קאָ־מוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און פון די באַשלוסן פון די לאַנד־סעקציעס און מיטן אַבסאָלוטן אָננעמען פון זייער דיסציפּלין, וועט געפירט ווערן די אַרבעט צווישן יידישן פּראָלעטאַריאַט אין פאַרבינדונג מיט זיינע טאָג־טעגלעכע באַ־דערפענישן און קאַמפן, כדי צו געווינען די יידישע מאַסן פאַרן קאָמוניזם, און כדי אָפּצורייסן זיי פון די רעפאָרמיסטישע און צענטריסטישע עלעמענטן און פון זייערע אידעאָלאָגישע רעשטלעך, לויט דעם דאָזיקן אַרבעט־פּלאַן.

2. מען דאַרף אויספאָרשן אין די לענדער, וווּ עס לעבן קאָמפּאַקטע מאַסן פון יידישע אַרבעטער, צי ס'איז צוועקמעסיק אויפצושטעלן זעלבשטענדיקע יידישע פּאַרטייען, אָדער אפשר צו קאָנצענטרירן די יידישע פּראָלעטאַריער מיט דער הילף פון סעקציעס?

3. די ביוראָס פון די סעקציעס און „דאָס יידישע ביוראָ", וואָס דאַרף אַנטשטיין ביים עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, דאַרפן פירן די אַרבעט פון אַגיטאַציע, אויפקלערונג און בילדונג צווישן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט. זיי דאַרפן אָננעמען אַ שטעלונג לגבי אַלע פראַגן, וואָס זענען אַ רעזולטאַט פון דער דערפאַרונג פון דער יידישער באַוועגונג אין די באַזונדערע

לענדער. זיי דאַרפן וועגן דעם איבערגעבן אַ באַריכט די לאַנד־פּאַרטייען אָדער צום עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַל אָדער פאָרשלאָגן אַנטשפּרעכנ־דיקע פאָרשלאָגן.

4. מען דאַרף פאַרבינדן די אַגיטאַציע און אויפקלערונג צווישן די יידישע אַרבעטער מיט די ממשותדיקע באַדערפעניש פון דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף.

א. דער אינהאַלט פון דער אַרבעט פון די סעקציעס דאַרף זיין פאָלגנ־דיקער: דער קאַמף קעגן די שאָוויניסטישע שטרעבונגען פון דער יידישער בורזשואַזיע און קעגן די סאָציאַל־שאָוויניסטישע שטרעבונגען פון די רעכטע סאָציאַליסטישע פאַרטייען פון אַלע ריכטונגען, און ניט די מחלוקת וועגן די אידעאָלאָגישע רעשטלעך פון די דריי יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען.

ב. די השפעה אין קאָמוניסטישן גייסט אויף די יידישע אַרבעטער דורך מינדלעכער און שריפטלעכער אַגיטאַציע; שטיצן זיי אין זייער קאַמף פאַר אַרבעט, עקאָנאָמישע הילף די עמיגראַנטן דורך די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אָדער דורך אינסטיטוציעס, וואָס וועלן אויפגעשטעלט ווערן בשותפות מיט זיי.

ג. פאַר קיין פאַל וועלן די יידישע ביוראָס פון די סעקציעס און פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַל ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין עמי־גראַציע־צענטערס. אָבער די יידישע סעקציעס און די יידישע קאָמוניסטישע פאַרטייען דאַרפן שטיין אין איינגעאָרדנטע קעגנזייטיקע פאַרבינדונגען דורך מאַטעריאַל־אויסטויש און דורך באַראַטונגען אין דער אָנפירונג פון „יידישן ביוראָ" ביים עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַל; זיי דאַרפן געבן ממשותדיקע הילף צו פאַרשטאַרקן די יידישע קאָמוניסטישע באַוועגונג אין די לענדער, ווו עס זענען קאָנצענטרירט גרויסע מאַסן פון יידישע אַרבעטער, ווי פוילן, ארץ־ישראל און אַמעריקע.

מען דאַרף זען אין דער איבערפירונג פון די האַלב־פּראָלעטאַרישע שיכטן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט אַן אַקטועלן ענין נאָר אין סאָוועט־רוסלאַנד; פון אַגיטאַציע־שטאַנדפונקט, דאַרף מען אַוועקשטעלן די פאָדערונג אַזוי, אַז די פאַרווירקלעכונג וועט זיין מעגלעך נאָר אין דער תקופה נאָך דעם פאַרנעמען די מאַכט אין פאַרשיידענע לענדער. מען דאַרף אָננעמען דעם דאָזיקן מיטל, כדי צו מאָביליזירן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט צו פאַרכאַפּן די מאַכט מיט דער בפירושדיקער אָנווייזונג, אַז די דאָזיקע פאָדערונג קען ניט רעאַליזירט ווערן אין דער תקופה פאַרן פאַרנעמען די מאַכט".

דעם דאָזיקן נוסח האָב איך געפונען אין אונדזערע אַרכיוון, אָבער איך קען ניט פאַרשטיין, פאַר וואָס אין דעם נוסח האָב איך ניט געפונען נאָך אַ פונקט, וועלכן איך בפירוש געדענק, און וועלכן עס געדענקען נאָך אַ פּאָר

חברים, וואָס זענען געווען אין דאַנציג. ווי אַחוץ די פּונקטן פון „אַרבעט־פּראָגראַם" איז געווען נאָך אַ פּונקט, ווו עס איז געווען בערך אַזוי געשריבן: „און די דאָזיקע פון „פּועלי־ציון" אין די יידישע סעקציעס, וואָס וועלן וועלן אַרבעטן אויפן געביט פון ארץ־ישראל־אַרבעט — וועט זיי דאָס דערלויבט זיין".

דווקא אָט אָ דער לעצטער פּונקט האָט געהאַט גאָר אַ גרויסע ווירקונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ליקווידאַציע אין אונדזערע רייען. אַ טייל חברים (די מינדערהייט) האָט געטענהט, אַז מיט דעם פּונקט ווערט אונדז געגעבן אַלץ, אַפילו מער ווי מיר האָבן פאַרלאַנגט. אָבער די מערהייט, הגם זי האָט אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט די אַלע ענדערונגען און ספּעציעל די ענדערונג פון לעצטן פּונקט, האָט זיך דערלויבט צו שטעלן באַדינגונגען די פאַרשטייער פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט. מיר האָבן געטענהט, אַז אויב אַפילו דער פּונקט דערלויבט די חברים פון „פּועלי־ציון" צו אַרבעטן פאַר ארץ־ישראל, וואָס זיי וועלן טאָן, איז אויב עס וועלן ניט זיין אַזעלכע, וואָס וועלן דאָס וועלן טאָן, וועלן די סעקציעס די אַרבעט ניט טאָן. איז כל זמן מיר, די פירער פון „פּועלי־ציון" וועלן זיצן אין די סעקציעס, זענען מיר זיכער אַז „מיר וועלן וועלן", אָבער וואָס וועלן מיר טאָן, אַז דער קאָמאינטערן אין אָרדענונג פון פּאַרטיי־דיסציפּלין וועט אַרויסנעמען אונדז, די פירער, די יחידים, פון די סעקציעס און אַוועקשיקן אין די ווייטע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, אַ שטייגער אין טורקעסטאַן אָדער אין אַן אַנדער אָרט? דאַן וועט אין משך פון אַ קורצער צייט פאַרשווינדן דער חשק פון די חברים, וואָס וועלן בלייבן אָן פירער און וועג־ווייזער, צו אַרבעטן פאַר ארץ־ישראל. דערפאַר האָבן מיר געפאָדערט פון די פאַרשטייער פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט גאַראַנטיעס, אַז אַלע פירער פון די „פּועלי־ציון" וועלן בלייבן אויף די ערטער און וועלן ניט אַוועקגעשיקט ווערן צו אַזעלכע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, ווו עס זענען ניטאָ קיין יידישע סעקציעס און בכלל קיין יידישע אַרבעטער, און אויף אַזאַ אופן וועט זיך שאַפן אַ לאַגע, אַז עס וועלן שוין ניט זיין אַזעלכע „פּועלי־ציון", וואָס וועלן וועלן אַרבעטן אויפן געביט פון ארץ־ישראל. די פאַרשטייער פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָבן זיך שטאַרק באַליידיקט, וואָס מיר האָבן געהאַט די העזה צו שטעלן באַדינגונגען דעם קאָמאינטערן און האָבן געענטפערט קאַטעגאָריש נעגאַטיוו. דעריבער האָבן מיר ניט אָנגענומען דעם פאַרשלאַג פון קאָמאינטערן. נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ אָפּגעגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ שטייט אויף דער באַזע פון די באַשלוסן פון דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ און האַלט ווייטער אין זיין פאַרשלאַג וואָס איז היינט דערלאַנגט געוואָרן די פאַרשטייער פון קאָמאינטערן און פון דער יידישער

סעקציע. אויב דער פֿאַרשלאַג, וואָס איז געגעבן געוואָרן היינט דורך די פֿאַר־שטייער פֿון קאָמאינטערן וועט באַקומען די אָפּיציעלע באַשטעטיקונג פֿון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט ווי אַן אַרבעט־פּלאַן פֿאַר די יידישע סעקציעס, וועט דאָס פֿאַר־באַנדס־ביוראָ ווידער נעמען שטעלונג צו אים".

דער פֿאָרשטייער פֿון קאָמאינטערן האָט דערקלערט: „די באַדייטונג פֿון דער דאָזיקער דערקלערונג הייסט איבעררייסן די באַציִונגען: אין נאָמען פֿון דער דיסציפּלין פֿון קאָמאינטערן רוף איך אַלע ערלעכע קאָמוניסטן צו פֿאַרלאָזן דעם פֿאַרבאַנד „פּועלי־ציון".

דער פֿאָרזיצער פֿון פֿאַרבאַנדס־ביוראָ האָט אונטערגעשטראָכן: דער באַשלוס פֿון דער זעקסטער וועלט־קאָנפֿערענץ איז פֿאַר קיין פֿאַל ניט קיין מלחמה־דערקלערונג קעגן קאָמאינטערן; דער פֿאַרבאַנד שטרעבט פּונקט אַזוי ווי פֿריִער אָנצושליסן זיך אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל; אַנטשפּרעכנדיק דעם באַשלוס פֿון דער וועלט־קאָנפֿערענץ וועט דאָס פּ. ב. אַפּעלירן צום פֿערטן קאָנ־גרעס פֿון קאָמאינטערן.

איידער מיר זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען האָט אונדז קענען געמאָלדן אָפּיציעל, אַז דער קאָמאינטערן דערקלערט אונדז מלחמה און „איר ווייסט דאָך, וואָס דאָס הייסט אַ מלחמה פֿון קאָמאינטערן".

באַטירלעך טאָר מען זיך אַליין ניט רימען. אָבער דאָך מוז איך מודה זיין, אַז ניט איין מאָל אין לעבן האָב איך געטראַכט וועגן דעם, וואָס עס וואָלט געוווען ווען מיר נעמען אָן דעם „אַרבעטס־פּלאַן"! ניט נאָר פֿון אונדז פּערזענלעך וואָלט קיין געביין ניט געבליבן, נאָר פֿון פּועלי־ציון וואָלט שוין לאַנג ניט געבליבן קיין שריד און קיין פּליט. און ניט איין מאָל האָב איך געטראַכט וועגן דעם, אַז מיר, ניט קענענדיק דעם קאָמאינטערן, ווי מיר קענען אים איצט, האָבן דאָך, ווייזט אויס, מיטן זעקסטן חוש דערשפּירט די קאָלאָסאַלע סכנה פֿאַר דער באַוועגונג!

וועגן „אַרבעטס־פּלאַן" האָבן מיר שפּעטער געשריבן און אָפּגעשאַצט אַזוי:

„...נאָך מיט דריי חדשים צוריק האָט דער קאָמאינטערן קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו פֿאָרמולירן אַ פּראָגראַם פֿון פּאָזיטיווער אַרבעט פֿאַר דער יידישער קאָמוניסטישער באַוועגונג. נאָך מיט דריי חדשים צוריק האָט דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט געטראַכט, אַז מען קען זיך באַגנוגענען מיט אַן אַלגעמיינעם נוסח אָן קיין שום ממשותדיקן אינהאַלט. אָבער די שליחים פֿון קאָמאינטערן, אין דער ערשטער דירעקטער באַרירונג מיט אונדזער פֿאַרבאַנד, האָבן זיך איבערצייגט תיכף ומיד, אַז די יידישע קאָמוניסטישע באַוועגונג קען בשום אופן ניט עק־

זיסטירן אָן אַ פּאָזיטיוון פּראָגראַם. זיי האָבן אויך אָנגעצייכנט אין אַלגעמיינע שטריכן אַזאַ מין פּראָגראַם.

אָבער שוין פון ערשטן בליק קען מען זען די גרויסע חסרונות פון דעם דאָזיקן אַרבעטס־פּלאַן. ניט אַוועקשטעלנדיק קאַרדינאַל דעם פּראָבלעם פון יידישן אַרבעטער, קען מען אויך ניט געפינען די ריכטיקע לייזונג פאַר אים. אויב מען גיט ניט קיין מעגלעכקייט די יידישע אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן פאַרן געדאַנק פון טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע אין ארץ־ישראל — און דאָס האָט געדאַרפט זיין דער אויסגאַנגס־פּונקט און דער רעזולטאַט פון דעם אַרבעטס־פּלאַן — פאַרוואַנדלט זיך דער אַרבעטס־פּלאַן אין אַ פשוטן פּלאַן פון רעאַלער אַרבעט און ער פאַרלירט זיין עיקרדיקע באַדייטונג. אַ פּאָליטישע, פּראָלעטאַרישע באַוועגונג קען זיך ניט באַזירן אויף אַ פּראָגראַם פון בלויז פּראַקטישער אַרבעט — זאָל עס זיין דער בעסטער פּראָגראַם — אָן קיין שום פּאָליטישער פּערספּעקטיוו.

די חסרונות פון דעם אַרבעטס־פּלאַן זענען פאַר קיין פאַל ניט קיין צופעליקע, דאָס זענען אויך ניט נאָר חסרונות פון נוסח פון דער אויפגאַבע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר מוזן מודה זיין: דערווייל האָבן די פאָרשטייער פון קאָמאינטערן נאָר אָנערקענט די נויטווענדיקייט פון אַ פּאָזיטיוון פּראָגראַם פאַר דער יידישער קאָמוניסטישער באַוועגונג, אָבער זיי האָבן נאָך ניט געוואַגט באַשליסן אַריינצוטראָגן אַ גאַנצע און ראַדיקאַלע לייזונג פון דעם פּראָבלעם פון די יידישע אַרבעטער אין דעם דאָזיקן פּראָגראַם.

דעריבער האָבן מיר ניט געקענט אָננעמען די פאָדערונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַל, דעריבער האָבן מיר אויך ניט געקענט געבן אונדזער הסכמה צו דעם דאָזיקן אַרבעטס־פּלאַן.

מיט צופרידנקייט שטעלן מיר פעסט, אַז די פאָרשטייער פון קאָמאינטערן האָבן זיך שטאַרק דערנענטערט צום פּראָבלעם פון די יידישע אַרבעטער. גערן וועלן מיר זיין גרייט צו באַראַטן זיך צוזאַמען מיט זיי און העלפן זיי צו דער־קענען דעם פּראָבלעם פון די יידישע אַרבעטער אין זיין פולן פאַרנעם.

דערצו איז נייטיק אַ שטאַרקע און אַ גרויסע קאָמוניסטישע באַוועגונג, וואָס פאַרשטייט איר ציל און אָרגאַניזירט זיך אויפן יסוד פון אונדזער פּראָגראַם. דערצו איז נייטיק די פּערמאַנענטע און אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס וועט בולט דערוויזן, אַז די טעריטאָריאַלע לייזונג פון יידישן אַרבעטער־פּראָבלעם דורך דער קאָנצענטראַציע פון די יידישע וואַנ־דערנדיקע מאַסן קיין ארץ־ישראל אַנטשפּרעכט די קאָמוניסטישע אויפגאַבן. זאָל לעבן דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל! זאָל לעבן די יידישע סעקציע ביים קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל! דאָס ביורא פון יידישן קאָמוניסטישן פאַרבאַנד „פּועלי־ציון״!

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט דער קאָמאינטערן (אין טאָג פון 25סטן יולי) דערקלערט אונדז אָפיציעל די מלחמה.

פאַר דעם, אַ פּאָר טעג נאָך דער קאָנפערענץ און נאָך דער זיצונג מיט די פאָרשטייער פון קאָמאינטערן, האָב איך זיך באַגעגנט אויף אַ פּריוואַטן אופן מיט קענעגן און מיר האָבן געהאַט אַ גאַנץ אינטימען געשפּרעך אין עפּעס אַ ווינקל־קאַפע אין משך פון אַ דריי שעה. צום סוף האָט מיר קענען געזאָגט בערך אַזוי: „די עליה קיין ארץ־ישראל איז אַ קאָנטררעוואָלוציאָנערע דערשיינונג, ווייל זי פאַרשטאַרקט און העלפט דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, והשנית שוואַכט זי אָפּ די רעוואָלוציאָנערע כוחות אויף די ערטער. מיר גייען זיך איצט פונאַנדער, און מיר וועלן אייך באַקעמפן מיט אַלע אונדזערע כוחות, און דו ווייסט דאָך, וואָס דאָס מיינט די מלחמה פון קאָמאינטערן: דאָס וועט אייך מוזן בעל כרחך שטויסן אויף רעכטס, און אייער סוף וועט זיין, ווי עס איז געווען דער סוף פון פּאָול לעווי" (פּאָול לעווי איז געווען אַ דייטשער קאָמוניסט, וועלכער האָט געהאַט סכסוכים מיטן קאָמאינטערן. דער קאָמאינטערן האָט אים באַקעמפט, און צולעצט איז פּאָול אַריבער צו די רעכטע).

אינטערעסאַנט איז, אַז מיט דעם דאָזיקן מענטשן — קענען, וואָס האָט שוין דאַן געהייסן „בערנאַרד", האָב איך זיך צונויפגעטראָפן 13 יאָר שפּעטער אין פּאַריז. אין יאָר 1935, ווען עס איז פאָרגעקומען די קאָנפערענץ פון די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס און איך בין געקומען קיין פּאַריז צו דער קאָנפערענץ אין נאָמען פון אונדזער ארץ־ישראלדיקער „אַנטיפאַ".



נאָך אַ מאָל זענען מיר געזעסן ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל אין פּאַריז, אין אַ קליינעם קאַפע, ביי זייער קאָנספּיראַטיווע באַדינגונגען, און ווידער האָבן מיר געהאַט אַ לאַנגן שמועס. צום סוף האָט מיר קענען־בערנאַרד געזאָגט: „אין צווייטן פּונקט האָב איך אַ טעות געהאַט, איר זייט ניט אַוועק רעכטס, און איר דער הינזיכט האָבן מיר ניט קיין טענות צו אייך, איר זייט גוטע קאָמוניסטן, אָבער וואָס שייך דעם ערשטן פּונקט — עליה — טראַכטן מיר ווייטער, ווי מיר האָבן געטראַכט". האָב איך אים דאַן געענטפערט: „דרייצן יאָר האָבן מיר געדאַרפט וואַרטן, אַז איר זאָלט מודה זיין איין טעות. וועלן מיר וואַרטן נאָך דרייצן יאָר, און דאַן וועט איר מוזן מודה זיין, אַז איר האָט געהאַט אַ טעות אויך אין ערשטן פּונקט". אָבער איך האָב, ווייזט אויס, אַ טעות געהאַט נאָר אין איין יאָר, ווייל ביז דער רעדע פון גראָמיקאָ אין יאָר 1947 זענען אַוועק ניט דרייצן נאָר צוועלף יאָר.

נחום ניר־ראַפּאַלקעס

# דאָס לעבן אין דאַנציג

אויף דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער סעקרעטאַריאַט פון פאַרבאַנדס־ביוראָ גייט אַריבער פון ווין קיין דאַנציג. דערצו זענען געווען, פון איין זייט, טעכנישע סיבות און, פון דער אַנדערער — אידעאָלאָגישע. די טעכנישע סיבה איז באַשטאַנען דערין וואָס, היות ווי די גרעסטע פּאַרטיי פון פאַרבאַנד איז די פּוילישע — דאַרף דער סעקרעטאַריאַט זיין נאָענט צו פּוילן. מחמת די פּאָליטישע באַדינגונגען פון פּוילן האָבן ניט דערלויבט אַריבערצופירן דעם סעקרעטאַריאַט קיין פּוילן גופא. דעריבער איז באַשלאָסן געוואָרן אַריבערצופירן דעם סעקרעטאַריאַט קיין דאַנציג, ווייל דאָס איז געווען אַ פרייער געביט צווישן פּוילן און דייטשלאַנד, און ביידע מדינות האָבן געקעמפט פאַר דעם געביט, וואָס איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אונטער דעם אויפזיכט פון פּראָטעקטאָראַט פון דער פעלקער־ליגע. פון דאַנען, פון דאַנציג, איז דער צוטריט קיין פּוילן געווען אין גאַנצן פריי, און קיין דייטשלאַנד האָט מען אויך געקענט לייכט פאָרן.

די צווייטע סיבה פאַרן אַריבערפירן דעם סעקרעטאַריאַט קיין דאַנציג, איז געווען דער ווילן צו דערווייטערן דעם סעקרעטאַריאַט פון דער השפעה פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי, אָדער ריכטיקער, ווינער פּאַרטיי, וואָס איז כמעט אין גאַנצן געווען אָנגעשטעקט מיט ליקווידאַציע. אויב אין ווין זענען געזעסן פיר חברים פון ביוראָ, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין דאַנציג וועט זיצן נאָר איין חבר, און דאָס האָב איך געדאַרפט זיין, ווייל איך בין געווען דער סעקרעטאַר, און אין אַלע ענינים וועל איך זיך דאַרפן באַראַטן מיט די מיטגלידער פון פאַר־באַנדס־ביוראָ אין וואַרשע (זרבבל, ווּעשער, מוליע). אַחוץ דעם זענען די חברים אין פּוילן געווען פאַראינטערעסירט, אַז איך זאָל אָפט קומען קיין פּוילן און העלפן זיי אין דער אַגיטאַציע־אַרבעט, אַרומפאָרן איבער די שטעט מיט רע־פעראַטן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך דאַרף אַריבערפאָרן מיט דער משפחה קיין דאַנציג און אויף יעדן שבת קומען קיין וואַרשע, פריער אויף באַראַטונגען און דאַן אויף פאַרלעזונגען.

איך בין צוריקגעפאָרן קיין ווין און בערך אין סעפּטעמבער האָב איך מיט דער גאַנצער משפחה פאַרלאָזן ווין, מיר זענען פאַרבליבן אויפן וועג אַ פּאָר טעג אין בערלין.

דאָ אין בערלין האָט זיך די פּאַרטייישע לאַגע אין גאַנצן געענדערט. סוף 1920 האָט די דייטשע פּאַרטיי אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז זי אָנערקענט ניט די שפּאַלטונג און בלייבט נייטראַל. דאָס איז געווען די המצאה פון כאַזאַנאָוויטש, אָבער דער ענין האָט לאַנג ניט געדויערט, און איך קען ניט פעסטשטעלן גענוי,

ווען די פּאַרטיי אין דייטשלאַנד האָט זיך געשפּאָלטן, אָבער ווען איך בין גע־קומען קיין בערלין אין יאָר 1922, זענען דאָרט שוין געווען צוויי פּאַרטייען. אונדזער פּאַרטיי, די לינקע „פּועלי־ציון", האָט געציילט דאַן אַ פּאָר צענדליק חברים, בעיקר סטודענטן. צווישן זיי געדענק איך דעם חבר לייבקע בערמאַן, מיט וועמען איך בין געפאָרן סוף 1918 פון מינסק קיין וואַרשע. ער האָט שפּעטער איבערגעזעצט דעם „בירגערקריג אין דייטשלאַנד" פון מאַרקסן. די איבערזעצונג איז געווען אַ שלעכטע, איך האָב אַפילו וועגן דער איבערזעצונג געשריבן אין „ביכער־וועלט" אַ שטרענגע רעצענזיע (דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך ניט געוווּסט ווער עס איז געווען דער איבערזעצער, ווייל עס זענען אָנגעגעבן געווען נאָר די ראשי תיבות). צווישן די חברים איז אויך געווען חיים טורנער, וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט. צווישן די חברים איז דאַן כמעט ניט געווען קיין איין דייטשער חבר, אַלע זענען געווען אימיגראַנטן פון פּוילן, און אויב עס איז יאָ געווען אַ דייטשער חבר, ווי יוליוס בערגער, וואָס איז שפּעטער געווען אין ארץ־ישראל און געשטאָרבן דאָ, איז ער אַריבער צו די רעכטע.

דאַנציג איז, ווי איך האָב פריער דערמאָנט, געווען אַ פרייער געביט אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון דער פעלקער־ליגע. דער שטח איז ניט קיין גרויסער, אַ פּאָר שטעט און דערפער, דער עיקר איז געווען: די שטאָט דאַנציג מיט אַ פּאָר פאָרשטעט, מיטן קוראָרט צאָפּאָט. צווישן דאַנציג און צאָפּאָט ליגט כמעט אַ באַזונדערע שטאָט — לאַנגפור, און דאַן אָליוואַ. מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין דעם ביליקסטן אָרט — אין אָליוואַ, אָבער אַזוי שנעל האָט מען דאָרט ניט געקענט געפינען אַ פּאַסיקע דירה. זענען מיר אַ צוויי וואָכן געזעסן אין אַ קליינעם פישער־דאָרף נעבן אָליוואַ, ביז מיר האָבן באַקומען אַ דירה ביי אַ דייטשן פּאָרפאָלק.

די באַפעלקערונג פון דעם פרייען געביט איז געווען על־פּי־רוב אַ דייטשע, מיט אַ פּוילישער מינדערהייט, אָבער די פּאָליאַקן האָבן געטענהט, אַז דאַנציג איז אַן אַלטע פּוילישע שטאָט, און דאָס איז דאָך געווען ריכטיק, דעריבער האָט די פעלקער־ליגע באַשלאָסן, אַז דאַנציג זאָל געהערן ניט דייטש־לאַנד און ניט פּוילן, פּונקט ווי די ליגע האָט געטאָן מיט אַ צווייטן געביט אין יענער געגנט, דעם געביט פון מעמעל, וואָס אויף אים האָבן פּרעטענדירט דייטשלאַנד און ליטע, און אַזוי ווי דאָס איז געווען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה מיט טריעסט, אויף וועלכער עס האָבן פּרעטענדירט איטאַליע און יוגאָ־סלאַוויע, און די פעלקער־ליגע האָט באַשלאָסן בנוגע צו טריעסט דאָס זעלבע, וואָס זי האָט בשעתו באַשלאָסן בנוגע דאַנציג.

אין לויף פון הונדערטער יאָרן האָט די פּוילישע באַפעלקערונג פון דעם דאַנציגער געביט זיך צונויפגעמישט מיט דער דייטשער באַפעלקערונג, און

דאָרט האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציעלער טיפּ מענטש: די דאַנציגער האָבן גע־ירשנט די „גוטע" אייגנשאַפטן פון די ביידע פעלקער: זיי זענען גראָב ווי דער דייטש אין מזרח־פּרייסן און פאַלש ווי די פּאָליאַקן, אַזוי אַז לעבן צווישן די דאָזיקע מענטשן איז געווען זייער אומאָנגענעם. איך האָב ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונגען מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג. אמת, אין דער צייט פון דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ האָבן מיר געשאַפן די פאַרבינדונג מיטן פאָרשטייער פון דער דאָרטיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט געהייסן ראובע. דאָס איז געווען זייער אַ רייכער סוחר און אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פראַקציע פון דאַנציגער שטאָטראַט. דאָס איז געווען דער איינציקער מענטש, וועלכן איך האָב געקענט אין דעם גאַנצן געביט. אָבער אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָב איך דאָ באַגעגנט מיינעם אַן אַלטן באַקאַנטן פון פּעטראָגראַד, מיטן נאָמען לייבמאַן, אַ ברודער פון מיין חבר לייבמאַן, דעם אַדוואָקאַט אין פּעטראָגראַד, וואָס האָט געקליבן אַנטיקן. דער דאָזיקער לייבמאַן האָט דאָ געלעבט מיט דער משפּחה און איז געווען געגנוג פאַרמעגלעך. שפּעטער איז ער געווען אין ארץ־ישראל און איז דאָ געשטאָרבן. זיין זון איז געווען אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין בוענאָס־איירעס, אין דער צייט ווען אייכמאַן איז דאָרט געכאַפּט געוואָרן דורך אונדזערע מענטשן (לבבי).

דאָס פּאָר־פּאָלק, ביי וועלכן מיר האָבן געוווינט, זענען געווען זייער שלעכטע מענטשן. ער איז געווען אַלט, און די פרוי יונג, געהאַט האָבן זיי אַ קליין מיידעלע. זיי האָבן ניט געזאָרגט פאַר איר, נאָר אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומגעקריגט, און מיר האָבן ניט געהאַט קיין רו. אָבער זיי האָבן, ווייזט אויס, געמאַכט שלום צווישן זיך, כדי צוזאַמען זיך נוקם צו זיין אין אונדז. און וואָס איז געווען די עיקר סיבה? די דירה איז באַשטאַנען פון דריי צימערן, האָבן זיי אונדז פאַרדונגען צוויי, ווייל זייער מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ שלעכטע. אין אונדז האָבן זיי געזען יידן און דערצו רייכע, וואָס זענען געקומען אַהער נאָך מער זיך צו באַרייכערן און צו עקספּלאָאַטירן די אָרעמע דייטשן. דער אמת איז, אַז זיי האָבן געהאַט אַ גרונט אַזוי זיך צו באַציִען ניט דווקא צו אונדז, נאָר בכלל, ווייל צו יענער צייט איז דאַנציג געוואָרן דער צענטער פון כל מיני שפּעקולאַנטן, רייכע יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון דעם באָלשעװיסטישן רוסלאַנד. דאָ איז אויך געווען דער צענטער פון קאָנטראַבאַנדיסטן, וואָס האָבן אַריבערגעפירט סחורות פון פּוילן קיין דייטשלאַנד און פון דייטש־לאַנד קיין פּוילן, ווייל די גרענעץ איז געווען כמעט פריי, און יעדן טאָג זענען געגאַנגען פול־געפּאַקטע צוגן מיט קאָנטראַבאַנדיסטן און סחורות הין און צוריק. קיין דאַנציג זענען אויך אָנגעקומען מענטשן, כדי פון דאַנען אַרויסצופאָרן אין דער ברייטער וועלט. דורך דאַנציג איז אויך געגאַנגען די עמיגראַציע פון יידן

קיין אַמעריקע, און ניט איין מאָל האָב איך דאָ געטראָפן אַזעלכע יידן אויפן ברעג פון ים. אַ מאָל זענען לעבן מיר געשטאַנען אויפן ברעג פון ים אַ יונגע ידישע פרוי און אַן אַלטער ייד, ווי עס ווייזט אויס, אַ טאָכטער מיט אַ פאָטער. זי האָט אויסגעזען צו זיין די אינטעליגענטע און זי האָט עס דערקלערט דעם פאָטער, אַז דער דאָזיקער גאַנצער ים — דער ייד האָט מן הסתם געזען אַ ים צום ערשטן מאָל אין לעבן — איז פול מיט געזאַלצענעם וואַסער. דער אַלטער איז געווען מלא התפעלות.

דאַנציג האָט אויך צוגעצויגן אַלערליי ווייסע עמיגראַנטן. אַלערליי אינ־טערנאַציאָנאַלע אַוואַנטורסיטן, און די שטאָט איז געוואָרן דער צענטער פון כל מיני פינאַנציעלע און פאָליטישע אַוואַנטורעס. דאָ האָט זיך אויך אַ געוויסע צייט געפונען באַלאַך־באַלאַכאָוויטש, און אויך דער באַטקאַ מאַכנאָ. ער האָט זיך אַפילו דאָ געוואָנדן צו דער יידישער קהילה און געבעטן הילף, אויף דעם סמך, וואָס ער האָט זיך כלומרשט באַצויגן צו יידן גוט, ווען די מאַכט אין דרום איז געווען אין זיינע הענט. איך האָב געהערט, אַז די יידישע קהילה האָט אים טאַקע מאַטעריעל געהאָלפן.

קיין דאַנציג פלעגן קומען כל מיני אַרטיסטן, אַ מאָל זייער צווייפלהאַפטע, אָבער די ניט אָרטיקע דאַנציגער, די אימיגראַנטן מכל המינים, האָבן אַלץ פאַרדייט, זיי פלעגן קומען צו די פאָרשטעלונגען און די רעפעראַטן מיט די ווייבער, מיט זייערע בריליאַנטן. צאָפּאָט איז געווען אַ באַרימטער וועלט־קוראָרט, אַהער פלעגן קומען ספעציעל אויף זומער רייכע מענטשן, בעיקר יידן פון פוילן. אין פוילן איז דאַן אַרומגעגאַנגען אַ שפּריכווערטל: מיין מאַן אַרבעט צו שווער, אַז איך (די פרוי) זאָל זיך ניט קענען אָפּרוען אויף דער פּלאַזשע אין צאָפּאָט! דאָ, אין צאָפּאָט, איז געווען אויך אַ קאַסינאָ, מיט אַ רולעטקע, וווהין עס פלעגן קומען אַוואַנטוריסטן כמעט פון דער גאַנצער וועלט. בקיצור, ווי מען קען זען, איז דאַנציג געווען דער פּאַסיקסטער אָרט פאַרן פאַרבאַנדס־ביוראָ פון די לינקע „פּועלי־ציון"...

אַ מאָל איז אַהער געקומען אויך זשיטלאָווסקי און געהאַלטן אַ פאָרלעזונג וועגן „דעם זין פון מענטשלעכן לעבן". איך בין, פאַרשטייט זיך, געגאַנגען אים הערן, ווייל זשיטלאָווסקי איז דאָך געווען איינער פון די שענסטע רעדנער. איך קען איצט, נאַטירלעך, ניט איבערגעבן וואָס ס'איז געווען דער אינהאַלט פון דער פאָרלעזונג, אָבער דאָס געדענק איך, אַז נאָכן רעפעראַט האָב איך געענוי אַזוי פיל געוווסט, וואָס עס איז דער אינהאַלט פון מענטשלעכן לעבן, ווי איך האָב עס געוווסט פאַרן רעפעראַט. עס איז מיר אָבער געבליבן אין זכרון דער וויץ, מיט וועלכן זשיטלאָווסקי האָט פאַרענדיקט זיין פאָרלעזונג: ס'האָבן זיך צונויפגעקליבן יידן אין אַן אָרט, און איינער פון זיי האָט געזאָגט, אַז

ער וועט פרעגן אַ רעטעניש, און ווער עס וועט ניט וויסן די תשובה, וועט דאַרפן באַצאָלן אַ דאָלאַר. האָט דער ייִד געפרעגט די רעטעניש, און אַזוי ווי קיינער האָט ניט געקענט געבן קיין ריכטיקע תשובה, האָט יעדער איינער אַנידערגעלייגט זיין דאָלאַר אויפן טיש. דער ייִד האָט דאָס גאַנצע געלט אַריינגעלייגט אין קעשענע און דאַן אַרויסגענומען פון דער קעשענע איין דאָלאַר, אַוועקגעלייגט אים אויפן טיש און געזאָגט, אַז היות, ווי ער אַליין ווייס אויך ניט די תשובה, באַצאָלט ער דעם דאָלאַר לויטן הסכם.

די גאַנצע וואָך בין איך געזעסן אין שטוב ביי זיך און געשריבן בריוו אַלע פּאַרטייען, צוגעגרייט אַלע צירקולאַרן, ביולעטינען און אויך געשריבן אַרטיקלען פאַר אונדזערע צייטונגען. קיין הילף האָב איך ניט געהאַט, איך אַליין האָב געמוזט צוגרייטן די צירקולאַרן און ביולעטינען, שפּעטער איבערשרייבן זיי מיט העקטאָגראַפיר־טינט, פאַרמערן אויפן העקטאָגראַף, אַליין געמוזט גיין אין שטאָט און אַריינוואַרפן זיי אין פאַרשיידענע פּאָסטקעסטלעך. עס זאָל ניט זיין אויפפאַלנדיק אויב אַלץ וועט זיין אין איין קעסטל. דאָנערשטיק פלעג איך אַרויספאָרן קיין וואַרשע, אָפּהאַלטן אַ באַראַטונג מיט די חברים, האַלטן רעפעראַטן אין שטעט און שטעטלעך דאָנערשטיק, פרייטיק, שבת און זונטיק, און מאָנטיק קומען צוריק און ווידער ווערן דער „סעקרעטאַר" פון פאַרבאַנדס־ביוראָ.

באַטירלעך, אַז סיי אין יאָר 1923 און סיי אין יאָר 1924 בין איך צום ערשטן מאַי געווען אין וואַרשע. עס איז מיר געבליבן אין זכרון די פייערונג פון ערשטן מאַי פון יאָר 1924. יעדע פּאַרטיי האָט דעמאָנסטרירט באַזונדער. און פאַרשטייט זיך, אַז עס פלעגן זיין אָנפאַלן מצד דער פּאָליציי און אַ מאָל אויך מצד פּוילישע כוליגאַנעס. דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן, אַז די מיטגלידער פון צ. ק. וועלן זיך צעטיילן: אַ טייל וועט גיין בראש פון דער דעמאָנסטראַציע, און אַ צווייטער טייל אין עק פון איר, ווייל מען קען דאָך ניט וויסן פון פאָרויס, ווו עס וועלן אָנפאַלן די כוליגאַנעס. איך בין געגאַנגען אין עק פון דער דעמאָנסטראַציע, און דאָס מאָל איז מען ניט אָנגעפאַלן אויף אונדז. אין דער דאָזיקער דעמאָנסטראַציע האָבן אָנטייל גענומען טויזנטער מענטשן. מיר זענען אַדורך די יידישע גאַסן און אומגעקערט זיך צום אָרט, פון וועלכן מיר זענען אַרויס, דאָס הייסט צו קאַרמעליצקע 23. דאָרט, פון באַלקאָן פון הויז, האָבן חברים גערעדט צו די מאַסן, וואָס זענען געשטאַנען אונטן אויפן גאַס.

אין מיינע אָפטע נסיעות איבער גאַנץ פּוילן אין דער לענג און דער ברייט האָב איך אַ סך געלייענט אין די באַנען. און אַזוי ווי עס איז שווער צו לייענען אין באַן ערנסטע זאַכן, האָב איך געלייענט על־פּי־רוב בעלעטריסטיק. פון תמיד אָן האָב איך געהאַט אַ שוואַכקייט צו פּאָליציי־ראָמאַנען, האָב איך דאַן איבערגעלייענט כמעט אַלע דערציילונגען פון קאָנאַן דאָיל וועגן שערלאָק האָלמס.

איך בין שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון קאָנאַן דאָילס לאָגיק און פון די געשפּרעכן פון ד״ר וואַטסאָן מיט שערלאָק האָלמסן. איך האָב זיך אַלע מאָל צוזאַמען מיט ד״ר וואַטסאָן געוואונדערט, ווען כ׳פלעג לייענען די לאָגישע מסקנות פון שערלאָק האָלמסן, און צוזאַמען מיטן ד״ר וואַטסאָן האָב איך מסכים געווען, אַז דער ענין איז דאָך זייער פּשוט נאָך דעם, ווי שערלאָק האָלמס האָט דערקלערט, ווי אַזוי ער איז געקומען צו זיינע מסקנות. און ניט איין מאָל אין באַן האָב איך באַאָבאַכטעט די מענטשן און געפּרוווט לויט דער שיטה פון שערלאָק האָלמסן צו פאַרשטיין, וואָס איז די באַשעפטיקונג פון דעם אָדער יענעם מענטשן. דאָס איז אַלע מאָל געווען זייער אינטערעסאַנט אין די לאַנגע שעהען אין באַן אָדער אויפן וואָגן.

אַ מאָל בין איך געפאָרן פון וואַרשע קיין פּינסק. מען איז אַרויס־געפאָרן פון וואַרשע שפּעט ביי נאַכט און געקומען קיין פּינסק אויף מאָרגן אַ זייגער איינס. אַז מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע איז דער וואַגאָן געווען געפּאַקט, אָבער ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין בריסק, אַ זייגער ניין אין דער פרי, האָט זיך מיין אָפּטיילונג כמעט אויסגעליידיקט און אַחוץ מיר איז געבליבן אין דער אָפּטיילונג נאָר אַ יונגע פרוי, וואָס איז דאָרט אַריין אין שעדלעץ אַ זייגער דריי ביי נאַכט. איך האָב אויף איר געמאַכט דעם עקספּערימענט און בין געקומען צו געוויסע אויספירן. איך האָב אָבער ניט געוואָלט אָנהייבן רעדן מיט איר, זי זאָל מיך ניט חושד זיין אין אַנדערע כוונות. דערפאַר האָבן מירביידע געשוויגן דעם גאַנצן וועג. אָבער, אַז מיר זענען שוין געווען נאָענט פון פּינסק, האָב איך זיך אַנטשולדיקט און געבעטן זי, זי זאָל מיר ענטפערן, צי דאָס וואָס איך טראַכט וועגן איר, איז ריכטיק, אָדער ניט. זי האָט מסכים געווען. דאַן האָב איך זי געפרעגט, צי איז ריכטיק, אַז זי האָט ניט לאַנג חתונה געהאַט, אַז אירע עלטערן וווינען אין פּינסק, און זי מיט איר מאַן וווינען אין שעדלעץ, אַז ער איז אַ באַן־באַאַמטער, און אַז זי פאָרט איצט פון מאַן צו די עלטערן אויף יום־טוב. זי האָט זיך שטאַרק פאַוווּנדערט, פון וואַנען איך ווייס דאָס אַלץ. האָב איך איר דערקלערט: זי איז אַ יונגע פרוי און שוואַנגערט, איך האָב געזען אַז זי איז אַריין אין וואַגאָן אין שעדלעץ און עס האָט זי באַגלייט אַ יונגער בחור, איך האָב געזען ביי איר אַ בילעט פון דריטן קלאַס, און זי פאָרט אין צווייטן, און איצט איז ערב יום־טוב, פאָרט זי קיין פּינסק. ווער פאָרט מיט אַ בילעט פון דריטן קלאַס אין צווייטן? נאָר באַן־באַאַמטע, ווער פאַרלאָזט דעם מאַן פאַר יום־טוב, און ספּעציעל אין איר צושטאַנד פון שוואַנגערשאַפט? באַטירלעך, ווער עס האָט עלטערן אין אַן אַנדער אָרט און פאָרט צו זיי אויף יום־טוב. אַז זי האָט ניט לאַנג חתונה געהאַט איז קלאָר, ווייל זי איז זייער יונג און שוואַנגערט. די פרוי האָט שטאַרק געלאַכט, און

איך האָב איר דערקלערט, אַז איך בין ניט שערלאָק האָלמס, נאָר איך האָב באַשלאָסן אויסצופּרוּוון זיין שיטה און, ווי עס ווייזט אויס, איז עס מיר געלונגען. מיר האָבן זיך צעשיידט זייער פריינטלעך...

דער פינאַנציעלער צושטאַנד פון פאַרבאַנדס־ביוראָ איז געווען זייער אַ קלאָגעדיקער. קיין איין פּאַרטיי האָט ניט געשיקט קיין געלט, און איך האָב געדאַרפט לעבן זאַלבעפערט אין דער פרעמדער שטאָט. קיינער האָט ניט געזאָרגט פאַר מיר. עס איז געווען אָפּגערעדט, אַז די הכנסה פון מיינע רעפעראַטן אין פּוילן וועט גיין אויף דעקן די הוצאות און דאָס וואָס וועט בלייבן וועט זיין אויפן חשבון פון מיין געהאַלט. אָבער נאָר זייער זעלטן פלעגט קלעקן דאָס, וואָס איך פלעג ברענגען פון פּוילן אויף צו לעבן אַ וואָך. און אָפט האָב איך אויך ניט געהאַט קיין געלט צו קויפן אַ בילעט קיין וואַרשע. באַרגן געלט האָב איך געקענט נאָר אין צוויי ערטער: ביי ראַובען, דעם קאָמוניסט, און ביי מיין באַקאַנטן — לייבמאַנען. דאָס ערשטע מאָל איז עס מיר געווען זייער אומאַנגענעם, אָבער שפּעטער האָב איך געמוזט זיך צוגעוווינען. איך האָב ניט איין מאָל אויפגע־קלערט די חברים אין וואַרשע מיין לאַגע, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפן. אין וואַרשע האָבן די חברים, וואָס האָבן געאַרבעט ווי „פּראָפעסיאָנאַלן", געהאַט אַ בשותפותדיקע קאַסע, און דאָס וואָס עס פלעגט אַריינקומען פון די רעפעראַטן האָט מען געטיילט פּראָפּאָרציאָנעל צווישן אַלע. האָב איך אַ מאָל פאָרגעשלאָגן מיינע חברים, אַז זיי זאָלן מיך אויך אַריינגעמען אין דער בשותפותדיקער קאַסע, זיי האָבן מיך דאָך אַוועקגעזעצט אין דאַנציג, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט, און אַז איך האָב געפרעגט, פאַר וואָס דאַרף איך זיין עפּעס אין אַ ספּעציעלער לאַגע, האָט איינער פון זיי, איך וויל ניט דערמאָנען זיין נאָמען — הגם איך געדענק אים גוט, מיר געענטפערט: „ווייל דו האָסט אַ מזל". און מיין טענה, אַז זיי האָבן מיך דאָרט אַוועקגעשיקט אין דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל, האָט ניט געהאָלפן.

נאָך אַ פּאָר חדשים האָבן מיר פאַרלאָזט אָליוואַ און זענען אַריבער־געפאָרן קיין צאָפּאָט. דאָ אין צאָפּאָט זענען די דירות זומער געווען זייער טייער, אָבער ווינטער־צייט האָט מען געקענט באַקומען אַ דירה אַ סך ביליקער. און די צוויי יאָר וואָס מיר האָבן געלעבט אין פרייען געביט דאַנציג, פלעגן מיר בייטן די דירות אויף ווינטער און זומער. ווינטער האָבן מיר געוווינט אין צאָפּאָט און אויף זומער פלעגן מיר אַריבערגיין אין פאָרשטאָט פון צאָפּאָט אָדער קיין לאַנגפור. אין צאָפּאָט האָבן מיר געוווינט ווינטער אַ פּאָר מאָל ביי איין משפּחה, וואָס דער מאַן איז געווען דער דירעקטאָר פון אַ קליינער באַנק און — אַ גרויסער רעאַקציאָנער, ער האָט געהאַט אַלע אייגנשאַפטן פון אַ שפּע־טערדיקן נאַצי, אָבער זיין פרוי איז געווען זייער סימפּאַטיש און אינטעליגענט

און האָט נייטראַליזירט די גראָבקייט פון איר מאַן, הגם צו אונדז האָט ער זיך באַצויגן ניט שלעכט. די דאָזיקע דירה אין צאָפּאָט איז אויך באַשטאַנען פון צוויי קאַלטע צימערן: אין ערשטן צימער איז געווען אַן אויוון, אין צווייטן ניט, און די טעמפּעראַטור אין אים איז געווען זיבן גראַד. אין דער פרי, פּונקט ווי אין נוי־וואַלדעק, האָב איך געהייצט דעם אויוון אין ערשטן צימער און אַריבער־געפירט אַהין די קינדער.

פון צייט צו צייט פלעג איך זיך טרעפן מיט ראַובען און באַקומען ביי אים די אינפאָרמאַציע וועגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין דאַנציג און די אינפאָרמאַציע פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמאינטערן. ער האָט זיך דווקא באַצויגן צו אונדז און צו מיר ספּעציעל זייער גוט. זיין וווינונג איז געווען אַן אמתער פּאַלאַץ, און אין האַרצן האָב איך זיך געטראַכט, אַז אַזוי איז לייכט צו זיין אַ קאָמוניסט. אָבער שפּעטער האָב איך געהערט פון עמעצן, אַז מען האָט אים געזען אין קאַסינאָ ביי אַ רולעטקע און אַז ער פאַרשפּילט דאָרט אַ סך געלט. אמת איז אַז אויך איך בין אַ מאָל געגאַנגען אין קאַסינאָ און געפּרוווט שפּילן אויף דער רולעטקע, ווייל אַלע מאָל האָט מיר געפעלט דער גראָשן, און דאַן האָב איך געטראָפן ראַובען. אונדזביידן האָט עס ניט שטאַרק געשמעקט. נאַטירלעך, האָט די רולעטקע ווייניק מיר געהאָלפן.

איך געדענק איין אָוונט, אַ שבת צו נאַכט. איך האָב ניט געהאַט קיין פּרוטה אין קעשענע. עס איז ניט געווען וואָס צו עסן ניט פאַר אונדז, ניט פאַר די קינדער. איך בין שוין געווען שולדיק צו צען טויזנט מאַרק הן ראַובען, הן לייבמאַנען. איך האָב ניט געהאַט קיין ברירה: בין איך אַוועק נאָך אַ מאָל צו לייבמאַנען — ער האָט געוווינט נאָענט פון מיר אין צאָפּאָט — און געבעטן נאָך אַ הלוואה. לייבמאַן האָט מיר אָפּגעזאָגט. בין איך געקומען אַהיים און ניט געוווסט וואָס צו טאָן. די קינדער זענען שוין געשלאָפן. האָב איך גענומען אַן ענגליש בוך און אָנגעהויבן לייענען מיט אַ ווערטערבוך. סאַבינע האָט געקוקט אויף מיר און מיך געפרעגט, ווי קען איך אין אַזאַ מאָמענט לייענען אַן ענגליש בוך מיט אַזאַ גלייכגילטיקייט. היות ווי מיר האָבן נאָך געהאַט צוויי זעמל, און מילך האָט מען אונדז געבראַכט אויף קרעדיט, האָבן מיר באַשלאָסן אויף מאָרגן אין דער פרי אָנצוווואַרעמען די ביידע זעמל פאַר די ביידע קינדער, און מיר האָבן באַשלאָסן צו בלייבן ליגן אין די בעטן, כדי ניט פילן דעם הונגער. און פּלוצעם קלאַפּט מען אין טיר. איך עפן די טיר, ס'איז אַריין לייבמאַנס פרוי און זי זאָגט מיר: „איך האָב דאָך נעכטן פאַרשטאַנען, אַז אייער פרוי האָט ניט מיט וואָס צו גיין אין מאַרק, האָב איך אייך געבראַכט אַ פּאָר טויזנט מאַרק". מיין פאַרשטאָרבענער פאָטער וואָלט זיכער געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ מלאך פון הימל.

אַ צווייט מאָל, ווען אין שטוב איז ניט געווען קיין פּרוטה, האָב איך באַשלאָסן אויסגעבן די לעצטע פּאָר פּעניג און פּאָרן פון צאָפּאָט קיין דאַנציג און פּרווון גיין אין אַ לאָמבאַרד צו פאַרזעצן אונדזערע חתונה־רינגלעך און מיין גוטן אַנצוג. האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז קיין לאָמבאַרד פאַר בגדים איז ניטאָ אין דאַנציג, און פאַר די חתונה־רינגלעך האָט מען געוואָלט געבן דריי טויזנט מאַרק, וואָס וואָלטן געקלעקט אויף צו קויפן צוויי לאַבנס ברויט. גיי איך מיר אַזוי צוריק אַ פאַריאושטער, און פּלוצעם רופט מיך עמעצער. איך דריי זיך אויס און דערזע אונדזערן אַ חבר פון קאַליש. ער גייט מיט צוויי שווערע וואַליזעס. האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר און איך בעט ביי אים אַ הלוואה, ענטפערט ער מיר, אַז אין דעם מאָמענט האָט ער ניט, אָבער אַז ער וועט פאַרקויפן די סחורות וועט ער מיר ברענגען געלט אַהיים. איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט און אים געגעבן דעם אַדרעס. אָבער דער חבר איז צו מיר ניט געקומען.

אויף אַלע מיינע ווענדונגען צו דער אַמעריקאַנער פאַרטיי, אַז מען זאָל שיקן געלט, האָב איך אַפילו קיין תשובה ניט באַקומען. מען האָט געשריבן וועגן אַ סך זאַכן, אָבער וועגן געלט קיין וואָרט ניט. נאָר איין מאָל, אַז איך בין געווען אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע (און ווען בין איך דאָרט ניט געווען אין אַזאַ לאַגע?), האָב איך באַקומען אַ בריוו פון ניו־יאָרק, פון פאַרטיי־סעקרעטאַר, ברוך אָסטראָווסקי, אַז דער צ. ק. וויל ניט שיקן קיין געלט, ווייל ער איז ניט מסכים מיט דער ליניע פון פאַרבאַנדס־ביוראָ.

פאָרנדיק אַזוי כמעט יעדע וואָך קיין פּוילן אַהין און צוריק האָב איך זיך ניט איין מאָל באַגעגנט מיט די זעלביקע מענטשן. און איך האָב שוין געקענט די קאָנטראַבאַנדיסטן. אַ מאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ יונג פּויליש מיידל, און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז אויך זי איז אַ קאָנטראַבאַנדיסטין, ווייל יעדעס מאָל האָב איך זי געזען מיט שווערע וואַליזעס. ניט איין מאָל אין באַן האָב איך געהאַט צוזאַמענשטויסן מיט פאַליאַקן, ווייל מיר פלעגן דורכפאָרן בידגאָשטש, און די פאַליאַקן פון דעם פּויזנער קרייז זענען געווען זייער שטאַרקע אַנטיסעמיטן. אויף איינער פון די נסיעות האָב איך גענומען מיט זיך מיין קלענערע טאָכטער, חנה, זי זאָל זיין צו גאַסט אַ פּאָר טעג ביי דער באָבען. אַטירלעך, בין איך געפאָרן מיטן דריטן קלאַס. די קליינע איז געלעגן לעבן וואַנט, און איך בין געזעסן לעבן איר. די קינדערישע פיסלעך האָבן געשטערט זיינעם אַ פאַליאַק, וואָס איז אַריין אין בידגאָשטש, און ער האָט געפאָדערט און מיר איך זאָל אויפוועקן די קליינע און אַנידערזעצן זי אויף מיינע קני, ווייל זי האָט דאָך ניט באַצאָלט פאַר אַ בילעט. און תיכף איז דער געשפּרעך אַריבער צו יידן, אָבער איך בין אים גאָרניט געבליבן שולדיק. עס איז

געשען אַ נס, וואָס דער ענין האָט זיך ניט פאַרענדיקט מיט קלעפּ. אָבער די קליינע איז געבליבן שלאָפן.

דאָס לעבן אין דאַנציג איז געווען שווער אויך צוליב אַן אַנדער סיבה. דאָס געלט אין דאַנציג איז געווען דייטשיש און איז אַדורך די גאַנצע אַנט־וויקלונג פון דער אינפלאַציע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין דייטשלאַנד אין יענע יאָרן. ערשט אָנהייב פון יאָר 1924 איז דאַנציג אַריבער צו אַן אייגענער וואַ־לוטע — דעם גולדן — אָבער ביז דאַן האָבן מיר געליטן ווי די גאַנצע ציווילע באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד. דאָס געלט — דער דייטשער מאַרק — פלעגט שרעקלעך פאַלן יעדן טאָג, און לכתחילה האָט די דייטשע רעגירונג געדרוקט יעדן טאָג ניי געלט. צום סוף איז איר נמאס געוואָרן צו דרוקן ניי געלט און מען האָט גענומען מיט ספּעציעלע שטעמפּלען אָפּשטעמפּלען דאָס אַלטע געלט און געבן אים אַזוי אַרום דעם נייעם ווערט. אַזוי איז אויף דעם פּאַפּירל פון טויזנט מאַרק דערשינען דער שטעמפּל, אַז דאָס איז צען טויזנט מאַרק, און שפּעטער, אַז דאָס איז הונדערט טויזנט מאַרק, און נאָך שפּעטער, אַז דאָס איז אַ האַלבער מיליאָן, ביז עס איז דערגאַנגען צו אַ מיליאַרד (ביליאָן), אין יאָר 1924 איז געווען די דעוואַלוּאַציע און אַ דאָלאַר איז דאַן געשטאַנען פיר מיל־יאַרד מיט צוויי הונדערט טויזנט מאַרק. דאָס האָט שטאַרק דענערווירט די באַפעלקערונג, ווייל מען האָט דאָך ניט געקענט וויסן פון יעדער זאַך יעדן טאָג. די פּרייזן זענען געשפּרונגען פון שעה צו שעה. און אַז איך פלעג באַקומען אַ דאָלאַר, האָב איך אים געביטן און אויסגעגעבן תיכף דאָס גאַנצע געלט, ווייל נאָך מיטאָג איז דאָס געלט שוין ניט ווערט געווען אַפילו אַ צענט חלק פון דעם ווערט פון אין דער פרי.

מען דאַרף דאָך געדענקען, אַז צאָפּאָט און דער גאַנצער פרייער געביט איז געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלער קוראָרט און אַז אַחוץ אינטערנאַציאָנאַלע אַוואַנטוריסטן פלעגן אַהער קומען אַ סך געסט, און זיי פלעגן קומען מיט פרעמדער וואַלוטע און פלעגן לעבן אַ לוקסוס־לעבן פאַר גראָשנס. די אָרטיקע באַפעלקערונג, וואָס האָט געהאַט אין האַנט נאָר דייטשע מאַרקן, האָט זיך געמוזט באַציִען צו די דאָזיקע פרעמדע טוריסטן, הגם מען האָט דאָך געלעבט פון זיי, מיט אַן אָפענער שנאה, און קודם כל האָט מען נאַטירלעך באַשולדיקט אין אַלע צרות נאָר די יידן. ווייל אמת איז, אַז אַ סך יידן האָבן געקויפט פאַר אַ קליינעם פּרייז אין דאָלאַרן די שענסטע הייזער אין דאַנציג און אין דער סביבה, און אַ גרויסער טייל פון גאַנצע גאַסן האָט געהערט צו יידן, אַפילו ניט קיין אָרטיקע, נאָר יידן עמיגראַנטן. בעצם איז דאָ געווען דער זעלביקער מצב ווי אין בערלין און אין כמעט אַלע שטעט אין דייטשלאַנד אין יענער צייט.

די דאָזיקע צווייייאָריקע תקופה, וואָס מיר האָבן געלעבט אין דאַנציג,

איז געווען די שרעקלעכסטע אין מיין פּריוואַטן לעבן. די סביבה פון אינטער־נאַציאָנאַלע אַוואַנטוריסטן, פון בורזשואַזיע, וואָס האָט געלעבט פון דער בערזע, פון עמיגראַנטן און זומער־געסט מיטן אַנטיסעמיטיזם אַרום, אָן פריינד און אָן חברים, אין נויט און אין הונגער — דאָס זענען עס געווען די באַדינגונגען פון אונדזער לעבן כמעט די גאַנצע צוויי יאָר.

איך האָב אויך געהאַט אַ שווערן פּראָבלעם מיט דער דערציִונג פון מיין עלטערער טאָכטער — עתליה. זי איז שוין אַלט געווען אַ יאָר 13, לכתחילה האָט זי געלערנט רוסיש, דאַן אין וואַרשע איז זי אַריבער צו דער פּוילישער שפּראַך, און אין ווין האָט זי געלערנט דייטש. אמת, דאָ איז ניט געווען קיין שוועריקייט מיט דער שפּראַך, ווייל זי האָט שוין גוט געקענט דייטש. אָבער איך האָב באַשיימפּערלעך געזען, אַז די דאָזיקע דאַנציגער אַסימילירטע סביבה ווירקט אויף איר זייער שלעכט. ווי גיט מען איר עפּעס פון נאַציאָנאַלער דערציִונג? עס זענען געווען אַ פּאָר יידישע שילערינס אין גימנאַזיע, אָבער דאָס זענען אַלץ געווען קינדער פון עמיגראַנטישע יידישע קאַפּיטאַליסטן. און ווען איך בין געווען אַזוי באַזאָרגט דערפון, איז געקומען צו מיר אַ מאָל עתליה און האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט געהערט, אַז דאָ איז דאָ עפּעס אַ גרופּע פון „השומר הצעיר״, זי האָט זיך באַגעגנט מיט איינער אַ חברטע. האָט זי מיך געפּרעגט, צי דערלויב איך איר אַריינצוטרעטן אין דער דאָזיקער גרופּע.

דעם אמת זאָגנדיק האָב איך צו יענער צייט זייער ווייניק געוווּסט וועגן דעם „השומר הצעיר״. אין רוסלאַנד האָב איך אַפילו ניט געהערט פון זיי, און אין פּוילן האָב איך זיך כמעט מיט זיי ניט געטראָפן. אין פּוילן האָבן מיר געהערט, אַז עס עקזיסטירן קליינע גרופּעס פון הכשרה פון „השומר הצעיר״. וועגן זייער טעאָריע האָבן מיר ניט געהערט קיין וואָרט, מיר האָבן געוווּסט נאָר איינס, אַז זיי בילדן אַ מין „עקסטעריטאָריאַלן אינדזל״ אין פּוילן, ווייל זיי האָבן זיך בכלל ניט אינטערעסירט מיט דעם, וואָס עס קומט פאָר אין פּוילן. דאָס לעבן אין פּוילן האָט זיי בכלל ניט אינטערעסירט. זיי האָבן געלעבט אַזוי ווי אין אַ פּוסטן חלל, זיי האָבן געהאַט נאָר איין צוועק — עולה זיין קיין ארץ־ישראל. זייער גייסטיק לעבן איז אונדז ניט געווען באַקאַנט. אין דער אמתן, זענען אויך די רעכטע „פּועלי־ציון״ געווען גאַנץ ווייט פון פּאָליטישן און ווירטשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן, אָבער זיי זענען דאָך אַדורך די דערציִונגס־שול ביי אונדז, און פון דער אַנדערער זייט, האָט די ווירקלעכקייט זיי דאָך געצווונגען אַנצוהייבן זיך צו אינטערעסירן מיטן אָרטיקן לעבן. בעל־כרחם האָבן זיי געמוזט אַ מאָל ענטפערן אויף די לעבנס־פראַגן פון אָרט און האָבן געמוזט שפּעטער אָנטיילנעמען אין די וואַלן אין די שטעט און שטעטלעך צו די מוני־ציפּאַליטעטן, הגם זיי האָבן געהאַט די באַרימטע טעאָריע, וואָס איך האָב שפּעטער

אַ סך וועגן איר געהערט אין ארץ־ישראל, אַז „איין קו אין משק איז אַ סך וויכטיקער ווי די וואַלן צו דער שטאַט־פאַרוואַלטונג אין קוטנע", אָבער דער „השומר הצעיר" האָט בכלל זיך ניט אַריינגעמישט אין גאָרניט.

אַחוץ דעם האָבן מיר געוווּסט, אַז די גרופּעס פון „השומר הצעיר" באַשטייען כמעט אָן אויסנאַם פון קינדער פון בירגערטום און פון דער אינטעליגענץ, און ספּעציעל פון די אַסימילאַטאָרישע קרייזן. נאַטירלעך איז עס געווען אַ פּאָזיטיווע און זייער אינטערעסאַנטע דערשיינונג, וואָס קינדער פון דעם בירגערטום און פון דער אינטעליגענץ פאַרלאָזן זייערע היימען און עלטערן און גייען אַריבער צו פיזישער אַרבעט, אָבער פון זייער אָפּשטאַמונג האָט אויך געשטאַמט זייער באַציִונג צו די מאַסן און צו אַרבעטער. פון אונטערבאַוווּסטזיין איז געווען ביי זיי קענטיק אַ מין ביטול־באַציִונג צו פּשוטע מענטשן, און ספּעציעל נאָך דערפאַר, וואָס זיי האָבן ניט געקענט די שפּראַך פון די פּשוטע מענטשן. זיי האָבן אין פּוילן און גאַליציע געקענט נאָר פּויליש, געלערנט נאַטירלעך העברעיִש, האָבן אָבער ניט געקענט און ניט געוואָלט קענען קיין יידיש, און דעריבער האָבן זיי ניט געהאַט קיין באַרירונגען מיטן פאָלק. זייער נאַציאָנאַליזם איז געווען אַ ריין טעאָרעטישער, און די דאָזיקע אָפּשטאַמונג זייערע, ווי איך זע עס איצט און האָב עס שוין געזען מיט יאָרן צוריק, האָט געלייגט אַ שטעמפּל אויף זייער גאַנצער אַנטוויקלונג אין משך פון צענדליקער יאָרן אין ארץ־ישראל. צוליב דעם אַלעמען איז מיר נישט שטאַרק געפעלן, וואָס מיין טאָכטער וועט אַריינגיין אין דער דאָזיקער אינטעליגענטישער, אסימילירטער גרופּע, וואָס איז אַזוי וויִיט פון פאָלק, פון זיינע זאָרגן און זיין טאָג־טעגלעכן לעבן, פון דער אַנדערער זייט אָבער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז נאָך אַלעמען איז אַ גרופּע פון „השומר הצעיר" אין דער דאַנציגער סביבה דאָך אַ פּאָזיטיווע דערשיינונג, און מיין טאָכטער קען דאָך באַקומען דאָרטן עפּעס פון נאַציאָנאַלער דערציִונג, זאָל עס זיין נאָר אויף אַ טעאָרעטישן אופן. דאָס איז דאָך לכל הדעות בעסער ווי די אַבסאָלוטע דייטשע אַסימילאַציע אין דער דאַנציגער שולע. האָב איך איר געזאָגט, אַז קודם כל דאַרף זי זיך דערוויסן, וואָס איז דער ציל פון דער דאָזיקער גרופּע, וואָס איז איר פּראָגראַם, און ווען זי וועט עס וויסן, וועלן מיר שפּעטער באַשליסן. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זי מיר דערציילט, אַז לויט דער טעאָריע פון „השומר הצעיר" טיילן זיך אַלע מענטשן אויף דריי גרופּעס: מענטשן, וואָס טראַכטן בכלל ניט, מענטשן, וואָס טראַכטן נאָר וועגן זיך, און מענטשן, וואָס טראַכטן אויך וועגן אַנדערע. זי האָט מיר דערציילט וועגן דער גימנאַסטיק, וואָס מען מאַכט אין דער גרופּע, וועגן די קרייזן און וועגן דער אינסטרוקטאָרין עמאַ. נאַטירלעך, האָב איך מסכים געווען צו איר אייגטריט אין דער גרופּע און איך האָב זיך פאַראינטערעסירט, וואָס מען טוט אין דער

גרופע. אַ געוויסע צייט שפּעטער האָב איך אין אַ געשפּרעך מיט מיין טאָכטער איר עפּעס געזאָגט, און זי האָט מיר געענטפערט, אַז דאָס איז ניט ריכטיק. האָב איך זיך שטאַרק פאַרוואונדערט, ווייל ביז דאַן בין איך ביי איר געווען אַ פולער אויטאָריטעט און דער פּוסק אַחרון און האָב זי געפרעגט, פאַר וואָס זי טראַכט, אַז דאָס וואָס איך האָב געזאָגט איז ניט ריכטיק. האָט זי מיר געענטפערט, אַז עמאַ האָט געזאָגט, אַז דאָס איז ניט ריכטיק, כ'האָב געפרעגט, ווער איז עס עמאַ און די תשובה איז געווען, אַז דאָס איז די אינסטרוקטאָרין און זי ווייסט אַלץ. איך האָב געזען, אַז מיין אויטאָריטעט פאַלט אין די אויגן פון מיין טאָכטער און איך האָב ניט געקענט שלום מאַכן דערמיט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז וואָס איך זאָל ניט זאָגן מיין טאָכטער, וועט עס ניט העלפן, ווייל דער אויטאָריטעט פון עמאַן איז העכער פאַר מיינעם. איך האָב דאַן געפרעגט מיין טאָכטער, ווי אַלט איז עמאַ, און וואָס פאַראַ בילדונג זי האָט. די תשובה איז געווען, אַז זי איז אַלט אַכצן יאָר און אַז זי האָט שוין געענדיקט די גימנאַזיע. האָב איך ווידער געפרעגט מיין טאָכטער, ווי מיינט זי, ווער ווייסט מער: עמאַ, וואָס איז אַלט 18 יאָר און געענדיקט נאָר גימנאַזיע, צי איך, וואָס איך בין אַלט שוין 38 יאָר און האָב געענדיקט ניט נאָר גימנאַזיע נאָר אויך צוויי פאַקולטעטן אין אוניווערזיטעט, נאַטורוויסנשאַפט און יוריספּרודענץ. דאַן האָט אויך מיין טאָכטער פאַרשטאַנען, אַז די תשובה איז אַ קלאָרע, און פון דאַן אָן האָב איך מיר צוריק דערוואָרבן דעם אויטאָריטעט אין די אויגן פון מיין טאָכטער.

סוף נאָוועמבער איז אין דאַנציג פאָרגעקומען דער פּלענום פון פאַרבאַנד־ביוראָ און דאָ האָבן מיר ווידער באַהאַנדלט אונדזערע באַציִונגען מיטן קאָמ־אינטערן, נאָך דעם ווי ער האָט אונדז דערקלערט קריג. עס איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע רעזאָלוציע:

„וועגן אַרבעטס־פּלאַן:

1. אַנטשפּרעכנדיק די אָנווייזונגען פון דער „עקסטער וועלט־קאָנפערענץ, דערקלערט דאָס ביוראָ פון וועלט־פאַרבאַנד „פּועלי־ציון״ זיין גרייטקייט צו באַנייען צו יעדער צייט דעם משא ומתן מיטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלן אָנשלוס פון פאַרבאַנד אויפן יסוד פון פּועלי־ציוניסטישן פּלאַן. דאָס ביוראָ זעט פאַר זיין פליכט אויסצונוצן יעדע געלעגנהייט צו באַנייען דעם משא ומתן מיט דער שטרעבונג, אַז ער וועט ערנסט באַהאַנדלען יעדן פאָרשלאַג פון קאָמאינטערן, וואָס וועט ניט שטיין אין סתירה מיט דעם באַשלוס פון דער וועלט־קאָנפערענץ און וועט אים איבערגעבן דער באַוועגונג צו באַשטימען.

2. „דער אַרבעטס־פּלאַן", וואָס איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן דורך די פאַר־שטייער פון קאָמאינטערן דעם ביוראָ פון וועלט־פאַרבאַנד, און וואָס איז אַגב ביז היינט געבליבן זייער פּערזענלעכער פאָרשלאָג אָן דער באַשטעטיקונג פון עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אינטערנאַציאָנאַל, שטייט אין בפירושער סתירה צו די באַשלוסן פון דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ. דאָס אָננעמען פון דעם פּלאַן וואָלט אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַ פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון אונדזער פּראָגראַם.

3. עס ווערט מער ניט דערלויבט קיין פרייער וויכוח וועגן פאָרשלאַג, וואָס שטייען אין סתירה מיטן פּועלי־ציוניסטישן פּראָגראַם. דעריבער באַשליסט דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ: א. אָפּשטעלן יעדן וויכוח וועגן „אַרבעטס־פּלאַן". ב. יעדער חבר, וואָס וועט עובר זיין אויף דעם פאַרבאָט, וועט אויסגעשלאָסן ווערן פון דער באַוועגונג.

דער קאַמף מיט די ליקווידאַטאָרן.

1. דאָס פּ. ב. שטעלט פעסט מיט באַדויערן, אַז געוויסע חברים פון צענטראַל־קאָמיטעט אין רוסלאַנד פאַרשפּרייטן אַ געפעלשטע אינפאָרמאַציע וועגן די אונטערהאַנדלונגען צווישן פאַרבאַנדס־ביוראָ און די פאָרשטייער פון קאָמ־אינטערן, און שטיצנדיק זיך אויף די פאַלשע ידיעות, פירן זיי אַן אַגיטאַציע פאַרן אָננעמען דעם „אַרבעטס־פּלאַן", אמת, מיט געוויסע אויסבעסערונגען. ניט געקוקט אויף די דערקלערונגען פון די דאָזיקע חברים, אַז זיי ווילן אָפּהיטן די דיסציפּלין פון וועלט־פאַרבאַנד, האָבן זיי דאָך אַליין מיט זייער טעטיקייט פאַרשפּרייט דעמאָראַליזאַציע אין דער רוסישער פּאַרטיי און זי געשעדיקט: די פאָדערונג פון אַ פאַריטעטן סעקרעטאַריאַט, די באַראַטונג פון איין טייל פון דער פּאַרטיי, דאָס צונויפרופן די קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי קעגן דעם ווילן פון דעם פאַרבאַנדס־ביוראָ, דאָס פאַרבינדן זיך מיט אַנדערע לאַנד־פּאַרטייען צו פירן דעם קאַמף קעגן דעם פאַרבאַנדס־ביוראָ.

דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ שטעלט פעסט, אַז די מערהייט פון צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס איז געווען באַפּולמעכטיקט פון פאַרבאַנדס־ביוראָ האָט אָפּגעהיט די באַשלוסן פון דער וועלט־קאָנפערענץ און זיך באַמיט אָפּצוהיטן די אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע און אידעאָלאָגישע אייניקייט פון דער פּאַרטיי. דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ איז מבטל אַלע באַשלוסן און די באַזונדערע מיינונגען פון אַלע פאַר־טייִשע אינסטיטוציעס, וואָס שטייען אין סתירה צו די באַשלוסן פון דעם וועלט־פאַרבאַנד.

2. דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ שטעלט פעסט:

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי, שטיצנדיק

זיך אויף די פאַלשע ידיעות וועגן די אונטערהאַנדלונגען צווישן פאַרבאַנדס־ביוראָ און די פאָרשטייער פון קאָמאינטערן, האָט גורם געווען דערצו, אַז די פּינפּטע קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי האָט אָנגענומען באַשלוסן, וואָס שטייען אין סתירה מיטן פּראָגראַם און מיט די אָרגאַניזאַציאָנעלע סטאַטוטן פון וועלט־פאַרבאַנד. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך ניט באַגנוגנט דערמיט, נאָר האָט אויך אויף זיין אייגענער האַנט געענדערט די באַפולמעכטיקונג, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן דורך דער קאָנפערענץ אויפן געביט פון די באַציִונגען מיטן וועלט־פאַרבאַנד, און צום סוף, אויפן סמך פון דער געפעלשטער באַפולמעכטיקונג, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט דערקלערט, אַז די פּאַרטיי טרעט אַרויס פון דעם וועלט־פאַרבאַנד.

אין ליכט פון דעם דאָזיקן פּאָליטישן פאַרברעך און פון דער פעלשונג פון דעם ווילן פון די חברים פון דער פּאַרטיי, ווענדט זיך דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ צו אַלע חברים פון דער יידישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי „פּועלי־ציון" אין ארץ־ישראל מיט דער פאָדערונג:

א. איבערצורייסן יעטוועדע באַציִונגען מיט דער גרופּע, וואָס האָט אויסגענוצט צום שלעכטן די קאָמפּעטענץ פון דער העכסטער פּאַרטייִישער אינסטאַנץ אין ארץ־ישראל, כדי צו פאַרראַטן די פּאַרטיי; ב. תיכף אויפצושטעלן אַן אָרגאַניזאַציע־צענטער און קאָנסאָלידירן אַרום אים אַלע חברים, וואָס זענען טריי דעם קאָמוניסטישן פּועלי־ציוניזם און וואַרפן זיך אונטער דער דיסציפּלין פון וועלט־פאַרבאַנד".

אָבער, צום באַדויערן, האָט די מינדערהייט זיך ניט אונטערגעוואָרפן און אַ פּאָר פּאַרטייען זענען דאַן אַרויס פון דעם וועלט־פאַרבאַנד: די רוסישע פּאַרטיי (י. ק. פּ.) און די טשעכישע, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין קאָמ־אינטערן און בעצם אין גאַנצן זיך אָפּגעזאָגט פון פּועלי־ציוניסטישן געדאַנק. די ערשטע האָט עס, אייגנטלעך, געטאָן די ארץ־ישראלדיקע פּאַרטיי. זי האָט אונדז מודיע געווען, אַז זי שיקט אַ שליח קיין מאָסקווע. מיר זענען געווען זיכער, אַז דער שליח וועט שטיצן אונדזערע פאָדערונגען און וועט דערמיט פאַר־לייכטערן אונדזער אַרבעט אין מאָסקווע. אָבער מיר האָבן געהאַט אַ ביטערן טעות. די חברים אין דער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי זענען געווען שטאָלץ דערמיט, וואָס זיי זענען עס די ארץ־ישראלדיקע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, און איך ווייס ניט, צי דאַן האָבן זיי שוין באַשטימט, אַז זיי זענען אַ טעריטאָריאַלע פּאַרטיי, אָבער ווי אַן אָרטיקע קאָמוניסטישע לאַנד־פּאַרטיי האָבן זיי געפילט זייער כוח, און דעריבער האָבן זיי אייגנטלעך ניט געהאַט קיין באַדערפעניש אָנצוהאַלטן פאַרבינדונגען מיטן פאַרבאַנדס־ביוראָ. פאַקטיש איז צווישן די

חברים פון דער פּאַרטיי ניט געווען קיין וויכטיקער איבערגעלייגטער מענטש, דאָס זענען אַלץ געווען יונגע בחורים מיט גרויסע אַמביציעס, ווי למשל גרשון דוא פון פוילן. און אין לעצטן מאָמענט האָבן זיי באַשטימט, אַז אויב דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל וועט ווייטער פאַר־לאַנגען זיי זאָלן איבעררייסן די פאַרבינדונג מיטן פאַרבאַנדס־ביוראָ פון „פּועלי־ציון", וועלן זיי אָננעמען אויך די דאָזיקע באַדינגונג. דאָס האָט מען באַשלאָסן, ווען דער שליח איז שוין געווען אויף דער שיף, אָבער די שיף איז נאָך געשטאַנען אין יפוער פּאָרט. האָט מען פון האַפן געשיקט אַ ספּעציעלן שליח מיט אַ שיפל צום שיף איבערצוגעבן דעם שליח נאָך מאָסקווע דעם דאָזיקן באַשלוס. וועגן דעם אַלעמען האָבן מיר זיך דערוווּסט שוין לאחר המעשה, נאָך דעם ווי אין מאָסקווע האָט דער ארץ־ישׂראלדיקער שליח דערקלערט, אַז אין נאָמען פון דער ארץ־ישׂראלדיקער פּאַרטיי נעמט ער אָן דעם תנאי פון דעם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און רייסט איבער די באַציִונגען מיטן פאַרבאַנדס־ביוראָ פון „פּועלי־ציון". אַזוי איז אַנטשטאַנען אין ארץ־ישׂראל די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אָנגערופן פּ. ק. פּ. (פּאַלעסטינער קאָמוניסטישע פּאַרטיי) און האָט אָנגעהויבן ענערגיש באַקעמפן יעדן חבר, וואָס האָט געהאַט פּועלי־ציוניסטישע אָנשויונגען. עס זענען דאַן געווען אַ סך גוטע אונדזערע חברים, אָבער זיי האָבן זיך אונטערגעוואָרפן דעם באַשלוס פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי און אַ פּאָר חדשים שפּעטער זענען זיי געוואָרן אמתע שונאים פון „פּועלי־ציון". אַ סך זענען געווען פון די, וואָס מיר האָבן זיי אין סוף פון יאָר 1921 אָדער אָנהייב 1922 געשיקט קיין ארץ־ישׂראל, אָבער אין משך פון אַ פּאָר חדשים זענען זיי געוואָרן גוטע פּעקאַפּיסטן.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אין ארץ־ישׂראל די גרופּע פון רעוווצקין, וואָס איז געווען געבונדן מיט די י. ס. ד. פּ. (פּ. צ.) אין ראַטן־פאַרבאַנד. די פּאַרטיי האָט אָרגאַניזירט אָדער, ריכטיקער, געוואָלט אָרגאַניזירן אַ באַזונדערע וועלט־באַוועגונג און צו דעם צוועק געשאַפן דעם אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט — אָ. ק.

נאָך אויף דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ האָבן מיר באַשלאָסן צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין ארץ־ישׂראל, אָבער מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער עיקר איז ניט אַ דעלעגאַציע, נאָר אַ שליח, וואָס זאָל בלייבן אין לאַנד און זאָל אָנהייבן בויען די פּאַרטיי פון דאָס ניי. דער ענין איז געוואָרן נאָך אַ סך אַקטועלער אין סוף פון יאָר 1922, ווען מיר זענען געבליבן אָן אַ פּאַרטיי אין ארץ־ישׂראל, און אין דער זעלבער צייט זענען שוין דאָרט געווען צוויי פּאַרטייען, איינע, וואָס איז אַריבער צום קאָמאינטערן און די צווייטע, די גרופּע פון רעוווצקין,

ביידע פון פּועלי־ציוניסטישער אָפּשטאַמונג. פּועלי־ציון גופא האָבן אָבער קיין אייגענע פּאַרטיי ניט געהאַט.

אויף דער זיצונג פון פּ. ב. אין נאָוועמבער 1922 האָבן מיר באַשלאָסן אונטערצואיילן דאָס אַרויספאָרן פון חבר ישראל וועשער קיין ארץ־ישראל. וועגן זיין נסיעה אַהין האָבן מיר געהאַט באַשלאָסן נאָך אין יוני נאָך דער קאָנפערענץ. אָבער מיר האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז אויב מען שיקט וועשערן, מוז מען אים געבן די גענוגנדיקע מאַטעריעלע מיטלען, כדי צו בויען די פּאַרטיי פון דאָס ניי און צו ווערבירן נייע חברים, אָדער אַפילו צו פּרווון ווירקן אויף די חברים פון ביידע גרופּעס אומצוקערן זיך צום וועלט־פאַרבאַנד.

צוזאַמען דערמיט, אין דער זעלבער צייט, האָבן מיר באַקומען די ידיעה, אַז די לאַגע אין דער עסטרייכישער פּאַרטיי איז זייער אַ שלעכטע. די מערהייט איז דאָרטן אַ ליקווידאַטאָרישע און די חברים וועלכע זענען טריי דער באַוועגונג, זענען אין דער קליינער מינדערהייט. דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ האָט באַשלאָסן, אַז איך זאָל אַרויספאָרן קיין ווין אין אָנהייב יאָר 1923.

בכלל, אין סוף פון יאָר 1922 און אָנהייב פון יאָר 1923, זענען מיר אַלע געווען באַשעפטיקט מיט דעם קאַמף קעגן די אייגענע ליקווידאַטאָרן ניט נאָר אין וועלט־מאַסשטאַב, נאָר אויך אין די ראַמען פון דער פּוילישער פּאַרטיי. אין אַ פּאָר שטעטלעך. אין מיינע באַזוכן אין די שטעט און שטעטלעך אין פּוילן האָב איך זיך ניט איין מאָל אָנגעשטויסן אויף ליקווידאַטאָרן און איך פלעג זיי תיכף אויפן אָרט אויסשליסן פון די אָרגאַניזאַציעס. אָבער על־פּי־רוב זענען עס געווען איינצלנע חברים. אָבער אין איין אָרט, דאָס איז געווען אין אָסטראָוויעץ האָב איך געהאַט אַ שטאַרקן קאַמף מיט אַ גאַנצער גרופּע ליקווידאַטאָרן, און צום סוף פון וויכוח האָב איך אויסגעשלאָסן פון דער אָרגאַניזאַציע אויף דער אייגענער האַנט עלף חברים. און איצט איז אויף מיין גורל אויסגעפאַלן דורכצופירן די דאָזיקע אָפּעראַציע אויך אין עסטרייך, אייגנטלעך נאָר אין דער שטאָט ווין. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין עסטרייך דורך בערלין, און אויפן צוריקוועג פון ווין פאָרן דורך פּאַריז, ווייל דאָרט האָבן מיר געהאַט ניט קיין שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פון אַ פּאָר צענדליק חברים, און הגם דאָרט איז ניט געווען קיין סכנה פון ליקווידאַציע, האָב איך דאָך געטראַכט אַ ביסל צו פאַרשטאַרקן די דאָרטיקע גרופּע און אפשר צו שאַפן אַ ביסל געלט.

אָנהייב 1923 בין איך אָנגעקומען קיין בערלין. די לאַגע אין בערלין איז געווען אַ שרעקלעכע: אַן אמתער תוהו ובוהו, הן אַ פּאָליטישער, הן אַן עקאָנאָמישער. עס איז מיר שווער געווען זיך צו אָריענטירן אין די באַדינגונגען פון דער פּאָליטישער אונטערדריקונג, פון עקאָנאָמישן חורבן און פון דער שרעק־לעכער אינפלאַציע. דאָ אין בערלין האָב איך באַגעגנט מיין חבר מאָריס לאַזער־

סאָן, מיט וועלכן מיר האָבן אַ מאָל צוזאַמען געהאַלטן די עקסטערן־עקזאַמענס אין דאָרפּאַט (יוריעוו). ער האָט שוין אַ לענגערע צייט פאַרלאָזן די אַרבעט ביי דער ראַטן־מאַכט — עמיגרירט קיין בערלין און דאָ געעפנט אַ געשעפט פון ביכער. דאָס האָט אויסגעזען זייער מאָדנע אין מיינע אויגן, אָבער ער האָט מיר דערציילט אַ סך זאַכן און סיבות, פאַר וואָס ער האָט ניט געקענט ממשיך זיין די אַרבעט ביי דער ראַטן־מאַכט. איך האָב אַ ביסל דערציילט וועגן מיין לעבן, און ער האָט געוואָלט אויף מיר משפיע זיין, איך זאָל פאַרלאָזן די פּאַרטיי־אַרבעט און אַריבערפאָרן קיין בערלין, ווו ער וועט מיר לאָזן אָנפירן מיט זיין ביכער־געשעפט. צוגעזאָגט האָט ער מיר הרים וגבעות.

## בערלין־ווין־גענף־פּאַריז

פון בערלין בין איך געפאָרן קיין ווין. דער עיקר פון מיין אויפגאַבע איז געווען אויפצוקלערן די שטעלונג פון דער עסטרייכישער פּאַרטיי אין דער פראַגע פון דער באַציִונג צום קאָמאינטערן, און אויב עס וועט קלאָר ווערן, אַז די פּאַרטיי איז ליקווידאַטאָריש געשטימט, אויסצושליסן זי פון דער וועלט־באַוועגונג. אָבער צוזאַמען דערמיט איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ צווייטע אויפגאַבע, אַ זייער דעליקאַטע, און דאָס איז געווען בנוגע געלט־מיטלען. די פּאַרטיי אין ווין האָט געהאַט אַ גרויס אייגנטום. קודם כל האָט זי געהאַט אַ קאָנסום־פּאַראיין, וואָס האָט אַריינגעטראָגן גרויסע רווחים, מיר האָבן געוווּסט אַז דעם קאָנסום־פּאַראיין קען מען ניט אָנרירן, ווייל קיין מזומן געלט האָבן זיי ניט, און אַגב האָבן מיר גוט פאַרשטאַנען, אַז רעכענענדיק זיך מיט די קעגנזייטיקע באַציִונגען, וועלן זיי אונדז קיין געלט ניט געבן. אָבער אין ווין איז געווען נאָך אַ קאָאָפּעראַטיוו, אַ פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוו פון שניידער, וואָס האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו אַרבעטן. עס זענען איבערגעבליבן די מאַשינען, וואָס זענען אין זיינער צייט געקויפט געוואָרן פון די מיטלען, וואָס די פּאַרטיי האָט באַקומען פון דזשאָינט, און עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף מיר אַרויסצובאַקומען די מאַשינען און זיי צו פאַרקויפן. דאָס געלט איז באַשטימט געוואָרן פאַר וועשערס רייזע. דאָס האָט געדאַרפט זיין דער פאָנד אויף צו גרינדן די נייע פּאַרטיי אין ארץ־ישראל.

דער קבלת־פּנים אין ווין איז געווען זייער אַ קאַלטער. צום גליק איז דאָרט געווען אונדזערער אַ חבר, מיינס אַ גוטער פריינד, קאַנדל, אַן אַלטער חבר און זייער אַן אָרנטלעכער מענטש. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז אויך געווען אַ ליקווידאַטאָר, האָט אָבער זיין אָרנטלעכקייט אים ניט דער־לויבט ווי עס איז מיך אָפּצונאַרן. איך האָב נאַטירלעך אָנגעהויבן פון דעם ענין

מיט די מאַשינען. און אַ דאַנק קאַנדלס הילף איז מיר געלונגען צו פאַרקויפן די מאַשינען אין משך פון צוויי טעג. איך האָב באַקומען אַ גרויסע סומע, מער ווי דריי הונדערט דאָלאַר. די דאָזיקע סומע האָבן מיר איבערגעגעבן דעם חבר וועשער, וועלכער איז בערך אין חודש מערץ אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

אינטערעסאַנט איז דער גורל פון דעם חבר קאַנדל. ווי אַ קאָמוניסט איז ער שפּעטער געפאָרן קיין מאָסקווע. דאָרט האָט ער געאַרבעט אין דער רעגירונג, גוט זיך אויסגעלערנט רוסיש, חתונה געהאַט מיט אַ רוסישער פרוי און געלעבט אַ גליקלעך לעבן, אָבער מיט אַ מאָל האָט ער באַקומען אַ פאַראָרדענונג פון דער מאַכט צו פאַרלאָזן מאָסקווע, ווייל ער איז אַן אויסלענדער, און מען האָט אים אַפילו ניט דערלויבט מיטצונעמען זיין פרוי. איך האָב זיך באַגעגנט מיט אים אין דעצעמבער 1935 אין פאַריז. ער האָט זיך זייער שטאַרק געקלאָגט פאַר מיר אויף זיין ביטערן מזל, ער האָט מיר אַגב דערציילט, אַז ער האָט געשריבן אַ סך בריוו צו סטאַלינען און געבעטן מען זאָל אַרויסלאָזן זיין פרוי, און באַטיר־לעך האָט ער קיין תשובה ניט באַקומען. ער איז געשטאָרבן אין פאַריז נאָך פאַר דער מלחמה.

נאָכן דערליידיקן די געלט־טראַנזאַקציע האָב איך אָנגעהויבן אויפקלערן די שטעלונג פון דער פאַרטיי. מיר זענען געזעסן אויף אַ פּאָר זיצונגען, און פאַר מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז די פאַרטיי אין עסטרייך האָט ניט נאָר שוין לאַנג מוותר געווען אויף דעם באַרימטן עסטרייכישן פּראָגראַם, נאָר זי האָט שוין באַשלאָסן, אַז דאָס פאַרבאַנדס־ביוראָ דאַרף אָננעמען דעם „אַרבעטס־פּלאַן". נאָך דעם ווי מען האָט מיר אָפיציעל איבערגעגעבן דעם דאָזיקן באַשלוס, האָב איך מודיע געווען אויף דער זיצונג דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי, אַז אויפן סמך פון דער באַפולמעכטיקונג פונעם פאַרבאַנדס־ביוראָ שליס איך אויס די פאַרטיי פון דער וועלט־באַוועגונג.

אין אָוונט איז פאָרגעקומען אַ פאַרטיי־פאַרזאַמלונג אין קלוב פון דער פאַרטיי אין דער בלומאַער גאַסע. איך האָב נאָך געפּרוּווט גיין צו דער פאַר־זאַמלונג, אָבער לעבן דער טיר איז געשטאַנען אַ חבר פון פוילן מיטן נאָמען דאָרן. ער האָט פאַרשטעלט פאַר מיר די טיר און האָט מיר דערקלערט, אַז ער האָט אָנווייזונגען מיך ניט אַריינצולאָזן. איך האָב אים נאָר געזאָגט, אַז איך בין זיכער, אַז עס וועט קומען אַ מאָל דער טאָג, וואָס ער וועט פאַרשטיין ווי אומ־גערעכט ער איז און ער וועט שטאַרק חרטה האָבן אויף דעם פאַל, אָבער דאַן וועט שוין זיין צו שפּעט ניט נאָר פאַר מיר, נאָר אויך פאַר אים.

פון ווין בין איך געפאָרן קיין פאַריז. אין באַן האָב איך זיך באַפריינדעט מיט אַ יידישן סטודענט פון אונגאַרן. ער איז געפאָרן לערנען אין דער שווייץ, קיין ציריך. מיר זענען אָנגעקומען קיין ציריך אין אָוונט, און דער סטודענט

האָט מיך געבעטן צו פֿאַרברענגען מיט אים נאָך די נאַכט אין ציריך. איך האָב מיט אַכצן יאָר פֿריער געלערנט אין ציריך און מיר איז געווען אינטערעסאַנט צו זען צי עס זענען אין דער שטאָט פֿאָרגעקומען געוויסע ענדערונגען. האָב איך מסכּים געווען. מײַן יונגער פֿרײַנד האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַ פֿרײַנד אין ציריך, בײַ וועמען מיר וועלן קענען בײדע איבערנעכטיקן. מיר זענען אָנגעקומען צום הויז פֿון דעם פֿרײַנד און האָבן אָנגעקלונגען. האָט אונדז געעפֿנט די אונטערשטע טיר אַ שכן, געפֿרעגט וואָס מיר ווילן. דער סטודענט האָט אים דערקלערט, אַז דאָ וווינען זײַנע פֿרײַנד. דער שכן האָט געזאָגט, אַז זײַנע פֿרײַנד זענען אַוועקגעפֿאָרן אויף זומער־וווינונג. אָבער אַזוי ווי ער פֿאַרשטייט, אַז מיר זענען פֿרעמדע אין דער שטאָט, ווײַל מיר זענען דאָך נאָר וואָס אָנגעקומען מיט דער באַן, בעט ער אונדז אָנטאָן אים דעם כּבֿוד און זיך אָפּשטעלן בײַ אים, אָבער ער בעט אונדז אַנטשולדיקונג, דערפֿאַר, וואָס קיין פּידזשאַמעס וועט ער אונדז ניט קענען געבן, ווײַל זײַן פֿרוי איז אַוועקגעפֿאָרן און צוגענומען דעם שליסל פֿון שאַנק. צוזאַמען דערמיט, האָט ער אונדז פֿאָרגעשלאָגן, אַז אַזוי ווי מיר ווילן מן הסתּם זען די שטאָט, און מיר וועלן דאָך קומען שפּעט, גיט ער אונדז דעם שליסל פֿון דער דירה. דער זייגער איז געווען בערך האַלב צען. מיר האָבן זייער שטאַרק באַדאַנקט דעם שווייצער פֿאַר זײַן גאַסט־פֿרײַנטלעכקייט און באַשלאָסן זי ניט אויסצונוצן. אָבער ניט איין מאָל אין לעבן דערמאָן איך זיך דעם דאָזיקן פֿאַקט און טראַכט, אין וועלכן לאַנד אין דער וועלט וואָלט אַ מענטש אײַנגעלאַדן צו זיך אַהיים פֿרעמדע מענטשן און נאָך געגעבן זיי דעם שליסל פֿון הויז. נאָר די שווייצער וואָס האָבן ניט דורכגעמאַכט ניט קיין מלחמות און ניט קיין רעוואָלוציעס האָבן געקענט בלײַבן אַזוי נאַיִוו אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און זענען אַגבֿ פֿון אַ העלדישן פֿאָלק פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין משך פֿון אַ הונדערט פֿופֿציק יאָר אין אַ שטיל און אַ שטאַרק פֿיליסטעריש פֿאָלק.

אויף מאָרגן בין איך אָנגעקומען קיין גענף. דאָ האָבן מיר געהאַט אַ פּאָר חבֿרים, צווישן זיי דעם חבֿר לייב פּאָלינסקי (זײַן שפּעטערדיקער פּסעוודאָנים „משה") וואָס איך האָב אים שוין דערמאָנט אין ערשטן בוך. דעם לעצטן מאָל האָב איך זיך מיט אים געטראָפֿן זומער־צײַט פֿון יאָר 1952. ער איז אין משך פֿון די צענדליקער יאָרן געווען דער לעבעדיקער גייסט פֿון דער אָרגאַניזאַציע אין דער שווייץ. אין די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען דער פֿאַרבינדער צווישן אונדזערע אָרגאַניזאַציעס אין דער וועלט־באַוועגונג, געהאָלפֿן אַ סך די פֿראַנצויזישע חבֿרים, וואָס זענען אָנגעקומען קיין שווייץ און געווען אין די לאַגערן. אַ גוטער און געטרײַער חבֿר ביזן טויט, אויסגעהאָדעוועט אַ משפּחה פֿון צוויי זין און אַ טאָכטער, וואָס זענען אַלע אין ארץ־

ישראל. זיין פרוי, וואָס איז אים געווען אַ געטרייע חברטע דאָס גאַנצע לעבן, איז נאָך זיין טויט געקומען קיין ארץ־ישׂראל און דאָ געשטאָרבן. פּאַלינסקי איז געשטאָרבן מיט אַ פּלוצעמדיקן טויט, געפאַלן אויפן גאַס ניט ווייט פון זיין דירה אין געגנף אין יאָר 1952.

אין געגנף האָב איך געהאַט אַ פּאָר זיצונגען מיט די חברים. דאָ האָב איך אויך געטראָפן אַן אַלטע חברטע פון אונדזער פּרינציפּיעלער קאָמיסיע פון וואַרשע אין יאָר 1906 — די חברטע אסתר אסטערמאַן. זי איז נאָך געווען אַ חברטע, אָבער פּאַלינסקי האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז אָנגעשטעקט מיט ליק־ווידאַציע. און באמת, אַ קורצע צייט שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז זי האָט פאַרלאָזן די גרופּע „פּועלי־ציון" אין דער שווייץ, איז אַריבער גלייך צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אַ ביסל שפּעטער אַוועקגעפאָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד.

פון דער שווייץ בין איך געקומען קיין פּאַריז. צום ערשטן מאָל בין איך געווען אין דער שיינער שטאָט. די שטאָט האָט געמאַכט אויף מיר אַ געוואַלדיקן רושם. איך בין ניט געווען צוגעווינט צו אַזעלכע ברייטע שיינע גאַסן, צו אַזעלכע דענקמאָלן און צו אַזעלכע פּלעצער, למשל, ווי דער פּלאַץ פון לאַ קאָנקאָרד, אָדער צו אַזעלכע אַלייען ווי די שאַנז־עליזעי. איך האָב באַזוכט דעם פּאַנטעאָן, דעם לוווּר, כ'האָב געזען דאָס בילד פון דער דזשיאָקאָנדאַ, וואָס מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט מען עס געהאַט אַרויסגעגנבעט פון לוווּר, און שפּעטער צוריק אָפּגעגעבן. איך בין ווי אַלע מאָל באַצויבערט געוואָרן פון איר שמייכל, און אפשר איז עס געווען אַ סוגעסטיע. איך האָב זיך באַמיט צו זען אַלע היסטאָרישע ערטער אין דער דאָזיקער היסטאָרישער שטאָט. כ'האָב אויך באַזוכט ווערסאַל. אָבער פאַרוווּנדערט האָט מיך אין פּאַריז דער פאַקט, וואָס דער פלירט שטייט דאָ אויפן ערשטן אָרט. עס טראָגט זיך אין שטאָט אַ ריח פון „ליבע". צום ערשטן מאָל אין לעבן האָב איך געזען, אַז פּאָרלעך זאָלן זיך קושן אין מיטן גאַס, און דאָס איז געווען נאָך וווּנדערבאַרער, וואָס קיינער באַמערקט דאָ ניט דעם דאָזיקן פאַקט...

אויף דער באַן־סטאַציע האָט מיך אָפּגעוואַרט דער סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע, דער חבר עפּשטיין. איך האָב אים ביז דאַן ניט געקענט. דאָס איז געווען שוין ניט קיין יונגער מענטש, אַן אינטעליגענטער, אַ בעל־משפּחה מיט צוויי טעכטער. איך האָב געוווינט ביי אים, און דעריבער האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו דערקענען אַ ביסל דאָס משפּחה־לעבן אין פּאַריז. איך האָב דאָ געהאַט אַ פּאָר זיצונגען מיט די חברים און אַן עפנטלעכן פאָרטראַג. דאָ האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיטן חבר רעקיס (אַן אינזשעניער, דער שוואָגער פון יצחקי, — יצחקיס שוועסטער ציפּורה איז געווען די פרוי פון

רעקיסן, ער איז געווען אַ חבר פון דער י. ס. ד. „פּועלי־ציון" אין רוסלאַנד. ער האָט אָרגאַניזירט אין פּאַריז אַ קליינע גרופּע חברים, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דעם אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט פון רעוווצקין).

מיין רעפעראַט אין פּאַריז איז געווען געווידמעט דער פראַגע פון דער אינטעליגענץ, וואָס איך האָב זיך אינטערעסירט מיט איר שוין לאַנג. איך האָב זיך געשאַפן אַ גאַנצע טעאָריע וועגן דער אינטעליגענץ, וועגן איר באַציִונג צו די מאַסן און צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. די טעאָריע האָט מיך געבראַכט צו געוויסע אויספירן, וואָס איך האָב זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זיי ביזן היינטיקן טאָג. און דווקא שפּעטער, אין ארץ־ישראל, ווען איך האָב דערקענט נענטער די באַוועגונג פון „החלוץ" און „השומר הצעיר", האָב איך זיך איבערצייגט, אַז מיינע געדאַנקען וועגן דער אינטעליגענץ, וואָס איך האָב אַרויסגעבראַכט צום ערשטן מאָל אין דעם דאָזיקן פאָרטראַג אין פּאַריז, זענען געווען ריכטיקע.

## צוריק אין דאַנציג

כ'האָב זיך אומגעקערט פון פּאַריז קיין דאַנציג. כ'האָב דאָס געלט תיכּף איבערגעפירט קיין וואַרשע און אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ישראל וועשער אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. אָבער צו אונדזער גרויסן באַדויערן האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה פון וועשערן נאָך זיין אָנקומען קיין ארץ־ישראל, אַז דאָס געלט האָט מען ביי אים צוגענומען, ווען ער איז אַראָפּ פון דער שיף אין יפוער פּאָרט. אין לאַנד זענען שוין געווען אַ פּאָר אַקטיווע חברים. צווישן זיי שמואל טייכמאַן פון ראַדאָם. אַלס יונגער בחור איז ער געווען אַ חבר אין פּ. פּ. ס. און פאַר־משפט געוואָרן צו קאַטאָרזשנע אַרבעט אין אָריאָל, ווו ער איז אָפּגעזעסן בערך אַ צען יאָר און איז באַפרייט געוואָרן בעת דער רעוואָלוציע. ער איז געווען אין ארץ־ישראל איינער פון די ערשטע אַרבעטער אין דער תל־אביבער שטאָט־פאַרוואַלטונג און שפּעטער, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז ער געווען דער פאַרוואַלטער פון אונדזער געזעלשאַפט צו בויען הייזער „מעונות פּועלים". ער איז געשטאָרבן אין תל־אביב אין יאָר 1955. אויף דעם חבר טייכמאַן צוזאַמען מיטן חבר וועשער האָבן מיר עס אַרויפגעלייגט די אויפגאַבע צו שאַפן די פּאַרטיי „פּועלי־ציון" פון דאָס ניי, ווייל מיר האָבן פאַרלוירן ביידע פּאַרטייען. איינע איז געווען די פּ. ק. פּ. און די צווייטע איז געווען רעוווצקיס גרופּע.

מיר האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז כדי אויפצושטעלן אַ נייע פּאַרטיי אין ארץ־ישראל איז ניט גענוג צו שיקן אַהין אַקטיוויסטן צו אָרגאַניזירן די פּאַרטיי. מען מוז זאָרגן אַז עס זאָל זיין וועמען צו אָרגאַניזירן. מיר האָבן אָרגאַניזירט גרופּעס חברים אין פּוילן צו עליה. עס האָבן ניט געפעלט קיין חברים פון די

קליינע שטעט און שטעטלעך, וואָס האָבן געוואָלט עולה זיין, אָבער מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף דעם פאַקט, אַז אונדזערע חברים, ווי מען פלעגט זיך נאָך דערוויסן אין פּאַלעסטינע־אַמט, אַז זיי זענען לינקע „פּועלי־ציון״, האָט מען זיי ניט געגעבן קיין סערטיפיקאַטן. אין וואַרשע האָט זיך דער פּאַליסטינאַ־אַמט געפונען אויף דער מאַריאַנסקע גאַס. דאָרט זענען געזעסן פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען, וואָס זענען געווען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און דער דאָזיקער פּאַלעסטינע־אַמט האָט ניט געוואָלט געבן קיין סערטיפיקאַטן אונדזערע חברים, מאָטיווירנדיק עס דערמיט, וואָס מיר האָבן ניט אָנגעהערט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן אָנגעהויבן פירן אַן אַקטיוון קאַמף פאַר אונדזער אַריינטריט אין פּאַלעסטינע־אַמט, אָבער מיט פאַרשיידענע תירוצים האָט דער פּאַלעסטינע־אַמט אין וואַרשע ניט געוואָלט אַרייננעמען אונדזערע פאָרשטייער אין אַמט. מיר האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם אויף עפנט־לעכע פאַרזאַמלונגען און אין דער פּרעסע, אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן. דעריבער איז געקומען דערצו, אַז די עליה פון אונדזערע חברים איז געווען זייער אַ באַגרענעצטע און איך מוז דאָ שטאַרק אונטערשטרייכן, אַז די אַלע טענות צו אונדז, וואָס אונדזערע חברים זענען ניט עולה, זענען געווען צביעות־דיקע, ספּעציעל מצד די רעכטע „פּועלי־ציון״: זיי אַליין האָבן ניט געלאָזן אונדזערע חברים עולה זיין און שפּעטער אויסגענוצט עס קעגן אונדז. דאָס איז אפשר געווען איינע פון די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען דערצו, אַז מיר זאָלן אָנטייל נעמען אין דער קאָנפערענץ פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, וואָס איז פאָרגעקומען אין קאַרלסבאַד אין יאָר 1923, לויט דער איניציאַטיוו פון דעם ועד־הפועל פון דער הסתדרות.

סוף יאָר 1922 און אָנהייב פון יאָר 1923 האָט דער דזשאָינט געטאָן אַ גרויסע אַרבעט אין פּוילן. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן דריי בענדער מיט סטאַטיסטישע ציפערן וועגן דעם פאַך־צוזאַמענשטעל פון דער יידישער באַפעל־קערונג אין פּוילן. אין די דאָזיקע דריי בענדער איז געווען אַ קאָלאָסאַלער מאַטעריאַל, און איך האָב דאַן געווידמעט אין אונדזער פּוילישער פּרעסע אַ צען אַרטיקלען די דאָזיקע ציפערן, און אויפן סמך פון זיי דערוויזן די ריכטיקייט פון אונדזער פּועלי־ציוניסטישער טעאָריע. איך האָב אויך געשריבן אַ סך אַרטיקלען וועגן ארץ־ישראל, וואָס האָבן געדינט פאַר אַ דערציִונגס־מאַטעריאַל פאַר אונדזער באַוועגונג אין פּוילן און אויך אין אַנדערע לענדער.

אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט האָב איך געווידמעט דער הסתדרות הכללית און די באַציִונגען צווישן איר און דער פּאַרטיי „אחדות העבודה״. און דעם 13טן אַפּריל 1923 האָב איך אין „אַרבעטער בלאַט״ געשריבן אַן אַרטיקל, וואָס דערקלערט אונדזער באַציִונג צו דער „אחדות העבודה״ און דער הסתדרות.

מיר זענען דאָך אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אויף דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און דעריבער האָבן מיר ניט געקענט פאַרשטיין דעם מישמאַש אין דער זאַך אין דער הסתדרות. און פון דער אַנדערער זייט האָבן מיר שוין געהאַט פאַר זיך די דערפאַרונג פון דעם ראַטן־פאַרבאַנד, דעריבער זענען מיר געקומען צום אויספיר, אַז דער עצם פּרינציפּ: אַרבעטער, וואָס לעבן פון אייגענער אַרבעט און עקספּלאָאַטירן ניט די אַרבעט פון צווייטן, קענען געהערן צו דער הסתדרות — איז אַ ריכטיקער פּרינציפּ. קלאָר, אַז די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג מוז זיין געבונדן מיט דער פּאָליטישער פּאַרטיי, כדי זי זאָל ניט אַוועקגיין אויף צעכיסטישע וועגן. אָבער זי מוז האָבן איר אויטאָנאָמיע. אָט דער דאָזיקער ענין איז געוואָרן מיט אַ יאָר צוויי־דריי שפּעטער אין ארץ־ישראל איינער פון די שטרייט־פּונקטן צווישן אונדז און דער גרופּע פון יצחקי אין דער פּאַרטיי. די דאָזיקע גרופּע איז באַשטאַנען פון פּועלי־ציון, וואָס זענען געוואָרן פּועלי־ציון אין ארץ־ישראל און האָבן ניט דורכגעמאַכט אונדזער גאַנצן פריערדיקן וועג. זייער פּועלי־ציוניזם איז געקומען נאָר פון דער אָפּאָזיציע צו מפא״י און קיין דערפאַרונג אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג האָבן זיי ניט געהאַט, ווייל זיי זענען געוואָרן סאָציאַליסטן ערשט אין ארץ־ישראל. זיי האָבן פאַרשטאַנען דעם ענין נאָר טעאָרעטיש און דעריבער האָבן זיי שפּעטער אין דער פּאַרטיי געטענהט, אַז די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט מוז אין גאַנצן אָפּגעטיילט ווערן פון דער הסתדרות, אָדער, ווי זיי האָבן עס פאָרמולירט, אַז עס דאַרפן זיין צוויי הסתדרותן: איינע פאַר אַלגעמיינע ענינים, און איינע פאַר פּראָפעסיאָנעלע ענינים. בשעתו האָבן מיר געפאָדערט אָפּטיילן די פונקציעס (הפרדת הפונקציות), אָבער די העכסטע אויפזיכט און דער העכסטער אָרגאַן פון דער באַוועגונג בלייבט די הסתדרות. איך וועל זיך נאַטירלעך מוזן אומקערן צום דאָזיקן ענין אין דריטן בוך.

אין יאָר 1923 האָט מען אָנגעהויבן מערקן געוויסע נייע ווענדונגען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאַרן דרייצנטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכער האָט געדאַרפט אין יענעם יאָר פאָרקומען אין קאַרלסבאַד. הגם מיר זענען ניט געווען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן מיר אָבער נאָכגעפאָלגט די אַנטוויקלונג אין איר, און ספּעציעל האָבן מיר דאָך געהאַט דעם גרויסן אינטערעס בנוגע דער ענגלישער פּאָליטיק אין לאַנד, מיט וועלכער עס זענען געווען געבונדן די שטרעבונגען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. די ענגלישע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל איז געווען איינע פון די טעמעס, וואָס איז ניט אַראָפּגעגאַנגען פון די צייטונגס־בלעטער. איך האָב אין דער פּראַגע געשריבן אַ פּאָר אַרטיקלען אין אונדזער פּרעסע אין די חדשים יולי־סעפּטעמבער 1923.

# דער דרייצנטער ציוניסטישער קאָנגרעס און די קאָנפערענץ פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל אין קאַרלסבאַד

די הסתדרות האָט פאַררופן אַ קאָנפערענץ פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל דעם 18טן אויגוסט אין קאַרלסבאַד, דאָרט ווו עס האָט געדאַרפט פאָרקומען דער דרייצנטער קאָנגרעס. אונדזער פאַרבאַנדס־ביוראָ האָט באַשלאָסן אָנטייל צו נעמען אין דער דאָזיקער קאָנפערענץ; איינע פון די סיבות דערצו איז געווען דער צושטאַנד פון איזאָלאַציע אין וועלכן מיר האָבן זיך געפונען אין צוזאַמענ־האַנג מיט דער עליה פון אונדזערע חברים קיין ארץ־ישראל, וועגן וואָס איך האָב פריער דערמאָנט. אָבער די עיקרדיקע סיבה פון אונדזער אָנטייל איז געווען דאָס שטרעבן צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער און פון באַענטע צו זיי קרייזן, וואָס זאָל קענען צוטרעטן צו זעלבשטענדיקער אַרבעט אויפן ארץ־ישראל־געביט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז זרבבל און איך זאָלן פאָר־שטעלן אונדזער פאַרבאַנד אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ. צוזאַמען דערמיט איז אויף אונדז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע צו זיין באַאָבאַכטער אויפן 13טן קאָנגרעס, כדי מיר זאָלן קאָנען שפּעטער אָפּגעבן אַ דין וחשבון פון קאָנגרעס.

איך בין געפאָרן פון דאַנציג קיין קאַרלסבאַד דורך בערלין. די דעמאָלטיקע לאַגע אין בערלין איז באמת געווען אַ תוהו ובוהו. אַ פולשטענדיקע דעזאָר־גאַניזאַציע אין דער אינדוסטריע און טראַנספּאָרט, אין טאָג־טעגלעכן לעבן. די אינפלאַציע האָט דערגרייכט איר קולמינאַציע־פּונקט, יעדן אויגנבליק זענען די פּרייזן געשטיגן. קיין קליינגעלט איז ניט געווען, אומעטום האָט מען גע־מוזט צאָלן קיילעכדיקע סומעס, אַ סך מער, ווי דער פּרייז איז געווען, ווייל עס איז ניט געווען קיין רעשט, אָדער מען האָט געזאָגט, אַז עס איז ניטאָ קיין רעשט. די באַנען זענען געגאַנגען ניט ווי עס איז געווען פאָרגעזען אין פאָר־פּלאַן. אין די רעגירונגס־אַמטן האָט יעדער באַאַמטער געטאָן וואָס ער האָט בעוואָלט, און בכלל דער אַלגעמיינער איינדרוק איז געווען, אַז דייטשלאַנד שטייט פאַר דער רעוואָלוציע.

מיט גרויסע שוועריקייטן בין איך אַרויסגעפאָרן פון בערלין און אָנגעקומען קיין קאַרלסבאַד. צוזאַמען מיט זרבבלען זענען מיר געזעסן אויפן קאָנגרעס צווישן דער פּרעסע. פאַר מיר איז דער אָנטייל אין קאָנגרעס געווען אַ געשעעניש, ווייל פון יאָר 1907, ד. ה. אין משך פון 16 יאָר בין איך אויף די קאָנגרעסן ניט געווען: פון 8טן ביז דעם 13טן. פאַר מיר איז אַלץ געווען ניי, איך האָב זיך באַמיט אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך געווען, צו רעדן מיט מענטשן און צו פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר.

צוזאַמען מיט אונדז, צווישן די זשורנאַליסטן, איז געזעסן אויך אורי צבי גרינבערג. איך האָב אים געקענט נאָך פון וואַרשע, ווו מיר האָבן זיך באַ־פריינדעט. איך האָב דאָ ניט בדעה צו געבן קיין אָפּשאַצונג פון זיינע לידער, אָבער אורי צבי גרינבערג איז דאַן געווען אַ רעוואָלוציאָנערער פּאָעט, מיט אַ ברוויזנדיקן טעמפּעראַמענט. די אומצופרידנקייט פון אַלץ און אַלעמען איז געווען ביי אים בולט ביי יעדן שריט און טריט. ער איז געווען אַ גוטער ציוניסט, און צוליב זיין אומצופרידנקייט און רעוואָלוציאָנערישקייט איז ער געווען זייער נאָענט צו אונדז, לינקע פּועלי ציון. די פריינדשאַפט צווישן אונדז איז געווען גרויס, און איך האָב אַ מאָל פאָרגעלייענט אים אַ פּאָר פון מיינע לידער, וואָס איך האָב געשריבן אין יענער תקופה, און וואָס האָבן קיין מאָל ניט געזען די ליכטיקע שיין. איך האָב קיין מאָל קיינעם ניט דערציילט וועגן מיין פּרווו אויפן געביט פון פּאָעזיע, און בלויז אורי צבי האָט געוווסט דערפון. מיינע לידער זענען אים אַפילו געפעלן געוואָרן און ער האָט מיר געגעבן סמיכה. אַגב האָב איך אין יענער תקופה אויך געפּרווווט מיינע כוחות אויפן געביט פון בעלעטריסטיק איך האָב אָנגעשריבן אַ גרויסע דערציילונג, וואָס איך האָב נאָך באַוויזן אין ארץ־ישראל אין יאָר 1920 ברענערן, און אַ צווייטע דערציילונג „דער פּראָוואַ־קאַטאָר״, וועלכע איך האָב פאָרגעלייענט כאַשינען. ביידע האָבן מיר געזאָגט, אַז איך האָב פעיִקייטן, אָבער ניט געקוקט דערויף האָב איך זיך מער ניט פאַר־נומען ניט מיט פּאָעזיע און ניט מיט בעלעטריסטיק, און די לידער און דער־ציילונגען זענען געבליבן עד היום אין מיין אַרכיוו.

מיר האָבן מיט אורי צבי אַ סך שפּאַצירט אין קאַרלסבאַד און גערעדט וועגן אַ סך ענינים, אָבער איך מוז מודה זיין, אַז אין אַ יאָר צוויי אַרום האָט ניט נאָר אויפגעהערט אונדזער פריינדשאַפט, נאָר מיר האָבן בכלל אויפגעהערט צו ריידן צווישן זיך, און דאָס האָט געדויערט ביז צו דער ערשטער כנסת, ווו מיר האָבן זיך ביידע געטראָפן ווי אירע מיטגלידער. די סיבה דערפון איז געווען זיין מאמר אין דער אויסגאַבע „סדן״, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין ארץ־ישראל אין יאָר 1925. ער האָט דאָרט געשריבן, אַז מען דאַרף ניט געבן קיין וויזעס די לינקע „פּועלי־ציון״ צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. אין יענער צייט האָט אים זיין רעוואָלוציאָנערער טעמפּעראַמענט שוין געהאַט דערפירט ביז די רעוויזיאָניסטן.

צו דעם קאָנגרעס איז געקומען אויך נחמן סירקין פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אַ מאָל בין איך אַדורך פאַרביי דער געביידע פון קאָנגרעס־זאַל, און פון די טרעפּ איז ממש אַראָפּגעשפּרונגען סירקין, רויט ווי אַ בוריק, מיט צע־שויבערטע האָר. איך האָב אים געפרעגט וואָס עס האָט פּאַסירט, האָט ער מיר

אַ זאָג געטאָן: „אויך איר זייט אַן עם הארץ, אָבער איר קענט לכל הפחות די שוואַרצע פינטעלעך, אָבער מיט מיינע חברים קען מען גאָרניט ריידן".

אין די „אַרבעטער פראַגן" פון 5טן אָקטאָבער האָב איך געשריבן וועגן קאָנגרעס: דער קאָנגרעס איז אַדורך ווי מען האָט זיך געקענט לייכט לכתחילה פאָרשטעלן, אין דעם קאַמף צווישן די פּראַקטישע „אויסגעניכטערטע" מענטשן און די סענטימענטאַלע, נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיקער. אָבער איידער מיר ווען איבערגיין צו דער דאָזיקער גרונט־פראַגע פון קאָנגרעס, איז כדאי זיך אַ ביסל אָפּצושטעלן אויף די פערסאָנעלע מאָמענטן, וואָס זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן דורך ווייצמאַנען, וואָס האָט יעדעס מאָל געוואָרפן דעם גט אין פנים אַריין, אויב עמעצער איז מיט אים ניט מסכים געווען אָדער געהאַט דעם מוט צו פאַרטיידיקן זיין אייגענע מיינונג.

די פירערשאַפט איז אַ קללה פון יעדער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג, הן פון דער בירגערלעכער, הן פון דער פּראָלעטאַרישער. די דעמאָראַליזאַציע פון דער מאַכט ווירקט אַזוי שטאַרק, אַז אַפילו די בעסטע מענטשן קענען זיך איר ניט קעגנשטעלן. די מענטשן זענען אָפט מאָל איבערגעגעבן דער באַוועגונג בלב ונפש, אָבער ווען זיי דערגרייכן צו ווערן פירער, הייבט זיך אָן ביי זיי צו פאַרדרייען דער קאָפּ פון דער אייגענער גדלות, וואָס פאַרשטעלט פאַר זיי די באַוועגונג. „דער שטאַט — דאָס בין איך". דאָס איז אָפט מאָל דער הויפּט־געדאַנק ביי די פירער. מען קען אפשר פאַרשטיין פּסיכאָלאָגיש, אַז מענטשן, וואָס גיבן אַלץ אָפּ דער באַוועגונג, הייבן אָן אָנשטאָט צו אידענטיפיצירן זיך מיט דער באַוועגונג צו אידענטיפיצירן די באַוועגונג מיט זיך, און דאַן קומט פאַר די מוראדיקע ירידה פון די אָנערקענטע פירער. ווייל דער פירער זעט דעם דערפאָלג פון דער באַוועגונג נאָר אין דעם, וואָס ער וויל, נאָר אין דער פאַר־ווירקלעכונג פון זיין אייגענעם געדאַנק. דאָס ווערט פאַר אים טייערער ווי די באַוועגונג אַליין. ער געוווינט זיך צו צו באַפעלן און קען שוין ניט פאָלגן אַנדערע, און ווען דער ענין דערגייט צום סיכסוך צווישן אים און צווישן דער באַוועגונג, דער מערהייט אין איר, דאַן ווערט די באַוועגונג אַ כפרה, אויב זי גייט ניט אין די וועגן פון פירער. דאָ קומט די גייסטיקע ירידה פון מענטשן, וואָס זענען געווען אַ מאָל איבערגעגעבענע אידעאַליסטן.

אין דער געזעלשאַפטלעכער בירגערלעכער באַוועגונג איז די דאָזיקע ירידה פון די פירער אַ סך אַ שנעלערע און אַ סך אַ טיפערע. אין דער בירגער־לעכער באַוועגונג איז בכלל דאָ ווייניקער אידעאַליזם, ווי אין דער פּראָלע־טאַרישער, ווייל דאָס אָנטיילנעמען אין דער בירגערלעכער באַוועגונג פאָדערט ווייניקער קרבנות ווי די אָנגעהעריקייט צו דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. און פון דער אַנדערער זייט איז דער עולם אין דער בירגערלעכער באַוועגונג

ווייניקער אַקטיוו ווי דער עולם אין דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. די אַרבעט פון די פירער אין דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג איז שטענדיק באַזירט אויף דעם אַקטיוון אָנטייל פון די מאַסן, — די אַקציעס מוזן אַלע מאָל זיין מאַסן־אַקציעס. אין דער בירגערלעכער באַוועגונג איז די טעטיקייט אַלע מאָל פון די פירער, זיי פירן אָן און רעאַליזירן אַליין די אַרבעטן מיט דער שטיל־שווייגנדיקער הסכמה פון דעם פּאַרטיי־עולם. ווי פאַרשיידן עס זאָלן ניט זיין אַ מאָל די אַקטיוויטעטן אין דער בירגערלעכער באַוועגונג — ווי למשל אין דער מאָנאַר־כיסטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד, ווערט די אַרבעט שטענדיק געמאַכט דורך אַ גרופּע מענטשן — דער ברייטער עולם שטייט אין אַ זייט און קוקט זיך צו מיט הנאה. צום בעסטן זעט מען עס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג: די טאַטן ווערן געמאַכט און רעאַליזירט דורך די פירער — די מאַסן דאַרפן נאָר העלפן מיט געלט. דער ציוניסטישער עולם האָט ניט קיין אַרבעט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. דער אידעאַליזם אין דער באַוועגונג קען זיין גרויס, אָבער ער איז ניט געבונדן מיט קרבנות פון דעם יחיד, אַחוץ דער באַשטייערונג. די אָפּגעריסנקייט פון די פירער פון דעם ברייטן עולם איז דאָ אַ סך בולטער און דאָ ווערט אויך אַ סך בולטער דער גרויסקייט־שגעון פון דעם פירער. דעריבער האָט ער, דער דרייצנטער ציוניסטישער קאָנגרעס געגעבן אַזאַ טרויע־ריק בילד פון דער זעלבסטהערשאַפט פון ווייצמאַנען.

וואָס זענען געווען די סיבות, וואָס דער ציוניסטישער עולם איז געווען אַזוי נאָכגיביק און געגאַנגען אויף הנחות? פאַר וואָס האָט מען אַזוי מורא געהאַט, אַז ווייצמאַן וועט אַוועקגיין? דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל ראשית האָבן אַלע געפילט, אַז די אָפּיציעלע פּאָליטישע ליניע פון דער ציוניסטישער פירערשאַפט האָט באַנקראָטירט, הן די מענטשן פון „עת לבנות", הן די מענטשן פון „על המשמר". קיינער פון דיביידע צדדים האָט ניט געקענט אָנווייזן אויף קיין שום אויסוועג, און עס איז געווען נאָר איין אויסוועג, פון וועלכן עס האָט געהאַלטן ווייצמאַן. זאָל זיין, אַז דאָס איז אַ שלעכטער אויסוועג, אָבער דאָך אַן אויסוועג — עס איז דאָ אַ מענטש, וואָס נעמט אויף זיך צו פירן ווייטער די באַוועגונג און זאָגט צו אַרויסצופירן דעם וואָגן פון דער בלאָטע, וואָס ער אַליין האָט אים אין איר אַריינגעשלעפּט. קיין אַנדערער מענטש איז ניטאָ. און דעריבער מוז מען אים פאָלגן. (די מענטשן פון „על המשמר" וואָלטן זיכער אַ סך געטראַכט איידער זיי וואָלטן גענומען אויף זיך די אָנפירונג). והשנית, אויב אויפן קאָנגרעס איז ניט געווען קיין איין איינציקער מענטש, וואָס האָט גע־צווייפלט אין דעם באַנקראָט פון דער ענגלישער אָריענטאַציע, האָט אָבער קיינער ניט אָנגעוויזן קיין אַנדערע אָריענטאַציע. ווייצמאַן האָט מיט זיך פאַר־קערפּערט די ענגלישע אָריענטאַציע — אָפּזאָגן זיך פון ווייצמאַנען וואָלט געהייסן

אָפן דעקלאַרירן פֿאַר דער ענגלישער רעגירונג דעם פּראָטעסט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע קעגן איר אַנטי־יידישער פּאָליטיק. צו דעם שריט איז דער ציוניסטישער עולם ניט געווען גרייט. ווייצמאַן האָט דאָס אַלץ גוט געוווסט און דעריבער האָט ער מיט אַלע זיינע כוחות געדריקט, און ער האָט מנצח געווען.

וואָס איז אייגנטלעך געווען דער פּרינציפּיעלער אינהאַלט פון דעם וויכוח צווישן „עת לבנות" און „על המשמר"?

בעצם איז עס די איבערחזרונג פון דעם קאַמף, וואָס ווערט געפירט אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט אין אַ ברייטערן און טיפערן פאַרנעם. אָבער אַ דאַנק די באַשטימטע אייגנשאַפטן פון דעם בירגערלעכן עולם, האָט דער קאַמף דאָ אָנגענומען גאָר אַן אַנדער פאָרעם.

דער אַלטער וויכוח אין די פּועלי־ציון־רייען צווישן די מאַרקסיסטן און די רעפאָרמיסטן איז באַשטאַנען דערין, וואָס פֿאַר די ערשטע איז דער ארץ־ישראל־געדאַנק געווען די לייזונג פון דער יידישער אַרבעטער־פּראַגע — דער יידישער אַרבעטער־קלאַס איז דער סוביעקט, ארץ־ישראל איז דאָס מיטל. פֿאַר די רעפאָרמיסטן איז ארץ־ישראל געוואָרן דער ציל, און דער יידישער אַרבעטער קלאַס איז דאָס מיטל. פֿאַר די ערשטע איז דער פּועלי־ציוניזם אַ פּאָליטישע באַוועגונג מיט דעם ארץ־ישראל־געדאַנק אין צענטער, פֿאַר די צווייטע איז דער פּועלי־ציוניזם אַ מיטל, ווי צו בויען ארץ־ישראל. דעריבער האָבן די מאַרקסיסטן געבילדעט אַ פּאָליטישע באַוועגונג און די רעפאָרמיסטן זענען אַ פּאַרטיי פֿאַר ארץ־ישראל.

דער זעלביקער קאַמף איז פאָרגעקומען אויפן קאָנגרעס. פֿאַר די ווייצמאַניסטן איז ארץ־ישראל דער ציל, און די גאַנצע ציוניסטישע באַוועגונג איז אַ מיטל צו בויען ארץ־ישראל, און אַז די ציוניסטישע באַוועגונג האָט באַוויזן, אַז זי קען עס ניט טאָן, זוכן די ווייצמאַניסטן אַנדערע פאַרבינדעטע, זאָלן עס זיין אַפילו פּריוואַטע מענטשן. עס איז דאָך וויכטיק דער ציל, און ניט די מיטלען. איצט, ווען עס איז בולט געוואָרן דער באַנקראָט פון דער פּאָליטישער ליניע, ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דער מאַנדאַט האָט ניט געשאַפן קיין בייע מעגלעכקייטן, ווען די באַוועגונג אַליין גיט ווייניק געלט, ווען דער קרן היסוד האָט ניט אַריינגעבראַכט די סומעס, וואָס ער האָט געדאַרפט שאַפן, מוז מען שטעלן דעם דגש אויף דער עקאָנאָמישער אַרבעט און נעמען געלט ווו עס לאָזט זיך נאָר — דאָס זעלבע טוט „אחדות העבודה" — געלט שמעקט ניט, בקיצור „עת לבנות".

אָבער די גרינבוימיסטן האַלטן דעם ציוניזם פֿאַר אַ פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס דאַרף לייזן דאָס יידישע פּראָבלעם. פֿאַר זיי איז עס אַן איבער־קלאַסן־

באַוועגונג — זיי זוכן ניט אין איר דעם קלאַסן־אינטערעס — און פאַר זיי איז ארץ־ישראל נאָר אַ מיטל צו לייזן די יידישע פראַגע. זיי זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אויפגעהויבן די פאָן פון „קעגנוואַרטס־אַרבעט", פון די פּאָליטישע פּראָגראַמען פאַרן גלות — און פאַר זיי איז פּסול דער געדאַנק צו צוציִען פּריוואַטע געזעלשאַפטן און פּערזאָנען — ביזנעס־לייט צו דער פּאָליטישער באַוועגונג. און זיי שטייען אויף דער וואַך פון אַלטע פּרינציפּן — „על המשמר". דער דאָזיקער קאַמף אין דער ציוניסטישער בירגערלעכער וועלט האָט זיך געמוזט פאַרענדיקן אַנדערש, ווי אין דער ציוניסטיש־פּראָלעטאַרישער וועלט. דאָ האָט געזיגט דער „עת לבנות" (און ווי עס זאָלן זיך ניט טרייסטן די מענטשן פון „ראַזסוויעט", אַז ווייצמאַן האָט כלומרשט מסכים געווען צו דער הנחה, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון די פּריוואַטע פּערזענלעכקייטן און בלייבט נאָר מיט די געזעלשאַפטן, וועט עס ניט העלפן) — ווייצמאַן האָט געזיגט אויפן גאַנצן פראָנט און דאָ קומען מיר נאָך אַ מאָל צו דעם אונטערשייד צווישן דער בירגערלעכער פּאָליטישער פּאַרטיי און דער פּראָלעטאַרישער. די ערשטע איז ווייניקער אַקטיוו און ספּעציעל אין די ספּעציפיש יידישע באַדינגונגען — זי איז ניט געווינט צום טאָג־טעגלעכן קאַמף, ווייל די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט אַלס פּאָליטישע קערפּערשאַפט נאָר צען טעג אין משך פון צוויי יאָר — אין דער צייט פון קאָנגרעס, — און נאָך דעם ווערט זי פאַרוואַנדלט אין אַ צאָל פון שקל־צאָלער, וואָס האָבן צווישן זיך קיין פאַרבינדונג ניט, דאָרט אַלזאָ איז דער יסוד פון דער פּאַרטיי דער שקל און ניט דאָס פּראַקטישע, ניט דער געדאַנקען־פּראָגראַם, וואָס פאַר אים דאַרף מען ברענגען קרבנות יעדן טאָג — דאָרט איז ניטאָ קיין אָרט פאַר אַ פּאָליטישער פּאַרטיי. דער פּאַלעס־טיניזם פון דער ציוניסטישער באַוועגונג איז דער חובבי־ציוניזם פאַר די „חובבי ציון" און דאָס „ותחזינה עינינו בשובך לציון" פאַר די אַלע גוטע און פרומע יידן. דאָס האָט פאַרפליכטעט צוויי מאָל אַ יאָר צו שרייען „לשנה הבאה בירושלים" און אויסקויפן דעם שקל. פאַר דער דאָזיקער באַוועגונג, וואָס דער קלאַסן־מאָמענט אירער ליגט טיף, טיף, און דערגרייכט ניט צו דעם באַוווסטזיין פון די מיט־גלידער — פאַר דער דאָזיקער באַוועגונג פּאַסט לחלוטין ניט די שטעלונג פון גרינבוימען, וואָס האָט געוואָלט אַרייַנטראָגן אין דער בירגערלעכער וועלט דעם אידעאַליזם, וואָס איז נאָר מעגלעך ביים פּראָלעטאַריאַט, און גרינבוים האָט געמוזט באַזיגט ווערן.

יעדער אידעאַליזם פאָדערט קרבנות. וואָס קען מקריב זיין דער פּראָלע־טאַריער? נאָר דאָס, וואָס ער האָט: דאָס לעבן זיינס. וואָס קען מקריב זיין דער בורזשואַ? נאָר דאָס וואָס ער האָט — זיין געלט. אָבער דאָס לעבן קען מען ניט אָפּטיילן פון זיין טרעגער, דאָס געלט קען מען יאָ אָפּטיילן פון דעם

טרעגער זיינעם, מען קען געלט קריגן אויך פון אַנדערע קוועלן, דעריבער איז דער שקל־צאָלער גרייט צו צוציִען צו זיך די גאַנצע וועלט, כדי ער זאָל דאַרפן געבן ווייניקער. דער פּראָלעטאַריער גיט זיין לעבן, און דעריבער אויפן פּראָ־לעטאַרישן געביט זיגט דער פּועלי־ציוניזם, ווי אַ פּאָליטישע באַוועגונג. דער פּראָלעטאַריער איז מקריב דעם מאַקסימום און וויל דערגרייכן דעם מאַקסימום — די לייזונג פון דער גאַנצער פּראַגע, און דעריבער איז פאַר אים ארץ־ישראל נאָר אַ מיטל צום ציל.

דעריבער אויך גייען אין גלות אַראָפּ ביסלעכווייז פון דער אַרענע די רעכטע „פּועלי־ציון" — זיי ווערן אַלץ מער און מער דער אַפּענדיקס פון ארץ־ישראל און פאַר ארץ־ישראל, און דעריבער וואַקסט בהדרגהדיק ביי זיי די השפּעה פון זייער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי די „אחדות העבודה".

דאָס איז די סיבה, וואָס אויך אויפן קאָנגרעס גייט די „אחדות העבודה" בראש פון די רעכטע, און זיי, די פּראָלעטאַרישע פון „עת לבנות", מוזן אין האַרצן שטיצן די בירגערלעכע מענטשן פון „עת לבנות", ווייל זיי מוזן באַקומען פון זיי געלט — און די ביודזשעטן פאַר די אַרבעטער־אינסטיטוציעס אין ארץ־ישראל. דאָס איז דער קריטעריום פון זייער פּאָליטיק אויפן קאָנגרעס, זיי אינטע־רעסירן זיך גאָרניט מיט דעם גאַנצן שטורעם אויפן קאָנגרעס, זיי זיצן אין דער ביודזשעט־קאָמיסיע און קריגן זיך וועגן זייערע ביודזשעטן. אָבער געלט גיט מען ניט בחינם. איך גיב, כדי איך דו זאָלסט געבן עפּעס, אַקעגן דעם איז דער פּרינציפּ פון וויצמאַנען, און דעריבער מוזן די מענטשן פון „פּועלי־ציון" זיין די פּשרה־מאַכער'ס אויפן קאָנגרעס, דעריבער מוזן זיי שטימען פאַרן אַבסאָלוטאָריום פון אַקציאָנס־קאָמיטעט, דעריבער מוזן זיי שווייגן, ווען מען דעקלאַרירט פון דער קאָנגרעס־בימה וועגן דער הייליקייט פון שבת, דעריבער מוזן זיי שווייגן, ווען „מזרחי" פירט אַ פּאָליטישן אויסגעהאַלטענעם קאַמף כדי צו צעברעכן די אַרבעטער־רייען און שאַפן אַ באַזונדערע קראַנקן־קאַסע פאַרן „הפּועל המזרחי", און דעריבער מוזן זיי זיין די אָפּאָזיציע פון זיין מאַיעסטעט אָבער ניט קעגן זיין מאַיעסטעט — וויצמאַן.

דער דרייצנטער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט זיך טאַקע פאַרענדיקט מיט דעם נצחון פון וויצמאַנען און פון דעם אַרבעטער־פליגל, וואָס האָט אים אונטערשטיצט, אָבער די פירערשאַפט פון דעם אַרבעטער־פליגל האָט געפילט, ווי פּראָבלעמאַטיש איז אָט דער „אַרבעטער־נצחון", פאַר וועלכן מען דאַרף צאָלן אַ טייערן פּרייז פון פּשרות מיטן בירגערטום.

די „פּועלי־ציון" האָבן זיך שוין כמעט אָפּגעזאָגט פון דעם אוטאָפּיסטישן געדאַנק, אַז די אַרבעטער און דעמאָקראַטישע עלעמענטן קענען אַ מאָל באַ־קומען די מערהייט, זיי האָבן זיך שוין איבערצייגט, אַז דאָס איז אַן אילוזיע,

און לויט אונדזער מיינונג אַ שעדלעכע אילוזיע. אָבער זיי טראַכטן נאָך וועגן אַ צווייטער אילוזיע — אַז כדי אויסצונוצן דאָס געלט פון דעם בירגערטום, מוזן זיי זיין די שבת־גויים אויפן קאָנגרעס; דער דרייצנטער קאָנגרעס און די לאַגע אין ארץ־ישראל הייבן אָן איבערצייגן די רעכטע „פועלי־ציון״, אַז דער כוח פון אַרבעטער־קלאַס איז ניט אין קאָנגרעס — דאָרט עקזיסטירט ער לחלוטין ניט — נאָר אין לאַנד, דאָרט איז דער שווער־פונקט, דאָרט איז די אַכילעס־פּיאַטע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און נאָר דאָרט דאַרף דער אַרבעטער־קלאַס דריקן.

אָט פאַר וואָס ס׳איז שוין מיט אַ צייט פריער רייף געוואָרן אין דער הסתדרות דער געדאַנק, אַז מען מוז פּרובירן שאַפן אַ נייעם כוח, דעם כוח פון די אַרבעטער־פּאַרטייען און די נאָענטע צו זיי קרייזן, כדי מען זאָל קענען זיך שפּעטער שטיצן אויף דער דאָזיקער קערפּערשאַפט.

די קאָנפערענץ פון דעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל האָט זיך געעפנט מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון צוויי טעג, דעם 20סטן אויגוסט, ווייל מען האָט זי ניט געקענט עפענען אין דער צייט פון די קאָנגרעס־זיצונגען. די קאָנפערענץ האָט געעפנט יוסף שפּרינצאַק און דעם גרונט־רעפעראַט האָט געהאַלטן בערל קאַ־צענעלסאָן.ביידע האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז דער ציל פון דער דאָזיקער קאָנ־פערענץ איז צו באַקומען הילף פאַר די אַרבעטער־אינסטיטוציעס אין לאַנד, רעכענענדיק זיך מיטן קריזיס. ביז איצט האָבן די אַרבעטער באַקומען הילף נאָר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און איצט דאַרפן קומען צו הילף אַלע פּאַרטייען, וואָס אָנערקענען די אַלגעמיינע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע די הסתדרות.

הגם מיר האָבן געוווּסט וועגן דער לאַגע און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די אַלגעמיינע הסתדרות בייטיקט זיך אין הילף, איז אָבער פאַר אונדז געווען וויכטיק די פראַגע, וואָס איז די פאַרבינדונג צווישן די יידישע אַרבעטער אין לאַנד און אין אויסלאַנד. לויט אונדזער מיינונג איז די אַרבעט אין ארץ־ישראל ניט נאָר אַן ענין פאַר די יידישע אַרבעטער, וואָס געפינען זיך דאָרט אין דעם אויגנבליק, נאָר דאָס איז אַן ענין פאַרן גאַנצן יידישן אַרבעטער־קלאַס, ווייל ער זעט אין ארץ־ישראל די לייזונג פון דער פראַגע אין איר גאַנצן פאַרנעם, און דעריבער האָט ער אויך דאָס רעכט אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג וועגן דעם אופן און פאָרעם פון דער אַרבעט אין לאַנד, ווייל נאָר דאַן קען מען פאָדערן פון אים הילף, ווען מען באַטייליקט אים אין אַרויסזאָגן זיין מיינונג. אַנדערש איז די פאָדערונג פון הילף אין גאַנצן ניט באַגרינדעט. דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון אונדזער וויכוח במשך פון אַ פאַר טעג, דער וויכוח פון די פאַרשטייער פון אונדזער פאַרבאַנדס־ביוראָ צוזאַמען מיטן א. ק. פון רעוווּצקין, פון איין זייט, מיט די איבעריקע פּאַרטייען פון דער אַנדערער. נאַטירלעך האָט מען אין דער

דאָזיקער פראַגע ניט געקענט קומען צו קיין פאַרשטענדעניש. אָבער די מיינונגס־פאַרשיידנהייט האָט זיך אויסגעדריקט דאָ כמעט אין צוגאַנג צו אַלע ענינים, וואָס זענען געשטאַנען אויפן סדר־היום. ווייל אין תוך האָט אונדזער צוגאַנג געשטאַמט פון דעם אויסגאַנגס־פּונקט — די אינטערעסן פון דעם אַלוועלטלעכן יידישן אַרבעטער־קלאַס. דער אויסגאַנגס־פּונקט פון די רעכטע איז געווען די לאַגע אין ארץ־ישראל.

און דערפאַר האָבן זיי געוואָלט שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל העלפן דער הסתדרות אויף אַלע אַרבעטס־געביטן. מיר האָבן געטענהט, אַז דערצו קענען מיר ניט מסכים זיין, ווייל עס זענען דאָ אַזעלכע אַרבעטס־געביטן פון דער הסתדרות, וואָס מיר זענען ניט מסכים צו דעם אופן ווי די אַרבעט ווערט דאָרט געטאָן. מיר האָבן בכן געפאָדערט, אַז דער ציל פון דער אָרגאַניזאַציע זאָל זיין הילף פאַר דער עקאָנאָמישער אַרבעט, אָבער ניט פאַר דער פּאָליטישער און קולטורעלער. אַזוי איז אויך אָנגענומען געוואָרן.

אַלע איבעריקע פּאַרטייען האָבן געפאָדערט אַז די אַרבעט פון די פּאַרטייען אין גלות אויף דעם דאָזיקן געביט זאָל זיין אַ געאייניקטע. מיר האָבן זיך קעגן דעם קעגנגעשטעלט, מחמת מיר האָבן ניט געקענט מסכים זיין, אַז אויף דעם געביט זאָלן מיר אַ גאַנץ יאָר אַרבעטן צוזאַמען, און אין דער זעלבער צייט וועלן מיר באַקעמפן איינער דעם אַנדערן טאָג־טעגלעך אויפן פּאָליטישן געביט. דעריבער האָבן מיר פאָרגעשלאָגן נאָר אַן איינהייט אין צענטער, ד. ה. אַז יעדע פּאַרטיי אַרבעט אויף איר אייגענער אַחריות, און אַלע מיטלען זאַמלען זיך אין איין אָרט — אין צענטער, וואָס דאָרט וועלן זיצן די פאַרשטייער פון אַלע פּאַרטייען.

עס איז נאָך פאָרגעקומען אַ וויכוח צווישן אונדז וועגן דער אָנגע־העריקייט אין דער נייער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן געפאָדערט, אַז נאָר פּראָ־לעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס אָנערקענען די זעלבשטענדיקע אַרבעט פאַר ארץ־ישראל, קענען געהערן צו דער אָרגאַניזאַציע. די מערהייט האָט געטענהט, אַז די זעלבשטענדיקע אַרבעט איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, און מען דאַרף ניט אַריינפירן דעם פּרינציפּ, אָבער צו דער נייער אָרגאַניזאַציע קענען געהערן אויך ניט־פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס. און מיר זענען געווען געצווונגען מסכים זיין דערצו, ווייל אונדזער ציל איז געווען צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון זעלבשטענדיקער אַרבעט פאַר ארץ־ישראל.

איין מאָל איז פאָרגעקומען אַ שטורמישער וויכוח, וואָס האָט שיער ניט געבראַכט צו אַ קריזיס. ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם פאָרשלאָג פון די רעכטע פּועלי־ציון, וועגן דעם פּאַלעסטינער אַרבעטער־פאָנד (קפא"י — פּ. אַ. פ.) מיר האָבן בכלל געהאַט טענות צו די רעכטע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן

פאַנד. דער דאַזיקער פאַנד איז געשאַפן געוואָרן דורך דער גאַנצער באַוועגונג נאָך פאַר דער שפּאַלטונג אין יאָר 1920, אָבער נאָך דער שפּאַלטונג האָבן די רעכטע פאַרכאַפּט דעם פאָנד, ווייל ער איז געווען אין זייערע הענט. די רעכטע „פּועלי־ציון" האָבן פאַרגעשלאָגן, אַז דער דאָזיקער פאָנד, וואָס לויטן באַשלוס פון זייער לעצטער קאָנפערענץ איז ער אַ בשותפותדיקער צווישן זיי און דער הסתדרות, זאָל ווערן דער פאָנד פון דער נייער אָרגאַניזאַציע נאָר אויף איין יאָר, און שפּעטער וועט מען ווידער אַ מאָל באַשליסן. מיר האָבן ניט געקענט אָננעמען דעם דאָזיקן פּראָוויזאָריום, ווייל מיר האָבן געטענהט: אָדער — אָדער: אָדער מיר נעמען אָן דעם פּ. אַ. פּ. אַלס דעם צענטראַלן פאָנד פון דעם אַר־בעטנדיקן ארץ־ישראל, אָדער מיר שאַפן אַ נייעם צענטראַלן פאָנד.

דער וויכוח איז געווען אַ שטורמישער און די זיצונג האָט געדויערט כמעט די גאַנצע נאַכט. עס איז מיר פאַרבליבן אין זכרון איין מאָמענט. ס'איז שוין געווען אַ זייגער דריי ביי נאַכט, איך בין געווען זייער מיד און האָב זיך אַ ביסל צוגעלייגט אויף דער סאָפע, וואָס איז געשטאַנען אין צימער. איך בין איינגעדרימלט געוואָרן. פּלוצעם האָב איך זיך אויפגעוועקט. עס איז געווען בערך אַ זייגער פינף פאַרטאָג. כ'בין צוגעגאַנגען צום טיש און האָב פאַרשטאַנען, אַז דער מצב איז טראַגיש. ביידע צדדים האָבן זיך איינגעעקשנט, איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מען קען אין איין פּונקט אַ ביסל אָפּטרעטן, כדי צו ראַטעווען די סיטואַציע. אָבער דער פאָרשלאַג איז געווען זרבבלס, און כ'האָב געפילט, אַז אויב איך וועל זאָגן אַנדערש, קען ער זיך פאַרעקשנען און דאַן וועט זיין נאָך ערגער. האָב איך אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג צום סדר־היום, אַז רעכענענדיק זיך מיטן רוסישן שפּריכוואָרט, אַז דער פרימאָרגן איז קליגער פון אָוונט, זאָל מען איבעררייסן די זיצונג, אַוועקגיין שלאָפן און אפשר אין דער פרי וועלן מיר געפינען אַן אויסוועג.

איך מיט זרבבלען האָבן געוווינט אין איין צימער, און אַז מיר זענען אויפגעשטאַנען אין דער פרי און געגעסן צוזאַמען פרישטיק, האָב איך געזאָגט זרבבלען, אַז אין תוך איז ער געווען גערעכט, אָבער, ווי עס ווייזט אויס, קען דער גאַנצער ענין פּלאַצן, און דאָס לוינט אונדז דאָך ניט, וועט עס דעריבער זיין שיין און נוצלעך, ווען מיר וועלן גיין אויף געוויסע הנחות, און אַזוי אַרום וועלן מיר דערשיינען אַלס די, וואָס האָבן געראַטעוועט דעם גאַנצן ענין. איך האָב פאַרגעשלאָגן זרבבלען, אַז אין אָנהייב פון דער זיצונג זאָל ער אָפּגעבן אַ דערקלערונג אין דעם גייסט, דער פאָרשלאַג איז זרבבלען געפעלן געוואָרן און אויף אַזאַ אופן האָבן מיר טאַקע געראַטעוועט די גאַנצע סיטואַציע.

עס זענען אָנגענומען געוואָרן אַ סך באַשלוסן, אָבער זיי זענען ניט פאָרמולירט געוואָרן און עס איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם סעקרעטאַריאַט

פון דער הסתדרות קודם־כל צו פאָרמולירן באַשלוסן און דאַן זיי צו פאַר־עפנטלעכן. אַ צייט שפּעטער זענען די באַשלוסן פאַרעפנטלעכט געוואָרן, אָבער דער סעקרעטאַריאַט פון דער הסתדרות האָט זיך דערלויבט איבערגעבן די באַשלוסן ניט ריכטיק, און שפּעטער האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז דאָ איז געשען אַ טעות.

איך ברענג דאָ די באַשלוסן ווי זיי זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך דעם סעקרעטאַריאַט.

„די קאָנפערענץ פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן דורך דער אַלגעמיינער הסתדרות אין ארץ־ישראל, און וואָס אין איר האָבן אָנטייל גענומען דער אַלוועלטלעכער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד „פּועלי־ציון", די ציוניסטישע אַרבעט־פּאַרטיי „התאחדות", דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד „צעירי ציון", דער קאָמפאַרבאַנד „פּועלי־ציון", די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פעדעראַציע „דרור" און די וועלט־אָרגאַניזאַציע „החלוץ", האָט אָנגענומען די פאָלגנדיקע באַשלוסן (איך קען איצט ניט פאַר־שטיין, פאַר וואָס דאָ איז ניט דערמאָנט דער אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט פון רע־וווצקין — נ.):

א. דער קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

אַלע אָנטיילנעמער האָבן מסכים געווען צו שאַפן דעם בשותפותדיקן קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל (דער דאָזיקער נאָמען איז פאַר־געשלאָגן געוואָרן דורך אונדז צוזאַמען מיט רעוווצקין).

ב. די אָנטיילנעמער.

אין קאָמיטעט נעמען אָנטייל אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס דערקלערן זייער ווילן אָנטייל צו נעמען אין דער זעלבשטענדיקער טעטיקייט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און וואָס קאָנצענטרירן זיך אין זייער ארץ־ישראל־אַרבעט אַרום דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער הסתדרות אין ארץ־ישראל (בנק הפּועלים, המשביר, דער קאָאָפּעראַטיוו פאַר געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, די קאָאָפּעראַטיווע לאַנדווירטשאַפטלעכע געזעלשאַפטן).

ג. די אויפגאַבן פון קאָמיטעט.

1. אָרגאַניזירן און אָנפירן אין חוץ־לארץ די אַרבעט פאַר די ווירט־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון די אַרבעטער אין ארץ־ישראל, וואָס שטייען אין רשות פון דער אַלגעמיינער הסתדרות פון די אַרבעטער.

2. אָנטייל צו נעמען אין דער אָנפירונג פון די בשותפותדיקע אינסטי־טוציעס, וואָס געהערן צום קאָמיטעט און צו דער אַלגעמיינער הסתדרות פון די אַרבעטער.

3. צו שאַפן און אָנפירן מיט נייע אינסטיטוציעס.

ד. דער צענטראַל־פֿאָנד.

1. די קאָנפֿערענץ דערקלערט די נויטווענדיקייט צו שאַפֿן אַ צענטראַלן פֿאָנד פֿאַר דעם אויפֿבוי פֿון דער אַרבעטער־ווירטשאַפֿט אין ארץ־ישראל, אָנשטאָט די באַזונדערע פֿאָנדן, וואָס עקזיסטירן ביי די פּאַרטייען. דער דאָזיקער פֿאָנד דאַרף זיין אין רשות פֿון דער אַלגעמיינער הסתדרות פֿון די אַרבעטער אין ארץ־ישראל און פֿון דער קאָנפֿערענץ פֿון דעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

2. פּ. אַ. פּ. דאַרף אויפֿגעבויט ווערן אַלס דער צענטראַלער פֿאָנד.

3. אַלע אַנאַלאָגישע פֿאָנדן, וואָס עקזיסטירן ביי די פּאַרטייען דאַרפֿן אַריינגיין אין דעם דאָזיקן פֿאָנד.

4. די קאָנפֿערענץ נעמט אָן אַלס יסוד דעם פֿאָרשלאָג פֿון פֿאַרבאַנדס־ביוראָ פֿון „פּועלי־ציון" און באַשליסט, אַז פּראָוויזאָריש בלייבט דער פּ. אַ. פּ. אַ בשותּפֿותדיקע אינסטיטוציע פֿון דער הסתדרות און פֿון וועלט־פֿאַרבאַנד פֿון „פּועלי־ציון" און ווערט אָנגעפֿירט אויף פּאַריטעטע יסודות דורך די ביידע און דורך דער קאָנפֿערענץ פֿון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. (דאָ איז עס געווען דער ניט ריכטיקער נוסח, אויב ניט זאָגן, אַז ער איז געווען געפֿעלשט. — ב.).

5. אין משך פֿון קומענדיקן יאָר וועט די אָנפֿירונג פֿון פּ. אַ. פּ. זיין צונויפֿגעשטעלט לויט פֿאָלגנדיקן מאָדוס: 25% שטימען געהערן דער הסתדרות, 25% שטימען געהערן דעם וועלט־פֿאַרבאַנד פֿון „פּועלי־ציון" און 50% — דעם קאָמיטעט פֿון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

6. נאָך דעם יאָר גייט די אָנפֿירונג פֿון פּ. אַ. פּ. אין גאַנצן איבער אין רשות פֿון דער הסתדרות און פֿון „קאָמיטעט פֿאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל", אויב קיינער פֿון די צדדים וועט זיך ניט קעגנשטעלן.

7. אויב איינער פֿון די צדדים וועט זיך קעגנשטעלן און די צדדים וועלן ניט קומען צו קיין הסכּם, גייט אַריבער אַלץ וואָס איז געזאַמלט געוואָרן אין דעם יאָר צו דער הסתדרות און אַלע דריי צדדים זענען פֿריי אין זייער אַרבעט אויף להבא.

8. אין לויף פֿון דעם יאָר אָרגאַניזירט די בשותּפֿותדיקע אָנפֿירונג פֿון פּ. אַ .פּ. די זאַמלונג פֿון געלט און באַשטייערונגען פֿאַרן פּ. אַ. פּ.

9. אַחוץ דעם וועט די אָנפֿירונג פֿון פּ. אַ. פּ. אָרגאַניזירן אַ זאַמלונג פֿון „מכשירים און מאַטעריאַלן". דאָס בילדעט אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פֿון פּ. אַ. פּ.

10. אויב נאָכן יאָר ווערט בטל דער הסכּם בנוגע דעם פּ. אַ. פּ., בלייבן די מכשירים און מאַטעריאַלן, וואָס וועלן געזאַמלט ווערן אין לויף פֿון דעם יאָר, אין רשות פֿון דער אָפּטיילונג, אַלס אינסטיטוציע פֿון דער הסתדרות און פֿון „קאָמיטעט".

די קאָנפערענץ דערקלערט די נויטווענדיקייט צונויפצורופן אַ וועלט־קאָנפערענץ פאַר ארץ־ישראל״.

צוזאַמען מיטן פאַרעפנטלעכן די באַשלוסן, האָט דער סעקרעטאַריאַט פון דער הסתדרות געמאָלדן די פאַרטייען, אַז ער האָט שוין צוגעגרייט דעם סעקרע־טאַריאַט פון „קאָמיטעט״ אין בערלין און אַז דער סעקרעטאַריאַט האָט שוין אָנגעהויבן אַרבעטן.

אין אונדזער באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן דער וויכוח וועגן דעם, צי מען זאָל אָנטייל נעמען אין דעם קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, צי ניט. די קעגנערשאַפט צווישן אונדזערע חברים איז געווען גרויס, און איך האָב זיך באַמיט אויפצוקלערן, פאַר וואָס מען דאַרף יאָ אָנטייל נעמען אין קאָמיטעט.

אין סעפטעמבער איז פאָרגעקומען די פּלענאַרע זיצונג פון פאַרבאַנדס־ביוראָ אין דאַנציג. דאָ איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט וועגן דער לאַגע אין די פאַרשיידענע לאַנד־פּאַרטייען און ספּעציעל וועגן דער שווערער אַרבעט פון אונדזער פּאַרטיי אין ארץ־ישראל, וואָס איז נאָך אייגנטלעך ניט געווען קיין פּאַרטיי נאָר איז באַשטאַנען פון „פאַרבאַנד־גרופּן״; צווישן אַנדערע איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן וועגן די שרעקלעכע פאַרפאָלגונגען קעגן דער פּאַרטיי אין ליטע און וועגן דער קולטורעלער אַרבעט פון דער פּאַרטיי אין אַרגענטינע. צוויי עיקר־פּונקטן, וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן אויף דער דאָזיקער פּלע־נאַרער זיצונג זענען געווען: די פראַגע וועגן דער ראַטיפיקאַציע פון די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ אין קאַרלסבאַד און אונדזער באַציִונג צו דעם א. ק. פון די י. ס. ד. אין רוסלאַנד און דער רעוווצקי־גרופּע אין ארץ־ישראל.

בנוגע דער ערשטער פראַגע האָט די זיצונג באַשטעטיקט דעם באַשלוס פון סעקרעטאַריאַט אָנטיילצונעמען אין דער קאָנפערענץ און אויך דעם באַריכט פון דער דעלעגאַציע, באַטירלעך ניט אָן אַ געוויסער קריטיק. אָבער עס איז פאָרגעזען געוואָרן, אַז די באַראַטונג פון פאַרבאַנד דאַרף דעם באַשלוס ראַטי־פיצירן און אַז ביז דאַן נעמען מיר אָנטייל אין קאָמיטעט, ניט נעמענדיק אויף זיך קיין אַחריות.

דער צווייטער ענין איז געווען דער ענין פון אָ. ק. אייגנטלעך איז אונדזער באַוועגונג נאָך דער ליקווידאַציע פון י. ק. פּ. „פּועלי־ציון״ אין רוסלאַנד און דער מ. פּ. ס. ע. אין ארץ־ישראל געבליבן אָן פּאַרטייען אין די ביידע לענדער. אויב מיר האָבן געשיקט דעם ח׳ ישראל וועשער אויפצושטעלן דאָרט די פּאַרטיי, האָט ער עס אָבער נאָך ניט באַוויזן צו טאָן. עס איז אים בלויז געלונגען צו קאָנצענטרירן אַרום זיך אַ גרופּע אַלטע חברים מיט שמואל טייכמאַן בראש, אָבער די דאָזיקע גרופּע האָט מען נאָך ניט געקענט רעכענען פאַר אַ

פּאַרטיי. פון דער אַנדערער זייט האָט דער אָ. ק. געהאַט אַ פּאַרטיי אין רוסלאַנד און גרופּעס אין ארץ־ישראל, אונטער דער אָנפירונג פון אַבראַמאָוויטשן און רעוווצקין (אייגנטלעך איז דאָס געווען אַלץ, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם אָ. ק. אַחוץ אַ פּאָר מענטשן אין פּאַריז); אָבער ניט נאָר דאָס: דער עיקר איז, וואָס עס זענען ניט געווען קיין געוואַלטיקע חילוקי דעות צווישן אונדז נאָך דעם, ווי מיר האָבן אויסגעשלאָסן ביי זיך אַלע ליקווידאַטאָרן, אָדער זיי האָבן אַליין אונדז פאַרלאָזן. נאָך פאַר דער פּלענאַרער זיצונג האָבן מיר אין סעקרעטאַריאַט פון פאַרבאַנד באַשלאָסן צו ווענדן זיך צום א .ק. און פאָר־לייגן אים אַריינצוטרעטן אין אונדזער וועלט־פאַרבאַנד: אויף דער דאָזיקער פּלענאַרער זיצונג האָט אונדזער דעלעגאַציע איבערגעגעבן אַ באַריכט וועגן די צוויי באַגעגענישן, וואָס זי האָט געהאַט מיט די פאָרשטייער פון דעם אָ. ק. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז עס זענען ניטאָ ביי אונדז קיין שום חילוקי דעות אין פּרינציפּיעלע פראַגן און עס איז ניטאָ וואָס צו רעדן וועגן הנחות אין דער פראַגע פון דער מאַרקסיסטישער ליניע און אין דער פראַגע פון ארץ־ישראל־געדאַנק. עס איז אָבער קלאָר געוואָרן, אַז די חברים פון אָ. ק. עקשנען זיך איין אויף אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגן: זיי ווילן ניט אַריינגיין אין אונדזער פאַרבאַנד, זיי פאַרלאַנגען אַז דאָס זאָל גערעכנט ווערן ווי אַ פאַראייניקונג פון צוויי באַ־וועגונגען. דאָס איז אייגנטלעך געווען אַ פּרעסטיזש־פראַגע פאַר ביידע צדדים. די פּלענאַרע זיצונג האָט מסכים געווען, אַז דאָס וועט זיין אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַראייניקונג, זי האָט אָבער אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז ניט קיין פּאָליטישע פאַראייניקונג, ווייל דאָ האַנדלט זיך ניט אין קיין פאַראייניקונג פון פּאָליטישע פּרינציפּן. דער פּלענום האָט באַשטעטיקט דעם משא ומתן פון דער דעלעגאַציע און האָט באַפולמעכטיקט דעם סעקרעטאַריאַט צו פירן אים ווייטער, מיטן תנאי, אַז די ראַטיפיקאַציע דאַרף פאָרקומען אויף דער פאַרבאַנדס־באַראַטונג.

נאָך דער דאָזיקער פּלענאַרער זיצונג האָב איך געדאַרפט פאָרן קיין בוקאַווינע, ווו די חברים האָבן געבעטן איך זאָל קומען. איך בין געפאָרן קיין רומעניע צום ערשטן מאָל. איך האָב רומעניע אין גאַנצן ניט געקענט, כ׳האָב אויך ניט געקענט די רומענישע יידן. צווישן די חברים, וואָס זענען געשטאַנען בראש פון דער באַוועגונג איז געווען שלמה ביקל. ער האָט רעדאַגירט די פּאַר־טייישע צייטונג, ער האָט שוין לאַנג פאַרלאָזן די באַוועגונג, לעבט אין ניו־יאָרק, ווו ער איז איינער פון די אָנגעזעענסטע יידישע שרייבער. אין דער שפּיץ פון דער פּאַרטיי איז געשטאַנען אונדזער אַלטער חבר חיים קראַפט, וואָס איז פאַרבליבן געטריי דער באַוועגונג אין משך פון דער גאַנצער צייט און אויך אין דעם נאָך מלחמהדיקן רומעניע. ווען עס זענען דאָרט אַרעסטירט געוואָרן אויך אונדזערע חברים, האָט מען געוואָלט אַרעסטירן אויך קראַפטן, אָבער

היות ווי ער איז שוין געווען אַלט און בלינד, האָט מען אים געלאָזן אין דער היים. זיין זון און שנור זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל, אים אָבער האָט מען ניט געלאָזט אַרויספאָרן. מיר האָבן זיך געסטאַרעט אים אַרויסצונעמען פון רומעניע און נאָך אַ פּאָר יאָר האָט ער סוף־כל־סוף אין יאָר 1957 באַקומען די דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָ האָט ער זיך געפונען אין בית־אָבות פון דזשאָינט. און אין אַפּריל 1964 איז ער נפטר געוואָרן. און באַ־ערדיקט געוואָרן אין תל־אביב, אין דער „פּועלי־ציון־אַלייע״.

איך האָב פאַרבראַכט אין טשערנאָוויץ אַ פּאָר טעג און געהאַלטן דאָרט אַ פּאָר רעפעראַטן, ניט געקוקט אויף די דאָרטיקע, שווערע פּאָליטישע באַ־דינגונגען. די סעגוראַנצאַ האָט נאָכגעשפּיאָנירט יעדן טריט און שריט פון די חברים. איך האָב באַמערקט, אַז די דאָרטיקע יידן. מיט וועלכע איך האָב זיך באַגעגנט, ספּעציעל די פּשוטע יידן, פאַרשטייען ניט קיין איין וואָרט העברעיש און אין מיינע פאָרטראַגן האָב איך געדאַרפט זיך אויסהיטן ניט באַנוצן זיך מיט קיין העברעישע ווערטער, ווייל מען האָט פּשוט מיך ניט פאַרשטאַנען. אין טשערנאָוויץ האָב איך זיך באַקענט מיטן פּאָעט אליעזר שטיינבאַרג, און מיר האָבן זיך שטאַרק באַפריינדעט. זאַלבעדריט, חיים קראַפט, אליעזר שטיינבאַרג און איך פלעגן מיר אָפּזיצן לאַנגע אָוונטן און רעדן וועגן אַ סך זאַכן. שטיינבאַרג איז געווען אַ קלוגער און זייער אַ סימפּאַטישער ייד. ער האָט דאַן געהאַט אַרויסגעגעבן אַ יידיש לערנבוך פאַר קינדער. דאָס בוך איז געווען אַזוי אויס־געצייכנט, אַז קינדער האָבן געלערנט מיט התלהבות. ער האָט אַריינגעטראָגן אין דעם לערנבוך אַ סך מעשהלעך און פאָלקס־לידער. ער האָט מיר געגעבן אַ מתנה דאָס בוך און הגם מיינעביידע טעכטער האָבן ניט געקענט קיין יידיש, האָב איך זיי פאָרגעלייענט אַ סך לידער און די קלענערע טאָכטער האָט זיי געקענט אַפילו אויסוויינייק.

איך האָב זיך דאַן באַקענט אין טשערנאָוויץ מיט נאָך אַ יידן, וואָס האָט לויטן כתב געקענט פעסטשטעלן דעם כאַראַקטער פון מענטשן. עס טוט מיר לייד וואָס כ׳האָב ניט דאָס פּאַפּירל, ווו ער האָט אָנגעשריבן וועגן מיין כאַראַקטער לויט מיין כתב־יד. אָבער אויף וויפל איך קען זיך אַליין, האָט דער דאָזיקער ייד זייער ריכטיק מיך כאַראַקטעריזירט.

דריי ביי נאַכט בין איך אַרויסגעפאָרן פון טשערנאָוויץ מיט דער באַן צו דער פּויליש־רומענישער גרענעץ. בדרך־כלל פלעג איך אַלע מאָל זוכן אַן אָפּטיילונג אָן מיידלעך, ווייל פון דער גרויסער דערפאַרונג האָב איך געוווּסט, אַז אויב עס זענען דאָ מיידלעך אין קופּע, וועל איך דאַרפן זיין אַ „קאַוואַלער״ און שלעפן פּעק. אָבער דריי ביי נאַכט איז געווען שטאָק־פינצטער, און איך בין טאָקע אַריינגעפאַלן. אַז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט זיך אויסגעלאָזט,

אַז אין קופּע זענען געווען דווקא צוויי גאַנץ שיינע מיידלעך. איך האָב זיך מיט זיי באַפריינדעט און האָב טאַקע געמוזט שלעפּן זייערע שווערע טשע־מאָדאַנעס: זיי זענען געפאָרן זיך לערנען קיין בערלין. זיי האָבן מיך אַפילו געבעטן איך זאָל זיי באַגלייטן איבער גאַנץ פּוילן, ביז צו דער גרענעץ, אָבער איך האָב געמוזט אַראָפּגיין אין לעמבערג (לוואָוו), ווו עס איז שוין געווען באַשטימט פון פריער מיינער אַ פּאָרטראַג.

אונדזער פּאַרטיי אין מזרח־גאַליציע איז אייגנטלעך געווען אַן אָרגאַני־זאַציאָנעלער חלק פון דער פּאַרטיי אין פּוילן, אָבער זי האָט אויך געהאַט אַ געוויסע אויטאָנאָמיע. זי פלעגט אַפילו שיקן דעלעגאַטן צו קאָנפערענצן באַזונדער. אַזוי האָט זיך באַטייליקט אין דער זעקסטער וועלט־קאָנפערענץ דער חבר מוניע ליטוואַק, וואָס איז שפּעטער פאַרשוווּנדן פון האַריזאָנט פון לעמבערג ביז איך געפאָרן קיין וואַרשע, און פון דאָרט צו זיך, קיין דאַנציג. איך האָב געבראַכט אַהיים שוואַרצע איילבירטן פון טשערנאָוויץ. אין פּוילן זענען קיין איילבירטן בכלל ניט געווען, די קינדער מיינע האָבן ניט געקענט נעמען די איילבירטן אין מויל אַריין, אָבער דאָ אין ארץ־ישראל האָבן זיי זיך צוגעוווינט צו די אַליוון זייער שנעל.

אין די טעג פון 16—20סטן אָקטאָבער איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל אין בערלין. און דאָ האָט זיך קודם־כל אָנגעהויבן דער וויכוח וועגן דעם ניט־ריכטיקן איבערגעבן די באַשלוסן פון דער קאַרלסבאַדער קאָנפערענץ, ספּעציעל וועגן ענין פּ. אַ. פּ. נאַטירלעך, זענען כמעט אַלע געווען קעגן אונדז. אַגב אויף דער זיצונג האָב איך זיך באַקענט מיט דעם פּראָפעסאָר (פון מאַטעמאַטיק) שוואַבע, וועלכער איז דאַן געקומען פון ליטע. ער האָט מיך געזען דאָס ערשטע מאָל און געפרעגט ביי די חברים, ווער איז עס דער „אָדם חדש".

אויף דער זיצונג איז אַ סך גערעדט געוואָרן וועגן דער קאָאָרדינאַציע צווישן די פּאַרטייען, און עס זענען אָנגענומען געוואָרן אַ פּאָר באַשלוסן, וואָס מיר האָבן דערקלערט, אַז זיי פאַרפּליכטן אונדז ניט. מיר האָבן געטענהט, אַז מיר קענען ניט אויף די ערטער אָרגאַניזירן די אַקציעס צוזאַמען מיט די איבעריקע פּאַרטייען, ווייל מיר טרעפן זיך אייגנטלעך ניט מיט זיי אין אונדזער טאָג־טעגלעכער אַרבעט און אויב מען טרעפט זיך יאָ, איז עס על־פּי־רוב אין צוויי פאַרשיידענע מחנות, וואָס באַקעמפן זיך איינע די צווייטע. אַזוי, למשל, אויב מיר האָבן זיך באַגעגנט ביי די וואַלן צום סיים אין פּוילן, איז די התאחדות געווען אין איין מחנה מיט דעם יידישן בירגערטום קעגן אונדז. דאָ האָבן מיר אויך אַרויסגעבראַכט די גרויסע טענה אונדזערע קעגן די רעכטע פּאַרטייען, וועלכע שטערן אונדזערע חברים עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. איך האָב

געבראַכט די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ מיטן פּאַלעסטינע־אַמט אין וואַרשע, פון וועלכער עס איז קלאָר געוואָרן, ווי אַזוי מיר האָבן געפאָדערט אונדזער פאַר־שטייערשאַפט און ווי אַזוי די זעלבע פּאַרטייען, וואָס זיצן דאָ צוזאַמען מיט אונדז, האָבן געשטימט קעגן אונדזער אָנטייל אין די פּאַלעסטינע־אַמטן. מיר האָבן אַריינגעטראָגן אויף דער זיצונג פאָלגנדיקן פאָרשלאָג: „דער קאָמיטעט פאָדערט פון אַלע פּאַרטייען און ריכטונגען אָנצוהייבן אַן עקשנותדיקן קאַמף קעגן די עליה־באַגרענעצונגען מצד דער ענגלישער רעגירונג און קעגן דער פילטראַציע פון דער עליה דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אירע פּאַלעסטינע־אַמטן". דער דאָזיקער פאָרשלאָג האָט אַוועקגעשטעלט די רעכטע פּאַרטייען אין זייער אַן אומאַנגענעמער לאַגע. דער פאָרזיצער האָט אַפילו געזאָגט, אַז איבערן ערשטן טייל פון דער רעזאָלוציע קען מען שטימען, אָבער אויב מען וועט אויך שטימען איבער דעם צווייטן טייל וועט עס הייסן זיך אַליין אָפּשמייסן. צום סוף האָט דער פאָרזיצער, אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז עס געווען בערל לאָקער, אָפּגעשטימט דעם פאָרשלאָג אַריבערצוגיין צום סדר־היום איבער אונדזער רעזאָלוציע, און, נאַטירלעך, האָט מען זי מיט אַ מערהייט שטימען אַראָפּגענומען פון סדר־היום.

אויפן אָרגאַניזאַציאָנעלן געביט איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ ביוראָ אין בערלין, ווּהין יעדע פּאַרטיי שיקט איין פאָרשטייער. די הסתדרות האָט דריי שטימען, די איבעריקע פּאַרטייען צו צוויי שטימען, און „דרור" האָט איין שטים. דער סעקרעטאַריאַט איז אין די הענט פון צוויי פאָרשטייער פון דער הסתדרות. די צענטראַלע פאַרוואַלטונג פון פּ. אַ. פּ. אין ארץ־ישראל באַשטייט פון אַכט חברים: פיר פון דער הסתדרות און פון „פּועלי־ציון" (רעכטע) און פיר פון קאָמיטעט. די לעצטע פיר זענען אויפן אָרט באַשטימט געוואָרן: ישראל וועשער, זאב אַבראַמאָוויטש, שווייגער און סווערדלאָוו. אונדזער שטענדיקן פאָרשטייער אין בערלין האָבן מיר געדאַרפט באַשטימען נאָך דער ראַטיפיקאַציע, וואָס איז אָפּגעלייגט געוואָרן ביזן 15טן דעצעמבער, און צייטווייליק האָבן מיר באַשטימט ווי אונדזער פאָרשטייער דעם חבר משה ערעם. ער האָט שוין געהאַט פאַרלאָזן ליטע מיט אַ צייט פריער און האָט געוווינט אין בערלין, דאָרטן האָט ער געאַרבעט אין דער האַנדלס־פאַרטרעטערשאַפט פון דעם ראַטן־פאַרבאַנד.

צום באַדויערן איז ביי מיר ניט געבליבן אין זכרון די פאַרבאַנדס־באַראַטונג, וואָס האָט באַדאַרפט באַשליסן וועגן דער ראַטיפיקאַציע פון די קאַרלסבאַדער באַשלוסן און וועגן דער פאַראייניקונג מיטן אַ. ק. איך האָב אויך ניט געפונען קיין שום מאַטעריאַלן וועגן דער באַראַטונג, אָבער אַזאַ באַראַטונג איז פאָרגעקומען. מיר האָבן ראַטיפיצירט אונדזער אָנטייל אין קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און אויך באַשטעטיקט די פאַראייניקונג מיטן אַ. ק.

אמת איז, אַז עס זענען געווען אין אונדזער באַוועגונג חברים, וואָס זענען געווען קעגן אונדזער אַנטייל אין קאָמיטעט, ווי, למשל, שכנא זאגאַן און יוסף ראַזען, און אַז אין אונדזער פּרעסע אין פּוילן האָט זיך געפירט אַ שאַרפער וויכוח וועגן דעם דאָזיקן ענין. אין סוף פון יאָר 1923 איז באַשלאָסן געוואָרן אין קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן א״י צו פּראָקלאַמירן אַ ברייטע אַקציע פאַרן פּ. אַ. פּ. און פאַרן בנק הפועלים. מיר אין פּוילן האָבן איינגעאָרדנט אַ סך רעפעראַטן און עפנטלעכע מיטינגען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער אַקציע, מיר האָבן אָבער ניט געקענט קאָנקורירן מיט די איבעריקע פּאַרטייען אין די געלט־זאַמלונגען, אָבער דאָך האָבן מיר געזאַמלט אַנגעזעענע סומעס און אויך פאַרקויפט אַ צאָל אַקציעס פון דער אַרבעטער־באַנק.

איך האָב דערקלערט די חברים פון פאַרבאַנדס־ביוראָ, אַז איך מוז סוף־כל־סוף פאַרלאָזן די אַרבעט אין פּ. ב. און מוז שוין פאָרן קיין ארץ־ישראל מיט דער משפּחה. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז זומער־צייט פון יאָר 1924, נאָך דער אַקציע פאַר די פאָנדן, האָב איך דאָס רעכט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אָבער דערווייל, זומער־צייט, האָבן מיר געחתמעט דעם הסכם מיט די חברים פון דעם אַ. ק., און צוליב דעם איז מיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל נאָך אַ מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער סעקרעטאַריאַט פון פאַרבאַנדס־ביוראָ ווערט אַריבערגעטראָגן קיין בערלין און וועט באַשטיין פון צוויי חברים: נח בארו (פון אַ.ק.) און איך (פון פּ.ב.). בארו איז דאַן געווען דער דירעקטאָר פון „צענטראָ סאָיוז", אַן אינסטיטוציע פון סאָוויעט־רוסלאַנד, (די צענטראַלע פון די קאָאָפּעראַטיוון). מען האָט מיך פאַרפליכטעט צו אַרבעטן לכל הפחות אַ האַלב יאָר צוזאַמען מיט באַרו, און נאָך דעם איז באַשלאָסן געוואָרן איבערצופירן דעם סעקרעטאַריאַט פון פּ. ב. קיין ארץ־ישראל. וווּ דער סעקרעטאַריאַט וועט באַשטיין פון מיר און פון ח' זאב אַבראַמאָוויטש (חפץ), וועלכער איז שוין געווען אין ארץ־ישראל. צוזאַמען דערמיט האָבן מיר באַשלאָסן אין אָנהייב פון יאָר 1924 צו שיקן הילף פאַרן חבר וועשער, דעם חבר אלכסנדר (דניאל לייבל).

וואָס שייך דער עצם פאַראייניקונג מיטן אַ. ק. זענען קיין פּרינציפּיעלע רעזאָלוציעס ניט אָנגענומען געוואָרן, ווייל עס זענען, ווי איך האָב פריער דער־מאָנט, ניט געווען קיין חילוקי דעות. אָבער אָרגאַניזאַציאָנעל האָבן די חברים פון אַ.ק. דורכגעפירט, אַז עס זאָל אַ ביסל געענדערט ווערן דער נאָמען פון אונדזער פאַרבאַנד.

לכתחילה האָבן זיי געפאָדערט, אַז אין נאָמען זאָל קומען צום אויסדרוק די פאַראייניקונג און דער פאַרבאַנד זאָל הייסן דער „פאַראייניקטער". דאָס האָבן מיר ניט געקענט אָננעמען, אָבער מיר האָבן נאָכגעגעבן און אַריינגעפירט אין

נאָמען פון פאַרבאַנד נייע צוויי ווערטער. דער נאָמען פון פאַרבאַנד איז גע־וואָרן: „דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער יידישער אַרבעטער־פאַרבאַנד פועלי־ציון". די ביידע ווערטער „אַלוועלטלעכער" און „אַרבעטער" זענען צוגעקומען.

איך בין געווען פאַררעכנט אין דער באַוועגונג פאַר אַ גרויסן מומחה אין אַלע פראַגן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו ארץ־ישראל. און אויב עס פלעגט דערשיינען עפּעס אַן אַרטיקל אָדער אַ בוך קעגן ארץ־ישראל, האָב איך געדאַרפט אויף אים ענטפערן. אַזוי איז אין בונדישן פאַרלאַג „די וועלט" דערשינען אין אָנהייב פון יאָר 1924 דאָס בוך פון יעקב מאירסאָן (מערזאָן), וועלכן מיר האָבן, ווי איך האָב שוין דערציילט, אויסגעשלאָסן פון דער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ שוין נאָך דער שפּאַלטונג. דאָס בוך האָט געהייסן: „די אַראַבער און די יידישע קאָלאָניזאַציע". דאָס בוך איז געווען פול מיט שקרים הן בנוגע דעם שטח, הן בנוגע דער צאָל פון דער באַפעלקערונג, הן בנוגע פּאָליטישע פאַקטן. אַלץ איז געווען געפעלשט. מאירסאָן האָט געטענהט, אַז נאָך פאַר דעם באַוווסטן בריוו פון קאָמאינטערן פון אויגוסט 1921 האָט ער געהאַט די דאָזיקע מיינונג וועגן ארץ־ישראל, אָבער אין יאָר 1920 האָט ער אויף דער פינפטער וועלט־קאָנפערענץ געוואָלט דערווייזן, אַז דער פּאַסיקער אָרט פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע איז מעסאָפּאָטאַמיע און אַז אונדזער הויפּט־אויפגאַבע איז אַריבער־צופירן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט די מענטשן פון דער חלוקה אין לאַנד גופא. מאירסאָן שטעלט זיך אין דעם דאָזיקן בוך אין גאַנצן אויף דער זייט פון דער נאַציאָנאַלער אַראַבישער באַוועגונג. אין זעקס־זיבן אַרטיקלען האָב איך גע ענטפערט מאירסאָנען על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון. אייגנטלעך, זיין גאַנצע באַציִונג צו דעם ענין האָט זיך שוין אויסגעדריקט אין נאָמען פון בוך. זיין אויסגאַנגס־פּונקט איז געווען ניט די יידישע קאָלאָניזאַציע, נאָר די אַראַבער, דערפאַר הייסט דאָס בוך „די אַראַבער און די יידישע קאָלאָניזאַציע" און ניט פאַרקערט, וואָס דאָס וואָלט באַדייט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן יידן און וועגן זייער באַציִונג צו די אַראַבער. אין משך פון לאַנגע יאָרן האָבן מיר גאָרניט געהערט, ווו דער מענטש איז אַהינגעקומען. מיר האָבן נאָר געוווּסט, אַז פון פוילן איז ער אַריבערגעפאָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד און דאָרט זענען זיינע שפּורן פאַרשוווּנדן. אָבער ווען עס האָבן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אָנגעהויבן אָנקומען קיין ארץ־ישראל יידן פון דעם פאַרשיקונג אין סיביר, איז אין איינער אַ צייטונג דערשינען אַן אַרטיקל וועגן דעם דאָזיקן מאירסאָנען. דאָרט איז דער־ציילט געוואָרן, אַז מאירסאָן איז געווען פּראָפעסאָר אין כאַרקאָוו, אָבער ער איז אַרעסטירט און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, און דאָרט האָט ער זיך ניט איין מאָל באַגעגנט מיט יידן־ציוניסטן, אָבער קיין מאָל ניט אַנטדעקט ווער ער

איז. נאָך איין מאָל אין אַ סדר־נאַכט האָט ער זיך מתגלה געווען פאַר זיינע יונגע פריינד, דערציילט אַ ביסל פון זיין לעבן, און מיט טרערן אין די אויגן זיך געשלאָגן על חטא, מודה געווען, אַז ער איז געווען אומגערעכט און שטאַרק חרטה געהאַט אויף זיינע מעשים. נאָך אַ צוויי יאָר אָדער שפּעטער, אין סוף פון די פערציקער יאָרן, איז ער דאָרט אין סיביר געשטאָרבן.

צו יענער צייט איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל דער פירער פון „בונד", וויקטאָר אַלטער, וועלכער איז שפּעטער אין יאָר 1943 אומגעבראַכט געוואָרן דורך סטאַלינען צוזאַמען מיט הענריק ערליכן. ער איז געווען אַ פּאָר וואָכן אין ארץ־ישראל און האָט שפּעטער פאַרעפנטלעכט אין דער בונדישער „פאָלקס־ציימונג" אַ סעריע אַרטיקלען מיט קאַטעגאָרישע מסקנות נאָך זיין „גרינט־לעכער אויספאָרשונג" אין ארץ־ישראל. איך ברענג דאָ מיין ענטפער אויף די דאָזיקע אַרטיקלען, ווייל פון דער דאָזיקער תשובה מיינער קען מען אורטיילן וועגן דער „יסודותדיקייט" פון די חקירות פון דעם דאָזיקן בונדיסט. („אַרבעטער וועלט" פון 30סטן מאַי 1924).

„דער בונדישער מרגל אין ארץ־ישראל (די טוריסטישע שיטה פון פאָרשונגען).

אַחוץ דער אַוואַנטוריסטיש־שאַנטאַזשיסטישער ליטעראַטור (מאירסאָן) בנוגע צו ארץ־ישראל, שאַפט זיך איצט אַ טוריסטיש־עם־הארצישע ליטעראַטור, אַלס רעזולטאַט פון אַן אויספאָרשונג אין משך פון צוועלף טעג פון וויקטאָר אַלטערן.

כלפי דער אויספאָרשונג פון ארץ־ישראל באַנוצט ער זיך מיט אַלע שיטות פון טוריסטן. אויב ער זעט, למשל, באַנאַנעס אין יריחו, ווערט פאַר אים קלאָר, אַז יריחו איז דער איינציקער אָרט אין ארץ־ישראל, ווו עס וואַקסן באַנאַנעס. דער אמת איז, אַז באַנאַנעס האָבן אַ קליינע שייכות צו דער פראַגע, צי קען זיך אין ארץ־ישראל אַנטוויקלען אַ נאָרמאַלער יידישער אַרבעטער־צענטער, אָדער ניט. אָבער למען האמת דאַרף מען פון דעסטוועגן דערציילן וויקטאָר אַלטערן, אַז באַנאַנעס וואַקסן אין אַ סך ערטער אין ארץ־ישראל און, למשל, אין מגדל איז דאָ אַ גאַנצער וואַלד, בערך אויף אַ האַלבן קילאָמעטער, פון באַנאַנעס.

וויקטאָר אַלטער באַגנוגנט זיך ניט מיט די וויסנשאַפטלעכע ציפערן וועגן דער גרויס פון ארץ־ישראל. ער מעסט דאָס לאַנד אַליין. ארץ־ישראל איז לויט זיינע ווערטער אַזוי קליין, אַז מען קען זי דורכפאָרן מיט אַ מאַשין אין דער לענג אין זיבן שעה און אין דער ברייט אין דריי שעה. און דאָס ווייסט ער, ווייזט אויס, פון זיין אייגענער דערפאַרונג. עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו וויסן, מיט וואָס פאַראַ געשווינדקייט ס'איז געפאָרן וויקטאָר אַלטערס מאַשין. אויב מען

זאָל נעמען אין אַכט, אַז ער איז, למשל, געפאָרן מיט אַ שנעלקייט פון 120 קילאָמעטער אַ שעה (די דאָזיקע השערה מוז שטימען מיט דערווירקלעכקייט, אויב מען זאָל אורטיילן לויט דער יסודותדיקייט פון זיינע מסקנות), דאַן וועט אויסקומען, אַז ארץ־ישראל האָט אין דער לענג איבער 840 קילאָמעטער און אין דער ברייט בערך 360 קילאָמעטער, ד. ה. אַ שטח פון בערך אַ 30 טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער, אַ שטח, וואָס איז נאָענט צו דער ווירקלעכקייט.

וו. אַלטער האָט גערעדט מיט אַן אַרבעטער, מיט אַ סוחר, מיט אַ תימנקע, און ווי עס ווייזט אויס אויך מיט אַ „גברת". אַלע האָבן אים דערקלערט, אַז עס איז שווער צו לעבן אין ארץ־ישראל. דאָ האָט וו. אַלטער, ווייזט אויס, זיך באַנוצט מיטן אינדוקטיוון מעטאָד, אָבער איך האָב דאָך אויך דאָס רעכט זיך באַנוצן מיטן זעלביקן אינדוקטיוון מעטאָד. איך האָב אין לאַנד פינף קרובים: אַן אַדוואָ־קאַט, אַ ציין־דאָקטער, אַן אַרבעטער, אַ באַאַמטן און אַ לערער, און די אַלע זאָגן, אַז עס איז זייער גוט צו לעבן אין ארץ־ישראל. און דערפון דאַרף איך מאַכן דעם אויספיר, אַז עס איז גוט צו לעבן אין ארץ־ישראל. ווער פון אונדזביידן איז גערעכט? דאַכט זיך מיר, אַז ביידע זענען מיר אומגערעכט, ווייל אויב פון לאָגישן שטאַנדפונקט איז די שיטה אַ ריכטיקע, איז זי אָבער פון דעם סאָציאָלאָגישן שטאַנדפונקט אַ טוריסטישע שיטה.

„דער באָדן אין ארץ־ישראל איז אָרעם, ער גיט נאָר אַכט קעגן איינס, און, למשל, אין אוקראַינע גיט דער באָדן דרייסיק קעגן איינס"; ראשית, וועגן וועלכע פּראָדוקטן רעדט אַלטער? וועגן מאַראַנצן, טרויבן, גערשטן אָדער אוגערקעס? ווייל, ווי באַוווּסט, קען דער באָדן זיין גוט פאַר תבואה, און ניט גוט פאַר פלאַנצונגען, גוט פאַר פלאַנצונגען און ניט גוט פאַר גרינסן, דאַרף מען דאָך קודם־כל וויסן וועגן וואָס מען רעדט. און וואָס מיינט עס „אַכט קעגן איינס"? אויב מען רעדט, למשל, וועגן ווייץ, קען דאָך דער זעלביקער באָדן זיין גוט פאַר טרויבן, און צווייטנס, צי גיט דער באָדן אומעטום אַכט קעגן איינס"? און אפשר אין איין אָרט גיט ער „אַכט קעגן איינס" און אין אַ צווייטן 15 אויף איינס? און דריטנס, אויב דער באָדן גיט „אַכט אויף איינס", ווען דער באָדן איז ניט באַמיסטיקט און ניט באַוואַסערט, און אפשר וועט זיך די לאַגע ענדערן נאָך דער באַמיסטיקונג און באַוואַסערונג? אָבער, ווי עס ווייזט אויס, האָט עמעצער אַלטערן געזאָגט וועגן „אַכט אויף איינס" און ער חזרט עס איבער, ניט אָפּגעבנדיק זיך אַליין קיין דין וחשבון וועגן וואָס מען רעדט דאָ.

אָט די דאָזיקע טוריסטיש־פּאַפּוגאַישע שיטה צוזאַמען מיט עם־הארצות אין סאָציאָלאָגיע און אין אַנדערע פראַגן — דאָס איז אייגנטלעך דער אינהאַלט פון אַלטערס „אויספאָרשונג".

אַלטער מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ געלערנטן סטאַטיסטיקער און ברענגט אַ

פאַר ציפערן בנוגע דער יידישער און דער ניט־יידישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל, ער ברענגט ציפערן וועגן אַרבעטער, אָבער די אַלע ציפערן זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט אַ לאַנגער צייט צוריק, און דאָרט ווו ער ברענגט נייע ציפערן, זענען זיי געפעלשטע. למשל, די צאָל פון די יידישע אַרבעטער, לויט דער לעצטער ציילונג פון דער הסתדרות, איז 22 טויזנט, און אַלטער ברענגט די ריכטיקע ציפער, אָבער גיט דערביי צו: „בערך זיבן מאָל וויניקער פאַר דער אַרבעטער באַפעלקערונג אין וואַרשע". קומט נאָך אַלטערן אויס, אַז יידישע אַרבעטער אין וואַרשע זענען דאָ ביז 150 טויזנט. אָבער די מאַטעריאַלן פון דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטעט (ד. ד. ק.) ווייזן דאָך, אַז אין יאָר 1921, אין דער צייט פון סעזאָן, איז די צאָל יידישע אַרבעטער געווען נאָר 26 טויזנט.

די אויספירן, וואָס אַלטער מאַכט פון די דאָזיקע ציפערן זענען ניט אַזוי שטאַרק געפעלשט, אָבער פשוט ניט ריכטיק. לויט זיין מיינונג, איז „די סאָציאַלע און ווירטשאַפטלעכע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן, ליטע, רוסלאַנד און ארץ־ישראל", גלייך, „ווייל דאָ און דאָרט איז נאָר די מינדערהייט פון די יידן אַ פּראָדוקטיווער עלעמענט". אַ פערטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ארץ־ישראל לעבט פון פּראָדוקטיווער אַרבעט — שרייבט אַלטער אַליין (דווקא די דאָזיקע צאָל איז אַ ביסל איבערגעטריבן, דער ריכטיקער פּראָצענט איז 12—16). און אין וואַרשע איז די צאָל לוין־אַרבעטער 26 טויזנט אויף אַ יידישער באַפעלקערונג פון 320 טויזנט, ד. ה. בערך 8%, אין דער האָמלער גובערניע זענען אין יאָר 1923 געווען 9600 יידישע אַרבעטער אויף אַ יידישער באַפעלקערונג פון קרוב צו 200 טויזנט, ד. ה. בערך 5%, אין קיעוו זענען דאָ 8079 יידישע אַרבעטער אויף אַ יידישער באַפעלקערונג פון 128,141, בערך 6%—7, אין דער קיעווער גובערניע זענען דאָ 6260 יידישע אַרבעטער אויף 84296 יידן, ד. ה. 7%—8, בקיצור, ריכטיק איז, אַז אין יעדן אָרט איז דער פּראָדוקטיווער עלעמענט אַ מינדערהייט, אָבער אין יעדן אָרט איז דער פּראָצענט פון פּראָדוקטיוויזאַציע צווישן 5%—8, און אין ארץ־ישראל אין שטאָט און אין דאָרף איז ער 12—16 (אין די שטעט חיפה און יפו דערגייט דער פּראָצענט ביז צו 25—30).

אַלטער זאָגט קיין וואָרט ניט וועגן דעם פּראָפעסיאָנעלן צוזאַמענשטעל פון די אַרבעטער: וועגן דעם ווייס ער גאָרניט. אָבער לאָמיר נעמען די ציפערן (פון דער ציילונג אין ארץ־ישראל, פון די מאַטעריאַלן פון ד. ד. ק. אין וואַרשע און פון „אמת", וועגן דער האָמעלער גובערניע) און דאַן וועלן מיר זען אַז: אין וואַרשע אין דער גרונט־אינדוסטריע — 2, 1%, אין דער אינדוסטריע פון געברויך־מיטלען — 91%, אין האָמלער גובערניע אין דער גרונט־אינדוסטריע — 11%, אין דער אינדוסטריע פון געברויך־מיטלען (די זעלבע דריי צווייגן) —

17%, אין ארץ־ישראל אין דער גרונט־אינדוסטריע (לאַנדווירטשאַפט, באַן, הייזער־בוי און געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן) — 65%, אין דער אינדוסטריע פון געברויך־מיטלען (די זעלבע דריי צווייגן) — 18%. אויב אַזוי איז דען ארץ־ישראל ענלעך ווי צוויי טראָפּן צו פּוילן?

אַלטער דערציילט, אַז אין חודש פעברואַר זענען פון ארץ ישראל אַרויס מער יידן, ווי עס זענען אַהין אַריינגעקומען. עס האָבן עולה געווען 336, און פאַרלאָזן דאָס לאַנד האָבן 335, ד. ה. ניט מער נאָר די גלייכע צאָל. אָבער אַלטער דערציילט ניט, אַז פון דער צאָל עולים זענען געווען 290 יידן, פון זיי צוריק־געקומענע 43, ד. ה. עס זענען געווען 247 יידישע עולים. פון די וואָס האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד זענען געווען 298 יידן, און פון זיי 217 טוריסטן, ד. ה. אַז פאַרלאָזן האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד נאָר 81 עולים. אָבער כדי אַלטער זאָל ניט דערציילן קיין מעשיות וועגן עליה און ירידה לויט זיין טוריסטישער שיטה (וועגן איין צופעליקן חודש), ברענגען מיר די אמתע סטאַטיסטיק פון דער עליה אין יאָר 1923: עס זענען אַריין אין לאַנד 7254 יידן, עס האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד 3466 יידן. אויב אַזוי האָט די עליה איבערגעשטיגן די ירידה אין דעם יאָר אויף 3788.

פון דעם קען מען שוין לערנען אַ גזירה שווה וועגן די צען טויזנט פּעסער, וואָס ליגן אין אַמעריקאַנער קאָנסולאַט. צי וואָלט אַלטער ניט געקענט אונדז דערציילן פון וועמען ער האָט געהערט וועגן דער דאָזיקער צאָל? צי אויך פון דער בירגערלעכער דאַמע אין תל־אביב? און אַגב איז דאָך אינטערעסאַנט צו וויסן, וואָס איז דער נאַציאָנאַלער צוזאַמענשטעל פון די „צען טויזנט פּעסער״?

איך ברענג דאָ ניט מיין צווייטן אַרטיקל וועגן אַלטערס „אויספאָרשונגען״, איך וויל נאָר דערמאָנען איין אינטערעסאַנטן מאָמענט. אַלטער זאָגט, אַז אייגנט־לעך דאַרף מען ניט האָבן קיין קאַפּיטאַלן אין ארץ־ישראל, דער קאַפּיטאַל האָט ניט וווּהין צו גיין, און די איינציקע זאַך, וואָס מען קען טאָן מיט אים, איז געבן געלט אויף פּראָצענט. קען מען דאָך אייגנטלעך פרעגן, וואָס זשע טוט מיט דעם געלט דער, וואָס באָרגט דאָס געלט און פון וואַנען האָט ער צו צאָלן פּראָצענטן מיטן קאַפּיטאַל? איך האָב דאַן געשריבן, אַז דער ענין דערמאָנט מיר דעם יינגל, וואָס פרעגט ביים טאַטן, פון וואָס מען מאַכט פּאַפּיר. און דער פאָטער ענטפערט, אַז פּאַפּיר מאַכט מען פון דעם פסולת, וואָס בלייבט ביים איינבינדער.

אויך מיין אַלטער פריינד דער פּראָפעסאָר ליבמאַן הערש אין גענף האָט אָפּגעדרוקט אַ פּאָר מאמרים אין דער „פאָלקסצייטונג״ מיט סטאַטיסטישע ציפערן וועגן ארץ־ישראל. איך האָב אים געענטפערט און האָב באַוויזן, אַז ער, דער

פראָפעסאָר פון סטאַטיסטיק, ווייסט ניט ווי זיך צו באַנוצן מיט ציפערן, אָדער נוצט זיי אויס בכוונה ניט ריכטיק.

אַז איך בין געווען אין בערלין אין יאָר 1923 האָט זיך צו מיר געוואַנדן דער ח׳ יוסף פרידמאַן מיטן פאָרשלאַג צו שרייבן דעם צווייטן באַנד פון דער געשיכטע פון סאָציאַליזם. ער האָט געזען דעם ערשטן באַנד און נעמט אויף זיך אַרויסצוגעבן דעם צווייטן. ער איז דאַן געשטאַנען בראש פון אַ פאַרלאַג מיטן נאָמען „פונקען", וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ פּאָר בראָשורן. איך האָב גערן אָנגענומען דעם דאָזיקן פאָרשלאַג און אָנגעהויבן אַרבעטן אויף דעם דאָזיקן בוך. איך האָב זיך באַנוצט מיט דער „געשיכטע פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" פון מערינג, מיט די היסטאָרישע ווערק פון דעם רוסישן היס־טאָריקער קאַרעיעוו, מיט ק. מאַרקס בראָשור „דער בירגער־קריג אין פראַנקרייך", מיט די ביכער פון לוצאַטאָ, פּראָפעסאָר בער, פרידריך מוקלע, אויגוסט בעבעל, און אַנדערע. אין משך פון אַ פּאָר חדשים האָב איך פאַרענדיקט דאָס בוך, און ער ליגט ביי מיר ביזן היינטיקן טאָג, ווייל ער האָט קיין מאָל ניט געזען די ליכטיקע שיין.

פון יאָר 1922 איז אין וואַרשע דערשינען אין משך פון צוויי יאָר דער מאָנאַטלעכער זשורנאַל „ביכער־וועלט", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן פאַרלאַג „קולטור־ליגע". דער דאָזיקער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן אויך „דעם רויטן פנקס", ווו איך האָב געהאַט אַן אַרטיקל וועגן דעם אָנהייב פון „פועלי־ציון" אין פוילן. אין „ביכער וועלט", האָב איך געשריבן אַ סך רעצענזיעס וועגן ביכער:

1. י. בעקער — די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע.
2. סאָציאָלאָגישע עטיודן און פּאָליטישע סקיצעס פון ב. מיכאַלעוויטש.
3. די „פועלי־ציון"־שריפטן פון ב. באָראָכאָוו.
4. די געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע פון ח. קאַנטאָראָוויטש.
5. די געשיכטע פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק פון ק. קאַאוטסקי, ערשטער באַנד.
6. די געשיכטע פון סאָציאַליסטישן געדאַנק פון ק. קאַאוטסקי, צווייטער באַנד.
7. די געשיכטע פון סאָציאַליסטישן געדאַנק פון ק. מאַרקס, איבערזעצט פון ל. בערמאַן.

נאַטירלעך, ניט אַלע ביכער, וועגן וועלכע איך האָב געשריבן, זענען מיר געבליבן אין זכרון. וועגן לייבקע בערמאַנס אומגעלונגענער איבערזעצונג האָב איך שוין דערמאָנט. אַגב האָבן אין יענער צייט פּאַסירט אַ פּאָר אינטערעסאַנטע קוריאָזן מיט אונדזערע איבערזעצער. אין יאָר 1924 האָט קאַציזנע איבערגעזעצט

גאָגאָלס קאָמעדיע „דער רעוויזאָר". דאָרט שטייט אין אַן אָרט, אַז „אַננאַ אַנדרעיעוונאַ (די פרוי פון דעם גאָראָדניטשי) האָט געטרונקען „קאַפּע סאָ סליווקאַמי". „סליווקי" אין רוסיש מיינט דעם שמאַנט, וואָס מען נעמט אַראָפּ פון מילך — פון וואָרט „סליוואַט" — אַראָפּגיסן, אָבער „סליוואַ" איז אַ רוסיש וואָרט, וואָס באַטייט אַ „פלוים", זענען „סליווקי" קליינע פלוימען, און קאַציזנע האָט טאַקע איבערגעזעצט, אַז אַננאַ אַנדרעיעוונאַ האָט געטרונקען קאַווע מיט קליינע פלוימען. אָדער, למשל, אַטאַ העלער האָט דאַן אַרויסגעגעבן אַ דיקן בוך „אונטערגאַנג דעס יודענטומס" אין דייטש — ער איז געווען אַ יידישער קאָ־מוניסט און אַנטיסעמיט. אויף דער זייט 223 האָט ער געשריבן וועגן דעם תחום המושב פון די יידן אין רוסלאַנד, וואָס אין רוסיש האָט עס געהייסן „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי", וואָס בוכשטעבלעך הייסט עס די „ליניע פון דער זידלונג", אָבער אָטאָ העלער האָט פאַרמישט דאָס וואָרט „טשערטאַ" („ליניע") מיטן וואָרט „טשאָרט" (טייוול) און איבערזעצט „טויפל דער זידלונג".

אין יאָר 1924 האָב איך אויך געהאַט אַ דריי־פיר אַרטיקלען אין דער אַמעריקאַנער „צוקונפט" וועגן דער דעמאָגראַפיע פון וואַרשע, וועגן דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין האָמלער גובערניע אין פאַרגלייך מיט וואַרשע, און נאָך. בקיצור, פאַר די צוויי יאָר, וואָס איך בין געזעסן אין דאַנציג, האָב איך געשריבן מער ווי פאַר אַנדערע צען יאָר.

זומערצייט האָב איך געשריבן מיין מוטער אין רחובות, אַז איך קלייב זיך שוין ענדלעך צו קומען קיין ארץ־ישראל. ווי מען האָט מיר שפּעטער דער־ציילט, האָט מיין מוטער זיך זייער דערפרייט מיט דער דאָזיקער ידיעה, ווייל זי האָט שוין לאַנג אונדז ניט געזען און דאָס צווייטע אייניקל האָט זי אַפילו ניט געקענט. באַקאַנטע האָבן מיר דערציילט, אַז זי פלעגט האַלטן אין איין רימען מיין סאַבינען, אַז קיין מאָל האָט זי זיך ניט געקריגט מיט איר, און זי וועט זיין גליקלעך, ווען די שנור וועט קומען. זי האָט זיך דאַן געוואָנדן דורך מיין שוועסטער העלענע זילבערמאַן צו דעם קאָמיטעט פון רחובות (ועד המושבה) אַז דער ועד זאָל איר אַרויסגעבן אַ צייגעניש, אַז זי איז שוין אַלט און בייטיקט זיך, אַז איר איינציקער זון זאָל קומען אין לאַנד, כדי צו פירן די ווירטשאַפט — דעם ווייַנגאָרטן און מאַנדל־גאָרטן, ווייל איך האָב געבעטן די מוטער זי זאָל מיר אַרויסשיקן די פּאַלעסטינער וויזע. אַ לאַנגע צייט האָב איך ניט באַקומען קיין תשובה, און צום סוף שרייבט מיר די מוטער, אַז דער ועד האָט איר אָפּגע־זאָגט צו געבן אַזאַ מין צייגעניש. די מוטער האָט מיר צוגעשיקט דעם אָריגינעלן בריוו פון ועד און דאָס איז זיין אינהאַלט:

„ועד המושבה רחובות. ארץ־ישראל. טלפון 4. רחובות יום ו׳ אדר לחודש תפ״ה. ג. נ. התעודה שדרשה בשביל אחיה מר נחום רפאלקס, נתכבד להודיע

לכב׳ מסיבות שונות מסרב הועד לתת לו תעודה שכזו. בכל הכבוד בשם (חותמת) ועד הפועל של המועצה המקומית רחובות. א. גרשנזון״.

אין דער איבערזעצונג הייסט עס, אַז דער ועד וויל ניט אַרויסגעבן אַזאַ צייגעניש איר ברודער צוליב פאַרשיידענע טעמים.

דער דאָזיקער בריוו, מיט זיין, אגב, כאַראַקטעריסטישן העברעיִש, געפינט זיך ביי מיר אין אַרכיוו, און קען דינען פאַר אַ גלענצנדיקן באַוויז, ווי די איכרים פון רחובות האָבן געקעמפט פאַר דער פרייער עליה. מיין מוטער איז אַוועק אין ועד פרעגן, וואָס זענען עס די סיבות, וואָס שטערן געבן אַזאַ צייגעניש איר זון. אויף דעם האָט מען איר געענטפערט, אַז איר זון איז אַ פאַרברעכער, ער איז אַ באָלשעוויק. מיין מוטער האָט זיי געזאָגט אין ועד, אַז הלוואי וואָלטן זיי אַלע געווען אַזעלכע פאַרברעכער ווי איר זון.

מיין מוטער האָט מיר אַפילו געשיקט אַ סומע געלט אויף הוצאות, און איך האָב תיכף אַוועקגעשיקט אַ סך זאַכן, בעיקר מיין ביבליאָטעק, אָבער אין צוויי וואָכן אַרום האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מיין שוועסטער, אַז די מוטער האָט באַקומען אַ בלוט־אויסגוס אין מוח, און זי איז באַגראָבן אין רחובות...

זומערצייט 1924 זענען געקומען אַ פאָר חברים פון וואַרשע אויף אורלויב קיין צאָפּאָט (לעבן דאַנציג). צווישן זיי איז אויך געקומען דער חבר נתן בוקסבוים (אומגעקומען אין בערגן־בעלזען), וועלכן איך האָב פאַרשאַפט אַ צימער ביי מיין באַלעבאָס. אַ מאָל קומט ער אַריין צו מיר און דערציילט מיר, וואָס מיין קליינע חנה רעדט וועגן גאָט. אַ טאָג פאַר דעם, האָט זי מיך געפרעגט, צי עס איז דאָ אַ גאָט, איך האָב איר נאַטירלעך געענטפערט נעגאַטיוו. דאַן האָט זי מיך געפרעגט, אַז אויב עס איז ניטאָ קיין גאָט, ווער זשע לאָזט אַראָפּ דעם רעגן? האָב איך איר דערציילט וועגן וואָלקנס וכדומה. און דאָ קומט בוקסבוים, און דערציילט, אַז חנה האָט אים געזאָגט, אַז עס איז ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט, און ווען ער האָט זי געפרעגט, פאַר וואָס זי טראַכט אַזוי, האָט זי אים דערקלערט: ראשית, ווען גאָט וואָלט אַראָפּגעלאָזט דעם רעגן, וואָלט מען דאָך געקענט זען די האַנט, מיט וועלכער ער לאָזט אַראָפּ דעם רעגן. צווייטנס, ווען גאָט וואָלט אַראָפּגעלאָזט דעם רעגן, טאָ ווי קאָן דאָס זיין, אַז אַ רעגן זאָל זיין אין איין צייט אין וואַרשע, אין ווין און אין דאַנציג, און דריטנס, די נאַרישע מענטשן מיינען, אַז גאָט געפינט זי אין יעדן אָרט. ווי קען ער זיין אַזוי גרויס, כדי צו זיין אין יעדן אָרט אויף דער וועלט?

דאָס האָט מיך איבערצייגט, אַז אויך פינפיעריקע קינדער טראַכטן זעלבשטענדיק און זעצן פאָר צו טראַכטן אין דער ריכטונג, וואָס ווערט זיי געגעבן דורך עמעצן. דעריבער האָט אַ גרויסע באַדייטונג די אויפקלערונג פון די דערוואַקסענע און מען דאַרף ניט אָפּפטרן דאָס קינד מיט דער סטערעאָטיפּישער

פראַזע, וואָס איך האָב ניט איין מאָל געהערט פון מיין פאָטער: „אַז דו וועסט גרויס ווערן, וועסטו וויסן".

לויטן הסכם מיטן אָ. ק. האָט דער סעקרעטאַריאַט פון פאַרבאַנדס־ביוראָ געדאַרפט אַריינגיין קיין בערלין. אין אויגוסט האָב איך מיט דער משפחה פאַרלאָזן דאַנציג און געפאָרן קיין וואַרשע. אַזוי ווי עס איז געווען באַוווסט, אַז איך פאָר אויף נאָך אַ האַלב יאָר קיין בערלין און פון דאָרט קיין ארץ־ישראל, האָט מען מיר איינגעאָרדנט אַ געזעגענונגס־באַנקעט. בדרך כלל אויף אַזעלכע באַנ־קעטן רעדט מען אַ סך, מען האַלט פייערדיקע רעדעס אָבער ניט אַלע מאָל זענען זיי אויפריכטיק. אָבער אויפן באַנקעט, וואָס די באַראַכאָוו־יוגנט האָט מיר איינגעאָרדנט אין וואַרשע האָב איך געהערט פון צוויי יונגע חברים זאַכן, וואָס זענען מיר געבליבן אין זכרון עד היום. זיי האָבן מיר געדאַנקט דערפאַר, וואָס איך האָב זיי געהאָלפן אין דער איבערגאַנגס־תקופה אין דער געשיכטע פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם, צו פאַרשטיין דעם פועלי־ציוניזם, און דערפאַר, וואָס איך האָב זיי דערוויזן, אין וואָס עס דריקט זיך אויס אונדזער טעאָריע אין דער תקופה פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. פאַר מיר איז עס געווען אַ גרויסער שבח און דעריבער געדענק איך עס.

זרבבל, אין זיין אַרטיקל צו מיין 70־יאָריקן יובל אין יאָר 1954 גיט איבער דווקא אַן אינטערעסאַנטן פּרט פון דעם דאָזיקן באַנקעט, וועלכן איך האָב פאַרגעסן.

„אין זיין געזעגענונגס־רעדע האָט ניר זיך געוואָנדן צו די חברים מיט אַ בקשה, צו דערמאָנען אים פון צייט צו צייט וועגן דער עקזיסטענץ פון די תפוצות און וועגן די באַדערפעונישן פון יידישן אַרבעטער אין דעם גרויסן שטח פון די תפוצות. ער גייט איצט אין דעם באַשטימטן לאַנד, דאָרט שאַפט זיך אַ נייער שטייגער, אַ נייע ווירקלעכקייט פון פאָלק, וואָס קלייבט צונויף די גלויות און די צעשפּרייטע ברידער און פאַרוואַנדלט זיי אין אַן איינהייטלעכע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע גרופּע. די דאָזיקע ווירקלעכקייט ברויזט, בייט אירע פאָרמען, און נאַטירלעך זעט זי ניט אויס ווי די יידישע ווירקלעכקייט, וואָס מיר קענען זי פון נעכטן־אייערנעכטן. עס איז מעגלעך, אַז דאָס נייע לעבן, וואָס שטראָמט מיט אימפּעט און כוח, וועט באַזיגן דעם נייעם עולה, פאַרכאַפּן זיין מאַרך און האַרץ ביז צו פאַרגעסן דעם גלות, וואָס עקזיסטירט און טריפט מיט בלוט, די מאַסן, זייערע נויטן און ראַנגלעונישן, זייער פאַרצווייפלטן און געוואַגטן קאַמף. נו, חברים, האָט געבעטן דער ח' ניר, טוט מיר אַ טובה און דערמאָנט מיר פון צייט צו צייט מיין פליכט כלפּי די תפוצות, כדי איך זאָל זיך ניט אויסדרייען צו זיי מיטן רוקן. דאָס דאָזיקע פאַרגעסן איז מעגלעך אַ נאַטירלעכע זאַך. אָבער מיטן באַוווסטזיין וויל איך עס ניט, ווייל דאָס איז פון יידיש־סאָציאַליסטישן

שטאַנדפונקט פסול, און עס איז פרעמד די פועלי־ציון, וואָס זעען דאָס יידישע פראָבלעם ווי איין וועלט־פראָבלעם און דעם גורל פון אונדזער גראַנגל, וואָס איז אויך אײנהייטלעך אין אַלע ערטער און זיינע רעזולטאַטן, וואָס זייער באַדייטונג און חשיבות זעגען פאַר אונדז דעצידירנדיק, צי נעגאַטיוו צי פּאָזיטיוו — ווי איין אײנהייטלעכן קאָלעקטיוו". איך בין שטאַרק איבערצייגט, אַז אַזוי פּאָעטיש האָב איך עס ניט געזאָגט, ווי זרבבל שרייבט עס, אָבער דעם געדאַנק האָב איך זיך טאַקע דערמאָנט.

# בערלין

איך האָב איבערגעלאָזט מיין משפחה אין וואַרשע, ווייל איך האָב געטראַכט אין אַ פּאָר וואָכן אַריבערצונעמען זי צו זיך קיין בערלין. אין בערלין האָב איך זיך איינגעאָרדנט אין אַ פּענסיאָן אויף סאַוויני פּלאַץ, איך ברענג דאָ דעם נאָמען פון דעם אָרט, ווייל די ביידע פּענסיאָנען אין איין הויז דאָ אויף דעם פּלאַץ, זענען געווען דער צענטער, וואָס דאָ האָבן געוווינט כמעט אַלע ארץ־ישראלדיקע און דאָרטן האָב איך זיך טאָקע מיט זיי אַלעמען באַגעגנט. בכלל איז בערלין צו יענער צייט געווען דער דורכגאַנגס־פּונקט קיין ארץ־ישראל און פון ארץ־ישראל — עולים ויורדים.

פאַר דער לעצטער צייט איז בערלין ניט נאָר געוואָרן אַן עיר־מקלט פאַר די רוסישע קאָנטררעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, אַהער זענען געקומען אויך אַ סך פון די יידן, וואָס זענען אַ מאָל געווען גרויסע יחסנים אין זייערע קהילות. אַהער זענען געקומען אַ סך „לופט־מענטשן" — יידן, וואָס פאַר זיי איז דער עקאָנאָמישער קריזיס אין דייטשלאַנד אין די יאָרן 1922־23, מיט דער קאָלאָסאַלער אינפלאַציע געווען דאָס מוטנע וואַסער אין וועלכן מען האָט געקענט כאַפּן גוטע פיש. פאַר די דאָזיקע עלעמענטן פון דער יידישער עמיגראַציע איז די געזונט־מאַכונג פון דעם דייטשן געלט־מאַרק און דער איבערגאַנג צו דער „רענט־מאַרק" געווען אַ טויט־קלאַפּ, נאָך מער אַפילו ווי דער פּאָגראָם אין דער גרענאַ־דיר־שטראַסע (דער צענטער פון דער יידישער שפּעקולאַציע). און דעריבער האָבן אַלע געלט־שפּעקולאַנטן אָנגעהויבן אַריבערפאָרן קיין פּאַריז, ווייל דאָרט מיט דעם פאַלן פון פראַנצויזישן פראַנק, האָט זיך פאַר זיי געעפנט אַ נייער געביט פון טעטיקייט.

אָבער דער צווייטער טייל פון דער יידישער עמיגראַציע — אַלע אָנגעזעענע מנהיגים פון פאַרשיידענע פּאַרטייען, וואָס די פּאַרטייען האָבן זיי פאַר־לאָזן, אָדער וואָס זיי האָבן פאַרלאָזן די פּאַרטייען, האָבן זיך גאַנץ גוט אַקלימאַ־טיזירט אין בערלין און האָבן זיך געפילט דאָ ווי פיש אין וואַסער. זיי האָבן אַפילו געשאַפן פאַר זיך אַ סוראָגאַט פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, ווייל אַלע צענטראַל־קאָמיטעטן פון די פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן און אַנדערע אינסטי־טוציעס האָבן אַריבערגעפירט דעם צענטער פון זייער אַרבעט קיין בערלין. זייער אַפּט פלעגן פאָרקומען פאַרשיידענע קאָנפערענצן, באַראַטונגען, פּלענומס! מען

איז געפאָרן אין שלאָף־וואַגאָנען, געפלויגן מיט אַעראָפּלאַנען, מען איז געזעסן ביי נאַכט אין די קאַבאַרעטן, און נאָך מער אין „ראָמאַנישן קאַפע"... און מען האָט גערעטעוועט דאָס פאָלק ישראל. אָפט מאָל האָט מען איינגעאָרדנט שפּאַצירן קיין קאַרלסבאַד אָדער פּאַריז — דאָס זענען געווען נאָר צייטווייליקע שפּאַצירן — דער צענטער פון דער „רעטונגס־אַרבעט" פון פאָלק ישראל איז געבליבן אין בערלין.

דאָ, אונטער די כּנפי השכינה פון די גרויסע היסטאָרישע" צדקה־געזעלשאַפטן, האָבן געפונען זייער מקום מנוחה די אַלע „געוועזענע" מענטשן. דאָ האָבן זיך, למשל, אַרומגעדרייט אַ פּאָר גענעראַלן פון אַן אַרבעטער פּאַרטיי, וואָס געפינט זיך שוין פון לאַנג אויפן עולם התוהו. מען האָט דאָ געקענט זען גענעראַלן פון נאָך עקזיסטירנדיקע פּאַרטייען, וואָס האָבן פאַרביטן זייער פּאַרטיי אויף צדקה־אַרבעט אָדער אויף ליטעראַרישע אַרבעט. קלאָר, אַז יעדער מענטש נייטיקט זיך אין פּרנסה, אָבער אויב פון דער פּרנסה הייבט מען אָן שאַפן אַנט־שפּרעכנדיקע טעאָריעס, ווערט דער ענין זייער חשוד. און האָסטו זיך אַ מאָל ניט געקענט איינהאַלטן און האָסט געזאָגט דער דאָזיקער חברה אַ פּאָר אמתע ווערטער, האָט מען דיך פאַררעכנט פאַר אַן אָבסקוראַנט, פאַר אַ מענטשן מיט אַן ענגן מוח, וואָס איז כּלומרשט גלייכגילטיק „צום גורל פון פאָלק ישראל" און וואָס פאַרשטייט ניט די גרויסע היסטאָרישע מיסיע, וואָס עס פּילן אויס די דאָזיקע חברות. די אַלע, וואָס זענען אַ מאָל געווען אין אַרבעטער־פּאַרטייען, האָבן זיך אַנטוישט אין די יידישע אַרבעטער און זענען איצט דורכגעדרונגען מיט דער „גרויסער און שאַפנדיקער" ראָל פון דעם יידישן בירגערטום.

אַז דו הערסט זיך צו צו די רייד פון די דאָזיקע מענטשן, קומט אויס, אַז די יידן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן געלעבט אין דער גאַנצער וועלט, ווי גאָט אין פראַנקרייך. זיי זענען שוין לאַנג אַריבער צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, והראיה, די טויזנטער יידישע שניידערס און שוסטערס און די 53% פון פּראָדוקטיווע מענטשן אין פאָלק. און נאָר די וועלט־מלחמה האָט אַרויס־געריסן די יידן פון זייער פּראָדוקטיוון לעבן און דעריבער שטייט פאַר די גרויסע היסטאָרישע צדקה־חברות די היסטאָרישע אויפגאַבע צו מאַכן די יידן צוריק פאַר שניידערס.

פון צייט צו צייט דערמאָנט מען זיך אַ ביסל די חטאות נעורים און עס שאַפט זיך אַ ווילן אויפצולעבן אין זכרון די שטורמישע וויכּוחים פון מיט יאָרן צוריק. דאַן קלייבט מען זיך צונויף אין אַן עלעגאַנטן קאַפע אויף אַ גלעזעלע קאַווע. מען לייענט מיט נחת־רוח צייטונגען און מען הערט זיך אַ ביסל צו צו פאָרטראָגן און וויכּוחים. דעם אמת זאָגנדיק, נעמט מען זיך ניט צום האַרצן

דעם גאַנצן ענין, מען נוצט נאָר אויס די געלעגנהייט צו באַווייזן איינער דעם צווייטן די גאַנצע אייגענע בקיאות און די שטאַרקע געפילן צו די צרות פון ידישן פאָלק. און אויב עס גייט אַריין אין וויכוח אַ מענטש, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון דעם ברוויזנדיקן לעבן פון דעם אַלטן פאָטערלאַנד — פוילן, אָדער פון דעם נייעם צענטער, וואָס שאַפט זיך אין ארץ־ישראל, און פּרוּווט אַריינ־טראָגן אַ ביסל אמתן געפיל און טעמפּעראַמענט, שטעלט ער אויף די גאַנצע עלעגאַנטע חברה קעגן אים, מחמת זי קען אים ניט מוחל זיין, וואָס ער טראָגט אַריין אַ דיסאָנאַנס אין איר רויִקן און באַקוועמען לעבן.

עס איז מיר געבליבן אין זכרון איין זייער כאַראַקטעריסטישע פאַר־זאַמלונג. אָט די אַלע „געוועזענע", און צווישן זיי אויך אַ פּאָר מענטשן פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, האָבן זיך צונויפגעקליבן אין קאַפע „לעאָן". שלמה קאַפּלאַנסקי האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן „דער אויפנאַמספעיִקייט" פון ארץ־ישראל. דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען לעאָן כאַזאַנאָוויטש (כתריאל). איך געדענק, אַז אין דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָבן אָנטייל גענומען לוואָוויטש־דאַווידאָוויטש, וואָס האָט אַ מאָל געהערט צו די „פאַר־אייניקטע", ד"ר גערגל, אויך פון די געוועזענע „פאַראייניקטע" (שפּעטער גע־אַרבעט אין „אָזע" און „אָרט"), יעקב לעשטשינסקי, דער באַוווּסטער עקאָנאָמיסט (איצט אין ארץ־ישראל — דאַן געווען אַן עקסטרעמער קעגנער פון ציוניזם), רעדאַקטאָר פון אַ מאָנאַטשריפט פון דעמאָגראַפיע און סטאַטיסטיק, כאַשין, וואָס איז שוין געווען אַוועק פון אונדז און האָט זיך פאַרנומען מיט ליטעראַרישער אַרבעט, און נאָך אַ פּאָר מענטשן פון דעם מין. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין צוויי המשכים. אויך איך האָב אָנטייל גענומען אין דעם וויכוח. באַטירלעך קען איך ניט געדענקען אַלץ, וואָס איז געזאָגט געוואָרן דורך די אָנטיילנעמער אין וויכוח. אין דעם גרעסטן טייל אויסגעשפּראָכענע קעגנער פון דעם ארץ־ישראל געדאַנק. עס איז מיר געבליבן אין זכרון עפּעס פון דער רעדע פון יעקב לעשטשינסקי, וועלכער האָט געטענהט, אַז דער ציוניזם איז אַ גרויסער עקס־פּערימענט, אַז אין איצטיקן מאָמענט איז אוממעגלעך צו וויסן וואָס דערפון וועט אַרויסקומען, אַז מען דאַרף וואַרטן אַ פערציק יאָר, דאַן וועט מען ערשט וויסן, צי דער ענין איז געווען כדאי. לעשטשינסקי האָט אין דריי יאָר שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ בראָשור קעגן ארץ־ישראל, וואָס לויט זיין טערמינאָלאָגיע איז עס „אַ געפּגרט לאַנד", אָבער מיט נאָך אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז ער געוואָרן אַ הייסער ציוניסט, און דאָ אין לאַנד האָט מען אים געוואָלט שאַפן אַ סערטיפיקאַט „כציוני וותיק", אָבער ער האָט בעסער געוואָלט פאָרן קיין אַמעריקע. נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזן בערלין איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל ערשט אין 1959. די עיקרדיקע טענה פון די אַנדערע דיסקוטאַנטן איז געווען, אַז ארץ־ישראל

איז אַ קליין לאַנד און באַזעצט דורך די אַראַבער, דעריבער קען קיין רייד ניט זיין, אַז דאָרט זאָלן נאָך קענען אַריינקומען נייע יידישע עלעמענטן.

איך האָב דאַן געענטפערט לעשטשינסקין, אַז אים איז גוט צו זיצן אין בערלין, דאָ קען ער רויק וואַרטן פערציק יאָר (אין דעם פרט האָב איך אַ טעות געהאַט), און צוקוקן זיך רויק, וואָס עס וועט אַרויסקומען פון דעם דאָזיקן עקס־פערימענט, אָבער די יידישע אַרבעטנדיקע און ניט־אַרבעטנדיקע מאַסן ביי דער איצטיקער אַנטוויקלונג אין גלות און ספּעציעל אין מזרח, זיי קענען ניט וואַרטן פערציק יאָר. זיי דאַרפן וויסן און טאַקע תיכף, וואָס זיי האָבן צו טאָן און וווּהין צו גיין. און דאָ מוז יעדער, וואָס פילט זיין פליכט כלפּי דעם פאָלק, געבן אַ קלאָרע תשובה, און ווער עס וויל וואַרטן, באַווייזט בלויז דערמיט, אַז דער ענין גייט אים ניט אָן. בנוגע צו דער קאָלאָניזאַציע פון ארץ־ישראל, האָב איך דאַן געזאָגט, אַז ווען עמעצער, למשל, וואָלט געקומען צו זיי מיט צען יאָר צוריק (פאַר דער מלחמה) און וואָלט זיי פאָרגעשלאָגן „קאָלאָניזירן" בערלין, ד. ה. פּשוט עמיגרירן קיין בערלין, וואָס איז אַזוי שטאַרק באַפעלקערט, וואָלט מען דאָך געלאַכט פון אים אין די הויפּנס, אָבער דאָס לעבן פרעגט ניט די טעאָרעטיקער, און איצט, נאָך צען יאָר איז אַריינגעקומען קיין בערלין נאָך אַ באַפעלקערונג פון אַ האַלבן מיליאָן מענטשן. אויף דער טענה, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט ניט קיין געלט און די מענטשן אין דער פאַרזאַמלונג האָבן געמאַכט דעם חשבון, וויפל עס דאַרף אָפּקאָסטן דאָס באַזעצן איין משפּחה, און לויטן חשבון איז אויסגעקומען, אַז מען דאַרף האָבן מיליאַרדן, וועלכע זענען ניטאָ, האָב איך זיי געפרעגט, צי עמעצער האָט געגעבן געלט אויף צו באַזעצן דעם האַלבן מיליאָן נייע מענטשן אין בערלין. נאַטירלעך, מוז מען האָבן געלט, אָבער אויב די עליה קיין ארץ־ישראל איז די היסטאָרישע נויטווענדיקייט פון פאָלק, וועלן זיך געפינען מענטשן, וואָס זיצן ניט אין די קאַפּעען, און עס וועט זיך אויך געפינען דאָס געלט. נאַטירלעך, האָט מען פון מיר חוזק געמאַכט, און ניט נאָר פון מיר, נאָר פון גאַנצן פאָרטראָג פון קאַפּלאַנסקין.

פאַר דער דאָזיקער חברה איז געווען קלאָר, אַז אַלע פּראָבלעמען האָבן געפונען זייער לייזונג. און אויב ערגעץ ווו קעמפט דער יידישער אַרבעטער־קלאַס פאַר זיין צוקונפט, און פאַר דער צוקונפט פון גאַנצן יידישן אַרבעטנדיקן פאָלק, איז עס פאַר זיי אַן „עקספּערימענט". זיי זענען זעלבסטצופרידענע מענטשן, וואָס ווייסן אַלץ, זיי קוקן זיך צו צו די דאָזיקע „עקספּערימענטן" פון דער זייט, מיט דער אינערלעכער גייסטיקער כינעזיש־מאַנדאַרינער רויקייט. זיי קענען זיך ניט באַטייליקן אין דעם דאָזיקן קאַמף, ווייל זיי זענען רעאַלע מענטשן און האָבן ניט ליב קיין „פּאַפּירענע בריקן", זיי דאַרפן האָבן שטאַרקע בריקן פון אייזן־בעטאָן... פון די צדקה־חברות.

אַ סך פון די דאָזיקע מענטשן האָבן בשעתו מיט ענערגיע און טעמפּע־ראַמענט געזוכט אַ טעריטאָריע פאַרן יידישן פאָלק, אָבער זייערע אילוזיעס האָבן זיך אויסגעוועבט און דעריבער זענען זיי געוואָרן „רעאַליסטן" און קענען זיך ניט באַשעפטיקן מיט „עקספּערימענטן", און זיי זענען גרייט נאָך פערציק יאָר, אַז עס וועט זיך אויסווייזן, אַז דער ענין איז אַן ענין, אויך צו העלפן.

די דאָזיקע מענטשן מאַכן אַ טרויעריקן איינדרוק. דאָס איז דער גורל פון מענטשן, וואָס רייסן איבער זייערע פאַרבינדונגען מיט די מאַסן און זייער לעבן, דאָס זענען אָפּגעוועלקטע, געלע בלעטער, אָפּגערייסענע פון בוים, דער לעבן־שטורעם פון די לעצטע יאָרן האָט זיי געבראַכט אַהער, און אין דעם נייעם שטורעם וועט דער ווינט זיי צעשפּרייטן אויף אַלע זייטן...

בדרך כלל, ווער עס האָט געקענט בערלין פאַר דער מלחמה, האָט ניט דערקענט די שטאָט און ניט די מענטשן. אויב מיט צוואַנציק יאָר פריער איז דער דייטש געווען יושרדיק, האָט מען איצט פאַר שוחד געקענט דערגרייכן אַלץ. די פרויען זענען אַ מאָל געווען זייער צניעותדיק, און איצט — הכסף יענה הכל. די שפּעקולאַציע האָט געבליט ניט נאָר צווישן יידן, ניט געקוקט אויף דער דייטשער פּינקטלעכקייט זענען די דייטשן אויך געוואָרן גרויסע שפּעקולאַנטן.

צוזאַמען מיט נח בארו האָבן מיר אָרגאַניזירט דעם סעקרעטאַריאַט פון פאַרבאַנדס־ביוראָ. אַגב האָבן מיר אין בערלין געהאַט אַ גרופּע אונדזערע חברים, כמעט אַלע סטודענטן, (אַן אויסנאַם דער ח׳ משה ערעם) און פיר חברים, וואָס האָבן געהערט צום א. ק. דיביידע גרופּעס האָבן זיך פאַראייניקט. בירושה פון אָ. ק. האָב איך באַקומען זיין סעקרעטאַרין, די ח׳ פרידא שוואַרץ (איצט אין ארץ־ישראל, די פרוי פון ח׳ שריפטמאַן), דער צווייטער חבר פון אָ. ק. נאַטאַנזאָן (נתני, היינט אַן אַדוואָקאַט אין לאָנדאָן, דער פאָרזיצער פון דער מפ״ם דאָרט, האָט אַ זון אין ארץ־ישראל), ער איז געווען דער געהילפס־סעקרעטאַר פון דעם קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. פרידא איז געווען אַ גוטע און איבערגעגעבענע חברטע, און די אַרבעט ביי אונדז איז געגאַנגען זייער גוט. כמעט זעקס שעה אַ טאָג בין איך געזעסן און צוגעגרייט ביולעטינען פאַר דער באַוועגונג און מאַטעריאַל פאַר אונדזער פּרעסע.

נאַטירלעך איז געשטאַנען דאָס פּראָבלעם פון מאַטעריעלע מיטלען פאַר דער אַרבעט. דאָס געלט האָט זיך פאַרפּליכטעט צו שיקן בעיקר די פּאַרטיי אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, ווייל זי האָט דאָרט געהאַט אונטערנעמונגען, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט ריווח. און זי האָט מקיים געווען די הבטחה. דורכן ח׳ בארו פלעגן מיר יעדן חודש פּינקטלעך באַקומען די נייטיקע סומעס. נאָך אַ שיינע פאַר יאָר הונגערן, האָב איך אָפּגעלעבט אין בערלין, ווייל איך פלעג

באַקומען מיין געהאַלט פּינקטלעך און האָב אויך געקענט שיקן קיין וואַרשע פּאַר מיין משפּחה וואָס האָט זיך דאָרט פאַרהאַלטן, מחמת זי האָט ניט געקענט באַקומען קיין אַריינפאָר־וויזע קיין דייטשלאַנד. מיט בארו האָבן מיר באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו אַ פּאָר איינצלנע חברים אין דער וועלט־באַוועגונג, וועגן וועלכע מיר האָבן געוווּסט, אַז זייער מאַטעריעלער מצב איז אַ גוטער, און פאַרפליכטעט זיי מיט אַן אָפּצאָל פון 25 דאָלאַר. פון אַ פּאָר חברים האָבן מיר באַקומען די באַשטייערונג. מיר האָבן אויך געפאָדערט די דאָזיקע איינמאָליקע באַשטייערונג פון חבר סערפּאָוו, וועלכער, ווי איך האָב דערמאָנט, איז געווען אָנגעשטעלט אין אַ סאָוויעטישער האַנדלס־פירמע און האָט באַקומען אַ גרויסן געהאַלט. סערפּאָוו האָט זיך ניט אָפּגערופן. דאַן האָט באָרו פון מיר געפאָדערט, אַז מיר זאָלן אים אויסשליסן פון דער באַוועגונג. בכלל האָבן די חברים פון י. ס. ד. „פּועלי־ציון" אין רוסלאַנד געהאַט אַ ספּעציעלע שנאה צו סערפּאָוון פון דער צייט, וואָס מיר זענען צוזאַמען געווען אין מאָסקווע אין יאָר 1921. און הגם מירביידע, סערפּאָוו און איך, האָבן דאַך דאַן אויסגעשלאָסן די י. ס. ד. „פּועלי־ציון" פון דער באַוועגונג, איז אָבער דער כעס זייערער געווען געוואָנדן קעגן סערפּאָוון. איצט איז געקומען די צייט, וואָס זיי האָבן געוואָלט זיך נוקם זיין אין אים. מיר איז דער ענין געווען זייער אומאָנגענעם, אָבער איך בין אויך געווען אין כעס אויף סערפּאָוון: „וישמן ישורון ויבעט". מיר האָבן געמאָלדן סערפּאָוון, אַז אויב ער וועט ניט דערפילן די פליכט, וועלן מיר אים אויסשליסן פון דער באַוועגונג. ער האָט ניט געענטפערט און מיר האָבן אויסגעפילט אונדזער דראָונג. צום שבח פון סערפּאָוון דאַרף מען זאָגן, אַז הגם ער איז געווען אין כעס אויף אונדז, האָט ער אָבער ניט איבערגעריסן די פאַרבינדונגען מיט דער באַוועגונג. און אין די שפּעטערדיקע יאָרן אונדז אַפילו אַ ביסל געהאָלפן. צום לעצטן מאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיט אים אין יאָר 1935, אין פּאַריז, ווען איך בין געקומען אַהין פון „אַנטיפאַ" אין ארץ־ישראל צו דער קאָנפערענץ פון די אַנטיפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס.

אין אונדזער פּענסיאָן אין בערלין האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ פּאָר חברים פון ארץ־ישראל, צווישן זיי לוי שקולניק־אשכול, דעם איצטיקן פּרעמיער. אין פּענסיאָן האָב איך זיך באַגעגנט מיט ח' אליהו עפּשטיין־אילת, וואָס איז דאַן געפאָרן אַלס חלוץ פון ריגע. צען יאָר איז ער געווען אונדזער געזאַנדטער אין לאָנדאָן. ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל אַ האַלב יאָר פאַר אונדז, און אַז מיר זענען געקומען אין לאַנד איז ער געווען אַ חבר אין חבורת־הדרום אין רחובות, און פלעגט ניט איין מאָל קומען צו מיר אין שטוב אין רחובות. מיר האָבן אַ סך געשמועסט וועגן פאַרשיידענע ענינים, און ער האָט מיר אַ מאָל געזאָגט: בעצם בין איך מסכים מיט אייך, אָבער לויט מיין אָפּשאַצונג איז

„הפועל הצעיר" די פאַרטיי פון דער פאַרגאַנגענהייט, „אחדות העבודה" — די פאַרטיי פון דער קעגנוואַרט, און איר, די לינקע „פועלי־ציון", זייט די פאַרטיי פון דער צוקונפט".

אַ פּאָר חדשים זענען צו יענער צייט אין פּענסיאָן פאַרבליבן די מענטשן פון ארץ־ישראלדיקן טעאַטער תאי — דאַן איז נאָך ניט געווען די „הבימה" — אָבער אַ טייל פון זיי איז שפּעטער אַריין אין „הבימה". דאָרט זענען געווען גנעסין מיט זיין פרוי און טאָכטער, פינקעל מיט בת־עמי, קוטאי מיט זיין פרוי אהובה, בנימיני מיט וועלכן איך האָב זיך שטאַרק באַפריינדעט (געשטאָרבן אין תל־אביב אין יאָר 1959) ; עס איז דאָרט געווען נאָך אַ חברטע, לאה לעווין פון לאָדזש, וואָס האָט שפּעטער אין לאַנד חתונה געהאַט מיטן אַדוואָקאַט דוב־קעלבלום, דעם שפּעטערדיקן ריכטער פון העכסטן געריכט (געשטאָרבן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אי תל־אביב), עס איז געווען צו יענער צייט אין בערלין אויך מרים כהן־בערנשטיין, מיט וועלכער מיר האָבן זיך אויך באַפריינדעט.

די ארץ־ישראלדיקע האָבן זיך געפילט גוט, אַממערסטן אין דער אייגענער סביבה. מיר האָבן זיך געהאַט אַן אייגענעם, ספּעציעלן שטילן קאַפע־הויז, אַן אַ זייט, לעבן סאַוויני־פּלאַץ. דאָרטן פלעגן מיר זיך טרעפן אין די אָוונטן, מיר פלעגן גיין צוזאַמען אין סינימאַ אָדער אין טעאַטער. עס איז מיר געבליבן אין זכרון אונדזער באַזוך אין לעסינג־טעאַטער, מען האָט דאַן פאָרגעשטעלט „טאָרק־וואַטאָ טאַססאָ", און איך מוז זיך מודה זיין, אַז לעסינג מיט זיין הויכן סטיל האָט אונדז גענוג פאַרנודעט. אַגב האָב איך דאַן צום ערשטן מאָל געהערט ראַדיאָ. בנימיני איז אַ מאָל געקומען און דערציילט, אַז ער האָט אויסגעפונען עפּעס אַ קליינעם קאַפע־הויז, ווו מען קען הערן ראַדיאָ. מיר זענען אַוועק אַהין. אויף דער וואַנט זענען געהאַנגען פאַרלעך גומענע רעדלעך, אַזעלכע, ווי איך האָב אַ מאָל אין גימנאַזיע באַנוצט צו הערן צום ערשטן מאָל אַ גראַמאָפאָן. מען האָט אַריינגעשטעקט די רערלעך אין די אויערן, און מיר האָבן געהערט אַ פּראַכט־פולן קאָנצערט.

ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, איז אונדזער פּאַרטייאישע גרופּע על־פּי־רוב באַשטאַנען פון סטודענטן. דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל דערקענט מיין חבר און פריינד אין משך פון די גאַנצע יאָרן, גרשון גרשוני, וואָס איז גע־שטאָרבן אין תל־אביב אין יולי 1959. דאָ האָב איך זיך באַגעגנט מיט לייבקע בערמאַן, וועלכער האָט אונדז שפּעטער פאַרלאָזן און איז אַריבער צו די קאָ־מוניסטן (וואָס איז מיט אים געוואָרן ווייס איך ניט), מיט די ברידער טורנער, פון וועלכע איינער איז אַ ציין־דאָקטער אין חיפה און דער צווייטער — חיים טורנער, וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט. אין בערלין האָט דאַן געוווינט אויך יוסף פרידמאַן מיט זיין פרוי אסתר.

איך בין אַ מאָל געפאָרן האַלטן אַ פאָרטראָג קיין לייפּציג. דאָרט האָב איך געהאַט קרובים, וועלכע איך האָב כמעט ניט געקענט. אַ שטאַרקן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט די גרויסע באַן־סטאַציע מיט די צוויי און דרייסיק פּע־ראָנען און דעם גרויסן ריזיקן דענקמאָל. איך האָב, פאַרבייפאָרנדיק, באַזוכט דאָס קליינע, שיינע שטעטל ווייסמאַר, ווו עס איז געשאַפן געוואָרן די רעפּובליק.

אין די טעג פון 11—15טן נאָוועמבער האָט געדאַרפט פאָרקומען דער צוויי־טער פּלענום פון קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, אויף וועלכן מען האָט געדאַרפט אונטערפירן אַ סך־הכל פון דער טעטיקייט, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן פאַר דעם יאָר און באַשטימען דעם פּלאַן פון אַרבעט אויפן קומענדיקן יאָר.

די עיקר־פראַגע אין דעם וויכוח צווישן אונדז און דער מערהייט פון קאָמיטעט איז געווען די פראַגע וועגן דעם פאַרנעם פון דער אַרבעט. מיר זענען געווען פאַראינטערעסירט אויסצוברייטערן דעם געביט פון אַרבעט פון קאָמיטעט, און די רעכטע האָבן געוואָלט אים פאַרוואַנדלען נאָר אין אַ פינאַנציעלן צענטער. די צווייטע שטרייט־פראַגע צווישן אונדז, בעיקר מיט די פאָרשטייער פון דער הסתדרות, איז באַשטאַנען אין דער פראַגע פון דער אָפּהענגיקייט פון קאָמיטעט פון דער הסתדרות. די פאָרשטייער פון דער הסתדרות האָבן געוואָלט פאַר־וואַנדלען דעם קאָמיטעט אין אַן אַפּענדיקס פון דער הסתדרות, און מיר האָבן געשטרעבט, אַז דער קאָמיטעט זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ זעלבשטענדיקע אינסטיטוציע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין חוץ לאָרץ, וואָס אַרבעט אין איינקלאַנג מיט דער הסתדרות.

קלאָר איז, אַז אונדזער שטרעבונג האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַן ענערגישער קעגנערשאַפט מצד דעם פאַראייניקטן רעכטן פראָנט. אמת איז, אַז אונדזערע פאָרשלאַגן זענען בעצם אַרויס פון דער ראַם, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אין קאַרלסבאַד. נאָר איין פראַגע — די עליה פון אַרבעטער קיין ארץ־ישראל — איז געווען אָפּהענגיק פון דעם ברייטערן אָדער ענגערן אויסטייטש פון דער קאַרלסבאַדער קאָנסטיטוציע. אָבער אָנשטאָט צו דיסקוטירן מיט אונדז וועגן עצם עניך, איז דער גאַנצער וויכוח אַוועק ניט קעגן אונדזערע פאָרשלאַגן, נאָר קעגן אונדזער פאַרבאַנד, ווי אַזעלכן. כמעט אַלע האָבן געפונען פאַר נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז אונדזער פאַרבאַנד האָט, אייגנטלעך, קיין שום וויכטיקע באַדייטונג ניט פאַרן קאָמיטעט און בעיקר האָט מען אונדז געטאַדלט פאַר די קליינע סומעס געלט, וואָס מיר זאַמלען.

אין דעם פּרט איז אינטערעסאַנט אַ געשפּרעך, וואָס איך האָב געהאַט אַ מאָל, אין יענער צייט, מיט בן־גוריונען. בן־גוריון האָט דווקא ניט געהאַלטן פון דער שטעלונג פון דער מערהייט אין קאָמיטעט. ער האָט מיר און אַ פּאָר חברים, וואָס זענען געווען דערביי, געזאָגט, אין דעם פּריוואַטן שמועס, אַז ער שאַצט דווקא

זייער אָפּ אונדזער אַנטייל אין דעם קאָמיטעט, ווייל מיר שטייען אויף דער גרענעץ צווישן די אַלע פּאַרטייען פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און צווישן די אַלע פּאַרטייען, וואָס שטעלן זיך קעגן דעם ארץ־ישראל־געדאַנק, און מיר שאַפן די פאַרבינדונג צווישן די ביידע מחנות. מיר באַקומען די קלעפּ פון יענער מחנה, און אונדזער באַדייטונג אין קאָמיטעט איז ניט דאָס געלט, וואָס מיר זאַמלען, נאָר אין אונדזער פּאָליטישער השפעה.

מיר האָבן געזאָגט די חברים אין קאָמיטעט, אַז ווען אונדזער באַדייטונג אין קאָמיטעט וואָלט באמת געווען ניט וויכטיק, וואָלט מען אונדז ניט געשענקט אַזוי פיל פיינטלעכע אויפמערקזאַמקייט. מיר האָבן אונטערגעשטראָכן, אַז אויב די רעכטע טראַכטן באמת וועגן דער הילף פאַר די ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון יידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל, דאַרפן זיי זיך אָפּשטעלן ניט אויף די כוונות פון אונדזערע פאָרשלאַגן, נאָר אויף די פאָרשלאַגן גופא, אויף די ענינים, וואָס זיי באַרירן. מיר האָבן אונטערגעשטראָכן אונדזער יסודותדיקע אָנשויונג, אַז מיר זעען אין קאָמיטעט די בריק צווישן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין חוץ לארץ, וואָס איז פאַראינטערעסירט אין דער ארץ־ישראל־אַרבעט און צווישן די יידישע אַבעטער אין לאַנד. אונדזערע פאָרשטייער האָבן מודיע געווען, אַז די אַרבעט פון קאָמיטעט וועט בלייבן ווי זי איז געווען ביז איצט, דאָס הייסט, אַ ריין־פינאַנציעלע, וועט זיך פאַר אונדז שטעלן די פראַגע, צי קענען מיר בלייבן אין קאָמיטעט. נאַטירלעך, איז אונדזער שטים געווען אַ קול־קורא במדבר און די מערהייט האָט דורכגעפירט אַלע אירע באַשלוסן. אָבער פון דעסטוועגן איז אונדז געלונגען דורכצופירן אַ באַשלוס וועגן אַן אַלוועלטלעכן יידישן פּראָ־פּאַלעסטינע־קאָנגרעס, ניט אין דער קאַטעגאָרישער פאָרעם, נאָר אין דער פאָרעם, אַז עס איז נייטיק צו מאַכן די נויטווענדיקע צוגרייטונגען און שאַפן די פאַר־בינדונגען, כדי צונויפצורופן אַזעלכע קאָנגרעסן אין די לענדער און, שפּעטער, אין יאָר 1925, מעגלעך צו מאַכן דעם אַלגעמיינעם קאָנגרעס. עס איז אויך באַ־שלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ פּעריאָדישן אינפאָרמאַציע־ביולעטין וועגן דעם, וואָס עס ווערט געטאָן אין ארץ־ישראל. עס זענען אויך אָנגענומען געוואָרן אונדזערע פאָרשלאַגן צו שאַפן אַן אינפאָרמאַציע־ביוראָ און אַ ביוראָ פון אַרב־בעטער־סטאַטיסטיק, מיר האָבן פאָרגעשלאָגן, אַז די ביוראָס זאָלן זיין ביים קאָמיטעט, אָבער באַשלאָסן געוואָרן איז, אַז זיי דאַרפן זיין ביי דער הסתדרות. מיר האָבן פאָרגעשלאָגן צו אָרגאַניזירן אַן עקספּאָרט־און אימפּאָרט־ביוראָ, אָבער דער פאָרשלאַג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. עס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דעם סעקרעטאַריאַט די אויפגאַבע צו זוכן וועגן, ווי צו פאַרבינדן די ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פון די אַרבעטער אין לאַנד מיט אונדזערע ווירטשאַפטלעכע אינ־סטיטוציעס אין חוץ לארץ.

עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ דעטאַלירטער פּלאַן פאַר דער אַרבעט פון אַרבעטער־באַנק און פאַרן פּ. אַ. פּ. אין אַ פאַר לענדער און ס'איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַן אַקציע פאַרן סולל בונה. מיר האָבן זיך קעגנגעשטעלט דער דאָזיקער אַקציע ניט צוליב פּאָליטישע טעמים, נאָר צוליב פּראַקטישע סיבות, ווייל מיר האָבן באַקומען ידיעות פון אונדזערע חברים אין ארץ־ישראל, אַז די באַאַמטע פון סולל בונה, די חברים פון אחדות העבודה און „הפועל הצעיר", באַציִען זיך דאָרט צו אונדזערע חברים ניט אָביעקטיוו.

בנוגע דעם פּ. אַ. פּ. האָבן מיר געפאָדערט די רעאָרגאַניזאַציע פון דער פאַרוואַלטונג, ווייל דאָס יאָר פון פּראָוויזאָריום האָט זיך שוין געהאַט געענדיקט, די מערהייט האָט אָבער באַשלאָסן פאַרצוזעצן דעם פּראָוויזאָריום נאָך אויף אַ האַלב יאָר ביז אַפּריל 1925, און אַז אויף ווייטער וועט דאַרפן באַשטימען די קאָנפערענץ פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. בנוגע דעם צוזאַמענשטעל פון קאָמיטעט איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ער בלייבט ווי ביז איצט, הגם אַ פאָר פון די קליינע גרופּעס האָבן געפאָדערט אַ גרעסערע פאַרטרעטערשאַפט.

אַ גרויסער וויכוח איז פאָרגעקומען וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון סעקרעטאַריאַט. די הסתדרות האָט באַשלאָסן וועגן איין סעקרעטאַר, אָבער מיר האָבן געפאָדערט אַ צווייטן סעקרעטאַר, מיר האָבן געטענהט, אַז, אייגנטלעך, דאָ אין קאָמיטעט זענען דאָ נאָר צוויי ריכטונגען, רעכטע און לינקע, און עס מוז אין סעקרעטאַריאַט זיין אויך אַ פאָרשטייער פון דער לינקער ריכטונג, כדי מיר זאָלן אויך קענען זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַרבעט פון קאָמיטעט. מיר האָבן זיך שוין געפילט שטאַרקער נאָך דער פאַראייניקונג מיטן אַ. ק. צום סוף איז באַשלאָסן געוואָרן צו ווענדן זיך צו דער הסתדרות און פאָדערן פון איר צו ענדערן דעם באַשלוס בנוגע דער צאָל פון די מיטגלידער פון סעקרעטאַריאַט.

זייענדיק אין בערלין בין איך געווען דער פאָרשטייער פון אונדזער פאַרבאַנד אין קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. סעקרעטאַר פון קאָמיטעט איז געווען דער חבר עפּטער, דער שפּעטערדיקער אָנפירער פון „המשביר המרכזי". נאָך אים, אין סוף פון יאָר 1924, האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון סעקרעטאַר פון ארץ־ישראל דער חבר מיכאל אסף, דערנאָך רעדאַקטאָר פון „דבר" און טעטיקער זשורנאַליסט.

ווען איך האָב געדאַרפט פאָרן קיין בערלין, האָט באַרו געזאָרגט צו באַקומען פאַר מיר אַן איינרייזע־וויזע קיין דייטשלאַנד. איצט האָב איך אַליין אָנגעהויבן זאָרגן צו באַקומען אַן איינרייזע־וויזע פאַר דער משפחה. אָבער איך האָב זי בשום אופן ניט געקענט באַקומען. סוף יאָר 1924 האָט זיך אָנגעהויבן צו ענדערן די לופט אין די דייטשע רעגירונגס־אַנשטאַלטן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די שטעלעס און אָנשטאָט זיי זענען

געקומען גאַנץ אַנדערע מענטשן. דער פּאָליציי־פּרעזידענט דאָן אין בערלין, וואָס פון אים האָט זיך עס געווענדעט צו באַקומען די איינרייזע־באַווויליקונג פאַר מיין משפּחה, איז געווען ריכטער, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. ער האָט עס געהאַט צוגעזאָגט אַ דאַנק דער פּראָטעקציע פון חבר פון די רעכטע „פּועלי־ציון״ אָסקאַר קאָהן. אָבער אין מיטן האָט ער פאַרלאָזן די שטעלע און „ויקם מלך חדש, אשר לא ידע את יוסף״. נאַטירלעך, איז עס מיר שווער געווען צו זיין אָן דער משפּחה, די עיקר־צרה איז געווען, וואָס מיין עלטערע טאָכטער — עלאַ, האָט ניט געלערנט און איך האָב באַשלאָסן לכל הפּחות אַראָפּברענגען זי אַליין קיין בערלין, כדי זי זאָל קענען פאָרזעצן איר לערנען אין אַ דייטשער גימנאַזיע, ווייל זי האָט זיך שוין גוט צוגעוווינט צו דייטש, הן אין ווין, הן אין דאַנציג.

צווישן די רוסישע ווייסע עמיגראַנטן זענען געווען אַ סך ווינקל־אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט כל מיני שתדלנותן פאַר די נייע אָנקומענדיקע עמיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך לכתחילה געפילט אַזוי פרעמד און פאַראייניזאַמט. האָב איך זיך געוואָנדן צו אַזאַ מין ווינקל־אַדוואָקאַט, ער האָט מיר דערקלערט, אַז פאַר קינדער ביז דעם עלטער פון 15 יאָר דאַרף מען ניט האָבן קיין איינרייזע־וויזע. איך האָב אַפילו דורך אים באַקומען אַזאַ מין באַשטעטיקונג פון דייטשן אויסערן־מיניסטעריום, און אַזוי ווי עלאַ איז נאָך ניט אַלט געווען קיין פופצן יאָר (עס האָבן איר געפעלט אַ פּאָר וואָכן), האָב איך געשריבן צו סאַבינען, אַז זי זאָל געבן דער טאָכטער איר געבורט־צייגעניש און די באַשטעטיקונג פון דייטשן אויסערן־מיניסטעריום, און זאָל זי שיקן צו מיר קיין בערלין. סאַבינע האָט זי באַגלייט ביז צו דער גרענעץ פון דער פּוילישער זייט, און איך האָב געוואַרט אויף עלען פון דער צווייטער זייט גרענעץ אין דייטשלאַנד, נאָך זבאָנשין, וואָס איז שפּעטער אַזוי באַרימט געוואָרן (אין יאָר 1939 האָט היטלער אַרויסגעשיקט אַלע פּוילישע יידן איבער דער דאָזיקער סטאַציע קיין פּוילן און דאָ האָט אַ גרויסע צאָל יידן געוואַרט אַ לאַנגע צייט, ביז זיי האָבן פון דער פּוילישער מאַכט באַקומען די איינרייזע דערלויבעניש). אַז עס איז אָנגעקומען די באַן צו דער דייטשער סטאַציע האָבן מיר די קאָנדוקטאָרן פון די וואַגאָנען שוין דערציילט, אַז מיין טאָכטער געפינט זיך אין צוג. איך האָב אַגב געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע צו איינעם אַ סוחר, אַ דייטש, אין דעם גרענעץ־שטעטל, און ער איז צוזאַמען מיט מיר געגאַנגען צו דער באַן און גערעדט דאָרט פאַר מיר מיט דער באַן־אַדמיניסטראַציע. אַלץ האָט זיך גוט פאַרענדיקט און איך האָב געבראַכט עלען צו זיך אַהיים קיין בערלין.

אָבער אויפן וועג פון בערלין צו דער גרענעץ האָט מיט מיר פּאַסירט אַן ענין, וואָס איך האָב זיך געשעמט וועמען ניט איז צו דערציילן. איך בין געזעסן אין וואַגאָן און געלייענט אַ צייטונג, קעגן מיר זענען געזעסן פיר דייטשן

און האָבן געשפּילט אין קאָרטן, דאַכט זיך אין „שטאָס”. אַ לענגערע צייט האָב איך אויף זיי ניט געלייגט קיין אַכט, אָבער צום סוף, איך ווייס ניט ממש ווי דאָס האָט פּאַסירט, בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן אין שפּיל און כ׳האָב ביי זיי פאַר־שפּילט צוואַנציק דאָלאַר, און נאָר דאַן איז מיר געקומען דער געדאַנק, אַז דאָס זענען פּראָפעסיאָנעלע אַפּעריסטן און איך האָב שוין געוואָלט מאַכן אַ סקאַנדאַל, אָבער אין דעם מאָמענט איז די באַן צוגעקומען צו אַ סטאַציע און אַלע פּאַרטנערס מיינע האָבן זיך גיך אָפּגעטראָגן. עס האָט מיך ניט אַזוי פאַרדראָסן אויף די צוואַנציק דאָלאַר, הגם דאָס איז געווען דאַן אַ גאַנץ גרויסע סומע, אָבער פאַר־דראָסן האָט מיך שטאַרק, ווי אַזוי איך, אַן ערנסטער מענטש און מיט דער־פאַרונג, האָט געלאָזט זיך אָפּנאַרן. אין משך פון לאַנגע יאָרן האָב איך ניט דער־ציילט די מעשה אַפילו סאַבינען. און עד היום שעם איך זיך פאַר זיך אַליין.

עלאַ איז אַריין אין אַ דייטשער גימנאַזיע אין פינפטן קלאַס און די דירעקטאָרין פון דער גימנאַזיע האָט מיר געזאָגט, אַז זי וווּנדערט זיך ווי אַ פרעמדער קען רעדן אַזאַ ריינעם דייטש, ווי עלאַ, „אמת, מיט אַ מזרח־פּרייסישן אַקצענט”. זי האָט געלערנט אין דער היים אויך העברעיש און דערצו האָט זי געהאַט אַ ספּעציעלע לערערין פאַר דייטשער ליטעראַטור, אַזוי האָט זי עס געוואָלט.

אַזוי ווי איך האָב ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו ברענגען סאַבינען מיט דער צווייטער טאָכטער קיין בערלין, האָב איך באַשלאָסן זיך באַמיען צו באַקומען אַ וויזע קיין ארץ־ישראל, שיקן די וויזע סאַבינען, כדי זי זאָל אַזוי אַרום קענען באַקומען אַ טראַנזיט־וויזע איבער דייטשלאַנד. אַ וויזע קיין ארץ־ישראל איז אויך ניט געווען פון די לייכטע זאַכן. אין בערלין האָט זיך געפונען דאָס ביוראָ פון דער „חברת הכשרת הישוב”, וואָס בראש פון איר איז געשטאַנען ד״ר י. ברוצקוס. איך האָב זיך פאַרבונדן מיט אים און אויפגעקלערט דעם ענין. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ער וועט שרייבן אַ בריוו צום בריטישן קאָנסול, אַז איך בין אַ באַלעבאָס פון אַ נחלה אין רחובות, אַז דאָס אייגנטום באַטרעפט בערך אַ טויזנט פונט, און אַז די חברה שטייט מיט מיר אין אַ משא ומתן אָפּצוקויפן ביי מיר די נחלה. שפּעטער האָב איך באַקומען פון ברוצקוסן אַ טשעק אויף 500 פונט, ווייל נאָר ווי אַ קאַפּיטאַליסט האָב איך געקענט קריגן אַ וויזע. פאַרשטייט זיך, אַז ביים אָנקומען אין לאַנד האָב איך געדאַרפט אומקערן דעם טשעק דער „חברת הכשרת הישוב”.

אויפן סמך פון דעם טשעק האָב איך באַקומען אַ וויזע פאַר זיך מיט דער גאַנצער משפחה, און אויפן סמך פון דער וויזע האָט סאַבינע מיט דער צווייטער טאָכטער באַקומען אַ טראַנזיט־וויזע איבער דייטשלאַנד. אמת, די טראַנזיט־וויזע איז געווען נאָר אויף צוויי וואָכן, אָבער סאַבינע איז געבליבן אין בערלין

העכער דריי חדשים, ביז איך האָב באַקומען אַ פּאַראָרדענונג פון די מאַכט־אָר־גאַנען צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד, און איך האָב באַצאָלט אַ גרויסע שטראָף דערפאַר, וואָס סאָבינע איז געבליבן אַזוי לאַנג אין דייטשלאַנד. אין חודש מערץ זענען מיר אַלע אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז, מיר האָבן באַקומען טראַנזיט־וויזעס אויך איבער פראַנקרייך.

צום סוף פון יאָר 1924 האָט אונדז אין פאַרבאַנדס־ביוראָ מודיע געווען דער ח' משה ערעם, אַז ער קלייבט זיך פאַרלאָזן די אַרבעט אין דער האַנדלס־מיסיע פון דעם ראַטן־פאַרבאַנד (טאָרגפּרעד) און ער איז גרייט צו פאָרן וווּהין מיר וועלן באַשטימען. אי די חברים אין ראַטן־פאַרבאַנד, אי די חברים אין ארץ־ישראל האָבן געפאָדערט, אַז ערעם זאָל פאָרן צו זיי. מיר, אַלזאָ, האָבן עס געדאַרפט באַשטימען וווּהין ערעם זאָל אַריבערפאָרן מיט זיין משפּחה, דאַן האָט ער געהאַט נאָר דעם עלטערן זון שמעונען.

אין ארץ־ישראל האָט זיך דערווייל געפירט אַ משא ומתן צווישן די פאַרבאַנד־גרופּעס, בראש פון וועלכע עס זענען דאַן געשטאַנען די חברים ישראל וועשער, אַלעקסאַנדער (דניאל לייבל), וועלכער איז אין יאָר 1924 אַריבער־געפאָרן קיין ארץ־ישראל מיט זיין פרוי סאָניע (געשטאָרבן אין ירושלים אין יאָר 1959) און שמואל טייכמאַן, און דער גרופּע פון רעוווּצקין, וואָס בראש פון איר זענען געשטאַנען זאב אַבראַמאָוויטש און יצחק יצחקי (געשטאָרבן אין תל־אביב אין יאָר 1956, אַ פאָר וואָכן נאָך דעם ווי ער איז אַריין אין דער דריטער כנסת פון מפּ"ם). זאב אַבראַמאָוויטש איז געווען אַן אַלטער חבר פון דעם רוסישן צ. ק. אים האָבן מיר געקענט זייער גוט און מיר האָבן אים אַלע מאָל הויך געשעצט. אָבער יצחקי איז געווען אַ פּנים חדשות אין אונדזער באַוועגונג. ער איז דאַן געווען אַ יונגער בחור, בערך אַ צוואַנציק יעריקער, וואָס איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער ועדת האירגון אין יאָר 1923 אין ארץ־ישראל, ער איז ניט געווען קיין חבר אין דער „פּועלי־ציון"־באַוועגונג אין גלות, געוואָרן אַ „פּועלי־ציון" אין ארץ־ישראל, צוזאַמען מיט אים איז געגאַנגען אַ גרופּע חברים, וואָס זענען אַריינגעקומען אין לאַנד אַלס חלוצים, אָבער דאָ האָבן זיי זיך אַנטוישט אין „אחדות העבודה", האָבן געשאַפן אַן אָפּאָזיציע און האָבן זיך דערנענטערט צו רעוווּצקיס גרופּע.

דער אונטערשייד אין דער אָפּשטאַמונג צווישן דעם פּועלי־ציוניזם אין גלות, וואָס איז אַדורך אַ זעלבשטענדיקע אַנטוויקלונג אין משך פון לאַנגע יאָרן, און דעם פּועלי־ציוניזם פון חברים, וואָס זענען אייגנטלעך געקומען צו אים נאָר צוליב דער אָפּאָזיציע צו „אחדות העבודה" אין ארץ־ישראל — דער דאָזיקער אונטערשייד אין דער אָפּשטאַמונג האָט געלייגט זיין שטעמפּל אויף דיביידע טיילן פון דער באַוועגונג און אין אים האָט פאַקטיש געשטעקט איינע פון די

סיבות פון די שפּאַלטונגען און פאַראייניקונגען אין משך פון די שפּעטערדיקע יאָרן. איך װאָלט געקענט זאָגן, אַז אונדזערע אַנשױיונגען זענען געװען אַן אָרגאַנישער פּועל־יוצא פון דער אַנטװיקלונג פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַװעגונג אין גלות, און די אַנשױיונגען פון דער יצחקי־גרופּע זענען געװען אַ קאָנסעקװענטער פּועל־יוצא נאָך פון דער נעגירונג פון עטלעכע גרונט־געדאַנקען פון „אחדות העבודה". די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן צװישן אונדז, בעיקר נאָך דער פאַראייניקונג מיטן אָ. ק. אין דאַנציג, פאַרשיידנהייטן, װאָס זענען געװען און געבליבן אין משך פון לאַנגע יאָרן, זענען געװען דריי:

א. די שפּראַכן־פראַגע. אונדזערע חברים אין ארץ־ישראל זענען גע־קומען פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַװעגונג אין גלות און פּסיכאָלאָגיש האָבן זיי ניט געקענט זיין מיט דער עקסקלוזיװיטעט פון דער העברעיִשער שפּראַך. די ייִדישע אַרבעטער אין גלות האָבן ניט געקענט קיין העברעיִש און ניט געלערנט די שפּראַך, װייל די שװערע לעבנס־באַדינגונגען האָבן זיי ניט געקענט איבער־לאָזן קיין צייט צו לערנען זיך אַ נייע שפּראַך, אין אַ מער װייניקער שוין מיטעלן עלטער. אונדזערע חברים אין לאַנד האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז דער איבערגאַנג צו העברעיִש רייסט איבער די פאַרבינדונגען צװישן די ייִדישע מאַסן אין גלות און די ייִדישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל, זיי האָבן זיך ניט באַצױגן נעגאַטיװ צו העברעיִש, אָבער האָבן געפאָדערט גלייכע רעכט פאַר ייִדיש, די שפּראַך פון פאָלק אין גלות. די באַציִונג צו ייִדיש („זשאַרגאָן") אין לאַנד דאַן, איז געװען אַ באַציִונג פון עקל און פון פאַראַכטונג. מען האָט ניט געטאָרט רעדן אין לאַנד קיין ייִדיש אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען. אַזאַ איז געװען דער באַשלוס פון דער הסתדרות, בלויז אַ נייער עולה האָט געהאַט דאָס רעכט צו רעדן ייִדיש און אויך בלויז אין משך פון צװיי יאָר. די רדיפות אויף ייִדיש האָבן געװירקט אויף אונדזערע חברים אין דער פאַרקערטער ריכטונג. זיי האָבן דװקא גערעדט ייִדיש, און אַלע פאַרזאַמלונגען פון אונדזערע חברים פלעגן אָפּגעהאַלטן װערן אין ייִדיש. דער רעזולטאַט איז אויך געװען אַ נעגאַטיװער, װייל אונדזערע חברים האָבן ניט געפונען פאַר נייטיק צו לערנען העברעיִש, און צוליב דעם זענען זיי אין משך פון יאָרן געבליבן אימיגראַנטן און זיך ניט אַקלימאַטיזירט.

ביי דער גרופּע פון אַבראַמאָװיטש און יצחקי איז די באַציִונג צו דער שפּראַך געװען אין גאַנצן אַן אַנדערע. אַלע זיי, אַחוץ אפשר איין אַבראַמאָװיטש, זענען געװען חלוצים פון בירגערלעכן אָדער האַלב־בירגערלעכן אָפּשטאַם, װאָס האָבן אין גלות קיין מגע ומשא ניט געהאַט מיט ייִדישע אַרבעטער. לױט זייערע שטימונגען זענען זיי אין דעם פּרט געװען גלייך צו די איבעריקע חלוצים, װאָס האָבן אָנגעהויבן זייער אַרבעטער־לעבן נאָר אין לאַנד, זיי האָבן ניט געהאַט קיין פאַרבינדונג מיט די ייִדישע אַרבעטער אין גלות און אַלס רעזולטאַט דערפון

האָבן זיי ניט געפילט, אַז עס פעלט זיי די פאַרבינדונג, ווען זיי זענען אַריבער קיין ארץ־ישראל. אין זייערע אויגן איז אַזאַ פאַרבינדונג אויך ניט נייטיק געווען. זיי האָבן געזען אין דער באַציִונג פון אונדזערע חברים צו יידיש איינע פון די פאַקטאָרן, וואָס שטערט אונדז צו באַקומען מער השפעה אין די קרייזן פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל. אַזוי האָבן זיי געטראַכט דאַן, און אַזוי האָבן זיי געטראַכט אין משך פון לאַנגע יאָרן, און דאָס איז געווען איינע פון די עיקרדיקע סיבות פון די שפּאַלטונגען נאָך דעם.

ב. די באַציִונג צו דער הסתדרות. דער אמת איז, אַז די אָפּאָזיציע פון דער דאָזיקער גרופּע צו „אחדות העבודה" האָט ניט געווירקט אויף זיי אין דער שפּראַכן־פראַגע, אָבער זי האָט געווירקט אויף זייער באַציִונג צו דער הסתדרות. אייגנטלעך איז די הסתדרות פון דער גרינדונג אָן אין יאָר 1921 געווען אַ ביסל אַ מאָדנע אָרגאַניזאַציע. די אויפגאַבן פון דער הסתדרות האָבן אַנגערירט אַלע לעבנס־געביטן: דעם פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן, פּראָפעסיאָנעלן. פאַקטיש זענען די פּראָפעסיאָנעלע אויפגאַבן ניט געווען אַזוי בולט. די חלוצים, וואָס זענען געוואָרן אַרבעטער, האָבן ניט געקענט אַזוי פילן די באַדערפעניש אין פּראָפעס־יאָנעלער אָרגאַניזירונג, ווי עס האָבן עס געפילט די אַרבעטער, וואָס זענען געווען אַרבעטער מבטן ומלידה, אַפילו אויב זיי זענען געווען נאָר אין די פּראָדוקציע־צווייגן פון געברויך־אינדוסטריע.

אין יעדן לאַנד גייט די אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג מיט פאַרשיידענע וועגן. אין ענגלאַנד און אין דייטשלאַנד האָט זיך פריער אַנטוויקלט די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, און נאָר אויפן פּאָן פון דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן אַנטוויקלען צווישן די אַרבעטער די פּאָליטישע באַוועגונג. דער היפּוך דערפון איז פאַרגעקומען אין רוסלאַנד. דאָ האָט זיך קודם כל אַנטוויקלט די פּאָליטישע באַוועגונג צווישן די אַרבעטער, און ערשט נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די פּראָפעס־יאָנעלע באַוועגונג.

אין ארץ־ישראל האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס אָנגעהויבן אַנטוויקלען די פּאָליטישע באַוועגונג צווישן די אַרבעטער, אָדער ריכטיקער צווישן די בחורים, וואָס האָבן געוואָלט ווערן אַרבעטער. די ענדערונג אין סאָציאַלן מצב איז אין אַ געוויסער מאָס און אפשר אין אַ גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון מענטשנס ווילן, דער מענטש — צוליב אידעאַליסטישע מאָטיוון באַשליסט צו פאַרלאָזן דאָס הויז פון זיינע עלטערן און אַריבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. מיטן איבערגאַנג צו דער אַרבעטער־מחנה באַקומט מען נאָך ניט קיין פּראָלעטאַרישע פּסיכאָלאָגיע. דאָס איז אַ לאַנג דויערנדיקער פּראָצעס. דער מענטש דאַרף לעבן אין די באַדינגונגען פון אַן אַרבעטער אין משך פון אַ לאַנגער צייט, כדי זיך

דורכצידרינגען מיט דער פּראָלעטאַרישער פּסיכאָלאָגיע. דעריבער האָט די הסתדרות אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ כמעט ניט געזאָרגט וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, און ערשט אין לויף פון דער צייט האָט זיך אויך אַנטוויקלט די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט. אין די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער הסתדרות האָבן די פּאָליטישע אָנשווינגען פון „אחדות העבודה" און „הפועל הצעיר" באַשטימט די ליניע פון דער הסתדרות, און דאָ איז בולט געווען דער רצון צו כיבוש עבודה פאַר יעדן פּרייז. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער דאָזיקער פאַקט האָט געמוזט ווירקן אויף די פּראָפעסיאָנעלע באַדינגונגען הן בנוגע דעם לוין הן בנוגע די איבעריקע אַרבעט־באַדינגונגען. דאָס וואָס די הסתדרות האָט פאַרנאַכלעסיקט די פּראָפעסיאָנעלע באַדינגונגען האָט געמוזט ברענגען צו אַן אָפּאָזיציע פון אַ טייל פון די לוין־אַרבעטער, ספּעציעל פון די, וואָס זענען געווען לוין־אַרבעטער אויך אין גלות. פאַר די חברים פון דער גרופּע פון אָ. ק., וואָס זענען געקומען צום פּועלי־ציוניזם נאָר צוליב דער אָפּאָזיציע צו „אחדות העבודה", איז די אָפּאָזיציע אויפן פּראָפעסיאָנעלן געביט געווען אַ גרויסע מציאה. דעריבער זענען זיי געקומען צו דעם אָפּאָזיציאָנעלן אויספיר — אַרויסנעמען די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט פון די ראַמען פון דער הסתדרות און דער לאָזונג זייערער איז געוואָרן: צוויי הסתדרותן, איינע אַן אַלגעמיינע און איינע אַ פּראָפעסיאָנעלע. מיר אָבער האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז די פּראָפעס־יאָנעלע אַרבעט איז טאַקע פאַרנאַכלעסיקט דורך דער הסתדרות, אָבער מיר האָבן זייער הויך אָפּגעשאַצט די עקזיסטענץ פון אַן אייגהייטלעכער, אַלגעמיינער הסתדרות. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז די שפּאַלטונג פון צוויי הסתדרותן, וואָס צווישן זיי וועט ניט זיין קיין פאַרבינדונג, מוז אין לויף פון דער אַנטוויקלונג ברענגען דערצו, אַז מיט דער צייט וועלן זיי זיך דערווייטערן איינע פון דער צווייטער. פון אונדזער דערפאַרונג אין גלות, וואָס עס האָבן ניט געהאַט די חברים פון אָ. ק. האָבן מיר געוווּסט, אַז אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע אָן דער השפּעה פון דער פּאָליטישער פּאַרטיי אָדער פּאָליטישע פּאַרטייען מוז מיט דער צייט אַריבערגיין אויף צעכיסטישע וועגן. אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווערן אויפגעפרעסן פון ריינעם עקאָנאָמיזם. די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג האָט אַ באַדייטונג פאַר דער פּאָליטישער באַוועגונג נאָר דאַן, אויב דער פּראָפעסיאָנעלער קאַמף איז פאַרבונדן מיט די געדאַנקען פון סאָציאַליזם. אַנדערש ווערט זי פאַרוואַנדלט אין צעכיזם און אַנטוויקלט ביי די אַרבעטער אייגנציק און אַליין עגאָאיסטישע אייגנשאַפטן. דעריבער זענען מיר געווען קעגן דער שפּאַלטונג פון צוויי הסתדרותן. אָבער כדי משפּיע צו זיין, אַז די הסתדרות זאָל אָנהייבן אַ קאָנסעקווענטע פּראָ־פעסיאָנעלע אַרבעט און כדי צו פאַרמינערן די השפּעה פון די אוטאָפּיסטישע געדאַנקען פון „אחדות העבודה" און „הפועל הצעיר" אויף דער פּראָפעסיאָנעלער

אַרבעט, האָבן מיר געפאָדערט, אַז די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט זאָל געמאַכט ווערן דורך ספּעציעלע אָרגאַניזאַציעס אין דער הסתדרות. דאָס האָבן מיר דאַן גערופן „הפרדת הפונקציות" — פונאַנדערטיילונג פון די פונקציעס. אָבער די איינהייט־לעכע, אַלגעמיינע הסתדרות בלייבט ווייטער, און אַזוי אַרום בלייבט די פאַר־בינדונג צווישן דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט און די פּאָליטישע פּאַרטייען.

ג. די באַציִונג צו די קבוצות. דער אוטאָפּיזם אין דעם עיקרדיקן געדאַנק פון דיביידע הערשנדיקע פּאַרטייען בנוגע די קבוצות — אַז די גרינדונג פון קבוצות איז דער וועג צו שאַפן די סאָציאַליסטישע אָרדענונג, איז אונדז אַלעמען, ביידע גרופּעס, געווען דערווידער. ניט איין מאָל האָבן מיר שריפטלעך און מינדלעך אונטערגעשטראָכן דעם דאָזיקן אוטאָפּיזם. אָבער די קעגנערשאַפט פון אונדזערע חברים צו דעם דאָזיקן אוטאָפּיסטישן געדאַנק האָט אונדז ניט דער־פירט דערצו, אַז מיר זאָלן זיין קעגן דער גרינדונג פון קבוצות. איך האָב שוין פריער אויפגעקלערט אונדזער באַציִונג צו די קבוצות: מיר האָבן געוואָלט אָפּהיטן דעם אינהאַלט פון די קבוצות, ווי פון אַ שולע פון קאָלעקטיוויזם, פון איין זייט, און פון דער אַנדערער זייט, ווי דעם אייינציקן מיטל צו דערמעגלעכן דעם יידישן אַרבעטער אַריינצודרינגען אין דער לאַנדווירטשאַפט, אָבער אָן דעם אוטאָפּיסטישן אונטערשלאַג. אָבער די חברים פון אָ. ק. אַלס פּועלי־ציוניסטן צוליב דער אָפּאָזיציע צו „אחדות העבודה", זענען דערגאַנגען צו דער פולשטענ־דיקער נעגירונג פון די קבוצות. זיי האָבן געזען אין די קבוצות אָרגאַניזאַציעס פון זעלבשטענדיקע לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער, וואָס האָבן קיין באַציִונג ניט צו קלאַסן־קאַמף, ווייל זיי האָבן איבער זיך ניט קיין באַלעבאָס, און דעריבער האָבן זיי געזען אין די קבוצות אַ שטערונג צום קלאַסן־קאַמף פון דעם לוין־אַרבעטער אין שטאָט. זיי האָבן געקעמפט קעגן די קבוצות מיט שוים אויף די ליפּן, און לויטן אויסדרוק פון איינעם פון די דעמאָלט פאַראַנטוואָרטלעכע חברים, האָבן זיי אָנגערופן די קיבוצניקעס מיטן נאָמען „ווייצמאַנס קאָזאַקן".

צוליב די דאָזיקע דריי מיינונגס־פאַרשיידנהייטן האָט זיך דער משא ומתן צווישן די ביידע גרופּן פון „פּועלי־ציון" געפירט זייער לאַנגזאַם און מיר האָבן ניט געזען, ווען דער ענין וועט זיך סוף־כל־סוף פאַרענדיקן. מיר האָבן פאַר־שטאַנען, אַז מיר דאַרפן פאַרשטאַרקן אונדזער צד.

דעם עיקר האָבן מיר גוט געוווּסט, אַז דער צענטער פון דער באַוועגונג מוז אַריבערגיין קיין ארץ־ישראל, און דאָס זענען עס געווען די הויפּט־סיבות, פאַר וואָס מיר האָבן באַשטימט, אַז ערעם דאַרף פאָרן ניט קיין ראַטן־פאַרבאַנד, נאָר קיין ארץ־ישראל. אַ דאַנק אונדזער דעמאָלטדיקן באַשלוס זענען מיר היינט צווישן אונדז מיין פריינד און חבר ערעם אויף זייער פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס,

ער איז געוואָרן איינער פון די אָנערקענטע פירער פון אונדזער באַוועגונג, און איך האָף, אַז ער וועט מאריך ימים זיין.

אין קורצן האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז זיין נסיעה קיין ארץ־ישראל האָט געבראַכט פּרוכטן. איידער ערעם איז געקומען קיין ארץ־ישראל האָט פּאַקטיש באַשטימט די ענינים ישראל וועשער, ער האָט עס פאַרשאַרפט די באַציִונגען צווישן די ביידע גרופּעס. אין דעם האָב איך זיך איבערצייגט, ווען איך בין געקומען קיין ארץ־ישראל ערעם איז געווען דער מענטש, וואָס האָט געקענט אַ ביסל אָפּשוואַכן די השפעה פון וועשערן, און אַ פּאָר וואָכן נאָכן אָנקומען פון ערעמען קיין ארץ־ישראל האָבן מיר באַקומען די פריילעכע ידיעה, אַז סוף־כּל־סוף האָבן ביידע גרופּעס זיך פאַראייניקט.

ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, זענען די חילוקי־דעות צווישן די ביידע טיילן פון דער פּאַרטיי אין ארץ־ישראל ניט פאַרשוווּנדן מיט דער פאַראייניקונג און זיי האָבן שטאַרק משפיע געווען אויף די קעגנזייטיקע באַציִונגען אין דער פּאַרטיי אין משך פון לאַנגע יאָרן און האָבן ניט איין מאָל געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג. אָבער עס האָט עקזיסטירט נאָך אַ מחלוקת, וואָס איז ניט געווען אַזוי בולט פון אָנהייב, אָבער אויך די דאָזיקע מחלוקת האָט געהאַט ווייט־גייענדיקע קאָנסעקווענצן אין לויף פון דער אַנטוויקלונג פון דער פּאַרטיי. דאָן איז דאָך די פראַגע געווען אַ מער טעאָרעטישע, אָבער אַ גענוג אַנגעווייטיקטע. דאָס איז געווען די פראַגע בנוגע די באַציִונגען צווישן די ביידע טיילן פון דער וועלט־באַוועגונג, צווישן דער באַוועגונג אין ארץ־ישראל און דער באַוועגונג אין חוץ לארץ. דער דאָזיקער וויכוח איז ניט געווען ניי אין אונדזער באַוועגונג, דער וויכוח האָט עקזיסטירט נאָך פאַר דער שפּאַלטונג אין יאָר 1920. און ער איז געקומען צום אויסדרוק אין דער געשיכטע פון קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. די מיינונג פון די רעכטע איז געווען, אַז אייגנטלעך איז דער צענטער די אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל און די באַוועגונג אין חוץ לארץ האָט נאָר איין אויפגאַבע — העלפן דער באַוועגונג אין לאַנד. די דאָזיקע אָנשויונג האָב איך אויפגעקלערט אויבן ניט איין מאָל. אונדזער מיינונג איז געווען פּונקט אַ פאַרקערטע. מיר האָבן לגמרי ניט נעגירט די באַדייטונג פון דער באַוועגונג אין לאַנד, אָבער מיר האָבן געטראַכט, אַז ניט די באַוועגונג אין חוץ לארץ עקזיסטירט צוליב דער באַוועגונג אין לאַנד, נאָר די באַוועגונג אין לאַנד מאַכט די אַרבעט פון דער באַוועגונג אין חוץ לארץ: זי איז דער חלוץ, דער פּיאָנער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט. און דעריבער האָבן מיר שטענדיק געפאָדערט אַז אויך מיר זאָלן קענען האָבן אַ טיילווייזע השפעה אויף דעם, וואָס ווערט געטאָן אין לאַנד. אָבער די חברים פון אָ. ק. האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט דער מיינונג פון די רעכטע, זיי האָבן

עס גערופן „פּאַלעסטינאָ־צענטריזם". און יצחקי האָט אין פרילינג פון יאָר 1925 אָפּגעדרוקט אַ גרויסן אַרטיקל אין אונדזער פּרעסע אין לאַנד, ווו ער האָט פאַר־טיידיקט דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט. לויט זיין מיינונג, איז דער עיקר די פּאַרטיי אין לאַנד און די אַלע איבעריקע פּאַרטייען אין חוץ לארץ זענען נאָר „פיליעס" פון דער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי. אויב דער דאָזיקער געדאַנק איז איצט אָן שום ספק ריכטיק, איז עס קודם כל דערפאַר, וואָס פּאַקטיש איז דער גאַנצער גלות אין אייראָפּע ליקווידירט געוואָרן דורך היטלערן, און, והשנית, דערפאַר וואָס עס איז אַנטשטאַנען די מדינת ישראל. אָבער צו יענער צייט האָבן מיר געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ גרויסער טעות, וועלכער שוואַכט אָפּ די באַוועגונג, הן אין חוץ לארץ, הן אין לאַנד. איך האָב דאַן געהאַלטן פאַר מיין פליכט אויפ־צוקלערן דעם ענין, אַזוי ווי מיר האָבן די זאַך פאַרשטאַנען, און אין דער „אַרבעטער וועלט" אין וואַרשע דעם 15טן מאַי האָב איך געשריבן:

„ווער באַשטימט די אַרבעטער־פּאָליטיק אין ארץ־ישראל?"

„אוירא דארץ ישראל מחכים" — אַ גרויסער טייל פון די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל מיינען באמת, אַז זיי זענען געוואָרן חכמים, ווייל זיי לעבן אונטער די בלויע הימלען און אין אַ דורכזיכטיקער לופט.

די „חכמה" פון ארץ־ישראלדיקן אַרבעטער דריקט זיך קודם כל אויס אין דעם, וואָס ער מיינט, אַז ער האָט אַ מאָנאָפּאָל אויף ארץ־ישראל, ד. ה. ניט אויפן לאַנד — אַדרבא, ער וויל, אַז וואָס אַ גרעסערע צאָל יידישע אַרבעטער זאָל קומען אין לאַנד אַריין — נאָר אויף דער פּאָליטיק אין לאַנד, אויף דער טאַקטיק פון דער דאָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג. דער יידישער אַרבעטער אין ארץ־ישראל זעט על־פּי־רוב אין זיך דעם „אתה בחרתנו־ניק" און דאָס אַפילו אָן אונטערשייד פון פּאָליטישער ריכטונג. דער חבר פון „אחדות העבודה" אָדער פון „הפועל הצעיר" זעט זיך, אַזוי ווי ער וואָלט געווען באַשטימט צו ראַטעווען „איין שפּראַך, איין פאָלק, און איין לאַנד". דער לינקער פּועלי־ציוניסט (די כוונה דאַן איז געווען צו יצחקי — נ.) מיינט, אַז דער גורל האָט אים געמאַכט פאַרן רעטער פון גאַנצן יידישן אַרבעטער־קלאַס, און אַלע צוזאַמען מיינען, אַז די אַלע וואָס זיי איז געלונגען זיך אַריבערצוכאַפּן קיין ארץ־ישראל, זענען די שאַטנס פון פאָלק און פון פּראָלעטאַריאַט.

די דאָזיקע „אתה בחרתנודיקע" איינשטעלונג איז נאָך ווייניקער פאַר־שטענדלעך, ווען מען פאַרגלייכט די אָנשווינגען פון אַרבעטער־קלאַס מיט די מיינונגען פונעם בירגערטום. אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע וועט קיינעם ניט איינפאַלן צו צווייפלען אין דעם, אַז דער ציוניסטישער קאָנגרעס איז די העכסטע אינסטאַנץ פון דער באַוועגונג, אַז ער, דער קאָנגרעס, אין ווען דער

ארץ־ישראלדיקער ישוב בילדעט נאָר אַ קליינעם פּראָצענט, באַשטימט די פּאָליטיק פון ישוב אין לאַנד.

ריכטיק איז, אַז דער קאָנגרעס רעכנט זיך מער ווייניקער מיט די מיינונגען פון דעם ישוב, מיט זיינע שטרעבונגען און ווונטשן און אַגב ניט שטענדיק, אָבער דאָס לעצטע וואָרט האָט פון דעסטוועגן צו זאָגן דאָס יידישע בירגערטום פון דער גאַנצער וועלט, וואָס איז פאַראינטערעסירט אין ארץ־ישראל. און דאָס איז אויך נאַטירלעך. אין ארץ־ישראל שאַפט דאָס יידישע בירגערטום פאַר זיך אַן עיר־מקלט, זיין אייגענעם מאַרק, זיין אייגענע מדינה, אין וועלכער ער וועט זיין דער דעה־זאָגער און דער מאַכטהאָבער און פון וועלכער ער וועט דורך קיינעם מער ניט אַרויסגעשטויסן ווערן. און דעריבער איז אין איצטיקן מאָמענט די דעה ביי אים, ווען ס'האַנדלט זיך אין באַשטימען וועגן דער פאָרעם און אינהאַלט פון דער אַרבעט אין לאַנד. און דער בירגערלעכער ישוב, און טיילווייז אויך דער אַרבעטער־ישוב מוזן אויספירן די באַשלוסן און ווונטשן פון דעם יידישן אַלוועלטלעכן בירגערטום.

אָבער אויב מען וויל אַריבערפירן דעם לאָגישן געדאַנק אין די שורות פון די אַרבעטער, און די געזעצן פון לאָגישן דענקען, אַזוי ווי אין מאַטעמאַטיק, האָבן אויף זיך נאָר אַ מינימאַלע השפעה פון דער בירגערלעכער, קאַפּיטאַליס־טישער קולטור — דאַן הייבט זיך אָן דער ויצעקו. קלאָר איז, אַז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט איז פאַראינטערעסירט, אַז אין ארץ־ישראל זאָל געשאַפן ווערן אַן אַרבעטנדיקער אַרבעטער־צענטער, ווו דער יידישער אַרבעטער וועט אַריינדרינגען אין דער גרויסער אינדוסטריע און אין דער לאַנדווירטשאַפט און וועט נאָרמאַל מאַכן זיין סטראַטעגישע באַזע אין קלאַסן־קאַמף און דורך דעם באַקומען אַ ממשותדיקע השפעה אויפן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן אין לאַנד.

דערפון דרינגט אַרויס, אַז דאָס לעצטע וואָרט געהערט דעם גאַנצן יידישן אַרבעטער־קאָלעקטיוו, וואָס פאַר אים איז קלאָר דער קלאַסן־אינטערעס, וואָס ער האָט אין ארץ־ישראל. אים געהערט דאָס לעצטע וואָרט, ווי עס דאַרף געפירט ווערן די פּאָליטישע און די ווירטשאַפטלעכע אַרבעט פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין ארץ־ישראל. נאַטירלעך, מוז געשאַפן ווערן דער אָרגאַניזירטער אויסדרוק פאַר דעם דאָזיקן לעצטן וואָרט — די אַרבעטער־קאָנפערענץ פאַר ארץ־ישראל, ווו דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער וועט פאַרנעמען דעם פּאַסיקן אָרט. וואָס איז נאָך אין די איצטיקע באַדינגונגען ניט באַשטימט. אָבער ביז אַזאַ אינסטי־טוציע איז נאָך ניט בנמצא, עקזיסטירן זיינע סוראָגאַטן, די וועלט־פאַרבאַנדן, וואָס זיי דאַרפן באַשטימען די פּאָליטיק און די אַרבעט לכל הפּחות פון זייערע פּאַרטייען אין ארץ־ישראל.

אָבער די יידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל — כמעט פון אַלע ריכ־טונגען — שטעלן זיך מיט אַלע מיטלען אַקעגן דער דאָזיקער מיינונג. וועגן די רעכטע איז שוין אָפּגערעדט. זייער קעגנערשאַפט צו דעם דאָזיקן געדאַנק איז אַ סך שטאַרקער ווי ביי דעם לינקן פליגל. זיי האָבן איין טענה: קומט צו אונדז, דאַן וועט איר אויך האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצוזאָגן אייער מיינונג. אָבער דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־קלאַס קען ניט אין איין שיינעם פרימאָרגן עולה זיין — קומט אויס, אַז ער מוז שטיין אין אַ זייט און צוקוקן זיך ווי די מערהייט פון דער הסתדרות טוט אָפּ נאַרישקייטן. די רעכטע פאַרשטייען ניט, אַז זיי האָבן ניט קיין מאָראַלישע רעכט צו פאָדערן שטיצע פון חוץ לארץ, אויב זיי פרעגן אָפּ דאָס רעכט פון חוץ לארץ צו ווירקן אויף זייער אַרבעט. כדי צו געבן געלט, מוז דער מענטש זיין פאַראינטערעסירט אין דער זאַך, און ער מוז האָבן דאָס רעכט זיך צו באַטייליקן אין דער אַרבעט, אַנדערש מוז זיך די דאָזיקע פינאַנציעלע שטיצע פאַרוואַנדלען אין אַ פשוטער פילאַנטראָפּיע.

אַ סך ערגער איז, וואָס די דאָזיקע איינשטעלונג דרינגט אַריין אויך אין אונדזערע רייען אין ארץ־ישראל. איך מיין ניט, אַז אַ טייל פון אונדזערע חברים פאַרטיידיקט די דאָזיקע מיינונג באַוווסטזיניק. מיין איינדרוק איז, אַז זיי טוען עס אומבאַוווסטזיניקערהייט און דאָס שטאַמט דערפון, וואָס דער טייל פון די חברים איז צוגעקומען צו אונדזער באַוועגונג ערשט אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע עלעמענטן האָבן אַ שוואַכערן חוש פאַר דעם טייל פון דער באַוועגונג אין חוץ לארץ און זענען אַ סך מער באַווירקט דורך דעם ארץ־ישראלדיקן לאָ־קאַליזם. מיר מוזן קאַטעגאָריש זיך קעגנשטעלן דער דאָזיקער מיינונג, אויס־וואָרצלען זי, ווייל דאָס איז אַ גרויזאַמע סכנה פאַר אונדזער וועלט־באַוועגונג. די דאָזיקע מיינונג מוז ליקווידירט ווערן כל זמן עס איז נאָך ניט שפּעט.

אויב אַ טייל פון דער לינקער באַוועגונג אין ארץ־ישראל דאַרף אַליין באַשטימען איר פּאָליטיק, און פון דעם טייל פון דער באַוועגונג, וואָס איז אין חוץ לארץ, פאָדערט ער נאָר מאָראַלישע און פינאַנציעלע שטיצע, דאַרף די פּאַרטיי אָננעמען די אָריענטאַציע נאָר אויף דעם, וואָס עקזיסטירט שוין אין לאַנד און דערמיט דערנידעריקן דעם ווערט פון דער באַוועגונג אין חוץ לארץ. די ריכטיקע שטרעבונג צו ווערן אַ מאַסן־באַוועגונג אין ארץ־ישראל ווערט געריכטעט נאָר צו די אַרבעטנדיקע עלעמענטן, וואָס עקזיסטירן שוין אין לאַנד, און ניט צו די, וואָס דאַרפן נאָך אָנקומען. דאָס מוז ברענגען צו דער צופּאַסונג צו די מאַסן אין לאַנד, אַזוי ווי זיי זענען אין איצטיקן מאָמענט. די דאָזיקע מאַסן זענען איצט על־פּי־רוב חלוציש, ד. ה. זיי שטאַמען פון דער בירגערלעכע אינטעליגענץ, זיי האָבן, וואָס אַן אמת, די שטרעבונג צו ווערן אַרבעטער, אָבער זיי פאַרמאָגן נאָך ניט קיין אַרבעטער־פּסיכאָלאָגיע. אַחוץ דעם

געפינענ זיי זיך אונטער דער השפעה פון בירגערטום. אַזוי אַרום פאַרלירט מען דעם חוש לגבי די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, וואָס געפינען זיך נאָך אין אויסלאַנד און זענען דורכגעדרונגען מיטן ארץ־ישראל־געדאַנק.

און אַז מען גייט ווייטער אויף דעם דאָזיקן וועג, הייבט מען אָן צו ריכטן די אַרבעט אין לאַנד, רעכענענדיק זיך בלויז מיט די אָרטיקע באַדינגונגען. די עיקר־שטרעבונג באַשטייט נאָר אין באַפרידיקן די אָרטיקע באַדערפענישן און זי פּאַסט זיך צו זיי צו און פאַרלירט ביסלעכווייז די פּערספּעקטיוו. מען הייבט אָן צו פאַרגעסן, אַז איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד איז די שאַפונג פון נייע מעגלעכקייטן פאַר דער נייער אַרבעטער־עליה. אַזוי רייסט מען ביסלעכווייז איבער די פאַרבינדונגען מיט חוץ לארץ און דער דעצידירנדיקער מאָמענט ווערט שוין בלויז די לייזונג פון דער אַרבעטער־פראַגע אויפן אָרט, ד. ה. פון דעם קיבוץ־אַרבעטער, וואָס געפינט זיך שוין אין לאַנד. די דאָזיקע שטעלונג האָט בשעתו געפירט די מ. פּ. ס. דערצו, זי זאָל איבעררייסן די פאַרבינדונגען מיטן פאַרבאַנד, זיך באַזונדער אָנשליסן אין קאָמאינטערן, און אַזוי לייזן דעם פּראָבלעם פאַר זיך אַליין, אַזאַ שטעלונג האָט אין איר אַנטוויקלונג געבראַכט די „אַרבעטער פראַקציע" (די יעווסעקעס) צו דער גאַמפּערסיסטישער אַנטי־אײַנוואַנדערונגס־פּאָליטיק.

די דאָזיקע שטעלונג ברענגט אַ פּאָר חברים צום געדאַנק, אַז די פּאַרטיי דאַרף זיין נאָר די פּאַרטיי פון שטאָטישן אַרבעטער; אויב אין אַ געוויסן לאַנד עקזיסטירן פעסטע, ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען מיט אַן איינגעוואָרצלטן פויער־רים־קלאַס, קען ניט אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס האַלט זיך אין אַנטוויקלען, באַזירן איר שטעלונג אויף דעם קליינבירגערלעכן פויערטום. זי מוז זיין די פּאַרטיי פון דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט, וואָס אין לויף פון דער צייט ציט ער נאָך זיך אויך דאָס פויערטום. אָבער דאָרט, וווּ עס שאַפט זיך דער יידישער אינדוסטריעלער און לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָלעטאַריאַט, מוז די פּאַרטיי זיין די פּאַרטיי פון לוין־אַרבעטער, הן אין שטאָט, הן אין דאָרף. אין דאָרף זענען נאָך ניטאָ קיין באַשטימטע איינגעוואָרצלטע באַציִונגען, דאָרט שאַפן זיך איצט די באַציִונגען און די פּאַרטיי מוז ווירקן אויף זיי. אָבער ווען מען טענהט, אַז די פּאַרטיי דאַרף זיין אַ ריין שטאָטישע, ד. ה. מען זעט אין ארץ־ישראל שוין אַ פאַרטיקן ישוב און מען פאַרמאַכט די אויגן אויף די פּערס־פּעקטיוון פון דער אַנטוויקלונג — קומט דערפון אַרויס די פולשטענדיק נעגאַטיווע באַציִונג צו די קבוצות, אַ באַציִונג וואָס מען דעקט מיט אַ מאַרקסיסטישער פראַזע, אָנשטאָט צו קעמפן פאַר דעם בוי פון דער קבוצה אויף אַנדערע יסודות.

דערפון נעמט זיך אויך די שטרעבונג צו פאַרוואַנדלען די הסתדרות אין אַ ריין פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע אָנשטאָט אויסצוטיילן פון איר די פּראַ־

פּעסיאָנעלע אַרבעט. די דאָזיקע חברים זעען אין דער הסתדרות אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס דאַרף באַפרידיקן נאָר די נויטן פון די אַרבעטער, וואָס עקזיסטירן שוין אין לאַנד, אָנשטאָט אַוועקצושטעלן פאַר איר גרעסערע פּערספּעקטיוון און גרעסערע אויפגאַבן בנוגע דער שאַפונג פון נייע מעגלעכקייטן פאַר דער אַרבעטער־עליה, אויף וויפל דאָס איז אין רשות און אין די כוחות פון דעם אַרבעטער־קלאַס. און דעריבער איז די פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט געוואָרן איצט די איינציקע אַרבעט פון דער „אַרבעטער פראַקציע". און אַז מען הייבט נאָר אָן צו גיין אויף דעם וועג, מוז ער ברענגען צו דער „אַרבעטער פראַקציע".

פאַר דער וועלט־באַוועגונג איז די דאָזיקע שטעלונג פון „אתה בחרתנו" פון דער ארץ־ישראלדיקער פּאַרטיי נאָך מער מסוכן, ווייל דאַן בלייבט די ארץ־ישראל־אַרבעט נאָר פאַר דער ארץ־ישראל־פּאַרטיי און די וועלט־באַוועגונג פאַר־לירט יעדע מעגלעכקייט פון אַרבעט אין לאַנד. פאַר דער באַוועגונג אין חוץ לארץ בלייבט דאַן בלויז איבער מאַטעריעלע שטיצע און דאָס מוז קודם־כל ברענגען צו פּאַסיוויטעט אויך אין דער דאָזיקער אַרבעט און שפּעטער אויך צו דער אַטראָפיע פון ארץ־ישראל־געדאַנק, ד. ה. פשוטו כמשמעו, צו ליקווי־דאַציע, וואָס מיר האָבן זי אויסגעשניטן פון אונדזער באַוועגונג מיט אַזוי פיל מי.

דעריבער מוזן מיר זייער שאַרף קעמפן קעגן דער דאָזיקער שטעלונג. קיין שריט טאָר די פּאַרטיי ניט טאָן אָן דער באַוועגונג, אויף יעדן טריט און שריט מוז זי פילן, אַז איר אַרבעט איז ניט נאָר אַ לאָקאַלע. איר עיקר־ציל איז דער גאַנצער יידישער פּראָלעטאַריאַט און דעריבער דאַרף נאָר ער, דער יידישער פּראָלעטאַריאַט און די וועלט־באַוועגונג, ווי זיין אַוואַנגאַרד, — באַשטימען, וואָס עס איז צו טאָן אין ארץ־ישראל. די חברים אין ארץ־ישראל מוזן פאַרשטיין, אַז הן די שפּראַכן־פראַגע, הן די פראַגע פון דער הסתדרות, הן דער פּראָבלעם פון דער קבוצה זענען ניט קיין לאָקאַלע פראַגן, נאָר פראַגן פון אַ לאַנד, וואָס זיין עקאָנאָמישע סטרוקטור געפינט זיך אין סטאַדיע פון ווערן, און דעריבער זענען עס פראַגן פון דער גאַנצער וועלט־באַוועגונג".

יצחקיס אָנשויונג האָט אים אין לויף פון דער צייט געבראַכט צום געדאַנק וועגן דעם טעריטאָריאַלן כאַראַקטער פון דער פּאַרטיי — וואָס וועגן דעם וועל איך מוזן זיך אָפּשטעלן ניט איין מאָל, ווייל דער דאָזיקער ענין און דער דאָזיקער וויכוח איז אייגנטלעך פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג...

## פּאַריז

סוף מערץ זענען מיר אַרויסגעפאָרן מיט דער משפחה קיין פּאַריז, ווו מיר זענען געבליבן בערך אַ דריי חדשים. צוזאַמען מיט מיר איז נאַטירלעך אויך

אַריבער דער סעקרעטאַריאַט פון פאַרבאַנדס־ביוראָ. בלויז דער געהילפס־סעקרע־טאַר האָט זיך געביטן. פרידע איז נאָך ניט געווען גרייט צו פאַרלאָזן בערלין, הגם זי האָט אויך געהאַט בדעה עולה זיין. און אויף איר אָרט איז געקומען אַלס מיין סעקרעטאַר דער ח׳ נתני, וואָס איז געווען דער געהילפס־סעקרעטאַר פון קאָמיטעט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, ער האָט באַשלאָסן צוזאַמען מיט מיר פאָרן קיין ארץ־ישראל, און דערפאַר האָט ער מסכים געווען צו בלייבן מיט מיר די דריי חדשים אין פּאַריז.

די חברים פון פּאַריז האָבן געפאָדערט איך זאָל אונטעראיילן מיין קומען אַהין צו אַ באַשטימטן שבת, ווייל אין דעם טאָג איז פאָרגעקומען אַן אָוונט געווידמעט י. ל. פּרצן — חול־המועד פסח. זיי האָבן טאַקע געוואָלט איך זאָל אַרויסטרעטן אין נאָמען פון דער פּאַרטיי אויף דעם אָוונט. מיר האָט עס זיך שטאַרק ניט געוואָלט, ווייל איך האָב זיך ביז דאַן ניט קיין סך אינטערעסירט מיט ליטעראַטור, און ווען איך בין אָנגעקומען דעם שבת אין דער פרי, האָבן די חברים מיר געבראַכט מאַטעריאַל איך זאָל זיך צוגרייטן צום אַרויסטריט. איך בין געווען מיד פון וועג, ווייל פאָרן מיט צוויי קליינע קינדער אַ גאַנצע נאַכט איז ניט קיין לייכטער ענין. איך האָב זיך אַ ביסל צוגעגרייט, אָבער כ׳מוז מודה זיין, אַז מיין אַרויסטריט איז דאָס מאָל געווען ניט געלונגען, און דאָס האָט געפילט ניט נאָר איך, נאָר אויך אַלע צוהערער.

אין פּאַריז האָב איך שוין געטראָפן נייע חברים. דער ח׳ עפּשטיין איז פאַרשווונדן פון האָריזאָנט, מען האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט פאַרלאָזן די פּרוי, פאַרברענגט אַ סך צייט אין די קאַפע־הייזער און, אַז ער האָט זיך בכלל אָפּגעלאָזן. איך האָב אים אַ מאָל באַגעגנט אין גאַס, געכאַפּט מיט אים אַ שמועס, אָבער איך האָב געזען, אַז ער וויל פון מיר פּטור ווערן. איך האָב אים ניט אָפּגעהאַלטן.

אין דער שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געשטאַנען נייע פּנימער. עס איז שווער געווען אָנצורופן די אָרגאַניזאַציע „פּאַרטיי״, ווייל עס זענען געווען נאָר אַ פּאָר צענדליק חברים. צווישן זיי איז געווען דער ח׳ אָקס, וואָס איז אומגעקומען אין היטלערס צייטן, די שוועסטער פון יצחקי, ציפּורה מיט איר מאַן דעם אינזשעניער רעקיס (פון רוסלאַנד), וואָס זענען אויך אומגעקומען אין דער אָקופּאַציע־צייט, זיי האָבן איבערגעלאָזן אַ קליינע טאָכטער, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט ביי דער באָבען אין פּאַריז, און נאָך דער באַפרייונג האָבן יצחקיס עלטערן זי אַריבערגענומען קיין ארץ־ישראל. עס איז נאָך געווען דער ח׳ קעניג, וואָס איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל און דאָ געשטאָרבן אין יאָר 1958, קובאַ נוימאַן, וואָס איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען אַן אָפיציר אין דער „אונראַ״, איצט אין ניו־יאָרק מיט דער פרוי. דער ח׳ ביינאַרט, —

אומגעקומען בשעת דער אָקופּאַציע, די חברטע טאָבטשע, — אומגעקומען ביי היטלערן, דער ח׳ דוד פרידמאַן (גאַרין), אויך אומגעקומען, און אַנדערע. די חברים האָבן אונדז זייער גוט אויפגענומען, און נאָך אַ פּאָר טעג אין האָטעל האָט מען געדונגען פאַר מיר אַ דירה הינטער פּאַריז אין אַ קליין שטעטל — אַנגיען־לע בען. דאָרט האָבן מיר מיט נתני געלעבט אַ דריי חדשים. און פון דאַנען האָב איך פאָרגעזעצט מיין אַרבעט, ווי דער סעקרעטאַר פון פּ. ב.: צוגע־גרייט מאַטעריאַל פאַר די ביולעטינס און דער פּרעסע פון דער באַוועגונג און אָנגעהאַלטן די פאַרבינדונג צווישן אַלע פּאַרטייען. צווישן די פּאַריזער חברים איז ניט געווען קיין איינער, וואָס זאָל זיין געבוירן אין פּאַריז, פּונקט ווי אין בערלין, אַלע זענען זיי געווען עמיגראַנטן פון פּוילן. נאַטירלעך, איז דאָרט אויך ניט געווען קיין יוגנט־באַוועגונג. די חברים האָבן דאָ געלעבט ווי אַן עמיגראַנטן־משפּחה און כמעט ניט גענומען קיין אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן פון פראַנקרייך. נאָר דעם ערשטן מאַי און אין דעם קאָמונאַרן־טאָג האָט מען גענומען אָנטייל אין דער דעמאָנסטראַציע צוזאַמען מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אונדזער מאַטעריעלע לאַגע אין פּאַריז איז געווען זייער אַ שלעכטע, ווייל אויב עס האָט מיר אין בערלין געפעלט געלט, פלעג איך עס אַלע מאָל באַקומען ביי בארו. דאָ איז בארו ניט געווען און דאָס געלט פלעגט אַלע מאָל פאַרשפּעטיקן אָנצוקומען. די חברים האָבן מיר געהאָלפן אויף וויפל זיי האָבן געקענט, אָבער כמעט אַלע זענען געווען פּשוטע אַרבעטער, אַ טייל אין דער בייטל־אינדוסטריע, דער כמעט אויסשליסלעך יידישער פאַך, און אַ טייל האָט געאַרבעט אין שטריקערייען. אָבער אַלע זענען זיי געווען גרויסע קבצנים.

צווישן די חברים איז געווען איין חבר, זייער אַ רייכער, פאָרטנאָי. ער איז געווען אַ חבר פון אָ. ק. אין זיין גאַנץ לעבן שפּעטער האָט ער זיך באַצויגן מיט גרויס פאָרזיכטיקייט צו אונדז, די חברים פון „קאַמפאַרבאַנד״. ער איז אָנגעקומען קיין פראַנקרייך אַלס עמיגראַנט נאָך מיט צוואַנציק יאָר פריער, ער האָט זיך בשעתו באַטייליקט אין דער זעלבשוץ אין רוסלאַנד, איז פאַרמשפּט געוואָרן צו צוואַנציק יאָר קאַטאָרגע, אָבער איז אַנטלאָפן, און דאָ אין פּאַריז איז ער געוואָרן אַ גרויסער פאַבריקאַנט. ער האָט געהאַט אַ פאַבריק פון גומי און לעדער־סחורות און האָט ספּעציעל אויסגעאַרבעט רעגן־מאַנטלען. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פראַנצויזקע, זייער אַ סימפּאַטישער פרוי, וועלכע איז געבליבן אים געטריי דאָס גאַנצע לעבן. שפּעטער האָט ער געהאַט אויך אייגנטום אין ארץ־ישראל, און כאָטש ער איז ניט געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג, איז ער אָבער אַלע מאָל געשטאַנען נאָענט צו איר און זיך אינטערעסירט. ער איז אַ פּאָר מאָל געווען אין ארץ־ישראל. דאָס לעצטע מאָל האָב איך זיך געזען מיט אים,

ווען איך בין געווען אין פּאַריז אין יאָר 1949. פּאַרטנאַי איז געווען אַ קלוגער ייד, אָריגינעל אין זיינע געדאַנקען, ניט געוווּסט פון קיין דיפּלאָמאַטיע: ער האָט געזאָגט, וואָס ער האָט געטראַכט. די חברים האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט דרך־ארץ, אַגב האָט מען ביי אים געקענט באָרגן בשעת הדוחק אויך מזומנים, אָבער ער פלעגט שטעלן די באַדינגונג, אַז דער באָרגער מוז אַליין אָפּצאָלן, אַ ניט וועט ער אַ צווייט מאָל ניט באַקומען. ער האָט עס מיר געבאָרגט געלט אויף הוצאות קיין ארץ־ישראל, און אין משך פון יאָרן האָב איך אים אויסגעצאָלט די הלוואה אין פונטן.

אין פּאַריז האָב איך געטראָפן אויך עבערלינען, ער איז אויך געווען פון די חברים פון אָ. ק., אָבער אַלע מאָל געווען גאַנץ ווייטלעך פון דער באַוועגונג. ער האָט זיך אין דער צייט פון היטלערן באַהאַלטן מיט דער פרוי און טאָכטער אין אַ קליין שטעטל, איז אַנטלאָפן קיין שווייץ, דאָרט איז ער געווען אין אַ פּליטים־מחנה, און דערווייל האָבן די נאַציס אויסגעהרגעט אַלע יידן פון דעם שטעטל, ווו עס האָבן זיך באַהאַלטן זיין פרוי און טאָכטער און נאַטירלעך זענען זיי דאָרט אומגעקומען. נאָך דער מלחמה איז ער געקומען אין יאָר 1949 קיין ארץ־ישראל, געווען אַ פּאָר וואָכן ביי מיר, געלעבט דאָ אַ פּאָר יאָר, אַרויס־געגעבן אַ בוך וועגן זיינע איבערלעבונגען אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע און איז געשטאָרבן בערך אין יאָר 1952.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ווען איך וועל אַריבערפאָרן קיין ארץ־ישראל, וועט דער סעקרעטאַריאַט פון פּ.ב. אַריבערגעטראָגן ווערן קיין ארץ־ישראל, און ווי דער צווייטער חבר אין סעקרעטאַריאַט איז באַשטימט געוואָרן דער ח׳ אַבראַמאָוויטש.

מיר זענען געפאָרן מיט דער משפּחה און מיט ח׳ נתני נאַטירלעך, מיטן פערטן קלאַס, מיט דער שיף „גענעראַל מעצינגער״ און האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף צוויי טעג אין אַלעקסאַנדריע. עס איז מיר געווען אינטערעסאַנט צו זען עגיפּטן, אָבער מען האָט מיר געזאָגט, אַז אין מצרים כאַפּט מען פרויען און, היות ווי איך בין געפאָרן מיט דריי פרויען, האָב איך גוט אַכטונג געגעבן אויף זיי, כ׳האָב אַפילו מורא געהאַט אַרויסצוגיין מיט זיי אין גאַס, אָבער איבער־לאָזן זיי אַליין אין האָטעל איז ווי מען האָט מיר דערקלערט, אויך געווען געפערלעך. איין מאָל האָבן מיר דאָך באַשלאָסן אַרויסצוגיין און פאָרן זען דעם נילוס. אַראַביש האָב איך ניט געקענט, און דער פורמאַן האָט אונדז געבראַכט צו אַ קליינעם שמאָלן קאַנאַל, כמעט אַ בלאָטע, און האָט אונדז געזאָגט, אַז דאָס איז דער נילוס. איך האָב ניט געקענט גלייבן, אַז דאָס איז דער נילוס, און ביזן הייַנטיקן טאָג האָב איך דעם נילוס ניט געזען.

דאָס איז געווען די צייט פון דער דריטער עליה. די עליה פון פּוילן

האָט מען דאַן אָנגערופן „גראַבסקיס עליה״. די עקאָנאָמישע לאַגע אין פוילן איז געווען דאַן זייער אַ שלעכטע. ספּעציעל שלעכט איז געווען די לאַגע פון די יידן, צוליב דער באָיקאָט־באַוועגונג און די גרויסע שטייערן. די עקאָנאָמישע לאַגע פון פוילן איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע.

די סיבות פון דעם ווירטשאַפטלעכן קריזיס פון פוילן דערגייען נאָך צו די צייטן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. ביז דער וועלט־מלחמה איז פוילן געווען געבונדן מיט רוסלאַנד ניט נאָר פּאָליטיש נאָר אויך עקאָנאָמיש. די גאַנצע לעדער־אינדוסטריע און די גאַלאַנטעריע פון וואַרשע און די מאַנופאַקטור־אינדוסטריע פון לאָדזש איז געווען אויסגערעכנט אויפן גרויסן רוסישן מאַרק, און ספּעציעל אויפן סיבירער מאַרק. די פאָרשטייער פון די האַנדל־פירמעס פון וואַרשע און לאָדזש פלעגן אַ פּאָר מאָל אין יאָר אַרומפאָרן איבער אַלע שטעט פון רוסלאַנד און פלעגן דערגרייכן ביז כאַרבין און וולאַדיוואָסטאָק.

אָבער די מלחמה, די דייטשע אָקופּאַציע און שפּעטער די פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט פון פוילן האָבן דאָס לאַנד אין גאַנצן אָפּגעריסן פון רוסלאַנד, ווו עס איז אַגב דערווייל פאָרגעקומען די רעוואָלוציע. אַזוי אַרום איז איבער־געריסן געוואָרן די פאַרבינדונג, וואָס האָט געדויערט העכער הונדערט יאָר. אָנהייבנדיק פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט פוילן געמוזט רעכענען נאָר אויף אירע אייגענע, אינערלעכע כוחות. פון אָנהייב האָט זי געליטן פון דעם, וואָס די אינדוסטריע האָט זיך אָפּגעשטעלט און די אַרבעטסלאָזיקייט איז געווען גרויס, אָבער זייער גיך האָבן זיך איינגעשטעלט די ווירטשאַפטלעכע פאַר־בינדונגען מיט דעם דייטשן און עסטרייכישן פוילן, און מיט דייטשלאַנד און עסטרייך בכלל. אמת, די פּוילישע סחורות, די מאַנופאַקטור, די שיך און גאַלאַנ־טעריע זענען איכותדיק געווען ערגער פאַר די דייטשע סחורות, און האָבן אין פרידנס־צייטן ניט געקענט מיט זיי קאָנקורירן. אָבער דייטשלאַנד אין דער צייט פון דער מלחמה, האָט ווי דער מולך, איינגעשלונגען אַלץ, וואָס איז געווען אונטערן האַנט, און אויף אַזאַ אופן האָט פוילן אָנשטאָט דעם רוסישן מאַרק דערוואָרבן די מערק פון די צענטראַלע מדינות. נאַטירלעך, האָט מען ניט געקענט טראַכטן וועגן אַ גרויסער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, ווייל דער מיליטער־פּאָליטישער „סאָציאַליזם״ (שטאַטס־סאָציאַליזם) פון דייטשלאַנד האָט געשאַפן אין דער ריכטונג גרויסע שטערונגען.

די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד און עסטרייך, דאָס פאַרלאָזן פוילן דורך דעם דייטשן מיליטער און דאָס אַנטשטיין פון אַ זעלבשטענדיקן פוילן האָבן נאָך אַ מאָל איבערגעריסן די מיליטעריש־ווירטשאַפטלעכע פאַרבינדונג, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן דעם לאַנד און די צענטראַלע מדינות. די יאָרן פון 1919—1920 זענען געווען די תקופה פון דער איינגעשטעלטער אינדוסטריע אין

פוילן: דאָס דייטשע פוילן (פויזן) און דאָס עסטרייכישע (גאַליציע) האָבן ניט געקענט פאַרטרעטן דעם רוסישן מאַרק פון פאַר דער מלחמה און אויך ניט די מערק פון די צענטראַלע מדינות אין דער צייט פון דער מלחמה. די אַרבעטס־לאָזיקייט איז געוואַקסן און האָט דערגרייכט צו אַזעלכע מאַסשטאַבן, אַז די פוילישע רעגירונג איז געווען געצוווּנגען צו אָרגאַניזירן געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן פאַר די אַרבעטסלאָזע. אָבער היות ווי מיט די אַרבעטן האָט מען ניט אַזוי געזאָרגט פאַרן גורל פון די אַרבעטסלאָזע, נאָר מען האָט עס געטאָן, ווייל מען האָט מורא געהאַט פאַר די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען פון די מאַסן, האָט מען ניט געלייגט קיין אַכט אויף דער נוצלעכקייט פון די דאָזיקע געזעל־שאַפטלעכע אַרבעטן. דער עיקר איז געווען, אַז די אַרבעטסלאָזע זאָלן זיין מיט עפּעס באַשעפטיקט. מען האָט באַשלאָסן, ניט פאַרשטענדלעך צוליב וואָס, אָפּ־צוריייניקן די פעלדער אַרום וואַרשע לעבן דער ציטאַדעל־פעסטונג, נאַטירלעך האָט מען ניט געזאָרגט פאַר די רעזולטאַטן פון דער אַרבעט. די אַרבעטסלאָזע האָבן זיך גאַנץ ווייניק אינטערעסירט מיט דער אַרבעט און זיי האָבן ביי דער אַרבעט אַ סך מער אַרומגערעדט דעם פּאָליטישן מצב ווי געאַרבעט. די דאָזיקע „אַרבעט" האָט נאָך מער רעוואָלוציאָניזירט די מאַסן אַרבעטסלאָזע. און אַזוי אַרום געבראַכט פּונקט פאַרקערטע רעזולטאַטן, ווי די וואָס די רעגירונג האָט דער־וואַרט פון איר. דאָס האָט געווירקט אויף דער רעגירונג, זי זאָל אָפּשטעלן די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן.

עס איז דאָ אַ רוסיש שפּריכוואָרט, אַז עס וואָלט ניט געווען קיין גליק, ווען ניט דער אומגליק. דער פוילישער מאַרק האָט אָנגעהויבן פאַלן פון אָנהייב יאָר 1919, פריער פּאַמעלעך אָבער סיסטעמאַטיש. דער טעמפּאָ און די מאַס־שטאַבן פון דער ירידה פון פוילישן מאַרק זענען ניט געווען צו פאַרגלייכן מיט דער ירידה פון דייטשן מאַרק נאָך דער מלחמה, אָבער פון דעסטוועגן איז דער פוילישער מאַרק אין משך פון פיר יאָר אַרונטערגעגאַנגען כמעט ווי דער דייטשער מאַרק. פאַר אַן אַמעריקאַנער דאָלאַר האָט מען געצאָלט אין זומער 1919 — 20 פוילישע מאַרק, זומער פון יאָר 1920 — 150 מאַרק, זומער־צייט פון די יאָרן 21—22 שוין 3—5 טויזנט מאַרק, זומער פון יאָר 1923 — 100—150 טויזנט מאַרק, און אין סוף פון יאָר 23 האָט מען שוין געצאָלט פאַרן דאָלאַר צען מיליאָן מאַרק און מער. אין דעם צושטאַנד איז דער מאַרק דערגאַנגען צו דער „וואַלאָריזאַציע", וואָס אויף איר וועל איך זיך נאָך אָפּשטעלן.

אָבער די דאָזיקע פערמאַנענטע ירידה פון פוילישן מאַרק אין משך פון פיר יאָר האָט געהאָלפן דער פוילישער רעגירונג אַרויסצוגיין פון דער מסוכנער לאַגע פון דעם פאַראַליזש פון דער אינדוסטריע אין לאַנד. די ירידה פון מאַרק האָט גורם געווען צו פאַרביליקן די פּראָדוקציע־הוצאות, נאַטירלעך ניט די

הוצאות, וואָס מען האָט געדאַרפט אויסגעבן אין אויסלאַנד פאַר רוי־שטאָפן, ווייל דאָרט האָט מען געמוזט צאָלן מיט גאָלד־וואַלוטע, נאָר די הוצאות, וואָס מען האָט געדאַרפט אויסגעבן אין לאַנד, דער רוי־שטאָף, וואָס באַקומט זיך על־פּי־רוב פון אויסלאַנד און אַפילו די האַלב־פאַבריקאַטן פון דאָרט האָבן ניט געקאָסט ביליקער, אָבער דער אַרבעטס־לוין איז אַרונטער פּראָפּאָרציאָנעל יעדן טאָג, הגם אין אַבסאָלוטע ציפערן אין פּוילישע מאַרקן איז ער געווען זייער גרויס, און דאָס האָט נאַטירלעך געגעבן די געלעגנהייט דער פּוילישער בורזשואַזיע אויפ־צוהייבן אַ ביטערן געשריי, אַז די אַרבעטער צעשטערן די אינדוסטריע. און וויפל עס האָבן ניט „צעשטערט” די אַרבעטער די פּוילישע אינדוסטריע, האָבן זיי דאָך געגעבן די פּוילישע פּראָדוקטן די מעגלעכקייט צו דערשיינען אויף די אינטערנאַציאָנאַלע מערק, ווייל אַ דאַנק זיי איז אין לעצטן חשבון די פּוילישע פּראָדוקציע אויפן אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק געווען ביליקער ווי די ענגלישע און די פראַנצויזישע און אַפילו ווי די עסטרייכישע. אויף אַזאַ אופן האָט זיך פּוילן נאָך אַ מאָל דערוואָרבן די אויסלענדישע מערק. די פּוילישע רעגירונג, פּונקט ווי די דייטשע האָט באַשלאָסן צו העלפן דער אינדוסטריע און דעם האַנדל, און זי האָט אָנגעהויבן געבן די אייגנטימער פון די אונטערנעמונגען גרויסע סובסידיעס, פאַרשטייט זיך אין פאַפּירענע מאַרקן. די סובסידיעס זענען אָבער ניט געווען קיין מתנות, נאָר הלוואות, און די אייגנטימער פון די אונטערנעמונגען האָבן באַצאָלט די דאָזיקע הלוואות מיט די זעלבע פּוילישע מאַרקן, אָבער נאָך אַ לענגערער צייט, ווען דער מאַרק איז שוין געפאַלן מער ווי אויף הונדערט מאָל. אויף אַזאַ אופן האָבן די פּוילישע אינדוסטריעלער באַקומען פון דער רעגירונג כמעט אומזיסט אַן אומגאַנגס־קאַפּיטאַל, און דאָס האָט געגעבן די אונטערנעמונגס־אייגנטימער די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אַפילו אָן ריווח. מען האָט דאָך געקענט פאַרקויפן דעם פּראָדוקט אַפילו פאַר אַ פּרייז, וואָס איז געווען נידעריקער ווי די קאָסטן פון זיין פּראָדוקציע, ווייל די רעגירונג, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אין לעצטן חשבון דער קאָנסומענט האָט באַצאָלט דעם אונטערנעמונגס־אייגנטימער פאַר זיין „שאָדן”. און דעם אמת דאַרף מען אָגב זאָגן, אַז די אונטערנעמונגס־אייגנטימער האָבן ניט געליטן קיין שום שאָדן, ווייל די פּרייזן פון די פּראָדוקטן זענען געשטיגן אַפילו מער ווי עס איז געשטיגן די האַרטע וואַלוטע (דאָלאַרן און פונטן שטערלינגס).

אָבער עס איז אויך געקומען אַ סוף צו די גליקלעכע טעג. דער רעגירונגס־דעפיציט איז געוואַקסן אָן אַ סוף פון טאָג צו טאָג, און די רעגירונג האָט זיך געזען געצוווּנגען אָנצוהייבן די „סאַנאַציע” פון דער וואַלוטע. דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן דורך דער „וואַלאָריזאַציע” — דעם איבערגאַנג צו דער גאָלדענער וואַלוטע.

מיט דער הילף פון הלוואות אין חוץ לארץ און דער אויסערגעוויינלעכער פּאַרגרעסערונג פון די שטייערן איז דער רעגירונג געלונגען איינצושפּאָרן שפּאָרע סומעס, וואָס מען האָט געצאָפּט אויף אַרויסצולאָזן די נייע גאָלדענע וואַלוטע — דעם „גילדן" (זלאָטי), וואָס זיין ווערט איז געווען ווי אַ גאָלד־פראַנק. ווען אַוועלכע ניט איז אַרבעטער־רעגירונג וואָלט אַרויפגעלייגט אַזעלכע שטייערן אויף דער אינדוסטריעלער און האַנדלס־באַפעלקערונג, וואָלט דער בירגערלעכער עולם אויפגעהויבן אַ געשריי וועגן „עקספּראָפּריאַציע", אָבער „קוואָד ליצעט יאָווי, נאָן ליצעט באָווי"* און דער פּוילישער פינאַנץ־מיניסטער גראַבסקי האָט געטאָן, וואָס ער האָט געוואָלט. עס זענען געווען פאַלן, ווען דער שטייער וואָס איז מיט איין מאָל אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף אַן אונטערנעמונג איז געווען גרעסער ווי דער גאַנצער ווערט פון דער אונטערנעמונג. גראַבסקי האָט אויסגענוצט דעם שטייער ניט נאָר צו באַרייכערן די רעגירונג, נאָר אויך איוף וויפל מעגלעך פּטור צו ווערן פון יידישן האַנדל און אינדוסטריע: דווקא אויף די יידישע אונטערנעמונגען האָט מען אַרויפגעלייגט שטייערן, וואָס די אונטערנעמונגען האָבן ניט געקענט באַצאָלן. אין אַ סך פאַלן איז דער דאָזיקער צוויטער ציל דערגרייכט געוואָרן, ווייל אַ סך יידישע אייגנטימער פון אונטער־נעמונגען האָבן פאַרקויפט זייער אונטערנעמונג און עמיגרירט אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן און אַ קענטיקער טייל אויך קיין ארץ־ישראל. דעריבער האָט מען די דאָזיקע עליה קיין ארץ־ישראל גערופן די „גראַבסקיס עליה".

אויף אַזאַ אופן האָט די רעגירונג זיך פאַרשאַפט די נייטיקע געלטער פאַר דער „וואַלאָריזאַציע", לויט איר איז דער „זלאָטי" געווען ווערט ניין מיליאָן פּוילישע מאַרק, און דער דאָלאַר איז געווען ווערט 20,5 „זלאָטי". נאַטירלעך, איז געווען אַ ספק, צי דער „זלאָטי" וועט זיך האַלטן אויפן אויסלענדישן מאַרק אין אַ יאָר אַרום, ווייל עס איז דאָך געווען קלאָר, אַז די רעגירונג וועט דאַן ניט האָבן די פינאַנציעלע מיטלען, וואָס זי האָט געהאַט אין מאָמענט פון דער וואַלאָ־ריזאַציע פון דעם איינמאָליקן שטייער פון יאָר 1924.

דער דאָזיקער איבערגאַנג צו דער גאָלד־וואַלוטע האָט אין גאַנצן צע־שטערט דעם האַנדל און די אינדוסטריע אין פּוילן, מחמת דער פּוילישער פּראָדוקט איז שוין ניט געווען ביליקער אויפן אויסלענדישן מאַרק, און די קוואַליטעט פון דער סחורה איז געווען ערגער, ווי די פון אַנדערע לענדער. אָבער עס זענען געווען אויך זייטיקע סיבות פאַר דער צעשטערונג פון דער אינדוסטריע און האַנדל. קודם כל האָבן די האַנדלס־קרייזן אָנגעהויבן שפּעקולירן מיטן „זלאָטי" מיט דער אויסרעכענונג, אַז אויך דער „זלאָטי" וועט גיין אין די וועגן פון

* „וואָס עס איז דערלויבט יופּיטערן, איז פאַרבאָטן אַן אָקס".

פוילישן מאַרק. די סוחרים האָבן געשפּילט אויף דער ירידה פון „זלאָטי״ און דורך דעם האָבן זיי לחלוטין צעשטערט די ווירטשאַפט פון לאַנד. צווייטנס, האָט די רעגירונג באַקומען אַ הלוואה אין איטאַליע, אָבער ניט אין מזומן נאָר אין שוועבעלעך. ניט געקוקט דערויף וואָס די איטאַליענישע רעגירונג האָט זיי גע־געבן דער פוילישער אויף אַ טייערערן פּרייז, ווי זיי האָבן געקאָסט אין דער פאַבריק, ניט געקוקט אויף דעם וואָס די פוילישע רעגירונג האָט נאָך געדאַרפט באַצאָלן פּראָצענטער אויף דעם הויכן פּרייז פון די שוועבעלעך, און ניט געקוקט דערויף, וואָס צו דעם פּרייז האָט די פוילישע רעגירונג נאָך צוגערעכנט פּראָצענטער, וואָס זי דאַרף פאַרדינען, זענען נאָך אַלעם די איטאַליענישע שוועבעלעך געווען ביליקער ווי די פוילישע, אָרטיקע שוועבעלעך. אַגב זענען זיי אויך געווען בעסער אין דער קוואַליטעט. אין פּוילן זענען כידוע געווען אַ פּאָר שוועבעלעך־פאַבריקן, און דורך דעם אַריינפירן די איטאַליענישע שוועבעלעך האָט די רעגירונג צעבראָכן די אָרטיקע שוועבעלעך־אינדוסטריע. נאָר די צרה איז ווידער ניט געווען אַזוי גרויס, ווייל די שוועבעלעך־פאַבריקן זענען על־פּי־רוב געווען אין די יידישע הענט, און דאָס איז געווען דער אויסנאַמס־פאַל אין דער יידישער אינדוסטריע, ווו עס זענען געווען קאָנצענטרירט יידישע אַרבעטער אין גרויסע צאָלן, ווי, למשל, די שוועבעלעך־פאַבריק פון שערעשעווסקין אין גראָדנע.

דאָס זענען אייגנטלעך געווען זייטיקע דערשיינונגען. דער עיקר איז געווען, וואָס אַלע פּרייזן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער „וואַלאָריזאַציע״ זענען געשטיגן זייער שטאַרק. אין משך פון אַכט חדשים זענען די פּרייזן געשטיגן אויף הונדערט מאָל אין פאַרגלייך מיט די פּרייזן פון פאַר דער מלחמה, הגם אין יאָר 1923 זענען די פּרייזן געווען נידעריקער ווי די פּרייזן פון פאַר דער מלחמה. נאַטירלעך, אַז דאָס דאָזיקע שטייגן פון די פּרייזן אויף די רוי־שטאָפן און אויף די פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך האָבן געמוזט פירן צום נאָמינעלן שטייגן פון אַרבעטס־לוין, און צוזאַמען דערמיט איז פאַרשטייט זיך דער רעאַלער אַרבעטס־לוין אַרונטער זייער שטאַרק. דער איינציקער מיטל, מיט וועלכן די פוילישע בורזשואַזיע האָט געשלאָגן די בורזשואַזיע פון די אַנדערע לענדער אויף די אינטערנאַציאָנאַלע מערק איז אַרויס פון איר האַנט: די פּראָדוקציע־הוצאות אין פּוילן זענען געשטיגן, און דער פּרייז פון דער פוילישער פּראָדוקציע אויף די אויסערלעכע מערק איז געווען אַ סך אַ העכערער ווי דער פּרייז פון דער פּראָדוקציע פון אַנדערע לענדער, אַחוץ דעם איז די קוואַליטעט פון די פוילישע סחורות אַלע מאָל געווען אַן ערגערע. די פאַבריקן האָבן זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו ליקווידירן, די אַרבעטסלאָזיקייט האָט אָנגעהויבן שטייגן פון טאָג צו טאָג, די ערשטע האָט געליטן די מאַנופאַקטור־אינדוסטריע אין לאָדזש,

און דאַן די לעדער־אינדוסטריע אין וואַרשע, ברייטע טיילן פון דער באַפעלקערונג זענען געבליבן אָן אַרבעט און אָן פרנסה. עס זענען געווען פאַבריקן, וואָס האָבן נאָך געקעמפט דערמיט, וואָס זיי האָבן געאַרבעט אַ פּאָר טעג אין דער וואָך, אָבער אַ גרויסער טייל פון דער אינדוסטריע איז פּאַראַליזירט געוואָרן.

אויב די געלטער, וואָס זענען צוזאַמגעקליבן געוואָרן פון די שטייערן, וואָלטן געקומען צו הילף דער אינדוסטריע, וואָלט אפשר דער קריזיס זיך ניט אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט. אָבער די צרה איז געווען, וואָס אַ גרויסער טייל פון די שטייערן איז אַוועק אויף אויסצוהאַלטן דאָס מיליטער פאַר דער קומענדיקער מלחמה קעגן ראַטן־פאַרבאַנד, ווי אויך די אַלץ וואַקסנדיקע מחנה רעגירונגס־אָנגעשטעלטע, וואָס פלעגט זיך אַריינקריגן אויף זייערע פּאָסטנס דורך פּראָ־טעקציע, אַזוי ווי אין יעדער בייער מדינה. דער קריזיס האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרשאַרפן און אין יעדן קריזיס איז דער ערשטער קרבן די שיכט, וואָס איז אַמשוואַכסטן אין ווירטשאַפטלעכן זין. דאָס זענען געווען צו יענער צייט, פּונקט ווי אַלע מאָל, די יידישע שיכטן. דאָ אין פּוילן האָט דער קריזיס נאָך מער געווירקט אויף דער יידישער באַפעלקערונג צוליב סיבות, אויף וועלכע איך האָב זיך שוין פריער געהאַט אָפּגעשטעלט. און דעריבער איז זיך ניט צו וווּנדערן, וואָס די עמיגראַציע פון פּוילן אין יענער צייט האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט.

מיט אַ טייל פון דער דאָזיקער עמיגראַציע האָב איך זיך באַגעגנט אויף דער שיף. און דאָ האָב איך זיך בפועל ממש אין דער ווירקלעכקייט איבערצייגט אין דעם, וואָס איך האָב געוווּסט טעאָרעטיש. די שיף איז געווען געפּאַקט מיט עולים און הויפּטזעכלעך אין אונדזער פערטן קלאַס. עס זענען מיר ניט פאַרבליבן קיין סימפּאַטישע זכרונות פון דער דאָזיקער ערשטער נסיעה מיינער מיט דער משפחה קיין ארץ־ישראל. מיר האָבן געמוזט זאָרגן פאַר די קינדער, און צו אונדזער מזל איז דאָס וועטער געווען זייער שיין. ביז אַלעק־סאַנדריע האָבן מיר ניט געליטן פון דער ים־קראַנקייט, אָבער נאָך אַלעקסאַנדריע, ווען די שיף איז געגאַנגען נאָענט ביים ברעג, האָט דער ים געוואָרפן די שיף, און מיר ביידע, סאַבינע און איך האָבן באַקומען די ים־קראַנקייט. ביידע זענען מיר געלעגן אָן באַוועגונג. האָבן מיר געמאָלדן דער עלטערער טאָכטער, עלען, אַז זי מוז זאָרגן פאַר דער קלענערער, היות ווי מיר קענען זיי ניט העלפן. די קינדער האָבן זיך געפילט זייער גוט, זיי זענען געווען זייער פריילעך, ספּעציעל, ווען זיי האָבן באַקומען די פולשטענדיקע פרייהייט פון אונדז. דעם 25סטן יוני זענען מיר אָנגעקומען צו די ברעגעס פון ארץ־ישראל, קיין יפו.